# פון אונזער אלטען אוצר

געקליבענע פערל פון אונזערע אלטע קוואלען און
בל׳ערליי ספרים, פון די ראשונים און אחרונים,
איינגעטיילט אויף די סדרות פון דער תורה.

געזאמעלט און בעארבייט
פון ב. יאושזאהן

פירטער באנד
במדבר
דברים

שענגאלד פאבל., ניו־יארק

די ערשטע אויסגאַבע „פון אונזער אַלטען אוצר" (ערשינען אין די יאָהרען 1932—1939) איז באַשטאַנען פון אַכט בענדער און איז געווען איינגעטיילט אין פיר באַזונדערע זאַמלונגען: יעדע צוויי בענדער האָבען ענטהאַלטען חמשה חומשי תורה, ימים טובים, חמש מגילות און פרקי־אבות.

אין דער איצטיגער אויסגאַבע — וועלכע ערשיינט אין אַ פאַרגרעסערטען פאָרמאַט — זענען אַלע זאַמלונגען פאַראייניגט. אַזוי אַרום ענטהאַלט דער דאָזיגער באַנד דאָס גאַנצע מאַטעריאַל אויף במדבר און דברים וואָס איז פריהער געווען איינגעשלאָסען אין די אַכט בענדער — ווי אויך נייעם מאַטעריאַל, וואָס ב. יאושזאָהן ז"ל האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר אַ נייער זאַמלונג.

B. YEUSHSON: FUN UNSER ALT'N OITZER
Printed in U.S.A.



Distribution in the U. S. A.
BERNARD MORGENSTERN
150 East Broadway
New York 2, N. Y.

געזעצט און געדרוקט ביי וואַלדאָן פרעס, ניו־יאָרק

# בַּמִּדְבָּר

## שאו את ראש כל עדת בני ישראל... (א. ב.)

דעריבער האָט די תורה געהייסען צעהלען די אידען, כדי בשעת זיי וועלען ווערען מפוזר ומפורד צווישען די פעלקער, זאָלען זיי צווישען זיי נישט בטל ווערען, דען — „דבר שבמנין אַפילו באלף לא בטל"...

(חדושי הרי"ם)

דער בעריהמטער פרעדיגער דר. אהרן יעלינעק פלעגט זאָגען אין אַ ווערטעל: „שאו את ראש כל עדת בני ישראל". די אַנדערע טיילען פון קערפער זענען ביי גויים בעסערע, געזונטערע, קעפּ אָבער — קעפּ זאָלט איהר זוכען ביי אידען...

## למשפחותם לבית אבותם... (א. ב.)

ביי אידען האָבען זיך די קינדער מתיחס געווען לויט'ן פאָטער, אין געגענזאַץ צו אַלע אַנדערע פעלקער אין יענער צייט, ביי וועלכע דער יחוס האָט זיך גענומען פון דער מוטער, ווי מיר געפינען אין פסוק: „אלה הם בני ישמעאל וכו' שנים עשר נשיאים לאמותם" (בראשית כה. טז.), און דעריבער ווערען די אַנדערע פעלקער אָנגערופען אין תנ"ך „לאומים" און „אומים", פון לשון „אם", ווי אויך אין די חז"ל — „אומות העולם"...

דאָס בעווייזט, אגב, אַז די אידען זענען שוין אין יענער צייט געשטאַנען אויף אַ פיעל העכערע מאָראַלישע שטופע אין פערגלייך צו זייערע שכנים, וועלכע האָבען נישט געקענט די פאָטערס, נאָר די מוטערס...

(אוצר השמות)

## מבן עשרים שנה ומעלה... (א. ג.)

פון דאַנען ווערט געדרינגען, אַז בכלל איש איז מען נור פון צוואַנציג יאָהר אָן און אַז כרת איז מען בידי שמים נישט מעניש אַ פחות מבן עשרים שנה. אַזוי ווערט געזאָגט אין ירושלמי מס' בכורים, ווי אויך אין זוהר פרשת וירא אויפ'ן פסוק „ותרא שרה את בן הגר".

דאַגעגען שרייבט דער חכם־צבי אין זיינע תשובות סימן מ"ט, אַז ער איז נישט מסכים מיט די, וואָס זאָגען, אַז אַ בן י"ג שנה איז נישט חייב קיין כרת, ביז ער ווערט אַ בן עשרים, און „אַף על פי שכן תפסו במושלם הרבנים הגדולים מהרא"ם ובעל יפה־תואר אין דעתי נוחה בו", דען ווי געשיקט זיך עס, אַז מלקות און ארבע מיתות בי"ד זאָל ער חייב זיין און כרת נישט?

עס איז אָבער אַ פלא, וואָס דער חכם־צבי פעררופט זיך בלויז אויפ׳ן מהרא״ם און יפה־תואר, פערזעהענדיג, אַז דאָס איז אַ בפירוש׳ער ירושלמי און אַ זוהר...

(דברי שאול)

## תפקדו אותם לצבאותם אתה ואהרן... (א. ג.)

ביידע זאָלען צעהלען — „אתה ואהרן״... ווייל ביי דער צעהלונג האָט מען גענומען פון יעדען אַ האַלבען שקל, און ביי געלד־נעהמען מוזען זיין צוויי: „צדקה נגבית בשנים״...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## ואתכם יהיו איש איש למטה... (א. ד.)

פאַרוואָס איז גראַד איצט אָנגעזאָגט געוואָרען, אַז ביים צעהלען די שבטים זאָל דערביי אָנוועזענד זיין דער ראש פון יעדען שבט, פאַרוואָס ווערט דאָס זעלבע נישט געזאָגט אין פ׳ כי תשא?

ווייל די איצטיגע צעהלונג איז געמאַכט געוואָרען אַלס פאָרברייטונג צום כיבוש־הארץ, וועלכע האָט געדאַרפט פערטיילט ווערען לויט דער צאָהל און גרויס פון יעדען שבט: „לרב תרבה נחלתו ולמעט תמעיט נחלתו״. מען האָט דעריבער געדאַרפט פער־היטען, אַז עס זאָלען נישט פאָרקומען קיין מיסברויכען, אַז אַ טייל שבטים זאָלען נישט אַמאָל אויפגעבען בכיון אַ גרעסערע צאָהל, בכדי זיי זאָלען דאַדורך בעקומען אַ גרעסערע נחלה אין לאַנד, און דערפאַר איז נויטיג געווען דער „ואתכם יהיו איש איש למטה״, אַז די צעהלונג זאָל שטרענג קאָנטראָלירט ווערען דורכ׳ן אָנפיהרער פון יעדען שבט, וועלכער זאָל זיין פעראַנטוואָרטליך פאַר דער ריכטיגקייט פון דער אָנגעגעבענער צאָהל...

(רבי שמעלקי מניקעלשבורג)

## איש איש למטה איש ראש לבית אבותיו הוא... (א. ד.)

ביי פרעמדע מענשען איז לייכטער צו ווערען אַ חשוב, איידער ביי דער אייגענער משפחה, וואו מען קען גענוי די חסרונות פון איטליכען איינציגען און וואו מען קוקט דעריבער גאַנץ אָפט מיט ביטול אויף די יעניגע, וועלכע זענען פלוצלונג אויסגעוואַקסען און פערנעהמען אַנ׳אנגעזעהן אָרט אין דער געזעלשאַפט... אָבער אויב „איש לבית אבותיו הוא״, אויב ער איז אַנערקענט אויך אין דער אייגענער פאַמיליע, איז עס דער בעסטער סימן, אַז ער פערמאָגט נישט אין זיך קיין שום פסול און חסרון און ער איז ראוי צו ווערען אַ נשיא פון שבט...

(רבי משה חפץ)

וועגען רבי אלעזר בן עזריה דערצעהלען די חז״ל, אַז בשעת מען האָט איהם אויסגעקליבען אַלס נשיא, האָט ער געזאָגט: „איזיל ואמליך בדביתהו״, אַז ער וועט געהן זיך שואל־עצה זיין מיט׳ן ווייב, ווייל דער נאָהנטסטער שטוב־מענש, דאָס אייגענע ווייב, ווייסט אַמבעסטען זיין ווערט, צי ער איז ווירקליך אַנ׳אדם גדול, וואָס זאָל ראוי זיין צו פערנעהמען אַ העכערע געזעלשאַפטליכע התמנות...

(יערות דבש)

**איש ראש לבית אבותיו הוא...**

דאָס וואָרט „הוא" ווערט אָפּט געדרשנ׳ט דורך די חז״ל — „הוא מתחלתו ועד סופו".

און אויך דאָ איז דיזעלבע כוונה, דען עפ״י רוב, בשעת אַ מענש ווערט נתעלה און בעקומט אַ שטיקעל התמנות, הויבט ער אָן בלאָזען פון זיך און הערט־אויף צו דערקענען מענשען. עס ווערט דעריבער אָנגעזאָגט: „איש ראש לבית אבותיו הוא", אַז אויך דאַן, ווען ער וועט ווערען אַ נשיא, אַ „ראש לבית אבותיו", זאָל ער זיך נישט ענדערן און בלייבען — „הוא מתחלתו ועד סופו", דער זעלבער וואָס פריהער...

(דן מדניאל)

נישט מיט דער הילף פון יחוס־אבות זאָל ער ווערען אַ מנהיג, נישט דורך תקיפות און נישט מיט׳ן כח פון עשירות, נאָר — „ראש לבית אבותיו הוא", ער אַליין זאָל זיין ראוי דערצו, דער יחוס דאַרף זיך אָנהויבען פון איהם גופא...

(כלי חמדה)

אין צאַנז איז געווען אַ ראש־הקהל, אויף וועלכען מען פלעגט מורמלען, אַז ער האָט שיטערע פינגער און איז נישט אַזוי שטאַרק נזהר אין קהל׳יש געלד. איינמאָל איז געקומען צופאָהרען אין שטעדטעל אַ גרויסער גביר, וועלכער האָט מנדב געווען אויפ׳ן בית־המדרש גאָר אַ פיינע מטבע; דער ראש־הקהל אָבער האָט זיך געמאַכט נישט־וויסענדיג און האָט דאָס געלד אַראָבגעלאָזט צו זיך אין קעשענע. איז דער עולם גע־וואויר געוואָרען, און מען איז געקומען מיט אַ געוואַלד צו רבי חיים צאַנזער:

— ס׳טייטש, רבי, אַזאַ זאַך!

— זייט וויסען — ענטפערט זיי רבי חיים — אַז אויף יענער וועלט איז פאַרהאַן אַ בעזונדער שטוהל אין גן־עדן פאַר ראשי־הקהל, וואָס זענען עוסק בצרכי־צבור באמונה; אָבער עד־היום שטעהט די שטוהל לעדיג, קיינער איז נאָך אויף איהר נישט געזעסען. ווילט איהר, אַז אויף איהר זאָל זיצען דוקא דער צאַנזער ראש־הקהל?...

## לשמעון שלומיאל בן צורישדי... (א. ו.)

אויף אַנ׳אָרימאַן, אַ שלימזל, איז מען געוואוינט אין העברעאיש צו בענוצען זיך מיט׳ן אויסדרוק „שלומיאל". פונוואַנען נעהמט זיך עס?

וואַהרשיינליך דערפון, וואָס דער אָרימסטער און שלימזל׳דיגסטער שבט איז געווען דער שבט שמעון (ווי עס ווערט געזאָגט אין בראשית רבה פרשה צ״ח: „רובן של עניים משבט שמעון"), און שלומיאל איז געווען דער ראש פונ׳ם דאָזיגען שבט...

(איסם בוסם)

## לגד אליסף בן דעואל... (א. יד.)

דאַגעגען אין דער ווייטערדיגער פרשה, ביי די דגלים, שטעהט: „ונשיא לבני גד אליסף בן רעואל" מיט אַ ר׳, און אין פ׳ נשא, ביי חנוכת המזבח, ווידער אַמאָל: „נשיא לבני גד אליסף בן דעואל" מיט אַ ד׳...

אַ חידוש, וואָס קיינער שטעלט זיך נישט דערויף.

## ויתילדו על משפחותם לבית אבותם... (א. יח.)

„ואתיחסו על זרעיתהון לבית אבהתהון" (תרגום אונקלס)

ביי אַנדערע פעלקער איז דאָס וויכטיגסטע פאַר די יוצאי־צבא, זיי זאָלען זיך אויסצייכנען מיט העלדישקייט, מיט גבורה, מיט רציחה. ביי אידען, אָבער, האָט די תורה אָנגעוויזען, אַז זייער הויפּט־קוואַליפיקאַציע דאַרף זיין: יחוס, פאַמיליען־ריינקייט, קיין זרע־פסול האָט מען, לויט'ן אידישען דין, נישט געטאָרט שיקען אין דער מלחמה.

דען דוקא אויף די יוצאי־צבא דאַרף מען אַכטונג געבען, זיי זאָלען זיין איידעלע מענשען, כשר'ע קינדער, וועלכע זאָלען זיך אויסצייכענען מיט רחמנות און וואָס־ווייניגער בלוט פערגיסען און נישט בעגעהן קיין אומזיסטע רציחות דאָרט, וואו עס איז נישט נויטיג...

(רבי שמשון־רפאל הירש)

„הביאו ספרי יחוסיהם ועידי חזקת לידתם" (רש"י)

בשעת רבי ישראל ריזשינער האָט זיך משדך געווען מיט רבי יעקב־יוסף האַלפּערן, האָט דער לעצטער זיך פאַרגעשטעלט פאַר'ן ריזשינער מיט זיין יחוס.

— ביי אונז, מחותן — רופט זיך אָן דער ריזשינער — איז דער יחוס אַנ'אַנדערער ווי ביי אַנדערע. אַלע זענען זיך נוהג זיך מתיחס צו זיין מיט זייערע עלטערן, ביי אונז אָבער איז מען זיך מתיחס אויך מיט די קינדער... דער „מגיד" האָט זיך כסדר מתיחס געווען מיט זיין זוהן; דער „מלאך" האָט זיך מתיחס געווען מיט מיין טאַטען זכרונו לברכה, און אויך איך בין זיך מתיחס מיט מיינע קינדער...

— און דאָס — האָט ער צוגעגעבען — איז דער פשט פון פסוק: „תחת אבותיך יהיו בניך" (תהלים מה. יז.) אַנשטאָט יחוס פון די עלטערן איז בעסער דער יחוס פון די קינדער...

דער אָסטראָווצער רבי האָט געשטאַמט, כידוע, פון פשוט'ע עלטערן און זיין פאָטער איז געווען אַ בעקער. איינמאָל איז ער געזעסען אין אַ מסיבה פון רבנים און רביים, וועלכע האָבען געשמועסט אין דברי־תורה און יעדער פון זיי האָט דערביי יעדעס מאָל נאָכגעזאָגט אַ וואָרט פון זיין טאַטען און זיידען זכרונם לברכה.

— און מיין טאַטע זכרונו לברכה — רופט זיך אָן דער אָסטראָווצער — האָט געזאָגט, אַז פריש געבעקס איז בעסער, ווי אַלט־געבאַקענעס...

## אלה קרואי העדה... (א. טז.)

אָהן זיי, אָהן אַ בעראַטונג מיט די קרואי־העדה, טאָר די עדה קיין שום זאַך נישט טהון...

(אבן עזרא)

דער ווילנער גאון האָט געהאַט אָבגעמאַכט מיט די שטאָדט־פּרנסים, אַז זיי זאָלען איהם נישט רופען צו קיין שטאָדטישע אַסיפות, סיידען עס וועט זיך האַנדלען וועגען איינפיהרען אַ נייע תקנה. ויהי היום — האָבען די פרנסים בעשלאָסען איינצופיהרען אַ תקנה, אַז מען זאָל נישט אַריינלאָזען אין ווילנא קיין פרעמדע אָרימעלייט; האָבען זיי צונויפגערופען אַנ'אַסיפה און איינגעלאַדען דעם גאון. דער גאון איז געקומען. דערהערענדיג וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, רופט ער זיך אָן צו זיי:

— כ׳האָב דאָך מיט אייך אָבגעמאַכט, איהר זאָלט מיך נישט רופען אויף קיין אַסיפות, סיידען עס וועט זיך האַנדלען וועגען איינפיהרען אַ נייע תקנה.

— געוויס, רבי — ענטפערן זיי — אָט ווילען מיר דאָך טאַקע מאַכען אַ נייע תקנה.

— ניין — ערקלערט דער גאון — דאָס, וואָס איהר ווילט מאַכען, איז אַן אַלטע תקנה, נאָך פון די „אַרבע ארצות".

— אַ תקנה פון די „אַרבע ארצות"? — חידוש׳ן זיך די פרנסים — מיר וויסען גאָרנישט דערפון. אין פנקס פון די „אַרבע ארצות" ווערט אַזאַ תקנה נישט דערמאָהנט.

— כ׳מיין נישט די היינטיגע — ענטפערט דער גאון — נאָר די אַמאָליגע אַרבע ארצות: „סדום ועמורה, אדמה וצבוים"; דאָס האָבען ז י י נאָך איינגעפיהרט די תקנה, נישט אַריינצולאָזען צו זיך קיין פרעמדע אָרימעלייט...

## בני נפתלי... (א מב.)

פאַרוואָס שטעהט ביי אַלע אַנדערע שבטים „לבני", און ביי נפתלי — „בני"?

ווייל די אַלגעמיינע צאָהל פון דער אידישער בעפעלקערונג איז שוין געווען בעקאַנט פון פריהער, פון דער ערשטער צעהלונג. איצט האָט מען בלויז געדאַרפט פעסטשטעלען די צאָהל פון איטליכען שבט בעזונדער, און צו דעם צוועק האָט מען יעדען פון זיי געדאַרפט אַרויסרופען און איבערצעהלען. דער לעצטער צו דער צעהלונג איז געווען דער שבט נפתלי, און איהם האָט מען שוין נישט געדאַרפט ספּעציעל אַוועק־שטעלען זיך און צעהלען, מחמת קוים האָט מען שוין געהאַט געצעהלט אַלע איבעריגע שבטים און קוים איז שוין פון פריהער בעקאַנט געווען די צאָהל פון דער אַלגעמיינער אידישער בעפעלקערונג, איז דאָך שוין ממילא קלאָר געווען פון וויפיעל נפשות עס בעשטעהט דער שבט נפתלי... דעריבער שטעהט שוין דאָ נישט „לבני", נאָר סתם — „בני"; דאָס הייסט, אַז דאָסמאָל האָט מען שוין פערשפּאָרט צו צעהלען, דאָ איז שוין פון זיך אַליין פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז די צאָהל פון „בני נפתלי" איז כך וכך...

(רבי שאול מאמשטערדאַם)

## ויהיו כל פקודי בני ישראל... (א. מה.)

עס איז אָנגענומען ביי חסידים, זיך מזכיר צו זיין פאַר׳ן רבי׳ן בכתב, צו דער־לאַנגען איהם אַ קוויטעל, אין וועלכען עס ווערט אָנגעשריבען דער נאָמען און די נויטיגע בקשות. אַלס מקור צום דאָזיגען מנהג ווערט אין די אַלטע חסיד׳ישע ספרים אָנגעוויזען אויפ׳ן רמב״ן פון דאָזיגען פסוק, אין וועלכען עס ווערט געזאָגט: „כי הבא לפני אבי כל הנביאים ואחיו קדוש ד׳ והוא נודע עליהם בשמו — יהי׳ לו בדבר זה זכות וחיים, כי בא בסוד ד׳ ובכתב בני ישראל וכו׳ כי ישימו עליהם עינם לטובה, יבקשו עליהם רחמים..."

## ואתה הפקד את הלוים... (א. נ.)

„שנים במסורה וכו׳ וזהו שאמרו, אין אדם נעשה שוטר מלמטה אלא אם כן נעשה רשע מלמעלה" (בעל־הטורים)

אינטערעסאַנט איז די ערקלערונג, וואָס ווערט געגעבען דערויף אין פירוש המשניות להרמב״ם (אָבות א. י.) און נעמליך:

„כי מפני שיקנאו בו בני אדם ויחלקו עליו יפסיד אמונתו, כמו שאמרו: כיון שנתמנה אדם פרנס על הצבור מלמטה נעשה רשע מלמעלה״ — דאָס הייסט, אַז אַ מנהיג, צוליב דער קנאה און מחלוקת, וואָס מען פיהרט געגען איהם, פערלירט ער די אמונה און ער ווערט אַ רשע...

אויפ׳ן פירוש פון רמב״ם בעמערקען רבי צבי חיות און אויך רבי יוסף־בער מבריסק אין זייערע הגהות, אַז אַזאַ מאמר געפינט זיך כלל נישט אין תלמוד און אויך נישט אין די מדרשים; אַז אין סנהדרין ק״ג ווערט בלויז געזאָגט: „כיון שנעשה אדם רש מלמטה נעשה רש מלמעלה״. סיידען מען זאָל אָננעהמען, אַז אַנשטאָט „רש״ דאַרף זיין „ראש״, אָדער „רשע״...

באמת אָבער, ווערט אָנגעוויזען, געפינט זיך דער דאָזיגער מאמר אין „מדרש חסיר ויתיר״ (דפוס מאַינץ, תרל״ב), וואו עס ווערט געזאָגט: „כיון שנתמנה אדם פרנס על הצבור מלמטה נעשה רשע מלמעלה״...

דאָס בעציהט זיך — זאָגט דערויף דער חתם־סופר — אויף די יעניגע פרנסים און ראשי־הקהל, וועלכע ווערען נישט געוועהלט מיט׳ן רצון פון צבור, נאָר זיי ווערען „נתמנה״, בעשטימט דורך דער אויסערליכער מאַכט. אויב דו זעהסט אַ נאָמינירטען פרנס און ראש־הקהל, זאָלסטו וויסען, אַז „נעשה רשע מלמעלה״, דען נאָמינירען נאָמי־נירט מען על־פי־רוב נור אַזעלכע, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער רשעות...

רבי מענדעלי קאָצקער פלעגט זאָגען: „כיון שנתמנה אדם פרנס על הצבור מלמטה נעשה רשע מלמעלה״, וואָרום ווען ער וואָלט נישט געווען קיין רשע, וואָלט ער נישט געשטראָפט געוואָרען מיט אַזאַ מורא׳דיגען עונש, צו ווערען אַ „פרנס על הצבור״...

אַ מערקווירדיגען מאמר געפינען מיר אין דער ערשטער אויסגאַבע פון „אמרי קדוש״ (פון רבי אורי סטרעליסקער) און בעמליך: „באחרית הימים יהי׳ רבנים ושונאי ישראל יהי׳, כי מי שלא יגרר אחריהם ולא ימלא גרונם וכיסם אותו ישנאו וישטמו וימררו את חייו״...

ערשט אין די שפּעטערע אויסגאַבען פונ׳ם זעלבען ספר איז דאָס בעזייטיגט געוואָרען...

עהנליכע שאַרפע ווערטער געפינען מיר ביי רבי אייזיק׳ל קאָמאַרנער אין זיין ספר „אוצר החיים״ פ׳ תצא קל״ה:

„אבל בדור הרע הזה מאד צריך לשמור נפשו וכו׳ לכן תדקדק מאד מענין הנסיעה אם הרבי הוא משורש בני ישראל רחמנים או משורש פורה ראש ולענה״...

די נוטריקון פון „רבי״ — פלעגט זאָגען רבי מענדעלי קאָצקער — זענען „ראש בני ישראל״, אָבער „רבי״ איז אַמאָל אויך נוטריקון: „רע בעיני ד׳״...

אין בריסק זענען איינמאָל די אָרימעלייט פון שטאָדט געקומען צו לויפען צו רבי חיים בריסקער מיט אַ געוואַלד. געווען איז דאַמאָלס אַ הונגער־יאָהר, ווען די קהלה האָט זיך פערנומען מיט טיילען הילף פאַר די אָרימעלייט. זענען אָבער איניגע פרנסים פון דער קהלה געווען גרויסע רשעים, וועלכע האָבען זיך בעצויגען צו די אָרימעלייט זעהר ברוטאַל.

האָט רבי חיים געשיקט נאָך די פּרנסים און פערפיהרט מיט זיי אַ שמועס:

— אין דער גמרא — מאַכט ער — ווערט דערצעהלט, אַז אין אַ שנת־בצורת איז איינער אַן׳עם־הארץ, יונתן בן עמרם, געקומען צו רבי און געבעטען: „רבי, פּרנסני״, דערויף האָט איהם רבי געענטפערט: „בני, קרית? אמר ליה לאו. שנית? אמר ליה לאו. אמר ליה, אם כן במה אפרנסך?״ דערויף האָט איהם יענער געענטפערט: „פּרנסני ככלב וכעורב״ (בבא־בתרא ה׳)... איז דאָך אייגענטליך קשה, פאַרוואָס האָט איהם רבי נישט געוואָלט אין תחילת מפרנס זיין און איהם גענומען אויספרעגען, צי ער קאָן לערנען, צי דען אויב ער קאָן נישט לערנען דאַרף מען איהם לאָזען הונגערען? מיר האָבען דאָך אַ כלל, אַז „אין בודקין למזונות״?... נאָר די מעשה, רבותי, איז דערפון אַזוי. לעולם טאַקי האָט מען דאַן געגעבען שטיצע אַלעמען אָהן אויסנאַהם, נאָר כדי צו פערמיידען, אַז די תלמידי־חכמים און די נכבדים זאָלען נישט דאַרפען שטעהן אין איין רייה צוזאַמען מיט׳ן המון, איז די הילפס־אַרבייט פערטיילט געוואָרען: מיט דער שטיצע פאַר די תלמידי־חכמים האָט זיך רבי אַליין בעשעפטיגט און מיט׳ן המון, די עמי־הארצים, האָבען זיך פערנומען די קהלה־פּרנסים. ווען יונתן בן עמרם איז אַלזאָ געקומען צו רבי׳ן און פערלאַנגט: „רבי, פּרנסני״, האָט ער געוואָלט וויסען, צו וועלכע קאַטעגאָריע ער געהער, צי קאָן ער לערנען און געהער צו דער קאַטעגאָריע פון די תלמידי־חכמים, אָדער נישט, און ווען יענער האָט ערקלערט, אַז ער קאָן נישט לערנען, האָט איהם רבי דערויף געענטפערט: „אם כן במה אפרנסך״, טאָ ווי קומסטו דאָ אַהער, ווענדען דאַרפסטו זיך צו דער קהלה, צו די פּרנסים. דערויף האָט איהם יענער צוריק געענטפערט: „פּרנסני ככלב וכעורב״, דער פּרנס מיינער פון דער קהלה איז, ליידער, אַ גרויסער כלב און ס׳איז אונמעגליך צו איהם אָנצוקומען...

רבי לוי־יצחק האָט געהאַט אויסצושטעהן גרויסע רדיפות און בזיונות אין די אַלע שטעדט, וואו ער איז געווען רב.

איינע פון די דאָזיגע שטעדטלעך איז געווען זשעליכאָוו. דאָרט האָבען די רדיפות אַזוי וויט דערגרייכט, אַז געהענדיג איינמאָל אין גאַס, איז איהם אַנטקעגענגעלאָפען דאָס ווייב פון ראש־הקהל, וועלכע האָט איהם אָבגעגאָסען מיט אַ פאַמעשאַף און דערביי איהם געשאָלטען און געזידעלט מיט די ערגסטע רייד.

איז רבי לוי־יצחק אַריינגעלאָפען אין בית־המדרש, צוגעגאַנגען צום ארון־קודש און אויפהויבענדיג די הענד צום הימעל, האָט ער מתפלל געווען:

— כ׳בעט דיך, רבונו־של־עולם, דו זאָלסט די דאָזיגע אשה נישט מעניש זיין, דען אונזערע הייליגע חכמים זאָגען: „אשה כשרה עושה רצון בעלה״, און אויך זי איז אַן׳אשה כשרה — זי האָט געטהון דעם רצון פון איהר מאַן. מסתמא האָט איהר דער מאַן אַזוי געהייסען...

ווי בעקאַנט, איז רבי לוי־יצחק אַנטלאָפען פון זשעליכאָוו אום הושענא־רבה.

אויך אין בערדיטשעוו האָט ער קיין מנוחה נישט געהאַט. אין בערדיטשעוו איז געווען ראש־הקהל איינער, ברוך ווינשענקער, אַ איד אַ תקיף און אַ גרויסער חשוב ביי׳ם פּריץ, און דער דאָזיגער תקיף איז רבי לוי־יצחק׳ן ממש דערגאַנגען די יאָהרען.

איינמאָל, אַן׳ערב־שבת, בעת רבי לוי־יצחק איז גראָד נישט געווען אין שטאָדט, האָט דער ראש־הקהל גענומען די רבי׳צין מיט׳ן בני־בית, אַרויפגעזעצט זיי אויף אַ מיסט־וואָגען און אַרויסגעפיהרט פון שטאָדט.

די חסידים, רבי לוי־יצחק׳ס אָנהענגער, זענען געווען אויסער זיך פון דער נבלה

און מוצאי־שבת, תיכף נאָך הבדלה, זענען עטליכע פון זיי אַוועקגעפאָהרען קיין זשיטאָ־מיר, צו רבי וועלוועלע זשיטאָמירער, וועלכען זיי האָבען דערצעהלט וועגען דער מעשה־נורא און איהם געבעטען, ער זאָל מתפלל זיין, אַז די מחוצפים זאָלען נענש ווערען.

— אַנ׳אומזיסטע טרחה — האָט זיי דערויף רבי וועלוועלע געענטפערט — איך פערזיכער אייך, אַז רבי לוי־יצחק האָט זיך שוין מקדים געווען און ער שטעהט איצט אַודאי מיט׳ן תהלים׳ל אין האַנד און בעט רחמים דעם רבונו־של־עולם, אַז עס זאָל קיינעם פון זיי, חלילה, קיין שום שלעכטס נישט געשעהן...

בשעת רבי לייב, דער „שאגת אריה", איז געווען רב אין וואָלאָזשין, האָט ער בעקומען דריי גילדען אַ וואָך און דאָס בני־בית פלעגט בוכשטעבליך הונגערען. אַפילו קיין שבת׳דיג מלבוש האָט ער נישט פערמאָגט און סיי אינדערוואָכען, סיי שבת, געגאַנ־גען אין דער זעלבע אַלטע, צוריסענע קאַפּאָטע. די רבי׳צין פלעגט געהן אין פרעמדע הייזער קנעטען דייזשעס פאַר עטליכע גראָשען.

איינמאָל האָט דער „שאגת אריה" געבעטען מען זאָל איהם מוסיף זיין אַ האַלבען גילדען אַ וואָך, וואָרום ער האָט שוין מיט זיין ווייב און קינדער קיין כוח נישט צו הונגערען. האָט דער ראש־הקהל צונויפגערופען אַנ׳אַסיפה און בהסכם פון אַלע פרנסים איז געבליבען, אַז מען קאָן דעם רב קיין הוספה נישט געבען. נישטאָ פונוואַנען...

און דער „שאגת אריה" איז אַוועק פון וואָלאָזשין...

אויפגענומען איז ער געוואָרען שפּעטער אַלס רב אין מעץ, וואו ער איז פערזאָרגט געוואָרען מיט פרנסה בריוח און די גאַנצע שטאָדט האָט איהם שטאַרק נוהג־כבוד געווען, אָבער די וואָלאָזשינער בעהאַנדלונג האָט ער אַזוי גיך נישט פערגעסען און ער האָט ממש נישט געקאָנט איהר נאָמען הערען, אַזוי ווייט, אַז זיצענדיג איינמאָל ביי זיך אין הויז אויף אַנ׳אַסיפה מיט די טובי העיר, הערט ער, ווי עס געהט עמיצער אויף די טרעפּ.

— דאָס געהט, דוכט זיך מיר — רופט זיך אָן דער „שאגת אריה" — אַ וואָלאָזשינער.

— אין וואָס דערקענט איהר, רבי? — פרעגט מען איהם.

— אינ׳ם חוצפה׳דיגען גאַנג...

און כך הוה. עס איז אַריינגעקומען אַ וואָלאָזשינער איד, אַ שליח פון דאָרטיגען ראש־הקהל, וועלכער האָט איהם געשיקט אויס׳מוסר׳ן דעם „שאגת אריה", הלמאי ער האָט צוליעב אַ האַלבען גילדען אַוועקגעלאָזען דאָס וואָלאָזשינער כסא־רבנות...

בשעת רבי ראוב׳עלע דענעבורגער איז געווען רב אין נעסוויזש, האָט ער גענומען דריי גילדען אַ וואָך. נישט קאָנענדיג מעהר איבערטראָגען די ביטערע נויט, האָט ער זיך אָנגעטהון אַ כח און געבעטען אַ גילדען אַ הוספה. האָט קהל גערופען אַנ׳אַסיפה און ס׳איז געבליבען — מען זאָל איהם קיין הוספה נישט געבען!... רבי ראוב׳עלע האָט קיין ברירה נישט געהאַט און ער האָט געמוזט אַרויספאָהרען פון נעסוויזש.

הינטער׳ן שטעדטעל האָט ער געהייסען אָבשטעלען די פוהר: טאָמער וועט זיך קהל מיישב זיין און איהם רופען צוריק... ס׳איז איהם נעבעך שווער געווען אַוועק־צוגעהן פון נעסוויזש, וואו ער איז אָבגעווען אַזוי פיעל יאָהרען.

איז אַ שליח אַוועק צום פרנס און האָט איהם דערצעהלט, אַז דער רב וואַרט הינטער׳ן עירוב.

— אומזיסט זיין וואַרטען — האָט שטרענג געענטפערט דער פרנס — זאָל ער פאָהרען! ניש׳קשה, פאַר דריי גילדען אַ וואָך וועלען מיר קריגען אַנ׳אַנדער רב...

אין מאָהילעוו איז פּרנס־העיר געווען אַ איד אַ גביר, ר׳ חאַסקעל ראַטנער. אַ חוץ זיין עשירות איז ער אויך געווען אַ למדן, אַ מחבר פון ספרים און, פערשטעהט זיך, אַ גרויסער תקיף. אַלע מאָהילעווער רבנים האָבען געהאַט פון איהם אויסצושטעהן רדיפות און אַפילו דעם מלבי״ם האָט ער נישט נושא־פּנים געווען און כסדר געפיהרט געגען איהם מחלוקת.

איינמאָל איז דאָס מאָהילעווער כסא־רבנות געבליבען לעדיג און מאָהילעוו האָט זיך אַ צייט לאַנג נישט געקענט צוקלויבען קיין רב, מחמת, וואָס פּאָר אַ רבנ׳ישען קאַנדידאַט מען האָט נישט פאָרגעלעגט — האָט ר׳ חאַסקעל נישט מסכים געווען.

האָט רבי יאָשע־בער בריסקער דאַן געזאָגט:

— מאָהילעוו וועט שוין קיין רב נישט צוקלויבען זיך, וואָרום ר׳ חאַסקעל וויל אַזאַ רב, וואָס זאָל קענען וועניגער לערנען פון איהם, און אַזאַ רב איז גאָר כלל נישט בנמצא...

(די וועלט דערצעהלט)

רבי זלמן מרגליות פון בראָד איז געווען אַ גרויסער גאון און דערצו אויך אַ גרויסער עושר. ער האָט געוואוינט אין בראָד ווי אַ רייכער בעל־הבית. איינמאָל האָבען די ראשי־הקהל, צונויפקומענדיג זיך אויף אַנ׳אַסיפה איהם געשטעלט גאָר אַ הויכען „עטאַט״, אַ סומע פון פינף הונדערט גילדען. האָט זיי רבי זלמן געלאָזט רופען און געזאָגט:

— דאָס האָב איך געוואוסט, אַז פון אַ גביר נעהמט איהר וואָס־וועניגער און פון אַנ׳אָרימאַן וואָס־מעהר. געוואוסט האָב איך אויך, אַז אויף אַ בן־תורה לעגט איהר אַרויף אַ גרעסערן שטייער און אויף אַנ׳עם־הארץ אַ קלענערן. ביי מיר איז נאָר געווען אַ קלער: וואָס טהוט מען מיט אַזאַ איינעם, וועלכער איז אי אַ בן־תורה, אי אַ גביר? צי זענט איהר מיט איהם מיטיב, וויל ער איז אַ גביר, אָדער איהר בעגעהט זיך מיט איהם ווי מיט אַ בן־תורה?... איצט איז מיר שוין קלאָר; איצט ווייס איך שוין, אַז קוים איז איינער נישט קיין עם־הארץ, מעג ער זיין אַפילו אַנ׳עושר, רייסט איהר פון איהם די הויט...

## ובנסוע המשכן יורידו אותו... (א. נא.)

וואַנדערן, נע־ונד זיין, ברענגט צו ערנידערונג, צו שפלות: „ו ב נ ס ו ע — י ו ר י ד ו״...

(רבי משה קאָברינער)

## והזר הקרב יומת... (א. נא.)

„מקרא זה על מי נאמר? — אפילו על דוד מלך ישראל״ (שבת ל״א)

וואָס איז די רבותא „אפילו מלך״? — ווייל ביים ענין פון שמן־המשחה דרש׳ענט די גמרא (כריתות ו׳), אַז דער איסור פון „ואשר יתן ממנו על זר״ איז אויף אַ מלך נישט חל, דען דער מלך הייסט נישט קיין „זר״. די רבותא איז, אַלזאָ, אַז דאָ, ביי דער עבודה פון די לויים, איז אויך דער מלך אין כלל פון „זר״ און אויך אויף איהם איז חל דער „והזר הקרב יומת״...

(תורה תמימה)

## ויעשו בני ישראל ככל אשר צוה ד׳ את משה... (א. נד.)

צוזאַמען מיט די בני ישראל זענען דאָך אויך די לויים אין דער זעלבער פרשה נצטוה געוואָרען, טאָ פאַרוואָס שטעהט נישט אויך ביי זיי, אַז „ויעשו וכו׳ ככל אשר צוה ד׳ את משה״?

נאָר ווייזט אויס — האָט געזאָגט דערויף דער ראַדזינער רבי, ר׳ גרשון העניך — אַז מיט די כלי־קודש, מיט די לויים, קומט אָן שווערער, אַז זיי זאָלען טהוען „ככל אשר צוה ד׳״. ביי די פּראָסטע אידען איז דאָס לייכטער צו פּועל׳ן...

## איש על דגלו באותות לבית אבותם יחנו... (ב. ב.)

אין ש״ך יורה־דעה סי׳ קמ״א ווערט געזאָגט, אַז „אסור לצייר אריה ושור מפני שהם מזלות שעבדו להם והם עבודה זרה״.

פרעגט דערויף רבי משולם איגרא אַ האַרבע קשיא פון מדרש רבה במדבר פרשה ד׳, ווי אויך פון זוהר בהעלותך קנ״ד, אַז אויף די פיער דגלים זענען געווען אויסגע־מאָלט פיער צורות: אריה, נשר, שור ואדם, און אויב אריה ושור וואָלטען געווען צורות פון עבודה־זרה, ווי אַזוי האָבען זיי זיך געמעגט געפינען אויף די דגלים?...

„בשעה — ווערט געזאָגט אין מדרש — שאמר הקב״ה למשה עשה אותו דגלים כמו שנתאוו, התחיל משה מיצר, אמר: עכשיו עתידה המחלוקת להנתן בין השבטים; אם אני אומר לשבטו של יהודה שישרה במזרח, והוא אומר: אי אפשי אלא בדרום, וכן ראובן, וכן אפרים, וכן כל שבט ושבט, מה אני עושה״?...

(מדרש רבה במדבר פ״ב)

## והחונים קדמה מזרחה דגל מחנה יהודה... (ב. ג.)

די פיער דגלים האָבען סימבאָליזירט די פיער מעלות און מדרגות, וואָס צוזאַמען שטעלען זיי פאָר מיט זיך, לויט׳ן אויסדרוק פון די חז״ל, די מענשליכע שלמות, נעמליך: „אין השכינה שורה כי־אם על חכם, עשיר, גבור ועניו״. אַלזאָ, דער „דגל מחנה יהודה״ האָט מרמז געווען אויף תורה און חכמה — „לא יסור שבט מיהודה ומחוקק מבין רגליו״; דער „דגל מחנה ראובן״ — אויף דער מדה פון עניוות, וועלכע איז די שענסטע פון אַלע מדות, מחמת אויף ראובנ׳ען ווערט געזאָגט, אַז „הודה ולא בוש״; דער „דגל מחנה אפרים״ — אויף גבורה: „לפני אפרים וכו׳ עוררה את גבורתך״; דער „דגל מחנה דן״ — אויף עשירות, אויף די „עגלי זהב״ פון שבט דן...

(כלי יקר)

## מטה זבולון... (ב. ז.)

ביי אַלע דגלים, אַרום וועלכע עס האָבען זיך גרופּירט צו דריי שבטים אַרום יעדען דגל, שטעהט ביי איטליכען דריטען שבט „ומטה״ מיט אַ ו׳: „ומטה גד״, „ומטה בנימין״, „ומטה נפתלי״. בלויז דאָ, אַלס אויסנאַהם, שטעהט נישט „ומטה זבולון״, נאָר „מטה זבולון״, אָהן דעם ו׳ החבור.

מחמת דער שכן און שותף פון זבולון איז געווען יששכר, זבולון האָט געהאַנדעלט

און ישׂשכר האָט געלערנט, און אַזעלכע צוויי שותפים, אַ סוחר און אַ למדן, קאָנען זיך נישט אַזוי לייכט מתחבר זיין...

(בית דוד)

## כאשר יחנו כן יסעו... (ב. יז.)

אַזוי ווי זיי פיהרען זיך אין דער היים, אַזוי זאָלען זיי זיך פיהרען אונטערוועגס, דען אונטערוועגס זענען זיך אַ סך מקיל און זענען נישט מדקדק אויף פיעל זאַכען, אין וועלכע זיי זענען אין דער היים אָבגעהיטען...

(מקרא מפורש)

## ואלה תולדות אהרן ומשה... (ג. א.)

„ואינו מזכיר אלא בני אהרן ונקראו תולדות משה? — לפי שלמדן תורה, מלמד שכל המלמד את בן חברו תורה, מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו" (רש"י)

איז אויב אַזוי, האָבען דאָך נישט נאָר אהרנ'ס קינדער, נאָר אויך די קינדער פון כל בני ישראל געדאַרפט אָנגערופען ווערען אַלס תולדות משה, דען ער האָט דאָך געלערנט תורה מיט אַלע אידען?

נאָר דאָס בעוואָרענט טאַקע רש"י און זאָגט: „כל המלמד את בן חברו תורה" און נישט: „כל המלמד את חברו תורה", דען לערנען מיט'ן חבר זעלבסט, דאָס איז אַ פליכט, דאָס איז יעדער איינער מחויב צו טהון, ווי עס ווערט געזאָגט: „מה אני בחנם — אף אתה נמי בחנם!" (חגיגה ז'), אָבער צו לערנען מיט'ן בן חברו, דאָס איז מען דאָך עפ"י דין נישט מחויב, דער דאָזיגער חוב ליגט דאָך אויפ'ן חבר, אויפ'ן פאָטער גופא, און דעריבער, „כל המלמד את בן חברו תורה" און ער פערנעהמט דערביי דעם פאָטער'ס אָרט, איז „כאילו ילדו".

(דברי אליעזר)

„כאלו ילדו" איז משמע, ער האָט כמעט אַזאַ חשיבות, ווי דער פאָטער, אָבער דער אייגענער פאָטער אַליין איז מעהר חשוב, און פון דער גמרא (בבא־מציעא סוף פרק ב') ווייזט דאָך אויס פערקעהרט. עס ווערט דאָרט געזאָגט: „אבדת רבו ואבדת אביו אבדת רבו קודמת, שזה מביאו לחיי עוה"ז וזה מביאו לחיי עוה"ב", נמצא, אַז רבו איז מעהר חשוב פאַר אביו?

די דאָזיגע קשיא האָט דער מלמד געפרעגט דעם רבי'ן ר' העשיל'ן בשעת ער איז געווען אַ פינף־יעהריג אינגעל, און דערויף האָט איהם דער קליינער עלוי געענטפערט, אַז „מעלה עליו הכתוב" איז דער פשט: דער וואָס לערנט מיט בן־חברו תורה, איז איהם דער פסוק „מעלה" און שטעלט איהם העכער, „כאלו ילדו", ווי ער וואָלט איהם אַליין געווען געבוירען. ער שטעהט העכער און איז חשוב'ער פונ'ם פאָטער...

## וימת נדב ואביהוא... ובנים לא היו להם... (ג. ד.)

אין פלוג, צוליב וואָס ווערט דאָ דערצעהלט „ובנים לא היו להם"? וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס צום ענין? — נאָר די גמרא זאָגט (בבא־בתרא קט"ז): „דוד שהניח בן כמותו נאמרה בו שכיבה, יואב שלא הניח בן כמותו נאמרה בו מיתה". דער דאָזיגער

מאמר חז״ל איז, אַלזאָ, דייטליך דאָ אָנגעוויזען אין פסוק: „וימת נדב ואביהו״... פאַרוואָס ווערט אויף זיי געזאָגט „וימת״? ווייל — „ובנים לא היו להם״...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## בהקריבם אש זרה וכו׳ ובנים לא היו להם... (ג. ד.)

וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער „ובנים לא היו להם״ צום „בהקריבם אש זרה״, צי דען, אַז זיי וואָלטען געהאַט קינדער וואָלטען זיי שוין דאַן יאָ געמעגט מקריב זיין „אש זרה״?

נאָר „אש זרה״ מיינט מען: נישט אויפריכטיגע התלהבות, פרעמד פייער, פרומקייט שלא לשמה. צוליב קינדער, וועלכע מען וויל ערציהען אין רעליגיעזען גייסט, מוז מען זיך טיילמאָל בענוצען אויך מיט „אש זרה״, מיט אויסערליכע פרומקייט, כדי וואָס־מעהר אידישקייט אין זיי איינצופלאַנצען... אָבער נדב ואביהו, נאָכוואָס האָבען זיי זיך געדאַרפט בענוצען מיט „אש זרה״ — „ובנים לא היו להם״, זיי האָבען דאָך נישט געהאַט קיין קינדער?...

(מעדני מלך)

אַנטקעגען וואָס דערצעהלט אונז דער פסוק, אַז „ובנים לא הי׳ להם״, און וואָס וואָלט געווען, ווען זיי וואָלטען יאָ געהאַט קינדער?

נאָר אין מדרש רבה (ויקרא כ״ד) ווערט געזאָגט, אַז אויב אַ מענש זינדיגט און ער האָט אַ זוהן אַ צדיק, דאַן ווערט דער פאָטער נישט גענש, דען אויב ער וועט בענש ווערען וועט אויך דער זוהן דערפון ליידען, און דער זוהן, אַלס צדיק, דאַרף דאָך נישט ליידען.

און דאָס, אַלזאָ, איז דער זין: „ובנים לא הי׳ להם״, וואָרום ווען זיי וואָלטען געהאַט קינדער, איז מעגליך, אַז זיי וואָלטען איצ׳ם זכות פון די קינדער אויסגעמיטען דעם עונש...

(רבי מאיר־שמחה דווינסקער)

## פקוד את בני לוי... כל זכר מבן חדש... (ג. טו.)

די בני־ישראל זענען געווען אָנגעוויזען אויף אייגענעם יחוס און דעריבער האָט די צעהלונג אַרומגענומען נאָר יענע, וועלכע זענען געווען „מבן עשרים שנה ומעלה״, ערשט דאַן זענען זיי אָנערקענט געוואָרען אַלס טויגבאַרע און נוצליכע מענשען... די בני־לוי, דאַגעגען, האָבען דעם יחוס זייערען איבערגענומען בירושה, יחוס־אבות, זיי זענען גלייך געבוירען געוואָרען פאַרטיגע לויים, וועלכע דאַרפען נישט וואַרטען אויף קיין געוויסער צאָהל יאָרען, און די צעהלונג זייערע האָט דעריבער אַרומ־גענומען — „כל זכר מבן חדש״...

(רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

## ונשיא נשיאי הלוי אלעזר בן אהרן הכהן... (ג. לב.)

דערויף ווערט געזאָגט אין ירושלמי (שבת פ״י), ווי אויך אין מדרש רבה (סוף פרשת ד׳): „אלעזר בן אהרן דוך דוכנין הוה״.

וואָס ווערט געמיינט דערמיט?

נאָר אין דער גמרא געפינען מיר: „מוקמינן ריש דוכנא״ (בבא־בתרא כ״א), און דערויף זאָגט רש״י: „שומע מפי המלמד וחוזר ומשגירו בפי התינוקות״, דאָס וואָרט „דוכנא״ בעדייט אַלזאָ: אַ געהילף, און אין דעם אייגענטליך איז בעשטאַנען דער אַמט פון די לויים, זיי האָבען געדינט אַלס געהילפען פון די כהנים ביי דער עבודת־המקדש, און דאָס איז, אגב, דער זין: „כהנים בעבודתם ולויים בדוכנם״, די כהנים אין זייער עבודה, און די לויים — אין זייער מיטהילף.

וועגען אלעזר ווערט, אַלזאָ, געזאָגט, אַז ער איז געווען דער „דוך דוכנא״, דער ראש איבער אַלע געהילפען...

(רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

## כל פקודי הלוים... שנים ועשרים אלף... (ג. לט.)

דערפאַר איז די צאָהל פונ׳ם שבט לוי געווען בעדייטענד קלענער פון אַלע אַנדערע שבטים, ווייל דאָס, וואָס די בני־ישראל האָבען זיך אין מצרים געפרוכפּערט שלא־כדרך־הטבע, איז געווען צוליב׳ן קושי־השעבוד: „וכאשר יענו אותו — כן ירבה וכן יפרוץ״... די לויים אָבער זענען צו דער אַרבייט נישט בענוצט געוואָרען, זיי זענען נישט געווען אין כלל פון דער ברכה.

(רמב״ן)

דעריבער איז דער שבט לוי געווען דער קלענסטער אין דער צאָהל פון אַלע אַנדערע שבטים בכדי נישט אַרויפצולעגען אַ צו־שווערען לאַסט אויף די אידען, וועלכע האָבען געדאַרפט מפרנס זיין די לויים און זיי אויסהאַלטען...

(רבי יאָשע־בער בריסקער)

דעריבער, זאָגט דערויף דער אור־החיים, איז שבט לוי געווען קלענער אין צאָהל פון אַלע אַנדערע שבטים, ווייל בשעת עמרם האָט געג׳גט יוכבד׳ן, האָבען אַלע מענער פון שבט לוי נאָכגעטהון זיין ביישפּיעל „וזה הי׳ סיבת מיעוטם״.

„והגם — פיהרט אויס דער אור־החיים — שמצינו שעמרם החזיר גרושתו, אין ללמוד ממנו שכולם החזירו״.

אַ פּלא! די גמרא זאָגט דאָך בפירוש (סוטה י״ד): „כולם החזירו נשיהם״!...

(זאב בערענט)

## ולקחת חמשת שקלים לגלגולת... (ג. מז.)

אין הלכות פּדיון־הבן (יורה־דעה סי׳ ש״ה) פּסק׳נט דער ש״ך און דער ט״ז, אַז פּדיון־הבן קאָן אויך געמאַכט ווערען דורך אַ שליח. וואונדערען זיך די מפרשים און פרעגען: וואו איז דער מקור פון דער דאָזיגער הלכה, פונוואַנען האָבען זיי עס גענומען?

דערויף ווייזט־אָן דער ווילנער גאון אויפ׳ן דאָזיגען פּסוק. עס איז געזאָגט געוואָרען צו משה רבינו: „ולקחת חמשת שקלים לגלגולת וכו׳ ונתתה הכסף לאהרן ולבניו״. זעהט מען דאָך, אַז דער פּדיון קאָן אויך געמאַכט ווערען דורך אַ שליח...

## והיה מספר בני ישראל כחול הים אשר לא ימד ולא יספר... (הפטרה)

בשעת עס האָט זיך צווישען די אַסימילירטע דייטשע אידען אָנגעהויבען די בעוועג־

גונג פון געמישטע חתונות, האָט רבי יצחק׳ל האַמבורגער זיך אויסגעדריקט, אַז איצט פערשטעהט ער גאַנץ אַנדערש דעם פּשט פון דעם מאמר אין דער גמרא: „כתיב והיה מספר בני ישראל כחול הים, וכתיב אשר לא ימד ולא יספר — כאן בזמן שישראל עושין רצונו של מקום, כאן בזמן שאין עושין רצונו של מקום״ (יומא כ״ב). געוועהנליך איז מען געוואוינט צו טייטשען, אַז „לא ימד ולא יספר״ בעציהט זיך אויפ׳ן „עושין רצונו של מקום״. באמת אָבער, זעהט אויס, ווערט געמיינט פערקעהרט: בשעת די אידען וועלען טהון רצונו של מקום, וועלען זיי זיין כחול הים, אָבער זיי וועלען האָבען אַ בעשטימטען מספר, מען וועט קענען וויסען וויפיעל אידען עס זענען פאַרהאַן, דאַגעגען „בזמן שאין עושין רצונו של מקום״, דאַן וועט זיין „אשר לא ימד ולא יספר״, וועט מען נישט וויסען מעהר קיין מספר, וואָרום צוליב די געמישטע חתונות וועט שווער זיין צו דערגעהן, ווער עס איז ווירקליך אַ איד און ווער עס איז באמת אַ גוי...

## והיה במקום אשר יאמר להם לא עמי אתם יאמר להם בני אל חי... (הפטרה)

די אידישע געשיכטע בעווייזט אונז, אַז דוקא אין די לענדער, וואו די אידען זענען געוואָרען גע׳רודפ׳ט און געפּייניגט, זענען זיי געבליבען טריי דער אמונה און זיי האָבען דערהאַלטען זייער רעליגיעזען און נאַציאָנאַלען קיום, דאַגעגען אין יענע לענדער, וואו עס האָט זיך די אידען געלעבט גוט און זיי האָבען גענאָסען פון אַלע בירגערליכע רעכט, דאָרט האָט זיך געשטאַרקט די אַסימילאַציע און די שמד־באַוועגונג ר״ל, וואָס האָט אַוועקגעריסען גרויסע טיילען פון אידישען פאָלק.

און דאָס האָט פאָרגעזעהען און עס זאָגט אונז דער נביא: „והיה במקום אשר יאמר להם לא עמי אתם״ — דוקא דאָרט, וואו מען וועט אייך ערנידריגען און מען וועט זאָגען: „לא עמי אתם״, אַז איהר זענט קיין פאָלק נישט, אַז איהר זענט מינדער־ווערטיג און שטעהט נידריגער פון אַלע אַנדערע, דוקא אין די דאָזיגע ערטער — „יאמר להם בני אל חי״, וועט איהר זיין זיכער מיט אייער עקזיסטענץ אַלס די קינדער פון לעבעדיגען גאָט, וועט איהר זיך האַלטען אָן דער תורה און בלייבען אידען...

(בכורי אביב)

## וארשתיך לי לעולם... (הפטרה)

„וארשתיך לי לעולם״, אין אַלע אופנים און ביי אַלע בעדינגונגען, צי איהר וועט וועלען, צי איהר וועט נישט וועלען, וועט איהר אויף אייביג מוזען בלייבען צו מיר פערהייראַט אַלס פאָלק, און בלויז אין אייך איז עס געווענדעט, ווי אַזוי דאָס זאָל צושטאַנדקומען: אָדער עס וועט זיין „וארשתיך לי בצדק ובמשפט״, דאָס וועט מוזען געשעהען דורך משפט, דורך שטרענגע מיטלען, דורך עונשין ויסורים, דורך וועלכע איהר וועט סוף־כל־סוף געצוואונגען ווערען תשובה צו טהון, אָדער דער וארשתיך לי וועט זיין „בחסד וברחמים״, ווען איהר וועט זיך אומקערען צו מיר פרייוויליג, מיט אייער אייגענעם רצון.

(לוח ארז)

# נָשׂא

## את הלוים למשפחותם... (ד. מו.)

פאַרוואָס האָט גאָט ליעב די צדיקים? — ווייל זיי זענען נישט קיין „נחלה״, נישט קיין דינאַסטיע. די כהנים זענען אַ דינאַסטיע, די לוּיִם זענען אַ דינאַסטיע, וואָס געהט־איבער בירושה. זאָל אַ געוועהנליכער מענש ווערען אַ כהן, אָדער אַ לוי, קאָן ער עס נישט, ווייל זיין פאָטער איז קיין כהן און קיין לוי נישט געווען; אָבער אַ צדיק קאָן איטליכער מענש ווערען — אַפילו אַ גוי, ווייל דאָס איז נישט קיין ירושה־זאַך, נישט קיין „בית־אָב״. און דעריבער שטעהט: „בית אהרן ברכו את ד׳, בית הלוי ברכו את ד׳״... עס שטעהט נישט: „ב י ת יראי ד׳״, דען „יראי ד׳״ זענען פּריוויליגע, פון זיך אַליין, עס קומט נישט בירושה...

(במדבר רבה)

ביי רבי יאָשע־בער בריסקער איז אַמאָל געזעסען אַן׳אָנגעזעהענער ווילנער בעל־הבית. ביים געזעגענען־זיך זאָגט צו איהם רבי יאָשע־בער:

— אַז איהר וועט קומען קיין ווילנאַ, וועט איהר אַזוי גוט זיין און לאָזען דאָרט גריסען די אידען, וועלכע האָבען נישט קיין הייזער.

פערשטעהט נישט דער איד, וואָס ער מיינט דערמיט. ערקלערט ער איהם:

— עס שטעהט: „בית אהרן ברכו את ד׳, בית הלוי ברכו את ד׳, יראי ד׳ ברכו את ד׳״... פאַרוואָס שטעהט אויך נישט „ב י ת יראי ד׳״? — ווייל די באמת פרומע, עהרליכע אידען האָבען נישט קיין הייזער...

בשעת מען האָט אָנגעזאָגט דעם חדושי־הרי״ם די בשורה, אַז עס איז אַרויסגע־געבען געוואָרען אין וואַרשאַ אַן׳ערלויבעניש, דאָס אידען מעגען קויפען הייזער אויף זייער נאָמען, האָט ער אַ זיפץ געטהון און געזאָגט:

— דאָס איז נישט קיין בשורה, נאָר אַ גזירה!...

## צו את בני ישראל וישלחו מן המחנה... (ה. ב.)

אין „ערוך״ (ערך „זרז״) געפינען מיר די פאָלגענדע ווערטער: „ובריש וישלחו אין מזרזין אלא למזורזין״.

וואָס ווערט געמיינט מיט די ווערטער „ובריש וישלחו״? דער בעל „הפלאה שבערכין״ מיינט, אַז די דאָזיגע ווערטער זענען אַריינגעפאַלען עפּ״י טעות און אין די שפּעטערדיגע אויסגאַבען האָבען עס טאַקי די מדפּיסים אויסגעמעקט.

באמת אָבער איז דאָ קיין שום טעות נישט. מיט די ווערטער „ובריש וישלחו״ מיינט דער ערוך דעם ספרי פון פרשת נשא, וועלכער הויבט זיך אָן מיט׳ן פּסוק „וישלחו מן המחנה כל צרוע״ און דאָרט געפינט זיך טאַקי דער מאמר „אין מזרזין אלא

למזורזין", דען ווי בעקאַנט ווערען די נעמען פון פיעל מדרשים אָנגערופען לויט די פסוקים, מיט וועלכע זיי הויבען זיך אָן, ווי „מדרש שוחר טוב", ווייל ער הויבט זיך אָן מיט'ן פסוק „שוחר טוב יבקש רצון", „מדרש חזית", אָנהויבענדיג זיך מיט'ן פסוק „חזית איש מהיר במלאכתו", „מדרש תדשא", „מדרש ויכולו" א. אַ. וו.

(יעקב כהנא)

## מכל חטאת האדם למעול מעל בד'... (ה. ו.)

ביים רוב עבירות, אויף וועלכע מען דאַרף ברענגען אַ קרבן, איז גענוג אַ חטאת פון ביליגסטען ווערט; אַנ'אויסנאַהם איז בלויז אַ קרבן אשם, וואָס ווערט געבראַכט אויפ'ן חטא פון גזל. דער דאָזיגער קרבן, האָבען די חז"ל פעסטגעשטעלט, מוז האָבען די ווערט פון מינדעסטענס צוויי סלעים.

פאַרוואָס? ווייל ביי אַלע אַנדערע עבירות איז דער חטא נאָר בין אדם למקום, ביי גזל אָבער, איז דער חטא אַ דאָפּעלטער: די דאָזיגע זינד ווערט גלייכצייטיג בעגאַנגען סיי בין אדם למקום, סיי בין אדם לחברו און דערפאַר האָט מען מחמיר געווען, אַז מען מוז דערויף ברענגען אַ ווערטפולען קרבן.

און דאָס איז טאַקי מרמז דאָ דער פסוק: „מכל חטאת האדם למעול מעל בד'", די זינד פון גזל בעשטעהט פון „חטאת האדם" און פון „מעל בד'", זי איז בין אדם לחברו ובין אדם למקום...

(מלא העומר)

די זינד, וואָס איין מענש בעגעהט געגען צווייטען, ווערט אויך פעררעכענט אַלס זינד און פערראַט געגען גאָט...

(חובת הלבבות)

רבי משה קאָברינער פלעגט זאָגען:

— מיין טאַטע זכרונו לברכה האָט געהאַלטען, אַז צו די פיער שולחן-ערוך'ס איז נאָך פאַרהאַן אַ פינפטער — ווי אומצוגעהן זיך מיט מענשען. און איך האַלט, אַז ס'איז נאָך פאַרהאַן אַ זעקסטער — ווי אומצוגעהן זיך מיט אונמענשען...

## והתודו את חטאתם אשר עשו... (ה. ז.)

ווי אַזוי — פרעגט רבי משה חגיז — זענען מיר אינ'ם יום-כיפור'דיגען „על חטא" זיך מתודה אויף פערשיעדענע מיני חטאים, צווישען וועלכע עס זענען פאַרהאַן אַזעלכע, וועגען וועלכע מיר ווייסען אויף זיכער, אַז מיר זענען ריין דערפון? ווי אַזוי מעג מען זיך אין דעם יום-הקדוש אָװעקשטעלען און זאָגען וועגען זיך ליגען? און ער פערענטפערט עס דערמיט, וואָס „כל ישראל ערבים זה בזה" און הגם מיר אַליין זענען די און יענע חטאים נישט בעגאַנגען, זענען מיר אָבער מיטשולדיג און מיט-פעראַנטוואָרטליך פאַר יענע, וועלכע טראָגען יאָ אויף זיך די דאָזיגע זינד.

אַלס ראיה דערצו ווייזט ער אָן אויפ'ן פסוק אין דער דאָזיגער סדרה: „והתודו את חטאתם אשר עשו". די פרשה רעדט דאָך פריהער וועגען אַ יחיד: „איש או אשה כי יעשו מכל חטאת האדם", און אויך דער אויספיהר איז בלשון יחיד: „והשיב את אשמו בראשו וכו'", טאָ ווי קומט עפּיס אינמיטען „והתודו את חטאתם אשר עשו" בלשון רבים? איז דערפון, אַלזאָ, צו זעהען, אַז אויב אַפילו אַ יחיד זינדיגט, איז דער רבים מחויב זיך מתודה צו זיין, דען — „כל ישראל ערבים"...

פאַרוואָס שטעהט דאָ אַ לשון רבים בעת אין דער גאַנצער פרשה רעדט זיך אין אַ לשון יחיד, „והשיב", „ונתן" א. אַ. וו.?

נאָך די גמרא זאָגט: „כל מי שיש לו מעות ומלוה אותן שלא בעדים עובר משום ולפני עור לא תתן מכשול" (בבא־מציעא ע"ה), ווייל ער איז דערמיט גורם, אַז יענער זאָל איהם פערלייקענען. אויך דער מפקיד האָט, אַלזאָ, אַ חלק אינ'ם חטא וואָס דער נפקד וויל איהם בע'גזל'ענען, אויך ער טראָגט דערביי אַ געוויסע פעראַנטוואָרטליכקייט דערפאַר, ווייל ער האָט יענעם געטרויט אָהן עדות און דערפאַר — „והתודו את חטאתם", דאַרפען ביידע זיך מתודה זיין אויף זייערע זינד. נישט נאָר דער נפקד, נאָר אויך דער מפקיד...

(מלא העומר)

## והתודו את חטאתם וכו' והשיב את אשמו... (ה. ז.)

אַזוי איז שוין, לליידער, דער דרך העולם: צו קלאַפּען זיך על־חטא, מתודה צו זיין זיך מיט'ן מויל, דערויף זענען אַלע גרייט. בשעת עס קומט אָבער צום „והשיב את הגזלה", מען זאָל די געזאָגטע ודוי מקיים זיין במעשה און נישט יוצא זיין בלויז מיט'ן מויל, זענען שוין פאַרהאַן דערויף גאָר ווייניג בעלנים און פונ'ם רבים ווערט אַ יחיד...

(רשפי אש)

## והתודו את חטאתם וכו' והשיב את אשמו בראשו... (ה. ז.)

בשעת מען זעהט אַ מענשען, וועלכען מען האַלט פאַר אַנ'עהרליכען מאַן, אַ צדיק, אַז עס געהט איהם שלעכט, איז מען דאַמאָלס מתרעם אויפ'ן אויבערשטען: היתכן? וואו איז דער יושר? פאַרוואָס קומט עס איהם?... אָבער בעת דער דאָזיגער מענש איז זיך מתודה און זאָגט־אויס זיינע זינד, דאַן איז „והשיב את אשמו בראשו" — ווערט קלאָר, אַז די שולד איז אין איהם זעלבסט, אַז דאָס האָט ער זיך אַליין גורם געווען דאָס שלעכטע...

(רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

## ואיש את קדשיו לו יהי'... (ה. י.)

מען האָט אַמאָל געפרעגט — אַזוי דערצעהלט מען — דעם פרומען פראַנקפורטער ראָטשילד, וויפיעל ער פערמאָגט, זאָל ער האָבען דערויף געענטפערט: „ואיש את קדשיו — לו יהי'"... פאַר זיין זיכער פערמעגען האַלט ער בלויז דאָס, וואָס ער האָט געגעבען אויף קודש, אויף פערשידענע צדקות — דאָס קאָן שוין קיינער ביי איהם נישט אַוועקנעהמען; דאַגעגען מיט'ן איבעריגען עשירות איז ער נישט זיכער און ער קאָן עס נאָכנישט האַלטען פאַר זיינס...

## וידבר ד' אל משה לאמר וכו' איש איש כי תשטה אשתו... (ה. יא. יב.)

„לאמר — לדורות" (מדרש)

וואָס איז דער מדרש דערמיט אויסען?

נאָך אין יומא ע"ה ווערען אויסגערעכענט די פערשידענע מעלות, מיט וועלכע

דער מן האָט זיך אויסגעצייכנט; צווישען אַנדערע זאַכען ווערט אויך דערצעהלט, אַז דער מן איז געווען מסוגל מגלה צו זיין אַלע פערבאָרגענסטע חטאים: „כשם שהנביא היה מגיד להם לישראל מה שבחורין ומה שבסדקין, כך המן מגיד להם וכו׳ איש ואשה שבאו לפני משה לדין, זה אומר היא סרחה עלי והיא אומרת הוא סרח עלי וכו׳״...

דער מדרש מיינט, אַלזאָ, מיט זיין בעמערקונג צו זאָגען, אַז אין דער מדבר איז לגמרי נישט נויטיג געווען דער גאַנצער ענין פון סוטה און מים המאררים, דען דער מן איז געווען דערצו דאָס בעסטע בעוואָרעניש, און געגעבען איז געוואָרען די דאָזיגע פרשה אויף די שפּעטערדיגע צייטען. „לאמר — לדורות״...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## איש איש כי תשטה אשתו... (ה. יב.)

„אם אתה מעכב מתנות הכהן, חייך שתצטרך להביא אליו סוטתך״... (רש״י)

וואָס פאַר אַ סמיכות און שייכות האָט עס? ווי קומט דער ענין פון סוטה אַלס שטראָף פאַר מעכב זיין די מתנות פון כהן?

נאָר די גמרא זאָגט: „עשר תעשר — עשר בשביל שתתעשר״, אַז צדקה ברענגט צו עשירות; אין אַ צווייטען אָרט ווידער ווערט געזאָגט: „אוקירו לנשייכו כי היכי דתתעתרו״, איהר זאָלט שעצען און בכבוד האַלטען אייערע פרויען, וועט איהר דאַדורך ווערען רייך. הייסט עס, אַז אויך ד אָ ס איז אַ סגולה צו עשירות... איז אויב אַזוי — וועט זיך דאָך דער מאַן טראַכטען — טאָ נאָכוואָס זאָל איך אָוועקגעבען דעם מעשר און צדקה צו פרעמדע, בעסער וועל איך געלד דאָס אויסגעבען אויף שענע קליידער פאַר מיין פרוי, דען אויך ד אָ ס איז דאָך גורם צו רייכטום!... דעריבער וואָרנט מען איהם: אויב דו וועסט מקיים זיין דעם „אוקירו לנשייכו״ אויפ׳ן כהנ׳ס חשבון, אויפ׳ן חשבון פון מעשר און צדקה, דאַן — „חייך שתצטרך להביא אליו סוטתך״!...

(חתם סופר)

אויב דאָס איז אַ שטראָף צוליעב זיינע זינד, ווייל ער האָט מעכב געווען די מתנות פון כהן און נישט געגעבען קיין צדקה, טאָ פאַרוואָס קומט איהר, די פרוי, צו ליידען?

נאָר וויזט אויס, אַז אין נישט־געבען צדקה האָט שטענדיג דאָס ווייב אַ גרויסע דעה איבער׳ן מאַן...

(אמרי יקר)

„כד פתח ריש לקיש בסוטה אמר הכי, אין מזווגין לו לאדם אשה אלא לפי מעשיו״ (סוטה ב׳)

פון וואַנען איז עס אַ ראַיה פון פרשת סוטה?

ווייל „אם אתה מעכב מתנות הכהן — דרש׳נען די חז״ל — חייך שתצטרך לבא אצלו להביא לו את הסוטה״, איז דאָך אין פלוג קשה: וואָס איז זי, נעבעך, שולדיג און פאַרוואָס קומט איהר מבוזה צו ווערען דערפאַר, וואָס דער מאַן איז אַ קמצן און ער האָט נישט געוואָלט געבען דעם כהן זיינע מתנות? איז פון דאַנען אַ ראַיה, אַז „אין מזווגין לו לאדם אשה אלא לפי מעשיו״, און דעם קמצן איז מען באַלד לכתחילה מזכה מיט אַזאַ ווייב, ווי ער האָט זיך פערדינט...

(חתם סופר)

רבי צבי־הירש קאַלישער טייטשט דאָס וואָרט „תשטה" פון לשון „שטו העם", וואָס בעדייט: דאָס פאָלק האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט אין פערשיידענע מקומות אויפצוקלויבען דעם מן, און אויך דאָ איז דער פשט: „כי תשטה אשתו", זי וועט אַרומ־לויפען און פערקעהרען אין פערשיידענע ערטער, וואָס עס וועט אַרויסרופען ביי'ם מאַן פערדאַכט...

## ונקתה ונזרעה זרע... (ה. כח.)

דעריבער האָט די תורה צוגעזאָגט אינ'ם דאָזיגען פאַל אַ ספּעציעלע בעלוינונג, ווייל עס ווערט געזאָגט: „אם אין האיש נקי מעוון, אין המים בודקין אותה", אויב דער מאַן איז נישט ריין פון זינד, האָבען די מים המאָררים אויף דער סוטה, ווען זי איז אַפילו זינדיג, קיין ווירקונג נישט. איז אויב אַזוי — וועט מען דאָך, אַלזאָ, קיינמאָל נישט קאָנען וויסען, צי זי איז ווירקליך אונשולדיג; דען בעת דאָס וואַסער וועט אויף איהר נישט ווירקען, וועט מען דאַן זאָגען, אַז דאָס איז נישט דערפאַר, ווייל זי איז נישט־שולדיג, נאָר ווייל אויך דער מאַן איז נישט ריין פון זינד!... און דעריבער, כדי צו איבערצייגען אַלעמען אין איהר עהרליכקייט און צו בעזייטיגען פון איהר יעדען חשד, איז — „ונקתה ונזרעה זרע"...

(רבי לייביש חריף)

## זאת תורת הקנאות אשר תשטה אשה תחת אישה... (ה. כט.)

גאַנץ אָפט פּאַסירט, אַז נישט די אייפערזוכט איז אַ רעזולטאַט פון פעררעט, נאָר פערקעהרט — דער פעררעט איז אַ רעזולטאַט פון דער אייפערזוכט, אַז די פרוי ווערט געשטויסען צו זינד צוליעב דעם גופא טאַקי, וואָס דער מאַן האַלט איהר אין איין חושד זיין, אין איין באַכשפירען...

„זאת תורת הקנאות"! אָט דאָס איז אָפט דער פועל־יוצא פון קנאות, פון איבער־טריבענער אייפערזוכט, זי ברענגט מאַנכעס מאָל דערצו — „אשר תשטה אשה תחת אישה"...

(מלאכת מחשבה)

## ונקה האיש מעון... (ה. לא.)

כאָטש זי האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס ריין און אונשולדיג, דאָך „ונקה האיש מעון", טראָגט אויף זיך דער מאַן קיין חטא נישט דערפאַר, וואָס ער האָט זי אומזיסט, בפני כל עם ועדה, מבזה געווען, דען ער האָט געהאַט אַ גרונד דערצו — אַ אידישע טאָכטער דאַרף זיך נישט מתייחד זיין מיט קיין פרעמדען מאַן...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## איש או אשה כי יפליא לנדור נדר נזיר... (ו. ב.)

„כי יפליא" — דאָס איז ווירקליך אַ פלא, אַ וואונדערליכע און אונפערשטענדליכע זאַך... עס זענען איהם נאָך ווייניג, דעם מענש, די אַלע הונדערטער מצוות, וואָס די תורה האָט אויף איהם אַרויפגעלעגט, נאָר ער געהט נאָך אַליין אויף זיך מוסיף־זיין פרישע, אונגעוועהנליך־שווערע און אונערטרעגליכע חומרות!...

(מלאכת מחשבת)

און דערמיט, וואָס נזירות ווערט אָנגערופען מיט׳ן לשון הפלאה, ווערט אַגב פערשטענדליך, וואָס וועגען דעם מלאך, וועלכער האָט זיך בעוויזען צו מנוח׳ן ווערט געזאָגט: „והוא פלאי״ (שופטים יג). פערשידענע מפרשים בעמיהען זיך צו ערקלערען דעם זין און בעדייטונג פון די דאָזיגע ווערטער, באמת אָבער איז עס גאַנץ איינפאַך: כידוע, ווערט יעדער מלאך אָנגערופען אויפ׳ן נאָמען פונ׳ם שליחות, וואָס ער פיהרט אויס, און ווייל צו מנוח׳ן האָט זיך דער מלאך בעוויזען אָנצוזאָגען איהם, אַז דאָס קינד, וואָס ער וועט געבוירען, שמשון, זאָל זיין אַ נזיר, האָט דעריבער דער מלאך בעקומען דעם נאָמען „פלאי״, וואָס עס בעדייט: נזירות.

(חמדה גנוזה)

## חומץ יין וחומץ שכר לא ישתה... (ו. ג.)

רבי עזריאל, דער „אייזערנער קאָפּ״, האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן פון לובלין, פאַרוואָס ביי מתנגדים איז אַ מיטעל צו התחברות — תורה, און ביי חסידים — משקה?... דערויף האָט איהם דער רבי פון לובלין געענטפערט, אַז פון די דברי־חז״ל איז בפירוש צו זעהן, אַז משקה איז מעהר מקרב, ווי תורה, מחמת ביי יין־נסך ווערט געזאָגט, אַז „אסרו יינם משום בנותיהן״, דאַגעגען תורה האָט רבי מאיר געלערנט אַפילו פון אַחר׳ן...

אַ מתנגד האָט אַמאָל געזאָגט צו רבי ישראל ריזשינער:

— זעהט, רבי, אַ חילוק פון מתנגדים ביז חסידים: מתנגדים, אַז זיי דאַווענען־אָב, זעצען זיי זיך אַוועק לערנען אַ פרק משניות; דאַגעגען חסידים נאָכ׳ן דאַווענען טרינקען בראָנפען!...

— כ׳וועל דיר זאָגען — ענטפערט איהם דער ריזשינער: — מתנגדים דאַווענען אַ קאַלט, טויט דאַווענען, איז נאָך אַ טויטען לערנט מען משניות; חסידים, אָבער, דאַווענען אַ התלהבות׳דיג, לעבעדיג דאַווענען, און אַ לעבעדיגער דאַרף האָבען אַ ביסעל משקה...

אין שופטים (י. ג.) ווערט דערצעהלט, אַז דער מלאך האָט אָנגעזאָגט שמשונ׳ס מוטער: „ואל תשתי יין ושכר וכו׳ כי נזיר אלקים יהי׳ הנער״.

איז דאָך אייגענטליך קשה: פאַרוואָס זאָל זי, צוליעב דעם וואָס דאָס קינד וועט זיין אַ נזיר, נישט טאָרען טרינקען קיין וויין? לויט דער תורה איז דאָך דער דאָזיגער איסור חל נור אויפ׳ן נזיר זעלבסט, אָבער נישט אויף זיין מוטער?

נאָר מען קאָן נישט פערלאַנגען פון אַ קינד, ער זאָל זיין פרומער פון די עלטערן. מן התורה איז טאַקי שמשונ׳ס מוטער נישט מחויב געוואָרן אינ׳ם דאָזיגען דין, עס געשיקט זיך אָבער נישט, אַז די מאַמע זאָל ערציהען דאָס קינד אַלס נזיר, שטרענג אַכטונג געבען אויף איהם, ער זאָל זיך צו קיין שום משקה נישט צוריהרען, און אַליין זאָל זי זיך עס יאָ ערלויבען...

(אור כשלמה)

## מגפן היין מחרצנים ועד זג לא יאכל... (ו. ד.)

גאַנץ אָפט, בשעת די חז״ל רעדען וועגען דער נויטווענדיגקייט פון פערשידענע גדרים און סיגים, דריקען זיי זיך אויס בדרך־מליצה: „לך אמרין נזירא, סחור סחור

לכרמא לא תקרב". פאַרוואָס עפּעס נעהמען זיי דוקא דעם נזיר אַלסביישפּיעל ? — ווייל אין דער גאַנצער תורה איז פּרשת נזיר דער איינציגער פאַל, וואו די תורה געפינט פאַר נויטיג צו מאַכען אַ סיג אַרום דער מצוה: כאָטש דער נזיר האָט בלויז גע'אַסר'ט אויף זיך „יין ושכר", איז דאָך די תורה מחמיר אויף איהם, אַז אויך — „מחרצנים ועד זג לא יאכל"...

(ווילנער גאון)

## וכפר עליו מאשר חטא על הנפש... (ו. יא.)

דעריבער ווערט דער נזיר אַנערקענט אַלס חוטא, ווייל ער איז זיך פּורש פון דער וועלט, ער שליסט זיך אויס פון כלל און וויל טהון פערקעהרט ווי אַלע אַנדערע, אַסר'נדיג אויף זיך דאָס, וואָס עס איז ביי אַלעמען מותר...

(כלי יקר)

קיינער שטערט דיר נישט, אויב דו ווילסט זיך דערווייטערען פון פערשידענע תענוגים און אָבזאָגען זיך פון מותרות. אָבער דערמיט, וואָס דו אַסר'סט די דאָזיגע זאַכען אויף זיך מיט דער הילף פון נדרים ושבועות, ווערסטו אַריינגעצויגען אין אַ מלחמה מיט'ן יצר־הרע, וועלכער רייצט און ציהט דעם מענשען דוקא צו „מים גנובים", צו אַזעלכע זאַכען, וואָס מען טאָר נישט, וועלכע זענען פאַר איהם פערבאָטען, און דאָס כסדר'דיגע קעמפען און ראַנגלען זיך מיט איהם פערשאַפט דעם מענשען גרויס צער, און — דיענען דאַרף מען דעם אויבערשטען נישט מתוך צער, נאָר מתוך שמחה!...

(כלי יקר)

עס איז פערבאָטען דעם מענשען צו דערווייטערען זיך אויפ'ן סאַמע עקסטרעמ־סטען אופן פון די וועלטליכע בעדערפעגישען, ווי: נישט צו עסען קיין פלייש, נישט צו טרינקען קיין וויין, נישט צו הייראַטען, נישט צו וועלען זיצען אין אַ שענער וואוינונג, נישט צו וועלען אָנטהון קיין שענע מלבושים א. ד. גל. דאָס איז אַ שלעכטער וועג, אויף וועלכען מען טאָר נישט געהן — און דער, וואָס געהט אויף איהם, איז אַ חוטא, ווי עס לערנען אונז די חז"ל: „ומה זה שלא ציער עצמו אלא מן היין נקרא חוטא — המצער עצמו מכל־דבר על אחת כמה וכמה" (נדרים י')! אויך זאָגען די חז"ל (ירושלמי נדרים פ"ט): „לא דייך במה שאסרתך תורה, אלא שאתה אוסר דברים המותרים"! וועגען די דאָזיגע און עהנליכע זאַכען וואָרנט אונז שלמה המלך: „אל תצדק הרבה"...

(רמב"ם, דעות פרק ג')

און הגם, אין געגענזאַץ צום מאַן־דאַמר, וואָס זאָגט: „היושב בתענית נקרא קדוש" — בעציהט זיך עס נאָר אויף אַ יחיד, אין אַ געוויסען אויסנאַהמס־פאַל, אָבער נישט אויף איינצופיהרען עס אַלס שטענדיגען לעבענס־סיסטעם פאַר'ן כלל, געגען וואָס די חז"ל זאָגען זיך אַרויס אין פערשידענע מאמרים, ווי: „עתיד אדם ליתן דין וחשבון על כל שראתה עינו ולא אכל" (ירושלמי קידושין פ"ד); „כל הקץ בחיים טובים בעולם הזה סימן רע לו, וכן נאמר ליהויקים — אביך הלא אכל ושתה ועשה משפט וצדקה אז טוב לו" (תנא דבי אליהו פרק ד'); „חבב הקב"ה את ישראל שהוא מצוה אותן שלא יצערו עצמן ויטלו שכר" (ילקוט תורה פ' ראה)...

(תורה תמימה)

„וכי באיזה נפש חטא זה? — אלא שציער עצמו מן היין" (נדרים י')

דער דאָזיגער מאמר, וועלכער זעהט־אויס צו זיין אין סתירה צום בפירוש'ן פסוק „קדוש הוא לד'", ווי אויך צו אַנדערע מאמרי חז"ל, ערקלערט זיך דערמיט, וואָס אין יענער צייט האָט זיך אָנגעהויבען פאַרשפרייטען דאָס קריסטענטום, און זיינע ערשטע סעקטאַנטען זענען בעשטאַנען הויפּטזעכליך פון נזירים...

(סניגור)

וועגען די יעניגע, וואָס זענען עוסק אין סיגופים און תעניתים, פלעגט זאָגען דער קאָזשעניצער מגיד:

ס'איז שוין בעסער נישט צו פאַסטען און אָבצונאַרען די וועלט, אַז ער פאַסט יאָ, ווי יאָ צו פאַסטען און — אָבצונאַרען זיך אַליין...

התבודדות — פלעגט זאָגען רבי ישראל ריזשינער — מיינט מען נישט, אַז מען זאָל אויסגעטיילט זיין פון דער וועלט און דערווייטערט פון מענשען. דאָס איז קיין רבותא נישט. אַ רבותא איז, צו קענען האָבען התבודדות צווישען טויזענטער מענשען, ווען מען געפינט זיך אין עולם און מיט'ן עולם...

סיגופים מיינט מען נישט דוקא צו קוילערען זיך אין אַ ווינטער־נאַכט אין שניי און צו טובל'ן זיך אונטער'ן אייז. מען קאָן ליעגען אונטער'ן איבערבעט און דאָך פיהלען דעם טעם פון חבוט־הקבר...

פונקט אַזוי — פלעגט זאָגען רבי אברהם־יעקב סאַדיגורער — ווי מען מוז אָבגעבען אויף יענער וועלט אַ דין־וחשבון פאַר נישט אָבהיטען און מזיק זיין די נשמה, אַזוי מוז מען אויך אָבגעבען אַ דין־וחשבון פאַר פייניגען און מזיק זיין דעם גוף...

רבי נפתלי ראָפּשיצער האָט געטייטשט: „ומבשרך אל תתעלם", דו זאָלסט נישט פרעמד זיין און נישט פערמאַכען די אויגען אויף דיין אייגען פלייש, אויף דיין קערפּער, דו זאָלסט איהם נישט צופיעל מאַטערען, נישט צופיעל פייניגען...

וועגען חכם־צבי ווערט דערצעהלט, אַז פאַר יציאת־נשמה האָט ער זיך געהייסען דערלאַנגען צום טרינקען אַ גלעזעל וויין, בכדי דערמיט מפייס זיין — ווי ער האָט ערקלערט — דעם שוואַכען גוף זיינעם, וועלכען ער האָט דעם גאַנצען לעבען גע־האַלטען אין איין פייניגען...

רבי שלמה קאַרלינער איז געווען אַ שטאַרקער געגנער פון פּראָווען סיגופים און תעניתים, נאָר אין דריי פאַלען — פלעגט ער זאָגען — בין איך גענויגט מסכים צו זיין, אַז אַ איד זאָל אויף זיך נעהמען אַ תענית: א) נור אין פאַל, ווען ער איז חס־ושלום אַ האַרבע עבירה בעגאַנגען; ב) נאָר דאַן, ווען ער פיהלט זיך איינגאַנצען געזונד, אָהן אַ שום מיחוש, חלילה; ג) נאָר אין אַ קורצען ווינטער־טאָג, און דאָס אויך נאָר בתנאי זה, אַז ער זאָל פאַרטאָג איידער ער הויבט אָן דעם תענית, אויסטרינקען אַ גלעזעל וואַרימס...

„האי בר־בי־רב דיתיב בתעניתא ליכול כלבא לשירותיה" (תענית י"א)

וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס איינס צום צווייטען? נאָר אַ כלב קאָן קיין סך נישט

עסען און איז געוואוינט צו פאַסטען, ווי די גמרא זאָגט: „לית דעניא מכלבא ששוהה אכילתו במעיו ג' ימים" (שבת קנ"ה). אַ תלמיד־חכם ווידער, ווי מיר געפינען ביי די חז"ל אין פערשיעדענע שטעלען, דאַרף אַ סך עסען, כד ער זאָל האָבען כח עוסק צו זיין בתורה, און דעריבער, אויב דער בר־בי־רב האָט איבערגענומען די טבע פון כלב, אַריינלאָזענדיג זיך אין תעניתים — „ליכול כלבא לשירותיה", דאַרף דער כלב אי־בערנעהמען די טבע פון תלמיד־חכם און מען דאַרף איהם אַוועקגעבען זיין סעודה...
(הדרשן רצ"ה ציינאָוו)

רבי חיים צאַנזער האָט אַמאָל ביי'ם טיש געפרעגט אַ חסיד, צי די משמשים האָבען איהם נישט פערטיילט ביי'ם עסען־געבען און צי ער האָט שוין גענעסען.

— עט — ענטפערט דער חסיד פער'דבקה'ט — כ'בין נישט געקומען אַהער עסען.

— זעהסטו, יונגערמאַן — שמייכעלט רבי חיים — אויך די נשמה קומט, חלילה, נישט אַהער אויף דעם עולם בכדי צו עסען, און פונדעסטוועגען, אַז מען גיט איהר נישט קיין עסען — אַנטלויפט זי...

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם אָסטראָווצער רבי'ן, וועלכער פלעגט, כידוע, פאַסטען כסדר תעניתים, הלמאי ער פייניגט זיך אַזוי פיעל, ווערענד מיר געפינען דאָך, אַז אַ נזיר דאַרף ברענגען אַ קרבן בלויז דערפאַר, „שציער עצמו מן היין" און עס איז דאָך אַ בפירוש'ע גמרא: „כל היושב בתענית נקרא חוטא" (תענית י"א)? האָט ער דערויף געענטפערט: עס שטעהט נישט „כל המתענה", נאָר „כל היושב בתענית", דער דיוק איז אויף'ן וואָרט „היושב", אַז דאָס איז חל נור אויף אַזעלכען, וואָס דאָס פאַסטען שוואַכט איהם אָב און שטערט איהם צו שטייגען העכער אין עבודת־השם און ער ווערט אַ „יושב", בלייבענדיג זיצען אויף איין אָרט, נאָר אַזעלכער טאָר נישט פאַסטען...

דער אַפּטער רבי, רבי אברהם־העשיל, האָט נישט פערטראָגען די, וואָס האַלטען אין איין פראַווען סיגופים און תעניתים. איינמאָל איז ער געקומען אין אַ שטעדטעל אַריין אין אַ טאָג, ווען די קהלה האָט צוליעב דעם, וואָס עס איז אַ לאַנגע צייט נישט געגאַנגען קיין רעגען, גוזר־תענית געווען. רבי אברהם־העשיל האָט זיך נישט געמאַכט דערפון, ער איז אַוועק אויף דער אכסניא, אָבגעדאַווענט און זיך אַוועקגעזעצט צום טיש עסען. אַז די שטאָדט־לייט זענען דערפון געוואָהר געוואָרען, זענען זיי געקומען צו לויפען מיט אַ רעש: רבי, מען טאָר היינט נישט עסען! ס'איז אַ תענית־צבור ביי אונז! מיר דאַרפען האָבען רעגען!

— צוליעב וואָס — ענטפערט זיי דער אַפּטער בנעימות — דאַרפט איהר איי־גענטליך האָבען דעם רעגען? כדי די תבואה אויף די פעלדער זאָל וואַקסען, כדי עס זאָל זיין אַ געררעטעניש, כדי מען זאָל האָבען פּרנסה, און וואָס טהוט איהר דערצו? איהר זעצט זיך אַוועק פאַסטען און וויזט דערמיט דעם רבונו־של־עולם, אַז מען קאָן אויסקומען אָהן פּרנסה, אָהן אכילה ושתיה, איז דאָס אַ דרך?... איי, שוטים, שוטים! פערקעהרט דאַרף מען אין אַזאַ פאַל טהון: וואָס מעהר עסען, וואָס מעהר טרינקען! זאָל דער רבונו־של־עולם, אדרבא, זעהען, אַז איהר דאַרפט אַ סך, אַז אייערע בעדערפע־נישען זענען גרויס און דאַן וועט ער אייך זיכער נישט זשאַלעווען און אייך געבען גענוג רעגען...

רבי יוסף פון אוסטראַה פלעגט זאָגען, אַז דער יעניגער, וואָס פראַוועט תעניתים,

איז געגליכען צום מס וואָס מען באַשטימט אויפ׳ן קהל. די נגידים, וועלכע זענען די גאַנצע בעלי דעה אין די קהל׳שע זאַכען לעגען אַרויף די גאַנצע לאַסט אויף די אָרימע־לייט און בשעת דער שוטר קומט צום אָרימאַן אויפמאָהנען דעם מס און ער האָט נישט צו געבען, איז ער איהם, דער קבצן, משחד, מיט דער לעצטער מטבע וואָס ער פערמאָגט אויפ׳ן טאָג פּרנסה, בכדי ער זאָל איהם פּראָלאָנגירן דעם זמן, און דער חוב בלייבט ווייטער חוב... און אַזוי איז עס אויך מיט די תעניתים. די אויגען, דאָס מויל, און די אויערען, זיי זענען די עשירים, זיי זינדיגען; דער מאָגען, אָבער, וואָס קומט נעביך אָב מיט שהי־פּהי, איז ריין פון יעדע זינד, ולסוף בשעת דער מענש האָט חרטה אויף זיינע זינד לעגט ער אַרויף דעם גאַנצען עונש אויפ׳ן קבצנ׳ישען מאָגען און דער חטא בלייבט ווייטער חטא. וואָס האָט ער נעביך צו איהם? זאָל ער בעסער בעשטראָפען און מסגף זיין די אברים, מיט וועלכע ער האָט געזינדיגט, זאָל ער היטען דאָס מויל, נישט צו רעדען קיין רכילות און לשון־הרע און דברים בטלים, זאָלען די אויגען נישט קוקען וואו מען דאַרף נישט און זאָלען די אויערען נישט הערען, וואָס עס איז נישט נויטיג צו הערען...

(ספרן של צדיקים)

רבי עזריאל הורוויץ, דער „אייזערנער קאָפּ״, האָט אַמאָל געזאָגט צום רבי׳ן פון לובלין: איך האָב זיך בעקענט מיט עטליכע חסידים אייערע און איך מוז אייך זאָגען, אַז הגם בנוהג שבעולם, אויב אַ איד טרינקט און שיכור׳ט איז ער אַ געמיינער מענש, אַנ׳אויסוואורף, דאָך זענען צווישען אייערע חסידים, הגם זיי האַלטען אין איין טרינקען, פאַרהאַן גאָר פיינע אידען, מדרגה־אידען...

ענטפערט איהם דערויף דער רבי פון לובלין:

אין פ׳ נשא, אויפ׳ן פּסוק „כי יפליא לנדור נדר נזיר״, זאָגט רש״י: „למה נסמכה פ׳ נזיר לפ׳ סוטה, לומר לך שכל הרואה סוטה בקלקולה יזיר עצמו מן היין״, אַז ווײַן טרינקען, הייסט עס, איז אַ שלעכטע זאַך. דאַגעגען אויפ׳ן ווייטערען פּסוק, „וכפר עליו מאשר חטא על הנפש״, זאָגט רש״י: „רבי אליעזר הקפר אומר שציער עצמו מן היין״, אַז מען דאַרף, הייסט עס, יאָ טרינקען וויין. איז דאָך עס אַ תרתי דסתרי?...

נאָר אין וויין אַליין ליעגט באמת קיין שום שלעכטס נישט, וואָרום „ויין ישמח לבב אנוש״, און געווענדעט איז בלויז, ווער עס טרינקט איהם. אויב דאָס איז אַזעלכער, וועלכער איז אַ „רואה סוטה בקלקולה״, וועלכער איז גענויגט צו זעהען אין אַלעמען שלעכטס, צו זוכען ביי יעדען קלקולים און חסרונות (אַנ׳אידעלע אָנצוהערעניש געגען רבי עזריאל׳ן, וועלכער האָט נישט סובל געווען די חסידים און רק געזוכט אין זיי פעהלערען), אַזאַ איינער איז — „יזיר עצמו מן היין״, פאַר אַזעלכען איז דאָס טרינקען וויין אַ שעדליכע זאַך, דען דאָס וועט איהם נאָכמעהר אַריינטרייבען אין כעס און ער וועט נאָכמעהר אָנהויבען זעהען חסרונות ביי אַלעמען... דער אָבער, וועלכער פער־מאָגט נישט אין זיך די דאָזיגע מדה מגונה, צו זיין אַ שטענדיגער „רואה סוטה בקלקולה״, אַזעלכער דאַרף זיך נישט אָבזאָגען פון וויין טרינקען...

רבי יאָשע־בער האָט נישט געהאַלטען פון די, וועלכע זענען צופיעל מחמיר אויף זיך אין פרומקייט; איבערהויפּט די עם־הארצ׳ישע פרומקייט. איינמאָל האָט ער געזעהן, ווי אַ איד האָט זיך געוואַשען צום עסען און אויסגעגאָסען צוויי פולע קוואָרט וואַסער.

— אַ רחמנות נעבעך אויף דעם אידען — שמייכעלט רבי יאָשע־בער — זיין גאַנץ יראת־שמים גיסט ער אויס אין פּאַמעשאַף!...

צו רבי ישראל ריזשינער איז אַמאָל געקומען אַ יונגערמאַן מיט אַ בקשה, ער זאָל איהם געבען סמיכה. דער ריזשינער איז גראָד געשטאַנען ביים פענסטער און האָט אַרויסגעקוקט אויפ'ן הויף. ס'איז געווען ווינטער־צייט, דער גאַנצער הויף איז געווען בעדעקט מיט שניי. שטעהט נעבען איהם דער יונגערמאַן און האַלט אין איין דער־צעהלען וועגען זיין צדקות און סיגופים: ער געהט — ריהמט ער זיך — אָנגעטהון בלויז אין ווייסען, כדי מקיים צו זיין דעם „בכל־עת יהיו בגדיך לבנים"; קיין שום משקה, אַ חוץ וואַסער, קומט אין זיין מויל נישט אַריין; אין די שיך האָט ער טשוועקעס, כדי צו ליידען יסורים; יעדען טאָג, אַפילו אין גרעסטען פראָסט, פּראָוועט ער גלגול־שלג, און מלקות לאָזט ער זיך יעדען טאָג שלאָגען...

בעת דער יונגערמאַן איז אַזוי געשטאַנען און האָט גערעדט, איז אַרויס אויפ'ן הויף אַ ווייס פערד, צוגעגאַנגען צום ברונען, אָנגעטרונקען זיך, און דערנאָך זיך אויס־געקאַטשעט אינ'ם שניי.

— זעהסטו — רופט זיך אָן דער ריזשינער צום יונגערמאַן: — אָט דאָס דאָזיגע בעשעפעניש געהט אויך אין ווייסען, נעהמט אויך נישט אין מויל קיין שום משקה, אַ חוץ וואַסער, האָט אויך טשוועקעס אין די שיך, פּראָוועט אויך גלגול־שלג, קריגט פון בעל־הבית מעהר ווי פיערציג מלקות אַ טאָג — און נאָך אַלעמען איז עס פאָרט אַ פערד!...

צו רבי נפתלי ראָפּשיצער איז אַמאָל געקומען אַנ'עלטערער חסיד, וואָס האָט געפּראָוועט סיגופים, געפאַסט הפסקות און געטראָגען אַ זאַק אויפ'ן לייב. ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען, האָט ער אויף דער שוועל צעשפּילעט דאָס העמד, כדי דער רבי זאָל זעהן, אַז ער געהט אָנגעטהון אַ זאַק אויפ'ן לייב. רבי נפתלי האָט עס בעמערקט און אַ זאָג געטהון צום משמש:

— זעה נאָר, אַזאַ אַלטער איד, און דער יצר־הרע האָט איהם אַריינגענאַרט אין זאַק אַריין!...

דער אָסטראָווצער רבי האָט אַמאָל געלאָזט רופען צו זיך אַ געוויסען מחלל־שבת'ניק, ביי וועלכען ער האָט געפּראָוווט צו פּועל'ן, אַז ער זאָל האַלטען אום שבת געשלאָסען זיין געוועלב, געבענדיג איהם צו פערשטעהן די גרויסקייט און הייליגקייט פון שבת'דיגען טאָג.

— אויב דער כבוד־השבת איז יאָ ביי אייך אַזוי גרויס — האָט יענער חוצפה'דיג געענטפערט — טאָ פאַרוואָס פאַסט איהר, רבי, אַפילו אום שבת? אויך אין דער וואָכען זאָגאַר טאָר מען נישט פאַסטען, עס איז דאָך אַ בפירוש'ע גמרא: „היושב בתענית נקרא חוטא"?

— גאַנץ אמת — מאַכט צו איהם דער אָסטראָווצער בתמימות — אויך איך בין טאַקי אַ חוטא; דער חילוק אָבער איז, וואָס פון מיינע חטאים וועט זיך קיינער נישט אָבלערנען, קיינער וועט זיך אויף מיר נישט פאַרקוקען און נאָכטהון דאָס זעלבע, פון דיר, דאַגעגען, וועלען זיך אויך אַנדערע אָבלערנען און אויך, חלילה, מחלל שבת זיין...

## כה תברכו את בני ישראל... (ו. כג.)

„כה תברכו — בנשיאת כפים, נאמר כאן כה תברכו ונאמר להלן וישא אהרן את ידיו אל העם ויברכם" (סוטה ל"ה)

ברכת כהנים דאַרף נישט בעשטעהן בלויז פון ווערטער, נאָר עס דאַרף אויך זיין

דערביי „נשיאת כפים", מען זאָל צולעגען אַ האַנד צו דער ברכה, זי זאָל זיך אויס־דריקען אין מעשים, און אַזוי האָט זיך אויך נוהג געווען אהרן הכהן: „וישא אהרן את ידיו אל העם ויברכם", ער האָט נישט יוצא געווען מיט זיצען פערלעגט די הענד און טיילען דעם עולם ברכות, העלפענדיג שלום מאַכען בין אדם לחברו, זאָרגענדיג צו בעזייטיגען די שנאה און מחלוקת ביי אידען: און נור אַזעלכע ברכות, ברכות מיט „נשיאת־כפים", האָבען אַ ווערט...

(רבי יוסף חיים קרא)

פאַרוואָס הויבט אָן דער פסוק מיט אַ לשון רבים: „כה תברכו את בני ישראל אמור להם" און נאַכהער, ביי די ברכות, געהט ער איבער צו לשון יחיד: „יברכך וכו' וישמרך וכו'"?

ווייל נישט יעדע פון די אויסגערעכענטע ברכות קאָן געזאָגט ווערען בדרך כלל, פאַר אַלעמען גלייך. „יברכך", למשל, מיינט מען: „יברכך בממון" און „יברכך בבנים", און געלד איז אַזאַ זאַך, וואָס פאַר איינעם איז עס אַ ברכה, פאַר'ן צווייטען, דאַגעגען, אַ קללה, וואָס פערדאַרבט איהם און פיהרט איהם אַראָב פון דרך־הישר. דאָס זעלבע איז מיט קינדער. אַ ברכה איז עס, אויב מען האָט פון זיי נחת און זיי געהען אין גוטען וועג, אַ קללה אָבער — אויב מען האָט פון זיי אויסצושטעהען, רח"ל, בזיונות... און דעריבער ווערען די ברכות געזאָגט בלשון יחיד. איטליכען — אַזאַ ברכה, אין וועלכע ער נויטיגט זיך...

(דן מדניאל)

דעריבער ווערט ברכת־כהנים געזאָגט בלשון־יחיד, ווייל די הויפט־ברכה, אין וועלכער אידען נויטיגען זיך, איז פעראייניגונג, אַחדות...

(עוללות אפרים)

רבי יהושע'לע אָסטראָוווער פלעגט זאָגען: „ואני תפלתי לך ד' עת רצון", איך בין צו דיר מתפלל, רבונו־של־עולם, אַז דו זאָלסט ממלא־זיין מיין רצון, איך וויס אָבער נישט, צי מיין רצון און פערלאַנג איז אַ גוטער, בעט איך דיך דעריבער: „אלקים ברב חסדך ענני באמת ישעך", העלף מיר, ווי אַזוי דו אַליין פערשטעהסט, אין וואָס עס ליגט באמת מיין הילף, וואָס עס איז פאַר מיר באמת גוט...

אין פיעל קהלות איז מען זיך נוהג, אַז בשעת דער חזן זאָגט „ברכת כהנים", ענטפערט דער צבור אין דער שטיל נאָכ'ן ערשטען פסוק: „יהי רצון בזכות אברהם אבינו", נאָכ'ן צווייטען פסוק: — „יהי רצון בזכות יצחק אבינו", נאָכ'ן דריטען פסוק: — „יהי רצון בזכות יעקב אבינו". צוליעב וואָס זאָגט מען דאָס? וואָס איז דער טעם?

כ'האָב געפרעגט וועגען דעם — שרייבט רבי משה חגיז אין „אלה המצוות" — פערשיעדענע פערזאָנען און קיינער האָט מיר נישט געוואוסט צו ענטפערען. וואָהר־שיינליך אָבער נעהמט זיך דער דאָזיגער מנהג דערפון, וואָס אין מדרש איז פאַרהאַן אַ חלוקי־דעות, אין וועמענס זכות מען האָט זוכה געווען צו ברכת־כהנים: „רבי יהודה אומר מאברהם זכו, שנאמר כה יהיה זרעך וכתיב כה תברכו, רבי נחמיה אומר מיצחק, שנאמר ואני והנער נלכה עד כה, לפיכך אומר המקום כה תברכו, רבנן אמרו, מיעקב, כה תאמר לבית יעקב".

און דעריבער זאָגען מיר: „בזכות אברהם", „בזכות יצחק", „בזכות יעקב", כדי יוצא צו זיין אַליבא דכל הדעות...

דער ליובאַוויטשער רבי, רי ישראל נח שניאורסאָן, איז אַמאָל געווען אין בריסק. איז דער בריסקער רב, רבי מרדכי (דער באַוואוסטער חובב־ציון) געקומען צו איהם מיט אַ וויזיט. ביים געזעגענען זיך, ווענדעט זיך דער ליובאַוויטשער רבי צום בריסקער רב מיט אַ בקשה, ער זאָל איהם בענשען.

— מתנגדים — ענטפערט איהם דערויף דער בריסקער רב — קענען נישט קיין ברכות. אדרבה, זאָגט איהר עפּעס אַ ברכה.

— השי״ת זאָל געבען — ווינשט איהם דער ליובאַוויטשער — איהר זאָלט גע־בענשט ווערען ברוחניות ובגשמיות.

— איך פערלאַנג בלויז — רופט זיך אָן דער בריסקער — אַז השי״ת זאָל אונז בענשען ברוחניות...

— פאַרוואָס נישט אויך אין גשמיות? — וואונדערט זיך דער ליובאַוויטשער.

— פערשטעהט איהר מיך, רבי — ענטפערט דער בריסקער רב — אַ געוועהנ־ליכער איד נעהמט גשמיות און מאַכט דערפון רוחניות. אַז ער האָט אַ סך געלד, גיט ער אַ טייל דערפון אַוועק אויף צדקה, אויף ישיבות, אויף אויסצוהאַלטען תלמידי־חכמים וכדומה. דאַרף מען איהם דעריבער ווינשען, ער זאָל געבענשט ווערען מיט וואָס מעהר גשמיות... ביי אונז אָבער, רבנים און רביים, איז דאָך פערקעהרט. מיר פערקויפען אונזער רוחניות, אונזער תורה און פרומקייט, און מאַכען דערפון גשמיות. נויטיגען מיר זיך דעריבער אין וואָס מעהר רוחניות, טאַקי אין בלויז רוחניות, כדי מיר זאָלען האָבען וואָס צו פערקויפען...

(הדת והתחיה הלאומית)

כה תברכו את בני ישראל אמור להם...

„אמור" — פלעגט זאָגען רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער — איז דער טייטש: ליעב האָבען, ווי „כי ד' האמירך היום". „כה תברכו את בני ישראל — אמור להם", בענשען די אידען מעג נאָר אַזעלכער, וועלכער האָט ליעב די אידען, ווי עס ווערט געזאָגט אין זהר: „מאן דלא רחום ית עמא לא יברך יתהון"...

## יברכך ד' וישמרך... (ו. כד.)

„יברכך — בממון, וישמרך — מן המזיקים" (ספרי)

וואָס פאַר אַ שייכות האָבען צווישען זיך די צוויי ברכות?

נאָר די חז"ל זאָגען, אַז די ברכה איז נישט מצויה בדבר המדוד והמנוי והשקול, נאָר בדבר הסמוי מן העין, ביי אונגעצעהלט געלד (בבא־מציעא מ"ב). דאַגעגען איז פאַרהאַן אַ צווייטער מאמר, אַז מזיקים האָבען אַ שליטה דוקא אויף אונגעצעהלט געלד, אויף אַ דבר הסמוי מן העין (חולין ק"ה).

נאָך דער ברכה, אַלזאָ, פון „יברכך בממון", אין וועלכער עס רעדט זיך וועגען אַ דבר הסמוי מן העין, דען אַנדערש קאָן די ברכה נישט חל זיין, מוז דעריבער גלייך צוגעגעבען ווערען אַ צווייטע ברכה: „וישמרך מן המזיקים", אַז כאָטש עס איז סמוי מן העין, דאָך זאָלען די מזיקים דערויף קיין שליטה נישט האָבען...

(מפרשים)

אין פסחים (קי"א) ווערט דערצעהלט, אַז רב פפא איז איינמאָל געגאַנגען אין וועג צוזאַמען מיט אביי און רב הונא, וועלכע האָבען מורא געהאַט פאַר שדים, נאָר רב פפא

האָט קיין מורא נישט געהאַט, און אויף זיין פראַגע: „אנא מאי שנא דלא חשש לי״, פאַרוואָס האָב איך קיין מורא נישט? האָבען זיי איהם געענטפערט: „את שעתא קיימא לך״, און דערויף פערטייטשט דער רשב״ם: „עשיר אתה ויש לך מזל טוב ולא תיזוק״. פאַר אַן עושר, הייסט עס, האָבען אַפילו די שדים מורא און זיי זענען איהם נישט מזיק...

בשעת, אַלזאָ, „יברכך בממון״, ווערט דאַן ממילא אויך זיין „וישמרך מן המזיקין״...

(ברית שלום)

רבי שלמה אייגער איז איינמאַל אַוועק אַ ברוגז'ער פון אַ קהלה־זיצונג, וואו מען האָט איהם געשטעלט אַ גרויסען עטאַט. אַוועקגעהענדיג האָט איהם איינער פון די דאַזאַרעס געוואָלט באַגלייטען, אָבער רבי שלמה האָט נישט געוואָלט.

— רבי — בעט זיך דער דאַזאָר — עס איז דאָך אַ בפירוש'ע גמרא: „תלמיד חכם אַל יצא יחידי בלילה״?

— דער טעם דערביי — ענטפערט איהם דערויף רבי שלמה אייגער — איז דאָך דערפאַר, ווייל מען דאַרף מורא האָבען פאַר מזיקים. נאָכדעם, אָבער, ווי איהר האָט מיר געשטעלט אַזאַ גרויסען עטאַט, איז צו זעהן, אַז איהר האַלט מיך פאַר אַ גביר, און אַ גביר, ווי עס איז משמע פון דער גמרא אין פסחים קי״א, האָט פאַר מזיקים נישט וואָס מורא צו האָבען...

אויפ'ן פסוק „עושר שמור לבעליו לרעתו״ ווערט געזאָגט אין זהר, אַז ס'זענען פאַראַן אַזעלכע מזיקים, וועלכע לאָזען נישט דעם מענש שולט זיין איבער זיין געלד, נאָר זיי זענען דערויף שולט...

און דאָס איז דער פשט: „וישמרך — מן המזיקין״...

(רבי בעריש מייזעלש)

„יברכך ד' בממון וישמרך מן המזיקין״...

דאָס געלד זאָל דיך נישט מזיק זיין!...

„יברכך בממון״... און דערפאַר ווערט נאָכדעם צוגעגעבען די ברכה „ו י ח נ ך״, דו זאָלסט נושא־חן זיין — דען געוועהנליך זענען עשירים, מענשען מיט געלד, נישט־איבריג בעליעבט ביים עולם...

(מלא העומר)

„יברכך, שיתברכו נכסיך וכו' ויחונך, יתן לך חן״ (רש״י)

עס איז הא בהא תליא, אַז עס וועט זיין „יתברכו נכסיך״, וועט מען אויך האָבען חן... און אַזוי פלעגט אויך טייטשען רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער: „הרחמן הוא יתפאר בנו, הרחמן הוא יפרנסנו בכבוד״. גיב אונז נור, רבונו־של־עולם, פרנסה, און דאַן וועסטו זעהן, וואָס פאַר אַ וואויל פאָלק אידען וועלען זיין, ווי דו וועסט זיך קאָנען ריהמען און שטאָלצירען מיט אונז.

„יברכך — בבנים, וישמרך — בבנות״ (ספרי)

דען אין דער גמרא ווערט געבראַכט אין נאָמען פון ספר בן־סירא, אַז דער, וואָס האָט טעכטער, קאָן ער נישט שלאָפען במנוחה, מחמת ער מוז אויף זיי כסדר אַכטונג

געבען (סנהדרין ק׳), און דעריבער איז דערויף נויטיג אַ בעזונדערע ברכה: „וישמרך — בבנות״...

(הרב ברוך עפשטיין)

## יאר ד׳ פניו אליך... (ו. כה.)

אויף „יברכך״ דרש׳נען די חז״ל: „יברכך — בממון״ און אין ירושלמי (פרק א׳) ווערט געזאָגט: „מאן דאכיל דלאו דיליה בהית לאסתכולי באפיה״, אַז דער מענש, וואָס עסט, נישט פאַר זיין געלד, טאָר מען איהם אין זיין פנים נישט קוקען. נאָך דער ברכה פון „יברכך — בממון״ ווערט דעריבער צוגעגעבען: „יאר ד׳ פניו אליך״, אַז די ברכה „בממון״ זאָל נישט זיין „בממון דלאו דיליה״. מען זאָל איהם קאָנען קוקען אין פנים אַריין...

(תפארת בנים)

„יראה לך פנים שוחקות, פנים צהובות״ (רש״י)

די ערקלערונג פון רש״י, אַז „צהובות״ בעדייט פרעהליכקייט, זעהט־אויס אין פלוג צו זיין אין סתירה צו פערשידענע ערטער אין חז״ל, לויט וועלכע „צהובות״ האָט אַ פאַרקעהרטע בעדייטונג, ווי: „משל לשנים שהיו צהובין זה לזה״ (סנהדרין ק״ה), און רש״י פערטייטשט דאָרט אויפ׳ן אָרט: „צהובין — כועסין״. דעסגלייכען: „אש וברד צהובין זה עם זה״ (תנחומא פ׳ וארא, סי׳ י״ד). אויך אויפ׳ן פסוק „וכעסתה צרתה״ (שמואל א׳) מאַכט דער תרגום: „ומצהבא לה״...

אמת, מיר געפינען אויך פערקעהרטע שטעלען, ווי: „היום פניך צהובים״ (נדרים מ״ט); „פניו צהובין סימן יפה לו״ (כתובות ק״ג). (ווי אויך אינ׳ם שבועות׳דיגען פיוט „יציב פתגם״: „רעותהון הב ואפיהון צהב״ — (בעמערקונג פונ׳ם זאמלער)... סיידען מען זאָל אפשר אָננעהמען, אַז דער אויסדרוק „צהוב״ זעלבסט בעדייט: אויפגעלויכטען, אָנגעצונדען — און דעריבער קאָן עס בענוצט ווערען אין ביידע פאַלען, דען דאָס מענשליכע פנים ווערט אָנגעצונדען סיי ווען ער איז פרעהליך, סיי ווען ער ווערט אין כעס...

(תורה תמימה)

„וכי לא אשא פנים לישראל, שכתבתי עליהם בתורתי ואכלת ושבעת וברכת וכו׳ והם מדקדקים על עצמם עד כזית עד כביצה״ (ברכות ב׳)

אָט דאָס איז דער סוד־הקיום פון אידישען פאָלק. ביי יעדען אַנדערען פאָלק שטעהט אויפ׳ן ערשטען פלאַץ דער „ואכלת ושבעת״, דער מאַטעריעלער וואוילשטאַנד. זאָל וועמען פון זיי אויסקומען צוליעב זיין רעליגיע און נאַציאָנאַליזם צופיעל צו ליידען, צו לעבען אַ לענגערע צייט אין אָרימקייט און הונגער, דאַן — „והיה כי ירעב והתקצף וקלל במלכו ובאלוהיו״ (ישעי׳ ח. כא.), קאָן מען לייכט פועל׳ן ביי איהם, ער זאָל צוליעב׳ן „ואכלת ושבעת״ מוותר זיין און זיך אָבזאָגען פון אַלע זיינע הייליגטימער, דאַגעגען „והם מדקדקים על עצמם עד כזית עד כביצה״, ביי אידען איז דער „ואכלת ושבעת״ וויט נישט דער תכלית און הויפּט־צוועק, נאָר אַ מיטעל. אידען זענען גרייט, אין קאַמף פאַר אידישקייט, אויסצוקומען מיט אַ כזית, צו לעבען אין די ערגסטע מאַטעריעלע בעדינגונגען און נישט אונטערגעבען זיך...

(דברי יואל)

נאָר על עצמם, בנוגע זיך זעלבסט, מעג מען מדקדק זיין און פעררעכענען די אכילה פון אַ „כזית" און „כביצה" פאַר אַ זעטיגע סעודה, אויף וועלכע מען איז מחויב בברכת המזון, דאַגעגען ווען עס האַנדעלט זיך וועגען יענעם, וועגען אַנ'אָרימאַן, איז דער דין — „אין פוחתין לעני העובר ממקום למקום מככר בפונדיון" (פאה פ"ח), איהם דאַרף מען געבען מקיים צו זיין דעם „ואכלת ושבעת" טאַקי אויף אַנ'אמת!...

(רבי זויים וואָלאָזשינער)

## וישם לך שלום... (ו. כו.)

„הרואה קדרה בחלום יצפה לשלום"... (ברכות פ"ט)

פאַרוואָס עפּעס גראָד „קדרה"? — ווייל „קדרה", דער טאָפּ, איז דער גרעסטער רודף־שלום, וועלכער עס געלינגט צונויפצופיהרען און שלום צו מאַכען צווישען די שאַרפסטע, עקסטרעמסטע געגנער — פייער און וואַסער...

(רבי מרדכי באַנעט)

און די „בעלוינונג" — ווערט דערויף צוגעגעבען אַ ווערטעל — פון יעדען רודף־שלום איז, וואָס די צדדים בעטען זיך טאַקע איבער; ער אַליין אָבער, דער פערמיטלער, געהט אַרויס פונ'ם עסק איינגעריסט, מיט אַ פערשוואַרצט פנים!...

## ויביאו את קרבנם וכו' שש עגלות צב ושני עשר בקר... (ז. ג.)

אַ מערקווירדיגען מאמר געפינען מיר דערויף אין מדרש רבה (פרשה י"ג אות י"ח):

„והי' לעבוד — ניתן להם הויה, שיהי' קיימים לעולם וכו' תני בשם ר"מ עד עכשיו הן העגלות והפרות קיימות ולא הוממו ולא הזקינו ולא הטריפו ולא נשברו". דאָס הייסט, אַז די שני עשר בקר לעבען נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג און צוזאַמען מיט זיי עקזיסטירען נאָך ביז היינט די שש עגלות צב...

דער זעלבער מאמר געפינט זיך אויך אין מדרש רבה שיר־השירים פרשה ו'...

## כי עבודת הקודש עליהם בכתף ישאו... (ז. ט.)

„בכתף ישאו", ביי „עבודת הקדש" מוז מען גוט האָרעווען, עס פאַלט נישט פון אַרבעל אַרויס. „לא יגעתי ומצאתי — אל תאמין"...

(רבי מענדעלי קאָצקער)

דער וואָרקער רבי, רבי מרדכי־מנחם, איז נפטר געוואָרען אין יאָהר תרל"ח אין וואַרשא, און בוהג איז מען זיך אין וואַרשא, אַז די נפטרים טראָגט מען נישט צום בית־החיים אויף די אַקסלען, נאָר אין אַנ'עגלה. דער אַלעקסאַנדער רבי, וועלכער איז געווען זיין תלמיד, האָט אָבער געהאַלטען פאַר אַ פחיתות־הכבוד, אַז מען זאָל זיין רבי'ן פיהרען אין אַנ'עגלה און ער איז דעריבער אַוועק צום דאַמאָלסדיגען וואַרשאַווער רב, רבי בעריש מייזעלש, מיט אַ בקשה, ער זאָל ערלויבען, מען זאָל דעם חשוב'ען נפטר טראָגען אויף די אַקסלען. רבי בעריש האָט נישט געוואָלט מסכים זיין, ערקלערענדיג, אַז מען טאָר נישט משנה זיין קיין שטאָדטישען מנהג און מען געפינט נישט אין ערגיץ, אַז דאָס זאָל זיין אַ גרעסערער כבוד ווי פיהרען אין אַנ'עגלה.

— מען געפינט יאָ — רופט זיך אָן דער אַלעקסאַנדער רבי — עס איז בפירוש מרומז אין דער תורה, עס שטעהט: „כי עבודת הקדש עליהם בכתף ישאו״, אַזעלכע, וואָס עס איז „עבודת הקדש עליהם״, וועלכע האָבען עוסק געווען אין עבודת הקדש, „בכתף ישאו״, דאַרפען געטראָגען ווערען אויף די אַקסלען...

דעם וואַרשעווער רב איז דאָס דאָזיגע וואָרט שטאַרק געפעלען געוואָרען און ער האָט תיכף געגעבען זיין הסכמה.

## נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום יקריבו את קרבנם... (ז. יא.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש: „מכאן שחנוכת הנשיאים דוחה שבת״. ווי אַזוי איז דאָס געדרינגען פון דאָזיגען פסוק?

האָט געזאָגט דערויף רבי חיים וואָלאָזשינער: אין דער גמרא געפינען מיר, אַז דער טאָג, אין וועלכען עס איז אויפגעשטעלט געוואָרען דער משכן, איז אויסגעפאַלען אום זונטאָג. ווען, אַלזאָ, דער חנוכת המזבח וואָלט נישט דוחה געווען שבת, וואָלט אויסגעקומען, אַז די חנוכה וואָלט זיך געצויגען גאַנצע צוויי וואָכען. זעקס נשיאים וואָלטען מקריב געווען זייערע קרבנות אין די זעקס טעג פון זונטאָג ביז פרייטאָג פון דער ערשטער וואָך, און זעקס נשיאים פון זונטאָג ביז פרייטאָג די צווייטע וואָך. יעדער טאָג פון דער וואָך וואָלט אויף אַזאַ אופן זוכה געווען, אַז עס זאָל זיך אין איהם איבער־חזר׳ען צוויי מאָל דער חנוכת המזבח, אין דעם ערשטען זונטאָג און אינ׳ם צווייטען זונטאָג, אינ׳ם ערשטען מאָנטאָג און אינ׳ם צווייטען מאָנטאָג, און אַזוי דינסטאָג און מיטוואָך א. אַז. וו. ביז פרייטאָג. אָבער פון די ווערטער אין פסוק „נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום יקריבו את קרבנם״ איז משמע, אַז צוויי טעג זענען געווען במשך פון די צוויי וואָכען, אין וועלכע דער חנוכת המזבח האָט זיך נישט איבערגע׳חזר׳ט צוויי מאָל און דאָס איז מעגליך נאָר אין דעם פאַל, אויב דער חנוכת המזבח האָט דוחה געווען שבת. דאַן האָבען אין דער ערשטער וואָך מקריב געווען גאַנצע זיבען נשיאים, פון זונטאָג ביז שבת, און די צווייטע וואָך, אין וועלכער עס זענען געבליבען פינף נשיאים, האָט מען נור מקריב געווען ביז דאָנערשטאָג, אַזוי אַז במשך פונ׳ם חנוכת המזבח איז געווען נישט מעהר ווי איין פרייטאָג און איין שבת. דערויף, אַלזאָ, שטיצט זיך דער דיוק פון מדרש: „נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום יקריבו״, צוויי טעג זאָלען זיין, אין וועלכע די נשיאים זאָלען נור איין מאָל מקריב זיין און — „מכאן שחנוכת הנשיאים דוחה שבת״...

פאַרוואָס איז דער שבט לוי אויסגעשלאָסען געוואָרען פון חנוכת המזבח און זייער נשיא האָט זיך נישט בעטייליגט אינ׳ם מקריב זיין די קרבנות צוגלייך מיט אַלע איבע־ריגע נשיאים?

דען אויפ׳ן פסוק „דבר נא באזני העם וישאלו איש מאת רעהו וכו׳ כלי כסף וכלי זהב״, ווערט ערקלערט, אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרען נור צו די בני ישראל, וועלכע זענען געפייניגט געוואָרען אין שעבוד מצרים און דערפאַר האָט מען זיי מתיר געמאַכט, אַז פאַר דער שווערער אַרבייט זאָלען זיי זיך איצט אָבנעהמען ביי די מצרים כלי כסף וכלי זהב, דאַגעגען דעם שבט לוי איז דער היתר נישט געגעבען געוואָרען, מחמת דער שבט לוי איז אין מצרים געווען פריי פון אַרבייט און ער האָט דעריבער נישט געהאַט קיין רעכט צו געניסען פון פרעמדע כלי כסף וכלי זהב, דאָס וואָלט געהייסען גזל... און היות ווי ביי חנוכת המזבח האָט יעדער נשיא געמוזט ברענגען אַ קערת כסף ומזרק כסף וכף אחת עשרה זהב, האָט זיך דעריבער דער שבט לוי נישט געקאָנט דערין בע־

טייליגען, דען די בני לוי זענען געווען אָרימע לייט, מחזרים על הגרנות, וועלכע האָבען געלעבט פון קצבה, פון מעשר...

(שער־בת־רבים)

## וקרבנו קערת כסף וכו׳ מזרק אחד כסף... (ז, יג.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש רבה (פרשה י״ג): „מזרק אחד כסף — כנגד העולם שהוא עשוי ככדור״...

אַז ביי אַ טייל פון די חז״ל איז שוין דאַמאָלס געווען אָנגענומען די מיינונג, אַז די וועלט איז קיילעכדיג און „עשוי ככדור״, איז אויך צו זעהן פון זהר (פ׳ ויקרא), וואו עס ווערט געזאָגט: „בספרא דרב המנונא סבא פריש דהא כל ישובא מתגלגלא בעיגלא ככדור, אלין לתתא ואלין לעילא וכו׳ אית אתר בישובא כד נהיר לאלין חשיך לאלין, לאלין יממא ולאלין לילא״ וכו׳...

## אילים חמשה עתודים חמשה... (ז, יז.)

אין דער הקדמה צו סדר זרעים וואונדערט זיך דער תוספות־יום־טוב אויפ׳ן מחבר פון ספר „כף נחת״, וועלכער רעכענט אויס די סדרי המשניות לויט׳ן פאָלגענדען סדר: נשים, זרעים, מועד, קדשים, טהרות, נזיקין. פונוואַנען — פרעגט דער תוספות־יום־טוב — האָט ער גענומען דעם דאָזיגען סדר, ווערהענד אין דער גמרא (שבת ל״א) אין דרש אויפ׳ן פסוק „והיה אמונת עתיך״ איז דאָך דער סדר אַ גאַנץ אַנדערער: זרעים, מועד, נשים, נזיקין, קדשים, טהרות, דאָרט איז נזיקין גאָר דער פיערטער סדר, נישט דער לעצטער?

אַ חדוש אויפ׳ן תוספות־יום־טוב, וועלכער האָט פערזעהן, אַז דער זעלבער סדר, וואָס ווערט אויסגערעכענט אין „כף נחת״ איז פאַרהאַן אויך אין מדרש פון דער דאָזיגער סדרה, אויפ׳ן פסוק „אילים חמשה״, אויך דאָרט איז דער סדר: נשים, זרעים, מועד, קדשים, טהרות, נזיקין. נישט ווי אין תלמוד בבלי...

(דבש וחלב)

„אילים ששים כנגד סוד שחשבונו ששים״ (מדרש רבה)

וואָס איז דער פשט פונ׳ם דאָזיגען אונפערשטענדליכען מאמר?

די ערקלערונגען, וואָס עס בעמיהען זיך דערויף צו געבען אייניגע מפרשים, לעגען זיך נישט אויפ׳ן שכל.

## ביום השני הקריב... (ז, יח.)

ווענען אַלע זאַכען וואָס ווערען דאָ אויסגערעכענט, זאָגט רש״י אַ טעם צוליעב וואָס מען האָט עס געבראַכט: „קערת כסף — כנגד שנותיו של אדם הראשון״, „מזרק אחד כסף — על שם נח״, „שבעים שקל — כנגד שבעים אומות״, „כף אחת — כנגד התורה״ און אַזוי ווייטער. פאַרוואָס ברענגט נישט רש״י די דאָזיגע טעמים באַלד ביי׳ם ערשטען טאָג, ביי׳ם ערשטען נשיא?

ווייל — האָט דערויף געענטפערט דער חדושי הרי״ם — אויפ׳ן ערשטען נשיא דאַרף מען נישט זוכען קיין ספעציעלען טעם, וואָרום עס איז דאָך איהם נישט איינ־געפאַלען סתם אין דער וועלט אַריין צו ברענגען אַ „קערת כסף״ און אַ „מזרק אחד״ און אַ „כף אחת״ און ער האָט זיכער געהאַט אַ געוויסען טעם דערביי. ווענען די אַנדערע

נשיאים אָבער, קוים האָבען זיי אויך געבראַכט די זעלבע חפצים, קאָן מען דאָך מיינען, אַז דאָס האָבען זיי זיך פערקוקט אויפ'ן ערשטען נשיא און וואָס ער האָט געטהון — האָבען זיי איהם נאָכגעטהון, איז דעריבער דאָ נויטיג אָנצוווייזען, אַז זיי האָבען איהם נישט בלויז סתם נאָכגעטהון, נאָר זיי האָבען יעדע זאַך בעגרינדעט מיט אַ געוויסען טעם...

## פר אחד בן בקר... (ז. כא.)

דערויף ערקלערט דער אבן־עזרא: „קטן כמו בן יונה".
פאַרוואָס זאָגט דאָס נישט דער אבן־עזרא באַלד אויפ'ן ערשטען „פר אחד בן בקר", אין פסוק ט"ו?

(מ. ה. סלוזעווסקי)

אין שלחן־ערוך הלכות חנוכה (תר"ע סעיף ב') ווערט געזאָגט, „ויש אומרים שיש קצת מצוה ברבויי הסעודות משום דבאותן הימים הי' חנוכת־המזבח (מהר"י מפראג)".
אַ פלא! אין מדרש־רבה פ' י"ג ווערט דאָך דייטליך ערקלערט: „לפי שמלאכת המשכן נגמרה בכ"ה בכסליו ועמד המשכן מקופל עד כ"ה ניסן", אַז דער חנוכת־המשכן, הגם ער איז פערענדיגט געוואָרען בכ"ה בכסליו, איז פאַקטיש פאַרגעקומען ערשט ר"ח ניסן? און נאָך דייטליכער איז דער אויספיהר צום זעלבען מאמר אין פסיקתא רבתי פ"ה, וואו עס ווערט געזאָגט: „ומעתה הפסיד כסליו? — לאו. אמר הקב"ה עלי לשלם, מה שלם לו הקב"ה? חנוכת בית־חשמונאי שהיתה בכסליו"...

(ה. כהנא)

אין לובלין האָט מען אַמאָל פערבעטען רבי לייבעלע אייגער אויף אַ ברית, וואו מען האָט איהם מכבד געווען מיט סנדקאות. רבי לייבעלע איז געווען פון די מאחרים, וועלכער פלעגט נישט אַזוי גיך פאַרטיג ווערען מיט זיין סדר־היום און דער ברית איז צוליעב דעם אַרויסגעקומען זעהר שפעט. איניגע לומד'ישע מתנגדים, וועלכע עס האָט פערדראָסען וואָס זיי האָבען אַזוי לאַנג געדאַרפט וואַרטען אויפ'ן רבי'ן, האָבען דאַן אַוועקגעשיקט א שאלה קיין קראָקאָ צו רבי שמעון סופר, אַז ער זאָל פסקנ'ען להלכה, צי מעג מען צוליעב'ן כבוד פון אַן אדם חשוב מוותר זיין אויפ'ן „זריזין מקדימין למצוות".
רבי שמעון האָט זיי דערויף געענטפערט מיט אַ תשובה, אין וועלכער ער האָט זיי אָנגעוויזען אויפ'ן מדרש רבה נשא פ' י"א. עס ווערט דאָרט געזאָגט:
„מי מלן? ר' ברכיה תני לה בשם רשב"י, משה מוהל ואהרן פורע ויהושע משקה".
פרעגט זיך: פאַרוואָס האָבען בלויז משה, אהרן ויהושע זיך פערנומען דערמיט? מל צו זיין ששים רבוא אידען האָט דאָך געדאַרפט פערנעהמען אַ זמן רב, חדשים גאַנצע, טאָ פאַרוואָס האָט מען דערביי נישט גענומען צוהילף דעם שבט לוי (וואָס לויט'ן מדרש זענען זיי שוין אַליין געווען גע'מל'עט אין מצרים און אַ נמול מעג דאָך מל זיין) און אַזוי אַרום וואָלט מען דאָך מקיים געווען די מצוה בזריזות און מען וואָלט דערמיט אַ סך פריהער פאַרטיג געוואָרען? דערפון איז אַלזאָ משמע, אַז אויב מען וויל, אַז די מצוה זאָל אויסגעפיהרט ווערען דורך אַנ'אדם חשוב, מעג מען וואַרטען...

## ויקם וילך מנוח אחרי אשתו... (הפטרה)

„מנוח עם הארץ היה דכתיב וילך מנוח אחרי אשתו" (ברכות ס"א)

פון אַ ווייב — פלעגט זאָגען רבי אייזיל חריף — דאַרף מען זיך נישט לאָזען

פיהרען אַפילו, ווען זי רעדט־צו צום גוטען, והראיה: ווען דער מלאך האָט זיך בעוויזען צו מנוח׳ס ווייב און איהר געזאָגט נביאות און זי האָט שפּעטער געבראַכט צו איהם דעם מאַן, זאָגען די חז״ל: „מנוח עם הארץ היה שהלך אחרי אשתו״, איז דערפון, אַלזאָ, צו זעהען, אַז מען דאַרף זיך נישט לאָזען פיהרען פון אַ ווייב אַפילו ווען זי פיהרט צו אַ מלאך...

# בְּהַעֲלֹתְךָ

## בהעלותך את הנרות... (ח. ב.)

„מכאן שמעלה היתה לפני המנורה שעליה הכהן עומד ומטיב" (רש"י)

אויף אָנצוצינדען די מנורה, וועלכע האָט געהאַלטען אינגאַנצען אַכצעהן טפחים, האָט מען דאָך גאַנץ לייכט געקאָנט דערלאַנגען מיט דער האַנד און באַכוואָס איז דערצו נויטיג געווען, אַז דער כהן גדול זאָל זיך דערביי אַרויפשטעלען אויף אַ ספּעציעלען בענקעל?

ווייל דער כהן גדול — האָט געענטפערט רבי יונתן אייבעשיץ — האָט נישט געטאָרט צו הויך אויפהויבען די האַנד. עס איז אַ בפירוש'ע משנה: „כהן גדול אין מגביה את ידיו למעלה מן הציץ" (תמיד פרק ז')...

לויט'ן דין איז הדלקת הנרות מותר אַפילו בזר. דאַגעגען „הטבת הנרות" איז אסור בזר. אַזוי איז גע'פסק'ענט אין רמב"ם (הלכות ביאת המקדש פ"ט, הלכה ז'), און דערפון — האָט דערויף בעמערקט רבי מענדעלי פּיליצער — איז צו זעהען, אַז די הכנה צו אַ מצוה איז גרעסער ווי די מצוה...

## ויעש כן אהרן... (ח. ג.)

„להגיד שבחו של אהרן שלא שינה" (רש"י)

וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַ רבותא? ווי קאָן דען גאָר איינפאַלען צו זאָגען, אַז אהרן זאָל טהון אַנדערש, ווי גאָט האָט איהם געהייסען? — נאָר דער פשט איז, אַז אהרן, כאָטש ער איז אַזוי נתעלה געוואָרען, ווערענדיג בעשטימט אַלס כהן גדול, פונדעסט־וועגען האָט ער זיך לגמרי נישט געענדערט, ער איז נישט גרויס געוואָרען ביי זיך און האָט זיך געפיהרט פונקט אַזוי ווי פריהער...

(רבי מאיר'ל פּרימישליאַנער)

## וזה מעשה המנורה מקשה זהב... (ח. ד.)

„שהראהו הקב"ה באצבע, לפי שנתקשה בה" (רש"י)

פאַרוואָס עפּיס איז משה'ן אַזוי שווער געווען צו פערנעהמען די מעשה המנורה?

מחמת די מנורה האָט געמוזט זיין כולה מוקשה, אויסגעהאַקט פון איין שטיק גאָלד, כדי — ערקלערען דערויף די חז"ל — עס זאָל דיענען אַלס צייכען פאַר דער אידישער אחדות, אַז סיי די בלומען פון פאָלק (פרחי המנורה), סיי די ווייניג חשוב'ע טיילען מוזען זיין צווישען זיך צונויפגעגאָסען.

און דאָס איז משה'ן שווער געווען תופס צו זיין, וואָרום היתכן? איז עס דען מעגליך, אַז צווישען אידען זאָל הערשען אַזאַ איינהייטליכע אַחדות?

(רבי שלמה קלוגער)

## ולא יהי' בבני ישראל נגף בגשת בני ישראל אל הקדש... (ח. יט.)

ווען — פלעגט זאָגען דערויף רבי מאיר'ל דזשיקאָווער — קומט אַ איד אל הקודש, ווען ווערט ער פרום? בשעת עס פאַסירט מיט איהם אַ נגף, עפּיס אַנ'אומגליק, חלילה. אונזער וואונש אָבער איז, אַז „ולא יהי' בבני ישראל נגף בגשת אל הקודש", אַז קומען זאָלען זיי אל הקודש, נישט צוליעב אַ נגף, נישט מתוך צער, נאָר מתוך נחת...

(אמרי נועם)

## זאת אשר ללוים... (ח. כד.)

מען האָט אַמאָל דעם רבי'ן ר' בונם, בשעת ער איז געווען אַ אינגעל, געפּרעגט, פאַרוואָס די משנה זאָגט אין אבות: „בן חמש שנים למקרא, בן עשר למשנה וכו'", פאַרוואָס ווערט עס איינגעטיילט אין פינפער יאָהרען, אַז דער טערמין פון לערנען איין געגענשטאַנד ביז צום צווייטען דאַרף דויערען פינף יאָהר?

— דער דאָזיגער מספּר — האָט ער דערויף געענטפערט — איז גענומען געוואָרען פון דער תורה. אויפ'ן פסוק „זאת אשר ללוים", דערפון וואָס דאָ שטעהט „מבן חמש ועשרים שנה ומעלה" און אין אַ צווייט אָרט שטעהט „מבן שלשים שנה", דרינגען די חז"ל: „מכאן לתלמיד שלא ראה סימן יפה במשנתו בחמש שנים ששוב אינו רואה". און דערפון איז, אַלזאָ, צו זעהן, אַז דער העכסטער טערמין פון לערנען אַ געגענשטאַנד איז פינף יאָהר...

(אור תורה)

## וידבר ד' אל משה וכו' בחדש הראשון... (ט. א.)

„שאין סדר מוקדם ומאוחר בתורה, ולמה לא פתח בזו, מפני שהוא גנותן של ישראל" (רש"י)

רש"י פאַרענטפערט דאָך שוין — „שאין סדר מוקדם ומאוחר בתורה", טאָ וואָס איז נאָכאַמאָל די פראַגע: „ולמה לא פתח בזו"?

דערויף ערקלערט רבי חיים וואָלאָזשינער, אַז דאָס וואָרט „ולמה" איז אַ ראשי־תיבות „ולפי מדרש האגדה", און עס זענען, אַלזאָ, צוויי גאַנץ בעזונדערע תירוצים. פריהער ברענגט רש"י דעם תירוץ וועגען מוקדם ומאוחר, וואָס עס איז אַ גמרא אין פסחים ו', און דאַן ברענגט ער אַ צווייטען ענטפער פון ספרי — „מפני גנותן של ישראל".

## עמדו ואשמעה מה יצוה ד' לכם... (ט. ח.)

„אמר להם עמדו ואשמעה — כתלמיד המובטח לשמוע מפי רבו" (רש"י)

פאַרוואָס דאָ, בשעת משה רבינו האָט נישט געוואוסט אַליין צו פּסק'ענען און ער האָט זיי געהייסען וואַרטען ביז ער וועט בעקומען אַנ'ענטפער, ווערט עס בעצייכענט

אַלס אַ שבח, אַלס בעוויז אויף משה׳ס גרויסקייט, אַז ער איז געווען „כתלמיד המובטח לשמוע מפי רבו״, דאַגעגען אין פרשת פנחס, ביי די בנות צלפחד, ביים „ויקרב משה את משפטן לפני ד׳״ (פנחס כז. ה.), זאָגט דאָרט רש״י: „נתעלמה הלכה ממנו, וכאן נפרע על שנטל עטרה לעצמו לומר, ,והדבר אשר יקשה מכם תקריבון אלי׳״, אַז דאָס איז איהם געקומען אַלס עונש?

ווייל דאָ, ביי די „טמאים לנפש אדם״, האָט עס זיך ווירקליך געהאַנדעלט אין אַ זעהר שווערע שאלה, מחמת פאַר נישט־מקריב־זיין דעם קרבן־פסח קומט כרת, איז דעריבער פערשטענדליך פאַרוואָס משה האָט נישט געוואָלט שטעלען אויף זיך און ער האָט געזאָגט: „עמדו ואשמעה מה יצוה ד׳״. דאָרט, אָבער, האָט עס זיך געהאַנדעלט וועגען אַנ׳ענין פון ירושה און אין דאָזיגען פאַל איז עס אַ גאַנץ פשוט׳ע זאַך, וואָס משה רבינו האָט אַליין געדאַרפט פערשטעהען, אַז אויב עס זענען נאָכ׳ן פערשטאָרבע־נעם נישט געבליבען קיין זיהן, דאַרף די ירושה איבערגעהן צו די טעכטער, און אויב ער האָט נישט געוואוסט דערויף צו ענטפערען, איז עס איהם זיכער געקומען אַלס עונש...

(רבינו בחיי)

## והאיש אשר הוא טהור ובדרך לא היה... (ט. יג.)

דער מענש קאָן זיין טהור בלויז דאַמאָלס, בעת „ובדרך לא היה״, אויב ער דאַרף נישט כסדר אַרומוואַנדערן אונטערוועגס (ס׳רוב וואַנדער־מענשען זענען נישט בזהר, ווי געהעריג, אין פרומקייט און געהען לייכט אַראָב פון דרך־הישר)...

(רבי יעקב־יצחק מלובלין)

עהנליכעס:

„אשרי יושבי ביתך בחד אפי, אשרי תמימי דרך בתמניא אפי״ (ברכות)

אויב מען געהערט צו די „אשרי יושבי ביתך״, זיצענדיג בקביעות אויף אַנ׳אָרט, דאַן איז „ב ח ד אַפי״, קאָן מען שטענדיג האָבען א י י ן פנים, תמיד זיין דערזעלבער; ווען מען איז אָבער פון די „אשרי תמימי דרך״, זייענדיג אָפט אין וועג, דאַן איז „ב ת מ נ י א אַפי״, בייט זיך אונאויפהערליך ביים מענשען דאָס פנים, די אויפפיהרונג, צופאַסענדיג זיך צו די איינוואוינער און צו די בעדינגונגען פון יעדען אָרט („אזלת לקרתא — הלך בנימוסה״)...

(רבי נפתלי ראָפּשיצער)

## כן יהיה תמיד הענן יכסנו ומראה אש לילה... (ט. טז.)

„כן יהיה תמיד״. אַזוי ווי עס איז געווען מיט׳ן משכן אין דער מדבר, אַזוי וועט עס אויך שטענדיג זיין מיט אידען: „הענן יכסנו״, בשעת דאָס אידישע לעבען וועט זיין פערוואָלקענט און פערפינסטערט און עס וועט זיך אויסדאַכטען, אַז עס איז שוין, חלילה, קיין שום אויסוועג נישטאָ, דאַן — „ומראה אש לילה״, וועט אין מיטען דער נאַכט־פינסטערניש אויפפלאַקערען אַ פייערדיקע ליכטיגקייט, וואָס וועט פונאַנדער־טרייבען אַלע וואָלקענס און וועט ווייזען די אידען דעם וועג צו זייער הילף...

(רעיונות וחומר לדרוש)

## עשה לך שתי חצוצרות... (י. ב.)

מילא, אַז מען האָט זיך בענוצט מיט די חצוצרות בשעת מען האָט געדאַרפט צונויפזאַמלען דאָס גאַנצע פאָלק, איז פערשטענדליך, מען וועט דאָך נישט געהן צונויפ־רופען ששים רבוא אידען איינציגווייז, דורך ספּעציעלע שלוחים. נאָכוואָס אָבער האָט מען געדאַרפט בלאָזען אין די חצוצרות אויך ביים אײַנלאַדען צו זיך די נשיאים? צונויפרופען צוועלף פערזאָן איז דאָך נישט אַזאַ גרויסע טרחה?

כדי נישט אַרויסצורופען צווישען זיי קיין קנאה, מחמת ווען מען זאָל זיי געווען רופען איטליכען בעזונדער, וואָלט יעדער נשיא אַרומגעגאַנגען מיט פערדרוס, הלמאַי מען שיקט פריהער נאָך י ע נ ע ם נשיא, נישט נאָך א י ה ם... האָט מען זיך דעריבער בענוצט מיט'ן מיטעל פון די חצוצרות, דורך וועלכע אַלע זענען איינגעלאַדען געוואָרען מיטאַמאָל, צוזאַמען!...

## ואם באחת יתקעו ונועדו אליך הנשיאים... (י. ד.)

אויב איהר ווילט, עס זאָל הערשען ביים פאָלק איינינקייט, אחדות, דאַן איז קודם־כל: „ונועדו אליך הנשיאים״, זאָלען זיך פריהער פאַר אַלעם פעראייניגען די נשיאים, די מנהיגים, די אַנפיהרער; זאָלען זיי, קודם־כל, אויפהערען זיך אַרומצוקריגען!...

(עוללות אפרים)

## אלה מסעי בני ישראל וכו׳ ויאמר משה לחובב... (י. כח. כט.)

משל למה הדבר דומה? צו אַ בעל־שמחה, וואָס פאָהרט אויף אַ חתונה און ער פאַרבעט אויף דער נסיעה פערשידענע געסט, קרובים און פריינד. איז די געסט, וועלכע ער וויל באמת זיי זאָלען מיט איהם מיטפאָהרען, שיקט ער זיי איינלאַדונגען מיט עטליכע טעג פריהער, כדי זיי זאָלען זיך קענען באַצייטענס צוגרייטען אין וועג אַריין. דאַגעגען יענע געסט, וועלכע ער בעט בלויז לשם העפליכקייט און אין האַרצען אָבער וואָלט ער וועלען זיי זאָלען בלייבען זיצען אין דער היים, בעט ער זיי אין דער סאַמע לעצטער מינוט, ווען מען האַלט שוין ביי פאָהרען...

אויך יתרו׳ן האָט משה פאַרבעטען נאָר צוליב העפליכקייט, נישט מיט'ן גאַנצען האַרצען, דען — „קשים גרים לישראל״, און דעריבער בשעת „אלה מסעי בני ישראל לצבאותם ויסעו״, אין דער סאַמע לעצטער מינוט, ווען דער עולם האָט זיך שוין גע־ריהרט אין וועג אַריין, ערשט דאַמאַלס — „ויאמר משה לחובב וכו׳ לכה אתנו״... און ווי עס איז צו זעהען, האָט יתרו פאַרשטאַנען די דאָזיגע איידעלע אָנצוהערעניש און — ער איז טאַקי נישט מיטגעפאָהרען...

(רבי שלמה קלוגער)

## והיית לנו לעינים... (י. לא.)

דו וועסט זיין פאַר אונז אַ מוסטער און אַ ביישפּיעל. קוקענדיג אויף דיר, וועלען זיך אידען אַ מוסר־השכל אַראָבנעהמען. מה־דאָך יתרו, דער גוי, האָט אַלץ איבערגע־לאָזען און איז געקומען אַהער דיענען דעם אידישען גאָט, דאַרפען דאָך מיר, אידען, אַוודאי און אַוודאי איהם דיענען...

(כלי יקר)

## ויהי העם כמתאוננים וכו׳ וישמע ד׳ ויחר אפו... (יא. א.)

דאָס פאָלק איז געווען אונצופרידען, פול מיט טרויער און עצבות צוליב דעם, וואָס דער וועג אין אייגענעם לאַנד פיהרט דורך אַ וויסטע מדבר און איז פאַרבונדען מיט פיעל שוועריגקייטען, מיט מאַנגעל אין שפייז, אין וואַסער א. ד. גל. און דעריבער — „וישמע ד׳ ויחר אפו״, דען קיין ארץ־ישראל דאַרף מען געהן מיט שמחה און מען דאַרף אויף קיין איין מאָמענט נישט פערלירען דעם מוט, כאָטש דער וועג איז פול מיט שטרויכלונגען.

(לויט רבינו בחיי)

## והאספסוף אשר בקרבו התאוו תאוה... (יא. ד.)

„התאוו תאוה״, זיי האָבען געגלוסט און געגאַרט נאָך תאוה, ווי זאָטע נגידים, וועלכע זוכען מיטלען אויף אַפּעטיט...

(דמשק אליעזר)

איינער פון די מתנגד׳ישע גדולים האָט אַמאָל געטשעפּעט דעם רבי׳ן ר׳ בונם און זיך פאַר איהם אויסגעדריקט, אַז לויט זיין מיינונג איז ווערען אַ רבי, אַ „גוטער איד״, פונקט אַזאַ תאוה ווי אַלע תאוות...

— גאַנץ ריכטיג — האָט איהם דער רבי ר׳ בונם דערויף געענטפערט — אָבער מען קאָן נישט פריהער דערגרייכען צו דער דאָזיגער תאוה, כל־זמן מען צוברעכט נישט אין זיך אַלע אַנדערע תאוות...

„והאספסוף״ — פלעגט זאָגען רבי אייזיל חריף — מיינט מען די אַסיפה־לייט, די קהל׳שע טומלער, וועלכע האַלטען רק אין איין רופען דעם עולם אויף אַסיפות...

## ויאמרו מי יאכילנו בשר... (יא. ד.)

די גמרא זאָגט דאָך (יומא ע״ה) אַז דער מן האָט געהאַט אין זיך די אייגענשאַפט, דאָס יעדער איינער האָט געקאָנט אין איהם פיהלען וועלכען טעם ער האָט געוואָלט, איז אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס האָבען זיי געשריגען: „מי יאכילנו בשר״! זיי האָבען דאָך געקאָנט דעם טעם פון בשר פיהלען אין מן?

נאָר אין דער פרשה דאָ (יא. ח.) ווערט געזאָגט, אַז „והיה טעמו כטעם לשד־השמן״, אַז דער גרונט־טעם איז געווען ווי בוימאייל, און אין פ׳ בשלח ווערט געזאָגט, אַז זיין גרונט־טעם איז געווען „כצפיחית בדבש״, ווי האָניג, און בוימאייל מיט האָניג, ווי עס ערקלערען אונז די חז״ל (ע״ז ל״ט), רופען אַרויס אַ ווידער־טעם, אַנ׳איבעלקייט צו פלייש און — דעריבער האָבען זיי נישט געקאָנט פיהלען אין מן דעם טעם פון בשר...

(הרב ברוך עפשטיין)

## זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים חנם... (יא. ה.)

ווי עס באַהויפּטען די היסטאָריקער (און אַזוי שרייבט אויך פּראָפ. הערמאַן שניידער) האָט ביי די אַלטע מצרים עקזיסטירט אַ שטרענגער רעליגיעזער פאַרבאָט, נישט צו עסען קיין פיש, און דערמיט ווערט, אַלזאָ, פערשטענדליך דער „זכרנו את

הדגה אשר נאכל במצרים חנם", דען צוליעב דעם, וואָס די מצרים האָבען עס נישט בענוצט, האָט עס קיין שום ווערט נישט געהאַט און די אידען האָבען געקענט עסען פיש וויפיעל זיי האָבען געוואָלט — בחנם...

(שבולי עולם)

אַ מערקווירדיגען טייטש געפינען מיר אויפ'ן וואָרט „הדגה" אין פירוש הטור על התורה. לויט'ן דאָזיגען פירוש מיינט מען נישט „הדגה" — פיש, דען אויב אַזוי וואָלט דאָך געדאַרפט שטעהן „הדגים", נאָר „הדגה" איז דער פשט: אַ סך, אָהן אַ שיעור, ווי „וידגו לרוב בקרב הארץ", און עס בעציהט זיך אויף די קישואים און אַבטיחים און בצלים, אָט די דאָזיגע מאכלי בהמה האָט מען זיי טאַקי נישט געזשאַלעוועט און מען האָט זיי געשטאָפּט דערמיט לרוב, וויפיעל זיי האָבען געוואָלט...

דער דובנער מגיד טייטשט:

„זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים", מיר זאָלען זיך וועלען דערמאָהנען אין די פיש, וואָס מיר האָבען געגעסען אין מצרים — „חנם", איז דאָס אַ בחנמ'דיגע בענקשאַפט, דאָס וועלען מיר שוין זיכער דאָ אין דער מדבר נישט בעקומען, אָבער הלואי זאָל מען אונז לכל־הפחות כאָטש געבען „את הקשואים ואת האבטיחים ואת החציר ואת הבצלים ואת השומים", אַפילו דאָס דאָזיגע אָרימע ביסעל ירקות האָבען מיר נישט „ועתה נפשנו יבשה אין כל"...

אַ מאָדנע זאַך מיט אונזערע אידען. די פיש און די ציבעלעס פון מצרים, דאָס געדענקען זיי, דאָס בלייבט זיי לאַנג אין זכרון. דאַגעגען די שמיץ און די קלעפּ, וואָס זיי האָבען בעקומען אין מצרים — דאָס, ליידער, פערגעסען זיי זעהר שנעל...

(כפלים לתושיה)

„חנם מן המצוות" (רש"י)

מיט אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג צוריק האָבען אַמאָל די רוסישע פיש־הור־טאָווניקעס געשלאָסען צווישען זיך אַ סינדיקאָט און זיי האָבען אויף אַנ'אונגעוועהנליכען אופן געהויבען די פּרייזען אויף פיש. אין אַ גרויסען טייל קהלות איז דאַן אויסגערופען געוואָרען אַנ'איסור, אַז צוליעב דעם קינסטליכען יקרות זאָלען זיך אידען אָבהאַלטען פון צו קויפען פיש אויף שבת. דער איסור האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטען, דער עולם האָט נישט געקאָנט ביישטעהן דעם גרויסען נסיון אויסצוקומען עטליכע שבתים אָהן פיש, צו וועלכע מען האָט זיך צוגעוועהנט, ווי צו אַ הייליגקייט און מצוה, אָהן וועלכע דער שבת איז קיין שבת נישט...

אַז מען האָט עס דערצעהלט דעם אָסטראָווצער רבי'ן, רבי מאיר יחיאל, האָט ער געענטפערט דערויף בדרך־הלצה, אַז דאָס אַפּנים איז דער פשט פון „זכרנו את הדגה אשר נאכל במצרים חנם" — „חנם מן המצוות". געגעסען האָט מען דעמאָלס פיש, ווייל זיי זענען געווען בחנם, זיי האָבען קיין געלד נישט געקאָסט, מען האָט אָבער דערפון נישט געמאַכט קיין מצוה, קיין קדושה.

## והמן כזרע גד הוא... (יא. ז.)

אַ מערקווירדיגע שאלה געפינען מיר אין ספר „פת עינים" פון אזולאי, און בעמליך: היות ווי די חז"ל זאָגען, אַז „טעם כל המינין טעמו במן" (יומא ע"ה), אַז מען

האָט געקאָנט פיהלען אין מן דעם טעם פון יעדען מאכל, צו וואָס נאָר מען האָט חשק געהאַט, טאָ ווי איז, אויב עס האָט זיך עמיצען פון די אוכלי המן פערגלוסט צו פיהלען דעם טעם פון חזיר, אָדער פון אַנ׳אַנדער פערבאָטענעם מאכל, צי האָט ער דערמיט עובר געווען אויף דער עבירה פון מאכלות אסורות, אָדער נישט? עס געהט אַוועק וועגען דעם אַ לאַנגע שקלא וטריא און דער אויספיהר איז, אַז מען וואָלט אין דעם דאָזיגען פאַל נישט בעגאַנגען דערביי קיין שום איסור...

„גד שהיה מגיד להם לישראל מה שבחורין ובסדקין וכו׳ שנים שבאו לפני משה לדין, זה אומר עבדי גנבת וזה אומר אתה מכרתו לי, אמר להם משה לבקר משפט וכו׳״ (יומא ע״ה)

חס־ושלום! — האָט דערויף באַמערקט דער חתם־סופר — אַז משה זאָל האָבען געפּסק׳ענט לויט די סימנים פון מן. „לא בשמים היא״! אַ פסק־הלכה דאַרף אַרויסגעגעבען ווערען נישט מיט מופתים און נישט עפּ״י רוח הקדש, נאָר עפּ״י שלחן־ערוך... באמת האָט משה געפּסק׳ענט ווי דער דין איז עפּ״י התורה הקדושה, נאָר בשעת עס האָבען זיך געפינען מערערים, וועלכע האָבען גע׳טענה׳ט, אַז ער האָט נישט ריכטיג געפּסק׳ענט, האָט זיי צומאָרגענס דער מן איבערצייגט, אַז משה האָט געהאַט רעכט...

## וישמע משה את העם בוכה למשפחותיו... (יא. י.)

די הויפּט־הנאה וואָס עס פערשאַפט דעם גביר זיין עשירות, זיין זאַט און רייך לעבען, איז דאָס צופרידענע געפיהל, אַז ער איז אַנ׳אויסנאַהם פון פיעל אַנדערע, אַז ער האָט זוכה געווען צו דערגרייכען אַזעלכעס, צו וועלכען נישט אַלע זענען זוכה. אָט דאָס דאָזיגע געפיהל מאַכט איהם שטאָלץ און גליקליך, און דערין ליעגט דער סוד פון דער גביר׳ישער גאוה... דער מן, וואָס די אידען האָבען געגעסען אין מדבר, האָט אָבגעשאַפט די דאָזיגע אונטערשיידען און געגענזאַצען; עס איז דאַן נישט געווען קיין אָרים און רייך, אַלע האָבען געפּיהרט דעם זעלבען שטייגער לעבען, אַלע האָבען געגעסען די זעלבע מאַלצייטען, און דאָס האָט אַרויסגערופען זייער אונצופרידענהייט און — „והעם בוכה למשפחותיו״, דאָס פאָלק האָט זיך פונאַנדערגעוויינט: וואָס איז עס פאַר אַ לעבען און וואָס פאַר אַ טעם, מ׳שטיינס געזאָגט, קאָן מען פיהלען אין אַזאַ לעבען, אין וועלכען אַלע זענען גלייך?...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

„על עסקי משפחות, על עריות הנאסרות להם״ (ספרי)

דען דער מן — זאָגען די חז״ל — „מגיד להם לישראל מה שבחורין ומה שבסדקין וכו׳ זה אומר היא סרחה עלי והיא אומרת הוא סרח עלי וכו׳״ (יומא ע״ה), און דעריבער „העם בוכה למשפחותיו״ — על עסקי משפחות״, האָט דאָס פאָלק געוויינט, ווייל דער מן האָט מיט איינמאָל אויפגעדעקט אַלע פאַרבאָרגענע חטאים און אַלע פאַמיליען־געהיימניסען...

(גרש כרמל)

דאָס האָבען די זקנים, הייסט עס, געוויינט דערפאַר, ווייל די תורה האָט גע׳אסר׳ט די נאָהענטסטע מיטגלידער פון איין משפחה, למשל, אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, חתונה צו האָבען צווישען זיך... פרעגט מען: טאָ פאַרוואָס עפּעס האָבען גראָד געוויינט די זקנים? הלמאַי האָבען ז י י דוקא זיך גענומען אַזוי שטאַרק צום האַרצען די גזירה פון עריות?

ענטפערט דערויף רבי יהושע׳לע קוטנער בדרך־הלצה:

דער שטייגער איז, אַז בעת אַ פֿאָטער דאַרף אויף דער עלטער אָנקומען צו אַ קינד, איז אויב ער וויל געהן צום זוהן, ענטפערט ער איהם: פון מ י י ן זייט, טאַטע, וואָלט אַודאי קיין מניעה נישט געווען, אָבער וואָס זאָל איך טהון? איך בין טאַקע דיינס אַ זוהן, אָבער מיין ווייב איז דאָך נישט דיינס קיין טאָכטער; צוליב דיר וועל איך כסדר דאַרפען פיהרען מיט איהר מחלוקת, דער שלום־בית וועט געשטערט ווערען!...

וויל ער געהן צו דער טאָכטער, ענטפערט זי איהם דאָס זעלבע: א י ך וואָלט אַודאי וועלען, אָבער דער מאַן וויל נישט, דער מאַן איז דאָך נישט קיין זוהן!... וואָלט אָבער די תורה נישט גע׳אסר׳ט קיין עריות, און אַ ברודער וואָלט געמעגט חתונה האָבען מיט אַ שוועסטער, דאַן וואָלט דאָך דער טאַטע אויף די עלטערע יאָהרען געקאָנט וואוינען ביי די קינדער, נישט האָבענדיג קיין שטערונג צוליב דער שנור און איידעם...

און דעריבער האָבען אַממעהרסטען אויף דעם דאָזיגען איסור געוויינט די ז ק נ י ם...

„שערי דמעות לא ננעלו״... (ברכות ל״ב)

אויב זיי זענען נישט געשלאָסען, טאָ נאָכוואָס און פאַר וועמען זענען די טויערען? —

פאַר די טרעהרען פון די שוטים, וועלכע ווייסען אָפט נישט, אויף וואָס זיי וויינען...

(רבי בונם מפשיסכע)

## ויחר אף ד׳ מאד ובעיני משה רע... (יא. י.)

דעריבער איז געווען „ויחר אף ד׳ מאד״, ווייל „ובעיני משה רע״, הלמאַי משה האָט דאָס מאָל נישט מלמד־זכות געווען אויף די אידען...

(רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער)

## כי תאמר אלי שאהו בחיקך כאשר ישא האומן את היונק... (יא. יב.)

אַ זויגלינג דאַרף האָבען אַנ׳אַם, אַנ׳ערציהעריך, וועלכע זאָל עס אָנזויגען און איינשטילען בעת עס ווערט הונגעריג און צעוויינט זיך; אָבער — „כי תאמר א ל י שאהו בחיקך״... אַ זויגלינג אין דער שויס פון אַנ׳ערציהער, אַ מאַנסביל — וואָס קאָן אַזעלכער אויפטהון?...

(אברבנאל)

## האנכי הריתי את כל העם הזה אם אנכי ילדתיהו... (יא. יב.)

איך בין נישט מחויב פון זיי צו ליידען. דו אָבער, רבונו־של־עולם, ביזט זייער פאָטער, מוזטו יאָ ליידען. אַ טאַטע מוז ליידען און רחמנות האָבען אַפילו אויף אַ שלעכט קינד...

(רבי ר׳ בונם)

## לא אוכל אנכי לבדי לשאת את כל העם הזה...
## הרגני נא הרג... (יא. יד. טו.)

צוויי מאָל האָט משה רבינו, אין גרויס פערצווייפלונג, זיך געוואונשען שלעכטס:

איינמאָל — בשעת דאָס פאָלק ישראל האָט געזאָלט שווער בעשטראָפט ווערען פאַר׳ן חטא פון עגל, און משה האָט דאַן, בעטענדיג פאַר זיי, אויסגערופען: „מחני נא מספרך אשר כתבת״; און דאָס צווייטע מאָל — ווען ישראל האָט זיך צעבונטעוועט געגען מן, און משה האָט דאַן אויסגעשריען צו גאָט: „הרגני נא הרג!״... אין ערשטען פאַל איז זיין האַרבער וואונש נישט ערפילט געוואָרען, ווייל ער האָט עס אַרויסגעזאָגט פון גרויס מסירת־נפש און ליעבשאַפט צו אידען; דאַגעגען אין צווייטען פאַל האָט מען עס איהם יאָ צוליעב געטהון, ווייל עס איז געוועזען פון גרויס תרעומות אויף אידען, פון פאַרביטערונג און כעס געגען זיי, און דעריבער: „ויתנבאו במחנה״ — „משה מת ויהושע מכניס״...

(של״ה)

## ואם ככה את עושה לי הרגני נא הרג... (יא. טו.)

„ואם ככה את עושה לי — תשש כוחו של משה כנקבה״ (רש״י)

דער דאָזיגער דרש ווערט געדרינגען דערפון, וואָס עס שטעהט „את״ בלשון נקבה. פרעגט מען: דאָס וואָרט „את״ איז דאָך גאַר געוועזען כלפי מעלה, צו השי״ת, טאָ ווי אַזוי, אַלזאָ, געשיקט זיך דערביי דער דרש, אַז „תשש כוחו של משה?״

נאָר מעגליך, אַז דער דאָזיגער פסוק ווערט לויט רש״י געטייטשט אויף אַזאַ אופן: „ואם ככה״ — אויב דו, השי״ת, וועסט אַזוי טהון — „את עושה לי״ — וועסטו מיך דערמיט מאַכען און דערפיהרען צו דער בחינה פון „את״, אַז איך זאָל בלייבען אָהן כוחות און ווערהלאָז כנקבה...

(דקדוקי תורה)

## אספה לי שבעים איש וכו׳ ואצלתי מן הרוח אשר עליך... (יא. טז. יז.)

אויף דער פאָדערונג פון „מי יאכילנו בשר״ איז געקומען דער ענטפער: „אספה לי שבעים איש וכו׳ ואצלתי מן הרוח אשר עליך ושמתי עליהם ונשאו אתך במשא העם״; נישט קיין פלייש, נישט קיין גשמיות פעהלט זיי, נאָר רוחניות. דאָס געשריי פון „מי יאכילנו בשר״ נעהמט זיך דערפון וואָס זיי זענען טעמפּ, פאַרגראָבט און האָבען נישט קיין שום העכערע השגות; די איינציגע עצה דערצו איז: „ואצלתי מן הרוח אשר עליך״, אַז מען זאָל זיי פאַרזאָרגען מיט וואָס־מעהר גייסטיגע שפייז, אַז מען זאָל זיך בעמיהען אויפצוהויבען זיי אויף אַ העכערע גייסטיגע מדרגה און דאַן וועלען זיי שוין מעהר נישט שרייען, אַז עס פעהלט זיי פלייש...

(רבי שמשון־רפאל הירש)

## אספה לי שבעים איש... (יא. טז.)

אין ילקוט שמעוני געפינען מיר אויפ׳ן דאָזיגען פסוק פאָלגענדע שטעלע: „אספה לי שבעים איש מזקני ישראל משבט ראובן וכו׳ הרי שבעים ואחד זקנים. וכתבנו אנו (אין טייל אויסגאַבען — „וכתבנו אם״) מפי רב שמואל אחי של פנחס ומרים זכור לטוב ולמד אותם בתרבץ מוצא (אין אַ טייל אויסגאַבען — „בתחביץ מוגה״) ורבני חנינאי כהנא ראש ישיבה וגאון פנים אחרים וכו׳״...

ערקלערונגען צו דער דאָזיגער אונפערשטענדליכער שטעלע געפינען מיר אין

ספר „רב פעלים" פון רבי אברהם בן הגר"א, אין „כרם חמד" פון שי"ר, אין ספר על הדרשות פון צונץ, ווי אויך אין אַ ספּעציעלען מאמר פון ר' שלמה בובער אין „כנסת" פון תרמ"ו. דער תמצית פון זייערע ערקלערונגען איז פאָלגענדער: די שטעלע אין „ילקוט שמעוני" איז גענומען פון „מדרש אספה" (דער דאָזיגער מדרש ווערט עטליכע מאָל געבראַכט אין רבינו בחיי, ווי אויך אין רוקח), וועלכער איז מיוסד אויפ'ן פסוק „אספה לי שבעים איש". דעם דאָזיגען מדרש האָט מעתיק געווען ר' שמעון קאַיאַרא, וועלכער האָט געלעבט בימי הגאונים; און דער ריכטיגער נוסח, אין וועלכען עס זענען אין די שפּעטערדיגע דפוסים אַריינגעפאַלען עטליכע טעותים, דאַרף זיין אַזוי:

„וכתבנו אותם מפי רב שמואל אחי של פנחס ומרי (אַנשטאַט „ומרים") זכור לטוב, ולמד אותם בתרביץ מוצא („תרביץ" מיינט מען ישיבה, ווי מיר געפינען אין מנחות פ"ב), מרנא ורבנא חנינאי כהנה ראש־ישיבה וגאון בפנים אחרים". (עס הייסט, אַז רבנא חנינאי האָט די דאָזיגע פסוקים גע'דרשנ'ט אויף פערשידענע אַנדערע אופנים).

בשעת פרעה האָט אַרויסגעגעבען די גזירה פון „לא תוסיפון לתת תבן לעם", און די בעאַמטע פלעגען קומען און אויסגעפינען, אַז עס איז נישט בעאַרבייט געוואָרען די בעשטימטע צאָהל ציגעל, פלעגען זיי זיך וואַרפען שלאָגען אויף די אידישע שוטרים — „ויכו שוטרי בני־ישראל"... אָבער די שוטרים פלעגען גערן צונעהמען די קלעפּ און נישט וועלען אויסגעבען די שולדיגע, זאָגענדיג: בעסער מיר זאָלען ווערען גע־שלאָגען, איידער דאָס פאָלק!... און דעריבער, ווען גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן: „אספה לי שבעים איש מזקני ישראל", האָט משה זיך אָנגערופען: רבונו־של־עולם! כ'וויס נישט וועמען אויסצוקלויבען, ווער ס'איז ראוי און ווער נישט!... דערויף האָט איהם גאָט געענטפערט: „אשר ידעת כי הם זקני העם ושוטריו", די זקנים און שוטרים פון מצרים, וועלכע פלעגען זיך מוסר־נפש זיין פאַר די בני־ישראל און גע־שלאָגען ווערען צוליב זיי — זיי זענען ראוי, און זיי זאָלען איצט עולה־לגדולה זיין...

(במדבר רבה)

רבי יאָשע־בער איז אַמאָל אַרויסגערופען געוואָרען אין אַ שטעדטעל נעבען בריסק בכדי אויסצוגלייכען אַ סכסוך. עס האָט זיך געהאַנדעלט אין דעם, וואָס אַרום דעם קליינעם פריי־געוואָרענעם כסא־רבנות האָבען זיך געשאַפען פערשיעדענע צדדים און יעדער צד האָט זיך אַראָבגעבראַכט אַ בעזונדערען רב. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ געוואַלדיגע מחלוקת, אין וועלכער עס איז אַריינגעצויגען געוואָרען דאָס גאַנצע שטעד־טעל, פאַרגעסענדיג צוליעב דעם אין אַלע אַנדערע דאגות, אַפילו אין דאגות־הפרנסה.

— איצט — האָט זיך אָנגערופען רבי יאָשע־בער, צוזעהענדיג, ווי דאָס גאַנצע שטעדטעל איז פערקאָכט אין דער רבנות־פראַגע — איז מיר פערענטפערט געוואָרען, פאַרוואָס נאָך דער מחלוקת וועגען מן און וועגען שליו האָט דער אויבערשטער פּלוצים געזאָגט צו משה'ן: „אספה לי שבעים איש". אין פלוג, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צו די פריהערדיגע מחלוקת'ן און וואָס פאַר אַן אויסוועג איז עס צו דער געשאַפענער לאַגע? אָבער, ווי עס ווייזט אויס, איז עס טאַקי געווען אַ ריכטיגער אויסוועג. זעהענ־דיג, ווי די אידען קריגען זיך כסדר אַרום צוליעב פרנסה און משה קאָן זיך מיט זיי קיין עצה נישט געבען, האָט איהם השי"ת געגעבען אַן עצה: „אספה לי שבעים איש מזקני ישראל וכו' ולקחת אותם אל אוהל מועד והתיצבו שם עמך", שטעל צונויף אַ ליסטע פון זיבעציג בייע מנהיגים, זיבעציג רבנים און דאַן וועסטו זעהן, ווי עס וועט ווערען

לעבעדיג ביי אידען, ווי מען וועט מיט איינמאָל פערגעסען אין די דאגות פרנסה, אין מן, אין שליו און אין אַלע איבריגע וואָכעדיגע אינטערעסען...

## וישארו שני אנשים במחנה שם האחד אלדד ושם השני מידד... (יא. כו.)

וועגען דער אָבשטאַמונג פון אלדד ומידד געפינען מיר פערשידענע נוסחאות. אין תרגום יונתן בן עוזיאל אויפ'ן דאָזיגען פסוק ווערט געזאָגט, אַז אלדד ומידד זענען געווען יוכבד'ס קינדער, וועלכע זי האָט געבוירען פון אלצפן בר פרנך אין דער צייט ווען זי האָט זיך געשיידט פון עמרם'ען, איידער זי האָט מיט איהם חתונה געהאַט צום צווייטען מאָל. זיי זענען געווען משה'ס ברידער פון איין מאַמען. דאָס זעלבע ווערט אויך געזאָגט אין „שלשלת הקבלה" (ערך „משה"), נאָר דאָרט איז דער נוסח שוין אַביסעל אַנדערש און נעמליך, אַז מיט אלצפן בר פרנך האָט יוכבד חתונה געהאַט אַלס אלמנה און געבוירען האָט זי פון איהם אלדד ומידד שוין נאָך עמרם'ס טויט. אַ דריטען נוסח ווידער געפינען מיר אין „מדרש תלפיות" (ערך „אלדד ומידד"), לויט וועלכען אלדד ומידד זענען געווען נישט יוכבד'ס, נאָר עמרם'ס קינדער, וועלכע ער האָט געבוירען פון אַ צווייטע פרוי. דאַגעגען אין מדרש רבה (במדבר פרשה ט"ו) ווערט געזאָגט: „אלדד הוא אלידד בן כסלון ומידד זה קמואל בן שפטן"...

## אלדד ומידד מתנבאים במחנה... (יא. כז.)

„משה מת ויהושע מכניס את ישראל לארץ" (רש"י)

און אין מדרש ווערט דערויף צוגעגעבען: „היינו דאמרינן, מלה בסלע משתוקא בתרין".

וואָס איז די כוונה דערפון?

נאָר, כידוע, האָט דעריבער משה רבינו נישט זוכה געווען אַריינצופיהרען די אידען קיין ארץ־ישראל און איז געשטאָרבען אין דער מדבר, צוליעב דעם חטא, ווייל ער האָט געשלאָגען דעם שטיין, אַנשטאָט צו רעדען צו איהם. און דאָס איז, אַלזאָ, דער פשט: „מלה בסלע", ווען משה וואָלט גערעדט צום סלע, צום שטיין, דאַן — „משתוקא בתרין", וואָלטען דאַן געשוויגען די צוויי נביאים, אלדד ומידד, און זיי וואָלטען נישט אויסגערופען: „משה מת ויהושע מכניס"!...

(רבי העשעל אַפּטער)

## ויען יהושע בן נון משרת משה... (יא. כח.)

דעריבער — שרייבט דערויף בדרך־הלצה רבי יוסף שאול נאַטאַנזאָהן אין „דברי שאול" — איז יהושע געווען אין כעס, ווייל אַלס משרת משה, פון וועלכען ער איז נישט אָבגעטראָטען מיום עמדו על דעתו, האָט ער דאָך געוואוסט, וויפיעל זיין רבי משה האָט געדאַרפט דורכמאַכען, ביז ער איז צוגעקומען צו דער מדרגה פון אַ נביא, און דאָ דערזעהט ער פּלוצלינג, ווי די צוויי יונגעלייט, אלדד ומידד, וועלכע קיינער האָט גאָר פריהער נישט געקענט, זענען איבער־נאַכט געוואָרען נביאים!... און דאָס זעלבע — פיהרט ער אויס — איז אויך אין אונזערע צייטען. אַמאָל האָט אַ איד געדאַרפט דורכמאַכען אָהן אַ שיעור סיגופים ותעניתים, ביז ער האָט דערגרייכט צו דער מדרגה פון אַ חסיד, היינט אָבער וואַקסט מען אויס איבער נאַכט אַ פאַרטיגער רבי!...

## אדני משה כלאם... (יא. כח.)

„הטל עליהם צרכי צבור... ד״א תנם אל בית הכלא" (רש״י)

צוויי עצות זענען פאַרהאַן אין אַזעלכע פאַלען. אָדער — „תנם אל בית הכלא", פערשפאַרען זיי אין תפיסה, ווי מען איז זיך נוהג מיט מורדים, אָדער — „הטל עליהם צרכי צבור", איינטיילען צווישען זיי פערשידענע התמנות׳ן, כיבודים און „בענקלעך". אויך דאָס איז אָפט אַ סגולה, מען זאָל זיך אויפהערען צו בונטעווען...

(שיחות חכמים)

„הטל עליהם צרכי צבור והם כלים מאליהם" (רש״י)

דאָס איז אַ מיטעל געגען די „מתנבאים במחנה" — געגען דעם, וואָס דער עולם בעציהט זיך צו זיי מיט חשיבות און הערט־זיך־צו ערנסט צו זייערע רייד... „הטל עליהם צרכי צבור", מאַך זיי פאַר כלל־טהוער, און דאַן וועלען זיי מיטאַמאָל זייער גאַנץ חשיבות און זייער גאַנצען איינפלוס פערלירען...

(תקון משה)

איינער פון די אָנגעזעהענע לאָדזער בעלי־בתים, ווען מען האָט געהאַט אויס־געקליבען אַלס ראש־הקהל, האָט זיך ענטזאָגט און נישט געוואָלט אָננעהמען דעם כיבוד. זיינע אָנהענגער האָבען אָבער דערויף נישט געוואָלט מסכים זיין און זיי האָבען איהם גערופען צו אַ דין־תורה צו רבי אלי׳ חיים׳ן, דער לאָדזער רב. האָט רבי אלי׳־חיים אויסגעהערט די טענות און ערקלערט: אויפ׳ן פסוק „אדוני משה כלאם" ווערט גע׳דרש׳ענט: „הטל עליהם צרכי צבור והם כלים מאליהם"... איז דאָך די קשיא: וואָס איז עס פאַר אַנ׳עונש, וואָס מען וועט זיי באַלעסטיגען מיט צרכי־צבור, זיי האָבען דאָך אַ ברירה זיך צו ענטזאָגען? — איז דערפון אַלזאָ געדרונגען, אַז וויבאַלד מען באַשטימט איינעם אַלס עסקן אין צרכי־צבור, טאָר ער זיך נישט ענטזאָגען...

## המקנא אתה לי ומי יתן כל עם ד׳ נביאים... (יא. כט.)

מקנא איז מען נאָר אַזעלכען, וועלכער פאַרמאָגט אַ סך. הלואי „ומי יתן כל עם ד׳ נביאים", און עס זאָל זיין טאַקע וואָס מקנא צו זיין...

(רבי יוסף שאול נאַטאַנזאָהן)

רבי יוסף זכרי׳, דער שאוולער גאון, האָט נישט געמאַכט קיין גרויס וועזען פון יונגע רבנים און ער האָט זיי נישט איבריג נוהג־כבוד געווען. איינמאָל איז געקומען צו פאָהרען צו איהם דער דאָקשיצער עלוי, וואָס זיין נאָמען האָט שוין דאַמאָלס ווייט אָבגעקלונגען אין אַלע שטעדט און שטעדטלעך. רבי יוסף זכרי׳ איז פון זיין לומדות שטאַרק נתפעל געוואָרען, אָבער בעצויגען האָט ער זיך פונדעסטוועגען צו איהם, ווי צו אַלע רבני׳שע יונגעלייטלעך, פון וואָס דער דאָקשיצער עלוי האָט זיך געפיהלט באַליידיגט.

רבי יוסף זכרי׳ האָט דאָס באַמערקט און ער רופט זיך אָן צו איהם מיט אַ שמייכעל:

— מכבד זיין דאַרף מען אַלטע רבנים, אָבער נישט אַזאַ יונגערמאַן, אַ שנעק, ווי דו...

— פון דער תורה — ענטפערט דער עלוי — ווייזט־אויס פאַרקעהרט: יהושע׳ן,

אָנגעהמענדיג זיך פאַר משה רבינו׳ס כבוד, האָט פערדראָסען, הלמאי „אלדד ומידד מתנבאים במחנה״. פאַרוואָס האָט ער נישט געהאַט דעם זעלבען פערדרוס אויף די שבעים זקנים, אויך וועגען זיי ווערט דאָך דערצעהלט אין פריהערדיגען פסוק: „ויהי בנוח עליהם הרוח ויתנבאו ולא יספו״? — נאָר אויף די זקנים האָט איהם נישט געאַהרט, פאַר זייער קאָנקורענץ האָט ער קיין מורא נישט געהאַט, וואָרום זיי שטעהען דאָך שוין סיי־ווי מיט איין פוס אויף יענער וועלט. אלדד ומידד, אָבער, זענען נאָך געווען יונגעלייט און מיט יונגעלייט דאַרף מען זיך רעכענען, פון זיי קענען אַמאָל אַרויסוואַקסען געפעהרליכע קאָנקורענטען...

איינער פון די שאַרפע חסידים האָט אַמאָל אין אַ שמועס מיט רבי יהושע׳לע קוטנער איהם נאָכגעזאָגט אַ וואָרט פונ׳ם רבי׳ן רבי אלימלך, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס פרומקייט ביי אידען וועט זיין אַזוי גרויס, אַז יעדער איינער איד וועט זייך בבחינת רבי. דער חסיד האָט דערביי פאַרענדיגט מיט התלהבות: „ומי יתן כל עם ד׳ נביאים!״... ענטפערט איהם דערויף רבי יהושע׳לע קוטנער מיט אַ שמייכעל: אויב „כל עם ד׳ נביאים״, טאָ — „ומי יתן״?...

## ויאסף משה אל המחנה... (יא. ל.)

בשעת משה רבינו האָט דערפיהלט, אַז עס גרייט זיך אַ פורעניות אויף אידען, דער שווערער עונש אין קברות התאוה, האָט ער גענומען זיין געצעלט, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט געפינען מחוץ למחנה, און זיך אַריבערגעטראָגען „אל המחנה״. אויב אַ פורעניות — וויל ער זיין צוזאַמען מיט זיי און צווישען זיי...

(לקוטים חדשים)

## הממעיט אסף עשרה חמרים... (יא. לב.)

דער ווילנער גאון מאַכט אַ חשבון, ווי־אַזוי עס קומט־אויס, אַז אויפקלויבענדיג דעם „שליו״ אין מדבר, האָט דער מינדעסטער, דער, וואָס האָט אַמווניגסטען גע־קליבען, געהאַט „עשרה חמרים״, אַקוראַט צעהן, נישט מעהר און נישט ווייניגער.

דער חשבון איז פאָלגענדער: ווי באַקאַנט, האָט די מחנה־ישראל אין מדבר גע־האַלטען „ג׳ פרסה על ג׳ פרסה״, דריי מייל קוואַדראַט. דעם „שליו״, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק, האָט מען געקליבען צוויי טעג און איין נאַכט. רעכענענדיג צוועלף שעה דעם טאָג און צוועלף שעה די נאַכט, איז עס צוזאַמען זעקס־און־דרייסיג שעה. אַראָבגענידערט האָט דער „שליו״ אַרום און אַרום דער מחנה פון דרויסען. דער־יעניגער, אַלזאָ, וועלכער האָט געוואוינט אויף די פאָדערשטע פלעצער, ביים עק פון דער מחנה, איז אימשטאַנד געווען אָנצוקלויבען אַ גרעסערע פאַרציע „שליו״, מחמת צוליב דער נאָהענטקייט האָט ער געקאָנט באַווייזען צו געהן עטליכע מאָל אַ טאָג אַהין און צוריק. יענער דאַגעגען, וועלכער האָט געוואוינט ווייט, בפרט דער, וועלכער האָט געוואוינט אין מיטען דער מחנה, ווי, למשל, אין מחנה לוי, האָט באַוויזען אַמווע־ניגסטען אויפצוקלויבען, מחמת ער האָט געהאַט צו געהן אַנדערטהאַלבען מייל אַהין, צום אָרט פון „שליו״, און אַנדערטהאַלבען מייל צוריק, צו זיין וואוינונג; צוזאַמען אַ גאַנג פון דריי מייל. דורכשניטליך — ווערט געזאָגט אין תלמוד — איז אַ מענש אימשטאַנד דורכצומאַכען צעהן מייל אַ טאָג, דאָס הייסט אין צוועלף שעה. אַלזאָ, במשך פון די צוויי טעג און איין נאַכט, די זעקס־און־דרייסיג שעה, וואָס עס איז געלעגען

דער „שליו", האָט דער, וועלכער האָט געוואוינט אין מיטען דער מחנה, געהענדיג אָהן הפסקה, געקאָנט דורכמאַכען דרייסיג מייל — אוןֹ היות ווי דער וועג אַהין און צוריק האָט ביי איהם פאַרנומען דריי מייל, הייסט עס, אַז במשך פון די זעקס־און־דרייסיג שעה האָט ער געקאָנט געהן אָנקלויבען „שליו" בלויז צעהן מאָל. ווידער זאָגען די חז"ל, אַז די דורכשניטליכע משא, וואָס אַ מענש קאָן דערטראָגען, איז אַ „חומר" — וממילא קומט דעריבער אויס, אַז דער, וואָס האָט געוואוינט ווייט פון דער מחנה, האָט אויפגעקליבען „עשרה חמרים", אָקוראַט צעהן...

(דברי אליהו)

## מקברות התאוה נסעו העם חצרות... (יא. לה.)

— נאָך וואָס קומט איהר צו מיר? — האָט אַמאָל דער קאָצקער אויסגעשריען צו די חסידים זיינע — איך זאָל די בלאָטע פון אייך אָבוואַשען, די זינדיגע מחשבות פון אייך אַרויסטרייבען, די מיאוס'ע תאוות אייערע מתקן זיין?... ניין! „מקברות התאוה נסעו העם חצרות!" — מען דאַרף דאָס פריהער אַליין טהון, פריהער באַגראָבט מען די תאוה און ערשט דערנאָך פאָהרט מען אין „הויף" אַריין, צום רבי'ן!...

## ויאמרו הרק אך במשה דבר ד' וכו' והאיש משה עניו מאד... (יב. ב. ג.)

דער צווייטער פסוק, „והאיש משה עניו מאד", קומט אַלס הסבר און ערקלערונג, פונוואַנען עס נעהמט זיך אַזאַ האַנדלונג צו אהרן ומרים. דעריבער — ווערט דערמיט ערקלערט — האָבען זיי זיך ערלויבט צו גלייכען צו משה'ן און אויסצודריקען זיך: „הרק אך במשה דבר ד' הלא גם בנו דבר", ווייל — „והאיש משה עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה", ווייל ער האָט זיך אויפגעפיהרט ווי אַ פשוט'ער מענש, נישט אַרויסגעוויזען פאַר קיינעם זיין גדלות, און יעדער איינער האָט דאָדורך געהאַט אַ גרונד צו מיינען, אַז ער איז פונקט אַזוי גרויס ווי משה...

(כלי חמדה)

## והאיש משה עניו מאד מכל האדם... (יב. ג.)

די ראשי־תיבות פון „אדם" איז: אברהם, דוד, משה; דריי, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער עניוות. אברהם האָט געזאָגט: „ואנכי עפר ואפר"; דוד: „ואנכי תולעת ולא איש"; אַמווייטסטען אָבער איז אין זיין עניוות דערגאַנגען משה, אויסדריקענדיג זיך: „ונחנו מה"...

(של"ה)

איז דען משה רבינו אַזוי נאַאיוו געווען און ער האָט דען נישט געוואוסט, אַז אויסער איהם האָט קיין שום מענש נישט דערגרייכט אַזאַ הויכע מדרגה, צו רעדען מיט השי"ת פנים אל פנים? און קוים האָט ער דאָס געוואוסט, ווי אַזוי איז עס דאַן מעגליך געווען, אַז ער זאָל זיין אַב'„עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה", אַז ער זאָל טאַקי באמת מיינען, דאָס ער איז קלענער און שטעהט נידריגער פון אַלע אַנדערע מענשען?

נאָר משה רבינו — ווערט געענטפערט דערויף אין פענח רזא — איז געווען דורכ־געדרונגען מיט'ן געדאַנק, אַז דאָס, וואָס ער האָט זוכה געווען צו דער דאָזיגער אונגע־וועהנליכער מדרגה, איז עס נישט דערפאַר, ווייל ער זאָל זיך האָבען דערדינט דערצו

מיט זיינע אייגענע מעשים, נאָר ווייל מען האָט איהם גראָד געגעבען אַ גרויסע, הויכע נשמה, און אַז ווען מען זאָל אַנ׳אַנדערען געבען די דאָזיגע נשמה, וואָלט ער אויך געקאָנט בעוויזען דאָס זעלבע...

און דער רבי ר׳ בונם האָט אויסגעטייטשט די דאָזיגע ווערטער און מוסיף געווען, אַז משה רבינו האָט געקוקט אויף זיך, ווי איינער, וואָס מען האָט איהם אַרויפגעפיהרט און אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויכען דאַך. געשיקט זיך דען, אַז דער מענש, וואָס שטעהט אויפ׳ן דאַך, זאָל זיך איינרעדען, אַז ער איז דערמיט טאַקי באמת העכער פון אַלע אַנדערע מענשען?...

משה רבינו האָט דאָך פערמאָגט אין זיך נאָך אַ סך אַנדערע מעלות און מדות טובות, און וויבאַלד די תורה האָט פון זיי אַלע אויסגעקליבען צו לויבען איהם בלויז מיט דער מדה פון ענווה, איז דערפון געדרונגען, אַז דאָס איז די בעסטע און שענסטע מדה...

(רבי מאיר יחיאל ממאָגלניצע)

יעדע מצוה, וואָס אַ איד טהוט, דאַרף זיין מיט כוונה, לשמה; חוץ — ענווה...

(רבי מנחם־מענדיל מקאָצק)

פאַראַן צווייערליי מיני ענוות. פאַראַן אַזאַ עניו, וועלכער האַלט, אַז ער איז אַ גאָרנישט און אויך אַלע אַנדערע מענשען זענען גאָרנישטען... דאָס איז אַ פאַלשער עניו... דער אמת׳ער עניו איז דער, וועלכער איז איבערצייגט, אַז אַלע אַנדערע מענשען זענען בעסער און שטעהען העכער פון איהם...

(רבי שלום רוקח מבעלז)

פאַראַן — פלעגט זאָגען דער כתב סופר — פערשידענע ענוים. פאַראַן אַנ׳עניו, וועלכער וויל דורכ׳ן וועג פון ענווה צוקומען צו כבוד, צוליעב זיין ענוות זאָל ער ווערען אָנגעזעהן און מכובד ביי מענשען... פאַראַן ווידער אַנ׳עניו לשם־שמים, ווייל מען דאַרף מקיים זיין, וואָס די תורה הייסט, מען זאָל זיך האַלטען אין דער מדה פון ענווה. דער אמת׳ער עניו אָבער איז דער יעניגער, וועלכער איז אַנ׳עניו אָהן שום טעמים, נאָר גאָר פשוט, ווייל ער געפינט נישט אין זיך גאָרנישט, מיט וואָס ער זאָל זיך קענען גרויס האַלטען...

איינע פון די דריי זאַכען, אויף וועלכע עס ווערט געזאָגט: „יהרג ואל יעבור“, איז שפיכת־דמים, ווייל „מאי חזית דדמא דידך סומק טפי, דילמא דמא דחברך סומק טפי“? און דאָס איז געזאָגט צו אַלעמען, אַפילו צו די „שענע אידען“... יעדער איינער דאַרף זיין דורכגענומען מיט׳ן געדאַנק, אַז אַלע אַנדערע אידען, ווער זיי זאָלען נישט זיין, זענען פונקט אַזעלכע יחסנים און שטעהען פונקט אַזוי הויך, ווי ער...

(רבי בונם מפשיסכע)

אַ „איד“ (דער אות י׳), אויב ער איז צו־גרויס, איז ער אויס „איד“...

(הנ״ל)

ווען נישט דאָס — פלעגט זאָגען רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער — וואָס אין דער תורה ווערט בפירוש געוואָרנט געגען דער מדה פון גאוה, וואָלט ער זיך גאָרנישט גע־קאָנט פאָרשטעלען, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ פאַסקודנע מדה אויף דער וועלט... ווי־אַזוי

קאָן זיך דער מענש גרויס־האַלטען אין דער צייט, ווען ער איז אונאויפהערליך אונטער־געוואָרפען אונטער פערשידענע צרות און אומגליקען, ווען ער איז ממש איין מינוט מיט זיין לעבען נישט זיכער?... און עס איז איהם דעריבער זעהר קשה געווען דער מאמר חז״ל, אַז „תלמיד־חכם צריך שיהיה בו שמיני שבשמינית״, אַז אַ תלמיד־חכם דאַרף פערמאָגען אין זיך אַנ׳אַכטעל פון אַנ׳אַכט־חלק גאוה... היתכן?

די כוונה פונ׳ם דאָזיגען מאמר — האָט רבי לוי־יצחק געזאָגט — איז אַ גאַנץ אַנ־דערע, אַ פערקעהרטע. „שמיני שבשמינית״ מיינט מען: דעם אַכטען פסוק פון דער אַכטער סדרה... די אַכטע סדרה פון בראשית איז — פרשת „וישלח״, און דער אַכטער פסוק אין „וישלח״ איז — „קטנתי מכל החסדים״... אַט דעמדאָזיגען פסוק דאַרף יעדער תלמיד־חכם שטענדיג אין זינען האָבען...

אויב — פלעגט זאָגען רבי מענדעלי קאָצקער — אַ מענש געהט־אַרום מיט דער שטאָלצער איינרעדעניש, אַז ער איז שוין פאַרטיג, איז ער — אָבגעקאָכט!...

רבי מענדיל וויטעבסקער האָט אַמאָל בעמערקט, ווי איינער פון זיינע חסידים פראַ־ווערט חסידות אויפ׳ן גאָר שאַרפען אופן, אויסצייכענענדיג זיך מיט זיין התלהבות׳דיגען דאַווענען און לערנען, מיט זיינע דבקות און סיגופים, דערביי אָבער נעהמט ער זיך גאָר שטאַרק איבער מיט די אַלע זאַכען, ווי שטאָלצירענדיג, וואָס ער האָט צו אַזאַ הויכער מדרגה דערגרייכט... קאָן עס רבי מענדיל נישט סובל זיין און ער רופט איהם אַריין צו זיך און זאָגט: עס שטעהט אין פסוק „אם יסתר איש במסתרים ואני לא אראנו נאום ד׳״. וואָס איז דער טייטש דערפון? דער טייטש דערפון איז אַזוי: „אם יסתר איש במסתרים ו א נ י ״, אויב אַ איד פראַווערט חסיד׳ישע שטיק, וואַלגערט זיך אין די ווינקעלעך, אָבער דערביי האָט ער אין זינען דעם „א נ י ״, דעם „א י ך ״, דאָס ביסעל אייגענע גאוה, דעמאָלט — זאָגט גאָט — איז „לא אראנו״, וויל איך מיך אויף אַזעלכען גאָרנישט אומ־קוקען!... ערשט דאַן, ווען „אם יסתר איש במסתרים ו א נ י ל א ״, ווען ס׳איז אָהן פניות, ווען דער „אני״ איז נישטאָ דערביי, דאַן — „אראנו, נאום ד׳״...

אויף עניוות — פלעגט זאָגען רבי יחיאל מאיר גאָסטינינער — איז נישטאָ קיין בעזונדערע מצוה, נאָר די תורה דערצעהלט עס בלויז אַלס שבח.

וואָרום ווי אַזוי איז דאָ שייך אַ מצוה? ווען די תורה זאָל שרייבען: זאָלסט נישט זיין גרויס ביי זיך, האַלט זיך שפּל׳דיג! וואָלט דאָך עס געהייסען, אַז לעולם אין דער אמת׳ן, ביזטו טאַקי עפּיס, נאָר עפּ״י דין ביזטו מחויב צו האַלטען זיך פאַר אַ שפל. דאָס איז אָבער נישט קיין עניוות. אמת׳ע עניוות איז משמע, דו זאָלסט זיין דורכגעדרונגען מיט׳ן געדאַנק און וויסען ביי זיך, אַז דו ביזט טאַקי באמת גאָרנישט...

מיר געפינען נישט אין דער תורה קיין ספּעציעלע מצוה אויף עניוות, וואָרום ווען דאָס וואָלט געגעבען געוואָרען אַלס אַ בעזונדערע מצוה, וואָלט דאַן אויסגעקומען, אַז ביים געהן טהון די מצוה, וואָלט מען זיך אָוועקגעשטעלט זאָגען „לשם יחוד״ און „הנני מוכן ומזומן לקיים מצות עשה של עניוות״... וממילא וואָלט עס שוין קיין עניוות נישט געווען...

(רבי יחיאל מיכל זלאָטשעווער)

דער הרב מלאַדי, דער בעל התניא, איז אַמאָל אַריינגעקומען צו אַ געוויסען מתנגד׳ישען גאון און ער האָט דערזעהען, ווי אונטער׳ן שאַנק, אויף דער הוילער פּאָד־

לאַגע, ליגט דער „מדרש פינחס" פון רבי פינחס קאָריצער. ער האָט שנעל אויפגעהויבען דאָס ספר און עס אַ קוש געטהון.

— ווער איז ער דאָס, דער מחבר פונ׳ם דאָזיגען ספר? — פרעגט איהם דער מתנגד׳ישער גאון.

— דאָס איז אַזאַ איד — ענטפערט איהם דער „תניא" — וואָס ווען איהר זאָלט אַפילו איהם אַליין אַוועקלעגען אונטער דער שאַנק, וואָלט ער אויך געשוויגען...

„והאיש משה עניו מאד — שפל וסבלן" (רש״י)

צו זיין ביי זיך אַ שפל — פלעגט זאָגען דער חדושי הרי״ם — איז אודאי אַ גאַר גרויסע מדרגה, אָבער נאָך אַ גרעסערע מדרגה איז, צו קענען דערטראָגען און סובל זיין דאָס שפלות...

דער אמת׳ער עניו — פלעגט זאָגען רבי שמעון קאָריצער — איז דער, וואָס עס אַרט איהם אַפילו נישט, ווען מען זאָגט אויף איהם, אַז ער איז אַ בעל־גאוה... און דעריבער ווערט וועגען משה׳ס עניוות דערמאָהנט אין דער תורה ערשט דאָ אין צוזאַמענהאַנג מיט׳ן פאָרוואורף פון מרים ואהרן, וועלכע האָבען איהם חושד געווען אין גאות און גע׳טענה׳ט: „הרק אך במשה דבר ד׳, הלא גם בנו דבר", און ער האָט זיך דעריבער נישט וואָס גרויס צו האַלטען... און דערויף ריהמט איהם דער פסוק: „והאיש משה עניו מאד מכל האדם", ער איז געווען אַזאַ גרויסער עניו, אַז ער האָט אַפילו סובל געווען און געשוויגען, ווען מען האָט געזאָגט אויף איהם, אַז ער איז אַ בעל־גאוה...

די אמת׳ע מדה פון עניוות — פלעגט זאָגען דער בעש״ט — איז נישט די ענוה חיצונית, די אויסערליכע ענוה, וואָס מען ווייזט אַרויס פאַר מענשען, נאָר די ענוה פנימית, די ענוה שבלב, און מעשה במלך אחד, וועלכער האָט בעשלאָסען צו פיהרען אַ בעשיידען, עניוות׳דיג לעבען און בשעת מען האָט געשפּאַנט פאַר איהם די קאַרעטע צו פאָהרען שפּאַצירען, האָט ער געהייסען, אַז די לעדיגע קאַרעטע זאָל פאָהרען פאָראויס און ער איז נאָכגעגאַנגען צו־פוס. האָט אַ חכם זיך אָנגערופען צו איהם און געזאָגט: ניין, אדוני מלך, נישט דאָס איז דער ריכטיגער דרך, דער אמת׳ער עניו מאַכט נישט קיין פרסום פון זיין עניוות, נאָר ער איז אַן׳עניו זיצענדיג אין דער קאַרעטע...

(צפנת פענח)

— פריהער — האָט אַמאָל געזאָגט דער רבי אלימלך צו זיין ברודער, רבי זישע — פריהער דאַרף דער מענש ביי זיך ווערען אַ שפל בתכלית השפלות און ערשט דאַמאָלס איז ער מסוגל משיג צו זיין און צו פערשטעהן די גדלות הבורא.

— און איך, ברודער־סערדצע — רופט זיך אָן דער רבי ר׳ זישע — האַלט פּערקעהרט, פריהער דאַרף דער מענש מצמצם זיין אַלע זיינע חושים און אַריינטראַכטען אין גדלות הבורא און ערשט דאַמאָלס איז ער מסוגל צו ווערען ביי זיך אַ שפל בתכלית השפלות...

מיט עניוות — פלעגט זאָגען רבי דוד׳ל טאַלנער — דאַרף מען זיך נישט שפּיעלען, און ער האָט דערביי דערצעהלט אַ מעשה: נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער איז געקומען צו איהם אַ איד אַ נגיד און אַוועקגעלעגט גאַר אַ גרויסען פדיון.

— וואָס גיט איהר מיר אַזויפיל געלד? — פרעגט איהם רבי דוד׳ל.

— כ׳האָב מיך אַזוי געפיהרט — ענטפערט דער איד — ביי אייער פאָטער, ווייל איך מיך ביי אייך אויך אַזוי פיהרען.

— וואָס גלייכט איהר מיך — מאַכט רבי דוד׳ל — צו מיין פאָטער. דער טאַטע איז געווען אַ קדוש עליון, אַ גדול בישראל, אָבער איך וואָס בין ?

— אַזוי ? — רופט זיך אָן דער איד פערוואונדערט — כ׳האָב געמיינט, אַז אויך איהר זענט אַזוי גרויס, אָבער אַז איהר אַליין זאָגט, אַז איהר קומט נישט צו אייער טאַטען, דאַרף איך אייך טאַקי קיין געלד נישט געבען.

און ער האָט צוריק צוגענומען דעם גאַנצען פדיון.

— און פון דעם דאָזיגען איד — האָט רבי דוד׳ל פערענדיגט מיט אַ שמייכעל — האָב איך זיך אָראָבגעלערנט, אַז מען טאָר זיך נישט צופיעל שפּיעלען מיט עניוות...

פונוואַנען נעהמט זיך דאָס פאָלקס-ווערטעל: „אַ צדיק אין פעלץ״, און וואָס איז די בעדייטונג דערפון ? — די בעדייטונג דערפון איז אַזוי: בשעת עס איז קאַלט, זענען פאַראַן צוויי מיטלען, ווי־אַזוי צו דערוואַרימען זיך: אָדער מען הייצט־איין דעם אויווען, אָדער מען טהוט־זיך־אָן אין גראָבע, וואַרימע מלבושים. אין ערשטען פאַל ברענגט מען דערמיט נוצען נישט בלויז זיך, נאָר אויך אַנדערע, עס ווערט דאַן וואַרים אַלעמען, וואָס געפינען זיך אין שטוב; דאַגעגען אין צווייטען פאַל ווערט וואַרים בלויז איהם אַליין... פאַראַן, לײדער, אַזעלכע צדיקים, וועלכע זאָרגען דער־עיקר, אַז ז י י זאָל זיין וואַרים, פערזאָרגענדיג זיך מיט וואָס מעהר מצוות; דער עיקר געהט עס זיי, אַז זיי אַליין זאָלען זיין אין אָרדנונג מיט׳ן רבונו־של־עולם — דער כ ל ל אינטערעסירט זיי נישט... אמת׳ע „צדיקים אין פעלץ״!...

(רבי מנחם מענדיל מקאָצק)

„ד׳ פוקח עורים, ד׳ זוקף כפופים, ד׳ אוהב צדיקים״... ווי קומען צדיקים צווישען די בעלי־מומים ? — ווייל אויך ד אָ ס איז נעבעך אַ מורא׳דיגער מום: נישטאָ קיין גרעסערער קאַליקע, ווי דער, וועלכער האַלט זיך פאַר אַ צדיק!...

(רבי בונם מפשיסכע)

איינער פון די בעקאַנטע מתנגד׳ישע רבנים האָט אַמאָל געפרעגט דעם רבי׳ן פון ראָפּשיצע, רבי נפתלי׳ן:

— מיט וואָס, כ׳בעט אייך, האָט איהר עס אַזוי אויסגענומען ביים עולם, וואָס צו אייך קומען אַזוי פיעל טויזענדער אידען ? קען איך דען נישט מעהר לערנען פון אייך ? פאַרוואָס קומען זיי נישט צו מיר ?...

— כ׳וועל אייך זאָגען דעם אמת — האָט איהם דער ראָפּשיצער געענטפערט — אויך פאַר מיר אַליין איז עס אַ שטיקעל פלא; אָבער ווי מיר דוכט זיך, איז צו מיר קומען זיי דערפאַר, ווייל כ׳האָב קיינמאָל נישט געפרעגט, פאַרוואָס זיי קומען נישט — און צו אייך קומען זיי נישט, ווייל איהר פרעגט...

פון דער טענה — פלעגט זאָגען רבי משה קאָברינער — וואָס קורח ועדתו האָבען געהאָט צו איהם, זאָגענדיג: „כי תשתרר עלינו גם תשתרר״, איז צו זעהען, אַז משה רבינו האָט זיך נישט געלאָזט פון עולם קריכען אויפ׳ן קאָפּ און ער האָט געפיהרט זיין רבנות ביד רמה, און דאָך „והאיש משה עניו מאד״, איז ער אין תוך, אין פנימיות, געווען מעהר עניו „מכל האדם אשר על פני האדמה״, פון די אַלע, וואָס געהען געבויגען מיט׳ן פנים צו דר׳ערד...

יעדער איד איז דאָך מחויב צו גלויבען אין די שלשה עשר עיקרים און אודאי האָט דאָך אויך משה רבינו אין זיי געגלויבט, טאָ ווי אַזוי האָט ער געקענט זאָגען: „אני מאמין באמונה שלימה שנבואת משה רבינו עליו השלום היתה אמתית ושהוא היה אב לנביאים לקודמים לפניו ולבאים אחריו" און ווי אַזוי האָט ער געקענט גלויבען דעריך, אין דער צייט וואָס ער איז ביי זיך געווען אַזאַ „עניו מאד מכל האדם"?

נאָר משה רבינו האָט געגלויבט, אַז פונקט ווי השי"ת האָט אויסגעוועהלט דעם קלענסטען און נידריגסטען באַרג, דעם סיני, צו געבען אויף איהם די תורה, אַזוי האָט ער אויך איהם אויסגעוועהלט אַלס „אב הנביאים" טאַקי דערפאַר, ווייל ער איז דער קטן שבקטנים, דער שפל שבשפלים...

(הנ"ל)

די תורה, ווערט ערקלערט, איז דעריבער געגעבען געוואָרען אויפ'ן הר סיני, אויפ'ן קלענסטען באַרג, כדי צו ווייזען דערמיט, אַז מען זאָל זיך מיט דער תורה נישט גרויס האַלטען. איז אויב אַזוי פרעגט זיך: פאַרוואָס איז די תורה נישט געגעבען געוואָרען אין אַ טאָל, וואָס דאָס וואָלט דאָך געווען דער אמת'ער סימבאָל פון שפלות?

נאָר — האָט געזאָגט דערויף רבי מענדעלי קאָצקער — צו געפינען זיך אין אַ טאָל, צו זיין ווירקליך אַ גאָרנישט, איז קיין רבותא נישט צו האַלטען זיך נידריג, מיט וואָס האָט מען זיך דאָ גרויס צו האַלטען? מען איז דאָך באמת אַ גאָרנישט... דאַגעגען צו שטעהן אויף אַ באַרג, צו געפינען זיך אויף אַ העכערע מדרגה און דאָך צו זיין דערביי אַן'עניו — דאָס איז אַ רבותא...

דער חתם־סופר פלעגט זאָגען, אַז וואָס מעהר עושר אַ מענש איז, אַלץ שפל'דיגער דאַרף ער זיך האַלטען פאַר השי"ת און פאַר מענשען. אַ ראיה פון דער גמרא אין מועד־קטן. די גמרא דערצעהלט דאָרט, אַז רבא האָט מתפלל געווען, מען זאָל איהם געבען דריי זאַכען: דאָס עשירות פון רב חסדא, די חכמה פון רב הונא און דאָס עניוות פון רבה בר־רב־הונא, האָט מען איהם עשירות און חכמה געגעבען, נאָר עניוות נישט (מועד־קטן כ"ח). פאַרוואָס? נאָר באמת האָט מען איהם צוליעב געטהון און מען האָט איהם יאָ געגעבען דאָס עניוות פון רבה בר־רב־הונא'ן, אָבער פאַר רבא'ן, וועלכער איז שוין איצט געווען אַן'עושר, פערמאָגענדיג דאָס עשירות פון רב חסדא'ן, איז דאָס עניוות פון רבה בר־רב־הונא'ן, וועלכער איז געווען אַן'אָרימאַן, שוין ווייט נישט גענוג געווען. אַלס עושר האָט ער זיך גענויטיגט אין מעהר עניוות...

דער רבי ר' בונם פון פשיסכע האָט אַמאָל אַ פרעג געטהון איינעם פון זיינע אָנגעזעהענסטע חסידים, ר' ברוך סטיטשינער:

— ברוך, האָסט עפיס אַ לייטישע אכסניא אין פשיסכע?

— דער, וואָס פערנעהמט נישט קיין אָרט — האָט געענטפערט ר' ברוך — האָט אומעטום אַן'אָרט...

## ויאמר ד' פתאם אל משה ואל אהרן... (יב. ד.)

ר' מרדכי בן הלל הכהן דערצעהלט אין זיינע זכרונות דעם פאָלגענדען עפיזאָד, וואָס ער האָט בייגעוואוינט ביים מלבי"ם אין הויז: עס איז אַריינגעקומען צו איהם אַ מחבר בעטען אַ הסכמה אויף זיין ספר. דער מלבי"ם האָט גענומען דורכבלעטערען דעם

חבור און זיך אָבגעשטעלט אויף אַ האַרבע קשיא, וואָס דער מחבר פרעגט אויפ׳ן מדרש, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז זיעבצעהן מאָל געפינען מיר אין דער תורה, אַז השי״ת האָט גערעדט מיט משה ואהרן, ווערענד באמת — פרעגט דער מחבר — געפינען מיר דאָך נישט מעהר, ווי זעכצעהן מאָל? — און דער מחבר צושפרייט זיך דערביי מיט גאָר לאַנגע חקירות און פשט׳לעך.

— האָט קיין פעראיבעל נישט — ווענדעט זיך צו איהם דער מלבי״ם — איהר האָט טאַקי אַליין איבערגעצעהלט?

— וואָס הייסט — שטאַמעלט דער מחבר — למאי נפקה מינה, אַליין, צי נישט אַליין... עס איז פאַרט נישטאָ מעהר ווי זעכצעהן מאָל...

— ניין — ענטפערט איהם דער מלבי״ם — עס איז ביי מיר זיכער, אַז איהר האָט אַליין נישט געצעהלט, נאָר איהר האָט זיך פערלאָזט אויף דער מסורה, וועלכע זאָגט, אַז עלף מאָל שטעהט אין דער תורה: „ויאמר ד׳ למשה ולאהרן" און פינף מאָל — „וידבר ד׳ למשה ולאהרן". איהר האָט זיך אָבער דערביי געפוילט נאָכצוקאָנטראָלירען... די מסורה האָט נישט גערעכענט דעם פסוק „ויאמר ד׳ פתאום אל משה ואל אהרן", ווייל דאָס וואָרט „פתאום" איז מפסיק, און צוזאַמען מיט׳ן דאָזיגען פסוק איז טאַקי פאַרהאַן זיעבצעהן מאָל...

## לא כן עבדי משה בכל ביתי נאמן הוא...
## פה אל פה אדבר בו... (יב. ז. ח.)

„מאן דמשתעי ריש־לקיש בהדיה בשוק — דערצעהלען די חז״ל — יהבו ליה עיסקא בלא סהדי" (יומא ט׳), ווייל, האָט מען געזאָגט, ווען יענער וואָלט נישט געווען קיין איש מהימן, אַנ׳עהרליכער מאַן, וואָלט ריש־לקיש נישט געווען עפענטליך מיט איהם גערעדט... דאָס זעלבע איז אויך דער פסוק דאָ מדייק: „לא כן עבדי משה, בכל ביתי נאמן הוא", אַ ראיה האָט איהר — „פה אל פה אדבר בו", די שכינה רעדט מיט איהם...

דאָס זעלבע אויך: „בעבור ישמע העם בדברי עמך וגם בך יאמינו לעולם" (שמות יט. ט.). בעת דאָס פאָלק וועט הערען, אַז איך רעד מיט דיר, דאַן — „וגם בך יאמינו", וועלען זיי האָבען צו דיר צוטרוי און דיר גלויבען...

(לקוטי מהר״ם)

ווען איך וואָלט געהאַט — האָט דער חתם־סופר זיך אַמאָל אויסגעדריקט — אַזאַ רבי׳ן ווי דער רבונו־של־עולם, וואָלט איך אויך געווען אַ משה רבינו. איי, וועט איהר דאָך פרעגען: פאַרוואָס האָב איך טאַקי נישט אַזאַ רבי׳ן, ווי דער רבונו־של־עולם? — ווייל איך בין נישט קיין משה רבינו...

## והענן סר וכו׳ והנה מרים מצורעת כשלג... (יב. י.)

און נאָכהער שטעהט: „ויפן אהרן אל מרים והנה מצורעת", פאַרוואָס ווערט אויך דאָ נישט געזאָגט, פונקט ווי פריהער, „מצורעת כשלג"?...

דען דער דין איז אין מס׳ נגעים: „אין רואים נגעים בתחלת היום או בתחלת הלילה, מפני שעזה בראית כשלג", און אין תוספות איןָ מנחות ווערט געזאָגט, אַז דער סילוק הענן איז תמיד פאָרגעקומען אָדער בתחילת היום, אָדער בתחילת הלילה, און דעריבער בשעת עס איז געווען „והענן סר מעל האהל" האָט דאַן אהרן געזעהען בלויז,

אז „והנה מצורעת", דאַגעגען דעם געגויעם סימן, אַז זי איז „מצורעת כשלג", דאָס האָט ער שוין דאַן נישט געקענט זעהען, וואָרום — „אין רואים נגעים בתחילת היום או בתחילת הלילה"...

(ווילנער גאון)

## אל נא תהי כמת אשר בצאתו מרחם אמו ויאכל חצי בשרו... (יב. יב.)

דער דין איז אין דער גמרא, אַז אַ „יוצא מחותך", אַז אַ ולד וואָס ווערט געבוירען מיט אַ צעשעדיגטען, פעהלערהאַפטען קערפּער, אַ מחותך אברים, ווערט עס לגמרי נישט גערעכענט פאַר קיין לעבעדיג נפש און „הבא אחריו בכור לנחלה", ווייל — „דאמר קרא ראשית אונו, מי שלבו דוה עליו, יצא זה שאין לבו דוה עליו", אַזאַ מין פערקריפּעלט ולד דערוועקט נישט ביי די עלטערען קיין שום געפיהלען פון צער און מיטלייד.

בשעת אהרן האָט, אַלזאָ, אַפּעלירט צו משה'ן, ער זאָל מתפלל זיין אויף מרים'ן, האָט ער איהם געבעטען, אַז כאָטש מרים האָט גערעדט אויף איהם לשון־הרע און כאָטש זי איז בעדעקט מיט צרעת און מאַכט אַזאַ אַבשטויסענדען איינדרוק, דאָך „אל נא תהי כמת אשר בצאתו מרחם אמו ויאכל חצי בשרו", זאָל ער זיך נישט בעציהען צו איהר, ווי צו אַ פערקריפּעלט נפש, אַ מחותך אברים („ויאכל חצי בשרו"), וואָס הגם עס איז אייגען בלוט און פלייש, דאָך פיהלט מען נישט דערצו קיין שום סענטימענט און קיין שום מיטלייד...

(תורה תמימה)

## ואביה ירק ירק בפניה... (יב. יד.)

צוליעב וואָס ווערט דאָ דערמאָהנט דער פאָטער?

האָט געזאָגט דערויף רבי מאיר־יחיאל, דער רבי פון אָסטראָווצע:

אויפ'ן פסוק „וילך איש מבית לוי" ווערט געזאָגט אין מדרש, ווי אויך אין רש"י אויפ'ן אָרט: „פרוש היה ממנה וכו' בעצת בתו שאמרה לו גזירתך קשה משל פרעה וכו' והחזירה ועשה בה לקוחין שניים". עס איז, אַלזאָ, נישט דער ערשטער פאַל געוועזען דאָס, וואָס מרים האָט זיך איצט אַריינגעמישט אין משה רבינו'ס פאַמיליען־לעבען, „על אודות האשה הכושית אשר לקח", אויך בנוגע צו איהר אייגענעם פאָטער האָט זי זיך אַמאָל ערלויבט דאָס זעלבע. „ואביה ירוק ירק בפניה", שוין דער פאָטער דאַמאָלס האָט איהר געדאַרפט דערפאַר שפּייען אין געזיכט! ווי קומט אַ טאָכטער און אַ שוועסטער אַריינצו־מישען זיך אין אַזעלכע זאַכען?...

## ואביה ירק ירק בפניה הלא תכלם שבעת ימים... (יב. יד.)

„קל־וחומר לשכינה י"ד יום" (רש"י)

אין הגהות אשר"י, מועד קטן פרק ג', ווערט געבראַכט, אַז רבינו גרשון מאור הגולה איז געזעסען פיערצעהן טעג אבילות אויף זיין זוהן, וועלכער האָט זיך געטויפט — צוליעב'ן דאָזיגען קל־וחומר פון „לשכינה י"ד יום"...

פון אַלע „י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן" איז דער „קל־וחומר" די סאַמע לאָ־גישסטע, זעלבסטפערשטענדליכע זאַך, וואָס ווערט דיקטירט דורכ'ן פשוט'ן שכל; און

דאָך זאָגען די חז״ל, אַז „מילתא דאתיא בקל וחומר טרח וכתב לה קרא״, אַז כאָטש עס ווערט אַרויסגעדרונגען פון אַ „קל־וחומר״, מוז מען דערויף האָבען בעזונדער אַ פסוק. פאַרוואָס? — כדי צו וויזען דערמיט, אַז די מצוות פון דער תורה טאָרען נישט געמאָסטען ווערען מיט׳ן בלויזען שכל און מען דאַרף זיי מקיים זיין נישט ווייל דער שכל הייסט, נאָר ווייל די תורה הייסט...

(קהלת יצחק)

# שְׁלַח

## שלח לך אנשים... (יג. ב.)

„לך — לטובתך"... (רש"י)

ווען נישט די מרגלים, וואָלטען די אידען גלייך אַריינגעגאַנגען קיין ארץ־ישראל און ממילא וואָלט דאַן משה, אויף וועלכען עס איז נגזר געוואָרען נישט אַריינצוקומען אין לאַנד, געמוזט תיכף שטאַרבען; די זינד פון די מרגלים האָבען, אַלזאָ, נישט־ווילענדיג גורם געווען אַ טובה פאַר משה'ן — זיין לעבען איז דאַדורך פערלענגערט געוואָרען מיט פיערציג יאָהר...

(בחיי)

„ילמדנו רבינו, מה לפרוש לים הגדול קודם לשבת ג' ימים וכו'" (מדרש תנחומא)

און אַלע מפרשים וואונדערען זיך: ווי קומט דאָ אָהער די דאָזיגע שאלה צו פרשת שלח?

נאָר אין דער גמרא (תענית כ"ט) געפינען מיר, אַז די מרגלים זענען אַרויסגעשיקט געוואָרען אין כ"ט סיון. אויפ'ן פסוק „ויהי ביום כלות משה להקים את המשכן" ווערט געזאָגט: „אותו היום אחד בשבת היה", אַז ראש־חודש ניסן איז אין יענעם יאָהר אויסגעפאַלען אום זונטאָג. אויב ראש־חדש ניסן איז זונטאָג, געפאַלט דאַן כ"ט סיון, לויט'ן חשבון, אום מיטוואָך, און היות ווי אויף צו געהן קיין ארץ־ישראל האָבען די מרגלים געדאַרפט אַריבערגעהן דעם ירדן און געווען איז דאָס דריי טעג פאַר שבת, פרעגט דעריבער דער מדרש ביי דער געלעגענהייט: „מה לפרוש לים הגדול קודם לשבת ג' ימים"...

(רבי פנחס הלוי הורוויץ)

רבי חיים בריסקער האָט אַמאָל אַרויסגעשיקט משולחים איבער דער מדינה צו זאַמלען געלד פאַר דער בריסקער ישיבה. אַז עס איז געקומען צום חשבון האָבען עטליכע פון זיי צוגעשטעלט אַזאַ רעכנונג, אַז פון זייער געזאַמעלטען געלד איז פאַר דער ישיבה קיין גראָשען נישט געבליבען.

— איצט ווערט מיר פערשטענדליך — האָט רבי חיים בעמערקט דערויף מיט אַ ביטערען שמייכעל — דער פשט פון פסוק „שלח לך אנשים ויתורו". בשעת משה האָט געשיקט די מרגלים, האָט ער זיי נאַטירליך געמוזט געבען אויף הוצאות און נאָך שטעלען צו זייער דיספּאָזיציע אַ געוויסע געלד־סומע אויף שפּיאָנאַזש־צוועקען, און דער אויבער־שטער האָט איהם דעריבער אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל אויף זיי גוט אַכטונג געבען און נישט פערלאָזען זיך אויף זייערע חשבונות. „שלח לך אנשים ויתורו" — שיקען זאָלסטו אַזעלכע משולחים, וועלכע זאָלען כאָטש עפּעס איבערלאָזען און נישט אַראָבלאָזען דאָס גאַנצע געלד אין קעשענע אַריין...

## איש אחד למטה אבותיו תשלחו... (יג. ב.)

בלויז פונ׳ם שבט לוי האָט מען קיינעם נישט אויסגעקליבען, מחמת שבט לוי האָט זיך נישט געגויטיגט אין קיין אויספאָרשונג, צי דאָס לאַנד איז גוט — סיי־ווי האָט ער דאָרט קיין חלק נישט בעקומען...

(ריטב״א)

## איש אחד איש אחד למטה אבותיו תשלחו כל נשיא בהם... (יג. ב.)

„איש אחד איש אחד למטה אבותיו תשלחו" — אונבעדינגט, נישט מעהר, ווי איי־נעם פון אַ שבט, וואָרום „כל נשיא בהם", ביי אידען וויל איטליכער זיין אַ נשיא און קוים זאָל מען ערלויבען צו שיקען אַן׳אונבעגרענעצטע צאָהל שלוחים פון יעדען שבט, וועלען דאַן אַלע קומען צו לויפען און יעדער איינער וועט וועלען זיין אַ דעלעגאַט...

(רבי משה חפץ)

## כלם אנשים ראשי בני ישראל... (יג. ג.)

דאָס איז דער פעהלער געווען — זאָגט דער זוהר (פ׳ שלח, דף קנ״ח) — וואָס אַלס מרגלים זענען געשיקט געוואָרען די פיהרער, די „ראשי בני ישראל", וועלכע האָבען מורא געהאַט, אַז דאָרט, אין ארץ־ישראל, וועלען זיי פערלירען זייער חשיבות און נשיאות: ווייל נישט יעדער, וועלכער פּאַסט זיך צו זיין אַ פיהרער ביי אידען אין גלות, איז אויך ראוי צו זיין אַ אידישער פיהרער אין ארץ־ישראל...

און דאָס — בעמערקט דערויף דער „מעדני מלך" — איז די כוונה פון רש״י׳ס ווערטער: „אני איני מצוה לך" — קיין „א נ י ׳ ס", קיין מענשען מיט „א י ך ׳ ס", קיין „שענע אידען", הייס איך דיר נישט שיקען...

„ואותה שעה כשרים היו" (רש״י)

האָב רבי יצחק הורוויץ געזאָגט דערויף אַ דבר־חדוד:

בידוע, איז צוליעב די פיערציג טעג, וואָס די מרגלים האָבען פערבראַכט אין וועג, נגזר געוואָרען אויף די אידען צו בלאָנדזשען פיערציג יאָהר אין דער מדבר, „יום לשנה יום לשנה תשאו את עוונותיכם". ווען מען זאָל דאָס זעלבע בערעכענען אויף שעה׳ן, קומט אויס, אַז פאַר יעדע שעה האָבען זיי געדאַרפט ליידען אַ האַלבען חודש (פיערציג טעג האָבען 960 שעה, פיערציג יאָהר — 480 חדשים).

לויט׳ן חשבון, אָבער, זענען זיי נישט געווען קיין גאַנצע פיערציג יאָהר אין דער מדבר. דען פון מצרים זענען זיי אַרויס פיערצעהן טאָג אין ניסן און קיין ארץ־ישראל זענען זיי געקומען צעהן טאָג אין ניסן, ווי עס שטעהט אין יהושע: „והעם עלו מן הירדן בעשור לחודש", פעהלט דאָך שוין קודם־כל פיער טעג, חוץ לזה פעהלען נאָך עלף טעג, וועלכע עס וואָלט ביי זיי סיי־ווי, אויך אָהן די זינד פון די מרגלים, געדאַרפט דויערען דער וועג אין דער מדבר, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „אחד עשר יום מחורב דרך הר שעיר". צוזאַמען, אַלזאָ, האָבען אויף אַזאַ אופן געפעהלט צום חשבון פופצעהן טעג, אַ האַלבער חודש. מיט וואָס ערקלערט זיך עס?

און אָט דאָס בעוואָרענט רש״י און זאָגט: „אותה שעה כשרים היו", דידאָזיגע איינע שעה אין טאָג פון די פיערציג טעג, זענען זיי געווען כשרים, און צוליעב דער דאָזיגער

שעה האָט מען זיי דעריבער שפּעטער אַראָבגערעכנט אַ האַלבען חודש, דען אַזוי קומט דאָך אויס לויט'ן חשבון — אַ האַלבען חודש פאַר יעדע שעה...

„ואותה שעה כשרים היו"...

אין פלוג איז דאָך אַ סתירה צו די ווערטער, וואָס רש"י זאָגט אויפ'ן ווייטערען פּסוק (יג. כו.): „וילכו ויבאו — להקיש הליכתן לביאתן, מה ביאתן בעצה רעה אף הליכתן בעצה רעה"?

באמת, אָבער, זענען זיי באַלד פון דער ערשטער מינוט אָן געווען „בעצה רעה" און פאַר כשרים האָבען זיי זיך אַרויסגעוויזען בלויז „באותה שעה". בלויז אין יענעם מאָמענט, ווען מען האָט זיי אויסגעקליבען אַלס דעלעגאַטען, דען אַזוי איז שוין דער שטייגער: בשעת עס קומט צו וואַהלען זענען אַלע דאַמאָלס וואויל און גוט און אַלע שפּיעלען דאָן די ראָלע פון כשרים...

(שיחת חכמים)

## ויקרא משה להושע בן נון יהושע... (יג. טז.)

„יה יושיעך מעצת מרגלים" (רש"י)

אַז יהושע זאָל ניצול ווערען פון דער צווייטער געפאַהר, וואָס עס האָט איהם געדראָהט, די געפאַהר פון „ויאמרו כל העדה לרגום אותם באבנים", דערויף האָט משה רבינו נישט מתפלל געווען. אידישע שטיינער זענען נישט אַזוי געפעהרליך, נישט אַזוי שרעקליך; פיעל שרעקליכער פון אידישע שטיינער זענען די אידישע מיילער, די אידישע אינטריגעס, די „עצת מרגלים". אָ, „יה יושיעך מעצת מרגלים", דערפון זאָל השי"ת שומר ומציל זיין!...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

ויקרא משה להושע בן־נון יהושע...

דערויף ווערט געזאָגט אין תרגום יונתן בן־עוזיאל: „וכדי חמא משה ענותנותיה קרא משה להושע בר־נון יהושע" — בשעת משה האָט געזעהן הושע'ס עניוות, האָט ער איהם אַ נאָמען געגעבען „יהושע", בעטענדיג: „יה יושיעך מעצת מרגלים"... ער זאָל ניצול ווערען פון די מרגלים'ס עצה.

די דאָזיגע ווערטער פון תרגום יונתן זענען אין פלוג אונפערשטענדליך. וואָס ווערט געמיינט דערמיט?

נאָר די כוונה איז: עס זענען פאַרהאַן צוויערליי צדיקים — פאַרהאַן אַ צדיק, וועלכער איז גרייט, ווען מען דאַרף, צו שטעלען זיך אין אַנ'אָפענער מלחמה מיט די פאַלשע מדריכים פון פאָלק, נישט שרעקענדיג זיך פאַר קיינעם, נישט רעכענענדיג זיך, וואָס דער רבים איז געגען איהם; און פאַרהאַן אַ צדיק, וואָס צוליב זיין עניוות און בעשיידענהייט רוקט ער זיך אָב אין אַזעלכע מאָמענטען אָן אַ זייט, נישט וועלענדיג איינרייסען זיך מיט דער וועלט... משה, דערזעהענדיג יהושע'ס עניוות, האָט זיך דעריבער געשראָקען, אפשר וועט איהם אינ'ם נויטיגען מאָמענט פערפעהלען מוט געגענצושטעלען זיך געגען די פערפיהרערישע מרגלים, און דערפאַר האָט ער מתפלל געווען: „יה יושיעך מעצת מרגלים" — ער זאָל בייקומען דאָס עניוות...

(רבי מענדיל רימאַנאָווער)

די טבע איז פון עניו, אַז ער האָט צו אַלעמען צוטרוי, ער האַלט אַלע מענשען פאַר עהרליכע לייט, פאַר אַנשי־אמת, און דעריבער האָט משה רבינו בעזונדערס מורא געהאַט פאַר יהושע׳ן, אַז צוליעב זיין עניוות, צוליעב זיין צוטרוי צו מענשען, זאָל ער זיך נישט לאָזען פערפיהרען און גלויבען די מרגלים, און דערפאַר האָט ער אויף איהם מתפלל געווען: „יה יושיעך מעצת מרגלים״...

(דברי שאול)

ביי אַנ׳אמת׳ן עניו — האָט געזאָגט רבי מיכעלע זלאָטשעווער — דערקענט מען נישט דאָס עניוות, מען זעהט עס נישט אַרויס, און דעריבער „כדי חמא משה ענוותנותיה״, אַז משה האָט דערזעהן יהושע׳ס עניוות, אַז דאָס דאָזיגע עניוות איז קענטיג און וואַרפט זיך אַלעמען אין די אויגען, האָט ער אויף איהם מתפלל געווען: „יה יושיעך מעצת מרגלים״...

אין דער פריהערדיגער סדרה ווערט דערצעהלט, אַז אלדד ומידד האָבען נביאות געזאָגט אין דער מחנה, אַז „משה מת ויהושע מכניס״ (משה וועט שטאַרבען און יהושע וועט אַריינפיהרען די אידען קיין ארץ־ישראל). קענענדיג, אַלזאָ, דאָס עניוות פון יהושע׳ן, אַז ער יאָגט זיך נישט נאָך קיין הערשאַפט, האָט דעריבער משה מורא געהאַט, אַז יהושע וועט בכיוון צושטעהן צו די מרגלים, כדי די אידען זאָלען דאָ, אַלס עונש, לענגער בלייבען אין מדבר און ממילא וועט אויך משה לענגער לעבען, און דערפאַר האָט ער איהם מוסיף געווען אַ „י״ און מתפלל געווען: „יה יושיעך מעצת מרגלים״...

(ישועות יעקב)

משה האָט אַממעהרסטען געציטערט וועגען יהושע׳ן דערפאַר, ווייל ער איז געווען אָנגענומען ביי אידען אַלס גרויסער צדיק און עניו. סתם מרגלים, געוועהנליכע מענשען, אַז זיי וועלען צוריקקומען און רעדען שלעכטס אויפ׳ן לאַנד, וועט מען צו זיי קיין צוטרוי נישט האָבען, זייערע רייד וועלען נישט אַזוי שטאַרק ווירקען; אָבער ווען אַזאַ צדיק און עניו, ווי יהושע, זאָל חלילה אָנהויבען רעדען שלעכטס אויף ארץ־ישראל — דאַמאָלס איז די געפאַהר אונגעהויער גרויס... וואָרום פון צדיקים נעהמט מען זיך אַראָב אַ ביישפיעל, אויף צדיקים פערקוקט מען זיך... און דעריבער האָט ער געמוזט ספּעציעל מתפלל זיין אויף יהושע׳ן, אַז ער זאָל נישט אַריינגעשלעפּט ווערען אין דער עצה פון די מרגלים...

(יפה־עינים)

בשעת רבי יעקב־שמשון איז געווען רב אין שעפּעטאָווקע, האָט די קהלה איבערגעבויט דעם בית־המדרש און איהם פערגרעסערט — דורכדעם איז אויסגעקומען, אַז די פריהערדיגע פּלעצער ביי דער מזרח־וואַנד האָבען איצט פערלוירען דעם אויבענאָן... האָבען די אַלטע מזרח־בעלי־בתים אויפגעהויבען אַ געוואַלד, באשר מען האָט זיי בעשווינדעלט: זיי האָבען זייערע פּלעצער געקויפט אויבענאָן, ולסוף קומט זיי גאָר אויס צו שטעהן אין מיטען בית־המדרש!... זיי האָבען גערופען די גבאים אויף אַ דין־תורה צום שעפּעטאָווקער רב, וועלכער האָט, אויסהערענדיג די טענות, געענטפערט, אַז עס איז פאַרהאַן דערויף אַ פאַרטיגער פסק־דין אין מדרש. דער מדרש דערצעהלט, אַז בשעת משה האָט געענדערט דעם נאָמען פון הושע אויף יהושע, איז די „ה״ געקומען מיט אַ טענה צום אויבערשטען און זיך געקלאָגט, באשר מען איז געגען איהר אַ גרויסע

עולה בעגאַנגען: ביז־איצט האָט זי אין יהושע׳ס נאָמען פערנומען דעם ערשטען פּלאַץ, דעם אויבענאַן, און איצט איז זי אָבגערוקט געוואָרען אויפ׳ן צווייטען אָרט!... דערויף האָט מען איהר געענטפערט, אַז די טענה איז קיין טענה נישט: אמת, מען האָט מוסיף געווען אַנ׳אות פּאַר איהר, זי אָבער האָט מען פון אָרט נישט געריהרט — זי בלייבט אויפ׳ן זעלבען פּלאַץ...

אין סוף פון דער פאָריגער סדרה, אין פּסוק „והאיש משה ענו מאד״, איז דאָס וואָרט „עניו״ געשריבען חסר, אָהן אַ י׳, און דאָס אַלזאָ — האָט געזאָגט דערויף רבי יעקב יצחק מפשיסכע — איז די כוונה פון תרגום יונתן: „וכד חמא משה ענותנותיה״, בשעת משה האָט דערזעהן דאָס וואָרט „ענו״, אַז עס איז געשריבען אָהן אַ י׳, „קרא משה להושע בן נון יהושע״, האָט ער די י׳ אַוועקגעגעבען יהושע׳ן...

פאַרוואָס שטעהט עפּעס דאָ „בן״ נון מיט אַ חיריק און נישט „בן״ מיט אַ סגול?

האָט געענטפערט דערויף רבי העשיל אַפּטער בדרך־חדוד: די גמרא זאָגט (סנהדרין ק״פ), אַז די יוד, וואָס מען האָט מוסיף געווען פון הושע אויף יהושע, האָט מען גענומען פון שרה׳ן, וועלכע האָט פריהער, איידער מען האָט איהר געענדערט דעם נאָמען, געהייסען שרי. האָבען דאָך אָבער געפעהלט צו דער יוד צוויי נקודות אַלס שוא, דען אינ׳ם נאָמען „שרי״ איז דאָך די יוד אינגאַנצען אָהן נקודות געווען, איז אָט די צוויי נקודות האָט מען אַראָבגענומען פון דער סגול אונטער׳ן וואָרט „בן״ און עס איז געבליבען — „בן״ מיט אַ חיריק...

## החזק הוא הרפה... (יג. יח.)

„סימן מסר להם, אם בפרזים יושבין חזקים הם שסומכין על גבורתם, ואם בערים בצורות הם יושבין חלשים הם״ (רש״י)

צו רבי יחזקאל קוזמירער איז אַמאָל געקומען אַ דאָרפס־איד פרעגען אַנ׳עצה, צי זאָל ער זיך בעזעצען אין שטאָדט, אָדער ווייטער וואוינען אין דאָרף.

— דיין שאלה — האָט איהם רבי יחזקאל געענטפערט — שטעהט אין דער תורה. משה רבינו האָט וועגען דעם אַ סימן געגעבען: „אם בפרזים יושבין חזקים הם״, אויב איינער פיהלט ביי זיך, אַז ער איז גענוג שטאַרק, און „איזהו גבור הכובש את יצרו״, אַזעלכער מעג וואוינען איבעראַל, אפילו אין אַנ׳אָפען פריי אָרט, וועט עס איהם נישט קאַליע מאַכען און נישט אַראָבפיהרען פון וועג. דער אָבער וואָס שפּירט זיך נישט גענוג זיכער מיט זיך, זאָל ער וואוינען „בערים בצורות״, דאָרט וואו עס וואוינען נאָך אידען, וואו עס איז דאָ אַ רב מיט אַ בית־המדרש, וואו מען דאַרף זיך נישט בעהאַלטען און שעמען מיט אידישקייט...

## ומה הארץ אשר הוא יושב בה הטובה היא... (יג. יט.)

„הטובה היא — במעינות ותהומות טובים ובריאים״ (רש״י)

וואָס צווינגט עס רש״י׳ן צו טייטשען, אַז „הטובה היא״ מיינט מען, אויב זי פערמאָגט גוטע קוואַלען וואַסער, און נישט איינפאַך, צי די ערד אַליין איז גוט, צי זי איז גוט צו זייהען און צום וואַקסען?

ווייל גלייך אינ׳ם ווייטערען פסוק ווערט געזאָגט: „השמנה היא אם רזה״, און דאָס, אייגענטליך, איז דאָך די הויפּט־אייגענשאַפט פון דער ערד, אין דעם בעשטעהט דאָך איהר גוטסקייט, טאָ נאָכוואָס איז די דאָפּעלטע שאלה: „הטובה היא״? און דערפון דרינגט, אַלזאָ, רש״י, אַז מיט דער ערשטער פראַגע „הטובה היא״ ווערט געמיינט — „הטובה היא במעינות ותהומות טובים״...

(הרב ברוך עפשטיין)

## הטובה היא אם רעה... (יג. יט.)

דאָס לאַנד איז גוט, אפילו דאַן ווען עס דוכט זיך, אַז עס איז שלעכט. די קדושה, מיט וועלכע ארץ־ישראל איז געבענשט, געהט קיינמאָל נישט אַוועק פון דאָרט, אונטער אויסערליכען „רע״ ליעגט תמיד פערשטעלט און בעהאַלטען דער „טוב״ און ווען די אידען קומען אַריין אין לאַנד ווערט די בעהאַלטענע קדושה נתגלה...

(ספר הזכות)

## היש בה עץ אם אין... (יג. כ.)

אין מדרש רבה שמות ווערט דערצעהלט, אַז בשעת די כנענים האָבען געהערט, אַז די בני ישראל זענען אַרויס פון מצרים און זיי גרייטען זיך צו געהן קיין ארץ־ישראל, האָבען זיי אויסגעריסען אין לאַנד און פערניכטעט אַלע פרוכט־בוימער, כדי די אידען זאָלען פון זיי נישט נהנה זיין, און דעריבער, אַלזאָ, איז אָנגעזאָגט געוואָרען די מרגלים, זיי זאָלען זעהען, „היש בה עץ אם אין״...

(אלשיך)

## והתחזקתם ולקחתם מפרי הארץ... (יג. כ.)

וואָס פאַר אַ התחזקות, וואָס פאַר אַזאַ שטאַרקייט פאָדערט זיך עס אויף צו בעהמען מפרי הארץ?

נאָך דער דין איז, אַזוי ווערט געפּסק׳ענט אין רמב״ם, ווי אויך אין חושן משפט סי׳ קצ״ב, אַז אויב מען נעהמט פון אַ כרם אַ אשכול ענבים האָט עס שוין דעם דין פון אַ חזקה.

און דאָס, אַלזאָ, איז דער פּשט: „והתחזקתם״, אַריינקומענדיג קיין ארץ־ישראל זאָלט איהר גלייך קונה־חזקה זיין, און די חזקה איז — „ולקחתם מפרי הארץ״...

(רבי משה גאַלאַנטי)

— די אומות — שרייבט רבי נחמן בראַצלאַווער — האָבען ביי אונז אַוועקגע׳גזל׳ט ארץ־ישראל, און מיר מוזען דעריבער כסדר שרייען, אַז עס איז אונזער לאַנד און אונזער נחלה, בכדי מוסר־מודעה צו זיין פאַר דער וועלט, אַז דערמיט, וואָס די דאָזיגע אומות זיצען אַזוי לאַנג אין אונזער לאַנד, איז נאָך דאָס לאַנד נישט געוואָרען זייערס און זייער חזקה איז קיין חזקה נישט, דען דער דין איז, אַז מען טרעט אַרויס מיט אַ מחאה געגען מחזיק, מאַכט מען דערמיט צונישט זיין חזקה...

(לקוטי הלכות, חזקת מטלטלים)

## ויכרתו משם זמורה... וישאוהו במוט בשנים... (יג. כג.)

פאַרוואָס עפּעס „בשנים"?

דען ווענגען די מרגלים זאָגען די חז"ל, אַז „הלכו גם בשבת". פרעגט זיך: מילא אויפ'ן „איסור תחומין" (נישט צו געהן מעהר, ווי אַ תחום שבת) האָבען זיי זיך אין אַזאַ וויכטיגען מאָמענט ערלויבט עובר צו זיין, ווייל דאָס איז בלויז מדרבנן; אָבער ווי־אַזוי האָבען זיי זיך מתיר געמאַכט צו טראָגען אום שבת אַ משא, וואָס דאָס איז דאָך מדאוריתא, אַנ'„אב־מלאכה"? איז דער תירוץ: „וישאוהו במוט בשנים", און דער דין איז דאָך — „שנים שעשאוהו פטורים"...

(מלא העומר)

## ויספרו לו ויאמרו באנו אל הארץ... (יג. כז.)

אייגענטליך איז דאָס אַלץ, וואָס די מרגלים האָבען דערצעהלט, געווען אמת, זיי האָבען זיך קיין שום זאַך נישט אויסגעטראַכט, אָבער צו ארץ־ישראל קאָן מען נישט צוגעהן מיט'ן אויבערפלעכליכען אמת, מיט דעם, וואָס מען זעהט בלויז מיט'ן אויג, מיט'ן געוועהנליכען חשבון פון „אפס כי עז העם היושב בארץ וכו'"... בנוגע צו ארץ־ישראל גילט פאַר אונז, אידען, אַ פיעל טיפערער אמת, דער אמת פון דער געטליכער הבטחה... און דאָס איז געווען דער חטא פון די מרגלים...

(נפלאות חדשות)

רבי יצחק־אלחנן, דער קאָוונער רב, איז אַליין, ווי בעקאַנט, געווען אַ חובב־ציון, אָבער אַ סעקרעטאַר האָט ער געהאַט, ר' יאַנקעלע ליפשיץ, וועלכער איז געווען ווייט פון חיבת ציון...

ויהי היום, איז רבי שמואל מאָהילעווער געקומען קיין קאָוונא און האָט גע'פועל'ט ביי זיין פריינד, דעם קאָוונער רב, ער זאָל איינאָרדענען ביי זיך אין הויז אַ פערזאַמלונג פון די חובבי־ציון. אין דער לעצטער מינוט אָבער, ווען די פערזאַמלונג האָט שוין גע־זאָלט צושטאַנדקומען, האָט רבי יצחק־אלחנן, אונטער'ן דרוק פון זיין סעקרעטאַר, אַוועקגעשיקט צו רבי שמואל'ן אַ בריוועלע, מיט'ן בעקאַנטען נוסח, אַז „צוליב אַנ־אונפאָראויסגעזעהענער סיבה קאָן ליידער די פערזאַמלונג ביי מיר נישט פאָרקומען".

צומאָרגענס איז דער קאָוונער רב אַוועק מיט אַ בעזוך צום מאָהילעווער רב און איהם איינגעלאַדען צו זיך אויף שבת.

— ליידער — ענטפערט איהם רבי שמואל מאָהילעווער — קאָן איך אייער איינ־לאַדונג נישט אָננעהמען.

— פאַרוואָס עפּעס? — פיהלט זיך רבי יצחק־אלחנן בעליידיגט.

— גאָר פשוט. איך געפין זיך דאָ אין אַנ'אָרימע אכסניא, וואו יעדע סעודה מוז איך פריהער בעשטעלען. ווען איך זאָל, אַלזאָ, אָננעהמען אייער איינלאַדונג און נישט בעשטעלען דאָ די שבת'דיגע סעודה, פערלאָזענדיג זיך אויף אייך, קאָן מיר אַמאָל אויס־קומען אַ גאַנצען שבת צו הונגערן. אין דער סאַמע לעצטער מינוט קאָן איך דערהאַלטען פון אייך אַ בריוועלע, אַז — „צוליב אַנ'אונפאָראויסגעזעהענער סיבה קאָן, ליידער, די שבת'דיגע סעודה ביי מיר נישט פאָרקומען"...

(הדת והתחיה הלאומית)

## וגם זבת חלב ודבש היא וזה פריה... (יג. כז.)

נאָכוואָס האָבען די מרגלים, וועלכע האָבען זיך בעמיהט בלויז אָנצוווייזען אויף די חסרונות פון לאַנד, געפינען פאַר נויטיג דאָס צו דערצעהלען?

דען דאָס וויכטיגסטע אוןווירקזאַמסטע קריגס־מיטעל אין די אַמאָליגע מלחמות איז געוועז צו בעלאַגערען דאָס לאַנד פון שונא און עס אויסצוהונגערען אַזוי לאַנג, ביז עס זאָל זיין געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען. אויך דאָס, אַלזאָ, איז דערמאָהנט געוואָרען נישט לשבח, נור לגנאי, אַז מען וועט דאָס לאַנד נישט קענען בייקומען, עס וועט זיין אונמעגליך עס אויסצוהונגערן, וואָרום — „וגם זבת חלב ודבש היא"...

(כתב סופר)

די דאַזיגע הקדמה איז נויטיג געוועז צו די ווייטערע ווערטער: „אפס כי עז העם היושב בארץ", אַז עס וואוינט דאָרט אַ פאָלק פון בלויז גבורים, וועלכע עס איז אונמעגליך צו בעזיגען. דער בעסטער בעוויז דערויף איז דאָס, וואָס „וגם זבת חלב ודבש היא וזה פריה". וואָס עס איז אַ זעהר גוט און פרוכטבאַר לאַנד און — „עמלק יושב בארץ הנגב והחתי והיבוסי והאמורי יושב בהר והכנעני יושב על הים ועל יד הירדן", און די דאָזיגע שכנים וואָלטען זיכער געוועזן בעלנים צו פערכאַפּען די דאַזיגע פעטע לאַנד, און אויב זיי טהוען דאָס נישט, איז עס בלויז דערפאַר, ווייל — „כי עז העם היושב בארץ"...

(הנ"ל)

## אפס כי עז העם היושב בארץ... (יג. כח.)

צוזאַמען מיט די חסרונות האָבען דאָך די מרגלים אויסגערעכענט אויך די מעלות פון ארץ־ישראל, זאָגענדיג בפירוש: „וגם זבת חלב ודבש היא וזה פריה", טאָ פאַרוואָס איז זיי געקומען אַזוי בענש צו ווערען? נאָר איינ׳ם ענטפּער פון אַ מענש און איינ׳ם אופן ווי אַזוי ער ענטפערט, איז קענטיג די אמת׳ן כוונה זיינע. בשעת מען האָט גוטע כוונות רעכענט מען פריהער אויס די חסרונות און דערביי פיהרט מען אויס: דאָך, פונדעסטוועגען, נישט קוקענדיג דערויף, פערמאָגט עס אָבער אַזעלכע און אַזעלכע מעלות, דאַגעגען בעת מען איז דורכגעדרינגען מיט שלעכטע כוונות, הויבט מען פריהער אָן ביי די מעלות און מען ענדיגט, אַז טראָץ דעם אַלעם, זענען אָבער פאַרהאַן אַזעלכע און אַזעלכע חסרונות, וועלכע שטייגען איבער די מעלות, און דער איינדרוק אויפ׳ן צו־הערער בלייבט שטענדיג דער לעצטער אויספיהר. און אַזוי האָבען זיך אויך נוהג געוועזן די מרגלים; אָנגעהויבען האָבען זיי מיט שילדערען די גוטע זייט: „באנו אל הארץ אשר שלחתנו וגם זבת חלב ודבש היא וזה פריה", אָבער — האָבען זיי זיך גלייך בעמיהט אָבצו־שוואַכען דעם ערשטען רושם — וואָס קומט אַרויס דערפון? „אפס כי עז העם הזה!"...

(דברי יואל)

## והערים בצורות גדולות מאד... (יג. כח.)

„בצורות לשון חוזק, ותרגומו כריכן, לשון בירניות עגולות" (רש"י)

וואָס פאַר אַ דבה רעה האָבען זיי דערמיט מוציא געוועזן אויפ׳ן לאַנד?

נאָר — האָט געזאָגט דערויף רבי שלמה קלוגער בדרך־צחות — אויפ׳ן פסוק אין פ׳ מצורע: „ונתתי נגע צרעת בבית ארץ אחוזתכם", ווערט געזאָגט אין מדרש (ווערט

אויך געבראַכט אין רש״י אויף׳ן אָרט): „בשורה היא להם שהנגעים באים עליהם, לפי שהטמינו אמוריים מטמוניות של זהב בקירות בתיהם וכו׳ ועל ידי הנגע נותץ הבית ומצאן״. אַט די דאָזיגע האַפּנונג, צו קענען געניסען פון אמור׳ישען גאָלד, וואָס איז איינגעגראָבען אין די הייזער, האָבען די מרגלים זיך בעמיהט אָבצושוואַכען ביי די אידען, ערקלערענדיג, אַז די הייזער אין ארץ־ישראל זענען „בצורות גדולות — בירניות עגולות״, פעסטונגס־פּאַלאַצען, וועלכע זענען געבויט קיילעכיג, און דער דין איז דאָך, אַז „בית עגול אינו מטמא בנגעים״ (נגעים פרק י״ב), וממילא האָבען זיי קיין האָפנונג נישט, אַז מען זאָל דאַרפען דאָרט, אין פאַל פון נגעים, פונאַנדערוואַרפען די הייזער און זיי זאָלען געפינען דאָס גאָלד, וואָס די אמוריים האָבען דאָרט בעהאַלטען...

דער עונש פון גלות, וואָס איז אויף אונז נגזר געוואָרען ביז׳ן היינטיגען טאָג, איז אַלץ בכדי מתקן צו זיין דעם חטא פון די מרגלים און פון זייער דבה־רעה, וועלכע איז עד־היום נישט אויסגעוואָרצעלט געוואָרען פון די אידישע הערצער, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „וימאסו בארץ חמדה וכו׳ וישא ידו להם להפיל אותם במדבר ולהפיל זרעם בגוים ולזרותם בארצות״ (תהלים ק״ו), און די גאולה וועט פריהער נישט קומען, ביז מען וועט נישט אויסוואָרצלען פון זיך דעם דאָזיגען חטא, ביז מען וועט נישט אַרויסווייזען די געהעריגע ליעבע צום לאַנד און ביז מען וועט זיך נישט בעמיהען אויסצולייזען זי פון פרעמדע הענד...

(לב העברי)

רבי מאיר־שמחה פון דווינסק, הגם ער איז נישט געוועזען קיין אָפיציעלער ציוני, איז ער אָבער געוועזען אַ הייסער אָנהענגער פון ישוב ארץ־ישראל און ער פלעגט זיך פרעהען מיט יעדע פרישע קאָלאָניע, וואָס עס איז געשאַפען געוואָרען און מיט׳ן כסדר׳דיגען וואוקס פון **בנין־הארץ.**

— רבי — האָבען איהם אַמאָל די מקורבים זיינע געפרעגט — וואָס האָבען מיר פון אַזאַ ישוב ארץ־ישראל, וויבאַלד ער בעשטעהט פון לויטער ציוניסטען, פושעים...

— אין דער תפלה פון קדיש זאָגען מיר — האָט זיי דערויף רבי מאיר־שמחה אָבגעענטפערט — „יתגדל ויתקדש שמיה רבה״! פריהער דאַרף מען מקיים זיין דעם „יתגדל״ און נאָכהער וועט שוין ממילא קומען דער „ויתקדש״...

רבי זונדעל, דער קאַמעניצער מגיד, איז געוועזען אַ גרויסער מאריך אין זיינע דרשות. אַ דרשה פלעגט ביי איהם דויערען נישט ווייניגער פון אַ דריי־פיער שעה. איינמאָל האָט מען איהם איינגעלאַדען קיין מאָסקווע אויף אַ גרויסער פערזאַמלונג, וועלכע איז צונויפגערופען געוואָרען דורך די חובבי־ציון, בכדי צו געווינען דעם עולם און הויפּטזעכליך די גבירים פאַר ישוב ארץ־ישראל. צו דער דאָזיגער פערזאַמלונג איז אויך איינגעלאַדען געוואָרען דער מאָסקווער רב, רבי מאיר־נח, ווי אויך דער בעוואוסטער מטיף, הרב צבי־יהודה יעווזעראָוו. דאָס ערשטע וואָרט האָט בעקומען דער רב, רבי מאיר־נח, וועלכער האָט געהאַלטען פאַר׳ן עולם אַ לאַנגע לומד׳ישע דרשה וועגען גלות און גאולה. נאָכהער האָט זיך אַוועקגעשטעלט יעווזעראָוו און אַוועקגעלעגט אַ לאַנגע פייערדיגע רעדע וועגען אויפלעבונג פון אידישען פאָלק אין אידישען לאַנד. אַז עס איז געקומען די רייה צו רבי זונדלען האָט דער עולם, וועלכער האָט זיך שוין געפיהלט מיעד נאָך די צוויי לאַנגע רעדעס, אַ שטילען זיפץ געטהון. רבי זונדעל האָט פערשטאַנען די בעדייטונג פון דאָזיגען זיפץ און ער האָט זיך געווענדעט צום עולם און געזאָגט: האָט

קיין פעראיבעל נישט, רבותי, כ׳וועל פאר אייך דאס מאל נישט האלטען קיין לאנגע דרשות, בלויז א מעשה שהי׳ וועל איך אייך דערצעהלען:

עס האט א איד אמאל געהאט צאהן־שמערצען, האט ער זיך אויפגעהויבען און איז אוועק מיט׳ן קראנקען צאהן צו א פראפעסאר, מחמת אזוי איז שוין דער שטייגער ביי אידען: ווי נאר עפיס — איז גלייך צום פראפעסאר... האט דער פראפעסאר איהם אויסגעפרעגט, וואס איהם איז, און דערהערענדיג אז עס האנדעלט זיך וועגען צאהן־וועהטאג, האט ער זיך אוועקגעזעצט און געהאלטען פאר איהם א רעפעראט וועגען ציינער, ווי אזוי זיי שניידען זיך און ווי אזוי זיי וואקסען, ווי אזוי זיי פארמירען זיך און ווי אזוי זיי ענטוויקלען זיך, ווי אזוי זיי ווערען קאליע און פארוואס זיי ווערען קאליע און ווי אזוי מען דארף זיי היילען און האלטען אין ארדנונג... און דאן האט ער גענומען ביי איהם דעם האנאראר פאר דער וויזיט און געהייסען געהן א היים. דער רעפעראט האט אבער נישט געהאלפען, די צאהן־שמערצען האבען אויף א האר נישט אבגעלאזט און א גאנצע נאכט האט דער פאציענט לא־עלינו נישט געקאנט שלאפען פון יסורים. וואס זשע טהוט מען? איז ער אין דער פריה אוועק צו א דאקטאר, האט דער דאקטאר בעטראכט דעם צאהן, בעקוקט פון אלע זייטען און דאן האט ער איהם פערשריבען פער־שידענע רעצעפטען, גענומען פאר׳ן וויזיט און געהייסען געהן א היים. די רעצעפטען אבער צו א קראנקען צאהן העלפען נישט און די יסורים ווילען אלץ נישט אבטרעטען. וואס־זשע טהוט מען ווייטער? האט ער זיך מיישב געווען און איז אוועק צו א פראסטען פעלדשער, און דער דאזיגער פעלדשער האט נישט געהאלטען קיין רעפעראטען, נישט פערשריבען קיין רעצעפטען, נאר ער האט גענומען א צוואנג, ארויסגעריסען דעם קראנ־קען צאהן און דעם פאציענט איז מיטאמאל ליכטיג געווארען אין די אויגען...

כך, אזוי, רבותי — האט ער אויסגעפיהרט — איז אויך מיט׳ן אידישען פאלק. דאס אידישע פאלק ליידט נעביך מורא׳דיגע יסורים פון א פוילען צאהן, וואס הייסט גלות. איז געקומען אונזער פראפעסאר רבי מאיר־נח און האט געהאלטען פאר׳ן פאציענט א לאנגען רעפעראט וועגען די סיבות פון גלות, פון וואנען ער שטאמט און וואס עס האט גורם געווען צום גלות. דאס איז אבער א קנאפע ישועה. איז געקומען נאכהער אונזער דאקטאר, הרב יהודה יעווזעראוו, און האט פערשריבען רעצעפטען, ווי אזוי מען דארף פטור ווערען פון גלות. אבער די דאזיגע רעצעפטען וועלען אויך וועניג־וואס העלפען. איך, רבותי, בין נישט קיין פראפעסאר און נישט קיין דאקטאר, נאר א פשוט׳ער פעלד־שער... א צוואנג, אידען — האט ער געשריגען און געקלאפט מיט די פויסטען אין בעלעמער — דארף מען האבען צו אייך! די ציינער, די קראנקע ציינער, דארף מען אייך אויסרייסען!... געלד, אידען, פערלאנג איך פון אייך! געלד אויף אויפצובויען פאר זיך אנ׳אייגענע היים, געלד אויף ארץ־ישראל!...

## ויהס כלב את העם... (יג. ל.)

און פארוואס האט יהושע געשוויגען?

דען אין דער פריהערדיגער סדרה ווערט דערצעהלט, אז „אלדד ומידד מתנבאים במחנה״, אז זיי האבען נביאות געזאגט: „משה מת ויהושע מכניס את ישראל לארץ״. עס איז דעריבער פאר איהם שווער געווען אויסצושרייען צוזאמען מיט כלב׳ן: „עלה נעלה וירשנו אותה״! כדי מען זאל איהם נישט חושד זיין, אז ער איז דערביי פערזענליך אינטערעסירט, אז דעריבער וויל ער, אז די אידען זאלען תיכף געהן קיין ארץ־ישראל, כדי משה זאל שטארבען און ער זאל פערנעהמען זיין פלאץ... (כלי חמדה)

## ויוציאו דבת הארץ וכו׳ אל בני ישראל... (יג. לב.)

פריהער, פאַר משה ואהרן אין די אויגען, האָבען די מרגלים בלויז ערקלערט, אַז „אפס כי עז העם היושב בארץ״. דאָס וואָלט אָבער ווייניג געווען אָבצושרעקען דאָס פאָלק, מחמת אַ טייל אידען וואָלטען געהאַט בטחון צו השי״ת, און אַנדערע וואָלטען זיך סומך געווען אויף זייער אייגענעם כוח, בפרט נאָכדעם, ווי כלב האָט זיי בערוהיגט און אויסגערופען: „עלה נעלה וירשנו אותה כי יכול נוכל לה!״ די מרגלים זענען דעריבער שפּעטער נאָכאַמאָל אַוועק: „אל בני ישראל״, איבער אַלע אידישע געצעלטען, און דאָס מאָל זיי מגלה געווען אַ פרישען שרעקליכען סוד — „הארץ אשר עברנו בה לתור אותה ארץ אוכלת יושביה היא״, אַז אויסער וואָס דאָס פאָלק איז שטאַרק, איז די שטערבליכקייט דאָרט זעהר גרויס, הערשט אינ׳ם לאַנד אַ געפעהרליכער קלימאַט, וואָס עסט אויף די איינוואוינער, און דאָ העלפט שוין נישט קיין גבורה, געגען דעם איז שוין קיין שום עצה נישטאָ...

(לויט׳ן רמב״ן)

„דו זאָלסט נזהר זיין פון צו רעדען, חלילה, שלעכטס און מהרהר צו זיין אויף ארץ־ישראל אַפילו אין אַזאַ דבר־גנות חס־ושלום, וואָס אַלע זעהען עס... אויב אַ איד פיהלט נישט אין זיך קיין געהעריגע ליעבע און יראת הכבוד צו ארץ־ישראל, איז אַ סימן, אַז ער איז זינדיג און דאָס האָבען זיינע זינד דערצו גורם געווען, דען עס שטעהט געשרי־בען: ‚כי רצו עבדיך את אבניה ואת עפרה יחוננו׳, און אויב ער איז נישט דורכגעדרינגען מיט ליעבע צו די שטיינער פון ארץ־ישראל, בעווייזט עס, אַז ער איז נישט דעם אויבערשטענ׳ס קנעכט״.

(צח ואדם)

„יברכך ד׳ מציון וראה בטוב ירושלים״ (תהלים קכ״ח)... דאָס איז אַ בעזונדערע ברכה, אַז דאָס אידיש אויג זאָל זוכה זיין צו זעהן נור „בטוב ירושלים״, דאָס גוטע פון ירושלים, איהר שענקייט און איהרע מעלות, נישט, חלילה, קיין חסרונות...

(זמרת הארץ)

## ארץ אוכלת יושביה... (יג. לב.)

„בכל מקום שעברנו מצאנו קוברי מתים״ (רש״י)

עס איז געווען אַ מנהג ביי די פאַרצייטיגע כנענים, אַז בשעת עס פלעגט ביי זיי ווער שטאַרבען, האָבען זיי איהם נישט באַלד בעגראָבען, נאָר זיי האָבען איהם געלאָזט ליגען אין אַ קאַסטען, ביז עס איז געשטאָרבען אַנ׳אדם חשוב און דאַמאָלס ערשט פלעגט מען צונויפנעהמען און מקבר זיין די אַלע אָנגעזאַמעלטע מתים, כדי ער זאָל אויף זיי מגין זיין און זיי מיטנעהמען אין גן־עדן אַריין. און דערמיט ווערט אונז, אַלזאָ, פער־שטענדליך די טענה פון די מרגלים: „ארץ אוכלת יושביה היא״, דען ווי די חז״ל זאָגען (סוטה ל״ה, ווערט אויך געבראַכט אין רש״י אויפ׳ן פסוק „סר צלם״), איז אינ׳ם דאָזיגען טאָג געשטאָרבען איוב און צוזאַמען מיט איהם, אַלס אדם חשוב, האָט מען אויך קובר געווען אַלע איבריגע מתים. די מרגלים אָבער, זעהענדיג אַזויפיעל מתים אין איין טאָג, האָבען זיי געמיינט, אַז עס הערשט אין לאַנד אַזאַ גרויסע שטערבליכקייט...

(ש״ך על התורה)

מיר זענען נישט געגנוג פרום — האָבען גע׳טענה׳ט די מרגלים — צו געהן קיין ארץ־ישראל, דען „ארץ אוכלת יושביה היא״, ארץ־ישראל פערטראָגט נישט קיין זינדיגע מענשען, אין ארץ־ישראל דאַרפען זיך געפינען בלויז צדיקים... דערויף האָבען יהושע וכלב זיי געענטפערט: פערקעהרט! „טובה הארץ מאד״, דען — „המהלך ד׳ אמות בארץ־ישראל מכפרין לו על כל עוונותיו״...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

„ארץ אוכלת יושביה היא״ — ארץ־ישראל לײדט נישט קיין „יושבים״, דאָרט דאַרף מען זיין הולכים, עולים — דאָרט דאַרף מען שטײגען...

(א חסידי׳ש וואָרט, פאַרן אסטראָווצער רבי׳ן)

## וכל העם אשר ראינו בתוכה אנשי מדות... (יג. לב.)

אויך דאָס געהער צום „דבת הארץ״, צו די חסרונות פון לאַנד. בלויז אנשי־מדות — האָבען די מרגלים ערקלערט — קאָנען דאָרט עקזיסטירען, בלויז גבורים, דען ס׳איז אַ „ארץ אוכלת יושביה״, וואו די שוואַכערע מוזען אויסשטאַרבען...

(אהל יעקב)

## ונהי בעינינו כחגבים וכן היינו בעיניהם... (יג. לג.)

„שמענו אומרים זה לזה נמלים יש בכרמים״ (רש״י)

אַ פלא! אין פסוק שטעהט דאָך אויסדריקליך „כחגבים״, פאַרוואָס איז רש״י משנה און זאָגט „נמלים״?

## ותשא כל העדה ויתנו את קולם ויבכו... (יד. א.)

דערויף געפינען מיר אין ילקוט שמעוני פאָלגענדע אונפערשטענדליכע שטעלע: „כאדם שיש לו מת והוא צווח ובוכה וכו׳ כדן בלום לאמו של משה יכולה לבלום צפורנו של אחד מהם אני יודע מה ראיתי, מיד הם כולן גועין בבכיה וכו׳״...

אייניגע מבארים פרובען עס מסביר זיין מיט פערשידענע פשטים און ערקלערונגען, אָבער קיין איינע פון זיי בעפרידיגט נישט.

## טובה הארץ מאד מאד... (יד. ז.)

ארץ־ישראל — פלעגט זאָגען דער בעש״ט — האָט אין זיך אַזאַ כח, אַז פון „ארץ״ איז זי אומשטאַנד צו מאַכען — „ישראל״...

„עשרה יוחסים עלו מבבל, כהני לויי ישראלי חללי גיורי וחרורי ממזרי וכו׳״

(קדושין ס״ט)

נישט נאָר די כהנים און לווים, נאָר אויך די, וואָס ווערען אויסגערעכענט צום סוף, ווערען בעצייכענט, ווי מיר זעהען, מיט׳ן געהויבענעם טיטול „יוחסים״, ווארום דער געמיינסטער איד, קוים פאָהרט ער זיך בעזעצען אין א״י, ווערט ער שוין דערמיט אַליין נתעלה צו דער מדרגה פון אַ „יחסן״...

(הרב אברהם גאַלאַנט)

„מי יעלה בהר ד׳ ומי יקום במקום קדשו״ (תהלים סד. ג.)

בשעת מען שטייגט אויף אַ באַרג, וואַרפט מען פון זיך אַראָב די שווערע קליידער, אַלע איבעריגע באַלאַסטען, און אַזוי דאַרף מען אויך טהון בשעת מען געהט קיין ארץ־ישראל — מען דאַרף זיך פאַרנעהמען צו לעבען דאָרט ווי־ווייט מעגליך בעשיידען, אָהן גרויסע פערלאַנגען, אָהן מותרות...

(חיד״א)

אין „שיחות הר״ן״ ווערט דערצעהלט: רבי נחמן בראַסלאַווער האָט אַמאָל אין אַ שמועס מיט זיינע תלמידים זיי מעורר געווען, אַז מען דאַרף זיך זעהר און זעהר בעמיהען צו צוברעכען אַלע מניעות און צו זיין אין ארץ־ישראל, און זעהענדיג, ווי די תלמידים זוכען רמזים אין זיינע ווערטער, האָט ער צוגעגעבען: כ׳מיין ארץ־ישראל אָהן רמזים, נישט דאָס ארץ־ישראל של מעלה, נאָר דאָס ארץ־ישראל של מטה, טאַקי דאָס פשוט׳ע ארץ־ישראל מיט איהרע הייזער, פעלדער און גערטנער...

„יגער ד׳ בך השטן וכו׳״ (זכריה ג. ב.)

זאָל השי״ת אָנשרייען אויפ׳ן שטן, „ויגער ד׳ בך הבוחר בירושלים״ — זאָל ער אָנשרייען אויף איהם, הלמאי ער האָט זיך מיט זיין קטרוג אָנגעזעצט דוקא אויף דער הייליגער שטאָדט ירושלים, אויסרעדענדיג כל־דאָס־בייז אויף די דאָרטיגע אידישע קינדער, באשר זיי זענען נישט געגנוג פרום, באשר זיי לעבען נישט ברוח־התורה וכדומה... מען דאַרף דאָך נישט פערגעסען, אַז „הלא זה אוד מוצל מאש״, אַז די דאָזיגע בחורים זענען דערפאַר נעביך אַזוי שטאַרק אָבגעזעצט אין אידישקייט, ווייל זיי זענען קוים אין דער לעצטער מינוט אַרויסגעראַטעוועט געוואָרען פון פייער, אַז ווען זיי וואָלטען אויף ווייטער פערבליבען אין די גלות־לענדער, וואָלטען זיי דאָרט מיט דער צייט, חלילה, אינגאַנצען פערברענט געוואָרען און עס וואָלט לגמרי ביי זיי ח״ו קיין זכר פון אידישקייט נישט געבליבען... איצט עכ״פ אַרבייטען זיי כאָטש לטובת אונזער לאַנד און פאָלק און מיט דער צייט, קענען מיר דעריבער האָפען, וועלען זיי זיך בעז״ה אומקעהרען אינגאַנצען צו אונז...

(רבי אלי׳ קלאצקין)

„ז׳ מאות מיני דגים טהורים וח׳ מאות חגבים טהורים היו בא״י וכלן גלו עם ישראל וכשחזרו חזרו עמהן חוץ מדג אחד ששמו שיבוטא״ (מדרש רבה איכה)

בלויז דער „שיבוטא״ האָט זיך נישט געוואָלט צוריק אומקעהרען קיין ארץ־ישראל.

דען וועגען דער „שיבוטא״ זאָגען די חז״ל (חולין ל״ט): „חזיר — מוחא דשיבוטא״, אַז דער דאָזיגער פיש האָט אַ חזיר׳שען מוח...

(ילקוט פנינים)

## ואתם אל תיראו את עם הארץ כי לחמנו הם... (יד. ט.)

„כי לחמנו הם״, עס איז פאַר אונז אַ ברויט־פראַגע. ארץ־ישראל איז אונז נויטיג ווי ברויט, אָהן וועלכען עס איז אונמעגליך אויסצוקומען, און מיר טאָרען דעריבער אויף קיין זאַך נישט קוקען און זיך מיט קיינע שוועריגקייטען און שטערונגען נישט רעכענען...

(רבי שלום־מרדכי מברעזאן)

אין תנ״ך געפינען מיר דעם אויסדרוק „לחם״ נישט־נאָר אויף מלחמה, נאָר אויך אויף נצחון, ווי: „ולא לגבורים המלחמה״ (קהלת ט. יא.), און דער זין איז, אַלזאָ: „כי לחמנו (פון לשון „ד׳ ילחם לכם״) הם״, מיר וועלען זיי בעזיעגען און מנצח זיין, און אַזוי איז טאַקע מתרגם יונתן בן־עוזיאל: „לחמנו הם — ארום בידנא מסירין הינון״.

(הכתב והקבלה)

דער חוזה פון לובלין פלעגט יעדען טאָג זאָגען זיך אַליין מוסר, מאַכען זיך די שטרענגסטע פאָרוואורפען, אויסרעכענען אויף זיך כל־מיני חסרונות און יעדעס מאָל פאַר׳ן אַוועקזעצען זיך לערנען פלעגט ער אויסשרייען: רבונו־של־עולם! אפשר מיינט מען עס מיך מיט׳ן „ולרשע אמר אלקים מה לך לספר חקי?!״...

ויהי היום, האָט איהם אימיצער אונטערגעטראָגען, אַז די מתנגדים האָבען גערעדט אויף איהם לשון־הרע, און הערענדיג דאָס, האָט עס איהם שטאַרק פערדראָסען. פרעגט איהם אַ חסיד:

— רבי, איהר אַליין רעדט דאָך אויס אויף זיך כל דבר אסור, טאָ הלמאי פערדריסט אייך, ווען דאָס זעלבע טהוען מתנגדים?

ענטפערט איהם דער „חוזה״:

— געוויס, דאָס אַלץ, וואָס איך זאָג אויף זיך איז אמת און וואָס אַנדערע זאָגען אויף מיר, איז אודאי אויך אמת, אָבער אויך די מרגלים האָבען געזאָגט אמת, און דאָך זענען זיי נענש געוואָרען... דען עס איז געווענדעט, ווי אַזוי מען זאָגט דעם דאָזיגען אמת, אויף וואָס פאַר אַן אופן. זאָגט מען עס מיט בעדויערונג, מיט צער, איז עס נישט מעהר ווי אמת, זאָגט מען עס אָבער מיט הנאה, מיט שאָדען־פרייד, איז עס לשון־הרע... און דערויף טאַקע קלאָגט זיך דוד המלך: „עוני אגיד אדאג מחטאתי״ — בשעת איך אַליין רעד וועגען מיינע חטאים, זאָג איך עס מיט דאגה, מיט צער, אָבער — „ואויבי חיים עצמו״, בשעת מיינע שונאים רעדען וועגען דעם — „חיים עצמו״, בעקומען זיי אַריין אַ חיות, האָבען זיי דערפון אַ געוואַלדיגע הנאה...

## כי לחמנו הם סר צלם מעליהם... (יד. ט.)

וועגען מן ווערט געזאָגט אין דער תורה: „וחם השמש ונמס״, אַז מיט׳ן אויפשיינען פון דער זון איז דער מן צורינען געוואָרען. וועלענדיג, אַלזאָ, בערוהיגען דאָס פאָלק און בעזייטיגען דעם פּחד פון די מרגלים וועגען דער איבערגעטריבענער שטאַרקייט פון דער ארץ־ישראל׳דיקער בעפעלקערונג, האָבען יהושע וכלב זיך אויסגעדריקט בדרך־משל און געזאָגט: „ואתם אל תיראו את עם הארץ״, איהר האָט פאַר זיי נישט וואָס מורא צו האָבען, „כי לחמנו הם״, זיי זענען געגליכען צו אונזער ברויט, צום מן, „סר צלם מעליהם״, עס איז ווי דער שאָטען וואָלט זיך פון זיי אָבגעקעהרט, ווי זיי וואָלטען זיך געפינען אונטער דער ברענענדער זון, וואו מען קאָן לאַנג נישט אויסהאַלטען, און פונקט ווי ביים מן וועט אויך ביי זיי זיין — „וחם השמש ונמס״...

(כלי יקר)

## עד אנה ינאצוני העם הזה ועד אנה לא יאמינו בי... (יד. יא.)

אַ מערקווירדיגע זאַך מיט זיי: „ינאצוני העם הזה״ און גלייכצייטיג — „לא יאמינו בי״. ממה־נפשך: דערצערנען זיי דעם אויבערשטען, הייסט דאָך עס, אַז זיי גלויבען אין

איהם און אין זיין עקזיסטענץ; און אויב זיי גלויבען ווידער, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, טאָ ווי־אַזוי האָבען זיי קיין מורא נישט איהם צו דערצערנען?...
(בינה לעתים)

## והמתה את העם הזה כאיש אחד... (יד. טו.)

ביי אַ יחיד — זאָגען די חז״ל — ווערט מען מיט׳ן עונש ביז דריי עבירות; דאַגעגען ביי אַ צבור — ביז פיער עבירות. די אידען אין מדבר זענען דאַסמאָל בעגאַנגען דעם דריטען חטא: מעשה־עגל, מעשה־מתאוננים, און איצט — מעשה־מרגלים... און אויב אַזוי, טאָ ווי געשיקט זיך עס, אַז „והמתה את העם הזה כאיש אחד״, אַז צום צבור, צו אַ גאַנץ פאָלק, זאָל מען אַנווענדען דעמזעלבען דין, ווי צו אַ „איש אחד״, אַ יחיד?...
(רבי ברוך־מרדכי עפשטיין)

## ד׳ ארך אפים ורב חסד וכו׳ ונקה לא ינקה... (יד. יח.)

„כל זמן שישראל עושים לפני כסדר הזה מיד הם נענים״ (מדרש)

וואָס עפּיס „כסדר הזה״? דען פון אַלע געטליכע מדות, אויף וועלכע עס ווערט געזאָגט „הדבק במדותיו״, זענען די מענשען עפ״י רוב נוטה אויסצוקלויבען די סאַמע לעצטע מדה, דעם „ונקה לא ינקה״, דאָס נעהמען נקמה... און דערויף קומט, אַלזאָ, דער דיוק: „כסדר הזה״! אַנהויבען זאָלסטו פון „רחום וחנון״, נישט פון „ונקה לא ינקה״...
(אמרות טהורות)

## סלחתי כדברך וכו׳ וימלא כבוד ד׳ את כל הארץ... (יד. כ. כא.)

רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער פלעגט, כידוע, זיך אויס׳טענה׳ן ביי יעדע געלעגענהייט מיט׳ן רבונו־של־עולם און האָבען צו איהם פּרעטענזיעס, באשר ער בעהאַנדעלט נישט דאָס פאָלק ישראל, ווי עס דאַרף צו זיין.

— היתכן, רבי — האָט איהם דערויף אַמאָל בעמערקט איינער פון זיינע נאָהנטסטע מקורבים — ווי מעג מען דאָס? דאָס הייסט דאָך, חלילה, גערעדט לשון־הרע אויפ׳ן רבונו־של־עולם!

האָט איהם רבי לוי־יצחק געענטפערט:

וועגען די מרגלים, דערצעהלט אונז די תורה, אַז זיי האָבען גערעדט לשון־הרע סיי אויף ארץ־ישראל, סיי אויפ׳ן רבונו־של־עולם, געגען וועלכען זיי האָבען זיך אויסגעדריקט — „כי חזק הוא ממנו״, אָבער השי״ת האָט זיי דעם לעצטען חטא מוחל געווען: „ויאמר ד׳ סלחתי כדבריך״, צוגעבענדיג דערצו אַ טעם, אַז דערפאַר איז ער זיי דאָס מוחל, ווייל „ואולם חי אני וימלא כבוד ד׳ את כל הארץ״, השי״ת איז איבעראַל, מלא כל הארץ כבודו, און דער דין איז: „כל מלתא דמתאמרא באפי מרה ליה בה משום לישנא בישא״ (ערכין ט״ו), איז עס נישט קיין לשון־הרע...

## וינסו אותי זה עשר פעמים... (יד. כב.)

„וינסו — כמשמעו״ (רש״י)

צוליב וואָס איז נויטיג דער „כמשמעו״ און וואָס ווערט געמיינט דערמיט?

נאָר אַ טייל פון די ראשונים ערקלערען, אַז די ציפער „עשר" ווערט דאָ נישט געמיינט אין בוכשטעבליכען זין. אַזוי זאָגט דער אבן־עזרא: „והזכיר עשר בעבור היותו סך חשבון כי הוא סוף האחדים וראש העשרות", און דאָס זעלבע זאָגט אויך דער רשב"ם: „זה עשר פעמים לאו דוקא וגוזמא נקט", און דעריבער בעמערקט רש"י: „וינסו — כמשמעו", אַז דאָ רעדט זיך טאַקי ממש וועגען צעהן מאָהל: „שנים בים ושנים במן ושנים בשליו וכו'"...

(רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

## ועבדי כלב עקב היתה רוח אחרת עמו... (יד. כד.)

דער קאָוונער רב, רבי יצחק־אלחנן, האָט, כידוע, סימפּאַטיזירט מיט דער חבת־ציון בעוועגונג, אָבער קיין אַקטיווען אַנטייל האָט ער דערין נישט גענומען און אונטער'ן דרוק פון זיין בעקאַנטען סעקרעטאַר, וועלכער איז געווען דער פיהרער פון דער „לשכה השחורה", האָט ער פערנומען אַ נייטראַלע פּאָזיציע און — געשוויגען.

איינמאָל, בשעת די דערמאָהנטע „לשכה השחורה" האָט אָנגעהויבען אַ שטאַרקען קאַמף געגען די חובבי־ציון ארויסלאָזענדיג געגען זיי אַ רייהע העסליכע פּאַמפלעטען, האָט דאַן רבי שמואל מאָהילעווער זיך געווענדעט מיט אַ בריעף צו רבי יצחק־אלחנן, וועלכען ער האָט פאָרגעוואָרפען, פאַרוואָס ער שווייגט און לאָזט נישט הערען עפענטליך זיין מיינונג וועגען דער פראַגע, אויף וואָס רבי יצחק־אלחנן האָט איהם געענטפערט, אַז ער האַלט דאָס פאַר איבריג, דען „די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז איך בין מיט אייך".

דערויף האָט איהם רבי שמואל מאָהילעווער צוריקגעענטפערט:

— צוויי מענשען זענען געווען געגען די מרגלים: כלב און יהושע, און דאָך ווערט געזאָגט אין פּסוק: „ועבדי כלב עקב היתה רוח אחרת עמו". פאַרוואָס ווערט נישט גע־זאָגט דאָס זעלבע וועגען יהושע'ן, אויך ער איז דאָך געווען אין דער זעלבער מיינונג וואָס כלב? — דערפאַר, ווייל בשעת די מרגלים זענען אַרויס מיט זייער ערשטען שטורם קעגען ארץ־ישראל, שטעהט בלויז: „ויהס כלב את העם", יהושע דאַגעגען האָט זיך אָוועקגערוקט אָן אַ זייט און געשוויגען, פערלאָזענדיג זיך אויפ'ן חבר, און גענומען אַ וואָרט האָט ער ערשט שפּעטער, ווען עס איז שוין צוגעקומען דערצו, אַז „ויפול משה ואהרן על פניהם"...

## במדבר הזה יפלו פגריכם... (יד. כט.)

אויף יעדע זינד פּועל'ט דאָך תשובה, און אויך דאָ האָבען דאָך די אידען גלייך תשובה געטהון און חרטה געהאַט, אויסשרייענדיג: „הננו ועלינו אל המקום... כי חטאנו"! פאַרוואָס־זשע האָט עס נישט גע'פּועל'ט, פאַרוואָס איז גראַד דאָ אַזוי שטרענג און האַרב דער משפּט געווען? — זאָגט דערויף דער דובנער מגיד אַ משל:

אַנ'אויפגעקומענער גביר האָט געוואָלט אַ שידוך טהון מיט אַ טאָכטער, זענען גע־קומען שדכנים און איהם פאָרגעלעגט צוויי שידוכים: איינעם מיט אַ גביר'יש זוהנדעל, נאָר אַ גראָבער יונג, אַ פערדאָרבענער פאַרשויך, אַ הולטאַי שבהולטאַיעס, און אַ צווייטען — מיט אַנ'איידעלען בחור, אַ בעל־מדות, אַ זוהן פון אַ גרויסען גאון. אויסגעקליבען האָט ער דעם צווייטען שידוך, אָבער אַ תנאי האָט ער געשטעלט, אַז דער מחותן מוז, אויסער אַ שענע וויפראַווע, אויך געבען דער כלה אַ פּאָר ברילליאַנטענע אוירינגלעך. אָבער היות ווי דער מחותן האָט נישט געוואָלט נעהמען אויף זיך קיין שום התחייבות'ן,

האָט דער אב־הכלה ערקלערט, אַז אויב אַזוי, ווייל ער זיך בעסער משדך זיין מיט'ן גביר, מיט'ן גראָבען יונג, וועלכער וועט נישט זשאַלעווען קיין כלה־מתנות... אין אַ שטיקעל צייט אַרום, אונטער'ן איינפלוס פון די הויז־מענשען און גוטע פריינד, האָט ער זיך פּלוצים מיישב־געווען, אַז מילא, פערפאַלען, ער איז שוין מסכים... דאָ אָבער איז אָנגעקומען אַנ'ענטפער פון מחותן, אַז איצט וויל ער שוין נישט בעשטעהן. וויבאַלד — זאָגט ער — עס איז ביי יענעם רעכט געווען, אַז צוליב אַ פּאָר אוירינגלעך זאָל ער בעסער טהון דעם שידוך מיט'ן גראָבען יונג, איז אַ סימן, אַז ער איז נאָך אַליין אויך געגוג גראָב, אַז תורה און יחוס האָבען פאַר איהם גאָר אַ קנאָפּען ווערט... און מיר זענען דעריבער נישט קיין געפּאַסטע מחותנים!...

דאָסזעלבע איז געווען מיט די מרגלים און מיט'ן דור־המדבר: וויבאַלד עס איז ביי זיי רעכט, צוריקקומענדיג פון ארץ־ישראל, אויסצורעדען אויפ'ן לאַנד כל־דאָס־בייז און צו טענה'ן, אַז אין מצרים קאָן מען בעקומען מעהר פיש און ביליגער — איז אַ סימן, אַז עס פעהלט זיי דער העכערער, אידעלער בעגריף פאַר ארץ־ישראל... אַזעלכע, וואָס מעסטען דאָסדאָזיגע לאַנד מיט דער בלויזער מאָס פון פרנסה און „ביליגע פיש", קאָנען מיט דעם לאַנד קיין מחותנים נישט זיין!...

(אהל יעקב)

אַלע חטאים האָט מען זיי מוחל געווען, אפילו דעם חטא פון ע ג ל, בלויז דעם חטא פון די מרגלים האָט מען זיי נישט געוואָלט מוחל זיין.

דען אויף יעדען חטא, סיי בין אדם למקום, סיי אויף די זינד, וואָס איין מענש בעגעהט געגען צווייטען, אויב נאָר ער האָט יענעם מפייס געווען, פּועל'ט תשובה; חוץ אויף די זינד, וואָס מען בעגעהט געגען פ אָ ל ק — דאָ קאָן שוין קיין שום תשובה און קיין שום חרטה נישט העלפען... „בחרב ימותו כל חטאי עמי!" (עמוס ט.)...

(רבי יצחק־אלחנן מקאָוונאָ)

## וטפכם אשר אמרתם לבז יהי' וכו' וידעו את הארץ... (יד. לא.)

פון דאַנען איז צו זעהען, אַז אויך דאַמאָלס איז מיט'ן גאולה־רעיון און מיט דער בקשה צו ארץ־ישראל אַממעהרסטען געווען דורכגעדרונגען די יוגענד...

(דרשות הר"ז)

אין איינעם פון זיינע בריעף פון ארץ־ישראל שרייבט רבי מענדיל וויטעבסקער צו זיינע חסידים וועגען דעם, וואָס מען איז אַזוי מבטל די לעצטע, היינטיגע דורות, די דורות פון „עקבתא דמשיחא", און ער פיהרט־אויס: „וטפכם אשר אמרתם לבז יהיה... וידעו את הארץ" — דוקא דידאָזיגע דורות, צו וועלכע מען בעציהט זיך מיט אַזאַ גרינג־שעצונג, גראָד זיי וועלען דערקענען און דערפיהלען די אמת'ע אהבה צו ארץ־ישראל...

## הננו ועלינו אל המקום אשר אמר ד' כי חטאנו... (יד. מ.)

דעריבער איז זייער תשובה נישט אָנגענומען געוואָרען און ס'איז געקומען דער ענטפער: „אל תעלו כי אין ד' בקרבכם", ווייל ווי עס איז צו זעהען אינ'ם דיוק פון פסוק האָבען זיי בלויז ערקלערט: „אשר אמר ד' כי חטאנו", גאָט זאָגט, אַז מיר האָבען געזינ־דיגט. זיי אַליין אָבער האָבען זיך צו די זינד נישט מודה געווען...

(ארון עדות)

## למה זה אתם עוברים את פי ד׳ והיא לא תצלח...
## ויעפילו לעלות... (יד. מא. מד.)

כאָטש מען האָט זיי דייטליך ערקלערט, אַז דאָס געהן קיין ארץ־ישראל איז געגען דעם אויבערשטענ׳ס רצון, דאָך — „ויעפילו לעלות״, דען „כל מה שיאמר לך בעל־הבית עשה, חוץ — מצא״...

(חתם־סופר)

אין ספר „צדקת הצדיק״ (אות מ״ו) ווערט געבראַכט אויפ׳ן דאָזיגען פסוק אַ וואונ־דערליכע שטעלע פון לובלינער רבי׳ן, דער בעריהמטער גאון און צדיק רבי צדוק הכהן, נעמליך:

...„די מעפילים, וועלכע האָבען געוואָלט געהן קיין א״י געגען ווילען פון דער השגחה, האָבען זיך געהאַלטען אינ׳ם כלל: „כל מה שיאמר לך בעה״ב עשה חוץ מצא״, אַז אין אַלעם, הייסט עס, דאַרפסטו פאָלגען דעם בעה״ב, אַ חוץ ווען ער וויל דיך אַרויס־טרייבען פון זיין הויז... „והיא לא תצלח״, דאָס געגענשטעלען זיך איז זיי דאַמאָלס נישט געלונגען. עס וועט אָבער קומען אַ צייט, ווען דאָס וועט יאָ געלינגען, און דאָס איז אין אונזער היינטיגער צייט, בעקבתא דמשיחא״...

## מראשית עריסותיכם תתנו לד׳... (טו. כא.)

פערנעהמט זיך מיט׳ן חנוך פון אייערע קינדער, ווען זיי ליעגען נאָך אין די וויגען, שוין דעמאָלט מוזט איהר אָנהויבען זאָרגען צו ערציהען זיי אַלס אידען... נישט וואַרטען, נישט אָבלעגען אויף שפּעטער!...

(חתם־סופר)

## והם הביאו את קרבנם... וחטאתם... (טו. כה.)

דערויף ווערט געזאָגט אין אבן־עזרא: „וחטאתם הוא השעיר, ובעבור שהוא סמוך אל עזים הוא קטן, והעתיד הפך״.

די מפרשים מאַטערן זיך צו ערקלערען דעם זין פון די ווערטער „והעתיד הפך״. אַ טייל זענען מגיה, אַז עס דאַרף זיין „והעתוד הפך״, ס׳הייסט, אַז דאָרט, וואו עס שטעהט „שעיר״ אָהן דעם וואָרט „עזים״, מיינט מען נישט קיין קטן, נאָר אַ גדול, אַנ׳עתוד, אַ תיש... אַנדערע מאַכען נאָך אַ גרעסערן תקון־טעות, אַז עס דאַרף שטעהן: „והעד הפר״ — אַ ראיה, הייסט עס, פון פר: פונקט ווי „פר בן־בקר״ מיינט מען אַ קטן, און פר אַליין איז גדול, אַזוי איז דאָסזעלבע אויך מיט שעיר...

באמת אָבער לאָזט זיך עס ערקלערען גאַנץ איינפאַך, אָהן שום נויטיגקייטען צו מאַכען דאָ „תיקונים״, נעמליך: אַלס קרבן־חטאת פון אַ צ ב ו ר ווערט געבראַכט אַ שעיר־עזים, אַ קטן; דאַגעגען אַ קרבן־חטאת פון אַ י ח י ד, וועגען וואָס עס רעדט זיך אין ווייטערדיגען פסוק, בעשטעהט פון אַ „עז בת־שנתה״, אַ גדול. און אָט דאָס, אַלזאָ, מיינט דער אבן־עזרא צו זאָגען: „והעתיד״, דער חטאת פון קינפטיגען, נעכסטען פסוק: „ה פ ך״, איז פערקעהרט, איז אַ גדול...

(מ. ה. סלוזעווסקי)

## האזרח בבני ישראל ולגר הגר בתוכם תורה אחת יהי׳ לכם... (טו. כט.)

על־אחת־כמה־וכמה — פלעגט דערויף זאָגען רבי חיים בריסקער — אַז די פרומע אידען דאַרפען אודאי און אודאי האָבען איין תורה...

## ויהיו בני ישראל במדבר וימצאו איש מקושש עצים... (טו. לב.)

דערויף ווערט געזאָגט אין בעל־הטורים: „סמך מקושש למגדף לומר לך שבזמן אחד היו כדאיתא בחולין פרק קמא, ומפני ששבת חמורה כעבודה־זרה סמך להם פ׳ ציצית ששקולה ג״כ ככל המצוות״.

וואו ווערט דען אין מס׳ חולין דערמאָהנט, אַז מקושש ומגדף בזמן אחד היו?

נאָר, ווי עס ווייזט אויס, זענען די ווערטער „כדאיתא בחולין פ״ק״ נישט געשטעלט געוואָרען דורכ׳ן מדפיס אויפ׳ן ריכטיגען אָרט און דאַרפען דאַרף זיין אַזוי: „סמך מקושש למגדף לומר לך שבזמן אחד היו, ומפני ששבת חמורה כע״ז, כדאיתא בחולין פ״ק, סמך להם פרשת ציצית״. אַזוי איז ריכטיג, דען דער מאמר, אַז „שבת חמורה כע״ז״, געפינט זיך טאַקע אין ערשטען פרק חולין דף ה׳.

(מקור ברוך)

צוליב וואָס זענען נויטיג די ווערטער: „ויהיו בני ישראל במדבר״, מען ווייסט דאָך, אַז די אידען זענען דאַמאָלס געווען אין דער מדבר?

נאָר דער פסוק מיינט אונז דערמיט מרמז צו זיין, אַז צום חילול שבת האָט דער־פיהרט דאָס, וואָס זיי האָבען זיך געפונען אין דער מדבר, אין גלות. ווען זיי וואָלטען נישט צוליב זייערע זינד בעדאַרפט וואַנדערן אין דער מדבר און זיי וואָלטען גלייך אַריינגעגאַנגען קיין ארץ־ישראל, וואָלט דערצו נישט געווען געקומען...

(רבינו בחיי)

„מקושש לשם שמים נתכוין״ (מדרש רבה)

און פונדעסטוועגען האָט מען איהם פער׳משפט, ווייל מען טאָר זיך אין אַזעלכע פאַלען נישט רעכענען מיט דברים שבלב, מחמת דאָס וואָלט געגעבען אַנ׳אָרט פאַר פער־שידענע פערברעכער צו געפינען עפּעס אַנ׳אויסרייד און אַנצוווייזען, אַז זיי זענען מיט זייער פערברעך אויסען געווען לשם־שמים...

(אמרי ירמי׳)

## ונתנו על ציצית הכנף פתיל תכלת... (טו. לח.)

צווישען די ווערטער „הכנף פתיל״, זאָגען די חז״ל (ברכות ט״ו), דאַרף געמאַכט ווערען אַ הפסק, ווייל „הכנף״ ענדיגט זיך מיט אַ „פ״, און אויב מען וועט עס לייענען אָהן אַ הפסק וועט איין „פ״ נבלע ווערען און עס וועט בלייבען „הכנפתיל״.

דערפון איז, אַלזאָ, צו זעהען, אַז אין די צייטען פון חז״ל האָט מען גערעדט לשון־קודש מיט דער הברה הספרדית, לויט וועלכעביידע פייען ווערען געלייענט ווי מיט דגושים, דען לויט דער הברה האשכנזית איז דאָך די ערשטע „פ״ אַ רפה און די צווייטע מיט אַ דגש, יעדע פון זיי ווערט אַנדערש אַרויסגערעדט און אויף אַזאַ אופן איז דאָך דער גאַנצער הפסק נישט נויטיג...

(הרב ברוך עפשטיין)

## והי׳ לכם לציצית וראיתם אותו וזכרתם... (טו. לט.)

אויף דער ערשטער אסיפת־הרבנים אין פעטערבורג, אין די צייטען פון ניקאָלאַי דעם ערשטען, איז דער ראש־המדברים פון אַלע רבנים געווען רבי איטשעלע וואָלאָזשינער, מיט וועלכען די מלוכה האָט זיך שטאַרק גערעכענט און זי האָט געוואָלט פועל׳ן ביי איהם, ווי אויך ביי די איבריגע רבנים, אַז אידען זאָלען זיך נעהמען צו בילדונג, זאָלען אויסטהון די לאַנגע מלבושים, אָבשערען די פיאות וכדומה. דער "מעקלער" פון השכלה פאַר אידען איז דאַן געווען ד״ר ליליענטאַל, אַ קאַזיאָנער ראַבינער, וועלכער איז אַ גרויסער חשוב געווען ביים דאַמאָלסטיגען בילדונגס־מיניסטער אָוואַראָוו; ער איז אַרומגעפאָהרען איבער די אידישע קהלות און צוגערעדט אידען, זיי זאָלען פאָלגען די מלוכה, זיך אָנטהון "דייטש" און שיקען די קינדער אין די שקאָלעס.

איינמאָל, בשעת דער אסיפת הרבנים, רופט־זיך־אָן דער מיניסטער אָוואַראָוו צו רבי איטשעלע׳ן:

— נאַכוואַס, ראַווין, דאַרפסטו טראָגען אַזאַ גרויסען טלית־קטן מיט אַזעלכע לאַנגע ציצית, ס׳זאָל זיך אַרויסזעהן אין דרויסען? קאָן מען דען נישט זיין אַ פרומער איד און טראָגען אויפ׳ן האַרצען אַ קליינעם טלית־קטן מיט קורצע ציצית? אָט איז ד״ר ליליענטאַל, אויך אַ רעליגיעזער איד, אַ ראַבינער, טראָגט אודאי אויך ציצית, אָבער מען זעהט נישט אַרויס...

— כ׳וועל דיר זאָגען, אדוני מיניסטער — ענטפערט איהם רבי איטשעלע: — מיר, אידען, טראָגען ציצית, כדי צו דערמאָהנען זיך אָן די מצוות, וואָס גאָט האָט אונז געבאָטען, ווי עס שטעהט אין דער ביבעל: "וראיתם אותו — וזכרתם"... איז אַזאַ מענש ווי ד״ר ליליענטאַל, וועלכער איז אַ געבילדעטער מאַן מיט אַ גוטען קאָפּ און שאַרפען זכרון — איז גענוג פאַר איהם, כדי צו דערמאָהנען זיך אין די מצוות, אַ קליינינקער טלית־קטן מיט קורצינקע ציצית; איך אָבער, אַ פאַרצייטישער איד, אַן עלטערער מענש, דער זכרון דיענט שוין נישט אַזוי — איך, כדי כ׳זאָל מיך קאָנען כסדר דערמאָהנען אָן אונזערע מצוות, מוז טאַקע האָבען אַ גרויסען טלית־קטן מיט לאַנגע ציצית...

## אני ד׳ א׳... (טו. מא.)

אַ געוויסער גאון האָט אַמאָל אַ פרעג געטהון רבי שניאור זלמנ׳ען פון לאדי, דעם בעל "תניא", בשעת ער איז נאָך אַ אינגעל געווען: וואו געפינט זיך אין דער תורה אַ פסוק, וועלכער ענדיגט זיך מיט די זעלבע דריי ווערטער, מיט וועלכע ער הויבט זיך אָן?

דערויף האָט איהם רבי שניאור זלמן תיכף געענטפערט: דאָרט, וואו משה האָט נישט געזאָגט קיין אמת.

די אַלע, וואָס זענען דערביי געשטאַנען, זענען אין תחילת געוואָרען שטאַרק ערשטוינט פונ׳ם דאָזיגען ענטפער, אָבער רבי שניאור זלמן האָט עס זיי גלייך ערקלערט: דער דאָזיגער פסוק איז אין סוף שלח, אין דער פרשה פון ציצית, וועלכער הויבט זיך אָן מיט די ווערטער "אני ד׳ אלקיכם" און מיט די זעלבע ווערטער ענדיגט ער זיך. מיר, בעת מיר זאָגען קריאת שמע, פערענדיגען מיר דעם דאָזיגען פסוק מיט׳ן וואָרט "אמת" און לאָזען אויס "אני ד׳ אלקיכם — אמת", משה רבינו אָבער האָט דערביי נישט געזאָגט קיין "אמת".

# קֹרַח

## ויקח קרח בן יצהר... (טז. א.)

דערויף איז פאַרהאַן אַ מדרש, וועלכער איז בעקאַנט אַלס מדרש־פליאה: „מה ראה קרח לחלוק על משה? — פרשת פרה אדומה ראה"...

דער זין פונ'ם דאָזיגען אין פלוג אונפערשטענדליכען מדרש איז פאָלגענדער: כידוע, איז איינע פון קרח'ס טענות געווען, הלמאי מען האָט די בכורים מעביר געווען פון דער כהונה. ממה־נפשך — האָט ער געפרעגט — אויב די בכורים זענען גע'פסל'ט געוואָרען פון דער עבודה דערפאַר, ווייל זיי האָבען געדיענט צום עגל, טאָ ווי־אַזוי האָט מען געמעגט בעשטימען אַלס כהן־גדול אהרנ'ען, וועלכער האָט דאָך אַליין מיטגעהאָלפען צו מאַכען דעם עגל?... און דאָס איז דער פשט: „פרשת פרה אדומה ראה" — ער האָט געזעהן אין דעם דיזעלבע אונפערשטענדליכקייט, דיזעלבע „תרתי דסתרי", וואָס ביי דער פרה־אדומה, וועלכע איז גלייכצייטיג אי אַ „מטמא טהורים", אי אַ „מטהר טמאים"...

(רבי לייבוש חריף)

אויף אַנ'אַנדער אופן:

אין תחילת, זעהענדיג, אַז אהרן איז אויסדערוועהלט געוואָרען צו טהון די עבודה און מכפר צו זיין אויף די אידען, האָט זיך קרח געטראַכט. אַז וויבאַלד אהרן איז בכח מכפר צו זיין אויף אַנדערע, איז ער דאָך געוויס אַליין אויך אַ קדוש וטהור, און ער האָט דעריבער מורא געהאַט צו טשעפּען זיך מיט איהם... אָבער ווען ער האָט געהערט די פרשה פון פרה־אדומה, אַז עס איז מעגליך אַזאַ פאַל, אַז זי, די פרה־אדומה, זאָל מטהר זיין אַנדערע, און אַליין זאָל זי פונדעסטוועגען זיין טמא, און אַלע, וואָס ריהרען־זיך־אָן אין איהר, זענען טמא, איז אויב אַזוי — האָט ער זיך געטראַכט — קאָן דאָך זיין, אַז מיט אהרנ'ען איז אויך דאָסזעלבע: אַז כאָטש ער איז מכפר אויף די אידען, איז נאָך דערפון פונדעסטוועגען גאָר קיין ראיה נישט, אַז אויך ער אַליין איז אַ צדיק!... און ד אָ ס האָט איהם בעוואויגען און מוט געגעבען אָנצוהויבען די מחלוקת.

„פרשה זו יפה נדרשת" (רש"י)

פאַרוואָס זאָגט רש"י גראָד אויף דעם דרש: „יפה נדרשת"? זענען דען, אַחוץ דעם דאָזיגען דרש, ווייניג פאַרהאַן אַנדערע שעהנע דרשות?

נאָר אין אַלע דרשות שטיצט זיך געוועהנליך דער דרש אויף די ווערטער פון פסוק, אין וועלכען מען געפינט אַ רמז און אַ געוויסע עהנליכקייט צום אינהאַלט פון דרש. דאָ, דאַגעגען, אין „ויקח קרח", צוליב דעם, וואָס דער פסוק זאָגט נישט אַרויס, וואָס ער האָט גענומען, איז „יפה נדרשת", לאָזט זיך דערויף דרש'נען און טייטשען אַלץ וואָס עס האָט אַ שייכות צו לקיחה, און דערפאַר טאַקי זענען פאַרהאַן אויפ'ן דאָזיגען פסוק

אַזויפיל דרשות. איין דרש איז: „לקח את עצמו״, אַ צווייטער דרש: „לקח ראשי סנהדראות״, אַ דריטער דרש: „לקח טליתות״, אַ פיערטער דרש: „לקח מקח רע לעצמו״, און אַזוי ווייטער...

(שפתי דעת)

„ויקח קרח — לקח את עצמו״ (רש״י)

קרח — פלעגט דערויף זאָגען דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע — וועלכער איז געווען געבענשט מיט אַזוי פיעל מעלות, זייענדיג אי אַ מיוחס, אי אַן׳עושר, אי אַ פקח, איז אפשר טאַקי ראוי געווען צו זיין אַ מנהיג ביי אידען. די מעשה איז אָבער, וואָס „ויקח קרח — לקח את עצמו״, וואָס ער האָט נישט געוואָרט, מען זאָל איהם געבען דאָס נשיאות, נאָר ער האָט זיך עס אַליין געוואָלט נעהמען, און — אַזעלכע זאַכען נעהמט מען זיך נישט אַליין...

„ויקח קרח — לקח מקח רע לעצמו״ (מדרש רבה)

קרח, ווי יעדער בעל־מחלוקת, האָט מיט זיין העצען דאָס פאָלק געגען משה׳ן, אַ מקח רע, אַ שלעכט עסק געמאַכט. צו בונטעווען דעם עולם, אויפצורייצען די געמיטער, אַרויסרופען מהומות און צו שטערען דאָס, וואָס אַנדערע האָבען געאַרבייט און געשאַפען — דאָס איז זעהר לייכט, אָבער קיין פאָזיטיווע רעזולטאַטען דערגרייכט מען נישט דער־מיט און אַליין ווערט מען דערפון נישט דערהויבען, דען די אויפגערייצטע מאַסען, וועלכע האָבען זיך נעכטען געלאָזט איבעררעדען אַראָבצוּוואַרפען דעם אַלטען נשיא און מנהיג, וועלען צומאָרגענס מיט אַ זעהר לייכט געמיט טהון דאָס זעלבע מיט׳ן נייעם פיהרער...

(מקרא מפורש)

רבי יונתן אייבעשיץ, וועלכער האָט זעהר פיעל געליטען פון מחלוקת, שרייבט דערויף אין „תפארת יונתן״ פאָלגענדעס:

קרח האָט אודאי געהאַט דאָס רעכט איינצורעדען זיך, אַז עס קומט איהם דאָס נשיאות, דען ער איז אַ גרויסער חכם געווען און אויך אַ גרויסער עושר, אָבער — „לקח מקח רע לעצמו״, ער האָט איינגעפיהרט אַ שלעכט געשעפט און געוויזען דערמיט אַ שלעכטעןביישפיעל פאַר אַנדערע, פאַר די שפעטערדיגע דורות. דערמיט האָט ער גורם געווען, אַז יעדער שפל ונבזה, יעדער, וואָס פיהרט מחלוקת, זאָל זיך איינרעדען, אַז ער איז קרח, אַן׳אדם גדול, אַ חכם און פקח...

הגם עס שטעהט נישט אין פסוק, וואָס ער האָט גענומען, האָבען מיר אָבער שוין דערויף אַ כלל אין דער גמרא (קידושין ב׳): „גמר קיחה קיחה משדה עפרון״, אַז סתם קיחה איז — בכסף...

(ארונו של יוסף)

עס שטעהט נישט „ויקחו קרח וכו׳ ודתן ואבירם״, אַ לשון רבים, נאָר „ויקח קרח״, אַ לשון יחיד. דען יעדער איינער פון זיי האָט אין דער דאָזיגער מחלוקת געצויגען פאַר זיך, יעדער פון זיי איז געווען אַ בעזונדערער צד...

(רבי צבי־הירש קאַלישער)

און דעריבער ווערט געזאָגט: „איזוהי מחלוקת שאינה לשם שמים זו מחלוקת קרח

ועדתו", נישט „קרח ומשה", נאָר „קרח ועדתו". צווישן דער עדה גופא איז קיין שלום נישט געווען, מען האָט זיך אויך צווישן זיך אַרומגעקריגט, יעדער פון זיי האָט געוואָלט דעם כבוד פאַר זיך, און דאָס איז דער סימן, אַז די מחלוקת איז נישט לשם שמים...

(יערות דבש)

„עמד וכנס ר"נ ראשי סנהדראות וכו' והם אליצור בן שדיאור וחבריו וכיוצא בו, שנאמר נשיאי עדה קרואי מועד ולהלן (במדבר א. טז.) הוא אומר אלה קרואי העדה" (רש"י)

דערויף פרעגט דער שפתי־חכמים: מיט וואָס איז די ראיה פון יענעם פסוק, וואו עס ווערט געזאָגט: „אלה קרואי העדה" און „נשיאי מטות", מעהר בעוויז, אַז דאָס זענען געווען אנשים חשובים, ראשי סנהדראות, ווי פונ'ם פסוק דאָ אויפ'ן אָרט: „נשיאי עדה קרואי מועד אנשי שם"?

באמת, אָבער, איז עס גאָר קיין קשיא נישט. רש"י מיינט נישט צו ברענגען אַ ראיה פון יענעם פסוק, אַז זיי זענען געווען אנשים חשובים, ראשי סנהדראות, דאָס איז גענוג דייטליך פונ'ם פסוק דאָ זעלבסט. די ראיה פון דאָרטיגען פסוק איז בלויז וועגען דעם, אַז די דאָזיגע נשיאי העדה זענען בעשטאַנען פון אליצור בן שדיאור וחבריו, דען דאָ ווערט דאָך דאָס נישט דערמאָהנט.

(כבוד חכמים)

## בן יצהר בן קהת בן לוי... (טז. א.)

דער פסוק רעכענט אויס דעם גענויעם יחוס פון קרח'ן און זיינע מיטהעלפער: דעם און דעמ'ס זוהן, דעם און דעמ'ס אייניקעל, דען עפ"י רוב איז עס דאָס איינציגע „פערדיענסט", צוליב וועלכען די בעלי־מחלוקת בעקומען העזה צו פערלאַנגען פאַר זיך די גרעסטע קהל'שע כיבודים — זייער יחוס...

(החוזה מלובלין)

ביים פערשטאָרבענעם לובלינער רב, רבי יעקב קלאַטשקין, איז אַמאָל פאָרגעקומען אַ דין־תורה צווישען אַ געוויסען היינטיגען רבי'ן און זיין ווייב, וועלכע איז אַרויסגע־טרעטען געגען איהם מיט פערשיעדענע שווערע בעשולדיגונגען, צוליב וועלכע זי האָט געפאָדערט פון איהם אַ גט. דער בעל־דין, דער רבי, האָט זיך געפּרובט פערטיידיגען און נישט האָבענדיג וואָס צו ענטפערען אויף די עצם־טענות, האָט ער אַפּעלירט צום רב און איהם דערמאָהנט, אַז ער איז אַ גרויסער יחסן, אַ בנן של קדושים, רבי יחזקאל'ע קוזמירער'ס אייניקעל...

רופט זיך אָן צו איהם דער לובלינער רב:

אין פּרשת קרח, אויפ'ן פסוק „בן יצהר בן קהת בן לוי", זאָגט דער מדרש: „ולא הזכיר בן יעקב, שבקש רחמים על עצמו שלא יזכר שמו על מחלוקתם, שנאמר ובקהלם אל תחד כבודי". פרעגט זיך: וואָס פאַר אַ רחמים איז דאָס? אדרבה! צוליב רחמים, פון רחמנות־שטאַנדפּונקט, וואָלט דאָך יעקב יאָ געדאַרפט דערמאָהנען דאָ זיין נאָמען, כדי די אייניקלעך זיינע זאָלען אין זיין זכות ניצול ווערען און עס זאָל אויף זיי מגין זיין דער זכות־אבות?

נאָר, ווייזט אויס, אַז טאַקי דערפאַר, דוקא צוליב רחמנות, האָט יעקב נישט געוואָלט, אַז מען זאָל זיי דערמאָהנען, דאָס זיי האָבען אַ גרויסען זיידען, וואָרום אויב מען האָנ־

דעלט אַזוי געמיין, האָבענדיג אַזעלכע גרויסע זיידעס, איז דאָס פּיעל ערגער פאַר׳ן בעל־דין, קומט איהם דאָן אַ פּיעל־האַרבערע שטראָף...

## קרואי מועד אנשי שם... (טז. ב.)

יחוס איז זעהר אַ שענע און נוצליכע זאַך און עפּ״י שכל דאַרף עס ברענגען דעם מענשען צו שפלות און עניוות, טראַכטענדיג זיך: וואָס בין איך, מ׳שטיינס געזאָגט, און וואָס פאַר אַ פּנים האָב איך אין פערגלייך מיט מיינע עלטערן? — ולסוף, אַ דאַנק קרח׳ן מיט זיין עדה, וועלכע האָבען די ערשטע דעמדאָזיגען שלעכטעןביישפּיעל געוויזען, זעהען מיר, ליידער, פערקעהרט: וואָס מעהר יחוס — אַלץ מעהר בעל־גאוה און אַלץ מעהר בעל־מחלוקת!...

(רבי נפתלי ראָפּשיצער)

רבי נפתלי ראָפּשיצער איז געווען אַ גרויסער מיוחס, שטאַמענדיג פון אַ גזע לויטער גאונים און צדיקים.

איינמאָל ביים טיש, זיצענדיג צווישען אַ גרויסען קיבוץ חסידים, האָט רבי נפתלי גענומען אויסרעכענען זיין יחוס און געזאָגט:

— אַזאַ מיוחס, ווי איך, איז אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ...

— רבי — רופט זיך אָן אַ חסיד, אַ זיבענבירגער איד, אַנ׳עושר — איך בין אַ גרעסערער מיוחס!

— ווי־אַזוי? — חידוש׳ט זיך רבי נפתלי — לאָמיר הערען, אדרבה...

— אָט איך, רבי — רופט זיך אָן דער זיבענבירגער איד — בין אין מיין גאַנצער משפּחה דער איינציגער, וואָס לעגט תפילין און היט־אָב שבת!...

— דער איד האָט רעכט — שמייכעלט רבי נפתלי — אויב אַזוי, איז ער באמת מעהר יחסן פון מיר...

מען האָט פאַר רבי יאָשע־בער׳ן אַמאָל געריהמט אַ געוויסען פּערזאָן, אַז ער איז זעהר חשוב און אָנגעזעהן אין זיין סביבה, וואו ער ווערט פערעכענט צווישען די אנשי־שם.

האָט רבי יאָשע־בער, וועלכער האָט גראָד נישט געהאָט קיין איבריג גוטע מיינונג וועגען דער דאָזיגער פּערזאָן, דערויף בעמערקט, אַז צוויי מאָל געפינען מיר אין תנ״ך דעם אויסדרוק „אנשי שם״, ביים דור המבול און ביי דער מחלוקת פון קרח...

## ויקהלו על משה ועל אהרן... (טז. ג.)

קרח האָט צונויפגעזאַמעלט די אידען און גענומען פאַר זיי ליצנות־מאַכען פון משה ואהרנ׳ען און פון דער תורה. הערט! — דערצעהלט ער זיי: — מיט מיר אין שכנות האָט געוואוינט אַנ׳אלמנה מיט צוויי טעכטער, יתומות. האָט די אלמנה געהאַט אַ פעלד. וויל זי עס אַקערן, זאָגט מען איהר: זאָלסט נישט אַקערן מיט קיין אָקס־און־איזעל צוזאַמען! קומט די צייט פון זייהען, זאָגט מען איהר: זאָלסט דיין פעלד נישט זייהען קיין כלאים! קומט די צייט פון שניידען, בעפעהלט מען איהר: זאָלסט איבער־לאָזען לקט, שכחה און פאה! זאַמעלט זי צונויף די תבואה און וויל אַ „גורן״ מאַכען, קומט אַ בעפעהל: תרומה זאָלסטו געבען, מעשר־ראשון און מעשר־שני!... זעהט זי,

אַז זי וועט נישט אויסהאַלטען, פּערקויפט זי דאָס פעלד און קויפט זיך צווייי שעפּסען, כדי צו ערנעהרען זיך פון זייער פּרוכט און צו קליידען זיך מיט זייער פעל; אָבער ווי־נאָר זיי האָבען די ערשטע וולדות געבוירען, קומט צוגעהן אהרן און ערקלערט: די ערשטלינגס געהערען צו מיר, די בכורות זענען מיינע! קומט די צייט צו שערען די וואָל, איז אהרן ווידער דאָ און ערקלערט: די ערשטע געשוירענע וואָל געהערט צו מיר!... ווערט די אלמנה פערביטערט. זעהענדיג, אַז זי וועט נישט אימשטאַנד זיין פונ׳ם דאָזיגען מענשען אויסצוהאַלטען, בעשליסט זי צו שעכטען די שעפּסען און זיי אויפצועסען; אָבער ווי־נאָר זי האָט זיי געשאָכטען, קומט צוגעהן אהרן און ערקלערט: די „זרוע״ און די „לחיים״ און די „קיבה״ דאַרפסטו מיר אָוועקגעבען, דאָס איז מיינס!... ווערט די אלמנה בייז און שרייט־אויס: אויב אַזוי, ערקלער איך דאָס פליש פאַר „חרם״, זאָל קיינער דערפון קיין הנאה נישט האָבען! רופט זיך אָן אהרן: איצט... איצט געהערט עס אינגאַנצען צו מיר, דען אַזוי איז דער דין: „כל חרם בישראל״ געהערט צום כהן!...

(מדרש שוחר טוב)

## רב לכם כי כל העדה כלם קדושים... (טז. ג.)

„רב לכם״ — אייער גרויסקייט האָט איהר ערוואָרבען נישט דערפאַר, ווייל איהר זענט ראוי דערצו, ווייל איהר זענט ראוי צו זיין אונזערע מנהיגים, נאָר ווייל די עדה בעשטעהט פון קדושים, פון הייליגע, תמימות׳דיגע אידען, מיט וועלכע מען קאָן אַלץ מאַכען, וועלכע לאָזען זיך לייכט בעהערשען פון יעדען תקיף!...

(כתב סופר)

זיי ויסען, משה — האָט איהם קרח געדראָהט — אַז „כל העדה כלם קדושים״, און קוים געפינען זיך אין דער עדה אַזויפיעל קדושים און שענע אידען, קענסטו זיכער זיין, אַז די מחלוקת וועט זיך אַזוי גיך נישט איינשטילען...

(ילקוט דוד)

דער ב״ח, וועלכער איז געוועזען, כידוע, רב אין קראָקע, איז איינמאָל אַראָבגעקומען אין אַ קליין שטעדטעל נעבען קראָקע און, כנהוג, איז ער אַריין אָבגעבען אַ וויזיט דעם אָרטיגען רב. צעשמועסענדיג זיך מיט׳ן רב האָט דער ב״ח דערזעהען, אַז יענער איז גאָר אַ קנאַפּער בן־תורה, אַז ער קאָן רעכט קיין שאלה נישט פּסק׳ענען, רופט ער זיך אָן צו איהם:

— איך מיין, אַז מיר וואָלטען זיך געדאַרפט בייטען מיט די ערטער: איהר וואָלט געדאַרפט ווערען קראָקאָווער רב און איך — רב אין אייער שטעדטעל.

יענער רב האָט עס אָנגענומען פאַר אַ קאָמפּלימענט און ער איז געוואָרען ביי זיך שטאַרק געהויבען.

— טאַקי באמת? — חידוש׳ט ער זיך.

— טאַקי באמת, מחמת ביי מיר אין קראָקע איז ב״ה „כל העדה כלם קדושים״, עס זענען פאַראַן, אַהן עין־הרע, אַ סך מורי־הוראות און סתם גרויסע תלמידי חכמים, אויף וועלכע מען קאָן זיך סומך זיין מיט אַ שאלה, קאָן דעריבער דאָרט זיין רב אפילו אַזעלכער, וועלכער קאָן אַליין קיין שאלות נישט פּסק׳ענען. ביי איך אָבער, אין אייער שטעדטעל, זענען קיין מורי־הוראות נישטאָ און קיין לומדים זענען נישט בנמצא,

וואָלט מען דעריבער נויטיג געדאַרפט האָבען אַ רב, וועלכער זאָל זיין ביכולת צו פסק'נען אַ דין...

## ומדוע תתנשאו על קהל ד'... (טז. ג.)

אַזוי איז עס תמיד אין אַלע מחלוקת'ן, וואָס ווערען דורך די אנשי ריב ומדון אין אַלע צייטען געפיהרט געגען פערשידענע צדיקים. עפ"י רוב בעשולדיגט מען זיי אין אַזעלכע חטאים און מען טראַכט אויס אויף זיי דוקא אַזעלכע זאַכען, צו וועלכע זיי האָבען נישט־נאָר די מינדעסטע שייכות נישט, נאָר זיי זענען דער היפוך פון זייער גאַנצען מהות.

דוקא משה רבינו, אויף וועלכען די תורה זאָגט עדות, אַז „והאיש משה עניו מאד מכל האדם אשר על פני האדמה", דוקא אויף איהם האָבען זיי שוין נישט געפינען עפּעס אַנדערש און איהם פאַרגעוואָרפען: „ומדוע תתנשאו על קהל ד'", אַז ער איז אַ בעל־גאוה...

(ר' מענדעלע קאָצקער)

## וישמע משה ויפול על פניו... (טז. ד.)

„שכבר זה בידם סרחון רביעי, חטאו בעגל ויחל משה וכו'" (רש"י)

איינער פון די אַרגומענטען, מיט וועלכע משה האָט נאָכ'ן חטא פון עגל מלמד־זכות געווען אויף אידען, איז געווען, אַז „אנכי ד' אלקיך, לא יהיה לך — ל י צוית ולא להם", אַז די אַלע דברות זענען געזאָגט געוואָרען בלשון־יחיד, צו איהם, צו משה'ן, אָבער נישט צום כלל־ישראל... איצט אָבער, ווען קרח האָט זיך אָוועקגעשטעלט און האָט אויסגעשריען: „לא אתם לבדכם שמעתם בסיני אנכי ד' אלקיך, כל העדה שמעו!" — האָט ער דערמיט צו־נישט געמאַכט דעם גאַנצען פריערדיגען לימוד־זכות, וממילא ווערט דער כלל־ישראל צוריק פעראַנטוואָרטליך פאַר'ן חטא־העגל, וואָס ווערט שוין איצט פערעכענט אַלס „סרחון רביעי", אַלס פיערטע זינד, צוליב וועלכע דער עונש איז שוין אונפערמיידליך, דען — „על שלשה פשעי ישראל ועל ארבעה לא אשיבנו"...

(רבי העשעל אַפּטער)

„מלמד שחשדוהו באשת איש" (מדרש רבה פרשה י"ח)

פונוואַנען איז דער דאָזיגער חשד געדרונגען פון פּסוק?

נאָר די חז"ל זאָגען (ווערט געבראַכט אין רש"י אין אָנהויב פון פ' קדושים): „כל מקום שאתה מוצא גדר ערוה — אתה מוצא קדושה". ד. ה. אַז אויב איינער קריעגט זיך מיט'ן צווייטען און ער שרייט דאַן אויס צו איהם: „איך בין נישט קיין רשע!" איז עס אַזוי, ווי ער וואָלט יענעם אָנגערופען רשע, מחמת זיינע ווערטער ווערען פערשטאַנען אין דעם זין, גלייך ווי ער וואָלט געווען געזאָגט: איך בין נישט קיין רשע, אָבער דו ביזט עס יאָ.

דערמיט, אַלזאָ, וואָס קרח ועדתו האָבען אויסגעשריען צו משה'ן: „כי כל העדה כלם קדושים!" האָבען זיי ממילא ווי געגעבען איהם דערמיט אָנצוהערעניש, אַז ער, משה, איז נישט אין כלל פון דער דאָזיגער עדה, ער געהער נישט צו די קדושים, וועלכע זענען „גדורים מן העריות", און דעריבער: „וישמע משה ויפול על פניו — מלמד שחשדוהו באשת איש".

(משכנות יעקב הספרדי)

די גמרא זאָגט: „כל אדם שיש בו גסות הרוח לבסוף נכשל באשת איש״ (סוטה ד׳), און קוים, אַלזאָ, האָבען זיי איהם חושד געווען אין גאות, אין „מדוע תתנשאו על קהל ד׳״, איז ממילא שוין אויך — „חשדוהו באשת איש״...

(חמדת צבי)

ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש, האָבען די ווייבער ביי מעשה־קרח נישט מיט־געהאַלטען מיט די מענער, ובכלל ווערט אין פסוק קיינמאָל נישט דערמאָהנט, אַז די ווייבער זאָלען האָבען אנטיילגענומען אין די מחלוקת׳ן געגען משה׳ן, און דעריבער — „חשדוהו באשת־איש״, האָבען זיי איהם חושד געווען, אַז דאָס, וואָס די ווייבער זענען אויף זיין זייט, איז עס נישט אומזיסט...

(כתב סופר)

אין לשון חז״ל ווערט אויף השגת גבול אָנגעווענדעט דער אויסדרוק „אשת־איש״, ווי מיר געפינען: „ואת אשת רעהו לא טמא, שלא ירד לאומנות חברו״ (סנהדרין פ״א), און אויך דאָ ווערט דער „שחשדוהו באשת־איש״ געמיינט אין דעם זין, דאָס זיי האָבען בעשולדיגט משה׳ן, אַז ער האָט קרח׳ן משיג־גבול געווען און שלא כדין פון איהם דאָס נשיאות און די כהונה צוגענומען...

(הפלאה)

## בקר ויודע ד׳ את אשר לו... (טז. ה.)

פאַרוואָס האָט ער עפּעס אָבגעלעגט אויף מאָרגען? פונוואַנען האָט ער עס געהאַט די זיכערהייט, אַז מאָרגען וועט די זאַך אויפגעקלערט ווערען?

נאָר, ווי די חז״ל ערקלערען, איז דער מן געפאַלען פאַר יעדען לויט זיין מדרגה: „צדיקים — ירד על פתח בתיהם, בינונים יצאו ולקטו, רשעים שטו ולקטו״ (יומא ע״ה). בשעת, אַלזאָ, קרח מיט זיין חברותא האָט זיך אָװעקגעשטעלט און אויסגערופען „כל העדה כלם קדושים!״ אַז זיי זענען אַלע בלויז צדיקים, האָט זיי משה רבינו געענטפערט: „בקר ויודע ד׳ את אשר לו״, לאָמיר אדרבא צוװאַרטען ביז מאָרגען אינדערפריה, װעלען מיר דאַן זעהען, װי אַזוי דער מן װעט פאַלען פאַר אייך, צי אַזוי װי פאַר צדיקים, פאַר װעלכע איהר מאַכט זיך, אָדער — װי פאַר רשעים...

(שמועות טובות)

## ואת הקדוש והקריב אליו... (טז. ה.)

אין לעמבערג האָט קהל געהאַט צו טהון מיט אַ מחוצפ׳דיג רבי׳ל, װעלכער האָט בגוואַלד געוואָלט דאָרט ווערען דיין, בענוצענדיג זיך צו דעם צוועק מיט פערשידענע תקיפות׳דיגע מיטלען, מיט פּראָטעקציע ביי פערשידענע מלוכה־בעאַמטע, און אויף אַלע טענות און פאָרוואורפען האָט ער גדלות׳דיג געענטפערט, אַז אין לערנען קאָן ער זיך פערהערען מיט׳ן לעמבערגער רב, מיט׳ן „ישועות יעקב״, ער איז אַ פיל גרעסערער למדן פון איהם און ער האָט דעריבער דאָס פולע רעכט צו ווערען על־כל־פּנים לעמ־בערגער דיין...

האָט דער „ישועות יעקב״ געשיקט נאָך דעם בעל־דבר און פערפיהרט מיט איהם אַ שמועס:

— מילא, אין לערנען — מאַכט ער צו איהם — וועל איך זיך נישט געהן מיט

איך פערהערען. וויבאַלד איהר זאָגט, אַז איהר קענט בעסער לערנען פון מיר, איז עס מסתמא אמת... אַ פסוק חומש יעדענפאַלס קענט איהר דאָך זיכער, געדענקט איהר דאָך אודאי, וואָס עס שטעהט אין חומש: „בקר ויודע ד׳ את אשר לו, ואת הקדוש והקריב אליו, ואת אשר יבחר בו יקריב אליו". איז דאָך אין פלוג שווער: נאָכוואָס ווערט עפּיס צוויי מאָל איבערגע׳חזר׳ט די זעלבע זאַך: „ואת הקדוש והקריב אליו" און דאַן נאָכאַמאָל: „ואת אשר יבחר בו יקריב אליו"? נאָר קרח מיט זיין עדה האָבען גע׳טענה׳ט צו משה׳ן: „כי כל העדה כלם קדושים", זיי זענען אַלע ב"ה אַזעלכע קדושים און לומדים ווי ער און זיי אַלע זענען ראוי צו ווערען די זעלבע מנהיגים, און דערויף האָט זיי משה רבינו געענטפערט: אמת טאַקי, אַז „ואת הקדוש והקריב אליו", אַז יעדער פון אייך איז אַ קדוש און אַ למדן און ער איז ראוי, אַז השי"ת זאָל איהם מקרב זיין און מאַכען איהם פאַר אַ מנהיג, אַ רב, אַ לעמבערגער דיין, אָבער דאָס אַליין איז נאָך ווייניג, דערצו איז אויך נויטיג, אַז „ואת אשר יבחר בו יקריב אליו", אַז מען זאָל דעם דאָזיגען „קדוש" אויסקלויבען, עס זאָלען פאַרקומען וואַהלען, קהל זאָל מסכים זיין. אַזעלכע זאַכען, מיין ליעבער איד, נעהמט מען זיך נישט אַליין...

## זאת עשו קחו לכם מחתות... (טז. ו.)

„אמר להם, בדרכי הגויים יש נימוסים הרבה וכו׳ אנו אין לנו אלא ד׳ אחד, ארון אחד, ותורה אחת ומזבח אחד וכהן גדול אחד" (רש"י)

ווי אַזוי „ארון אחד"? די תורה זאָגט דאָך בפירוש (עקב י. א.) אַז עס זענען געווען צוויי ארונות, איין ארון, וועלכער איז געשטאַנען אין משכן און אַ צווייטער, מיט וועלכען מען איז געגאַנגען אין דער מלחמה? אויך דער „מזבח אחד" איז אונפערשטענדליך. עס זענען דאָך געווען צוויי מזבחות: אַ מזבח הזהב און אַ מזבח הנחשת?...

(כנסת הגדולה)

## רב לכם בני לוי... (טז. ז.)

ווי עס איז צו זעהען פונ׳ם סדר הפסוקים האָבען בעת דער דאָזיגער מחלוקתביידע צדדים גערעדט מיט די זעלבע ווערטער.

אויף דער טענה פון קרח׳ן: „רב לכם כי כל העדה כלם קדושים", האָט משה געענטפערט: „רב לכם בני לוי". אויף די ווערטער ווידער פון משה׳ן: „המעט מכם כי הבדיל אלקי ישראל אתכם", האָבען דתן ואבירם אָבגעענטפערט „המעט כי העליתנו מארץ זבת חלב ודבש".

„אַזוי ווי מען גריסט — אַזוי דאַנקט מען".

(שיחת חכמים)

„וקרח שפקח היה מה ראה לשטות זה" (רש"י)

האָט דער חדושי הרי"ם געטייטשט: „מה ראה לשטות זה", נאָכוואָס האָט עס איהם געטויגט און ווי פאַלט ער אויס צו טהון אַזאַ שטות — צו זיין אַ פקח...

פונוואַנען ווייסט מען עס אייגענטליך, אַז קרח איז געווען אַ פקח? — מען פערשטעהט עס מיט׳ן שכל: וואו האָט איהר דען אַ גביר, וועלכער זאָל זיך נישט האַלטען פאַר אַ פקח, פאַר אַ חכם גדול?...

(אַ ווערטעל)

„קרח שפקח הי׳ מה ראה לשטות זה, עינו הטעתו, ראה שלשלת גדולה יוצאה ממנו שמואל וכו׳" (רש״י)

פונ׳ם דרש אין דער גמרא (חגיגה י״ד) אויפ׳ן פסוק „חכם חרשים ונבון לחש שר חמשים" איז משמע, אַז אַ מנהיג על הצבור דאַרף זיין נישט יונגער, ווי אַ בן חמשים, און קרח איז דאָך געווען יונגער ווי חמשים, דען ער איז דאָך געווען, ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש, פון די טועני הארון (און אַ לוי, עלטער פון פופציג יאָהר, איז דאָך פסול לעבודה), טאָ ווי אַזוי האָט ער געוואָלט ווערען אַ מנהיג?

נאָר „ראה שלשלת גדולה יוצאה ממנו שמואל הרמתי", ער האָט זיך אַראָבגענומען אַ היתר פון שמואל הנביא. שמואל איז געווען עלף יאָהר שופט איבער די אידען און געלעבט האָט ער אינגאַנצען צוויי און פופציג יאָהר און אויף אַזאַ אופן איז ער דאָך, אַלזאָ, געוואָרען מנהיג ווייניגער ווי צו בן־חמשים...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

מיט וואָס ווערט שוין דערמיט די קשיא פאַרענטפערט? און אַז „ראה שלשלת גדולה יוצאה ממנו" איז עס שוין נישט קיין שטות?

נאָר עס איז דאָך אַ כלל, אַז „אין ממנין פרנס על הצבור אלא אם כן קופה של שרצים תלויה לו מאחוריו" און צוליב דעם אַליין אייגענטליך האָט שוין קרח נישט געקענט זיין קיין מנהיג, שטאַמענדיג פון לויטער יחוס — „בן יצהר, בן קהת, בן לוי". ער האָט זיך עס אָבער מתיר געמאַכט צוליב דעם, ווייל „ראה שלשלת גדולה יוצאה ממנו שמואל", אויך שמואל האָט דאָך נישט געהאַט הינטער זיך קיין „קופה של שרצים" און דאָך איז ער געוואָרען מנהיג...

אָבער „עינו הטעתו", ער האָט אַ טעות געהאַט און פערזעהען, אַז שמואל׳ס „קופה של שרצים" איז טאַקי ער אַליין, דער זיידע זיינער — קרח...

(אמרי חן, בדרך הלצה)

## ובקשתם גם כהונה... (טז. י.)

אַ כהן־גדול קאָן זיין נאָר איינער, ביי אייך אָבער, פון אייערע טענות איז צו זעהן, אַז „ובקשתם גם כהונה", אַז איהר אַלע ווילט און יעדער איינער פון אייך האָט חשק צו דער דאָזיגער התמנות, און אויב אַזוי, וואָס וועט איהר דערגרייכען דערמיט, וואָס אהרן וועט זיך אָבזאָגען און אַ צווייטער וועט ווערען כהן־גדול אויף זיין אָרט? ווי אַזוי עס זאָל נישט זיין, וועלען דאָך אַלץ די איבריגע מוזען בלייבען אונבעפרידיגט און די קנאה־שנאה וועט ממילא אויך ווייטער נישט אויפהערען...

(קב בשמים)

בשעת אַן אָנגעשטעלטער ווענדעט זיך צום בעל־הבית מיט אַ בקשה ער זאָל איהם טהון די טובה און איהם מוסיף זיין פאַר די זעלבע שכירות נאָך עפּיס אַ ביסעל אַרבייט, מחמת ער אַרבייט נעביך צו־ווייניג, דערוועקט עס, זעלבסטפערשטענדליך, דעם חשד, אַז דאָס איז נישט סתם פון בלויז געטריישאַפט, מחמת קיין מענש וויל נישט אַרבייטען אומזיסט, נאָר אַז מסתמא האָט ער אויסזיכטען צו ציהען פאַר זיך פון דער דאָזיגער פריש־פערלאַנגטער אַרבייט מאַטעריעלע נוצען...

אויך משה׳ן איז דאָס געווען פערדעכטיג און ער האָט זיי געפרעגט די זעלבע קשיא: „המעט מכם וכו׳ לעבוד את עבודת משכן וכו׳ ובקשתם גם כהונה", איהר אַליין

קומט גאָר פאַדערען און פערלאַנגען, מען זאָל אייך געבען נאָך אַרבייט?! ניין, דאָס איז נישט מסתמא פון בלויז גוטפריינדשאַפט און נישט דאָס מסתמא זענט איהר אויסען...
(דובנער מגיד)

## ואהרן מה הוא כי תלינו עליו... (טז. יא.)

קרח מיט זיין עדה האָבען געהאַט פּרעטענזיעס אויף בידע זאַכען, אויף משה׳ס מלכות און אויף אהרנ׳ס כהונה, טענה׳נדיג: „אם לקחת לך מלכות לא היה לך לברר לאחיך כהונה״. דערויף האָט זיי משה רבינו געענטפערט: מילא, אַז איהר זענט מיך מקנא מיט׳ן מלכות, איז פערשטענדליך, מלכות איז טאַקע אַ גרויסע זאַך, צו וועלכען מען קאָן האָבען חשק... די כהונה, דאַגעגען, האָט נאָר אַ חשיבות פאַר אַזעלכען, וועל־כער איז אַ מאמין, וועלכער גלויבט טאַקי באמונה שלימה, אַז די אַלע פערשידענע מיני אַרבייט, וואָס אַ כהן דאַרף טהון, איז נישט סתם קיין געוועהנליכע מלאכה, נאָר ער ערפילט דערמיט אַ געטליכע עבודה. אָהן דער דאָזיגער אמונה איז מען אַ פשוט׳ער אַרבייטער, אַנ׳איינפאַכער שמש און — „לכן אתה וכל עדתך הנועדים על ד׳״, קוים זענט איהר קיין מאמינים נישט, שטעלענדיג זיך אַנטקעגען דעם רצון פון אויבערשטען, איז — „ואהרן מה הוא כי תלינו עליו״, טאָ וואָס ווילט איהר פון אהרנ׳ען און וואָס טויג אייך זיין כהונה, וואָס פאַר אַ ווערט האָט זי פאַר אייך?...
(מאסף דרושי)

## וישלח משה לקרא לדתן ואבירם... (טז. יב.)

„מכאן שאין מחזיקין במחלוקת, שהיה משה מחזר אחריהם להשלימם בדברי שלום״ (רש״י)

איי, פאַרוואָס איז איהם נישט געלונגען מיט זיי שלום צו מאַכען?

— דערפאַר — האָט געזאָגט דערויף דער רבי ר׳ בונם — ווייל ער איז נישט געגאַנגען צו זיי, נאָר ער האָט זיי געשיקט רופען צו זיך...

הגם אין יעדער זאַך איז גילטיג דער כלל פון „חזקה״, און הגם דתן ואבירם זענען געווען בעקאַנט אַלס אַלטע, שטענדיגע בעלי־מחלוקת, וועלכע האָבען קיין איין קריגעריי נישט אויסגעמיטען — האָט משה פונדעסטוועגען זיי געשיקט רופען, מיט דער האָפנונג, אפשר וועט זיך איינגעבען צו ווירקען אויף זיי... דען „אין מחזיקין במחלוקת״, אין אַ מחלוקת שטעלט מען נישט אויף דער „חזקה״, מען דאַרף כסדר פּרובען...
(כתב סופר)

## כי תשתרר עלינו גם השתרר... (טז. יג.)

היתכן? ווי אַזוי איז עס מעגליך געווען אויסצוטראַכטען אויף משה רבינו אַזאַ שקר־בלבול, צו בעשולדיגען איהם אין תאוה צו הערשאַפט, איהם, דעם „עניו מכל האדם״? — נאָר אַזוי איז שוין די טבע פון מחלוקת, אָהן שקר קאָן זי נישט עקזיסטירען, מחלוקת און שקר מוזען שטענדיג געהן צוזאַמען... ווי מיר געפינען ביי בריאת־האדם. בשעת דער אמת האָט גע׳טענה׳ט: „אל יברא שכולו שקר״, האָט דער שלום תיכף דערויף מסכים געווען און אָבגעענטפערט: „אל יברא דכוליה קטטות״, וואָרום דאָרט וואו שקר, מוז זיין מחלוקת און דאָס זעלבע פערקעהרט...
(רבי אלי׳ חיים מייזעל)

## אף לא אל ארץ זבת חלב ודבש הביאותנו ותתן לנו נחלת שדה וכרם... (טז. יד.)

אינ׳ם „ארץ זבת חלב ודבש" גופא האָסטו אונז נישט אַריינגעפיהרט, דאַגעגען האַלטסטו אונז אין איין שפּייזען מיט דינים און מצוות וועגען „נחלת שדה וכרם": וועגען ערלה, מעשר, לקט, שכחה, פאה וכדומה!...

(ספורנו)

## לא חמור אחד מהם נשאתי ולא הרעותי את אחד מהם... (טז. טו.)

אויפ׳ן פסוק „והנה שני אנשים עברים נצים" זאָגען די חז"ל, אַז דאָס זענען געווען דתן ואבירם. איז מילא אויף דתנ׳ען איז קיין קשיא נישט, פאַרוואָס ער פיהרט געגען מיר מחלוקת, דאָס איז ער זיך נוקם דערפאַר, ווייל איך האָב דאַמאָלס געשריען צו איהם: „רשע למה תכה רעך", אָבער — „ולא הרעותי את אחד מהם", איינעם פון זיי, אבירמ׳ן, האָב איך דאָך זיכער קיין שלעכטס נישט געטהון, פערקעהרט, כ׳האָב זיך דאָך איינגע־שטעלט פאַר איהם און איהם געראַטעוועט פון שלעגער׳ס הענד, טאָ וואָס וויל ער פון מיר? פאַרוואָס איז ער מיר אַזאַ שונא?...

(דבר בעתו)

„שלא חייבתי את הזכאי ולא זכיתי את החייב" (מדרש)

וואָס פאַר אַ שבח און רבותא איז דאָס פאַר משה רבינו?

נאָר די משנה אין אבות זאָגט: „כשבאים לפניך לדין יהי׳ בעיניך כרשעים וכשנפטרים מלפניך יהי׳ בעיניך כזכאים" (אבות פ"א מה.), לויט וועלכען עס קומט־אויס, אַז פאַר׳ן פסק־דין ווערט ביי׳ם דיין אויך דער זכאי געהאַלטען פאַר אַ חייב און שפּעטער — אויך דער חייב פאַר אַ זכאי. וועגען משה רבינו, אָבער, ווערט געזאָגט אין מדרש: „בקש קהלת להיות כמשה לדון בלי עדים, יצתה בת־קול ואמרה: כתיב יושר דברי אמת". משה רבינו האָט, אַלזאָ, דן געווען אָהן עדים, וויסענדיג ברוח הקדש, ווער עס איז גערעכט און ווער אומגערעכט, און ער האָט דעריבער פערשפּאָרט צו האַלטען פאַר׳ן פסק־דין דעם זכאי פאַר אַ חייב און נאָכ׳ן פסק־דין — דעם חייב פאַר אַ זכאי. „לא חייבתי את הזכאי ולא זכיתי את החייב"...

(חכם צבי)

ווייל „לא חמור אחד מהם נשאתי", ווייל כ׳האָב פון זיי נישט נהנה געווען און קיין זאַך ביי זיי נישט גענומען, דעריבער „ולא הרעותי את אחד מהם, לא חייבתי את הזכאי ולא זכיתי את החייב", האָב איך געקענט זיין אַן ערליכער און אָביעקטיווער שופט, אָהן פניות און אָהן נגיעות...

(דברי שאול)

גאַנץ אָפט מוז נעביך דער רב און מנהיג העדה פערשווייגען די עולות און אונ־רעכטען, וואָס ער האָט אויסצושטעהען פון די בעלי־בתים, מחמת ער איז נעביך פון זיי אָבהענגיג אין דער פרנסה און ער האָט דעריבער מורא זיי צו בעליידיגען און אַ הויך וואָרט צו זאָגען. אָבער — האָט משה רבינו ערקלערט — „לא חמור אחד מהם נשאתי", כ׳האָב צו קיינעם פון זיי נישט געדאַרפט אָנקומען, כ׳האָב ביי קיינעם פון זיי קיינמאָל

גאָרנישט נהנה געווען און פונדעסטוועגן — „לא הרעותי את אחד מהם", האָב איך זיי קיינמאָל קיין שלעכטס נישט געטהון און קיינמאָל נישט בעליידיגט...

(שערי שמחה)

די חמורים און עמי־הארצים האָב איך נישט נושא־פנים געווען, נישט גע'חנפ'עט, און די נכבדים און חשובים האָב איך נישט פוגע־בכבוד געווען...

(מעדני מלך)

בשעת רבי יחזקאל לאַנדוי, דער „נודע ביהודה", האָט געזאָלט אָנקומען אַלס רב קיין פּראַג, האָט אויפ'ן כסא־רבנות פּרעטענדירט נאָך אַ צווייטער קאַנדידאַט — רבי זרח איידליץ. דער לעצטער איז אונטערגעשטיצט געוואָרען דורך אַ גרופּע פּראַגער לומדים, דאַגעגען דער רוב פון דער בעפעלקערונג און אויך דער פּראָסטער המון איז געווען אויפ'ן צד פון נודע־ביהודה. ווען ער איז ענדליך געוועהלט געוואָרען אַלס רב, האָט ער גענומען שטאַרק מקרב זיין די פריהערדיגע געגנער זיינע, די פּראַגער לומדים. די דאָזיגע התקרבות האָט אָבער שטאַרק פערדראָסען איינעם פון פּראָסטען עולם, אַ איד אַ שניידער, וועלכער האָט בשעת די וואַהלען שטאַרק געאַרבייט לטובת דעם נודע־ביהודה'ס קאַנדידאַטור און ער ווענדעט זיך צו איהם מיט אַ שאלה:

— רבי — פרעגט ער — היתכן? די שונאים אייערע זענט איהר מקרב, דאַגעגען מיט אונז, בעלי־מלאכות, וואָס מיר האָבען אייך געהאָלפען ווערען רב, זענט איהר גאָר פונדערווייטענס. ווי געשיקט זיך עס?

— אין דער וועלט — ענטפערט איהם דערויף דער נודע־ביהודה — איז טאַקי אַזוי אָנגענומען. בשעת עס בייט זיך ערגיץ־וואו די ממשלה און אַ נייע רעגירונג קומט צו דער מאַכט, איז די ערשטע זאַך איהרע צו טוישען די בעאַמטע, צו געבען די געגנער דעמיסיע און אַרויפצוזעצען אויף זייער אָרט די אָנהענגער, די מקורבים, מעגען זיי אפילו נישט זיין ראוי דערצו. אַנדערש אָבער האָט זיך געפיהרט משה רבינו, וועלכער האָט ערקלערט: „לא חמור אחד מהם נשאתי", איך האָב קיין אייזעל־קאָפּ פון זיי נישט דערהויבען אויף אַ העכער שטעלע דערפאַר, ווייל ער איז געווען פון מיינע אָנהענגער, „ולא הרעותי את אחד מהם", און דעם חשוב, דעם „אחד מהם", האָב איך קיין שלעכטס נישט געטהון דערפאַר, ווייל ער איז געווען פון מיינע געגנער.

און אויך ביי מיר — פערענדיגט דער נודע־ביהודה — איז דאָס זעלבע, דער חשוב בלייבט חשוב און דער אייזעל — בלייבט אייזעל...

(עולת חדש)

כידוע, איז דער לעצטער ווילנער רב, רבי שמואל, אויסגעשטאַנען אין די לעצטע יאָהרען גרויסע מחלוקת און בזיונות פון זיינע געגנער, די דאַמאָלסדיגע ווילנער פּרנסים, וועלכע האָבען איינמאָל געשיקט צו איהם פיער שמשים און, אַריינקומענדיג אין זיין הויז, האָבען זיך די שמשים אָבגערוקט פון איהם אויף אַ מרחק פון ד' אמות און האָבען אויסגעטהון די שיך אַלס סימן, אַז ער איז ענטזאָגט פון רבנות... חוץ־לזה האָבען דאַן די פּרנסים געשוואוירען ביי אַ ספר־תורה, וועלכע זיי האָבען פריהער עטליכע מאָל געלאָזט מגיה זיין, אַז זיי וועלען איהם נישט לאָזען מעהר זיין קיין רב...

בעת רבי שמואל, וועלכער איז געווען באמת אַ צדיק־תמים און אַ גאון־מפורסם, איז נפטר געוואָרען, האָט רבי נח מינצעס, דעם ווילנער גאונ'ס מחותן, איהם מספּיד געווען און ער האָט געזאָגט אין זיין הספד: די חז"ל אין אבות דערמאָנען וועגען צוויי מיני מחלוקת: „מחלוקת הלל ושמאי" און „מחלוקת קרח ועדתו". פרעגט זיך: פאַרוואָס

שטעהט עפּיס „מחלוקת קרח ועדתו", נישט „מחלוקת קרח ומשה", פּונקט אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט „מחלוקת הלל ושמאי"? נאָר הלל ושמאי זענען ביידע גלייך געווען מחולק צווישען זיך, הלל איז געווען מחולק מיט שמאי און שמאי מיט הלל. ביי משה רבינו דאַגעגען איז די מחלוקת געפּיהרט געוואָרען נור פון איין צד, פון קרח'ס צד. משה אַליין האָט זיך לגמרי אין דער מחלוקת נישט בעטייליגט, ער איז מיט קיינעם נישט געווען מחולק. „ולא הרעותי — האָט ער בפירוש ערקלערט — את אחד מהם"... דאָס זעלבע — האָט אויסגעפיהרט דער ספדן — איז אויך געווען מיט אונזער גרויסען נפטר, רבי שמואל. אין דער מורא'דיגער מחלוקת, וואָס איז געגען איהם געפּיהרט געוואָרען, האָט זיך בלויז בעטייליגט איין צד, דער צווייטער צד. ער זעלבסט האָט זיך די גאַנצע צייט צו דער דאָזיגער מחלוקת, חלילה, נישט צוגעריהרט...

(קריה נאמנה פון רש"י פין)

עפּ"י רוב — פּלעגט זאָגען רבי שלמה קלוגער — ווערען מחלוקת געפּיהרט, אָדער דורך גבירים, דען „עשיר יענה עזות", אָדער דורכ'ן נידריגען המון, דורך די אָרימע לייט, וועלכע האָבען נישט וואָס צו ריזיקירען און וואָס צו פערלירען. דער מיטעלמאַן שטעהט מעהרסטענטייל אין אַזעלכע פאַלען פון דערוויטען. און אַזוי געפינען מיר אויך ביי מחלוקת קרח ועדתו. די דאָזיגע מחלוקת איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון איין זייט דורכ'ן גביר, קרח, און פון דער צווייטער זייט דורך די אָרימעלייט, דתן ואבירם, וועגען וועלכע די חז"ל ערקלערען: „כי מתו האנשים — שירדו מנכסיהם"...

בשעת רבי ברוך־משה, דער שעדלעצער רב, האָט געזאָלט ווערען רב אין שעדלעץ, זענען געקומען צו איהם צוויי פּרנסים, וועלכע האָבען פערפיהרט מיט איהם אַ שמועס און איהם געגעבען אָנצוהערעניש, אַז ס'איז פאַרהאַן אַ צווייטער קאַנדידאַט אויפ'ן דאָזיגען כסא־רבנות, אַז יענער קאַנדידאַט איז זיך ביי זיי שטאַרק משתדל, אַז ער האָט זיי צוגעזאָגט צו געבען געלד, נישט מעהר, זיי זענען אָרענטליכע מענשען, זיי לאָזען זיך נישט משחד זיין...

פונ'ם דאָזיגען שמועס האָט רבי ברוך־משה פערשטאַנען, אַז די דאָזיגע חברה־לייט מיינען טאַקי געלד און זיי וואַרטען בלויז אויף זיין פאָרשלאַג. רופט ער זיך אָן צו זיי:

— בשעת משה האָט געשיקט נאָך דתן ואבירם און זיי האָבען איהם געענטפערט: „העיני האנשים ההם תנקר", איז משה געוואָרען בייז און האָט אויסגערופען: „לא חמור אחד מהם נשאתי!" איז, אייגענטליך, וואָס פאַר אַ תשובה איז דאָס אויף זייערע ווערטער?

נאָר די מעשה איז אַזוי. דתן ואבירם האָבען געמיינט, אַז משה האָט בדעה זיי משחד צו זיין, מיט פּאָסטענס צי מיט געלד, אָבער היות, ווי זיי האָבען נישט געהערט פון איהם קיין קלאָרע דיבורים, האָבען זיי געענטפערט מיט אַב'אָנצוהערעניש: „העיני האנשים ההם תנקר?" צי ווילסטו אונז די אויגען פערבלענדען, אונטערקויפען מיט שוחד? וועלענדיג אַזוי אַרום הערען פון איהם אַ פּרייז... משה האָט פערשטאַנען די כוונה זייערע און ער האָט זיי דעריבער אָבגעענטפערט מיט כעס: ניין, מיינע ליעבע אידען, איך האַלט נישט ביי אַזעלכע זאַכען. „לא חמור אחד מהם נשאתי", איך האָב נאָך אַליין אין מיין לעבען קיין שוחד נישט גענומען, וממילא האָב איך אויך נישט בדעה צו געבען...

„לא חמור אחד מהם נשאתי"... אַ חסיד'ישער איד איז אַמאָל געקומען צו רבי ישראל סאַלאַנטער, וועלכער האָט איהם, ווי זיין שטייגער איז געווען, אויפגענומען בסבר

פנים יפות. פאַר׳ן אַוועקגעהן נעהמט דער גביר אַרויס אַ הונדערטער און לעגט אַוועק אויפ׳ן טיש.

— וואָס איז דאָס — פרעגט רבי ישראל — פאַר אַ געלד?

— ביי אונז חסידים — ענטפערט דער גביר — איז אַ מנהג, אַז מען קומט צו אַ גוטען אידען, גיט מען איהם אַ פדיון.

— אַזוי? — חידוש׳ט זיך רבי ישראל: — ביי אייך הייסט אַ גוטער איד דער, וואָס נעהמט געלד; און ביי אונז, זעהט איהר, הייסט אַ גוטער איד דער, וואָס גיט געלד...

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביי רבי אורי סטרעליסקער:

— וואָס איז די מעשה, רבי, וואָס אַמאָליגע גוטע אידען האָבען זיך בעגנוגענט מיט קליינע פדיונות, מיט גראָשענס, דאַגעגען די היינטיגע רביים הייסען זיך געבען גרויסע מטבעות, גאַנצע הונדערטער?

— גאָר פשוט — ענטפערט רבי אורי — מיר זעהען אין דער וועלט, אַז אַ נאַטירליכע זאַך איז תמיד וועלוועלער, ווי אַ נאָכגעמאַכטע. למשל, אַן אמת׳ע בלום קאָסט ביליגער, ווי אַ געמאַכטע בלום. איז אַמאָליגע גוטע אידען זענען געווען אמת׳ע גוטע אידען, אמת׳ע צדיקים, האָבען זיי זיך בעגנוגענט מיט אַ קלייניגקייט; היינטיגע רביים דאַגעגען זענען געמאַכטע, קאָסטען זיי טייערער...

רבי ישראל׳קע ריזשינער האָט, כידוע, געפיהרט גאָר אַ ברייטען שטאָט, געוואוינט זעהר שען און איז געפאָהרען אין אַ קאַרעטע, מעשה־שררה. איינמאָל איז צו איהם געקומען אַ „היינטוועלטיגער", וועלכער האָט, זעהענדיג דאָס גרויסע רחבות אין ריזשינער הויף, אָנגענומען זיך מיט העזה און האָט אַ פרעג געטהון דעם ריזשינער:

— ערקלערט מיר, רבי, פאַרוואָס האָבען אַמאָליגע רביים געלעבט אין נויט און אין דחקות, געוואוינט אין הילצערנע הייזלעך, געטראָגען מלבושים פון פּראָסטען לייוונט, געגאַנגען צו־פוס, און היינטיגע רביים וואוינען אין פּאַלאַצען, טראָגען אַטלעסענע קליידער און פאָהרען אין קאַרעטען?

— כ׳וועל דיר זאָגען — ענטפערט איהם דער ריזשינער: — צו אַ רבי׳ן קומען דריי סאָרטען מענשען: חסידים, בעלי־בתים און בעלי־עבירות. דאָס געלד פון די פדיונות גיט דער רבי אויס לויט די נותנים: דאָס געלד, וואָס חסידים גיבען — גיט ער אויס אויף מצוות, אויף ציצית, תפילין, אתרוג, צדקה וכדומה; דאָס געלד פון די בעלי־בתים גיט ער אויס אויף פרנסה, און דאָס געלד פון די בעלי־עבירות גיט ער אויס אויף מותרות, אויף פערד, קאַרעטען וכדומה. אין אַמאָליגע יאָהרען, ווען בעלי־עבירות זענען געווען זעהר ווייניג, האָבען די רביים נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפען קיין פערד און זיי האָבען געמוזט געהן צו־פוס; היינטיגע צייטען אָבער זענען די בעלי־עבירות נתרבה געוואָרען — האָבען די רביים אויף פערד, אויף קאַרעטען און אויף אַלע אַנדערע מותרות...

## ויקהל עליהם קרח... (טז. יט.)

„בדברי לצנות" (רש"י)

מיט׳ן דאָזיגען מיטעל בענוצען זיך די אינטריגאַנטען און מחרחרי־ריב ביז׳ן היינטיגען טאָג. בשעת זייערע זאַכליכע, קאָנקרעטע בעשולדיגונגען זענען צו־שוואַך אויף

צו דיסקרעדיטירען דעם געגנער, פּרובען זיי איהם בעקעמפען דורך ליצנות, דורך סתם אויסלאַכען און אָב׳חוזק׳ן פון איהם...

(דברי שלמה)

## ויקהל עליהם קרח את כל העדה... (טז. יט.)

צו אַ דבר־מצוה איז נישט אַזוי לייכט צונויפצוזאַמלען אַלעמען, דעם גאַנצען כלל; האַנדעלט זיך עס אָבער וועגען מחלוקת, דאַן איז — „כל־העדה״! זענען מאַמענטאַל אַלע דאָ אויפ׳ן פּלאַץ...

(מטה אהרן)

פאַרהאַן אַזעלכע דרשנים, וועלכע פערמאָגען נישט מעהר, ווי איין דרשה — אויף פּרשת קרח... און קיין וואונדער נישט: דאָס איז אַזאַ דרשה, וועלכע איז באמת שטענדיג אַ „דבר בעתו״ און „כל יום זמנו״...

(פרי מגדים)

און דאָס — ווערט צוגעגעבען בדרך־הלצה — איז די כוונה פון רש״י: „פרשה זו יפה נדרשת״...

— וואָס איז די מעשה — פלעגט זאָגען רבי אייזשע סלאָנימער בדרך־הלצה — וואָס די חז״ל פרעגען שטענדיג: „מאי טעמא דתנא קמא״? פאַרוואָס פרעגען זיי נישט: „מאי טעמא דתנא בתרא״? — נאָר אויפ׳ן תנא־בתרא, וועלכער האָט שוין געהערט, וואָס דער פריהערדיגער תנא זאָגט, איז קיין קשיא נישט, פאַרוואָס ער זאָגט אַנדערש: מחמת קוים זאָגט איין איד אַזוי, מוז דער צווייטער זאָגען פערקעהרט... דער תנא־קמא אָבער האָט דאָך נישט געהאַט פאַר זיך קיין אַנדערע מיינונג, וואָס זאָל איהם צווינגען צו זאָגען אַנדערש, טאָ — „מאי טעמא דתנא קמא״?

אין די אגדות פון רבה בר־בר־חנא (בבא בתרא ע״ד) ווערט דערצעהלט וועגען דעם קול פון די בני־קרח, וואָס טראָגט זיך שטענדיג פון דער ערד, שרייענדיג: „משה ותורתו אמת ואנו בדאין״!

די ווערטער „ואנו בדאין״ לאָזען זיי אויס צום סוף, וואָרום ווען זיי זאָלען באַלד צום אָנהויב אויסשרייען: „אנו בדאין״, דעקלאַרירענדיג זיך אַלס ליגנער, וואָלטען זיי דאָך שוין דאַן נישט בעגלויבט געווען צו פערענדיגען דעם צווייטען האַלבען זאַץ, די פערזיכערונג, אַז — „משה ותורתו אמת״...

(מטה אהרן)

דערפון — פלעגט זאָגען רבי אייזיל סלאָנימער אויף זיין שטייגער בדרך־הלצה — זעהט מען, אַז „רשעים אפילו על פתחו של גיהנום אינם חוזרים בתשובה״. נאָכדעם ווי זיי ערקלערען, אַז „משה אמת ותורתו אמת״, פיהרען זיי אויס צום סוף: „ואנו בדאין״, אַז מען זאָל זיי נישט גלויבען, וואָס זיי האָבען דאָ ערשט געזאָגט, וואָרום זיי זענען ליגנער...

דער זעלבער רבי אייזיל סלאָנימער פלעגט זאָגען אויפ׳ן מאמר חז״ל: „שני תלמידי־

חכמים הדרין בעיר אחת ואין נוחין זה לזה אחד מת ואחד גולה" (סוטה מ"ט). וויבאַלד איינער פון זיי איז געשטאָרבען און די שנאה צווישען זיי האָט זיך שוין ממילא אָבגע־שטעלט, טאָ פאַרוואָס קומט דעם צווייטען פערטריבען צו ווערען? נאָר די מעשה איז, עס טרעפט גאַנץ אָפט, אַז אַ שטאָדט האַלט אויס צוויי רבנים, נישט דערפאַר, ווייל זי קאָן מיט איין רב נישט יוצא זיין, נאָר צוליב דער מחלוקת פון די צדדים. קוים איז דער און דער מסכים אויף יענעם רב, נעהמט דער צד־שכנגד און ברענגט אַראָב צו־להכעיס אַ צווייטען רב. וויבאַלד אָבער „אחד מת", איינער פון זיי שטאַרבט און איין צד איז אָהן אַ רב געבליבען, ווערט שוין דאָן ממילא אויך דער לעבעדיגער רב פון צווייטען צד אָנ'איבריגע זאַך, מען הערט אויף צו זאָרגען פאַר איהם, צו געבען איהם אויף חיונה, ביז ער ווערט נעביך געצוואונגען פון דאָרט אויסצוּוואַנדערען...

## ודתן ואבירם יצאו נצבים... (טז. כז.)

„נצבים — בקומה זקופה" (רש"י)

אַלע מדות רעות קאָנען, כידוע, אויסגענוצט ווערען דורכ'ן מענשען צום גוטען, מען דאַרף נאָר וויסען, וואו און ווען זיך מיט זיי צו בענוצען. אויך די מדה פון עזות איז נוצליך — בעת דער מענש וויל טהון אַ גוטע זאַך, זאָל ער דאָן נישט בטל ווערען און נישט שעמען זיך פאַר די אַרומיגע און פאַר זייער שפּאָט און חוזק... ליידער, טהוען ס'רוב מענשען פערקעהרט: „עז־פנים — לגיהנום", צו שלעכטע מעשים, גיהנום־זאַכען, איז מען אַנ'עזות־פנים, געהט־מען־צו דרייסט, אָהן חרפּה, אָהן צו שעמען זיך פאַר וועמען; דאַגעגען „ובושת־פנים — לגן־עדן", קוים האַנדעלט זיך וועגען גוטע מעשים, וועגען גן־עדן־זאַכען, דאַמאָלס דוקא ווערט דער מענש מיטאַמאָל אַ ביישן...

(רבי ברוך ממעזשיבוזש)

די גמרא זאָגט (חגיגה י"ד), אַז טויזענד דורות האָבען געזאָלט געבוירען ווערען פאַר מתן־תורה, אָבער (זעהענדיג, אַז אָהן תורה קאָן די וועלט קיין קיום נישט האָבען) געבוירען געוואָרען זענען נאָר 26; די איבעריגע 974 זענען צושפּרייט געוואָרען צווישען די שפּעטערדיגע דורות, „והן הן עזי־פנים שבדור", דאָס זענען די עזות־פּנימ'ער פון יעדען דור...

און דערפון, משמעות, נעהמט זיך עס, וואָס אַ מחוצף בעת ער קריעגט זיך מיט וועמען, שרייט ער: „איך וועל דיר וויזען, ווער עלטער איז!"...

(קדושת לוי)

## אם כמות כל האדם ימותון אלה וכו' לא ד' שלחני... (טז. כט.)

אויב דאָס וועט זיין אַ בעוויז, אַז השי"ת האָט איהם נישט געשיקט און זיי זענען מיט זייערע טענות גערעכט, דאַרפען זיי דאָך אפילו „כמות כל האדם", מיט אַ גע־וועהנליכען, נאַטירליכען טויט, אויך נישט שטאַרבען, קומט זיי דאָך איבערהויפּט קיין שום שטראָף נישט?

נאָר — האָט געענטפערט דערויף רבי חיים צאַנזער — קוים שפּאַלט מען און מען צוטיילט אַנ'עדה און מען רייסט איהר אָב פון כלל, פערדיענט מען אַ שטראָף אפילו ווען די עצם טענות זענען ריכטיגע, אַפילו ווען קרח איז פולקאָם גערעכט...

## ותפתח הארץ את פיה ותבלע אותם וכו׳ ואת כל הרכוש... (טז. לב.)

„ג׳ מטמוניות הטמין יוסף במצרים א׳ נתגלתה לקרח וא׳ לאנטונינוס וא׳ גנוזה לצדיקים לעתיד לבוא״ (סנהדרין ק״י)

עשירות ווערט דורך מענשען אויסגענוצט אַלס מיטעל צו פערשידענע צוועקען. פאַרהאַן אַזעלכע, וועלכע זענען זיך נוהג ווי קרח, שטרעבענדיג צו דערגרייכען מיט זייער געלד וואָס מעהר כבוד און גאוה. אַנדערע ווידער, בעקומענדיג געלד, איז ביי זיי דער עיקר צו פיטערען דעם קערפער און גוט צו עסען, ווי אנטונינוס, „שלא פסק מעל שלחנו לא צנון ולא חזרת״. פאַרהאַן אָבער אויך אַ דריטע קאַטעגאָריע, וועלכע בעשטעהט פון גאַנץ געצעהלטע יחידים, וואָס דאָס עשירות העלפט זיי צו געהן אין וועג פון צדיקים, צו פערווענדען דאָס געלד אויף צדקה ומעשים טובים און מקיים צו זיין דעם „וצדקתם עומדת לעד״...

(אמרי שפר)

## ותבלע אותם... ואת כל הרכוש... (טז. לב.)

פאַרוואָס איז אויך דאָס רכוש, דאָס פערמעגען זייער׳ס, איינגעשלונגען געוואָרען? — ווייל די הבטחה „ועבדום וענו אותם ואחרי־כן יצאו ברכוש גדול״ האָט נישט געהאַט קיין שייכות צום שבט־לוי, וועלכער איז דאָך נישט געווען אינ׳ם כלל פונ׳ם „ועבדום וענו אותם״, דען די בני־לוי זענען אין מצרים פריי געווען פון אַרבייט — און דעריבער האָבען זיי נישט גענומען קיין חלק, נישט אינ׳ם רכוש, וואָס מען האָט אַרויסגעפיהרט פון מצרים, און אויך נישט אין דער שפּעטערדיגער פערטיילונג פון ארץ־ישראל; און היות ווי אויך די בני־קרח זענען דאָך געווען פון שבט־לוי, טאָ ווי קומט צו זיי רכוש? — איז עס דאָך זיכער פרעמד׳ס, גע׳גזל׳טס, און דעריבער — „ותבלע אותם וכו׳״...

(שפתי כהן)

דעריבער איז אויך דער רכוש, דאָס פערמעגען, געוואָרען איינגעזונקען, ווייל דאָס איז געווען די סיבה פון דער טרויעריגער מחלוקת. די העזה, וואָס האָט זיך גענומען צו קרח׳ן אַרויסצוטרעטען געגען משה׳ן, איז געווען נור אַ דאַנק זיין עשירות, אַ דאַנק דעם — „ועשיר יענה עזות״...

(אסם בשם)

מען האָט אַמאָל געפרעגט רבי ברוך־מרדכי שעדלעצער:

— רבי, פאַרוואָס זאָגט מען: „רייך, ווי קרח״? קרח איז דאָך איינגעזונקען גע־וואָרען מיט׳ן געלד אינאיינעם — טאָ פונוואַנען ווייסט מען, אַז ער איז געווען רייך?

— אָט דאָס איז טאַקע די מעשה — ענטפערט ר׳ ברוך־מרדכי — ס׳רוב אידישע עשירים זענען רייך נאָר ביים לעבען... גאַנץ אָפט האַלט מען פלוני בן פלוני׳ן פאַר אַ גרויסען גביר און מען שאַצט זיין פערמעגען אין די אלפים ורבבות; ערשט נאָכ׳ן טויט דערוויסט מען זיך, אַז עס איז נאָך איהם גאָרנישט געבליבען, אַז ער איז באמת גע־שטאָרבען אַנ׳אָרימאַן, אַ קבצן... קרח אָבער איז איינגעזונקען געוואָרען צוזאַמען מיט׳ן פערמעגען — איז ער דערום געבליבען ביים שם, אַז ער איז געשטאָרבען אַ גביר...

## ויאבדו מתוך הקהל... (טז. לב.)

„עדת קרח אין להם חלק לעולם־הבא וכו׳ דברי רבי עקיבא״ (סנהדרין ק״ט)

פרעגט זיך: אין אַ ווייטערער שטעלע (סנהדרין ק״י) זאָגט דאָך דער זעלבער רבי עקיבא, אַז דער גאַנצער „דור המדבר אין להם חלק לעולם הבא״, און אויך עדת־קרח האָט דאָך געהערט צום דור־המדבר, און אויב אַזוי זענען זיי דאָך דאָ קיין שום אויסנאַהם נישט געווען?

דער תירוץ איז: דער דרש, אַז „דור המדבר אין להם חלק לעולם הבא״ ווערט געדרינגען פון פסוק „במדבר הזה יתמו ושם ימותו״ און אין דער דאָזיגער גזירה זענען די לויים נישט געווען בכלל, און היות ווי אויך קרח איז געווען אַ לוי, איז ממילא אויך אויף איהם נישט חל געווען די גזירה פון דור־המדבר, און דעריבער איז נויטיג דער בעזונדערער דרש, אַז די בני קרח, כאָטש זיי זענען געווען לויים, דאָך — „אין להם חלק לעולם הבא״...

(דבש וחלב)

## ואת האש זרה הלאה כי קדשו... (יז. ב.)

הגם דאָס פייער האָט געשטאַמט פון זינד, פון די „מחתות החטאים האלה״ — דאָך... אַ זאַך, פאַר וועלכער מענשען האָבען זיך מוסר־נפש געווען, כאָטש זיי האָבען דערביי געזינדיגט, בעקומט עס דאָך דעם ווערט פון הייליגקייט...

(רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

## את מחתות החטאים האלה בנפשותם... (יז. ג.)

די ערגסטע, די זינדיגסטע בעלי־מחלוקת זענען יענע, וועלכע מישען אַריין דערביי דעם „נפש״, פיהרענדיג זייערע מחלוקת׳ן כלומר׳שט אין נאָמען פון תקון־הנשמה, אין נאָמען פון פרומקייט, פון הימעל־זאַכען!...

(רבי נפתלי ראָפּשיצער)

## ולא יהיה כקרח וכעדתו... (יז. ה.)

דער נצי״ב פון וואָלאָזשין, אין זיין ספר „משיב דבר״, טרעט אַרויס מיט זעהר שאַרפע ווערטער געגען די „לומדים וחרדים״ פון די פערשיעדענע קהלות, וועלכע ערלויבען זיך צו פיהרען רבנ׳ישע מחלוקת׳ן מיט דער התנצלות, אַז דער רב איז מיט זיין התנהגות נישט ראוי צו זיצען אויפ׳ן כסא־רבנות און זיי זענען מיט זייער מחלוקת אויסען לשם־שמים... אויך די ראשי־העדה, די צוויי הונדערט און פופציג ראשי סנהדראות, וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט קרח׳ן, האָבען נישט געוואָלט פאַר זיך קיין שום גדולה און זיי האָבען געמיינט גאַנץ ערנסט מיט זייערע טענות, און טאַקי דערפאַר וואָרענט אונז די תורה: „ולא יהיה כקרח ועדתו״, נישט ווי קרח, וועלכער איז אין זיין מחלוקת אויסען געווען זיינע פערזענליכע נוצען, און אויך נישט ווי זיין עדה, וועלכע האָבען איהם דערביי מיטגעהאָלפען בלויז לשם שמים!...

## וישב אהרן אל משה אל פתח אהל מועד והמגפה נעצרה... (יז. טו.)

נאָכוואָס ווערט עס נאָכאַמאָל איבערגע׳חזר׳ט, עס שטעהט דאָך שוין פריהער: „ויעמוד בין המתים ובין החיים ותעצר המגפה״?

באַר משה, ווי עס איז צו זעהען פון די פסוקים, איז די גאַנצע צייט, בעת אהרן איז געשטאַנען אין דער מחנה, תוך הקהל, און מקטיר געווען קטורת, געבליבען זיצען אין אוהל־מועד, און ווי־נור דאָס מיטעל האָט געווירקט און די מגפה איז אָבגעשטעלט געוואָרען — „וישב אהרן אל משה אל פתח אוהל מועד״, איז אהרן גלייך אַוועק צו משה׳ן אין אוהל מועד און איהם געמאָלדען: „והמגפה נעצרה!״...

(קול מבשר)

אין זוהר אויף דער היינטיגער סדרה (רעיא מהימנא קע״ט) געפינען מיר פאָל־גענדע שטעלע: „מעולם לא זזה שכינה מישראל בשבתות וימים־טובים ואפילו בשבתות של חול״.

וואָס איז דער פשט פון די ווערטער „בשבתות של חול״?

אין „פרשת דרכים״ ווערט געגעבען דערויף פאָלגענדע ערקלערונג:

דער דין איז, אַז בשעת אַ מענש געהט אין דער מדבר און ער האָט פערגעסען דעם חשבון פון די טעג און ווייסט נישט ווען שבת איז, דאַרף ער אָנהויבען צעהלען די וואָך פון יענעם טאָג אָן און אינ׳ם זיעבעטען טאָג רוהען. די כוונה, אַלזאָ, פונ׳ם דערמאָהנטען מאַמר איז, אַז אַפילו אין אַזאַ „שבת של חול״, וועלכער ווערט געמאַכט פון אַ יחיד משום ספק, אויך אויף אַזאַ „שבת״ רוהט די שכינה...

דאַגעגען אין „אהל יעקב״ פון רבי בעריש פלאַם ווערט אָנגעוויזען, אַז עס איז דאָ אַריינגעפאַלען אַ קליינער טעות־הדפוס און דאָס וואָרט „חול״ איז אַ ראשי־תיבות פון „חוץ לארץ״. דען עס איז דאָך ידוע דער מאַמר חז״ל: „כל הדר בחוץ לארץ דומה כמי שאין לו אלוה״, און דערויף ווערט דאָ געזאָגט, אַז וואָס ס׳איז שייך שבת ויום־טוב איז „לא זזה שכינה מישראל בשבתות וימים טובים ואַפילו בשבתות של חוץ לארץ״...

# חֻקַּת

## זאת חוקת התורה... (יט. ב.)

„לפי שהשטן ואומות העולם מונין את ישראל לומר, מה המצוה הזאת ומה טעם יש בה, לפיכך כתב בה חוקה, גזירה היא מלפני, אין לך רשות להרהר אחריה" (רש"י)

פרעגען די מפרשים: פאַרוואָס וועלען זיי זיך שטעלען און פערלאַנגען אַ טעם דוקא אויף דער דאָזיגער חוקה און נישט אויף אַלע אַנדערע חוקות? צווייטענס, אויב עס איז „אין לך רשות להרהר אחריה", טאָ פאַרוואָס ברענגט רש"י נאָכהער אַ טעם פון רבי משה הדרשן, אַז „תבא האם ותקנח את בנה"?

נאָר אייגענטליך איז דאָך קשה: צוליב וואָס האָט מען בכלל געדאַרפט, לויט'ן טעם פון רבי משה הדרשן, ברענגען אַ פרה אדומה אַלס כפרה אויפ'ן חטא פון עגל? אין דער תורה ווערט דאָך בפירוש געזאָגט: „ויגוף ד' את העם אשר עשו את העגל" (שמות לב. לה.), אַז די אַלע וואָס האָבען געדינט דעם עגל, זענען אויסגעשטאָרבען במגפה, טאָ פאַר ווען, אַלזאָ, איז איצט נויטיג געווען די כפרה? און דערויף ענט־פערט דער רמב"ן, אַז געשטאָרבען זענען נאָר די, וועלכע האָבען געזינדיגט ביים עגל בפועל און די כפרה פון דער פרה־אדומה איז נויטיג געווען אויף פאַר די יעניגע, וועלכע האָבען געזינדיגט במחשבה, דען ביי עבודה זרה איז הקב"ה מצרף מחשבה רעה למעשה.

און אָט דאָס ווערט געמיינט מיט דער שאלה פון די אומות העולם: „מה המצוה הזאת ומה טעם יש בה"? פאַרוואָס איז אינ'ם דאָזיגען פאַל נויטיג מכפר צו זיין אויף די, וואָס האָבען געזינדיגט במחשבה, ביי אַלע עבירות ווערט דאָך, לויט'ן אידישען דין, די מחשבה נישט פערערעכענט אַלס מעשה? און דערויף קומט דער ענטפער: „לפיכך כתב בה חוקה, גזירה היא מלפני", דאָ איז עס אַ חק, אַ גזירה, אַנ'אויסנאַהם, און דאָס איז דערפאַר ווייל „אין לך רשות להרהר אחריה", ווייל ביי עבודה זרה טאָר מען אַפילו נישט מהרהר זיין, דאָ איז אַפילו דער הרהור, די בלויזע מחשבה אַ שווערע זינד.

(כתב סופר)

עס איז דאָך יאָ פאַרהאַן אַ טעם אויף דער פרה־אדומה? רש"י אַליין ברענגט דאָך דעם טעם פון ר' משה הדרשן: „תבא פרה ותכפר על העגל"?

נאָר טאָקי דערפאַר — האָט דערויף געענטפערט רבי ישעי'לע פראַגער — ווייל די פרה־אדומה איז מרמז אויפ'ן חטא העגל, ווועלען דער שטן און די אומות־העולם שטענדיג קומען מיט דער שאלה: „מה טעם יש בה"? כדי מקטרג צו זיין און צו ריי־צען זיך מיט די אידען, כדי צו הערען פון זיי יעדעס מאָל דעם ענטפער, אַז מיר האָבען געזינדיגט און אַנ'עגל געמאַכט... „לפיכך כתב בה חוקה, גזירה היא מלפני". ערקלער זיי נישט קיין טעמים, ענטפער זיי נישט...

איינפאַך ענטפערט דערויף דער רבי ר׳ העשיל:

אויפ׳ן פסוק „שם שם לו חק ומשפט“ זאָגען די חז״ל, אַז „שבת ופרה במרה נצטוו“ און דאַמאָלס איז עס נאָך געווען אַ חוקה, דען דאַן איז דאָך נאָך געווען קודם מעשה העגל...

הגם עס זענען פאַרהאַן נאָך פיעל אַנדערע דינים, וועלכע זענען אונפערשטענדליך, וועגען וועלכע עס ווערט אין דער תורה קיין שום טעם נישט אָנגעוויזען, ווי דער איסור פון אכילת־חזיר און שעטנז א. אַ. וו., דאָך ווערט דאָס וואָרט „חקת“ געזאָגט בלויז ביי פרה אדומה, ווייל דידאָזיגע מצוה איז נישט־נאָר אונפערשטענדליך, נאָר זי איז אויך ג ע ג ע ן ש כ ל, געגען דער לאָגיק, זי איז „מטהר טמאים און מטמא טהורים“...

(יבין שמועה)

אויך די תורה בעזיצט דיזעלבע מערקווירדיגקייט, וואָס די פרה־אדומה: אויך זי איז אין אַ געוויסען זין בבחינת „מטהר טמאים ומטמא טהורים“, דען — „זכה, נעשית לו סם של חיים; לא זכה, נעשית לו סם של מות“...

(רבי דוד לעלעווער)

„אין לך רשות להרהר אחריה“...

פאַרוואָס זאָל מען נישט טאָרען מהרהר זיין, אַריינטראַכטען וועגען דעם זין און טעם פון דער מצוה?

זאָגט דערויף דער ווילנער גאון:

אין דער משנה (שבת י״ב) ווערט געזאָגט: „לא יקרא לאור הנר“, נישט אָנגעבענ־דיג דערויף קיין שום טעם, פאַרוואָס מען טאָר נישט לייענען שבת לאור הנר, דאַגעגען אין דער ברייתא ווערט יאָ אָנגעגעבען אַ טעם און דאָס לשון דאָרט איז: „לא יקרא לאור הנר שמא יטה“, און דערויף דערצעהלט די גמרא: „אמר רבי ישמעאל בן אלישע, אני אקרא ולא אטה, פעם אחת קרא ובקש להטות, אמר כמה גדולים דברי חכמים שהיו אומרים לא יקרא לאור הנר“. מיט וואָס האָט ער איצט דערזעהן די גרויסקייט פון די דברי חכמים מעהר ווי פריהער? נאָר דער פשט איז: „כמה גדולים דברי חכמים“, אַז געוועכט זענען די חכמים פון דער משנה, וועלכע האָבען געזאָגט סתם: „ולא יקרא לאור הנר“, נישט ערקלערענדיג דערביי קיין שום טעם, ווייל קוים ווערט, ווי אין דער ברייתא, צוגעגעבען אַ טעם: „שמא יטה“, איז לייכט נכשל צו ווערען און איינצורייזען זיך: „אני אקרא ולא אטה“...

און אָט פאַרוואָס עס ווערט געוואָרענט: „אסור להרהר אחריה“. דאָס מהרהר זיין און זוכען אַ טעם אויף אַ מצוה, אויף וועלכע עס ווערט אין דער תורה קיין שום טעם נישט אָנגעוויזען, קאָן דערפיהרען צו אַ מכשול...

ביים טהון אַ מצוה איז דער מענש נוטה צוויי מאָל מהרהר צו זיין. איידער ער טהוט די מצוה איז דער יצר־הרע אין איהם מהרהר: נאָכוואָס דאַרף מען די דאָזיגע מצוה, וואָס פאַר אַ טעם האָט זי, אפשר איז עס גאָר אינגאַנצען קיין מצוה נישט? און שפעטער, נאָכ׳ן טהון די מצוה, קומט ווייטער דער יצר־הרע מיט הרהורים, דאָס מאָל מיט הרהורים פון גאוות און זעלבסט־צופרידענהייט: ביזט אַ פיינער מענש, אַ טייערער איד, האָסט איצט אָבגעטהון אַ גרויסע מצוה, אַ געוואַלדיגע מצוה...

און דערויף בעטען מיר: „והסר שטן מלפנינו ומאחרינו", דעם שטן, וואָס קומט צו אונז פריהער, פאַר דער מצוה, און שפּעטער — נאָך דער מצוה...

(זכרון לראשונים)

נישט־נור — פלעגט זאָגען רבי אלימלך דינאָוועד — אין די מצוות, וועלכע זעהען־אויס אין פלוג צו זיין נגד השכל, טאָר מען נישט מהרהר זיין, נישט חקר'נען זיך, נאָר זיך סומך זיין אויף דער אמונה, נאָר אַפילו אַזעלכע זאַכען, צו וועלכע דער שכל איז פולקאָם מסכים, דאַרפען זיי אויך געטהון ווערען, נישט ווייל אַזוי דיקטירט דער שכל, נאָר ווייל אַזוי הייסט און זאָגט די תורה. אַ ראיה דערצו איז פון דער גמרא אין עירובין, וואו עס ווערט געזאָגט: „מנא הא מילתא דכל שיש בהקיפו ג' טפחים יש בו רוחב טפח? — מים של שלמה, דכתיב ויעש את הים מוצק וכו'" (עירובין י"ד). איז אין פלוג, אויב דאָס איז פעסטגעשטעלט לויט'ן חשבון, נאַכוואָס דאַרף מען דערויף אַ פּסוק? איז דערפון אַ בעוויז, אַז מען דאַרף זיך סומך זיין אויף דער תורה אַפילו אין אַזעלכע זאַכען, וואָס לאָזען זיך בעווייזען מיט'ן פערשטאַנד...

און דאָס — זאָגט דער דובנער מגיד — איז דער זין פון די פּסוקים: „דבר אל אהרן ואל בניו... איש איש מבית ישראל וכו' אשר ישחט מחוץ למחנה... ונכרת האיש ההוא... ולא יזבחו עוד את זבחיהם לשעירים... ואליהם תאמר, איש איש מבית ישראל וכו' אשר יעלה עולה או זבח ואל פתח אהל מועד לא יביאנו... ונכרת האיש ההוא מעמיו" (ויקרא יז). נאַכוואָס ווערט די זעלבע זאַך צוויי מאָל איבערגע'חזר'ט? נאָר די כוונה איז: אין תחילת ווערט פאַר משה רבינו אָנגעוויזען דער טעם פון דער דאָזיגער אזהרה, דער טעם איז: „ולא יזבחו עוד את זבחיהם לשעירים", אָבער — „ואליהם תאמר, איש איש מבית ישראל וכו'", זיי זאָלסטו זאָגען סתם, אָהן אַ שום טעם, זיי דאַרפען קיין טעם נישט וויסען, נאָר האָבען אמונה און טהוען, וואָס די תורה הייסט...

רבי יונתן אייבעשיץ האָט אָנגעטראָפען אַ געוויסען אַפּיקורס עסען טרפות... יענער האָט זיך אַביסעל פערשעמט און געזאָגט:

— פערשטעהט איהר מיך, רבי, איך בין מקיים בלויז די עטישע, די מאָראַלישע מצוות, וועלכע כ'בין משיג מיט'ן שכל, אָבער נישט די סתם אונפערשטענדליכע חוקים, וועלכע זענען אָהן אַ טעם...

דערויף האָט איהם רבי יונתן געענטפערט מיט אַ פּסוק אין תהלים:

„ולרשע אמר אלקים" — און צום רשע זאָגט גאָט — „מה־לך לספר חקי" — וואָס דערצעהלסטו מיר מעשיות, אַז דו ביזט בלויז אַ געגנער פון חוקים? — „ואתה שנאת מוסר" — באמת האָסטו דאָך פיינט אויך דעם מוסר, אויך די מאָראַל און די עטיק — „ותשלך דברי אחריך" — צוזאַמען מיט די חוקים האָסטו אויך אַלע איבריגע זאַכען אַוועקגעוואָרפען, און בישטאָ אַזאַ זינד, וואָס דו זאָלסט נישט גרייט זיין צו טהון — „אם ראית גנב ותרץ עמו, ועם מנאפים חלקך"!...

„סמך חקת התורה לבהרימכם את חלבו ממנו, רמז לא ניתנה תורה אלא לאוכלי המן, שניה לה לאוכלי תרומה (בעל־הטורים)

ווי אַזוי און פון וואַנען איז פון דער דאָזיגער סמיכות אַ ראיה אויף „לא ניתנה תורה אלא לאוכלי המן"?...

עס איז אַן אַלטע וועלט־קשיא און געענטפערט ווערט דערויף, אַז די כוונה פון בעל־הטורים איז: „ובהרימכם את חלבו ממנו", אַז ווען מען נעמט אַראָב דאָס וואָרט „חלבו", וואָס בעטרעפט די צאָהל 46, פונ'ם וואָרט „ממנו", בלייבט דאַן איבער דאָס וואָרט — „מן".

אָבער דאָס איז נישט מעהר, ווי אַ ווערטעל. פיעל לאָגישער זעהט־אויס צו זיין פאָלגענדע ערקלערונג: דער מקור פונ'ם מאמר „לא ניתנה התורה אלא לאוכלי המן" איז אין מכילתא פ' שלח און דער אייגענטליכער נוסח איז דאָרט: „לא ניתנה התורה אלא לאוכלי המן, כיצד? הי' יושב ודורש ולא הי' יודע מהיכן אוכל ושותה, הא לא ניתנה התורה אלא לאוכלי המן, ושניים להם אוכלי תרומה". די כוונה פונ'ם מאמר איז, אַז „אם אין קמח אין תורה" און אַז עוסק זיין בתורה בקביעות קענען נאָר אָדער די אוכלי־המן, אָדער די כהנים, די אוכלי תרומה, וועלכע דאַרפען נישט זאָרגען אויף פרנסה און דאָס איז אויך די כוונה פון בעל־הטורים וועגען דער סמיכות פון „ובהרימכם את חלבו ממנו" און „זאת חקת התורה", אַז עוסק זיין אין די חקת התורה קענען נאָר די צוויי קאַטעגאָריעס: די אוכלי המן און די אוכלי תרומה...

פאַרהאַן נאָך אַן ערקלערונג, אַז דער בעל־הטורים, ציטירענדיג דעם גאַנצען מאמר פון מכילתא, איז דאָ בעיקר נאָר אויסען דעם סוף פונ'ם מאמר — „שניה לה לאוכלי תרומה".

דער מגן־אברהם (אורח־חיים, סימן תק"פ) דערצעהלט אין נאָמען פון בעל ה„תניא", אַז אין יאָהר חמשת אלפים וארבע איז אין פראַנקרייך אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ גזירה צו פאַרברענען דעם תלמוד (דאָס איז, אגב, געשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן קאַמף, וואָס רבינו יונה האָט אָנגעפיהרט געגען די ספרים פון רמב"ם און בעזונדערס געגען „מורה־נבוכים"), און אין איין טאָג, פרייטאָג, פרשת חוקת, זענען אין פּאַריז פאַרברענט געוואָרען עטליכע הונדערט פוהרען מיט גמרות. מען האָט אינ'ם דאָזיגען טאָג גוזר־תענית געווען, בעשטימענדיג איהם אַלס פערפליכטענדען תענית לדורות; אָבער דערביי איז דער אופן פון זיין בעשטימונג אַביסעל אַנדערש, ווי אַלע אַנדערע תעניתים: געוועהנליך פאַלט־אויס יעדער תענית יעדעס יאָהר גלייך, לויט'ן דאַטום פון חודש; דאַסמאָל אָבער האָבען אייניגע גדולי־הדור ערקלערט, אַז מען האָט זיי געוויזען אין חלום דעם ערשטען פסוק פון דער סדרה: „זאת חוקת התורה" און דעם תרגום־אונקלוס, וועלכער זאָגט דערויף: „דא גזירת אוריתא" — אַ רמז, אַז ס'איז געווען פאָראויסגעזאָגט, אַז אין פרשת חוקת וועט אַרויסגעגעבען ווערען אַ גזירה געגען דער תורה... עס איז, אַלזאָ, בעשלאָסען געוואָרען, אַז דערדאָזיגער תענית זאָל בעשטימט ווערען נישט לויט'ן טאָג פון חודש, נאָר אין דער סדרה פון דער וואָך — יעדעס יאָהר, פרייטאָג פרשת חוקת...

## ויקחו אליך פרה אדומה... (יט. ב.)

„בשעה — ווערט געזאָגט אין מדרש — שעלה משה למרום שמע קולו של הקב"ה שיושב ועוסק בפרשת פרה ואומר הלכה בשם אומרו: אליעזר בני אומר, פרה בת שתים ועגלה בת שנתה וכו', אמר לפניו, רבש"ע, יהי רצון שיצא מחלצי".

מיט וואָס איז עס משה רבינו אַזוי שטאַרק איבערראַשט געוואָרען פון דער דאָזיגער הלכה, אַז ער האָט זיך אַזש געוואונשען „יהי רצון שיצא מחלצי", אַז רבי אליעזר זאָל אַרויסקומען פון איהם?

נאָר לויט'ן טעם פון רבי משה הדרשן, איז די מצוה פון פרה געגעבען געוואָרען כדי צו דערמאָהנען און מכפּר צו זיין אויפ'ן חטא פון עגל. די פרה איז די מוטער פון עגל און דעריבער — „תבוא אמו ותקנח, תבוא פרה ותכפר על העגל"... לויט רבי אליעזר אָבער, וועלכער האַלט, אַז „פרה בת שתים", אַז די פרה־אדומה האָט נישט געטאָרט זיין עלטער פון צוויי יאָהר, און אַ כלל האָבען מיר דאָך (ווי מיר געפינען אין תוספות ע"ז כ"ד), אַז „בדורות הראשונים פרה קודם שלש שנים לא ילדה", איז דאָך שוין אויף אַזאַ אופן נישט שייך צו זאָגען: „תבוא אמו ותקנח" און ס'פאַלט שוין ממילא אַוועק דער דרש, אַז די פרה אדומה זאָל האָבען אַ שייכות מיט'ן חטא פון עגל, און אַט דערפאַר איז משה רבינו אַזוי צופרידען געוועזן פון רבי אליעזר'ס הלכה און ער האָט זיך געוואונשען: „יהי רצון שיצא מחלצי"!...

(רבי מאיר־יחיאל ממאגעלניצא)

„אמרתי אחכמה והיא רחוקה ממני, זו פרה" (מדרש)

דער מדרש וויל אונז דערמיט זאָגען, אַז עס איז נישט מעגליך צו געפינען קיין שום טעם אויף דער מצווה פון דער פרה־אדומה און אַז אויך דער טעם פון רבי משה הדרשן, אַז דער זין פון דער פרה־אדומה איז מכפּר צו זיין אויפ'ן חטא פון עגל, איז בעצם נישט אויסגעהאַלטען... „אמרתי אחכמה" — אויב איך וועל מיר וועלען איינ־רעדען, אַז מיט'ן דאָזיגען דרש בין איך שוין דערגאַנגען דעם אמת'ן טעם, איז עס נישט ריכטיג, וואָרום — „והיא רחוקה ממני", די מצווה פון פרה־אדומה איז דאָך באמת געגעבען געוואָרען אין מרה, אַלזאָ, אַ סך ווייטער און פריהער, איידער עס איז געשעהן דער חטא פון עגל...

(דבר בעתו)

„פרה אדומה — זו גלות אדום" (פסיקתא)

אויך דער גלות האָט אין זיך דיזעלבע אייגענשאַפט, וואָס די פרה־אדומה: פון איין זייט איז ער „מטהר טמאים" — די צרות, וואָס אידען לײַדען אין גלות, די שפלות און בזיונות, וואָס זיי האָבען אויסצושטעהן פון די שכנים, בעפעסטיגען זייער צוגעב־בונדענקייט צום יהדות און פערשטאַרקען אין זיי אָפט, ביי יעדער עת־צרה, דאָס געפיהל פון אַחדות און ברידערליכע רחמנות; אָבער פון דער צווייטער זייט, איז ער אויך „מטמא טהורים" — די שווערע גלות־באַדינגונגען דערפיהרען אָפט צו אַ גייסטיגער ירידה, צו דעמאָראַליזאַציע און פערדאָרבענהייט, צו אַסימילאַציע און זעלבסט־פערלייקענונג, צום — „ויתערבו בגוים וילמדו מעשיהם"!...

(רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

„שתהא תמימה באדמימות, שאם הי' בה שתי שערות שחורות — פסולה" (רש"י)

נאָר דאָס דאָזיגע תמימות — האָט געזאָגט דערויף דער חדושי הרי"ם — ווערט גע'פסל'ט דורך צוויי האָר, ביי תמימות אָבער פון „תמים תהיה עם ד' אלקיך" פסל'ט אפילו „איין האר"...

## אשר אין בה מום אשר לא עלה עליה עול... (יט. ב.)

אויב אַ מענש איז ביי זיך אין אָרדנונג, אויב ער געפינט נישט אויף זיך קיין

שום מום — איז אַ סימן, אַז ער האַלט נאָך גאַנץ ווייט, אַז ער שפּירט נישט און טראָגט נישט אויף זיך דעם מינדעסטען עול פון אידישקייט!...

(רבי יעקב־יצחק מלובלין)

אויפ׳ן פּסוק „אשר לא עלה עליה עול" דרש׳נען די חז"ל (פּרה פּרק ב׳): „עלה עליה זכר — פּסולה".

פרעגט זיך: אויך אין שמואל געפינען מיר דעם זעלבען אויסדרוק: „ושתי פרות עלות אשר לא עלה עליהם עול" (שמואל א. ו.) און דערביי קומט דער אויספיהר — „והשיבותם בניהם מאחריהם הביתה", פון וואַס עס איז דאָך, אַלזאָ, צו זעהן, אַז דער „אשר לא עלה עליהם עול" בעדייט נישט: „שלא עלה עליהם זכר"?...

## עץ ארז ואזוב... והשליך אל תוך שרפת הפרה... (יט. ו.)

„ארז" איז מרמז אויף שטאָלצקייט און גאוה; „אזוב" — אויף דער סאַמע נידעריגסטער שפלות.ביידע מדות טויגען נישט, ביידע דאַרף מען פאַרברענען; פּונקט ווי מען דאַרף קיין בעל־גאוה נישט זיין, דאַרף מען אויך נישט זיין צופיעל שפל... געהן זאָל דער מענש אינ׳ם דרך־הממוצע...

(כלי יקר)

יעדער מענש דאַרף האָבען ביי זיך צוויי קעשענעס: איינע מיט „ואנכי עפר ואפר"; די צווייטע — מיט „בשבילי נברא העולם"...

(רבי מנחם־מענדיל מקאָצק)

## זאת התורה אדם כי ימות באהל... (יט. יד)

„אין דברי תורה מתקיימין אלא במי שממית עצמו עליה" (ברכות ס"ג)

דער „שאגת־אריה" האָט אַ לאַנגע צייט אָבגעריכט גלות. געגאַנגען איז ער אָנגעטהון אין אַ לייווענטענער קאַפּאָטע, אַרומגעבונדען מיט אַ שטריק, אויפ׳ן שטריק אָנגעבונדען אַ טעפּעל מיט אַ לעפעל — און וואו ער פלעגט קומען, פלעגט ער בעטען, מען זאָל איהם אָבקאָכען אַביסעל גרויפּען אין זיין אייגען טעפּעל, מחמת ער פלעגט זיך נישט וועלען „מישען" מיט פרעמדע כלים.

ויהי היום, איז ער געקומען קיין ברעסלוי, וואו רבי ישעי׳ פּיק (דער בעל „מסורת הש"ס") איז געווען רב. רבי ישעי׳ איז געווען אַ איד אַ נגיד און האָט געפיהרט אַ ברייט הויז. איז דער „שאגת־אריה" אַריין צו רבי ישעיה׳ן אין שטוב און האָט געזאָגט צו דער רבי׳צין: נאַ דיר (דער „שאגת־אריה" האָט קיינעם נישט געאיהרצט) גרויפּען אין אַ טעפּעל און קאָך מיר אָב אַביסעל געקעכץ.

די רבי׳צין האָט איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט. נישט בלויז זיין אַרט רעדען, נאָר זיין גאַנצער הילוך און משונה׳דיג אויסזעהן האָט אויף איהר געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק, דען דער „שאגת־אריה" האָט ווייט נישט געהאַט קיין הדרת־פּנים... איז זי אַריין צום רב און האָט איהם דערצעהלט, אַז ס׳איז געקומען עפּעס אַ איד אַנ׳אָרימאַן, זעהט־אויס אַ מטורף, און פאַרלאַנגט, מען זאָל איהם קאָכען עסען פון זיינע גרויפּען און דוקא אין זיין כלי!

רבי ישעי׳ האָט געהייסען, זי זאָל איהם צוליב טהון, און אַליין איז ער געגאַנגען

שלום געבען דעם אורח און האָט איהם אַריינגעבעטען צו זיך אין קאַבינעט, וועלכער איז געווען, ווי אַלע חדרים פון דער וואוינונג, זעהר רייך מעבלירט. עס האָט זיך פערפלאָכטען צווישען זיי אַ שמועס. דער „שאגת־אריה" האָט איהם תיכף אויפ'ן אָרט געפרעגט אַ קשיא, גאָר אַ האַרבע קשיא, אויפ'ן שאגת־אריה'ס שטייגער. רבי ישעי' האָט זיך אַביסעל געמאַטערט, אָבער סוף־כל־סוף געענטפערט אַ תירוץ, וואָס עס איז דעם „שאגת־אריה" שטאַרק געפעלען געוואָרען.

— מיר איז אַ גרויסער חידוש אויף דיר — רופט ער זיך אָן צום ברעסלויער רב: — לעבסט אין אַזאַ רחבות און קענסט לערנען?...

„קברי עכו"ם אין מטמאין באהל, דכתיב אדם כי ימות באהל וכו' אתם קרויים אדם ואין העובדי כוכבים קרויים אדם" (יבמות ס"א)

דער פשט איז נישט, אַז די עכו"ם זענען נישט בכלל בני אדם, אַז זיי זענען גאָר קיין מענשען נישט, וואָרום אויסער וואָס דאָס איז אין סתירה צו פיעלע דרשות חז"ל, וועלכע דרינגען, אַז אינ'ם וואָרט „אָדם" זענען אויך עכו"ם אין כלל, געפינען מיר אין אַ סך פסוקים דעם אויסדרוק „אדם" דוקא אין בעצוג צו די עכו"ם, ווי „בקום עלינו אדם", „ואתה אדם ולא אל", „עצביהם כסף וזהב מעשי ידי אדם" א. ד. גל.

באמת אָבער איז די כוונה פונ'ם „אתם קרויים אדם" אַ גאַנץ אַנדערע, עס ווערט געמיינט דערמיט צו בעטאָנען, אַז הגם „אדם" איז דאָך כולל אַלעמען, אַפילו נישט־אידען אויך, איז אָבער דאָרט, וואו דאָס וואָרט „אדם" ווערט דערמאָהנט אין דער תורה אין צוזאַמענהאַנג מיט פערשיעדענע מצוות, דאַן — „אתם קרויים אדם", דאַן בעציהט זיך עס נאָר אויף אייך, אויף אידען, וואָרום אויף די עכו"ם זענען די אַלע מצוות נישט חל...

(רבי צבי חיות)

די תורה האָט מען ליעב, גאָר שטאַרק ליעב, בשעת זי ליעגט אין אָרון, אין אָרון־קודש, און דעם לומד־התורה האָט מען ליעב — בשעת ער ליעגט שוין אין „אוהל", נאָכ'ן טויט, ביים לעבען אינטערעסירט מען זיך גאַנץ וועניג מיט איהם...

(נחלי דבש)

און דאָס — טייטשט מען — איז אויך דער פשט: „חכם שמת הכל קרוביו" (שבת ק"ה). ערשט נאָכדעם, ווי דער תלמיד־חכם שטאַרבט, ווערען אַלע מיטאַמאָל זיינע קרובים און אַלע נעהמען זיך מיט איהם יחוס'ן, ווערענד ביים לעבען וויל זיך קיינער אויף איהם נישט אומקוקען...

פון די פערשידענע מיני גמילות־חסדים, וואָס די חז"ל לערנען אַרויס פונ'ם פסוק „את הדרך אשר ילכו בה", ווי גומל־חסד זיין מיט אַנ'אָרימאַן און איהם לייהען אַ הלוואָה, גומל־חסד זיין און העלפען אַ קראַנקען א. אַ. וו. איז ביי די מענשען אַם־שטאַרקסטען אָנגענומען די מצוה פון גומל־חסד זיין מיט אַ מת, און דעריבער ווערט דוקא דער דאָזיגער חסד אָנגערופען „חסד של אמת", ווייל מענשען האָבען בטבע זעהר ליעב דעם אמת. איז בעת עס האַנדעלט זיך וועגען העלפען אַנ'אָרימאַן און ראַטעווען אַ חולה, זענען זיי אין ספק: טאָמער איז דער אָרימאַן גאָר קיין אָרימאַן נישט, און טאָמער איז דער חולה גאָרנישט קראַנק... אָבער, אַז יענער איז געשטאָרבען,

דאָס זעהט מען דאָך, דאָס איז דאָך זיכער אמת — און פאַר אַנ׳אמת, פאַר אַ „חסד של אמת״ זענען זיי גרייט דעם האַלז צו שטרעקען...

(רבי שלמה קלוגער)

ר׳ ברוך שעדלעצער פלעגט זאָגען:

פונוואַנען נעהמט זיך עס, וואָס די חברה־קדישא־לייט זענען אַזעלכע שטאַרקע אַנהענגער פונ׳ם „ביטערען טראָפּען״? דען די חז״ל זאָגען: „כתיב לד׳ הארץ ומלואה וכתיב והארץ נתן לבני אדם, כאן קודם ברכה, כאן לאחר ברכה״. איז דעריבער, איידער זיי מאַכען אַ „ברכה״, האָבען זיי קיין רעכט נישט צו פאָדערען געלד פאַר אַ קרקע, דען די ערד געהער דאָך צום אויבערשטען, דאַגעגען נאָך דער „ברכה״, דאַמאָלס איז דאָך שוין די ערד זייערע, מעגען זיי זיך שוין הייסען געבען פאַר איהר וויפיעל זיי ווילען...

אַז די מתעסקים און חברה־קדישא־לייט האָבען שוין אין די גאָר אַלטע צייטען, נאָך בימי התלמוד והמשנה, נישט פיינד געהאַט קיין כוסה, האַלטענדיג, אַז זיי איז דאָס ערלויבט מעהר ווי יעדען אַנדערען בשר־ודם, איז צו זעהן פון נזיר פרק ב׳ משנה ד׳: „יודע אני שהנזיר אסור ביין, אבל סבור הייתי שחכמים מתירים לי מפני שאין אני יכול לחיות אלא ביין, או מפני שאני קובר את המתים״...

## וכל אשר יגע על פני השדה וכו׳ או בקבר יטמא... (יט. טז.)

„רבי שמעון בן יוחאי אומר קבריהן של עובדי אלילים אין מטמאין, שנאמר: ואתן צאני צאן מרעיתי אדם אתם, אתם קרויין אדם ואין עובדי אלילים קרויין אדם״ (בבא־קמא קי״ד)

רבי שמעון בן יוחאי איז געווען אַנ׳עדות פון די גרויזאַמע רציחות וואָס די רוימישע אָקופּאַנטען זענען בעגאַנגען געגען די אידען, וועלכע זענען דורך זיי מאַסענ־ווייז ערמאָרדעט געוואָרען. אויס פּחד פאַר די אכזריות׳דיגע רוימער איז רבי שמעון בן יוחאי זעלבסט, ווי בעקאַנט, געצוואונגען געווען אויסצובעהאַלטען זיך דרייצעהן יאָהר אין אַ הייל, און ער האָט זיך דעריבער אויסגעדריקט מיט פערביטערונג: „אתם קרויין אדם״, נאָר ביי אייך, ביי אידען און לויט דער אידישער תורה, וועלכע האָט נאָך מיט טויזענדער יאָהרען צוריק אָבגעשאַפט דאָס שקלאַפּענטום, האָט יעדער מענש און יעדעס מענשליכע לעבען אַ חשיבות. „ואין עובדי אלילים קרויין אדם״, ביי זיי האָט דער נאָמען „מענש״ און דאָס לעבען פון אַ מענש קיין שום ווערט נישט...

(הרב ד״ר זאב מישעל)

## ותמת שם מרים וכו׳ ולא היה מים לעדה... (כ. א. ב.)

דערויף — ווערט ערקלערט — שטיצט זיך דער מנהג, וואָס ווערט געבראַכט אין יורה־דעה סי׳ של״ט, אַז בשעת עס שטאַרבט איינער ווערט אין דער גאַנצער שכונה, וואו דער מת געפינט זיך, אויסגעגאָסען דאָס וואַסער פון אַלע כלים; און ווי דער ש״ך ער־קלערט דאָרט אויפ׳ן אָרט, איז דער זין פונ׳ם דאָזיגען מנהג גאַנץ איינפאַך: דאָס דיענט פאַר אַלעמען אַלס סימן און צייכען פונ׳ם טרויעריגען געשעהעניש, כדי צו פערשפאָרען צו זיין אַ „מוציא דבה״, כדי איינער דעם צווייטען זאָל נישט דאַרפען מודיע זיין און אַרויסברענגען די דאָזיגע טרויעריגע בשורה פאַר׳ן מויל...

גערער חסידים דערצעהלען: בשעת דער גערער רבי איז געווען איינמאָל אין קאַרלסבאַד, האָט איהם אַ געוויסער רב פון אויסלאַנד געפרעגט אויף איינעם אַ בעקאַנ־טען איש־נכבד פון פוילען, וועגען וועלכען ער האָט געהאַט אַ ידיעה, אַז ער איז שווער קראַנק, וואָס ער מאַכט... דער דאָזיגער איש־נכבד איז שוין דאַן געווען אויפ׳ן עולם־האמת און דער גערער רבי, נישט וועלענדיג דעם רב מצער זיין, האָט איהם געענט־פערט, אַז יענער דאַרף האָבען גרויס רחמים... אויף צו־מאָרגענס האָט זיך דער רב דערוואוסט פונ׳ם טרויעריגען אמת, און בעגעגענענדיג זיך אַ צווייט מאָל מיט׳ן גערער רבי׳ן, האָט ער אויסגעדריקט זיין פערוואונדערונג, הלמאי ער האָט איהם געזאָגט אַנדערש, ווי עס איז... דערויף זאָל איהם דער גערער רבי האָבען געענטפערט, אַז ער האָט איהם, חלילה, כלל נישט גענאַרט, דען אויך אַ מת דאַרף האָבען גרויס רחמים, ווי מיר זאָגען עס דריי מאָל אַ טאָג אין דער שמונה־עשרה: „מחיה מתים ברחמים רבים״...

## ותמת שם מרים וכו׳ וירב העם עם משה... (כ. א. ג.)

אויף מנצח צו זיין דעם יצר־הרע געבען די חז״ל דריי עצות: תורה, קריאת־שמע און יום־המיתה. „אם פגע בך מנוול זה משכהו לבהמ״ד, נצחהו מוטב ואם לאו יקרא ק״ש, נצחהו מוטב ואם לאו יזכיר לו יום־המיתה״. דאָס לעצטע מיטעל איז, אַלזאָ, דאָס שטאַרקסטע, דאָס ראַדיקאַלסטע... ווי עס ווייזט אָבער אויס, איז אַנטקעגען דעם יצר־הרע פון מחלוקת פועל׳ט אפילו דאָס דאָזיגע מיטעל אויך נישט. „ותמת שם מרים ותקבר שם״, און פונדעסטוועגען, איז תיכף־ומיד — „וירב העם עם משה״...

(הרב משה־שמעון זיוויטץ)

## ולמה העליתנו ממצרים להביא אותנו וכו׳ לא מקום זרע ותאנה וגפן ורמון ומים אין לשתות... (כ. ה.)

ווי געשיקט זיך עס, אַוועקצושטעלען זיך קלאָגען וועגען „תאנה גפן ורמון״, אַז זיי האָבען נישט קיין פייגען, ווייַן און מילגרוימען, אין דער צייט ווען עס פעהלט זיי דאָס סאַמע נויטיגסטע — וואַסער?...

נאָר, ווי עס איז צו זעהען, איז צווישען דעם וואָרט „לא״ און דעם וואָרט „מקום״ פאַרהאַן אַ פסיק, וואָס בעדייט אַלס הפסק צווישען די פערבינדונגס־ווערטער און די כוונה פון פסוק איז אַזוי: „לא״! מיר רעדען שוין נישט פון — „מקום זרע ותאנה וגפן ורמון״, נאָר — „ומים אין לשתות״, עס איז נישטאָ אפילו קיין ביסעל וואַסער צום טרינקען...

פאַרוואָס האָבען זיי שוין אויך נישט אויסגערעכענט די איבריגע מעלות פון צוגע־זאָגטען לאַנד: „זית שמן ודבש״?

ווייל אויף די דאָזיגע מינים האָבען זיי זיך נישט געקאָנט בעקלאָגען אַז זיי האָבען עס נישט, דען זיי האָבען דאָך געהאַט דעם מן און וועגען מן ווערט געזאָגט אין פסוק, אַז ער האָט אין זיך ענטהאַלטען דבש און שמן: „וטעמו כצפיחית בדבש״ און „ויהי טעמו כטעם לשד השמן״...

(משך חכמה)

## קח את המטה... (כ. ח.)

דער אבן־עזרא, אין זיין ערקלערונג צום דאָזיגען פסוק, ברענגט דאָ דעם פסוק פון דברי הימים ב׳ (כב. י.): „ותקם ותדבר את כל זרע הממלכה" און זאָגט: „והנה פי׳ ותדבר כמו ותאבד וכן בספר השני".

וועגען דער בעדייטונג פון די ווערטער „וכן בספר השני" ברענגען די מבארים פערשידענע פשטים און השערות. באמת אָבער איז דאָ דער פשט גאַנץ איינפאַך: דער זעלבער פסוק ווערט אויך געבראַכט אין אַ צווייט ספר, אין מלכים ב׳ (יא. א.), נאָר אָנשטאָט „ותדבר" שטעהט דאָרט „ותאבד" — „ותקם ותאבד את כל זרע הממלכה", וואָס עס בעווייזט, אַלזאָ, אַז דער אויסדרוק „ותדבר" אין דברי־הימים האָט די בעדייטונג פון איבוד, פערניכטונג...

(כנסת הגדולה)

## שמעו נא המורים... (כ. י.)

דער רמב״ן (אין פסוק ח׳) ברענגט די ערקלערונג פון רמב״ם, אַז דער חטא פון משה׳ן איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געצאָרנט אויף די אידען און אויסגעשריען צו זיי: „שמעו נא המורים", אָבער דער רמב״ן איז נישט מסכים מיט דער דאָזיגער ערקלערונג, אויסדריקענדיג זיך: „ומוסיף הבל על הבלים"...

באמת אָבער שטיצט זיך די ערקלערונג פון רמב״ם אויף אַ בפירוש׳ן מדרש. אין מדרש רבה ויחי (פ׳ צ״ט) געפינען מיר דייטליך: „ומפני שאמרו שמעו נא המורים נידונו בשפתותיהם, לכן לא תביאו את הקהל הזה"...

(שפתי צדיקים)

דער בעש״ט האָט נישט סובל געווען די מגידים, וועלכע פלעגען אין זייערע דרשות זיך אַוועקשטעלען און אויסרעכענען כל מיני חטאים אויף אידען. איינער אַ מוכיח, וועלכען דער בעש״ט האָט וועגען דעם אויפמערקזאַם געמאַכט, האָט זיך פערענטפערט, אַז אויך די תורה, ווי מיר געפינען אין זוהר פיעל שטעלען, האַלט אין איין מוסר׳ן די אידען פאַר זייערע זינד. — ענטפערט איהם דערויף דער בעש״ט:

— אמת טאַקי, אַז השי״ת שטראָפט אונז אָפט און צאָרנט אויף אונז און פונדעסט־וועגען, אַז משה רבינו האָט זיך אויסגעדריקט: „שמעו נא המורים", איז צוליעב׳ן דאָזיגען חטא אויף איהם נגזר געוואָרען נישט אַריינצוקומען קיין ארץ־ישראל. ער, כביכול, מעג — עס זענען זיינע קינדער. אַ בשר־ודם אָבער, מעג ער אפילו זיין משה רבינו אַליין — טאָר נישט...

דער בעקאַנטער אָרטאָדאָקסישער האַמבורגער באַנקיר גומפּערץ, וועלכער האָט אין זיין צייט אַ חשוב׳ע ראָלע געשפּיעלט ביי די דייטשע אידען, האָט איינמאָל אויף אַ סעודת־מצוה זיך צונויפגעטראָפען מיט די פיהרער פון רעפאָרם־אידענטום, גייגער, האַלדהיים און אַנדערע. נאָך דער סעודה האָט מען מכבד געווען גומפּערצ׳ן מיט׳ן בענ־שען. גומפּערץ, וועלכער איז געווען אַ שאַרפער געגנער פון די רעפאָרם־אידען, האָט גענומען דעם כוס אין דער האַנד און דאַן האָט ער זיך געווענדעט צום עולם און געזאָגט: איהר ווייסט מיר ענטשולדיגען, וואָס איך וועל נישט אָנהויבען מיט די טראַדיציאָנעלע ווערטער: „שמעו נא רבותי", מחמת דאָ זיצען אַזעלכע מענער, וועלכע איך קאָן נישט בעטראַכטען אַלס „רבותי", אַלס מיינע רביים, אָבער היות ווי זיי זעלבסט פּראָקלאַמירען

זיך אַלס לעהרער און וועגווייזער פון פאָלק, מוז איך זיי דעריבער טיטולירען און זאָגען: „שמעו נא המורים”...

(נ. זאנגען, שעוועניגגען)

## יען לא האמנתם בי להקדישני לעיני בני ישראל... (כ. יב.)

די מפרשים ערקלערען אויף פערשיעדענע אופנים דעם ענין, פון וואָס עס איז בעשטאַנען די זינד פון משה רבינו ביי מי מריבה און איטליכער געפינט דערביי אַן־אַנדערען חטא. דער אברבנאל, למשל, רעכענט אויס גאַנצע צעהן חטאים. בעמערקט דערויף דער שד"ל (שמואל דוד לוצאַטו) אין זיין ביאור אויף תורה: כל ימי — שרייבט ער — האָב איך אויסגעמיטען נישט צו פערטיעפען זיך אינ'ם דאָזיגען ענין, מורא האָבענדיג, אַז איך זאָל אויך פון מיין זייט דערביי עפּיס נישט מחדש זיין, צוליעב וואָס עס וואָלט, חלילה, צוגעקומען אַ פרישער חטא אויף משה רבינו...

„הא אם האמנתם בי לא הגיע זמנם ליפטר מן העולם” (יומא פ')

מיט'ן דאָזיגען מאמר ווערט פערענטפערט די קשיא פון אייניגע מפרשים, וועלכע פרעגען: די גמרא זאָגט דאָך, אַז „כיון שעברו רוב שנותיו של אדם ולא חטא שוב לא יחטא, שנאמר רגלי חסידיו ישמור”, און אָט זעהען מיר דאָך, אַז משה ואהרן האָבען געזינדיגט, כאָטש זיי האָבען שוין געהאַלטען ווייט איבער די רוב שנותם?

לויט'ן דערמאָהנטען מאמר אָבער, אַז „הא אם האמנתם בי לא הגיע זמנם ליפטר מן העולם”, אַז משה ואהרן זענען געשטאָרבען פאַר דער צייט, קומט דאָך אויס, אַז דאַמאָלס בעת זיי האָבען געזינדיגט, איז עס נאָכנישט געווען קיין רוב שנותם...

(עדות ביהוסף)

דער חתם־סופר, בשעת ער האָט געפיהרט דעם קאַמף מיט דער רעפאָרם־בעווע־גונג, איז אַמאָל געקומען אין אַן'אונגאַריש שטעדטעל אויף אַ בעזוך צום דאָרטיגען רב, וועלכער איז געווען איינער פון זיינע תלמידים און ער איז שוין דאָרט געזעסען צוואַנציג יאָהר אויפ'ן כסא־רבנות. צו זיין גרויס צער האָט זיך דער חתם־סופר דערוואוסט, אַז דער רוב פון שטעדטעל בעשטעהט פון פושעים, מחללי שבת, און ער האָט דערפאַר געמאַכט דעם רב אַ שטאַרקען פאָרוואורף.

— וואָס בין איך שולדיג? — האָט זיך דער רב פערענטפערט — זיי זענען געווען פושעים נאָך פון פריהער, נאָך איידער איך בין דאָ געוואָרען רב...

— געוויס זענט איהר שולדיג — ענטפערט איהם דער חתם־סופר — במשך פון די צוואַנציג יאָהר האָט איהר שוין געדאַרפט האָבען געווירקט אויף זיי, זיי זאָלען ווערען אויס פושעים, און אָט דאָס איז אויך געווען דעם אויבערשטענ'ס טענה צו משה ואהרן: „יען לא האמנתם בי”. „האמנתם” איז אַ פועל־יוצא. אייער שולד בעשטעהט דעריין, וואָס איהר האָט נאָך ביז היינט נישט גע'פועל'ט, אַז די אידען זאָלען גלויבען אין מיר, וואָס איהר האָט זיי נאָך אַלץ נישט געמאַכט פאַר קיין מאמינים...

## וישלח משה מלאכים מקדש אל מלך אדום כה אמר אחיך ישראל... (כ. יד.)

אין די אַלטע צייטען פלעגען די מלכים איינער דעם צווייטען רופען מיט'ן נאָמען „ברודער”, ווי: „ויאמר העודנו חי אחי הוא וכו' ויאמרו אחיך בן הדד” (מלכים א. כ.),

און אויך משה רבינו, שיקענדיג שלוחים צום מלך אדום, האָט ער זיך נישט געוואָלט פאַר איהם ערנידריגען און ער האָט זיך צו איהם געווענדעט מיט'ן אָנגענומענעם שטאָלצען קעניגליכען טאָן: „כה אמר אחיך ישראל"...

און דאָס זעלבע זעהען מיר אויך אין די ווייטערע פסוקים, אין וועלכע עס ווערט געזאָגט: „וירדו אבותינו מצרימה וכו' וירעו לנו מצרים ולאבותינו, ונצעק אל ד' וישמע קולנו". דאַגעגען אין דברים, אין פ' תבא, ווערען די עהנליכע פסוקים איבערגע'חזר'ט פיעל אויספיהרליכער: „וירעו אותנו המצרים ויענונו ויתנו עלינו עבודה קשה וכו' וישמע ד' את קולנו וירא את ענינו ואת עמלנו ואת לחצנו". פאַרוואָס איז דאָ משה מקצר און ער דערמאָהנט נישט די אַלע ווערטער, וואָס דאָרט? נאָר משה רבינו, הגם ער האָט זיך געווענדעט צום מלך אדום מיט אַ בקשה, ער זאָל דורכלאָזען די אידען דורך זיין לאַנד, האָט ער אָבער נישט געוואָלט צופיעל ערנידריגען פאַר איהם דעם אידישען כבוד און ער האָט זיך בעגנוגענט מיט עטליכע קורצע ווערטער: „וירעו לנו מצרים", די מצרים האָבען אונז שלעכטס געטהון, אויסמיידענדיג דערביי צו דערצעהלען איהם באריכות וועגען דער אידישער שוואַכקייט און די אידישע ליידען, אַז זיי האָבען זיך געלאָזט פייניגען און געאַרבייט עבודה קשה און „וירא את ענינו ואת עמלנו ואת לחצנו". ביי גוי'אישע הערשער נעהמט מען נישט אויס מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס מעהר מען ערנידריגט זיך פאַר זיי, אַלץ וועהניגער איז דאָס מסוגל צו געווינען ביי זיי אַכטונג און צו דערוועקען מיטגעפיהל, רחמנות און יושר...

(„דברי יאר" פון רבי יצחק־אייזיק ראללער, וועלכער איז געווען רב אין עלזאַס און אַפּיציר פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע.)

## כה אמר אחיך ישראל אתה ידעת את כל התלאה אשר מצאתנו... (כ. יד.)

פונוואַנען דאַרף דאָס אדום וויסען די אַלע צרות און מאַטערנישען, וואָס די אידען זענען איבער דער צייט דורכגעגאַנגען?

ער דאַרף עס וויסען פון זיך. דען „ולאום מלאום יאמץ" איז געזאָגט געוואָרען אין יצחק'ס ברכה וועגען יעקב מיט עשו'ן. „כשזה קם זה נופל" און „לא נתמלאה צור אלא מהרבנה של ירושלים", אַז יעדער פון זיי וועט געבויט ווערען אויף'ן צווייטענ'ס חשבון, און דאָס, אַלזאָ, האָבען די אידען געשיקט זאָגען צו אדומ'ן: „כה אמר אחיך ישראל, אתה ידעת את כל התלאה אשר מצאתנו", פון דיין גדולה, פון דעם וואָס דו ביזט דורך דער צייט אַזוי גרויס געוואָרען, קענסטו זיך משער זיין די נפילה אונזערע, וויפיעל צרות מיר האָבען זיך אין דערזעלבער צייט אָנגעליטען...

(חתם סופר)

## לא תעבור בי פן בחרב אצא לקראתך... (כ. יח.)

פאַרוואָס האָט ער נישט געזאָגט: „כי בחרב אצא לקראתך", נאָר „פן", טאָמער, גלייך ווי עס וואָלט ביי איהם אַ ספק געווען, ווי דער מלך אדום אַליין וואָלט נישט געוואוסט אויף זיכער צי ער וועט דאָס טהון און מיט דער שווערד זיך אַנטקעגענשטעלען אויף זייער וועג? צווייטענס, פאַרוואָס אייגענטליך האָט ער טאַקי נישט געוואָלט דורכ־לאָזען די אידען, וועלכע זענען גרייט געווען צו בעצאָהלען פאַר יעדע קלייניגקייט, אפילו פאַר'ן וואַסער וואָס זיי וועלען טרינקען, פון וואָס די בעפעלקערונג וואָלט גרויסע

מאַטעריעלע נוצען געהאַט, און וועלכע האָבען זיך דאַצו פערפליכטעט, אַז זיי וועלען זיך אין לאַנד נישט אויפהאַלטען און „רק אין דבר, ברגלי אעבורה״, וואָס האָט עס איהם געאַהרט?

נאָר — האָט געזאָגט דערויף דער חידושי הרי״ם — די תשובה פון מלך אדום איז געווען, אַז דאָס, וואָס ער וויל נישט אַדורכלאָזען די אידען דורך זיין לאַנד, איז נישט, ווייל ער האָט עפּעס איצט געגען זיי, נאָר ווייל ער האָט מורא אויף שפּעטער: „פן בחרב אצא לקראתך״, טאָמער וועט אַמאָל אויסקומען אין אַ צייט אַרום, ווען די אידען וועלען שוין זיצען על אדמתם, וועט דאַן אויסברעכען אַ סכסוך מיט דער דאָזיגער שכנות׳דיגער מלוכה און ער וועט דאַרפען פערפיהרען געגען איהר אַ מלחמה, מוז ער דעריבער שוין איצט בעצייטענס זיין פאָרזיכטיג און זיי נישט דורכלאָזען דורך זיין לאַנד, כדי זיי זאָלען זיך נישט בעקענען מיט איהרע וועגען און סטראַטעגישע סודות...

## ויצא אדום לקראתו בעם כבד וביד חזקה וכו׳ ויט ישראל מעליו... (כ. כ. כא.)

פאַרוואָס האָבען די אידען, נאָכדעם ווי מען האָט זיי אַזוי־פיעל נסים בעוויזען און זיי האָבען גובר געווען די מצרים און מנצח געווען עמלק׳ן, זיך פלוצים אַזוי דערשראָקען פאַר אדומ׳ן און אָבגעטרעטען פון איהם?

נאָר אויף די ווערטער „וביד חזקה״ זאָגט רש״י: „בהבטחת זקננו, והידים ידי עשו״. פאַר סתם אַ גוי, וואָס הויבט אויף זיי אַ האַנד, וואָלטען זיי זיך אפשר נישט געווען אַזוי דערשראָקען, דערשראָקען האָבען זיי זיך בשעת זיי האָבען בעמערקט, אַז דער דאָזיגער גוי יחוס׳ט זיך און ערקלערט זיך אַלס מחותן צו די אידישע זיידעס און אַז ער ריהרט זיך נישט אָהן דער „ביבעל״ — אַזאַ גוי איז מאָנכעס מאָל דער געפעהרליכסטער..
(אמרי חן)

## ויבכו את אהרן שלשים יום כל בית ישראל... (כ. כט.)

דאָגעגען נאָך דער פּטירה פון משה רבינו שטעהט „ויבכו בני ישראל את משה״, נישט „כל בית ישראל״, ווייל נאָך אהרנ׳ס טויט האָט קיינער נישט געקענט ערוואַרטען צו פערנעהמען זיין פּאָסטען אַלס כהן־גדול, דען אַ זר קאָן באיין־אופן קיין כהן־גדול נישט ווערען, איז דעריבער האָבען טאַקי אַלע אויפריכטיג בעדויערט זיין טויט און אַלע האָבען געוויינט, נאָך משה׳ן אָבער האָבען נישט אַלע געוויינט; עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבען געהאָפט, אַז זיי וועלען פיללייכט ווערען קאַנדידאַטען איבערצונעהמען דאָס נשיאות...

(תפארת יהונתן)

„כל המוריד דמעות על אדם כשר, הקב״ה סופרן ומניחן בבית גנזיו״ (שבת ק״ה)

רבי עקיבא אייגער האָט פאַר דער פּטירה אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל איהם נישט מספיד זיין, אָבער דער חתם־סופר האָט נישט געקוקט דערויף און ער האָט איהם יאָ מספיד געווען און ער האָט דערביי, אָנהויבענדיג דעם הספד, דערצעהלט, אַז אויך דער פּני יהושע האָט אָנגעזאָגט אין דער צוואה, מען זאָל איהם נישט מספיד זיין, אָבער דער נודע ביהודה האָט זיך דערמיט נישט גערעכענט און האָט ערקלערט, אַז כאָטש עס איז אַ „מצוה לקיים דברי המת״, מעג מען אין אַזאַ פאַל, ווען מען דאַרף אָבגעבען כבוד

אַזאַ צדיק נשגב, עובר זיין אויף דער צוואה, ברענגענדיג דערויף אַ ראיה פון תוספות אין סנהדרין ס״ח. די גמרא דערצעהלט דאָרט, אַז ווען רבי אליעזר איז נפטר געוואָרען, „היה רבי עקיבא מכה בבשרו עד שדמו שותת״, און דערויף בעמערקט דאָרט תוספות: „ומשום שרט לנפש ליכא, דמשום תורה קעביד״, זעהען מיר דאָך, אַז צוליעב כבוד התורה האָט מען מתיר געמאַכט עובר צו זיין אויף אַ בפירוש׳ן לאו: „ושרט לנפש לא תתנו בבשרכם״, איז דאָך מכל־שכן, אַז מען מעג דערביי אויף אַ צוואה אודאי עובר זיין...

רבי שלמה קלוגער האָט איבערגעלאָזט אַ צוואה, מען זאָל איהם נישט מספיד זיין, אָבער די דאַמאָלסדיגע גדולי־הדור, וועלכע זענען געקומען צו זיין לויה, האָבען זיך נישט גערעכענט דערמיט און זיי האָבען איהם יאָ מספיד געווען, שטיצענדיג זיך אויפ׳ן „בית יעקב״ סי׳ פ״ג, אַז אַ גדול הדור, „אם מצוה קודם מיתתו שלא להספידו אין שומעים לו״.

אינ׳ם הספד, וואָס עס האָט דאַן געהאַלטען דעם נפטר׳ס זוהן, רבי אברהם בנימין, האָט ער געזאָגט:

די חז״ל זאָגען אונז, אַז „סימן טוב למת שלא נספד כהלכה״. הגם די הלכה איז, אַז „מצוה לשמוע דברי המת״, און אויב דער רצון־המת איז געווען, מען זאָל איהם נישט מספיד זיין, וואָלט מען דאָך איהם געדאַרפט עפ״י דין פאָלגען, און דאָך איז מען עובר אויף דער הלכה און מען איז איהם יאָ מספיד, איז עס אַ סימן טוב פאַר איהם; איז עס אַ סימן, אַז דער כבוד־התורה און דער כבוד הנפטר איז ביי אַלעמען גרויס, אַז מען מעג אין דאָזיגען פאַל נוטה זיין פון דין...

(בכורי יעקב)

בשעת עס איז נפטר געוואָרען דער איינציגער זוהן פון „ישועות יעקב״, רבי מרדכי־זאב ארנשטיין, האָט איהם דער פאָטער מספיד געווען און אָנגעהויבען האָט ער דעם הספד מיט דעם מאמר: „על ארבעה דברים חמה לוקה, על אב״ד שמת ואינו נספד כהלכה״ (סוטה כ״ט). אויך דער דאָזיגער הספד — האָט זיך דער „ישועות יעקב״ פונאַנ־דערגעוויינט — איז נישט כהלכה, דען מצד דער הלכה, לויט די הליכות עולם, דאַרף אַ זוהן מספיד זיין אַ טאַטען, נישט דער טאַטע דעם זוהן, דאָס איז געגען דער הלכה, געגען דעם מנהג העולם, און דערפאַר — האָט ער אויסגעשריגען — איז חמה לוקה, די זון קאָן נישט צוזעהן אַזאַ שינוי סדר פון דער וועלט!... ביי די דאָזיגע ווערטער, ווערט דערצעהלט, האָבען זיך די הימלען פערוואָלקענט און עס האָט אָנגעהויבען גיסען אַ מורא׳דיגער שלאַקס־רעגען...

(דור דעה)

## וישמע הכנעני... יושב הנגב... (כא. א.)

„יושב הנגב — זה עמלק... ושנה את לשונו לדבר בלשון כנען״ (רש״י)

זעה, צו־וואָס עס איז גורם די ענדערונג פון דער שפראַך!... מיט׳ן אָבזאָגען־זיך פון אייגענעם לשון רייסט מען זיך אָב אינגאַנצען פון פאָלק... קוים האָבען די עמלקים אָנגעהויבען רעדען אויף כנעני׳ש, פערעכענט זיי שוין דער פסוק אַלס כנענים — „וישמע הכנעני״!...

(כנף רננים)

## וישב ממנו שבי... (כא. א.)

דערויף ווערט געזאָגט אין תרגום יונתן: „ושבא מנהון שביא רבא".

די מבארים געפינען אין די דאָזיגע ווערטער אַ סתירה צו דער גמרא, וואו עס ווערט גע׳דרשנ׳ט (ווערט אויך געבראַכט אין רש"י אויפ׳ן פסוק): „שלא שבו רק שפחה אחת".

אָבער העכסט וואַהרשיינליך איז דאָ אַריינגעפאַלען אַ קליינער טעות הדפוס, אַנשטאָט „שביא רבא" דאַרף זיין „שביא ריבא" (מיט אַ י׳ נאָך די ר׳) און עס ווערט געמיינט: „ריבא", אַ מיידעל, שפחה אחת...

(רבי יצחק־אלי׳ לאנדוי)

## ונפשנו קצה בלחם הקלוקל... (כא. ה.)

מעגליך, אַז דאָס וואָרט „הקלקל" איז פון לשון קלקול, ווי „וכל הגבעות התקלקלו" (ירמי׳ ד׳), און דער טייטש איז, אַלזאָ, גאַנץ איינפאַך: „לחם הקלוקל" פערדאָרבען ברויט...

(דמשק אליעזר)

רבי ישעיה׳לע פּראַגער האָט געהאַט, כידוע, אַ ווייב אַ מרשעת. איינמאָל, בשעת זי האָט איהם שטאַרק דענערווירט, האָט ער צו איהר אַ זאָג געטהון:

— נישט אומזיסט האָבען די אידען אין מדבר געשריען: „נפשנו קצה בלחם הקלוקל" — דערמיט האָבען זיי אודאי געמיינט די וויבער זייערע, דען די ראשי־תיבות פון דידאָזיגע ווערטער איז „נקבה"...

ענטפערט זי איהם דערויף מניה־וביה:

— למדן איינער! דו פערגעסט, אַז דידאָזיגע ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען אויפ׳ן מ אַ ן („מן")!...

## והי׳ אם נשך הנחש וכו׳ והביט אל נחש הנחושת וחי... (כא. ט.)

„וכי נחש ממית או מחיה? אלא בזמן שהי׳ ישראל מסתכלין כלפי מעלה ומשעבדין את לבם לאביהם שבשמים הי׳ מתרפאים" (רש"י)

— אַ איד — פלעגט זאָגען רבי נפתלי ראָפּשיצער — דאַרף שטענדיג קוקען אין הימעל אַריין, אָבער נישט זיין אינגאַנצען דאָרט. מען דאַרף געדענקען אין הימעל, אָבער זיין אויף דער ערד...

מען האָט אַמאָל געפרעגט אַ געוויסען גדול, פאַרוואָס אַ סך צדיקים זענען נישט זוכה, אַז אויך זייערע קינדער זאָלען זיין צדיקים און ביי פיעל פון זיי פּאַסירט זאָגאַר, אַז זייערע קינדער געהען אַרויס ר"ל לתרבות רעה? — האָט ער דערויף געענטפערט: אויב דער טאַטע איז אין הימעל, זענען די קינדער אין דער ערד; מיט די, וואָס געבען זיך אָב צופיעל מיט הימעל־זאַכען, טרעפט גאַנץ אָפט, אַז זיי פערגעסען אין די בוי־טיגסטע ערדישע ענינים, זיי זעהען נישט וואָס ביי זיי אין שטוב טהוט זיך און זיי פערנאַכלעסיגען דעם חנוך הבנים והבנות...

## על כן יאמר בספר מלחמות ד׳ את והב בסופה... (כא. יד.)

דערויף זאָגען די חז״ל: „שני מצורעים היו (פון וועלכע איינער האָט געהייסען „את״ און דער צווייטער „הב״) שהיו מהלכין בסוף מחנה ישראל״ (ברכות נ״ד).

דאַגעגען דער תרגום אונקלוס טייטשט: „על כן יתאמר בספרא, קרבין דעבד ד׳ על ימא דסוף״.

פאַרוואָס געפעלט נישט דעם אונקלוס צו טייטשען ווי די חז״ל?

דען אין מגילה ג׳ ווערט געזאָגט, אַז „אונקלוס מפי רבי אליעזר אמרו״, און אין מנחות צ״ה האַלט רבי אליעזר, אַז בשעת די מסעות אין דער מדבר, האָבען זיך די מצורעים געמעגט געפינען אין דער מחנה ישראל, וממילא קאָן דאָ אונקלוס נישט מסכים זיין צום דרש, אַז דאָ רעדט זיך וועגען „שני מצורעים״, וועלכע זענען געגאַנגען „בסופה״, אין סוף פון דער מחנה, וואָרום לויט רבי אליעזר'ן האָבען דאָך דאַן די מצורעים געמעגט געהן אין דער מחנה גופא...

(צל״ח)

## וממדבר מתנה... (כא. יח.)

דערויף דרשנ'ען די חז״ל: „מאי דכתיב וממדבר מתנה וכו׳ כיון שעושה אדם עצמו כמדבר שהוא הפקר לכל, תורה ניתנה לו במתנה״.

פאַרהאַן אָבער — פלעגט זאָגען דערויף דער רבי ר׳ בונם — אַזעלכע אידען, וועלכע האָבען אַ שטיקעל טעות און מיינען, אַז מפקיר זיין פאַר דער תורה דאַרף מען נישט זיך, נאָר יענעם...

צו רבי ישראל ריזשינער איז איינמאָל געקומען אַ גרויסער נגיד, אויף וועלכען מען האָט דערצעהלט, אַז ער האָט באַנקראָטירט אַ גרויסע סומע געלט, און האָט אַוועק־געלעגט אַ קוויטעל מיט אַ פדיון.

דערלאַנגט איהם דער ריזשינער צוריק דעם פדיון, זאָגענדיג: אין פסוק שטעהט: „וממדבר מתנה״... מדבר איז דער צייכען פון עהרליכקייט און ריינקייט, ווי די חז״ל זאָגען וועגען איוב'ן: „ביתו במדבר, מה במדבר מנוקה מגזל ועריות וכו׳״. נאָר פון אַזאַ געלד, וואָס איז עהרליך, ווי דער מדבר, מעג מען נעהמען מתנות, אָבער נישט פון גנבה און באַנקראָט...

## וישלח ישראל מלאכים אל סיחון... (כא. כא.)

אין דער בעקאַנטער מחלוקת צווישען צאַנז און סאַדיגור איז דעם צאַנזער רב געלונגען צו געווינען אויף זיין זייט פיעל פון די אָנגעזעהענע מתנגד'ישע רבנים אין פוילען, ווי רבי בעריש מייזעלש, רבי חיים־אלעזר וואַקס און אַנדערע. מען האָט זיך אויך בעמיהט צו ווירקען אויפ'ן דאַמאָלסדיגען בריסקער רב, רבי צבי־הערש אָרנשטיין, וועלכער איז געווען אַ געגנער פון סאַדיגורער דרך און דאַגעגען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון רבי חיים צאַנזער, אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט אַריינמישען אין דער מחלוקה, און ווען מען האָט איהם איינגעלאַדען קיין צאַנז אויף אסרו־חג שבועות תרכ״ט (ווען עס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דער בעקאַנטער שאַרפער קול־קורא געגען סאַדיגור, אונ־טערגעשריבען דורך זעקס און פיערציג רבנים), האָט רבי צבי־הערש געענטפערט דעם צאַנזער שליח:

אין מדרש רבה פ׳ חקת (פרשה י״ט) ווערט געזאָגט: „ג׳ דברים אמר משה לפני הקב״ה וכו׳ כשא״ל עשה מלחמה עם סיחון, אפילו הוא אינו מבקש לעשות עמך וכו׳ שנאמר קומו סעו ועברו וכו׳, ומשה לא עשה כן אלא ואשלח מלאכים, א״ל הקב״ה חייך שאני מבטל דברי ומקיים דבריך״. אַלזאָ, מה־דאָך דאָרט, וואו דער בעל־דבר איז געווען אַזאַ רשע, ווי סיחון, און די מלחמה געגען איהם האָט איהם געהייסען פיהרען דער רבונו־של־עולם אַליין, האָט משה רבינו פונדעסטוועגען זיך נישט געאיילט און האָט געפּרובט צו געהן מיט שלום, על־אחת־כמה־וכמה בשעת עס האַנדעלט זיך אין אַ מלחמה געגען סאַדיגור...

# בָּלָק

## ובלק בן צפור מלך למואב בעת ההוא... (כב. ד.)

פאַרוואָס ווערט באַלד אין אָנהויב פון דער פרשה, אין פסוק „וירא בלק בן צפור", נישט דערמאָהנט, אַז ער איז געווען אַ מלך?

נאָר, ווי עס ווייזט אויס, איז בלק געקומען צו דער מלוכה נור אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט געהעצט דאָס פאָלק און געדראָהט מיט דער אידען־געפאַהר. „וירא בלק בן צפור את כל אשר עשה ישראל לאמורי", פריהער איז ער געווען אַ געוועהנליכער בלק, וועלכער האָט צוליעב די געשעהענישען מיט אמורי „פאַראויסגעזעהען" און געוואָרענט פאַר דער סכנה, וואָס די אידען שטעלען מיט זיך פאָר, „ויגר מואב מפני העם מאד", און דאָס פאָלק האָט פון דער אָנגעוואָרפענער שרעק אָנגעהויבען מורא האָבען און ערשט דאַן — „ובלק בן צפור מלך למואב בעת ההוא", איז ער צוליעב דעם געוואָרען דער מלך פון מואב...

(רבי חיים סאָלאָווייטשיק)

## וישלח מלאכים אל בלעם... (כב. ה.)

„כדי שלא יהא פתחון־פה לעובדי־כוכבים לומר אילו היו לנו נביאים חזרנו למוטב וכו'"
(רש"י)

זאָלען זיי נישט האָבען דערנאָך קיין תירוץ, אַז דערפאַר האָבען זיי נישט געגלויבט אין בורא־עולם, ווייל זיי זענען בטבע נישט קיין מאמינים, ווייל זיי קאָנען נישט גלויבען אין דעם, און וועלכען זיי זענען נישט איבערצייגט, וואָס זיי זעהען נישט מיט די אייגענע אויגען! אויב איהר זענט נישט קיין מאמינים — טאָ פאַרוואָס האָט איהר אין בלעמ'ן יאָ געגלויבט? פאַרוואָס גלויבט איהר אין כישוף, אין נחשים וקסמים? פאַר־וואָס גלויבט איהר אין כל־מיני ווילדע נאַרישקייטען?...

(רבי בונם מפשיסכע)

## אולי אוכל נכה בו... (כב. ו.)

„כמי שמנכה אחד מעשרים וארבעה לסאה" (מדרש רבה)

וואָס פאַר אַ פערגלייך איז עס און וואָס ווערט געמיינט דערמיט?

נאָר די צאָהל פון די אידען איז געווען ששים רבוא. ערשט דאַמאָלס זענען זיי ערקלערט געוואָרען אַלס זעלבסטשטענדיג פאָלק, וואָס בויטיגט זיך אין אַן'אייגען לאַנד און כל־זמן זיי זענען געווען ווייניגער (אַזוי ווערט געזאָגט אין מדרש) זענען זיי נאָכ־נישט ראוי געווען צו געהן קיין ארץ־ישראל.

ביי דער לעצטער צעהלונג אין דער מדבר האָט זייער צאָהל בעטראָפען 625,730 נפשות. אויף צו פערקלענערען די צאָהל פון ששים רבוא איז, אַלזאָ, נויטיג געווען צו פערניכטען פון זיי לכל־הפחות אַ פיער און צוואַנציגסטעל טייל און דאַן וואָלט זייער צאָהל דערגרייכט צו 599,658 נפשות. ביי אַ קלענערען פראָצענט, ביי למשל, אחד מן כ״ה, וואָלטען זיי נאָך אַלץ געווען מעהר פון ששים רבוא... די כוונה, אַלזאָ, פון מדרש איז, אַז בלק האָט געשטרעבט צו פערמינערען די נויטיגע און פעסטגעשטעלטע צאָהל פון די אידען אַלס פאָלק און „אולי אוכל נכה בו״ — „אחד מעשרים וארבעה לסאה״...

(ברוך טעם)

## אולי אוכל נכה בו ואגרשנו מן הארץ... (כב. ו.)

בשעת עס האָט זיך אָנגעהויבען אין רוסלאַנד דער גרויסער גירוש אויף אידען און מען האָט זיי געמומען טרייבען פון די דערפער און פון פערשידענע רוסישע שטעדט, האָט דאַן רבי יצחק־אלחנן געזאָגט:

„לא אלמן ישראל״ — ישראל איז, חלילה, נישט קיין אלמן, נאָר אַ גרוש...

## כי ידעתי את אשר תברך מבורך ואשר תאור יואר... (כב. ו.)

אויב בלק איז געווען אַזוי איבערצייגט אינ׳ם כח פון בלעם׳ס קללות, טאָ פאַרוואָס האָט ער זיך אויסגעדריקט אין די פריהערדיגע ווערטער: „לכה נא ארה לי את העם הזה וכו׳ אולי אוכל נכה בו״, אַ לשון ספק, „אולי״, ווי ער וואָלט נישט אינגאַנצען געווען צו דערמאָהנען: „כי ידעתי את אשר תבורך מבורך״, גענומען האָט ער דאָך איהם צום שעלטען, נישט צו בענשען?

נאָר אויפ׳ן פריהערדיגען פסוק: „וישלח מלאכים אל בלעם וכו׳ ארץ בני עמו״ (כב. ה.) זאָגט רש״י: „משם היה וזה היה מתנבא ואומר לו, עתיד אתה למלוך״, פון וואָס עס איז, אַלזאָ, צו זעהן, אַז בלעם׳ס פאָפולאַריטעט האָט זיך אָנגעהויבען נישט פון קללות, נאָר פון ברכות, דערפון, וואָס ער האָט געבענשט בלק׳ן און איהם פאָראויס־געזאָגט: „עתיד אתה למלוך״ און די ברכה איז מקוים געוואָרען. און אָט דאָס האָט ער איצט געזאָגט צו איהם: „לכה נא ארה לי את העם הזה וכו׳ אולי אוכל נכה בו״, אפשר וועט פועל׳ן דיין קללה, וואָרום „כי ידעתי את אשר תברך מבורך״, אַז דיינע ברכות ווערען מקוים דאָס ווייס איך, דערין האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צו איבערצייגען זיך, און איך בין דעריבער גענויגט צו גלויבען, אַז „ואשר תאור יואר״, אַז אויך דיינע קללות פועל׳ן, הגם אויף זיכער ווייס איך נישט, דאָס האָבען מיר נאָכנישט געהאַט די געלעגענהייט צו זעהען...

(פלא יועץ)

## אם יתן לי בלק מלא ביתו כסף וזהב לא אוכל לעבור... (כב. יח.)

„למדנו שנפשו רחבה ומחמד ממון אחרים״ (רש״י)

אויך רבי יוסי בן־קסמא האָט דאָך אַן׳עהנליכע תשובה געענטפערט: „אם אתה נותן לי כל כסף וזהב שבעולם לא אצא למקום שאינו מקום־תורה״ (אבות ו. ט.), טאָ וואָס צווינגט עס רש״י׳ן אויסצוטייטשען דיזעלבע תשובה פון בלעם׳ן ל ג נ א י ?...

דער תירוץ איז: דאָרט, ביי רבי יוסי בן־קסמא, אינ׳ם פאַרשלאַג, וואָס מען האָט

איהם געמאַכט, האָט זיך אויסדריקליך גערעדט וועגען געלד; מען האָט איהם נעמליך פאַרגעלעגט: „רבי, רצונך שתדור עמנו במקומנו ואני אתן לך אלף אלפי אלפים דנרי זהב וכו׳״, דערויף האָט רבי יוסי געענטפערט: „אם אתה נותן לי כל כסף וזהב שבעולם וכו׳״; דאָ, דאַגעגען, ביי בלעם׳ן, האָט מען דאָך מיט איהם לגמרי נישט גערעדט וועגען קיין געלד, בלק האָט איהם געלאָזט זאָגען סתם: ״כי כבד אכבדך מאד״, טאָ וואָס ענטפערט ער עפּעס: „אם יתן לי בלק מלא ביתו כסף וזהב״? ווער האָט דען דאָ דער־מאָהנט געלד?... און דערפון, אַלזאָ — „למדנו שנפשו רחבה ומחמד ממון אחרים״...

(תורה תמימה)

אויף אַנ׳עהנליכען אופן:

פאַרוואָס ביי יעקב׳ן, בשעת ער האָט, רעדענדיג מיט לבנ׳ען, זיך אויסגעדריקט אַזוי איינפאַך, ווי: „הבה לי אשתי כי מלאו ימי״, פערענטפערט איהם רש״י און זאָגט: „הלא אפילו קל שבקלים אינו אומר כן, אלא להעמיד תולדות נתכוון״; דאַגעגען דאָ, ביי בלעם׳ן, וועלכער ערקלערט גאַנץ דייטליך: „אם יתן לי בלק מלא ביתו כסף וזהב לא אוכל לעבור את פי ד׳״, טייטשט עס רש״י אויס צום שלעכטען, אַז „מכאן שנפשו רחבה״, אַז ער האָט געמיינט פערקעהרט, מען זאָל איהם יאָ געבען געלד?...

דער תירוץ איז: וויכטיג איז נישט דאָס, וואָס מען זאָגט, נאָר ווער עס זאָגט! אַז יעקב זאָגט: „הבה לי אשתי״, מיינט ער „להעמיד תולדות״; און אַז אַ בלעם זאָגט: „לא אוכל לעבור את פי ד׳״, מיינט ער — געלד!...

(געהערט)

פאַרוואָס זאָגט נישט רש״י סתם: „ומחמד ממון״, נאָר „ומחמד ממון אחרים״?

ווייל געדאַרפט וואָלט דאָך אייגענטליך שטעהן: „אם יתן לי בלק בית מלא כסף וזהב״, פאַרוואָס האָט ער עפּעס געזאָגט: „מלא ביתו״? איז דערפון געדרונגען, אַז ער איז געוועזען אַ „מחמד ממון אחרים״, ער האָט נישט געגליסט נאָך סתם געלד, נאָר נאָך „מלא ביתו״, יענעמ׳ס געלד, בלק׳ס הויז מיט כסף וזהב...

(תולדות ישראל)

אין די צייטען פון אַלעקסאַנדער דעם דריטען האָט אין רוסלאַנד גע׳שמ׳ט דער מיניסטער איגנאַטיעוו, אַ בעקאַנטער שונא־ישראל, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען די ביטערסטע גזירות אויף אידען.

איינמאָל האָבען די אַנטיסעמיטען אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז דער באַראָן גינז־בורג זאָמעלט געלד אונטערצוקויפען איגנאַטיעוו׳ן, און טרעפענדיג זיך מיט גינזבורג׳ן טהוט איהם דער מיניסטער אַ פרעג:

— כ׳האָב געהערט, הערר באַראָן, אַז איהר ווילט מיר געבען געלד. וויפיעל אַ שטייגער האָט איהר עס בדעה מיר צו געבען?

— צו געבען אייך, ה׳ מיניסטער — ענטפערט איהם באַראָן גינזבורג — אַזוי פיעל, וויפיעל די אידען זענען ביי מיר ווערט — דאָס פערמאָג איך נישט. דאַגעגען צו געבען אייך, וויפיעל די אידען זענען ביי אייך ווערט — דערצו בין איך גרייט יעדע רגע...

## קום לך אתם... וילך עם שרי מואב... (כב. כ. כא.)

„אתו״ און „עמו״ האָבען אין תנ״ך צוויי פערשידענע בעדייטונגען: „אתו״ הייסט,

ווען מען געהט מיט איינעם צוזאַמען אויף איין וועג, אָבער נישט מיט׳ן זעלבען ציעל און צוועק; דאַגעגען „עמו" הייסט — צוזאַמען וועגען איין געמיינזאַמען אינטערעס.

דער אויבערשטער האָט געזאָגט צו בלעם׳ן: „קום לך אתם", געה מיט זיי, אָבער נישט מיט׳ן זעלבען צוועק, נישט צו ערפילען זייער פערלאַנג; לסוף — „וילך עם שרי מואב", איז ער געגאַנגען מיט זיי געאייניגט, מיט דער דעה צו שעלטען די אידען... און דערפאַר — „ויחר אף אלקים"...

(ווילנער גאון)

## ויתיצב מלאך ד׳ בדרך לשטן לו... (כב. כב.)

„מלאך של רחמים היה" (רש"י)

דער חתם־סופר האָט, כידוע, געפיהרט אַ שטאַרקע מלחמה געגען די רעפאָרם־ראַבינער, וועלכע ער האָט גע׳רודפ׳ט אָהן רחמנות. האָט מען איהם איינמאָל געפרעגט: היתכן, ווי קומט עס צו איהם, וועלכער איז לויט זיין התנהגות אַלעמען בעקאַנט אַלס מזג־טוב, אַלס בעל־רחמים, ער זאָל האַנדלען אַזוי שטרענג, מיט אַזאַ פערביסענקייט?

האָט דער חתם־סופר געענטפערט:

אויף „ויתיצב מלאך ד׳ בדרך לשטן לו" זאָגט רש"י: „מלאך של רחמים היה", איז דאָך אַ פּלוג קשה: פאַרוואָס האָט מען עפּעס געשיקט אַ מלאך של רחמים, נישט קיין מלאך של דין, ווי קומט אַ מלאך של רחמים צו שפּיעלען די ראָלע פון אַ שטן? איז דערפון אַ בעוויז, אַז אויף צו קעמפען געגען בלעם׳ן מוז מען דוקא האָבען אַ בעל־רחמים, וואָס פון גרויס רחמנות צו אידען און בכדי צו ראַטעווען זיי פון די געפעהרליכע בלעם׳ס, זאָל ער זיך נישט אָבשטעלען פאַר קיין זאַך...

## ויפתח ד׳ את פי האתון... (כב. כח.)

דער דאָזיגער נס האָט געדאַרפט דיענען בלעם׳ן אַלס דראָהונג, ער זאָל נישט וואַגען צו געהן געגען רצון השם, צו שעלטען די אידען און צו רעדען וואָס מען דאַרף נישט, וואָרום אויב השי"ת איז ביכולת דעם שטומען אייזעל רעדעוודיג צו מאַכען, איז ער דאָך אודאי און אודאי ביכולת דעם רעדעוודיגען מענש שטום צו מאַכען...

(רמב"ן)

רבי יאָקעל באַליכאָווער, אַ ברודער פון רבי נפתלי ראָפּשיצער, איז געווען אַ מתנגד פון חסידות. איינמאָל איז רבי יאָקעל קראַנק געוואָרען און ווען רבי נפתלי האָט זיך אין אַ צייט אַרום דערוואוסט וועגען דעם, איז ער געפאָהרען דעם ברודער מבקר־חולה־זיין.

אויף דער פראַגע פון רבי יאָקעל, הלמאי ער איז די גאַנצע צייט ביז איצט נישט געקומען, האָט זיך רבי נפתלי פערענטפערט, אַז ער האָט נישט אָנגעהויבען צו וויסען, דאָס ער איז קראַנק.

— דאָס איז קיין תירוץ נישט — ענטפערט איהם דערויף רבי יאָקעל — אין פסוק ביי בלעם׳ן שטעהט: „חטאתי כי לא ידעתי". איז דאָך אייגענטליך שווער: אויב ער האָט נישט געוואוסט, טאָ פאַרוואָס זאָגט ער „חטאתי", מיט וואָס האָט ער דאָ געזינדיגט? נאָר אויב מען איז אַנערקענט אַלס נביא, איז אַ חטא נישט צו וויסען. אַ נביא — אַ צדיק, אַ רבי — דאַרף אַלץ וויסען...

## ויאמר בלעם לאתון כי התעללת בי... (כב. כט.)

און דערויף פערטייטשט דער תרגום: „ארי חיכת בי״, דו האָסט געלאַכט פון מיר. און וואו ווערט דען, אייגענטליך, דערמאָהנט אין פסוק, אַז דאָס אייזעל זאָל האָבען געלאַכט פון בלעם׳ן?

— דערפון — האָט געזאָגט דערויף רבי גרשון-העניך — וואָס נאָכדעם, ווי עס איז געווען „ותלחץ את רגל בלעם אל הקיר״, נאָכדעם, ווי עס האָט צוגעקוועטשט בלעם׳ס פוס צו דער וואַנד, אַז ער איז אַזש געוואָרען הינקענדיג אויפ׳ן גאַנצען לעבען, ווי די חז״ל זאָגען: „בלעם חיגר ברגלו אחת היה״, האָט זיך דאָס אייזעל אָװעקגעשטעלט און געפרעגט מיט אַ תמ׳עוואַטע מינע: „מה עשיתי לך״, וואָס האָב איך דיר דען געטהון? איז דאָך נישט אַנדערש, נאָר ער האָט פון איהם געלאַכט און חוזק געמאַכט...

## הלא אנכי אתונך... (כב. ל.)

רבי איצעל פּאָניעוועזשער איז אַמאָל געקומען אויף אַ שטאָדטישער אסיפה, וואו עס האָט געדאַרפט בעהאַנדעלט ווערען גאָר אַ וויכטיגער ענין; דערווייל אָבער איז צווישען עולם, איבערהויפּט צווישען די אויפגעקומענע בעלי-בתים, גראָבע יונגען, אויסגעבראָכען אַ מחלוקת וועגען כבוד און יחוס: איינער האָט דעם צווייטען גענומען אויפוואַרפען, אַז יענער איז אַ גאָרנישט שבגאָרנישט און נ א ר ע ר איז דער אמת׳ער יחסן, דער מר-בר-רב-אשי, כנהוג... די קולות זענען געגאַנגען עד לב-השמים און ס׳איז אונמעגליך געווען צו פיהרען די זיצונג.

טהוט רבי איצעל אַ קלאַפּ אין טיש און רופט-אויס: שאַט, רבותי, וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה:

— די אייזלען זענען געקומען מיט אַ טענה צום אויבערשטען. רבונו-של-עולם! — האָבען זיי זיך געקלאָגט — פאַרוואָס זאָלען מיר אַנדערש זיין פון אַלע חיות און בהמות? די חיות אין וואַלד שפּאַצירען זיך אַרום פראַנק-און-פריי, עסען און טרינקען, האָבען הנאה פון דער וועלט און האָבען נישט אויף זיך קיין שום מושל און אויבער-האַר; אפילו די הויז-בהמות, וועלכע האָבען יאָ אויף זיך אַ בעל-הבית, דרעהען זיך ס׳רוב אַרום פוסט-און פּאַס, פּאַשען זיך גאַנצע טעג אויפ׳ן פעלד!... און יענע, וועלכע אַרבייטען יאָ בייטאָג, האָבען זיי כאָטש ביינאַכט רוה און ליעגען זיך במנוחה אין דער וואַרימער שטאַל — נאָר בלויז מיר, אייזלען, האָבען קיין מנוחה נישט, נישט בייטאָג, נישט ביי-נאַכט, דער בעל-הבית האָט אויף אונז גאָר קיין רחמנות נישט און האַלט אונז אין איין שלאָגען... רבונו-של-עולם! אויב ס׳איז אונז יאָ בעשערט אַ גאַנץ לעבען צו האָרעווען, טאָ שענק אונז כאָטש אַביסעל לשון, מיר זאָלען זיך קאָנען אויס׳טענה׳ן מיט׳ן בעל-הבית און בעטען ביי איהם רחמנות בשעת אַנ׳עת-צרה!

— גוט! — האָט דער אויבערשטער געענטפערט — אייער בקשה וועט ערפיהלט ווערען; כ׳וועל איינעם פון אייך געבען לשון, און מיר וועלען זעהן, וואָס ער וועט רעדען.

געמאַכט געוואָרען איז דידאָזיגע פּראָבע מיט בלעם׳ס אייזעל: בשעת בלעם האָט איהם דריי מאָל געשלאָגען, האָט דער אויבערשטער געעפענט זיין מויל... און — וואָס האָט ער געזאָגט? אָנשטאָט צו רעדען צו דער זאַך און צו ערקלערען, אַז ער איז נישט שולדיג, אַז דאָס האָט איהם אַ מלאך פערשטעלט דעם וועג, האָט ער אָנגעהויבען גאָר צו דערצעהלען דעם יחוס זיינעם: „הלא אנכי אתונך, אשר רכבת עלי מעודך עד היום הזה״!...

דאָן איז ביי איהם צוריק אָבגענומען געוואָרען דאָס לשון:
— נייך, אַזעלכע חמורים דאַרפען נישט רעדען!...

## האומנם לא אוכל כבדך... (כב. לז.)

„נתנבא שסופו לצאת מעמו בקלון" (רש"י)

בשעת מען רופט אַ דאָקטאָר צו אַ חולה מסוכן און ער וויל נישט פריהער געהן, ביז מען וועט איהם נישט אויסצאָהלען דעם האָנאָראַר פאָראויס, איז אַ סימן, אַז עס האַלט מיט'ן חולה זעהר שמאָל, אַז דער דאָקטאָר איז נישט זיכער מיט זיינע רפואות און ער האָט מורא, אַז בינו לבינו קאָן דערווייל דער קראַנקער אָבשטאַרבען און ער וועט אַוועק פונ'ם וויזיט מיט חרפה, אָהן אַ גראָשען צו בעקומען.

אויך בלעם האָט אין געשפּרעך מיט בלק'ס שלוחים געגעבען אָנצוהערעניש, אַז ער איז אַ בעלן צו בעקומען פריהער דעם האָנאָראַר. אויפ'ן פסוק „אם יתן לי בלק מלא ביתו כסף וזהב" ווערט ערקלערט: „אמר, ראוי לו ליתן לי כל כסף וזהב שלו", און וויבאַלד אַזוי האָט בלק דעריין געזעהען אַ סימן „שסופו לצאת מעמו בקלון", אַז דערפאַר הייסט ער זיך פריהער בעצאָהלען, ווייל ער קאָן גאָרנישט אויפטהון און ער ווייסט אַ פּנים, אַז שפּעטער וועט ער אַוועק פון דאָרט, נישט מיט געלד, נאָר מיט חרפה...

(דובנער מגיד)

## וילך שפי... (כג. ג.)

„בלעם חיגר ברגלו אחת היה שנאמר וילך שפי" (סנהדרין ק"ה)

פונוואַנען דרינגען עס די חז"ל?

נאָר מעגליך, אַז די כוונה איז, דאָס בלעם האָט זיך די גאַנצע צייט געפינען אין אַ וואַקעלדיגער שטימונג, פון איין זייט האָט איהם געצויגען דאָס כסף וזהב וואָס בלק האָט איהם צוגעזאָגט, פון דער צווייטער זייט האָט ער אָבער מורא געהאַט פאַר דער שטרענגער וואָרנונג פון „ואך את הדבר אשר אדבר אליך אותו תעשה", און אַזוי איז ער כסדר געווען אַ פּוסח על שתי הסעיפים, אַ מין — „חיגר ברגלו אחת"...

(אגדת מהרש"ק)

## וישא משלו ויאמר מן ארם ינחני בלק... (כג. ז.)

אָנגעהויבען האָט ער מיט אַ משל, וואָס ער האָט געזעהען אין דער נבואה און וואָס זיין אינהאַלט האָט די תורה געהאַלטען פאַר איבריג איבערצוגעבען, און דאָן האָט ער גענומען ערקלערען די בעדייטונג פון דאָזיגען משל, אַז דער נמשל דערפון איז: „מן ארם ינחני בלק מלך מואב, מהררי קדם וכו'"...

(לויט ספורנו)

פון ארם — האָט בלעם אויסגערופען מיט איראָניע — האָט מיך בלק אַראָבגע־בראַכט צו מוסר'ן און צו שעלטען די אידען. פון ארם, די שטאָדט פון זינד און אויס־געלאַסענקייט, זאָל איך קומען פּרעדיגען די אידען מאָראַל. איז עס נישט צום לאַכען?...

(דובנער מגיד)

אויפ'ן פסוק „מזמור לאסף באו גוים בנחלתך" ווערט געפרעגט אין מדרש שוחר טוב: „מזמור לאסף? קינה לאסף מיבעי ליה"!

נאָר דער מזמור איז, וואָס אַז „באו גוים בנחלתך", וואָס בשעת די גויים וועלען אַריינקומען קיין ציון, פון וואַנען דו האָסט פערטריבען די אידען צוליעב זייערע זינד, וועסטו זעהען, רבונו־של־עולם, אַז זיי, די דאָזיגע גויים, זענען לאין־ערך פיעל ערגער און זינדיגער פון די אידען, אַז עס האָט פאַר קיין פאַל נישט געלוינט דער חילוף און מען מוז זיך דעריבער מיט די אידען צוריק איבערבעטען...

(דעת זקנים)

## הן עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב... (כג. ט.)

די אותיות „הן" קאָנען זיך מיט קיינעם נישט צונויפּפּאָרען. א' מיט ט' איז צעהן; ב' מיט ח' איז צעהן; ג' מיט ז' איז צעהן; ד' מיט ו' איז צעהן. דאַגעגען די ה' בלייבט שטעהן איינזאַם, זי האָט נישט צו זיך קיין פּאָרל... דאָסזעלבע איז מיט דער נ': י' מיט צ' איז הונדערט; כ' מיט פ' איז הונדערט; ל' מיט ע' איז הונדערט; מ' מיט ס' איז הונדערט. די נ' אָבער קאָן זיך מיט קיינעם נישט חבר'ן... און אַזוי איז אויך מיט'ן פאָלק ישראל — „הן עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב", מיט קיין שום פאָלק אין דער וועלט וועט עס נישט אימשטאַנד זיין זיך צונויפצופּאָרען און צו אַסימילירען, מיט קיין שום אומה ולשון!...

(שמות רבה)

דעריבער זענען מיר אַנ„עם לבדד ישכון", דעריבער, טראָץ אַלע צרות און רדיפות דערהאַלטען מיר זיך און עקזיסטירען, ווייל — „ובגוים לא יתחשב", ווייל מיר האָבען ביי די גויים קיין חשיבות נישט, ווייל זיי בעטראַכטען אונז אַלס „מינדערוועדטיג" און זייערע טיהרען זענען פאַר אונז געשלאָסען... דאָס איז אונזער גליק, וואָרום ווען נישט דאָס, ווער ווייס, צי מען וואָלט שוין היינט נישט געדאַרפט זוכען אַ אידען מיט ליכט...

(נועם מקדם)

איינס פון די יסודות און הויפּט־מעלות, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט זיי צו פערדאַנקען זיין קיום, איז „ובגוים לא יתחשב", ווייל עס רעכענט זיך נישט מיט דער מיינונג פון די גויים, וואָס זיי טראַכטען און זאָגען וועגען איהם, און עס קימערט איהם נישט זייער שפּאָט און חוזק...

(דגל מחנה אפרים אין נאָמען פון בעש"ט)

כל־זמן דאָס אידישע פאָלק וועט זיך האַלטען „לבדד", אָבגעזונדערט פון אַלעמען — „ישכון", וועט עס זיין געזיכערט מיט דער עקזיסטענץ און עס וועט האָבען אָנזעהן און אַכטונג אין דער וועלט, אָבער „ובגוים" אויב זיי וועלען אָנהויבען נאָכצוטהון און נאָכצומאַלפּעווען די גויים — „לא יתחשב", וועלען זיי ביי קיינעם מעהר קיין חשיבות נישט האָבען...

(דברי אליעזר)

דער רידב"ז, רבי יעקב־דוד סלוצקער, פלעגט זאָגען:

— די אידען ווערען געגליכען צו פייער: „והיה בית יעקב אש" (עובדיה יח.); די אומות העולם — צו וואַסער: „המון עמים רבים בהמות ימים יהמיון ושאון לאומים

כשאון מים כבירים״ (ישעיה יז. יב.). איז כל־זמן עס איז, ווי אין אַ טאָפּ, פֿאַרהאַן צווישען זיי אַ מחיצה, איז דאַן דאָס פייער גובר דאָס וואַסער און עס איז בכח צו לאָזען עס קאָכען אַזוי לאַנג, ביז עס זאָל ווערען אויסגעטריקענט און עס זאָל דערפון קיין זכר נישט בלייבען; אויב אָבער עס איז צווישען זיי נישטאָ קיין מחיצה, דאַן איז דאָס וואַסער גובר און פערלעשט דאָס פייער...

## מי מנה עפר יעקב ומספר את רובע ישראל... (כג. י.)

מעגליך, אַז דאָס וואָרט „ומספר״, פון וועלכען דער פשט איז אין פלוג אונפער־שטענדליך, איז אַ צוזאַמענשלוס פון צוויי ווערטער: „מי ספר״, עהנליך צום „מזה בידך״ אַנשטאָט — „מה זה״, אָדער „מלכם״ (ישעי׳ ג׳) אַנשטאָט — „מה לכם״ און נאָך אַזעלכע עהנליכע שטעלען, און דער פשט אין פסוק וועט, אַלזאָ, זיין: „מי מנה עפר יעקב ומי ספר את רובע ישראל״...

(רבי ברוך עפשטיין)

## תמות נפשי מות ישרים... (כג. י.)

לויט׳ן שטייגער פון געוויסע היינטיגע מאָדערנע אידען, האָט אויך בלעם געוואָלט לעבען ווי אַ גוי און שטאַרבען ווי אַ איד...

(רבי יהושע רוקח מבעלז)

## את אשר ישים ד׳ בפי אותו אשמור לדבר... (כג. יב.)

אויפ׳ן מאמר אין דער גמרא: „הכובש נבואתו לוקה״ (סנהדרין פ״ט) בעמערקט דאָרט תוספות: „לית ביה לאו״, אַז עס ווערט נישט געמיינט קיין מלקות ממש, דען עס איז דאָך דערויף קיין לאו נישטאָ, „אלא מכין אותו עד שתצא נפשו וכו׳״.

פרעגט אויף דעם רבי יאשע דינאבורגער:

עס שטעהט דאָך אין פסוק: „את אשר ישים ד׳ בפי אותו אשמור לדבר״ און די חז״ל זאָגען דאָך: „כל מקום שנאמר השמר פן ואל אינו אלא לא תעשה״ (מכות יג.), געפינען מיר דאָך, אַלזאָ, יאָ אַ לאו ביי אַ כובש נבואתו?...

## אפס קצהו תראה וכלו לא תראה... (כג. יג.)

אויב דו זעהסט חסרונות ביי אידען, איז עס נאָר ביי „קצהו״, ביי יחידים, ביי׳ם פרט, אָבער נישט ביי׳ם כלל...

(רבי מנחם־מענדיל מקאָצק)

## ויקר ד׳ אל בלעם וישם דבר בפיו... (כג. טז.)

„נתן לו הקב״ה רסן וחכה בפיו״ (רש״י)

אויך אין די ברכות האָט מען איהם געמוזט צוימען, דען די גמרא זאָגט, אַז „כולן חזרו לקללה״ (סנהדרין ק״ה), אַז אין אַ שפּעטערדיגע צייט זענען אַלע ברכות פון

בלעם׳ן פערוואַנדעלט געוואָרען אין קללות, האָט מען איהם דעריבער געמוזט איינ־האַלטען, ער זאָל נישט צופיעל בענשען...

(מגדל דוד)

## הנה ברך לקחתי וברך ולא אשיבנה... (כג. כ.)

ווי־אַזוי קאָן איך זיי איצט שעלטען, נאָכדעם ווי איך האָב אויך זיך אַליין אַריינ־גענומען אין כלל, ווינשענדיג זיך „ותהי אחריתי כמוהו״, אַז איך זאָל האָבען אַזאַ סוף, ווי די אידען?...

(כתב סופר)

## לא הביט און ביעקב ולא ראה עמל בישראל... (כג. כא.)

דער, וואָס זעהט נישט קיין „און ביעקב״ און קיין „עמל בישראל״, ער זוכט נישט אויף אידען קיין חטאים און ער איז זיי שטענדיג דן לכף זכות, נאָר אַזאַ צדיק איז — „ד׳ אלקיו עמו ותרועת מלך בו״...

(רבי חיים צאַנזער)

„לא הביט אָון ביעקב״ — פלעגט זאָגען רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער — אפילו ווען אַ איד זינדיגט מאַכט זיך אויך דער רבונו־של־עולם כביכול גאַנץ אָפט נישט זעהען... און מה־דאָך — האָט ער דערביי אויסגעפיהרט — השי״ת, דער יודע נסתרות, מאַכט זיך אַוועקקוקען פון אידישע חטאים, מכל־שכן אַ בשר־ודם, וואָס קאָן לייכט אַ טעות האָבען, וועלכען עס קאָן זיך בלויז אויסדוכטען, אַז יענער זינדיגט ובאמת זאָל עס גאָר קיין חטא נישט זיין, טאָר ער דאָך אודאי נישט זיין קיין „הביט אָון ביעקב״...

רבי מענדעלי וואָרקער פלעגט זאָגען:

אין זוהר הקדוש (אמור ע״ג) ווערט געזאָגט: „אוריתא וקוב״ה וישראל חד הוא״, איז פונקט אַזוי ווי מען טאָר נישט פרעגען קיין קשיות אויף השי״ת און אויף דער תורה, צו זאָגען: דאָס געפעלט מיר נישט און יענץ געפעלט מיר נישט, אַזוי דאַרף מען אויך נישט זוכען קיין קשיות אויף אידען, נאָר תמיד זיי דן זיין לכף־זכות...

(שיח שרפי קדש)

דעריבער — פלעגט טייטשען רבי ישראל׳טשע ריזשינער — איז „לא הביט אָון ביעקב״, ווייל ווען אפילו אַ איד זינדיגט, איז „ד׳ אלקיו עמו״, האָט ער דאַן אויך גאָט אין האַרצען...

כידוע — פלעגט זאָגען דער רבי ר׳ זישא — איז פון איטליכע מצוה, וואָס אַ איד טהוט, ווערט בעשאַפען אַ מלאך־טוב, און פערקעהרט, חלילה, פון איטליכע עבירה — אַ מלאך־רע... נו, איז מיר אַמאָל אויסגעקומען צו זעהען די מלאכים, וואָס זענען בעשאַפען געוואָרען פון אידישע עבירות, זענען זיי אַלע ל״ע וויסטע קאַליקעס, אָהן הענד און אָהן פיס... מחמת בשעת אַ איד טהוט שוין יאָ אַמאָל אַן עבירה, איז זעלטען, אַז עס זאָל איהם בשעת מעשה נישט אַ ציפּ טהון ביי׳ם האַרצען, עס זאָל איהם נישט אויף אַ רגע דורכלויפען אַ פונק פון חרטה און בושה, צוליעב וואָס די עבירה קומט נישט אַרויס בלב־שלם וממילא ווערט דערפון בעשאַפען אַ מלאך — אַ קאַליקע...

## כעת יאמר ליעקב... (כג. כג)

„א״ר חנינא בריה דר׳ אבהו, כבחצי ימיו של עולם היה אותו רשע עומד״
(ירושלמי שבת פ״ו)

אין איינעם פון זיינע בריעף ברענגט דער רמב״ם די דאָזיגע אגדה, ערקלערענדיג, אַז לויט׳ן חשבון פון די דורות איז בלעם דאַן געשטאַנען אין יאָהר ב׳ אלפים תפ״ו לבריאת העולם, און ער האָט, אַלזאָ, אויסגערופען: „כעת״, ווען עס וועט פאַראיבער נאָך אַזאַ צייט, דאָס הייסט אין יאָהר ד׳ אלפים תתקע״ב, „יאמר ליעקב ולישראל מה פעל אל״ (אגב טאָקי: די יאָהרען, אין וועלכע דער רמב״ם האָט געלעבט), וועט זיך דאַן אומ־קעהרען די נבואה צו אידען... אָבער „ובעונינו שרבו — פיהרט דערביי אויס דער רמב״ם — עברו מה שעברו״...

## כי לא נחש ביעקב ולא קסם בישראל... (כג. כג)

עס וועט זיך קיינער און קיינמאָל מיט די אידען קיין עצה נישט געבען. נישטאָ אַזאַ מיטעל, מיט וועלכען די שונאים זאָלען אימשטאַנד זיין זיי אומצוברענגען. קיין שום תחבולות וועלען געגען זיי נישט העלפען און קיין שום כישוף...
(רבי יצחק וואָלאָזשינער)

## כעת יאמר ליעקב ולישראל מה פעל אל... (כג. כג)

אין די אַכציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, ווען אין רוסלאַנד האָט געבושעוועט די מגפה פון בלוטיגע פאָגראָמען אויף אידען און דער צורר־היהודים איגנאַטיעוו האָט דאַן אַרויסגעגעבען די בעוואוסטע „צייטווייליגע גזירות״, איז לויט דער איניציאַטיוו פון רבי יצחק־אלחנן צוזאַמענגערופען געוואָרען קיין פעטערבורג אַ רבנים־צוזאַמענפאָהר, אויף וועלכען עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו שיקען אַ רבנים־דעלעגאַציע מיט רבי יצחק־אלחנן בראש צום אינערן־מיניסטער און בעטען, מען זאָל אָבשטעלען די בלוטיגע העצע און מבטל מאַכען די שענדליכע גזירות. דורך דער השתדלות פון באַראָן גינצבורג האָבען די רבנים אויסגע׳פועל׳ט אַן׳אוידיענץ ביי׳ם מיניסטער איגנאַטיעוו. בעת דער אוידיענץ איז אויך אָנוועזענד געווען דער המן הרשע פון יענער פינסטערער צייט, דער אויבער־פראָקוראָר פון „הייליגען סינאָד״, פאָביעדאָ־נאָסצעוו, וועמען דער מיניסטער האָט בכוונה ספּעציעל איינגעלאַדען. דערדאָזיגער רשע האָט די רבנים כמעט נישט געלאָזט קומען צום וואָרט, שיטענדיג כסדר פעך און שוועבעל אויף אידען. צווישען אַנדערע זלזולים האָט ער זיך דאַן אויסגעדריקט וועגען אידען אַזוי: אַלץ, וואָס גאָט האָט בעשאַפען אויף דער וועלט, איז מיר פערשטענדליך — פון יעדער זאַך האָט מען געוויסע נוצען; אָבער צו־וואָס גאָט האָט בעשאַפען דאָס פערשאָלטענע און שעדליכע אידישע פאָלק, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט ווי אַ געשוויר אויף דעם גרויסען און הייליגען רוסלאַנד און ברענגט קיינעם אין דער וועלט קיין נוצען נישט — דאָס קאָן איך נישט פערשטעהן!... פערשטעהט זיך, אַז פאָביעדאָנאָסצעוו׳ס גיפטיגע ווערטער האָבען ביי איגנאַטיעוו׳ן מעהר אויסגענומען, ווי די תחנונים פון די אידישע רבנים, וועלכע זענען אָוועק פון דאָרט זעהר נידערגעשלאָגען.

אַרויסגעהענדיג רופט־זיך־אָן רבי יצחק־אלחנן, זיפצענדיג, צו זיינע חברים:

— אָ, איצט איז שוין די העכסטע צייט, אַז אידען זאָלען אויסגעלייזט ווערען!... עס שטעהט: „כעת יאמר ליעקב ולישראל מה־פעל אל, הן עם כלביא יקום וכארי יתנשא״.

די מפרשים מאַטערן זיך צו געפינען אויפ׳ן דאָזיגען פסוק אַ רעכטען פירוש; דער פשט איז אָבער גאַנץ איינפאַך: „כעת יאמר״ — עס וועט אַמאָל קומען אַ צייט פאַר אידען, ווען די שונאים וועלען זיך אַוועקשטעלען און זאָגען: „ליעקב ולישראל מה־פעל אל״ — צו־וואָס האָט גאָט בעשאַפען יעקב וישראל, אַזאַ פאָלק, ווי אידען זענען?... און נאָך אָט דערדאָזיגער חושכ׳דיגער צייט וועט זיך דערנעהנטערן פאַר אונז די ישועה, דער — „הן עם כלביא יקום וכארי יתנשא״...

## הן עם כלביא יקום... (כג. כד.)

דער סימן א׳ פון אורח חיים הויבט זיך אָן מיט די ווערטער, „יתגבר כארי לעמוד בבקר לעבודת בוראו״, און דערויף זאָגט דער רמ״א אין דער הגה״ה: „ובשכבו על משכבו ידע לפני מי הוא שוכב״. וואונדערט מען זיך: דער מחבר, אויף וועלכען עס בעציהט זיך דעם רמ״א׳ס הגהות, רעדט דאָך גאָרנישט וועגען שכיבה, נאָר וועגען עמידה?

האָט געזאָגט דערויף רבי מאיר׳ל פרימישלאַנער: דער רמ״א ווייזט אונז אָן אַן עצה טובה, אַז צום „יתגבר כארי לעמוד בבקר״ איז אַ סגולה דערצו: „ובשכבו על משכבו ידע לפני מי הוא שוכב״. אויך אין פסוק, ווי מיר זעהען, ווערט פריהער דער־מאָהנט די עמידה: „הן עם כלביא יקום וכו׳ לא ישכב עד יאכל טרף״. מען שטעהט־אויף — אַזוי ווי מען לעגט זיך...

## וירא את ישראל שוכן לשבטיו ותהי עליו רוח אלקים... (כד. ב.)

געוועהנליך טייטשען מיר, אַז דער „ותהי עליו רוח אלקים״ געהט־אַרויף אויף בלעם׳ן, גאַנץ אַנדערש אָבער טייטשט דער אור החיים, לויט וועלכען די דאָזיגע ווערטער בעציהען זיך אויף די אידען, און דער פשט איז: „וישם בלעם את עיניו״ און ער האָט דאַן דערזעהן ביי אידען צוויי זאַכען, ערשטענס: „וירא את רוח אלקים״, און אַז אויף יעדען שבט רוהט בעזונדער די שכינה, יעדען שבט איז צוגעטיילט אַ בעזונדער געטליכער אָמט...

## וישא משלו ויאמר... (כד. ג.)

אויפ׳ן דאָזיגען פסוק ווערט געזאָגט אין מדרש רבה: „ילמדנו רבינו מי שאכל ולא נטל ידיו מה יהא חייב וכו׳״.

און אַלע מפרשים וואונדערען זיך: וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער דרש צו דעם פסוק?

נאָר העכסט וואַהרשיינליך בעציהט זיך דער דרש אויפ׳ן ווייטערען פסוק „יזל מים מדליו״, וועגען וועלכען די חז״ל זאָגען (חולין ק״ט), אַז דאָס געהט אַרויף אויף נטילת ידים. אַזוי איז אָפט דער דרך המדרש אין פיעל ערטער, אַנצוהויבען דעם דרש מיט אַ פריהערדיגען פסוק, הגם באמת בעציהט זיך עס אויף אַ פסוק, אָדער עטליכע פסוקים שפּעטער...

(רבי מענדיל קרענגיל)

## מה טובו אהליך יעקב... (כד. ה.)

„כולם חזרו לקללה חוץ מבתי־כנסיות ומבתי־מדרשות״ (סנהדרין ק״ה)

מיט אַלע אַנדערע ברכות האָט בלעם נישט געמיינט אויפריכטיג, בלויז די ברכה

„מה טובו אהליך יעקב" („אלו בתי־כנסיות ובתי־מדרשות"), אַז די אידען זאָלען זיצען גאַנצע טעג אין בית־מדרש — דאָס האָט ער זיי באמת געוואונשען פון גאַנצען האַרצען...

(חמש ידות)

נישט פון גרויס אהבה צו אידען האָט זיך בלעם צעזונגען ווענען זיי מיט אַזוי פיעל שירות ותשבחות, נאָר פערקעהרט: ער איז דערמיט אויסען געווען איינצורעדען די אידען, אַז זיי דאַרפען שוין גאָרנישט טהון, זיי דאַרפען שוין מעהר נישט שטרעבען צו קיין העכערער מדרגה, זיי זענען שוין פולקאָם אין אָרדנונג, זיי זענען שוין געבענשט מיט אַלע מעלות און מדות טובות!... און אָט דאָס איז דער חילוק צווישען איהם און צווישען די אידישע נביאים, וועלכע האָבען נישט אויפגעהערט צו שטראָפען די אידען, דערמאַהנענדיג זיי שטענדיג, אַז זיי זענען נאָך גאַנץ וויט פון שלמות...

(תולדות יעקב־יוסף)

## מה טובו אהליך יעקב משכנותיך ישראל... (כד. ה.)

מה טובו אהליך יעקב — צו בויען געצעלטען פאַר יעקב'ן, שוהלען און בתי־מדרשים, אָבער בתנאי, אַז — משכנותיך ישראל — מען זאָל אין זיי שטענדיג געפינען אידען, נישט קיין שוהלען צוליעב שענקייט, שוהלען מוזעאומס, וועלכע שטעהען אַ גאַנצע וואָך און פוסטעווען און מען קאָן קוים צונויפקלויבען אין זיי אַ מנין...

(תולדות יעקב־יוסף)

בשעת רבי שמעון סופר איז אָנגעקומען אַלס רב קיין קראָקע, האָט ער דאָרט געטראָפען נישט וועניגער, ווי הונדערט מנינים, שוהלען און שטיבלעך. אַ שוהלכל פון שניידער, אַ שוהלכל פון שוסטער וכו׳, טאַקי ממש „כל בי עשרה שכינתא שריא", וואו צעהן אידען — דאָרט אַ שוהלכל מיט אַ מנין... האָט ער געזאָגט אין זיין ערשטע שבת'דיגע דרשה:

— איצט, רבותי — מאַכט ער — איז מיר פערענטפערט בלעם'ס ברכה: „מה טובו אהליך יעקב". בלעם, ווי איהר פערשטעהט אַליין, האָט נישט געהאַט קיין גרויס חשק צו בענשען די אידען, ער האָט עס געטהון בעל־כרחו, אָבער בשעת מען האָט איהם געוויזען, אַז עס זענען פאַראַן ביי אידען אַזוי פיעל אוהלים, אַזוי פיעל „בתי־כנסיות ובתי־מדרשות", האָט ער אַליין, מיט'ן אייגענעם גוטען ווילען, אויסגעשריען אַ צופרידענער: „מה טובו אוהליך יעקב" ווי גוט איז, וואָס יעקב האָט אַזויפיעל געצעלטען! ער האָט פערשטאַנען, אַז דאָס איז מעהר קללה, ווי ברכה. אדרבה, זאָלען זיך אידען וואָס מעהר אָבטיילען איינער פון אַנדערען, זאָל זיך יעדע גרופּע מאַכען אַ בעזונדער שוהלכל, אַ בעזונדער מנין. דאָס איז אַ גרויסע מעלה, עס זאָל זיך פערברייטערען צווישען זיי דער פירוד... און די דאָזיגע „ברכה" פון בלעם'ן — זאָגען די חז"ל — איז טאַקי געבליבען ביי אונז עד היום הזה, ווי מיר זעהן עס ביי אייך אין קראָקע...

און, ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס שוין אַן אַלטע אידישע טבע, ווי די חז"ל דערצעהלען אונז וועגען בית הכנסת אין אלכסנדריא של מצרים (סוכה נ"א), אַז „לא היו יושבים מעורבים אלא זהבין בפני עצמן וכספין בפני עצמן ונפחין בפני עצמן וטרסיים

בפ"ע וגרדיים וכו'". יעדע גרופע בעלי־מלאכות האָט זיך אָנגעקליבען אַ בעזונדער ווינקעל אין שוהל, אַזוי ווי היינט: אַ מנין חייטים בעזונדער, אַ מנין שוסטער בעזונדער א. אַז. וו.

(כלילת יופי)

אין אָסטראָהּ איז אַמאָל געקומען אַ מגיד, וועלכער האָט געהאַלטען אין שוהל אַ דרשה און נאָכהער האָט ער, ווי דער שטייגער איז, געפאָדערט געלד, און אַז מען האָט איהם נישט געגעבען, האָט ער אָנגעהויבען שעלטען די בעלי־בתים מיט קללות נמרצות. אַז דער אָסטראָהער רב, רבי אליקים געציל, האָט דאָס דערהערט, האָט ער געשיקט נאָכ'ן מגיד און איהם שאַרף אויסגע'מוסר'ט, זאָגענדיג צו איהם: איהר זענט דאָך ערגער, ר' איד, ווי בלעם! בלעם, בעת בלק האָט איהם געדונגען צו שעלטען די אידען, האָט ער פאַר די קללות זיך געהייסען געבען געלד, „מלא ביתו כסף וזהב", די ברכות דאַגעגען האָט ער געטיילט אומזיסט, און ביי אייך איז פערקעהרט: פאַר'ן דרשנ'ען, פאַר די ברכות, הייסט איהר זיך בעצאָהלען, און קללות טיילט איהר בחנם...

(מזכרת לגדולי אוסטרה)

אַ רעפאָרמירטער ראַבינער האָט אַמאָל געפרעגט דעם רב רבי עזריאל הילדעס־היימער: פאַרוואָס — מאַכט ער — זענען אונזערע טעמפּלען אַזוי שען און עסטעטיש, אַזוי זויבער און ציכטיג, אַז עס שמעקט אין אַלע ווינקעלעך, דאַגעגען זענען אָפט אייערע שוהלען און בתי־מדרשים אַזוי אָבגעלאָזען און די מתפללים אין זיי פיהרען זיך נישט אויף מיט דעם געהעריגען רעספּעקט, וואָס דאַרף הערשען אין אַ מקום־קדוש?

— דאָס איז דערפאַר — ענטפערט איהם הרב הילדעסהיימער — ווייל אין אייערע טעמפּלען ווערט נאָר געדאַווענט שבת ויום־טוב, האָבען זיי דעריבער ביי אייך שטענדיג אַ יום־טוב'דיגען אויסזעהן, ביי אונז אָבער דאַווענט מען און מען לערענט יעדען טאָג, אַ גאַנצע וואָך — זענען זיי דערפאַר ביי אונז וואָכעדיג...

אַ גרופּע רעפאָרמאַטאָרען האָט אַמאָל אין אַ שמועס מיט'ן זעלבען הרב הילדעס־היימער געפּרובט איהם אויפקלערען, ווי נויטיג עס איז איינצופיהרען געוויסע רעפאָר־מען אין די תפלות, צו פערקירצען דאָס דאַוונען און צו פערשענערן עס, בכדי צוצוציהען די יוגענד, וועלכע וועט דאַן מעהר חשק האָבען צו קומען אין שוהל אַריין.

— פערשטעהט איהר מיך — רופט זיך אָן צו זיי הרב הילדעסהיימער — עס האָט אַמאָל אַ איד באַנקראָטירט און נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיט'ן בעל־חוב האָט יענער ענדליך מסכים געווען צו רעגולירען מיט איהם און צו נעהמען פופציג פּראָצענט. עס קומט צום בעצאָהלען נעהמט דער באַנקראָטניק און דערלאַנגט דעם בעל־חוב אַ פריש וועקסעל, אַ וועקסעל אויף דער האַלבער סומע...

— ניין, מיין ליעבער איד — ענטפערט איהם דערויף דער בעל־חוב — אויב קיין געלד גיט איהר ווייטער נישט, נאָר אַ וועקסעל, קאָן דאָך שוין בעסער ביי מיר ליעגען דער אַלטער וועקסעל, אויף דער גאַנצער סומע...

כך, אַזוי איז אויך מיט אונזער עניך. איך ווייס דאָך וואויל, אַז אפילו די פופציג פּראָצענט, וואָס איהר ווילט רעגולירען און רעפאָרמירען, וועט איהר אויך נישט צאָהלען, אַז עס איז נישט מעהר ווי סתם אַ פריש וועקסעל, וואָס וועט ווידעראַמאָל געהן צו פּראָטעסט, איז אויב אַזוי, טאָ זאָל שוין גלייכער בלייבען דער אַלטער וועקסעל, די אַלטע, פריהערדיגע **תקנות...**

## ועתה ברח לך אל מקומך... (כד. יא.)

פאַרוואָס האָט ער איהם עפּעס געהייסען אַנטלויפען, „ברח לך“?

נאָר בלעם, בשעת ער איז געקומען צו בלק׳ן, האָט ער זיך געריכט, אַז ער וועט ביי איהם אַ סך געלד פערדינען און ער האָט זיך דעריבער געלאָזט וואוילגעהן, געגעסען און געטרונקען אויף קרעדיט, על חשבון הגביר, פון שענסטען און פון בעסטען. נאָכדעם אָבער ווי פון דער גאַנצער „אונטערנעהמונג“ איז גאָרנישט געוואָרען, האָט בלק געזאָגט צו איהם: „ועתה ברח לך אל מקומך“, איצט, קוים איז דיר דיין אויפגאַבע נישט געלונגען, האָסטו נישט פון מיר קיין שום האָנאָראַר צו ערוואַרטען און עס בלייבט דיר נישט קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר צו אַנטלויפען, צו מאַכען פליטה, כדי נישט אַריינצופאַלען אין די הענד פון די בעלי־חובות...

(שבט סופר בדרך־צחות)

## ועתה הנני הולך לעמי לכה איעצך... (כד. יד.)

בלק האָט געשיקט נאָך בלעם׳ן, ער זאָל קומען שעלטען די אידען, מיט דער טענה: „עתה ילחכו הקהל את כל סביבותינו וכו׳ הנה כסה את עין הארץ והוא יושב ממולי“, אַז ער האָט מורא, זיי זאָלען איהם נישט קיין שלעכטס טהון, און דערויף האָט איהם איצט בלעם געענטפערט: ועתה הנני הולך לעמי — כ׳האָב בעשלאָסען אומצוקעהרען זיך אַהיים און נישט אויסצופיהרען די דאָזיגע מיסיע און — לכה איעצך — אויך דיר ראָט איך דאָס זעלבע, דו זאָלסט זיך אויפהערען צו בעאונרוהיגען, דען כ׳האָב זיך איבערצייגט, אַז — אשר יעשה העם הזה לעמך — אַז דאָס, וואָס דאָס דאָזיגע פאָלק וועט אַמאָל טהון דיין פאָלק, וועט פאַסירען — באחרית הימים — אין די גאָר שפּעטערדיגע צייטען, אָבער נישט איצט... אראנו ולא עתה, אשורנו ולא קרוב — נישט אַזוי גיך, זעה איך, וועט דאָס געשעהען, נאָר אין אַ גאָר לאַנגע צייט אַרום, ערשט דאַן וועט זיין — דרך כוכב מיעקב וקם שבט מישראל ומחץ פאתי מואב — ערשט אין דער צייט פון דוד, וועגען וועלכען עס ווערט דערצעהלט: „ויך את מואב וימדדם בחבל וכו׳ ותהי מואב לדוד לעבדים נושאי מנחה“ (שמואל ב׳ ח.)... איצט אָבער איז נישטאָ קיין שום גרונד צו בעאונרוהיגען זיך און עס זענען דעריבער איבריג און נישט נויטיג די קללות...

(דברי יאר)

## אשר יעשה העם הזה לעמך באחרית הימים... (כד. יד.)

„באחרית הימים“, אין די לעצטע צייטען פאַר ביאת־הגואל, וועט מען זיך בעמיהען צו מאַכען דעם „העם הזה“, די אידען, „ל ע מ ך“, עהנליך מיט די מנהגים און מיט די מדות צו די גויים...

(רבי בונם מפשיסכע)

## אראנו ולא עתה אשורנו ולא קרוב... (כד. יז.)

אין דער דאָזיגער נבואה ווערט גערעדט וועגען מלך־המשיח און ווי עס זאָגען אונז די חז״ל: „בעתה אחישנה, זכו — אחישנה, לא זכו — בעתה“. דער פסוק איז אונז דאָ מרמז, אַז אויב ישראל וועט נישט זוכה זיין צום „אחישנה“, אויסגעלייזט צו ווערען אין

אייגענעם זכות בדרך־נס, דאַן וועט די גאולה מוזען קומען בדרך־הטבע און „דרך כוכב מיעקב וקם שבט מישראל״... „שיקום שבט מישראל כדרך הקמים בעולם דירך־טבע וכו׳ ויקום וימלוך״...

(אור החיים)

## אראנו ולא עתה וכו׳... וישראל עושה חיל... (כד. יז. יח.)

לויט׳ן דרש, רעדט זיך אינ׳ם דאָזיגען פסוק וועגען עקבתא דמשיחא... „אראנו ולא עתה״ — מיר וועלען, לוידער, נישט קאָנען זוכה זיין צו זעהן משיח׳ן אַזוי לאַנג, ווי־לאַנג עס וועט זיין „וישראל עושה חיל״, כל־זמן אידען וועלען נאָך עפּעס פערמאָגען און האָבען פּרנסה... דען „אין בן־דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס״...

(רבי משה פשעוואָרסקער)

## ראשית גוים עמלק ואחריתו עדי אובד... (כד. כ.)

דר. נתן בירנבוים פלעגט זאָגען:

די פעלקער און נאַציאָנען ווערען אָנגערופען „אומות העולם״, אָבער נישט — „אומות לעולם״...

## כי אם יהיה לבער קין עד מה אשור תשבך... (כד. כב.)

דער דאָזיגער פסוק איז איינער פון די שווערסטע און אונפערשטענדליכסטע פסוקים אין תנ״ך און די אַלע פאַרהאַנענע פירושים בעפרידיגען נישט. וואָס איז דער זין פון די דאָזיגע ווערטער?

נאָך די גמרא זאָגט: „משה כתב ספרו וספר בלעם״ (ב״ב י״ד), און דערויף ער־קלערט דער ריטב״א, אַז די כוונה פון דער גמרא איז, דאָס די פרשה פון בלעם איז באמת בעשטאַנען פון אַ פיעל גרעסערע פרשה, אָבער די תורה האָט בלויז געבראַכט אַ קיצור דערפון און די גאַנצע פרשה באריכות האָט משה געשריבען בעזונדער. עהנליך זאָגט אויך דער אבן־עזרא אויפ׳ן פסוק „אז ישיר ישראל את השירה הזאת עלי באר ענו לה״ (במדבר כא. יז.), אַז דאָס איז בלויז אַן אָנהויב פון יענער שירה, וועלכע איז נישט אַרויסגעשריבען געוואָרען אינגאַנצען.

און דאָס, מעגליך, איז אויך דער פשט פון דאָזיגען פסוק: „כי אם יהי׳ לבער קין עד מה אשור תשבך״. די תורה ברענגט אונז בלויז אַ קיצור פון דער דאָזיגער נבואה און זי ווייזט־אָן, אַז די דאָזיגע נבואה האָט זיך אָנגעהויבען מיט די ווערטער „כי אם יהיה לבער קין״ און זי האָט זיך פערענדיגט — „עד״ — ביז די ווערטער „מה אשור תשבך״.

עהנליך וועט אויך זיין דער פשט פון פסוק „שבעים בלחם נשכרו ורעבים חדלו עד עקרה ילדה שבעה״ (שמואל א׳ ב.), אויך דאָרט ווערט נישט אויסגעשריבען די גאַנצע שירה און עס ווערט אָנגעגעבען, אַז זי האָט זיך פערענדיגט „עד״, ביז די ווערטער „עקרה ילדה שבעה״.

און אַזוי, העכסט־וואַהרשיינליך, איז אויך דער זין פון פסוק: „ונירם אבד חשבון עד דיבן, ונשים עד נפח אשר עד מידבא״ (במדבר כא. ל.), און „וידום השמש וירח עמד עד יקום גוי אויביו״ (יהושע י. יג.)...

(מקור ברוך פון רבי ברוך פרידענבערג)

עד מה אשור תשבך...

אין ספר „אור לשמים" פון רבי מאיר אַפּטער, געפינט זיך אויפ'ן דאָזיגען פּסוק אַ בעמערקונג, אַז „מיט דער הסכמה פון די גאוני וצדיקי הדור זענען בעזייטיגט געוואָרען די דברי הרב הצדיק, וואָס זענען דאָ געשטאַנען געשריבען". וואָס אַזעלכעס איז דאָרט געשטאַנען געשריבען? דערצעהלט וועגען דעם רבי אהרן מאַרקוס אין זיין בוך „חסידיזמוס", אַז ווי עס איז מקובל ביי חסידים, איז דאָ געווען אָנגעוויזען דער קץ אויפ'ן יאָהר תשכ"ב („תשבך"), נאָר צוליעב דעם שווערען רושם, וואָס דאָס האָט געמאַכט אויפ'ן עולם, דערוויטערענדיג דעם קץ אויף אַזאַ לאַנגע צייט — האָט מען דעריבער די דאָזיגע ווערטער בעזייטיגט...

## ויחל העם לזנות אל בנות מואב... (כה. א.)

די אַמאָליגע געצענדיענסטען זענען געווען, ווי בעקאַנט, פערבינדען מיט סעקסועלע אָרגיעס, און דאָס ווערט אויך דייטליך אָנגעוויזען אין פּסוק: „ויחל העם לזנות אל בנות מואב — ותקראן לעם לזבחי אלהיהן"...

(יצחק־בער לעווינזאָהן)

## וירא פינחס בן אלעזר... (כה. ז.)

„ראה מעשה ונזכר הלכה, אמר לו למשה מקובלני ממך וכו'" (רש"י)

וויבאַלד — האָט דערויף איינער געפרעגט דעם חדושי הרי"ם — פינחס האָט געוואוסט די הלכה, טאָ נאָכוואָס האָט ער זיך געדאַרפט ווענדען מיט אַ שאלה צו משה'ן?

האָט איהם דער חדושי הרי"ם אויף דעם געענטפערט:

איידער מען געהט אָבטהון אַ מעשה, מעג עס אפילו זיין עפ"י דין, דאַרף מען זיך פריהער מיישב זיין מיט'ן רבי'ן...

„ראה מעשה ונזכר הלכה וכו' קנאין פוגעין בו" (רש"י)

וועגען דער הלכה „קנאין פוגעין בו" זאָגען די חז"ל: „הלכה ואין מורין כן", אַז אויב מען טהוט עס אַליין, מאָמענטאַל, נישט פרעגענדיג קיינעם, איז עס בהלכה, אָבער אויב מען קומט וועגען דעם פרעגען אַ שאלה, פּסקנ'ט מען נישט, אַז מען זאָל אַזוי טהון.

וואָס איז אָבער דער שכל? אויב ס'איז אַ הלכה, טאָ פאַרוואָס איז „אין מורין כן", פאַרוואָס זאָל מען אַזוי נישט פּסקנ'ען?

ווייל — האָט עס מסביר געווען דער חדושי הרי"ם — די דאָזיגע הלכה איז געגעבען געוואָרען נאָר אין פאַל פון קנאות, ווען דער, וואָס האָט בייגעוואוינט דאָס פערברעך, איז דערפון אַזוי אויפגעציטערט געוואָרען, אַז ער האָט זיך נישט געקאָנט בעהערשען און ער איז תיכף אויפ'ן אָרט צוגעלאָפען צום רשע און זיך מיט איהם אָבגערעכענט. אין אַזאַ פאַל איז די הלכה, אַז דער קנאי איז געווען בערעכטיגט אַזוי צו האַנדלען און עס קומט איהם דערפאַר קיין שום שטראָף נישט.

אָבער אויב מען האָט צייט און געדולד אָוועקצוגעהן פרעגען אַ שאלה און זיך מיישב זיין, וואָס מען האָט צו טהון, דאַן בעווייזט עס, אַז מיר האָבען נישט פאַר זיך קיין קנאות, אַז דער בעגאַנגענער פערברעך ברענט נישט אין איהם אַזוי שטאַרק, און אין אַזאַ פאַל איז — „אין מורין כן"...

# פּינְחָס

## פינחס בן אלעזר בן אהרן הכהן... (כא. יא.)

עס שטעהט דאָך שוין איינמאָל, מיט עטליכע פסוקים פריהער, אַז פינחס איז געווען „בן אלעזר בן אהרן הכהן", נאָכוואָס ווערט עס דאָ נאָכאַמאָל דערמאָהנט? צווייטענס — וואָס פאַר אַ ספּעציעלען שכר האָט פינחס בעקומען מיט דער הבטחה, אַז „והיתה לו ולזרעו אחריו ברית כהונת עולם"? די דאָזיגע הבטחה, אַז די כהונה זאָל איבערגעהן בירושה לדורות, איז דאָך שוין לאַנג געגעבען געוואָרען און נישט דוקא צו פינחס'ן אַליין, די תורה האָט דאָך שוין פריהער אָנגעזאָגט: „ומשחת אותם כאשר משחת את אביהם וכהנו לי וכו' לכהונת עולם לדורותם" (שמות מ. טו.)?

נאָר אַ התמנות, וואָס מען בעקומט בירושה, האָט נישט אַזאַ חשיבות ווי ווען מען בעקומט דאָס צוליעב אייגענע פערדינסטען און אייגענע מעשים טובים, ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש: דעריבער האָט השי"ת ליעב די צדיקים, ווייל זיי זענען נישט קיין נחלה, עס געהט נישט איבער בירושה, און דערפאַר שטעהט: „בית אהרן ברכו את ד', בית הלוי ברכו את ד', יראי ד' ברכו את ד'", עס שטעהט נישט „בית יראי ד'", דען יראי ד' ווערט מען צוליעב די אייגענע גוטע מעשים, עס איז נישט קיין ירושה־זאַך (מדרש רבה, במדבר)...

און דאָס איז, אַלזאָ, דער זין פון די פסוקים: „פינחס בן אלעזר בן אהרן הכהן"; פינחס, וועלכער איז ביז איצט געווען אַ כהן דערפאַר, ווייל ער איז דער זוהן פון אלעזר און דאָס אייניקעל פון אהרן, איז פון איצט אָן: „והיתה לו ולזרעו אחריו ברית כהונת עולם תחת אשר קנא לאלקיו", בעקומט ער די כהונה, נישט אַלס ירושה, נישט אַלס מתנת־חנם, נישט ווייל ער איז „בן אלעזר בן אהרן הכהן", נאָר אַלס פערדיענסט פאַר זיינע אייגענע מעשים — „תחת אשר קנא לאלקיו"...

(דברי יאיר)

„לפי שהיו השבטים מבזים אותו, הראיתם בן־פוטי זה שפיטם אבי אמו עגלים לע"ז וכו'"
(רש"י)

מען האָט איהם מבזה געווען און מען האָט געזאָגט, אַז דאָס, וואָס ער, פינחס, האָט אַזוי לייכט געקאָנט פועל'ן ביי זיך צו הרג'ענען אַ מענש, איז דערפאַר, ווייל פון דער מוטער'ס צד שטאַמט ער פון גויים און ער פערמאָגט דעריבער אין זיך גוי'איש, רוצח'יש בלוט... „לפיכך בא הכתוב ויחסו אחרי אהרן" — אַז לויט זיין נאַטור און כאַראַקטער איז ער באמת געווען געראָטען אין אהרנ'ען, וועלכער איז געווען אַ מזג־טוב, אַ בעל־רחמנות, אַ רודף־שלום, און די רציחה האָט ער אויסגעפיהרט בלויז צוליב „קנאת ד' צבאות"...

(מעדני מלך)

אַזוי איז שוין פון תמיד אָן דער שטייגער פון די בעלי־רכילות. בשעת זיי האָבען אויף דעם מענש אַליין גאָרנישט וואָס צו זאָגען און קיין שום פּערזענליכע חטאים און חסרונות נישט פאַרצוואַרפען, נעהמט מען זיך גריבלען אין יחוס, אין דער משפּחה, כאַפּט מען זיך אָן אין זיידען — „שפיטם אבי אמו עגלים לע״ז״...

## פינחס בן אלעזר וכו׳ השיב את חמתי... (כה. יא.)

צווי זאַכען האָט פּינחס אויפגעטהון מיט זיין טהאָט. ערשטענס, „השיב את חמתי מעל בני ישראל״, וואָס ער האָט מקנא געווען קנאת השם און דערמיט געשטילט דעם כעס, כביכול, פון השי״ת, און צווייטענס — „ולא כליתי את בני ישראל בקנאתי״, וואָס ער האָט דאַדורך אָבגעראַטעוועט דעם כלל־ישראל פון דעם גרויסען עונש, פון כליון. זיין שכר איז דעריבער געווען אַ דאָפּעלטער: פאַר זיין עבודת־השם איז — „לכן אמור הנני נותן לו את בריתי שלום״, און פאַר זיין עבודת־ישראל — „ונתתי לו ולזרעו אחריו ברית כהונת עולם״, און אַזוי איז אויך דער אויספיהר: „תחת אשר קנא לאלקיו״ און — „ויכפר על בני ישראל״. פאַר ביידע זאַכען!...

(רעיונות וחומר לדרוש)

## בקנאו את קנאתי בתוכם... (כה. יא.)

דער ערשטער שבת, וואָס די תורה דערצעהלט וועגען פּינחס׳ן און וואָס עס ווערט אויך פערלאַנגט פון יעדען קנאי, איז, אַז ווי ערנסט און אויפריכטיג זיין קנאות זאָל נישט זיין, איז אָבער די הויפּט־זאַך — „בתוכם״, ער זאָל בלייבען צווישען זיי, נישט דערווייטערן און נישט אָבזונדערן זיך מחוץ־למחנה, נישט בויען זיך קיין בעזונדער קלייזעל!...

(רבי פנחס קאָריצער)

## ולא כליתי את בני ישראל... (כה. יא.)

נישט זוייל ער האָט זיך מוסר־נפש געווען פאַר מיר, נאָר ווייל ער האָט מיט׳ן דאָזיגען מסירת־נפש געראַטעוועט דעם כלל און גורם געווען צום — „ולא כליתי את בני ישראל״...

(תוצאות חיים)

## לכן אמור הנני נותן לו את בריתי שלום... (כה. יב.)

פּינחס איז מיט זיין האַנדלונג געווען אַ „מורה הלכה בפני רבו״. פאַר דעם חטא פון „מורה הלכה בפני רבו״ ווערען אָנגעוויזען אין די חז״ל דרייערליי עונשין: א) „מורידין אותו מגדולתו״, ב) „אזיל לשאול בלא ולד״, ג) „ראוי להכישו נחש״ (עירובין ס״ג).

השי״ת האָט איהם דעריבער מבטיח געווען, אַז אין׳ם איצטיגען פאַל, „תחת אשר קנא לאלקיו״, ווייל ער האָט מקדש־את־השם געווען, וועט איהם חלילה קיין שום בייז נישט געשעהן. געגען עונש פון „מורידין אותו מגדולתו״ איז איהם צוגעזאָגט געוואָרען די אייביגע כהונה: „ברית כהונת עולם״; געגען „אזיל לשאול בלא ולד״ — די הבטחה „לו ולזרעו אחריו״, און געגען „ראוי להכישו נחש״ — די פערזיכערונג: „הנני נותן

לו את בריתי שלום", וואָס עס בעציהט זיך אויך אויף דער זיכערקייט געגען חיות רעות, ווי עס ווערט געזאָגט אין פּסוק — „ונתתי שלום בארץ וכו' והשבתי חיה רעה"...
(פרח לבנון)

נאָכדעם, ווי פּינחס האָט אַרויסגעוויזען אַזאַ העלדישקייט און אַזוי פיעל מסירת־נפש פאַר'ן פאָלק ישראל און זיין תורה, איז די נויטיגסטע ברכה געווען פאַר איהם: „שלום", מחמת עפּ"י רוב איז דער לויהן, וואָס אַזעלכע אידען בעקומען ביי אונז פאַר זייער אַרבייט — מחלוקת, רדיפות...
(רבי יונתן אייבעשיץ)

דעריבער איז פּינחס'ן געגעבען געוואָרען די ברכה פון שלום, ווייל „חזו מאן דסנו ליה בני מתיא — משום דמוכח להו במילי דשמיא", ווייל געוועהנליך האָט דער עולם פיינט אַזעלכען, וואָס מוסר'ט און שטראָפט איהם...
(פנים יפות)

ווייל ער האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס אַזאַ גרויסער קנאי, איז דעריבער נויטיג, ער זאָל אויך פערמאָגען אין זיך די צווייטע עקסטרעמע מדה — די מדה פון שלום, אַלס געגענזאַץ צו קנאות, וועלכע דאַרף אַנגעווענדעט ווערען נור אין אויסנאַהם־פאַלען...
(כתב סופר)

די שבטים האָבען פּינחס'ן מבזה געווען און איהם פאָרגעוואָרפען, אַז ער שטאַמט נישט פון שענעם יחוס: „הראיתם בן פוטי זה שפיטם אבי אמו עגלים לעבודת־כוכבים", און דערויף איז געקומען דער ענטפער: „הנני נותן לו את בריתי שלום והיתה לו ולזרעו אחריו", פון איהם אַליין וועט זיך אָנהויבען דער אמת'ער יחוס, נישט ער דאַרף זיך יחס'נען מיט אַנדערע, נאָר אַלע זרעו אחריו וועלען זיך יחס'נען מיט איהם...
(קטורת סמים)

אַן עם־הארץ פון גרויסען יחוס האָט פאָרגעוואָרפען אַ געוויסען געלעהרטען, אַז ער שטאַמט פון פּראָסטע עלטערען און ער האָט הינטער זיך קיין שום יחוס נישט, האָט איהם דער געלעהרטער אָבגעענטפערט: איך בין דער אָנהויב פון מיין יחוס און דו — דער סוף; איך בין דער שטאָלץ פון מיינע אבות און דער כבוד פון מיינע קינדער, דו דאַגעגען ביזט די חרפה פון דיינע אבות און דער בזיון פון דיינע קינדער...
(ספר השעשועים)

„פינחס בן אלעזר בן אהרן הכהן, אמר הקב"ה בדין הוא שיטול שכרו" (מדרש רבה)

וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער דאָזיגער דרש דאָ צו דעם פּסוק?

נאָר די גמרא זאָגט: „צדיק וטוב לו — צדיק בן צדיק, צדיק ורע לו — צדיק בן רשע" (ברכות ז').

וויבאַלד, אַלזאָ, ער איז „פינחס בן אלעזר בן אהרן הכהן", אַ צדיק בן צדיק, און דערצו נאָך אַ בן־בנו של צדיק, איז — „בדין הוא שיטול שכרו"...
(רבי ר' העשיל)

ביי אַלע אַנדערע מצוות, אויף וועלכע מען איז אַ „מצווה ועושה", איז „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא", דען „היום לעשותם ולא היום לקבל שכרם", פּינחס אָבער האָט

געטהון אַ מצוה, כאָטש ער איז אויף איהר כלל נישט מצווה געווען, דען עס איז געווען „הלכה ואין מורין כן" און דעריבער איז — „בדין הוא שיטול שכרו"...

(רבי הירש האַלבערשטאַדט)

בנוגע אַלע אַנדערע מענשען איז טאַקי „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא", דען „שכירות אינה משתלמת אלא לבסוף", ווענען פינחס'ן אָבער ווערט דאָך געזאָגט: „פינחס זה אליהו", און דעריבער „בדין הוא שיטול שכרו", דען ביי איהם איז דאָך נישט שייך צו זאָגען: „לבסוף", אליהו איז דאָך נישט דורכגעגאַנגען דעם געוועהנליכען מענשליכען סוף — „ויעל אליהו בסערה השמים"...

(רבי ר' העשיל)

דער טעם, פאַרוואָס „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא", פאַרוואָס דער מענש בעקומט נישט אויף דערדאָזיגער וועלט קיין שכר פאַר די געטהוענע מצוות, איז, ווייל כל־זמן דער מענש לעבט, איז מען נאָך נישט זיכער מיט איהם — אַ בעוויז פון יוחנן כהן גדול, וועלכער איז צו אַכציג יאָהר געוואָרען אַ צדוקי!... אַנ'אויסנאָהם איז בלויז אַ „מזכה את הרבים", ווענען וועלכען מען האָט שוין קיין מורא נישט, טאָמער וועט ער זינדיגען, דען — „המזכה את הרבים אין חטא בא על־ידו". און היות ווי אַ דאַנק פינחס'ן איז דער רבים געוואָרען אָבגעראַטעוועט און ס'איז אָבגעשטעלט געוואָרען די מגפה, איז דעריבער — „בדין הוא שיטול שכרו", קומט איהם בדין צו געניסען פון די שכר־מצוות אויף דערדאָזיגער וועלט...

(רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

„בקנאו את קנאתי — הנני נותן לו את בריתי שלום"... דער אידישער מנהיג דאַרף פעראייניגען אין זיך ביידע מדות צוזאַמען: צוזאַמען מיט דער מדה פון קנאות און שטרענגקייט געגען די פורצי־גדר, געגען די, וואָס זייערע דעמאָראַליזירענדע מעשים דראָהען מיט אַ סכנה פאַר'ן קיום־האומה, דאַרף ער אין דערזעלבער צייט אויך בעזיצען די מדה פון שלום און מילדקייט, דען נישט אַלע מאָל קאָן מען רעגירען מיט בלויז קנאות!...

אָט די ביידע מדות האָבען זייער שטאַרקסטען האַרמאָנישען אויסדרוק דערגרייכט ביי אליהו'ן (און דערפאַר ווערט געזאָגט: „פינחס זה אליהו"); דער עקסטער קנאי פון הר־הכרמל געגען די „עובדי הבעל" האָט גלייכצייטיג געטראָגען אין זיך אין דער העכסטער מאָס די שטרעבונג צו שלום און אחדות. דוקא ווענען אָט דעם שטרענגען קנאי ווערט געזאָגט: „אין אליהו בא לרחק, אלא ל ק ר ב"!...

און דאָס איז דער זין פון דער בקשה, וואָס זיין תלמיד, אלישע, האָט בעת'ן אָבשיעד געבעטען ביי איהם: „ויהי נא פי שנים ברוחך אלי" — ער זאָל איהם איבערגעבען די לעהרע און דעם סוד פונ'ם „פ י ש נ י ם", ווי־אַזוי האַרמאָניש צו פעראייניגען אין זיך אָט די ביידע מדות צוזאַמען...

און דאָס, קאָן מען זאָגען, איז אויך דער געדאַנק פונ'ם פסוק: „והיה בשבתו על כסא ממלכתו וכתב לו את משנה התורה הזאת" — דער הערשער און רעגירער ביי אידען דאַרף פעראייניגען אין זיך די „מ ש נ ה ת ו ר ה", די דאָפּעלטע לעהרע און דאָפּעלטע אייגענשאַפט: פון איין זייט — אַ פעסטע האַנד, אייזערנע דיסציפּלין; אָבער פון דער צווייטער זייט, גלייכצייטיג — „לבלתי רום לבבו מאחיו"!...

(ילקוט מרגליות)

## והיתה לו ולזרעו אחריו ברית כהנת עולם תחת אשר קנא... (כה, יג.)

„כהן שהרג את הנפש — איז דער דין — לא ישא את כפיו"... פינחס'ן האָט, אַלזאָ, געדראָהט צו ווערען בעזייטיגט פון דער כהונה, און דאָך האָט ער זיך דערמיט נישט גערעכענט, דאָך האָט עס איהם נישט אָבגעהאַלטען; און דעריבער, אַלס בעלוינונג — „והיתה לו ולזרעו אחריו ברית כהונת עולם"...

(פנים יפות)

## ושם איש ישראל המוכה וכו' זמרי בן סלוא נשיא בית אב לשמעוני... (כה, יד.)

„במקום שייחס את הצדיק לשבח ייחס הרשע לגנאי" (רש"י)

וואו זעהען מיר דאָ אין פסוק דעם יחוס לגנאי? פערקעהרט, דער אויספיהר „נשיא בית אב לשמעוני" איז דאָך גאָר אַ שבח?

נאָר, וואָס גרעסער דער מענש איז און וואָס העכער עס איז דער אַמט, וואָס ער פערנעהמט אין דער געזעלשאַפט, אַלץ גרעסער איז פאַר איהם די חרפה, בשעת מען כאַפּט איהם ביי אַ מיאוס'ער עבירה און בעת דאָס ווערט פאַר אַלעמען פערעפענטליכט. נישטאָ פאַר אַזעלכען קיין גרעסערער גנאי, ווי מען איז מפרסם, אַז דאָס איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי — „נשיא בית אב לשמעוני"...

(ילקוט סופר)

## צרור את המדינים... כי צוררים הם לכם... (כה, יז, יח.)

נישט צוליעב דער פערגאַנגענהייט האָט מען געהייסען די אידען מלחמה־האַלטען מיט די מדינים, נישט אַלס נקמה פאַר מדינ'ס פריהערדיגע מעשים, נאָר ווייל — „כי צוררים הם לכם", ווייל זיי זענען נאָך איצט אייערע צוררים און דם־שונאים, וואָס זוכען אייך שלעכטס צו טהון און — „הבא להרגך השכם והרגו"...

(ריב"א)

## כי צוררים הם לכם... על דבר פעור ועל דבר כזבי... (כה, יח.)

איינע פון די הויפּט־סיבות, פאַרוואָס די אומות־העולם האָבען אונז פיינט, איז „על דבר כ ז ב י", ווייל מיר ווילען זיך נישט מיט זיי מתחתן זיין... באמת אָבער, ווען אפילו די אידען זאָלען עס, חלילה, יאָ טהון, וועט עס אויך נישט העלפען — די שנאה וועט שטענדיג בלייבען!...

(רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

## בנכליהם אשר נכלו לכם על דבר פעור... (כה, יח.)

„בנכליהם", מיט די זינדיגע ניאוף־מחשבות, מיט וועלכע זיי האָבען אייך אָנגע־שטעקט, און „הרהורי עבירה קשים מעבירה" (יומא כ"ט), זינדיגע מחשבות זענען גע־פעהרליכער, ווי זינדיגע מעשים...

(רבי אלימלך מליזענסק)

די געדאַנקען זייערע זענען פיינדליך צו אייך אפילו דאַן, ווען איהר זענט זיך צו זיי מתקרב און בוקט זיך צום פעור. זיי וועלען אייך שטענדיג בלייבען דיזעלבע שונאים, סיי ווען איהר דיענט דעם אידישען גאָט, סיי, להבדיל — זייערן...

(תכלת מרדכי)

און דאָס איז דער פשט: „והיה ביום ההוא לא יוסיף עוד שאר ישראל ופליטת בית יעקב להשען על מכהו ונשען על ד׳ קדוש ישראל באמת" (ישעי׳ י. כ.). עס וועט זיך אַרויסווייזען, אַז דאָס מיטעל, מיט וועלכען אַ טייל אידען, „שאר ישראל", איז זיך געוואוינט צו בענוצען — „להשען על מכהו", אַנצושפאַרען און צו חבר׳ן זיך מיט׳ן שלעגער, מיינענדיג אַזוי אַרום ביי איהם נושא־חן צו זיין און אויסצומיידען די קלעפּ, אַז אויך דאָס דאָזיגע מיטעל העלפט נישט...

(דרשות הר״ן)

## ויהי׳ לנס... ובני קרח לא מתו... (כו. י. יא.)

„בשעת המחלוקת הרהרו תשובה בלבם" (רש״י)

גוטע מדות נעהמען נישט די קינדער אַזוי לייכט איבער פון די עלטערען, דאַגעגען די שלעכטע זאַכען — דאָס לערנען זיי זיך אַראָב שנעל און אויב דער טאַטע פיהרט אַ מחלוקת אין שטעדטעל זענען די קינדער געוועהנליך די געטרייעסטע מיטהעלפער, וועלכע בעמיהען זיך אָפט איהם איבערצושטייגען, און דעריבער: „ויהיו לנס — ובני קרח לא מתו", דער דאָזיגער זעלטענער פאַל מיט די בני־קרח, וועלכע האָבען בשעת דער מחלוקת מהרהר בתשובה געווען און נישט מיטגעהאָלפען מיט׳ן טאַטען, דאָס איז ווירקליך אַ נס, אַ פלא, אַן׳אונגעוועהנליכע זאַך...

(ילקוט סופר)

„הרהרו תשובה בלבם, לפיכך נתבצר להם מקום גבוה בגיהנם וישבו שם" (רש״י)

אויב זיי האָבען תשובה געטהון, טאָ פאַרוואָס זענען זיי געבליבען זיצען אין גיהנום, נישט אין גן־עדן? — דערפאַר, ווייל וואָס האָבען מיר פון זייער תשובה־טהון, נאָכדעם ווי די ירושה זייערע איז פערבליבען ביי אונז? די תלמידים, וואָס זיי האָבען אויפגעשטעלט, די מחלוקת און שנאה, וואָס זיי האָבען פערפלאַנצט ביי אידען — דאָס אַלץ איז שוין, ליידער, אונמעגליך צו בעזייטיגען, אונמעגליך אויסצוראָטען!...

(מור ואהלות)

## ובני קרח לא מתו... (כו. יא.)

די בני־קרח זענען נישט געשטאָרבען; זיי לעבען און עקזיסטירען און פערנעהמען ביי אונז דעם אויבענאַן ביז׳ן היינטיגען טאָג!...

(חמש ידות)

## לישוב משפחת הישובי׳... (כו. כד.)

„הוא יוב האמור ביורדי מצרים" (רש״י)

עס איז אַ מנהג, אַז אויב איינער הייסט ישׂשכר ווערט ער ביים עולה זיין לתורה אויפגערופען: ישכר.

אין ספר „בני יששכר״ ווערט שטאַרק אַרויסגעטרעטען געגען דעם. דער מחבר ערקלערט, אַז דער דאָזיגער מנהג האָט קיין שום מקור און יסוד נישט און ער פערענדיגט דערביי מיט אַ שאַרפען מליצה׳דיגען אויסדרוק „ישכר (יסכר) פי דוברי שקר״...

ווייזט מען אָבער אָן, אַז דער דאָזיגער מנהג האָט יאָ אַ מקור און שטיצט זיך אויף אַ מדרש אויפ׳ן דערמאָהנטען פסוק.

ישוב בן יששכר, זאָגט דער מדרש (ווערט געבראַכט אין ספר „דבק טוב״), האָט לעולם געהייסען יוב, ווי עס ווערט געזאָגט אין פ׳ ויגש: „ובני יששכר תולע ופוה ויוב ושומרון״, נאָר היות ווי אין מצרים איז געווען אַן־אָבגאָט מיט׳ן נאָמען „יוב״, האָט דעריבער דער פאָטער, יששכר, איהם צוגעזעצט אַ ש׳ פון זיין נאָמען און איהם גערופען „ישוב״, וממילא איז שוין אויך פון „יששכר״ געבליבען — „ישכר״...

(דבש וחלב)

## ליצר משפחת היצרי לשלם משפחת השלמי... (כו. מט.)

דער חפץ־חיים פלעגט זאָגען: „ליצר״, אויב איינער וויל נאָכגעהען נאָך די תאוות פון יצר־הרע — „משפחת היצרי״, האָט ער שוין תיכף אַרום זיך אַ גאַנצע יצר־הרע׳דיגע משפחה, וועלכע איז איהם גרייט בייהילפיג צו זיין און צו פיהרען איהם אויפ׳ן דאָזיגען וועג; דאַגעגען ווידער „לשלם״ — אויב ער זוכט צו טהון גוטס און קונה שלמות צו זיין — „משפחת השלמי״, וועט ער לייכט געפינען פאַר זיך אַ משפחה פון שלמים, אַ פאַסענדע חברותא פון עהרליכע פרומע אידען, דען — „בדרך שאדם רוצה לילך מוליכים אותו״...

## לאלה תחלק הארץ... (כו. נג.)

דער רבונו־של־עולם האָט געהייסען די אידען, זיי זאָלען פריהער צוטיילען צווישען זיך דאָס לאַנד, איידער זיי קומען קיין ארץ־ישראל, דען ביי דער פערטיילונג קומען־פאַר געוועהנליך פערשידענע סכסוכים און אַרומרייסענישען. זאָלען זיי דעריבער די אַלע מחלוקת׳ן ערלעדיגען צווישען זיך דאָ, אין חוץ־לארץ, און קיין ארץ־ישראל זאָלען זיי קומען בשלום ואחדות...

(רבי שמעון שעפעטאָווקער)

## ובאלה לא הי׳ איש מפקודי משה ואהרן הכהן... (כו. סד.)

„אבל על הנשים לא נגזרה גזירת המרגלים לפי שהן מחבבות את הארץ״ (רש״י)

פונוואַנען דרינגט דאָס רש״י, אַז די פרויען זענען נישט געווען אין כלל פון די גזירת־המרגלים?

ווייל די צאָהל פון די פקודים, וועגען וועלכע עס ווערט געזאָגט: „לאלה תחלק הארץ״, ווערט אויך דערמאָהנט: „ושם בת אשר שרח״ (כו. מו.), און דערויף בעמערקט דאָרט רש״י: „לפי שהיתה קיימת בחיים מנאה כאן״, פון וואָס עס איז צו זעהען, אַז הגם זי איז געווען פון די יוצאי־מצרים און אַלע יוצאי־מצרים זענען דאָך צוליב׳ן חטא פון די מרגלים אויסגעשטאָרבען אין דער מדבר, דאָך איז זי געבליבען לעבען און איז געצעהלט געוואָרען צווישען די, פאַר וועלכע מען האָט געהייסען פונאַנדערטיילען דאָס לאַנד. און דערפון איז, אַלזאָ, געדרונגען, אַז „על הנשים לא נגזרה גזירת המרגלים״...

(עיון בתורה)

## אבינו מת במדבר וכו׳ כי בחטאו מת ובנים לא היו לו... (כז. ג.)

וואָס פאַר אַ סמיכות האָט דאָ דער אויספיהר „ובנים לא היו לו" צום „והוא לא הי׳ וכו׳ בעדת קרח כי בחטאו מת"?

נאָר — האָט דערויף געענטפערט דער רבי ר׳ העשיל בדרך־צחות — אויפ׳ן פסוק „ויקנאו למשה במחנה" ווערט געזאָגט אין מדרש: „מלמד שכ"א קינא לאשתו ממשה", און אין סוטה זאָגט די גמרא: „ונקתה ונזרעה זרע — אם יולדות נקיבות יולדות זכרים", קומט דאָך בכן אויס, אַז די אַלע ווייבער, וועלכע די מענער פון עדת קרח האָבען חושד געווען במשה׳ן, זענען נאָכהער פאַר דעם פאַלשען חשד געבענשט געוואָרען מיט זכרים, און דאָס, אַלזאָ, האָבען זיי גע׳טענה׳ט: „והוא לא הי׳ בתוך העדה הנועדים וכו׳ בעדת קרח", ער האָט נישט געהערט צו דער דאָזיגער עדה, וועלכע האָבען חושד געווען זייערע ווייבער, וואָרום אַ ראיה — „ובנים לא היו לו", און ווען ער וואָלט געווען פון די חושדים, וואָלט ער דאָך אויך נאָכהער געהאָט זיהן...

## והוא לא היה בתוך העדה וכו׳ בעדת קרח... (כז. ג.)

דער דין איז: „הרוגי מלכות נכסיהן למלך, הרוגי בית־דין נכסיהן ליורשין" (סנהדרין מ"ח).

און דאָס, אַלזאָ, האָבען ערקלערט די בנות־צלפחד: „והוא לא היה בתוך העדה הנועדים על ד׳ בעדת קרח". ווען ער וואָלט געווען פון דער עדת־קרח, וועלכע זענען געווען „חולקים על המלכות" און זיי האָבען דעריבער געהאָט דעם דין פון „הרוגי מלכות", וואָלטען מיר קיין טענות נישט געהאַט וועגען דער ירושה און נישט געמאָהנט קיין חלק ונחלה, וואָרום „הרוגי מלכות נכסיהן למלך", דער אמת איז דאָך אָבער, אַז „כי בחטאו מת", אַז ער איז אומגעקומען צוליעב אַ גאַנץ אַנדערען חטא, פאַר וועלכען דאָס בית־דין האָט איהם פער׳משפט צום טויט, און „הרוגי בית־דין נכסיהן ליורשין"...

(משך חכמה)

## ויקרב משה את משפטן לפני ד׳... (כז. ה.)

צו־וואָס האָט זיך משה געדאַרפט אָנפרעגען וועגען דעם משפט פון די בנות־צלפחד, נאָכדעם ווי ער האָט דאָך אַליין געהאַט ערקלערט: „כל הדבר הקשה יביאון אלי"? — ווייל אין זייער געשפרעך האָבען די בנות־צלפחד בעמערקט: „אבינו מת והוא לא היה בתוך העדה הנועדים וכו׳ בעדת קרח", אַז זייער פאָטער האָט זיך נישט בעטייליגט אין דער מחלוקת פון קרח׳ן, וועלכע איז דאָך געווען דירעקט געגען משה׳ן געווענדעט... און דעריבער האָט שוין משה נישט געוואָלט אַליין פסק׳ענען דעם דין, כדי עס זאָל נישט אויסזעהן, אַז ער איז אַ נוגע בדבר...

(של"ה)

פאַרוואָס פריהער, ביי די „טמאים לנפש אדם", האָט זיי משה רבינו געענטפערט: „עמדו ואשמעה מה יצוה ד׳ לכם" (במדבר ט. ח.), דאַגעגען דאָ האָט ער, אויסהערענדיג זייער בקשה, זיי גאָרנישט געענטפערט, נאָר גלייך — „ויקרב משה את משפטן לפני ד׳"?

ווייל מיט פרויען דאַרף מען אויסמיידען איבריגע רייד און נישט אַריינלאָזען זיך מיט זיי אין קיין איבריגען שמועס. „אל תרבה שיחה עם האשה!" אַפילו „עמדו ואשמעה"

איז איבעריג, נאָר אויסגעהערט זייער פערלאַנג און געטהון וואָס מען דאַרף — „ויקרב משה את משפטן"...

(שמועות טובות)

הרב קוק האָט איינמאָל געהאַט אַ שמועס מיט די אגודה־פיהרער אין ארץ־ישראל, אויף וועלכע ער האָט געפּרובט ווירקען, אַז זיי זאָלען נישט געהן אויפ׳ן וועג פון פירוד, זיך נישט פּורש זיין פון כלל און אַריינטרעטען אין דער כנסת־ישראל, אָבער די פיהרער האָבען דערפון נישט געוואָלט הערען, ערקלערענדיג, אַז מיט דעם דאָזיגען פירוד זענען זיי נישט אויסען, חלילה, קיין שום פּאָליטישע פּניות און זיי מיינען בלויז לשם שמים.

האָט הרב קוק זיי געענטפערט דערויף:

לויט דער מיינונג פון רבי עקיבא איז „צלפחד מקושש עצים היה", און פאַרהאַן, כידוע, אַ דעה אין די חז"ל, אַז „מקושש לשם שמים התכוון", און דעריבער, ווייל ער האָט מכוון געווען לשם שמים, האָבען די בנות צלפחד געמאָהנט אַ חלק בארץ, הגם דער דין איז, אַז אַ מחלל־שבת אין לו חלק בארץ־ישראל — אַזוי ווערט געזאָגט אין ספרי.

און דערפאַר איז „ויקרב משה את משפטן לפני ד'", וואָרום פעסטשטעלען, צי זיין כוונה איז געווען לשם־שמים און זיי פערדיענען צו האָבען אַ חלק בארץ — דערויף זענען מיר מענשען קיין מבינים נישט, דאָס קאָן וויסען נאָר דער רבונו־של־עולם אַליין...

צו רבי אברהמ׳על סאָכאַטשעווער איז געקומען אַן׳אלמנה צו אַ דין־תורה. בשעת די טענות האָט די אלמנה אָנגעהויבען צו וויינען, האָט זיך רבי אברהמ׳על אויפגע־שטעלט און ערקלערט, אַז ער קאָן דאָ קיין דיין נישט זיין, מחמת טרעהרען זענען בכלל שוחד.

— און דאָס איז אויך דער טעם — האָט ער נאָכהער ערקלערט — פאַרוואָס ביי די בנות צלפחד איז „ויקרב משה את משפטן לפני ד'". משה האָט זיך דעריבער אָבגע־זאָגט פון צו זיין שופט, ווייל ער האָט מורא געהאַט נישט בעאיינפלוסט צו ווערען פון די ווייכע ווייבערשע רייד, פונ׳ם שוחד־דברים...

בשעת דער בעל „מנחת חינוך" איז געווען רב אין טאַרנאָפּאָל זענען פון שניאַטין, וואו ער איז געהאַט פריהער געווען רב, געקומען צו איהם צוויי בעלי־בתים, וועלכע האָבען איהם באַלד ביים ערשטען שמועס דערמאָהנט, אַז זיי זענען אַמאָל געווען פון זיינע שטאַרקע גוטע־פריינד, נישט געלאָזט פיהרען געגען איהם קיין מחלוקת, און דאַן האָבען זיי ערקלערט, אַז זיי זענען געקומען צו איהם האַלטען אַ דין־תורה. דערויף האָט זיי דער „מנחת חנוך" געענטפערט, אַז ער קאָן ליידער זייער דיין נישט זיין.

— פונקט אַזוי — האָט ער זיי שמייכלענדיג ערקלערט — האָבען זיך אויך נוהג געווען די בנות־צלפחד. בשעת זיי זענען געקומען צו משה רבנו מיט אַ דין־תורה, האָבען זיי איהם קודם־כל געלאָזט וויסען, אַז „אבינו מת במדבר והוא לא היה בתוך העדה הנועדים על ד' בעדת קרח", אַז זייער פאָטער איז געווען פון זיינע שטאַרקע גוטע־פריינד און ער האָט זיך נישט בעטייליגט אין דער מחלוקת, וואָס קרח האָט געגען איהם געפיהרט, און ערשט דאַן זענען זיי צוגעטרעטען צום עיקר — אַז זיי זענען געקומען פאַר איהם האָבען אַ דין־תורה... אָבער נאָך דער דאָזיגער חניפה׳דיגער ערקלערונג האָט שוין משה רבינו די דין־תורה נישט געוואָלט אָננעהמען און — „ויקרב משה את משפטן לפני ד'"...

## כן בנות צלפחד דוברות... (כז. ז.)

„כך כתובה פרשה זו לפני במרום" (רש"י)

געוועהנליך טייטשט מען: די דאָזיגע פּרשה איז שוין געווען פריהער אָנגעשריבען אין הימעל. איז אויב זי איז שוין געווען אָנגעשריבען, פאַרוואָס האָט מען זי משה'ן נישט געגעבען, צוזאַמען מיט דער גאַנצער תורה, ביז איצט?

נאָר באמת שטעהט שוין פריהער מרומז אין דער תורה דער דין, אַז די בנות צלפחד קומט אַ חלק אין לאַנד. עס ווערט געזאָגט: „ובנות צלפחד בן חפר לא היו לו בנים כי אם בנות וכו'" (כו. כג.), און דאַן: „אלה משפחות מנשה", אַז זיי ווערען צוגע־צעהלט צו די פּקודים פון שבט מנשה, און נאָכהער קומט דער אויספיהר: „לאלה תחלק הארץ בנחלה במספר שמות", אַז דאָס לאַנד דאַרף פערטיילט ווערען צו די אַלע, וואָס ווערען דאָ אויסגערעכענט מיט די נעמען, וממילא זענען דאָך שוין אויך די בנות צלפחד אין כלל. משה רבינו, אָבער, האָט דאָס פערזעהען, ווי עס ווערט געזאָגט: „נתעלמה הלכה ממנו", פון וואָס ס'איז משמע, אַז די הלכה האָט שוין עקזיסטירט, זי איז שוין געהאַט געגעבען געוואָרען, נאָר משה האָט עס נישט געדענקט.

און דאָס, אַלזאָ, איז געווען דער ענטפער פון השי"ת: „כן בנות צלפחד דוברות — כך כתובה פרשה זו לפני במרום", די דאָזיגע פּרשה איז שוין געשריבען אין דער הויך, אין די פריהערדיגע פּסוקים, אין וועלכע עס ווערט דייטליך אָנגעוויזען, אַז אויך די בנות צלפחד קומט אַ חלק אין לאַנד, און דו האָסט עס פערזעהען...

(כנפי נשרים)

## נתן תתן להם אחוזת נחלה... (כז. ז.)

אין בבא־בתרא קט"ו זאָגט תוספות: „ונראה לר"ת דענה אשה היתה וכו' והא דכתיב הוא ענה בלשון זכר היינו משום שירשה עם אחיה צבעון כזכר".

וואונדערט מען זיך: פונוואַנען בעהמט עס תוספות די דאָזיגע ראיה, אַז דאָס וואָס ענה ווערט אָנגערופען בלשון זכר איז עס נור צוליעב דעם, ווייל זי האָט גענומען ירושה כזכר?

ווייזט אָן דער רבי ר' העשיל, אַז תוספות האָט עס גענומען פון דאָזיגען פּסוק דאָ. עס שטעהט: „נתן תתן להם אחוזת נחלה". פאַרוואָס שטעהט עפּיס „להם", אַ לשון זכר, און נישט „להן"? איז דערפון, אַלזאָ, אַ בעוויז, אַז דערפאַר, ווייל די בנות צלפחד האָבען גע'ירשנ'ט כבנים, רופט זיי דער פּסוק בלשון זכר...

## יפקד ד' אלקי הרוחות לכל בשר איש על העדה... (כז. טז.)

„מנה עליהם מנהיג שיהא סובל כל אחד ואחד לפי דעתו" (רש"י)

דער רבי פון גאָסטינין האָט אַמאָל געפרעגט דעם קאָצקער רבי'ן: צוליעב וואָס האָט משה רבינו מתפלל געווען די דאָזיגע תפילה? צי דען האָט איהם, חלילה, גאָר געקענט איינפאַלען, אַז השי"ת וועט לאָזען זיין פאָלק ישראל אָהן אַ מנהיג? האָט איהם דער קאָצקער דערויף געענטפערט: זעהענדיג דאָס גרויסע חשיבות פון פינחס'ן ביי'ם אויבערשטען, האָט משה רבינו געבעטען, אַז נישט ער זאָל בעשטימט ווערען אויף זיין אָרט, דען עס טויג נישט פאַר אידען צו האָבען אַזאַ שטרענגען קנאי אַלס מנהיג, און ער האָט דעריבער מתפלל געווען: „יפקוד ד' אלקי הרוחות לכל בשר — מנה עליהם מנהיג שיהא סובל כל אחד ואחד לפי דעתו", אַ מנהיג אַ סבלן...

משה רבינו האָט געבעטען בײ׳ם רבונו־של־עולם, װעלכער איז דאָך אַ „אלקי הרוחות לכל בשר״, סײ צו פרומע און סײ צו נישט פרומע, אַז אױך אַ מנהיג זאָל ער געבען די אידען אַזעלכען, װעלכער זאָל זײן „לכל בשר״, װעלכער זאָל גלײך ליעב האָבען אַלע מיני אידען...

(קדושת לוי)

„איש על העדה״, אַ מענש, װעלכער זאָל שטעהן איבער דער עדה, װעלכער זאָל זײן אונפּאַרטײאיש, איבער־פּאַרטײאיש...

(מדרכי החיים)

„איש על העדה״ — אַ מענש, נישט קײן מלאך, נישט אַזאַ פלאַם־פײער, װי פינחס...

(רבי מנחם־מענדיל מקאָצק)

בעת רבי יעקב־דוד, דער סלוצקער רב, איז נסתלק געװאָרען, זענען פאַר דער פטירה צוגעגאַנגען צו איהם דאָס װײב מיט די קינדער און איהם געבעטען, ער זאָל נישט פערגעסען אין זײער מצב און פועל׳ן בײ קהל, זײ זאָלען זיך מתחייב זײן אויס־צוהאַלטען זײ מיט פרנסה. האָט זײ רבי יעקב־דוד דערויף געענטפערט:

בעת משה רבינו איז נפטר געװאָרען, האָט ער געבעטען דעם אויבערשטען: „יפקוד ד׳ אלקי הרוחות לכל בשר איש על העדה״. זײן עיקר דאגה איז דאַמאָלס געװען צו פערזאָרגען די עדה, נישט אַז די עדה זאָל איהם, זײן װײב און קינדער פערזאָרגען...

בײם אויסקלויבען אַ מנהיג דעצידירט אָפט נישט דער שכל, נאָר דער „רוח״, דאָס געמיט, די שטימונג פון דער גאַס, בײ װעלכער דער בעטרעפענדער פערזאָן האָט זיך גראד אינ׳ם דאָזיגען מאָמענט אײנגעקױפט אין סימפּאַטיע, הגם לויט זײנע קוואַליפי־קאַציעס איז ער כלל נישט ראוי צו פערנעהמען דעם דאָזיגען אַמט. משה רבינו האָט, אַלזאָ, געבעטען דעם רבונו־של־עולם, אַז „יפקוד ד׳ אלקי הרוחות״, ער זאָל לענקען די „רוחות״, די סימפּאַטיעס און שטימונגען, אינ׳ם ריכטיגען װעג, אַז בײ׳ם אויסקלויבען אַ מנהיג זאָל נישט דעצידירען דער מאַסען־פּסיכאָז, נאָר ער זאָל װירקליך זײן ראוי דערצו — „אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם, ואשר יוציאם ואשר יביאם״...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

„יפקוד ד׳ אלקי הרוחות, כיון ששמע משה שאמר לו המקום תן נחלת צלפחד לבנותיו, אמר הגיעה שעה שאתבע צרכי שיירשו בני את גדולתי״ (רש״י)

פאַרװאָס איז די שעה געקומען גראָד איצט, נאָכדעם, װי עס האָבען זיך געװענדעט צו איהם די בנות־צלפחד, צי פריהער האָט ער נישט געװאוסט, אַז מען דאַרף די אײגענע קינדער פערזאָרגען?

נאָר משה רבינו — האָט געזאָגט דערויף רבי מאָטעלע טשערנאָבילער — דער עניו מכל האדם, װעלכער האָט זיך געהאַלטען נידריגער פון אַלעמען און זינדיגער פון אַלעמען, האָט געטראַכט, אַז צוליעב איהם, צוליעב זײנע זינד, װעלען אודאי זײנע קינדער נישט צוגעלאָזט װערען איבערצונעהמען די ירושה פון זײן נשיאות און ס׳איז אומזיסט גאָר צו רעדען דערפון. בשעת אָבער ער האָט דערהערט, אַז „כן בנות צלפחד דוברות, נתן תתן להם אחוזת נחלה״, אַז כאָטש זײער פאָטער האָט געזינדיגט, „כי בחטאו מת״, דאַרפען

די קינדער נישט ליידען צוליעב די זינד פון זייערע עלטערן, איז אויב אַזוי — „אמר הגיעה שעה שאתבע צרכי שיירשו בני את גדולתי״...

## אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם... (כז. יז.)

ער זאָל זיך נישט אויפפיהרען אַזוי ווי עס פיהרען זיך אויך געוויסע מלכים פון די אומות־העולם, וועלכע שיקען אַרויס די לעגיאָנערן אויפ׳ן שלאַכט־פעלד און אַליין בלייבען זיי זיצען אין דער היים!...

(ספרי זוטא)

פאַרהאַן צווייערליי מנהיגים: פאַרהאַן אַ מנהיג, וועלכער, ווען ער איז נושא־חן זיין ביי דער עדה, שלעפט ער זיך־נאָך נאָך איהר, בעמיהענדיג זיך צוצופאַסען צו איהרע וואונשען און בעגעהרען... דאָס איז נישט קיין מנהיג, דען נישט ער פיהרט די עדה, נאָר די עדה פיהרט איהם!... דער אמת׳ער מנהיג איז דער, וועלכער לאָזט זיך נישט אַראָב צום פאָלק, נאָר ער הויבט־אויף דאָס פאָלק צו זיך; ער געהט נישט הינטער דער עדה, נאָר פאַר איהר, פאַראויס — „אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם״!...

(דרשות אל עמי)

דער מנהיג זאָל נישט זיין אונטערטעניג צום קהל, נאָר — „אשר יצא לפניהם ואשר יבא לפניהם״, און נישט מיט׳ן בלויזען פּרעדיגען און מיט האַלטען דרשות זאָל ער יוצא זיין, נאָר — „ואשר יוציאם ואשר יביאם״, ער זאָל אין זיין פיהרערשאַפט אַרויסווייזען טעטיגקייט און מעשים ממש...

(מחנה חיים)

„דור שבן דוד בא וכו׳ ופני הדור כפני כלב״ (סנהדרין צ״ח)

דער כלב, בשעת ער געהט מיט מענשען, לויפט ער שטענדיג פאַראויס, ווי ער וואָלט געווען זייער מנהיג און וועג־ווייזער, דערביי איז ביי יעדע עטליכע טריט דרעהט ער אויס צו זיי דאָס פנים, ווי וועלענדיג זיך איבערצייגען, צי זיי זענען צופרידען פון איהם און פון דעם וועג, אין וועלכען ער פיהרט זיי, אויב נישט — איז ער גרייט, הייסט עס, צו פיהרען זיי אין אַן אַנדער וועג... און אַזוי וועלען אויך בעקבתא דמשיחא אויסזעהען די „פני הדור״, די מנהיגים, וועלכע וועלען זיך בעמיהען צוצופאַסען צום המון און צו חנפה׳נען איהם...

(רבי ישראל סאַלאַנטער)

און דאָס איז אויך דער פּשט: „אמר רבי יוסי מימי לא אמרתי דבר וחזרתי לאחרי״ (שבת קי״א), בשעת איך האָב געזאָגט אַ זאַך האָב איך זיך קיינמאָל נישט אומגעקעהרט צום עולם, אום צו זעהען, צי מיינע ווערטער זענען ביי איהם נושא־חן...

(מגד ירחים)

## ולא תהיה עדת ד׳ כצאן אשר אין להם רועה... (כז. יז.)

פאַר דער פּטירה האָט רבי שמעון סופר צוגערופען די ראשי־הקהל צו זיין בעט

און געזאָגט: געוויס, רבותי, איז יעדער פּאַסטוך טריי זיינע שאָף, ער פּיטערט זיי, ער היט זיי, ער גיט אַכטונג עס זאָל מיט זיי קיין מכשול נישט טרעפן; אָבער מיט דער־דאָזיגער טריישאַפט איז ער געוועהנליך אויסן נישט די טובה פון די שאָף, נישט ווייל ער האָט זיי טאַקע באמת אַזוי שטאַרק ליעב, נאָר זיין אייגענע טובה — ער זאָרגט פאַר זיי, ווייל זיי זענען זיין האָב־און־גוטס, זיין פערמעגען... אַנדערש דאַרף אָבער זיין דער אידישער פּאַסטוך: זאָרגענדיג פאַר זיין געמיינדע, זאָל ער נישט אין זינען האָבען קיין שום פּניה פון אייגענניצען — ווייל זי פערזאָרגט איהם מיט פּרנסה און מיט כבוד — נאָר בלויז איהר טובה און איהר גליק!... און דאָס — האָט ער אויסגעפיהרט — איז דער טייטש: „ולא תהיה עדת ד׳ כצאן אשר אין להם רועה״, זי זאָל נישט זיין געגליכען צו די שאָף „אשר אין להם רועה״, וואָס דער פּאַסטוך האָט נישט זיי אין זינען („אין להם״ — נישט פאַר זייערטוועגען), נאָר זיך!...

רבי ישראל סאַלאַנטער פלעגט אָפט רעדען מיט פערביטערונג וועגען דער אונ־נאָרמאַלער און אונפערשטענדליכער ערשיינונג, וואָס אין פיעל אידישע קהלות, אפילו אין אַזעלכע, וועלכע בעשטעהען ס׳רוב פון פרומע אידען, ווערען אַלס ראשי־הקהל אויסגעקליבען נישט־פרומע לייט, אַסימילאַטאָרען, וועלכע זענען קנאַפּע מחותנים מיט אידישקייט.

— אַ פּנים — פלעגט ער זאָגען בדרך שפּאַס — אַז דאָס מיינט דער פּסוק אין תהלים: „ותחסרהו מעט מאלקים״ — וואָס ווייניגער יראת־שמים אַ איד האָט, אַלץ גרעסער זענען זיינע שאַנסען, אַז — „וכבוד והדר תעטרהו״, מען זאָל איהם אונטערטראָגען כבוד און גבאות!...

אידען בויטיגען זיך אין אַזעלכע מנהיגים, וועלכע זאָלען שטענדיג זיין מיט זיי צוזאַמען, צו וועלכע זיי זאָלען זיך פיהלען היימיש און צוגעלאָזען און וועלכע זאָלען זיך בעציהען צו זיי מיט אַזאַ פּשטות און איינפאַכקייט, ווי אַ פּאַסטוך צו זיינע שעפּסען, נישט קיין אַריסטאָקראַטען, וועלכע לאָזען נישט צו צו־זיך, און עס איז שווער צו זיי אָנצוקומען...

(רבי ר׳ בונם)

„איזה תלמיד חכם שממנים אותו פרנס על הצבור? — כל ששואלים אותו ויודע להשיב בכל מקום אפילו במסכת כלה״ (שבת קי״ד)

בשעת מען ווערט אַ פּרנס, אַ מנהיג, אַ כלל־טהוער, האָט מען שוין דאַמאָלס קיין צייט נישט צו לערנען און אויב ער וועט פריהער נישט זיין קיין תלמיד־חכם, וועט ער שוין שפּעטער, אַלס כלל־טהוער, עס זיכער נישט ווערען. עס איז דעריבער נויטיג, אַז ער זאָל זיין אַזאַ בקי בתורה, אַז וויפיעל ער וועט שפּעטער נישט פערגעסען, זאָל כאָטש עפּעס ביי איהם בלייבען...

(שיחות חכמים)

„אין אדם עולה לגדולה אלא אם כן מוחלין לו על כל עוונותיו״ (סנהדרין י״ד)

דעריבער — פלעגט זאָגען רבי גרשון־העניך — מוז מען איהם פריהער מוחל זיין די זינד — ווייל אויפ׳ן עהרליכען וועג קאָן מען נישט עולה־לגדולה זיין — מען מוז זיך פריהער אַ סך אָנזינדיגען...

## איש אשר רוח בו... (כז. יח.)

„שיוכל להלוך כנגד רוחו של כל אחד ואחד" (רש"י)

דער אמת'ער מנהיג טאָר נישט חנפ'ענען דעם המון און נישט נאָכשלעפּען זיך נאָך איהם, נאָר ער מוז האָבען דעם מוט צו געהן „כנגד רוחו של כל אחד ואחד", געגענ־צושטעלען זיך, ווען מען דאַרף...

(יטיב פנים)

## ונתת מהודך עליו... (כז. כ.)

„מהודך עליו ולא כל הודך, זקנים שבאותו הדור אמרו: פני משה כפני חמה, פני יהושע כפני לבנה, אוי לה לאותה בושה, אוי לה לאותה כלימה" (בבא בתרא ע"ח)

פאַרוואָס עפּיס האָבען עס געזאָגט דווקא די זקנים?

ווייל מען וואָלט דאָך געקאָנט דערויף ענטפערען, אַז דאָס וואָס יהושע איז קלענער אין דער מדרגה פון משה'ן, איז דערפאַר, ווייל ער איז פיעל יונגער פון איהם, און אַז משה אין זיינע יאָהרען האָט אפשר אויך אַזוי אויסגעזעהן, און דעריבער ווערט צוגעגעבען, אַז „זקנים שבאותו דור אמרו", אַז דאָס האָבען געזאָגט די זקנים, וועלכע האָבען געקענט משה'ן פון דער יוגענד און זיי האָבען געדענקט, אַז שוין דאַן איז געווען „פני משה כפני חמה"...

(ווילנער גאון)

די ווערטער „אוי לאותה בושה אוי לאותה כלימה" — פלעגט זאָגען רבי שניאור פון לאַדי — האָבען נישט געזאָגט די זקנים, נאָר דאָס איז דער אויספיהר פון דער גמרא. „אוי לאותה בושה", וועה, וועה, וואָס די זקנים פון יעדען דור האָבען אַ טבע צו זאָגען, אַז די פריהערדיגע מנהיגים זענען בעסער און גרעסער געווען, ווערענד באמת איז „יפתח בדורו כשמואל בדורו"...

## את קרבני לחמי לאשי... (כח. ב.)

רבי פינחס קאָריצער פלעגט טייטשען:

„קרבני" — דער אמת'ער קרבן, זאָגט דער רבונו־של־עולם, איז ביי מיר — „לחמי" — מיין ברויט — „לאשי" — צו מיינע מענשען... צדקה!...

## ואמרת להם זה האשה... (כח. ג.)

רבי משה קוניש שרייבט אין אַנ'אָרט, אַז אַ געוויסער עם־הארצ'ישער למדן, אַ „צורבא מדרבנן ועם־הארץ מדאורייתא", האָט איהם געפּרובט אויפווייזען, אַז עס האָבען קיין שום ווערט נישט די אַלע מדקדקים מיט זייערע כללי־הדקדוק, לויט וועלכע זיי ווילען אונז דווקא איינרעדען, אַז אויף אַ נקבה דאַרף מען שרייבען „זאת", און אויף אַ זכר — „זה". דען אָט געפינען מיר דאָך בפירוש אין דער תורה: „זה האשה"; דאַגעגען ווידער אויף אַ צווייט אָרט: „בזאת יבוא אהרן בפר"!...

## את הכבש אחד תעשה בבקר... (כח. ד.)

אין ספר „חצי מנשה" (דאָס דאָזיגע ספר איז אַ יקר המציאות און איז איבערגע־דרוקט געוואָרען פון אַ כתב־יד אין דער אָקספאָרדער ביבליאָטעק) געפינען מיר פאָל־גענדע אינטערעסאַנטע שטעלע: „ומה שנהגו העולם, שכל ימי השבוע מתעוררים בבקר לבית־הכנסת להתפלל או ללמוד ובשבת ישנים יותר בשחרית, זה טעמו של דבר, שבכל ימי השבוע נאמר בתמיד של שחר „בבקר" ובתמיד של שחר בשבת לא נאמר „בבקר", אלא „ביום השבת", ולשון זה משמע איחור, כדמשמע ביומא. וטעם זה שמע ר"י ב"ר יהודה בעיר רומא מפי רב האי גאון"...

## ושעיר עזים אחד לחטאת לד'... (כח. טו.)

דעריבער שטעהט נאָר בײ׳ם שעיר חטאת פון ראש־חודש דאָס וואָרט „לד'", און נישט בײ די שעירי חטאת פון אַלע אַנדערע רגלים, ווײל די תורה האָט חושש געווען, אַז זײ זאָלען זיך נישט טועה זײן און מײנען, אַז דעם שעיר ראש־חודש איז מען מקריב אַלס קרבן צו דער לבנה, ווי עס איז געווען דער מנהג בײ די מצרים, וועלכע האָבען אין די ראשי־חדשים געבראַכט קרבנות צו דער לבנה, און דעריבער איז דערבײ נויטיג געווען צו בעטאָנען, אַז דאָס איז — „לחטאת לד'"...

(מורה נבוכים ח"ג)

„אמר הקב"ה, הביאו כפרה על שמיעטתי את הירח" (רש"י)

פרעגט מען: צי דערפאַר, ווײל השי"ת האָט ממעט געווען די לבנה, דאַרפען די אידען דעריבער ברענגען אַ כפרה? היתכן?

נאָר די גמרא זאָגט, אַז דערפאַר איז די לבנה בעשטראָפט געוואָרען, ווײל זי האָט מקטרג געווען און געזאָגט: „אי־אפשר לשני מלכים שישתמשו בכתר אחד", דערויף האָט איהר השי"ת געענטפערט: „לכי ומעטי את עצמך". איז דאָך אין פלוג קשה: צוליעב דער טענה פון „אי־אפשר לשני מלכים שישתמשו בכתר אחד", האָט מען דאָך נישט געדאַרפט דוקא פערקלענערען די לבנה, נאָר לאָזען זי אַזוי ווי זי איז און פער־גרעסערען די זון? דערויף ווערט געענטפערט, אַז פערגרעסערען די זון האָט מען נישט געקענט, ווײל ווי די חז"ל זאָגען אויפ׳ן פסוק „וירא א' את האור כי טוב ויבדל" (ווערט אויך געבראַכט אין רש"י) אַז „ראה הקב"ה שאין העולם כדאי לשמש באור הגדול וגנזו לצדיקים לעתיד לבוא", אַז צו קײן גרעסערע ליכטיגקײט, צו אַ גרעסערע זון, האָבען זיך די מענשען נישט פערדיענט.

און דערפאַר איז „אמר הקב"ה הביאו כפרה על שמיעטתי את הירח", דען דאָס האָבען דאָך די מענשען מיט זײערע זינד גורם געווען צו מיעוט הירח, וואָרום ווען נישט די מענשליכע זינד וואָלט נישט די לבנה קלענער געוואָרען, נאָר די זון וואָלט גרעסער געוואָרען...

(לחמי תודה)

פאַרוואָס בײ אַלע אַנדערע טעג שטעהט: „ושעיר חטאת אחד", און אינ׳ם ערשטען, אינ׳ם צווײטען און אינ׳ם פיערטען טאָג ווערט געזאָגט: „ושעיר־עזים אחד חטאת"?

ווײל עס איז דאָך ידוע, אַז די זיעבציג פרים, וואָס מען האָט מקריב געווען אין די זיעבען טעג סוכות, זענען געווען אַנטקעגען די זיעבציג אומות. די שבעים אומות שטאַ־מען פון עשו און ישמעאל. ובכן — פינף־און־דרײסיג פרים פאַר עשו׳ן, און פינף־און־

דרייסיג — פאַר ישמעאל׳ן. ישמעאל איז געווען דער בכור, האָט מען דעריבער די ערשטע פרים געדאַרפט מקריב זיין פאַר זיינעטוועגן.

אַלזאָ, די דרייצעהן פרים, וואָס מען האָט מקריב געווען אינ׳ם ערשטען טאָג, זענען געווען אַנטקעגען די אומות, וועלכע שטאַמען פון ישמעאל׳ן, און דעריבער שטעהט אינ׳ם דאָזיגען טאָג: „ושעיר־עזים אחד חטאת״, דען ישמעאל, ווי עס ווערט געזאָגט אין זוהר, ווערט אָנגערופען „שעיר־עזים״... די צוועלף פרים אינ׳ם צווייטען טאָג — ווידער אַנטקעגען ישמעאל׳ן, און דערפאַר שטעהט אויך אינ׳ם דאָזיגען טאָג „ושעיר־עזים״. אינ׳ם דריטען טאָג, דאַגעגען, האָט מען שוין געמוזט מפסיק זיין: מחמת ווען מען זאָל אויך די עלף פרים פונ׳ם דריטען טאָג מקריב זיין פאַר ישמעאל׳ן, וואָלט דאָך שוין אויסגעקומען צוזאַמען זעקס־און־דרייסיג, מעהר ווי די בעשטימטע העלפט!... די פרים פונ׳ם דאָזיגען טאָג האָט מען שוין דעריבער געמוזט מקריב זיין פאַר עשו׳ן, און דער־פאַר שטעהט שוין דאָ נישט „ושעיר־עזים״, נאָר „ושעיר חטאת אחד״... ערשט די צעהן פרים, וואָס מען האָט מקריב געווען אינ׳ם פיערטען טאָג, זענען ווידעראַמאָל געגאַנגען פאַר ישמעאל׳ן, און דערפאַר שטעהט אויך אינ׳ם דאָזיגען טאָג „ושעיר־עזים״... דער־מיט איז שוין, אַלזאָ, ישמעאל׳ס חשבון פערענדיגט, האָבענדיג פאַר איהם מקריב געווען פינף־און־דרייסיג פרים. די פרים פון די איבריגע טעג זענען שוין אַלע געווען פאַר עשו׳ן, און דעריבער שטעהט דאָרט כסדר נאָר „ושעיר חטאת אחד״...

(ווילנער גאון)

רבי פינחס דער בעל „הפלאה״ האָט זיך נוהג געווען, אַז ביי זיך אינדערהיים, אין פראַנקפורט, האָט ער זיך געפיהרט זעהר פשוט, אָהן רחבות; אונטערוועגס אָבער האָט ער זיך געפיהרט ברייט, ער איז איינגעשטאַנען אין גרויסע אכסניות און האָט נישט געקאַרגט קיין הוצאות.

— רבי — האָט איהם דערויף איינער געפרעגט: — ווי קומט עס, וואָס אינדער־פרעמד פיהרט איהר זיך אַנדערש, ווי אינדערהיים?

— כ׳וועל אייך זאָגען — ענטפערט איהם רבי פינחס: — אַז „פינחס״ איז אויפ׳ן אָרט, איז ער „בין־המצרים״ (די סדרה „פינחס״ פאַלט שטענדיג אויס אין די „דריי וואָכען״); דאַגעגען אָבער בעת „פינחס״ איז אינדערפרעמד, איז ער אַ גאַנצער יום־טוב (אַלע יום־טוב׳דיגע הפטרות לייענט מען אין „פינחס״)...

## חג שבעת ימים... (כח. יז.)

אינטערעסאַנט איז דער ספרי אין דער דאָזיגער פרשה: פסח און סוכות, וויל זיי זענען נישט קיין צייט פון אַרבייט, האָט די תורה געזאָגט, מאַך דיר אַ יום־טוב פון זיעבען טעג און אַ יום־טוב פון אַכט טעג, אָבער שבועות, וויל עס איז דאַן אַ צייט פון אַרבייט, האָט די תורה געהייסען פייערען נור איין טאָג. „מכאן שחסה התורה על זמנן של ישראל״...

## תמימים יהיו לכם ונסכיהם... (כח. לא.)

„אף הנסכים יהיו תמימים, למדו רבותינו מכאן שהיין שהעלה קמחין פסול לנסכים״ (רש״י)

פאַרוואָס איז די אזהרה וועגען ווייך, אַז „אף הנסכים יהיו תמימים״, געשטעלט געוואָרען נור ביי׳ם קרבן פון שבועות און נישט ביי אַלע פריהערדיגע קרבנות? — דען

אין ב״ב צ״ח ווערט געזאָגט: „יין מבושם אני מוכר לך חייב להעמיד לו עד עצרת״, דערויף זאָגט דאָרט דער רשב״ם: „שאז דרכו להתקלקל״, ווייל אין שבועות־צייט איז דער שטייגער פון וויין קאַליע צו ווערען, און דעריבער, אַלזאָ, ווערט די אזהרה פון „תמימים יהיו לכם ונסכיהם״ געגעבען דוקא ביי׳ם קרבן פון שבועות...

(העמק דבר)

## ביום השמיני עצרת תהיה לכם... (כט. לה.)

אין ספר „מערכת הגדולים״ פון ר׳ אהרן וואַלדען ווערט דערצעהלט: דער גאון פון אַפּטא האָט אַמאָל געפרעגט ביי׳ם גאון מהרא״ז מרגליות פשט אין ירושלמי: „ר׳ חמא נפק לברייתא חזי דמחללי לעצרתא, אמר למחר אכתוב בפיתקא, אל תקרא עצרת תהיה לכם אלא תהיה לכם״. פאַרוואָס איז ער נישט תיכף אַוועק דרשנ׳ען דעם דאָזיגען דרש ברבים, נאָר ערשט געוואָרט ביז ער וועט עס מאָרגען אָנשרייבען אין אַ בריעף? דערויף האָט איהם דער גאון מרגליות געענטפערט מיט דער גמרא אין מגילה כ״ד: „אמר ליה ר׳ חמא לר״ש בר רבי אלמלי אתה לוי פסול אתה מן הדוכן דעבי קלא את, אמר ליה לאבוה זיל אימא ליה כשאתה מגיע אצל וחכיתי לד׳ לא נמצאת מחרף ומגדף״, דערויף זאָגט דאָרט רש״י: „שהיה קורא להחתין ההין נראה כאומר והכיתי״... און דעריבער האָט ר׳ חמא נישט געקענט אינ׳ם זעלבען טאָג שבועות דרשנ׳ען בעל־פה דעם דרש: „עצרת תהיה לכם — עצרת תחיה לכם״, מחמת נישט קענענדיג אַרויסרעדען דייטליך די ח׳, וואָלט דאָך כסדר ביי איהם אַרויסגעקומען דאָס וואָרט „תהיה״ מיט אַ ה׳... און דעריבער האָט ער געזאָגט: „למחר אכתוב בפיתקא״...

„קשה עלי פרידתכם״ (סוכה נ״ה)

אין די יום־טוב׳דיגע טעג, בשעת מען איז פריי פון אַרבייט און האַנדעל, הערשט דאַמאָלס ביי אַלעמען אַ פריידליכע, ברידערליכע שטימונג און מען לעבט צווישען זיך בשלום ואחדות, דאַגעגען ווי נאָר דער יום־טוב געהט אַוועק און מען קעהרט זיך אום צו די וואָכעדיגע דאגות, צום שווערען עול־הפרנסה, אַזוי הויבט זיך צוריק אָן דער פּירוד, די קריגערייי, די ביטערע קאָנקורענץ, ביי וועלכער איינער דעם צווייטען איז גרייט דעם ביסען פון מויל אַרויסצורייסען.

און דאָס איז דער פשט: „קשה עלי פרידתכם״, עס איז מיר אַ שאָד איהר זאָלט אַזוי גיך פערלאָזען דעם יום־טוב, נאָך וועלכען עס וועט זיך צוריק אָנהויבען ביי אייך דער פּירוד...

# מַטות

## וידבר משה אל ראשי המטות... (ל. ב.)

רבי ישראל ריזשינער האָט אַמאָל אויסגע'מוסר'ט איינעם פון זיינע חסידים, אַ ראש־הקהל, אויף וועלכען די שטאָדט־לייט האָבען זיך בעקלאָגט, אַז ער ווייזט אַרויס צופיעל תקיפות און ער פערלאַנגט, אַז אַלע זאָלען פאַר איהם דרך־ארץ האָבען און אָבגעבען כבוד.

— בלויז איינמאָל — מאַכט צו איהם דער ריזשינער — געפינען מיר אין דער תורה, אַז מען האָט אַ נשיא אָבגעגעבען כבוד. אויפ'ן פסוק „וידבר משה אל ראשי המטות" זאָגט רש"י: „חלק כבוד לנשיאים ללמדם תחלה ואחר כך לכל בני ישראל", אַז מען האָט די נשיאים צוגעטיילט אַ ספּעציעלען כבוד און די דינים פון נדר ושבועה האָט מען מיט זיי געלערנט פריהער און ערשט דערנאָך מיט אַלע אַנדערע אידען. אַט דעם דאָזיגען כבוד, אַז מיט איהם זאָל מען פריהער לערנען אַ פרשה חומש, אָדער אַ פרק משניות — דאָס איז דער איינציגער כבוד, וואָס אַ נשיא האָט דאָס רעכט צו פער־לאַנגען...

(י. יפת: פון רבנישן פּאָלקלאָר)

## וידבר משה אל ראשי המטות וכו' איש כי ידור נדר... (ל. ב. ג.)

פריהער פון אַלעמען דאַרפען די „ראשי המטות", די מנהיגים, די פיהרער און כלל־טהוער, וויסען פונ'ם דאָזיגען דין — און דערפאַר טאַקע האָט זיך משה קודם־כל צו זיי געווענדעט... מעהר פון אַלע אַנדערע דאַרפען די „ראשי־המטות" נישט דרעהען מיט דער צונג, נישט זאָגען קיין שקרים און נישט ברעכען קיין וואָרט... מעהר פון אַלע אַנדערע דאַרפען זיי קודם־כל מקיים זיין דעם „ככל היוצא מפיו יעשה" און דיענען מיט זייער אויפפיהרונג אַלסביישפּיעל און מוסטער פאַר יעדען...

(מגן ירחים)

עהנליכעס:

„הקורא את שמע ולא השמיע לאזניו — לא יצא"... מען איז נישט יוצא, ווען מען פרעדיגט י ע נ ע ם מוסר; מען שרייט צום עולם: „שמע ישראל!" — און זיך אַליין קריכען נישט די ווערטער אין די אויערן אַריין!... מען איז נישט יוצא, ווען פאַר יענעם פרעדיגט מען וואַסער און אַליין טרינקט מען וויין!...

## איש כי ידור נדר... (ל. ג.)

עס איז געווען אַ מעשה מיט אַ יונגעמאַן, וועלכער האָט נודר־הנאה געווען פון זיין שוועסטערן־טאָכטער (מען האָט זי גע'שדכנ'ט צו איהם), און ער האָט אַ נדר געטהון,

ער זאָל זי נישט נעהמען); האָט מען זי געבראַכט צו רבי ישמעאל'ן אין הויז, וואו מען האָט זי אויסגעפּוצט און אויסגעצירט, און דאַן האָט מען אויך געבראַכט דעם יונגענמאַן. האָט איהם רבי ישמעאל געפרעגט: זאָג מיר, מיין זוהן, צי פון אַזעלכער האָסטו אַ נדר געטהון? — ניין... — האָט ער שעמעוודיג געענטפערט. דאַן האָט איהם רבי ישמעאל מתיר געמאַכט דעם נדר און דערביי זיך פונאַנדערגעווײנט און געזאָגט: די אידישע טעכטער זענען שען, בלויז די אָרימקייט מאַכט זיי מיאוס!...

(נדרים)

עס האָט איינער אַמאָל זיך געווענדעט צו רבי אייזיל חריף: די חז"ל זאָגען: „בעון נדרים מתה אשתו של אדם" (שבת ל"ב) — ולסוף איך אַליין האָב שוין אַ סך נדרים נישט מקיים געווען און מיין ווייב פונדעסטוועגען לעבט און איז געזונד ביז'ן היינטיגען טאָג!... דערויף האָט איהם רבי אייזיל געענטפערט: דאָס ווערט מקוים נאָר ביי דעם, פאַר וועלכען דאָס איז באמת אַ שטראָף, אָבער נישט ביי אַזאַ איינעם, וועלכער שטעהט און וואַרט דערויף!... וואָס האָט איהר געוואָלט, אַז פאַר נישט־האַלטען קיין נדרים זאָל מען נאָך געבען פּרעמיעס?...

איש כי ידור נדר וכו' — בשעת אַ מאַן וועט טהון אַ נדר אָדער אַ שבועה — לא יחל דברו — קאָן מען זיך אויף איהם פערלאָזען, אַז ער וועט אודאי נישט ברעכען זיין וואָרט, אַז — ככל היוצא מפיו יעשה — און מען דאַרף דעריבער נישט זוכען קיין עצות, ווי אַזוי אויפצובינדען איהם פון זיין נדר, דאַגעגען אָבער — ואשה כי תדור נדר לד' ואסרה אסר — ווען דאָס וועט טהון אַ פרוי, דאַן מוז מען שוין זוכען עצות און געבען דעם פאָטער, אָדער דעם מאַן, דאָס רעכט מבטל צו מאַכען איהרע נדרים, ווייל אַ פרוי וועט באַלד חרטה האָבען, אויף אַ פרוי קאָן מען זיך נישט פערלאָזען זי זאָל האַלטען וואָרט, „נשים דעתן קלות"...

(מלאכת מחשבת)

„אין אתה רשאי להשבע בשמי אלא א"כ יהיה בך כל המדות האלה: את ד' אלקיך תירא ואותו תעבוד ובשמו תשבע וכו'" (מדרש)

אַנ'אָרימער גנב האָט זיך אַמאָל געווענדעט צו זיין שכן, אַנ'אָרימער בעל־מלאכה, און איהם געפרעגט: וואָס איז די מעשה, וואָס איהר, כאָטש איהר זענט נישט קיין קלענערער אָרימאַן פאַר מיר, האָט איהר שוין פונדעסטוועגען בעוויזען חתונה צו מאַכען עטליכע קינדער, צו פערזאָרגען זיי מיט נדנים און מיט אויסשטייער, דאַגעגען איך קאָן זיך באַיין־אופן נישט דערשלאָגען צו קענען חתונה מאַכען כאָטש איינע פון מיינע דער־וואַקסענע טעכטער?

— טהוט דאָס זעלבע, וואָס איך טהו — ענטפערט איהם דערויף דער בעל־מלאכה — און איהר וועט אויך קענען קומען צו אַ תכלית. איך בין זיך נוהג, אַז בשעת עס ווערט געבוירען ביי מיר אַ קינד, מאַך איך מיר אַ בלעכערנע פושקע, וועלכע איז פון אַלע זייטען פערשלאָסען און האָט בלויז אַנ'אָפען שפּעלטעל ביי דער זייט און מדי יום ביומו, יעדען טאָג וואַרף איך אַריין אַהין אַ מטבע, פון די אַלע מטבעות זאַמעלט זיך אָן פאַר דער צייט אַ גרויסער סכום, אַזוי אַז בשעת עס קומט די צייט, ווען מען דאַרף מיט דעם קינד אַ שידוך טהון, האָב איך שוין ליגען אַ פאַרטיגען נדן מיט אַלע נויטיגע חתונה־הוצאות.

— פאַר אייך איז דאָס אַ גאַנץ לייכטע זאַך — שמייכעלט טרויעריג דער גנב — איהר, אַז איהר וואַרפט אַריין די מטבעות אין אַ געשלאָסענער פושקע, איז עס פאַר אייך

אַ בעוואָרעניש, איהר זאָלט זיך די גאַנצע צייט נישט קענען צוריהרען צום געלד...
איך אָבער, אַ גנב, פאַר וועלכען עס איז אַ שפּיעלכעל אָבצודרעהען פרעמדע שלעַ־
סער, די גרעסטע און שווערסטע אייזערנע שלעסער, וואָס פאַר אַנ׳עצה און בעוואָרעניש
איז פאַר מיר אַ געשלאָסענע בלעכערנע פּושקע?...

און דאָס זעלבע איז אויך מיט נדרים ושבועות. „אין אתה רשאי להשבע בשמי אלא
א״כ יהיה בך כל המדות האלה״. נדרים ושבועות מעג אויף זיך נעהמען נור אַזעלכער,
וועלכער איז אַ שומר־תורה. אויב ער היט די מצוות, די אַלע נדרים וסייגים, וואָס די
תורה האָט פאַר איהם אַוועקגעשטעלט, וועט ער דעם נדר און די שבועה, דעם אייגענעם
גדר, מיט וועלכען ער צוימט זיך אַרום, אויך היטען. דער בעל־עבירה׳ניק אָבער און
בעל־תאוה׳ניק, אויב די האַרבע שלעסער פון דער תורה זענען פאַר איהם קיין בעוואָ־
רעניש נישט, וואָס פאַר אַ בעוואָרעניש און וואָס פאַר אַ זין האָט פאַר איהם זיין אייגענער
נדר ושבועה?... (דובנער מגיד)

ביי״ם גראָדנער רב, רבי בנימינ׳קע, איז געווען אַ דיין, רבי שמואל, וועלכער איז
אויסער אַ גדול בתורה אויך געווען אַ זעלטענער בעל־מדות, ממש אַ צדיק תמים.

איינמאָל, בשעת דער דיין איז געזעסען ביי״ם רב אין בית־דין שטוב, איז אַריינ־
געקומען אַ אידענע, וועלכע האָט אַוועקגעלעגט פאַר׳ן רב אַ פּעקעל מיט באַנקנאָטען און
געזאָגט:

— אָט דאָ האָט איהר, רבי, צוועלף הונדערט רובל פאַר מיין מאַן, אַזוי ווי איהר
האָט גע׳פּסק׳ענט, און זאָל ער מיר געבען גט.

דער רב האָט איבערגעצעהלט דאָס געלד און געענטפערט:

— גוט, מאָרגען אם ירצה השם וועלען מיר מסדר זיין דעם גט.

די אידענע איז אַוועק, רבי שמואל דער דיין איז נאָך אונטערגעזעסען אַ ווײַלע
און דאַן האָט ער זיך אויך אויפגעהויבען און איז אַוועקגעגאַנגען.

ווי נור דער דיין איז אַרויס האָט דער רב זיך אַ כאַפּ געטהון און דערזעהען, אַז
ער האָט נישט דאָס געלד. ער האָט גענומען זוכען אין די טאַשען, אויפ׳ן טיש, אין די
ספרים אַרום — נישטאָ. אַ פּחד איז איהם בעפאַלען. אַזאַ סומע געלד! און נישט זיין
געלד! ער האָט אַריינגערופען די רביצין, מען האָט גענומען זוכען אין אַלע ווינקעלעך
— אומזיסט, דאָס געלד איז נישטאָ!

— אפשר — פּרובט איהם די רביצין בערוהיגען — האָט די אידענע נישט גע־
בראַכט נאָך דאָס געלד?

— וואָס רעדסטו, וואָס? כ׳האָב עס אַליין אין מיינע הענד געהאַלטען, אַליין איבער־
געצעהלט, טויזנד און צוויי הונדערט רובל... דערלאַנג מיר דעם כאַלאַט, כ׳לויף גלייך
אַריבער צום דיין.

— צום דיין? — קוקט איהם די רביצין אָן פער׳חדוש׳ט — וואָס פאַלט דיר איין?
אַזאַ עהרליכער איד, ווי רבי שמואל, וועט, חלילה, אַנריהרען פרעמד געלד?

— אודאי איז איהם שווער חושד צו זיין — ענטפערט דער רב מלא צער און
פערצווייפלונג — אָבער אַחוץ איך און ער איז אָבער פאַרט בשעת מעשה קיינער אין
שטוב נישט געווען!

— לאָמיר צוואַרטען — ראָט איהם די רביצין — ביז מאָרגען, אפשר האָט פאַרט
די אידענע, נאָכדעם ווי דו האָסט איבערגעצעהלט דאָס געלד, עס צוריקגענומען, ווייל
דו האָסט איהר געזאָגט, אַז דו וועסט ערשט מאָרגען מסדר זיין דעם גט, און מאָרגען
וועט זי דאָס געלד צוריקברענגען.

דער רב האָט איהר געפאָלגט. צומאָרגענס איז די אידענע געקומען און פערפיהרט אַ שמועס מיט דער רביצין, דערצעהלענדיג, אַז זי איז זיך געקומען גט׳ן מיט׳ן מאַן, וועלכען זי גיט צוועלף הונדערט רובל און אַז דאָס געלד ליגט שוין איינגעלייגט ביי׳ם רב פון נעכטען אָן.

פערשווינדען, אַלזאָ, די לעצטע האָפענונג, די אידענע ווייסט פון קיין זאַך נישט, זי האָט דאָס געלד נישט צוריקגענומען. וואָס טהוט מען איצט?... דער רב האָט איהר ערקלערט, אַז דאָס מסדר זיין דעם גט מוז אָבגעלעגט ווערען אויף נאָך איניגע טעג, און דאַן איז ער אַרויס פון שטוב און מיט איילענדיגע טריט אַוועק צו רבי שמואל׳ן, צום דיין, וועלכער האָט, דערזעהענדיג דעם רב ביי זיך אין שטוב, זיך שטאַרק דער־פרעהט.

— אך, אַזאַ גאַס, אַזאַ כבוד... זיצט, רבי... אָט איז אַ בענקעל...

— כ׳בין געקומען צו אייך — מאַכט צו איהם דער רב מיט אַן׳ערנסט־ברוגז׳ן טאָן — וועגען אַ זעהר וויכטיג ענין. נעכטען, בעת איהר זענט געזעסען אין בית־דין שטוב, האָט אַ אידענע מיר געבראַכט צוועלף הונדערט רובל, און ווי נור איהר זענט אַוועק איז דאָס געלד נעלם געוואָרען און היות, ווי כ׳האָב נישט צו בעצאָהלען אַזאַ ריזיגען סכום געלד, מוזען מירביידע עפ״י דין מקבל זיין אַ שבועה, מיר מוזען ביידע שווערען...

— אַ שבועה? — ווערט דער דיין דערציטערט, און דאַן פערטראַכט ער זיך אַ ווילע און זאָגט: איהר מוזט מיר, רבי, געבען אַ טאָג אויף ישוב־הדעת, מאָרגען אי״ה וועל איך זיין ביי אייך.

צומאָרגענס איז דער דיין געקומען און אַוועקגעלעגט פאַר׳ן רב אַ פעקעל געלד.

— דאָ האָט איהר, רבי — מאַכט ער — זעקס הונדערט רובל, מעהר האָב איך נישט...

דער רב מיט דער רביצין קוקען זיך ביידע איבער פערוואונדערט. רבי שמואל, וויסען אַלע, איז אַן׳עני ואביון, וועלכער האָט קיינמאָל זיין אייגענס קיין זעקס הונדערט גראָשען נישט פערמאָגט, און דאָ האָט ער מיטאָמאָל זעקס הונדערט רובל! איז דאָך עס נישט אַנדערש, נאָר...

— ניין — מאַכט צו איהם דער רב מיט אַ שטרענגען טאָן — דאָס גאַנצע געלד זאָל מיר זיין, אַ פרוטה אחת טאָר נישט פעהלען...

— איז אויב אַזוי — זיפצט דער דיין — האָב איך קיין אַנדערע עצה נישט, וועל איך מוזען שווערען — און אָבזאָגענדיג די דאָזיגע ווערטער איז ער אַוועק.

צומאָרגענס פאַרטאָג, דער דיין איז ווידער דאָ.

— אַכט הונדערט רובל, רבי — ווענדעט ער זיך צום רב — קען איך אייך געבען, מעהר האָב איך נישט.

— און ווער — בייזערט זיך דער רב — וועט געבען דאָס איבריגע?

דער דיין שטעהט מיט אַן׳אַראָבגעלאָזענעם קאָפ.

— אַז איך האָב פאָרט נישט מעהר — בעט ער זיך — וואָס וועט איהר שוין האָבען דערפון, אַז איך וועל שווערען, פון דער שבועה וועט דאָך אייך קיין גראָשען נישט צו־קומען. טהוט מיר די טובה, רבי, נעהמט צו די אַכט הונדערט רובל...

דער רב האָט גענומען מיט איהם אונטערהאַנדלען און נאָך לאַנגע דינגענישען איז געבליבען, אַז אויף די איבריגע פיער הונדערט רובל זאָל דער דיין געבען דעם רב אַ וועקסעל...

און דאַן האָט זיך דער רב געשאַפט די נויטיגע פיער הונדערט רובל און ער האָט מסדר געווען דעם גט.

פרייטאָג, פלעגט זיך דער רב נוהג זיין אויסצורוימען אַליין די בית־דין שטוב און אָבצורייניגען דעם שטיבל פון די וועגן לכבוד שבת, און אָט, ווען ער איז אינ׳ם דאָזיגען פרייטאָג, צומאָרגענס נאָכ׳ן מסדר זיין דעם גט, בעשעפטיגט געווען מיט דער דאָזיגער ערב־שבת׳דיגער אַרבייט און ער איז צוגעקומען צו דער מזרח־וואַנט און אויפגעהויבען דעם „שויתי״, וועלכער האָט געהאַנגען איבער׳ן עמוד צום דאַווענען, האָט ער אַרויסגעלאָזען אַ געשריי: אוי וועה! און איז געפאַלען אין חלשות. עס איז אָנגעלאָפען די רביצין און די שטוב־מענשען, מען האָט דעם רב דערמינטערט.

— וואָס איז געשעהען, רבי בנימינ׳קע? וואָס האָט פּאַסירט?...

— אָט דאָרט — ווייזט דער רב מיט דער האַנד אויפ׳ן „שויתי״ און טרעהרען גיסען זיך איהם פון די אויגען — אָט דאָרט איז דאָס פּעקעל געלד געלעגען... אַליין האָב איך עס דאָרט בעהאַלטען... אומזיסט, נעביך, חושד געווען דעם דיין, אַ חושד בכשרים געווען...

און ווי נאָר ער איז אַביסעל געקומען צו די כוחות, האָט ער גענומען דאָס פּעקעל געלד און איז אַוועק צום דיין אַהיים.

— זייט מיר מוחל, רבי שמואל — איז איהם דער רב מפייס און צעוויינט זיך — אומזיסט איך מצער געווען... דאָס געלד איז געפינען געוואָרען, מיט די אייגענע הענד האָב איך עס אַוועקגעלייגט... זייט מיר מוחל...

— כ׳בין אייך מוחל, רבי — שמייכעלט דער דיין — במחילה גמורה, פערקעהרט, אדרבה, איך דאַרף אייך מחזיק טובה זיין, אַ דאַנק אייך האָב איך זוכה געווען צום „יהי רצון שיהי חלקי עם מי שחושדין אותו ואין בו״...

דער רב האָט זיך בערוהיגט און דאַן וועגדעט ער זיך צום דיין:

— דאָך, רבי שמואל, האָט קיין פּעראיבעל נישט, איז מיר קשה... פונוואַנען, זאָלט איהר געזונד זיין, קומט צו אייך אַזאַ גרויסע סומע געלד?...

— פערשטעהט איהר מיך, רבי — ענטפערט איהם דער דיין בתמימות — די מעשה דערפון איז אַזוי. איך האָב נאָך אין מיין לעבען קיינמאָל נישט געשוואוירען אפילו קיין שבועת־אמת, איז אַז כ׳האָב דערהערט פון אייך, אַז כ׳בין מחויב מקבל צו זיין אַ שבועה אויף די צוועלף הונדערט רובל, בין איך תיכף אַוועק און האָב פערקויפט מיין נחלה, פאַר וועלכע כ׳האָב בעקומען זעקס הונדערט רובל, און אַז איהר האָט דאָס געלד נישט געוואָלט נעהמען און פערלאַנגט דורכאויס דאָס איבריגע, האָב איך פערקויפט די שענק מיט ספרים און בעקומען צוויי הונדערט רובל, מעהר האָב איך קיין עצה נישט געהאַט. אַ נס, רבי, וואָס איהר האָט מיר געטהון די טובה און גענומען ביי מיר אַ וועקסעל אויף פיער הונדערט רובל, איהר האָט מיך, מיט דעם וועקסעל, רבי, פשוט געראַטעוועט, און געלויבט השי״ת, וואָס כ׳בין בייגעשטאַנען דעם נסיון און בין נישט געקומען, חלילה, צו קיין שבועה. געלויבט השם־יתברך!...

דער „ישועות יעקב״ איז אַלס אינגעל געווען בעריהמט אין דער גאַנצער געגענד אַלס עלוי און צו צוועלף יאָהר האָט מען איהם שוין געדעט שדוכים. איינמאָל קומט צו איהם אַ „פּרובער״, אַ גרויסער חריף, וועלכען אַ רייכער מחותן האָט געשיקט אויסצופּרובען איהם אין לערנען. מען שטעלט איהם פאַר דעם צוועלף יאָהריגען עלוי, וועלכער דערלאַנגט איהם „שלום־עליכם״ און דער „פּרובער״ לאָזט זיך אַריין מיט איהם אין אַ שמועס.

— אַ נו — מאַכט ער צו איהם — לאָמיך הערען, זאָג טאַקי אויפ׳ן אָרט עפּיס אַ פּשט׳ל אויף „שלום־עליכם״.

דער עולם אַרום שטוינט פון דעם מאָדנעם פאַרשלאַג, אָבער דער עלוי ווערט נישט נתפעל. ער פערקנייטשט אַ ווייַלע דעם שטערען און הויבט אָן צו זאָגען:

— פאַרוואָס — מאַכט ער — איז איינגעפיהרט, אַז דער ערשטער זאָגט: „שלום עליכם" און דער צווייטער ענטפערט: „עליכם שלום", פאַרוואָס זאָל אויך נישט דער צווייטער זאָגען מיט'ן זעלבען לשון, וואָס דער ערשטער?

נאָר די גמרא זאָגט אין נדרים, אַז דעריבער דאַרף מען זאָגען: „נדר לד'", נישט „לד' נדר", ווייל „דילמא אמר לד' ולא מסיק בדבוריה", פערטייטשען די מפרשים און אַזוי זאָגט אויך תוספות: „שמא ימות", טאָמער וועט ער, חלילה, נישט בעוויזען צו פערענדיגען דעם דבור, „וקא מפיק שם שמים לבטלה". איז אויב אַזוי, פרעגט זיך, ווי אַזוי מעג מען זאָגען „שלום עליכם"? „שלום", זאָגען דאָך די חז"ל (שבת י'), איז שמו של הקב"ה, דאַרף דאָך אויך דעריבער זיין דער זעלבער חשש, ווי ביי „לד' נדר"?

נאָר די גמרא זאָגט אין ברכות, אַז „המקדים שלום לחברו מאריכין לו ימיו ושנותיו", און אויב אַזוי איז דאָך שוין נישטאָ קיין חשש פון שמא ימות...

דאָס איז אָבער בלויז געזאָגט געוואָרען אויף'ן ערשטען, אויף'ן „המקדים שלום", דאַגעגען ביי'ם צווייטען, ביי'ם משיב שלום, וועגען איהם ווערט דאָך שוין נישט געזאָגט, אַז „מאריכין לו ימיו ושנותיו", איז ער דאַרף שוין טאַקי נזהר זיין און זאָגען „עליכם שלום", דאָס וואָרט „שלום" צום סוף...

## נקם נקמת בני ישראל... לתת נקמת ד' במדין... (לא. ב. ג.)

גאָט האָט געזאָגט: „נקמת בני ישראל", דאַגעגען משה האָט זיך אויסגעדריקט: „נקמת ד' במדין"... פאַרוואָס האָט ער משנה געווען? — ווייל ער האָט געזאָגט: האַר פון אַלע וועלטען! זיי וואָלטען דאָך אונז נישט פיינד געהאַט, די מדינים, און זיי וואָלטען אונז נישט גע'רודפ'ט, ווען מיר וואָלטען פונקט ווי זיי געווען ערלים און געדיענט עבודה־זרה און געלייקענט אין אַלע מצוות; פיינד האָבען זיי אונז נאָר צוליב דער תורה און מצוות, וואָס דו האָסט אונז געגעבען, נאָר צוליב דעם ליידען מיר, און דעריבער איז עס נישט אונזער נקמה, נאָר דיינע...

(תנחומא)

„אעפ"י ששמע שמיתתו תלוי בדבר עשה בשמחה ולא איחר" (רש"י)

פון וואַנען איז די ראיה, אַז „עשה בשמחה", אפשר האָט ער עס געטהון אָהן שמחה, נאָר ווייל ער איז דערצו געצוואונגען געווען, ווייל דער אויבערשטער האָט איהם געהייסען?

די ראיה איז דערפון, וואָס משה האָט משנה געווען די ווערטער און אַנשטאָט, וואָס השי"ת האָט צו איהם געזאָגט: „נקום נקמת בני ישראל מאת המדינים אחר תאסף אל עמך", האָט ער געזאָגט צו די אידען: „לתת נקמת ד' במדין".

צוליעב וואָס האָט ער משנה געווען? ווייל ווען די אידען וואָלטען געהערט, אַז מען הייסט זיי מלחמה האַלטען מיט מדין צוליעב זייער אייגענער נקמה, צוליעב „נקמת בני ישראל" און אַז נאָך דער דאָזיגער מלחמה וועט משה שטאַרבען, וואָלטען די אידען זיכער געענטפערט: היות ווי די נקמה איז דאָך פאַר אונזערט וועגען, זענען מיר מוחל דערויף, מיר ווילען נישט נקמה נעהמען אין מדין און מיר ווילען נישט פערלירען משה'ן. האָט משה רבינו זיי דעריבער ערקלערט, אַז די דאָזיגע נקמה איז פאַר'ן אויבערשטענ'ס וועגען, „לתת נקמת ד' במדין", און זיי האָבען דעריבער נישט דאָס רעכט דערויף מוותר צו זיין.

און פונדאַנען איז, אַלזאָ, אַ ראיה, אַז — „אעפ״י ששמע שמיתתו תלוי בדבר עשה בשמחה״...

(כלי יקר)

„נקום נקמת בני ישראל״...

דערויף ווערט געזאָגט אין ילקוט (אַ קיצור פון דעם דרש ווערט געבראַכט אין רש״י דאָ אויפ׳ן אָרט): „מה נשתנה מדין ממואב, שנאמר נקום נקמת בני ישראל מאת המדינים, ובמואב כתיב אל תצר את מואב? אלא שהיה דוד עתיד לצאת מהם, אמר הקב״ה המתינו לי עם מואב, מציאה יש לי ביניהם, ואחרי כן יעשו נקמה בהם, וכן מצינו שכיון שבא דוד מסרם הקב״ה בידו שנאמר ויך את מואב״.

לויט׳ן דאָזיגען מדרש ווערט, אַלזאָ, פערענטפערט די קשיא פון תוספות (ב״ק ל״ח). תוספות ברענגט דאָרט די שטעלע פון מדרש רבה פ׳ ויצא, וואו עס ווערט געזאָגט, דאָס בשעת דוד האָט מלחמה געהאַלטען מיט מואב׳ן, האָבען זיי איהם אָנגעוויזען אויפ׳ן פסוק אין דער תורה, אין וועלכען עס שטעהט בפירוש: „אל תצר את מואב״, אָבער דוד האָט עס נישט גענומען אין אַכט, און תוספות זוכט צו פערענטפערען, פאַרוואָס דוד האָט זיך נישט גערעכענט דערמיט.

באמת אָבער, לויט׳ן אויבען ציטירטען ילקוט, איז די קשיא גאָר קיין קשיא נישט, דען דאָרט ווערט דאָך געזאָגט גאַנץ דייטליך, אַז דער פערבאָט „אל תצר את מואב״ איז געגעבען געוואָרען נאָר אויף אַ געוויסער צייט, ביז דוד וועט געבוירען ווערען...

(רבי ברוך עפשטיין)

## החלצו מאתכם אנשים לצבא... (לא. ג)

דעריבער איז משה רבינו זעלבסט נישט מיטגעגאַנגען דאָס מאָל מיט׳ן פאָלק אין דער מלחמה געגען מדין, ווייל ער האָט אַ געוויסע צייט געלעבט אינ׳ם דאָזיגען לאַנד און — „בור דשתית ממנו מים אל תזרוק בו אבן״...

(מדרש רבה)

„החלצו מאתכם״ — פלעגט זאָגען רבי מענדעלע קאָצקער — טהוט זיך אויס פון אייער „איך״ און ערשט דאַמאָלס — „אנשים לצבא״, וועט איר זיין מענשען, מיט וועלכע מען קאָן געהן אין אַ מלחמה אַריין...

## וימסרו מאלפי ישראל אלף למטה... (לא. ה)

„כל מה — זאָגען די חז״ל — דאסר לן רחמנא, שרא לן כותיה״, אַנטקעגען יעדער זאַך, וואָס די תורה האָט גע׳אסר׳ט, האָט זי אונז מתיר געמאַכט אַנ׳עהנליכע זאַך. וואו־זשע, געפינען מיר, למשל, אַזאַ פאַל, ווען אויך מסירה, מסר׳ן אַ אידען, זאָל זיין מותר? — מיר געפינען עס דאָ, אינ׳ם דאָזיגען פסוק... אויפ׳ן „החלצו מאתכם אנשים״ זאָגט רש״י: „אנשים צדיקים״. איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך, אַז יעדער אמת׳ער צדיק, בעת מען איז געקומען צו איהם וועגען דעם נאָך אינפאָרמאַציע, האָט ער געלייקענט שטיין־און־ביין און ערקלערט, אַז ער איז גאַנץ ווייט פון צדקות און האָט קיין שום שייכות נישט דערמיט!... מען האָט זיך, אַלזאָ, געמוזט בענוצען דאָ מיט „שפּיאָנאַזש״ און „מסירות״; עס האָבען זיך געפונען אידען, וועלכע האָבען גע׳מסר׳ט זייערע שכנים,

אפילו זייערע נאָהענטסטע פריינד, אַז אָט דער און דער, וועלכער מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ גאָרנישט שבגאָרנישט, איז אַ שקרן, אַ כזבן, דען אין דער ווירקליכקייט איז ער גאָר אַ צדיק־גמור... און דאָס איז דער טייטש: „וימסרו מאלפי ישראל" — מען האָט זיי, נעבעך, גע'מסר'ט!...

(רבי ישראל ריזשינער)

דער ב"ח האָט אַלס רב נישט געהאַט קיין מנוחה פון די בעלי־בתים אין זיין קהלה, וועלכע האָבן געפיהרט געגען איהם שטענדיגע מחלוקת'ן. פאַר דער פטירה האָבן זיך פערזאַמעלט אַרום זיין בעט אַלע נכבדי העיר, צווישען וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען די בעלי־המחלוקת. בעת דער ב"ח האָט אויפגעהויבען די אויגען און זיי דער־זעהען, האָט ער אַ זיפץ געטהון און געזאָגט: איצט זענט איהר געקומען...

די בעלי־בתים האָבן שווייגענדיג אַראָבגעלאָזען די קעפּ און דאַן האָט זיך איינער פון זיי פונאַנדערגעוויינט און געזאָגט:

— רבי! אויפ'ן פסוק „וימסרו מאלפי ישראל אלף למטה" זאָגט רש"י: „להודיעך שבחן של רועי ישראל כמה הם חביבים על ישראל, עד שלא שמעו במיתתו מה הוא אומר? עוד מעט ויסקלוני, ומששמעו שמיתת משה תלוי' בנקמת מדין לא רצו ללכת עד שנמסרו על כרחן". איז באמת ווערט דאָך גאָר דאָ דערצעהלט דער שבח פון די אידען און געדאַרפט האָט דאָך, אַלזאָ, שטעהן: „להודיעך שבחן של ישראל", נישט „של רועי ישראל"?

נאָר אַ רועה ישראל, אויב מען האָט איהם ליעב ביי'ם לעבען, איז עס נישט קיין גרויסער שבח פאַר איהם. פערקעהרט, דאָס איז טיילמאָל אַ בעוויז, אַז ער האָט נישט געפיהרט, נאָר גע'חנפ'עט דאָס פאָלק און טאָלערירט זיינע מיאוס'ע מעשים, ווי עס זאָגען אונז די חז"ל: „האי צורבא מרבנן דמרחמין ליה בני מתא, לא משום דמעלי טפי, אלא משום דלא מוכח להו במילי דשמיא" (כתובות ק"ח), און דעריבער ווען מען זעהט, ווי דאָס זעלבע פאָלק, וועגען וועלכען דער מנהיג האָט זיך צייטענווייז געקלאָגט: „עוד מעט ויסקלוני", איז בשעת מיתתו גרייט ממש זיך פאַר איהם מוסר־נפש צו זיין, איז עס — „להודיעך שבחן של רועי ישראל", בעוויזט עס, אַז דאָס איז געווען דער אמת'ער רועה־ישראל, אַז דאָס גאַנצע פאָלק ווייסט און אָנערקענט עס, און אַז דאָס, וואָס זיי האָבן פריהער נישט געלעבט מיט איהם בשלום, איז דערפאַר, ווייל ער האָט קיינעם פון זיי נישט נושא־פנים געווען און ער איז געווען אַ „מוכח להו במילי דשמיא"...

## ויקצוף משה על פקודי החיל... (לא. יד.)

משה דער „עניו מכל האדם", דער, וועלכער האָט זיך געקלאָגט: „עוד מעט ויסקלוני", האָט פונדעסטוועגען געקענט, בשעת מען האָט געדאַרפט, אויך אַ בייזער טהון זיך... נישט שטענדיג קאָן מען מיט'ן עולם אומגעהן מיט עניוות. פאַרהאַן מאָ־מענטען, ווען דער מנהיג דאַרף קענען אויך אַ שאַרף וואָרט זאָגען און אַ קלאַפּ טהון אין טיש!...

(אוסם בושם)

בשעת מלחמה איז אפילו אַזאַ נוח לבריות און אַזאַ עניו, ווי משה רבינו, געוואָרען שטרענג און געבייזערט זיך... בשעת מלחמה קאָן מען נישט זיין סענטימענטאַל...

(דורש טוב)

## זאת חוקת התורה... אך את הזהב ואת הכסף... (לא. כא. כב.)

„זאת חוקת התורה", מיט אַלע חוקים פון דער תורה קאָן מען זיין אין אָרדנונג, אַלץ איז גוט — „אך את הזהב ואת הכסף", בלויז נאָר מיט דעם זהב און כסף איז, נעבעך, נישט גוט: קוים האָלט עס ביי זאַכען, וואָס זענען פערבונדען מיט געלד, דאָ קומט עס שוין אָן אַביסעל שווערליך!...

(ספר החיים)

## כל דבר אשר יבא באש תעבירו באש וטהר... (לא. כג.)

און דערויף פרעגען די מפרשים: פאַרוואָס איז דער דאָזיגער דין געזאָגט געוואָרען ערשט ביי מלחמת מדין און נישט פריהער ביי מלחמת סיחון ועוג? און עס ווערען געגעבען פערשיעדענע תירוצים. דער רמב"ן, למשל, ענטפערט, אַז ביי מלחמת סיחון ועוג איז דער דאָזיגער דין נישט שייך געוועזן, ווייל סיחון ועוג האָבען געהערט צו די שבע אומות, ביי וועלכע מען האָט עראָבערט ארץ־ישראל און ביי די שבע אומות האָט מען די אידען מתיר געמאַכט יעדען מין שלל, „אפילו קדלי דחזירא".

אָבער אַ באמת שאַרפזיניגען ענטפער גיט דערויף דער „ברוך טעם" און נעמליך: אין דער גמרא ווערט געזאָגט, אַז „לא אסרה תורה אלא קדירה בת יומא דלאו נותן טעם לפגם הוא" (עבודה זרה ע"ה), אַז דער איסור איז נאָר געווען אויף די כלים, אין וועלכע מען האָט געקאָכט אינ'ם זעלבען טאָג, און אויב אַזוי, נאָכוואָס האָט מען אייגענטליך געדאַרפט האָבען די גאַנצע הגעלה און טבילה, מען האָט דאָך אַ ברירה געהאַט איבער־צוּוואַרטען איין טאָג וממילא וואָלט מען שוין דאַן אַזוי אויך געמעגט נוצען די כלים? נאָר דער תירוץ איז, דאָס איז געווען נויטיג צוליעב די געפאַנגענע מדינים, וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט פון דער מלחמה און וועלכע האָבען דאָך ווייטער זיך בענוצט מיט די דאָזיגע כלים, און אויב מען וואָלט זיי די כלים נישט גע'כשר'ט, וואָלטען זיי כסדר געהאַט דעם דין פון „קדירות בנות יומן". ביי מלחמת סיחון ועוג אָבער האָט מען דאָך אינגאַנצען נישט גענומען קיין געפאַנגענע, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „ויכו אותו ואת בניו ואת כל עמו עד בלתי השאיר לו שריד", און ממילא איז שוין דאָרט נישט נויטיג געווען דער אָנזאָג פון „כל דבר אשר יבוא באש תעבירו באש", דען דער איסור איז דאָך נאָר אויף „קדירה בת יומא" און אויף צומאָרגענס האָט מען שוין סיי־ווי געמעגט די כלים נוצען...

## והרמות מכס לד' מאת אנשי המלחמה... (לא. כח.)

פון די אנשי־המלחמה האָט מען גענומען „מכס לד'" איינס פון פינף הונדערט; דאַגעגען פון די בני־ישראל, וועלכע האָבען זיך אין דער מלחמה נ י ש ט בעטייליגט, האָט מען גענומען צעהן מאָל אַזוי פיעל — איינס פון פופציג: זיי איז דאָס פערמעגען אָנגעקומען לייכט, אָהן קאַמף, אָהן מסירת־נפש — דאַרפען זיי אָוועקגעבען מעהר...

(תולדות יעקב־יוסף)

## וממחצית בני ישראל תקח אחד אחוז מן החמשים... (לא. ל.)

די צאָהל פון די אידען אין דער מדבר האָט זיך געזעכענט ששים רבוא, זעקס מאָל הונדערט טויזענד. אין דער מלחמה געגען מדין האָבען זיך בעטייליגט צוועלף טויזענד

מאָן, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „וימסרו מאלפי ישראל אלף למטה שנים עשר אלף חלוצי צבא״, דאָס הייסט צוויי פראָצענט. און דערפאַר האָט מען זיי געהייסען, אַז אויך פון זייער חלק, וואָס די אידען וועלען בעקומען פונ׳ם שלל, זאָלען זיי בעזונדער אַראָבנעמען צוויי פראָצענט — „אחד אחוז מן החמשים״...

(אברבנאל)

## וממחצית בני ישראל תקח וכו׳ מכל הבהמה... (לא. ל.)

פאַרוואָס, דאַגעגען, אין פריהערדיגען פסוק: „והרמות מכס לד׳״, ווערט אויסגע־פיהרט: „מן האדם ומן הבקר ומן החמורים ומן הצאן״, אָהן די ווערטער „מכל הבהמה״?

ווייל יענער מכס, וועלכער איז גענומען געוואָרען פון די אנשי המלחמה, האָט געהאַט דעם דין פון תרומה, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „ממחציתם תקחו ונתתה לאלעזר הכהן תרומת ד׳״, און ביי תרומה איז דער דין, אַז „אין תורמין ממין על שאינו מינו״, די תרומה פון בקר דאַרף גענומען ווערען — מן הבקר, די תרומה פון צאן — מן הצאן א. א. וו. דאַגעגען דאָ, דער מכס וואָס איז גענומען געוואָרען „ממחצית בני ישראל״, האָט נישט געהאַט דעם דין פון תרומה, און דערפאַר ווערט נאָך די ווערטער „מן הבקר מן החמורים ומן הצאן״, צוגעגעבען: „מכל הבהמה״, אַז דאָ מעג מען אויך מפריש זיין ממין על שאינו מינו, מן הבקר על הצאן און מן הצאן על הבקר...

(עבודת הגרשוני)

## ולא נפקד ממנו איש... (לא. מט.)

אין דער געשיכטע פון מלחמות איז זיכער נישט צו געפינען נאָך אַזאַ עהנליכען פאַל, ווי די מלחמה מיט מדין. די אידען האָבען מלחמה־געהאַלטען געגען אַ צאָהלרייכערע אַרמיי פון חמשת מלכי מדין, פון וועלכע זיי האָבען אויסגע׳הרג׳עט און גענומען געפאַנ־גען צעהנער טויזענדער מענשען, און דאָך — „ולא נפקד ממנו איש״, האָט פון זיי קיין איין־איינציגער מענש נישט געפעהלט און עס איז קיין איינער פון זיי נישט אומגעקומען! אַזעלכעס האָט נאָך זיכער קיינמאָל נישט פאַסירט...

(לויט רבינו בחיי)

## אצעדה וצמיד טבעת עגיל וכומז... (לא. נ.)

„אצעדה — אלו צמידים של רגל״ (רש״י)

און אַזוי זאָגט אויך רש״י אין ישעי׳ ג׳ (פסוק כ׳), דאַגעגען אין שבת ס״ב אויף די ווערטער פון דער גמרא „בירית זו אצעדה״, ברענגט דאָרט רש״י דעם פסוק פון דאַנען און זאָגט דערויף: „אצעדה — של זרוע״...

## האחיכם יבאו למלחמה ואתם תשבו פה... (לב. ו.)

דער איינפאַכסטער פשט פון די ווערטער איז: וואָס מיינט איהר מיט זיך? „האחיכם יבאו למלחמה״ — צי דען רעדט איהר זיך איין, אַז בעת די שונאים וועלען אין דער מלחמה אָנפאַלען אויף אייערע ברידער אין ארץ־ישראל, איז „ואתם תשבו פה״, וועט מען אייך דאָ לאָזען זיצען במנוחה און איהר וועט פון דעם אַלעם גאָרנישט ליידען?

— האָט איהר אַ טעות! קוים וועט איהר זיצען מיט פערלעגטע הענד און זיין גלייכגילטיג צו די צרות פון אייערע ברידער אין ארץ־ישראל, וועט זיך עס אָברופען אויך אויף אייך, וועט מען אויך אייך דאָ נישט שאַנעווען!...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

אינ׳ם ווינטער פון יאָהר 1095, בשעת עס האָבען זיך אָנגעהויבען די קרייץ־צוגען, האָבען זיך די פראַנצויזישע אידען געוואַנדען מיט אַ בריעף צו זייערע ברידער אין דייטשלאַנד, וועלכע זיי האָבען מעורר געווען מתפלל צו זיין אויף דעם גרויסען אומגליק, וואָס האָט געטראָפען דעם כלל־ישראל, אָנוויזענדיג דערביי, אַז די דאָזיגע געפאַהר דראָהט אויך די דייטשע אידען.

דערויף האָבען די אידען פון דייטשלאַנד אָבגעענטפערט מיט גרויס מיטגעפיהל, אַז געוויס זענען זיי שרעקליך ערשיטערט פון דער פינסטערער בשורה און געוויס וועלען זיי נישט אויפהערען מתפלל צו זיין פאַר זייערע אומגליקליכע פראַנצויזישע ברידער. אָבער וואָס אַנבעלאַנגט — שרייבען זיי ווייטער אין בריעף — זיי, די דייטשע אידען, „להם לבני מגנצא (מאַינץ) לא ישימו לב ולא ידאגו להם, כי אין שום סכנה נשקפת להקהלות בגרמניה”, זיי, הייסט עס, די דייטשע אידען, וועט גאָרנישט געשעהען, פאַר זיי זאָל מען נישט זאָרגען...

ווי אַזוי עס האָט אויסגעזעהען די דאָזיגע „זיכערקייט” און וואָס עס האָט פּאַסירט מיט די זעלבע דייטשע אידען אין עטליכע געצעהלטע חדשים אַרום — איז פון דער געשיכטע בעקאַנט...

אין מדרש ווערט דערצעהלט (די ערשטע העלפט פונ׳ם דאָזיגען מדרש ווערט אויך געברענגט אין תוספות מנחות ל״ז) אַן אַגדה, אַז דער אַשמדאַי האָט געבראַכט פאַר שלמה המלך׳ן אַ מענש מיט צוויי קעפּ. ביי ווען דער פאָטער איז געשטאָרבען און ער האָט געדאַרפט נעהמען ירושה און מען איז דעריבער געקומען צו שלמה׳ן מיט אַ שאלה, צי מען דאַרף איהם צוליעב די צוויי קעפּ פעררעכענען אַלס צוויי מענשען און עס קומט איהם דאָפּעלטע ירושה, אָדער נישט...

דערויף זאָל שלמה המלך האָבען געענטפערט מיט אַנ׳עצה, אַז מען זאָל נעהמען און גיסען אויף איין קאָפּ קאָכעדיג וואַסער, און דאַן וועט די זאַך קלאָר ווערען: אויב דער צווייטער קאָפּ וועט נישט רעאַגירען אויף דעם וועהטאָג, איז אַ סימן, אַז דאָס זענען צוויי מענשען, אויב אָבער אויך דער צווייטער קאָפּ וועט אָנהויבען שרייען — איז דערפון אַ באַוויז, אַז עס איז איין מענש...

די דאָזיגע עצה איז אויך פאַר אידען מאַסגעבענד, אויך דער אָרגאַניזם פון אידישען פאָלק פערמאָגט אַ סך קעפּ, וואָס אין פלוג מאַכען זיי דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען צווישען זיך קיין שום געמיינזאַמעס נישט געהאַט. יעדער פון די דאָזיגע קעפּ דענקט אַנדערש. איינער רעדט נאָר דייטש, דער צווייטער רק ענגליש, דער דריטער נאָר פראַנצויזיש, און גאַנץ אָפט זיצט מען אַלזאָ ביי אונז און מען פּלפּול׳ט זיך, צי געהערען די אַלע קעפּ צו איין קערפּער, צי זענען אידען אַנ׳איינהייטליכע נאַציאָן, אָדער נישט.

די אַלע פּלפּולים ווערען אָבער מאָמענטאַל פערשוואונדען, בשעת מען נעהמט גיסען אויף איין קאָפּ קאָכעדיג וואַסער. אַלע איבריגע קעפּ הויבען דאַן אָן אינסטינקטיוו צו רעאַגירען און צו פיהלען דעם וועהטאָג, אַלע הויבען זיי דאַן אָן מורא׳דיג צו

שרייען, וואָס עס בעוויזט, אַז די אַלע קעפּ זענען צווישען זיך גענענזייטיג פערבונדען, אַז זיי זענען אברים פון איין קערפּער, פון איין אומה...

(הגיונות אל עמי)

## ויגשו אליו ויאמרו גדרות צאן נבנה למקננו... (לב. טז.)

דער „שפת אמת" איז איינמאָל, אַלס אינגעל, געזעסען אַ גאַנצע נאַכט מיט זיינעם אַ חבר און געלערנט און ערשט פאַרטאָג איז ער געגאַנגען שלאָפען. בשעת זיין זיידע, דער חידושי הרי"ם, ביי וועלכען ער איז ערצויגען געוואָרען, האָט דערזעהען אינדערפריה, אַז דאָס אינגעל שלאָפט נאָך, האָט ער איהם אויפגעוועקט און דערביי האָט ער איהם געהאַלטען אַ לאַנגע מוסר־לעקציע, הלמאי ער שלאָפט אַזוי לאַנג און איז זיך נישט מקדים אינדערפריה צו לערנען. דער שפת־אמת האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט די האַרבע שטראָף־רייד און איהם די גאַנצע צייט מיט קיין איין וואָרט נישט איבערגעריסען. ערשט ווען דער חידושי הרי"ם האָט געענדיגט, האָט ער דאַן מיט גרויס בעשיידענהייט זיך פערענטפערט, אַז ער איז אַ גאַנצע נאַכט געזעסען און געלערנט.

— טאָ פאַרוואָס — פרעגט איהם דער חידושי הרי"ם — האָסטו עס מיר באַלד נישט געזאָגט, וואָלט איך דאָך פערשפּאָרט צו מוסר'ן דיך אומזיסט און אומנישט מיט אַזעלכע שטרענגע ווערטער?

דערויף האָט איהם דער „שפת אמת" געענטפערט: ביי די בני גד ובני ראובן ווערט געזאָגט, אַז נאָכדעם, ווי זיי האָבען אויסגעהערט פון משה רבינו די שאַרפע רייד, דאַן — „ויגשו אליו ויאמרו גדרות צאן נבנה למקננו פה וערים לטפנו ואנחנו נחלץ חושים לפני בני ישראל וכו'". פרעגט זיך: אויב די בני גד ובני ראובן האָבען באַלד לכתחילה, ווי זיי האָבען איצט ערקלערט, בדעה געהאַט צו העלפען זייערע ברידער אַלס חלוצי מלחמה איינצונעהמען דאָס לאַנד, האָבען זיי דאָך עס געדאַרפט זאָגען באַלד אין אָנהויב, ווי נאָר משה רבינו האָט זיי אָנגעהויבען צו שטראָפען מיט די ווערטער „האחיכם יבואו למלחמה ואתם תשבו פה", נישט צו לאָזען אויסגיסען אויף זיך אַזאַ לאַנגע תוכחה, פון פסוק ו' ביז פסוק ט"ז, אַזש ביז צום אָנרופען זיי „תרבות אנשים חטאים" און „כי תשובון אחריו וכו' ושחתם לכל העם הזה" א.אַז.וו.?

— נאָר, ווייזט אויס — האָט דער „שפת אמת" אויסגעפיהרט — אַז ס'איז זיי געווען אַ שאָד איבערצורייסען די ווערטער פון זייער רבי'ן משה, זיי האָבען געוואָלט הערען פון איהם נאָך אַ ביסעל מוסר...

(א. ז. פריעדמאַן: „דער תורה־קוואַל")

## והייתם נקיים מד' ומישראל... (לב. כב.)

ווען מען איז ריין פאַר גאָט און אין אָרדנונג מיט'ן אייגענעם געוויסען, ווערט מען סוף־כל־סוף אויך ריין פאַר מענשען, וואָס הגם איך תחילת זענען זיי אויף איהם מאַנכעס מאָל מתרעם, וועלען זיי זיך אָבער סוף־כל־סוף איבערצייגען אין זיין גערעכטיגקייט און אין זיין עהרליכער, אויפריכטיגער האַנדלונג... דאַגעגען אָבער ווען מען בעמיהט זיך בלויז צו זיין ריין פאַר מענשען, ווערט מען נאָך דערמיט נישט ריין פאַר גאָט, און דאָס ברענגט בלויז צו צביעות...

(בינה לעתים)

„שאדם צריך לצאת ידי הבריות כדרך שצריך לצאת ידי המקום, שנאמר והייתם נקיים מד׳ ומישראל״ (שקלים פרק ג׳)

וואָס ווערט געמיינט מיט דעם אויסדרוק „כדרך״?

נאָר געוועהנליך בעמיהט מען זיך יוצא־צו־זיין פאַר מענשען מיט חניפה, מיט שקר, מיט צביעות. עס ווערט אַלזאָ אָנגעזאָגט, אַז יוצא־זיין פאַר לייטען זאָל מען מיט דעם זעלבען דרך, אויפ׳ן זעלבען אופן, ווי מען דאַרף יוצא זיין פאַר׳ן אויבערשטען, וועלכען מען קאָן נישט חנפ׳נען און אָבנאַרען... (רבי ישראל סאַלאַנטער)

„בתורה ובנביאים ובכתובים מצינו שצריך אדם לצאת ידי הבריות כדרך שצריך לצאת ידי המקום, בתורה — דכתיב „והייתם נקיים מד׳ ומישראל״, בנביאים — דכתיב „אל אלקים ד׳ הוא יודע וישראל הוא ידע״ (יהושע כ״ב), ובכתובים — דכתיב „ומצא חן ושכל טוב בעיני אלקים ואדם״ (משלי ג׳) וכו׳, איזהו המחוור שבכולם? „והייתם נקיים מד׳ ומישראל״ (ירושלמי שקלים פ״ג ב׳)

וואָס איז די כוונה פון דער פראַגע: „איזהו המחוור שבכולם״ און וואָס ווערט געמיינט מיט דעם ענטפער?

נאָר אין די אַלע דריי פסוקים, וואָס די חז״ל רעכענען דאָ אויס, רעדט זיך וועגען פערשידענע ענינים. אינ׳ם „והייתם נקיים מד׳ ומישראל״ האַנדעלט זיך וועגען דברים שבין אדם לחברו, וועגען תנאי בני גד ובני ראובן, וועלכע האָבען זיך פער־פליכטעט צו קומען זייערע ברידער צו הילף. דער צווייטער פסוק, אין נביאים, בעציהט זיך אויף דברים שבין אדם למקום, אויפ׳ן חשד, וואָס איז דאַן געפאַלען אויף די שבטים פון עבר־הירדן, אַז זיי האָבען אויפגעשטעלט אַ מזבח פאַר דער עבודה זרה. אין דריטען פסוק, אין כתובים, געהט עס אַרויף אויף למוד־התורה און עס האָט אַ שייכות צו די פריהערדיגע פסוקים: „בני תורתי אל תשכח״ וכו׳. די פראַגע איז אַלזאָ, געוועזן: „איזהו המחוור שבכולם״, פון די אַלע דריי ענינים, וואָס ווערען דאָ אויסגערעכענט, וועלכער איז דער וויכטיגסטער, אין וועלכען מען דאַרף אַממעהרסטען זיין נזהר? און דערויף קומט דער ענטפער: „והייתם נקיים מד׳ ומישראל״, אַז אַמ־שטאַרקסטען דאַרף דער מענש זיין נזהר אין די דברים שבין אדם לחברו...

(רבי אליעזר פלעקעלש)

## בנו לכם ערים לטפכם וכו׳ והיוצא מפיכם תעשו... (לב. כד.)

משה רבינו האָט זיי דערמיט געוואָרענט — ווי רש״י ערקלערט פריהער אין פסוק ט״ז — אַז זיי זאָלען נישט זיין קיין „חסים על ממונם יותר מבניהם ובנותיהם״, אַז דאָס געלד, דאָס פערמעגען, זאָל נישט זיין ביי זיי טייערער, ווי זייערע אייגענע קינדער, און דעריבער ווערט דערביי אויסגעפיהרט: „והיוצא מפיכם תעשו״, אַז גלויבען אויפ׳ן וואָרט און האָבען צוטרוי קאָן מען נאָר צו אַזעלכען, וועלכער איז נישט געלד־גייציג, נישט להוט אחרי הממון... (כתב סופר)

## ויאמר בני גד ובני ראובן וכו׳ עבדיך יעשו כאשר אדוני מצוה... (לב. כה.)

מערקווירדיג! אין דער גאַנצער תורה געפינען מיר נישט, אַז דאָס פאָלק זאָל האָבען גערעדט צו משה׳ן מיט אַזאַ דרך־ארץ און איהם רופען מיט׳ן טיטול „אדוני״

(איסער זיין תלמיד, יהושע, וועלכער האָט געזאָגט: „אדוני משה כלאם״), נישט קוקענדיג דערויף, וואָס ער האָט זיי פון עבודות' בעפרייט און אַזויפיעל נסים בעוויזען. ערשט נאָכ'ן איינגעהמען דעם עבר־הירדן, צוטרעטענדיג צום פערטיילען און צום בעזעצען די אידען אויפ'ן לאַנד, ערשט דאַמאָלס האָבען זיי מיטאַמאָל פאַר איהם גרויס אַכטונג בעקומען און צום ערשטען מאָל איהם אָנערקענט אַלס „אָדון״ — „עבדיך יעשו כאשר אדוני מצוה״...

(משה קאַטס)

## עבדיך יעשו כאשר אדוני מצוה וכו׳ ועבדיך יעברו כל חלוץ צבא... (לב. כה. כז.)

דאָס אַלץ האָבען זיי דאָך שוין געהאַט פריהער ערקלערט: „ויגשו אליו ויאמרו גדרות צאן נבנה וכו׳ ואנחנו נחלץ חושים וכו׳״ (לב. טז.), איז צוליעב וואָס האָבען זיי איצט נאָכאַמאָל איבערגע'חזר'ט דאָס זעלבע?

נאָר אין זייער פריהערדיגער הבטחה, ווי עס איז צו זעהען פון די פסוקים, האָבען זיי קיין איינמאָל נישט דערמאָהנט גאָט'ס נאָמען, און עס האָט אויסגעזעהען פון זייערע ווערטער, ווי זיי וואָלטען זיך פערלאָזט בלויז אויף זייער אייגענעם כח: „גדרות צאן נבנה למקננו... ואנחנו נחלץ חושים... וישב טפנו בערי המבצר... לא נשוב אל בתינו עד התנחל בני ישראל״ און אַזוי ווייטער... דערויף האָט זיי משה געענטפערט: „אם תעשון את הדבר הזה אם תחלצו לפני ד׳ למלחמה... ועבר לכם כל חלוץ את הירדן לפני ד׳... ונכבשה הארץ לפני ד׳... והיתה הארץ הזאת לכם לאחוזה לפני ד׳״... נאָר דאַמאָלס וועט איהר מצליח זיין, ווען איהר וועט געהן מיט גאָט'ס נאָמען, מיט דער הילף פון גאָט, נישט מיט'ן אייגענעם כח... און אויף דעם איז איצט נאָכ־אַמאָל געקומען זייער הבטחה, אַז זיי מיינען נישט, חלילה, צו פערלאָזען זיך בלויז אויף די אייגענע כחות: „עבדיך יעשו כאשר אדוני מצוה... ועבדיך יעברו כל איש צבא לפני ד׳... נחנו נעבור חלוצים לפני ד׳...״

(פרחי אהרן)

## ואם לא יעברו חלוצים אתכם ונאחזו בתוככם בארץ כנען... (לב. ל.)

וואָס איז עס פאַר אַ עונש, אַז אויב זיי וועלען נישט פאָלגען, וועלען זיי איבער־געפיהרט ווערען און בעקומען באָדען אין ארץ־כנען, צוזאַמען מיט אַלע איבריגע אידען?...

נאָר געדראָהט האָט מען זיי באמת' מיט אַ גאַנץ אַנדערען עונש. אין די במוסי המדינות איז אָנגענומען, אַז אויב אַ מיליטערישער רעגימענט צעבונטעוועט זיך, ווערט ער פונאַנדערגעלאָזט און אויסגעמישט צווישען פערשידענע אַנדערע רעגימענטען. און מיט'ן זעלבען האָט מען אויך געדראָהט די בני גד ובני ראובן: „ואם לא יעברו חלוצים אתכם — ונאחזו בתוככם בארץ כנען״, וועלען זיי אַלס שטראָף אויפהערען צו עקזיסטירען אַלס בעזונדערע שבטים, ווערענדיג פונאַנדערגעטיילט „בתוככם״, צווישען אַלע אַנדערע שבטים...

(מהר״ש לאנייאדו)

## נחנו נעבור חלוצים... (לב. לב.)

דער פערשטאָרבענער הרב זאָנענפעלד האָט זיך געהאַט אַמאָל אויסגעדריקט

וועגען די חלוצים, אַז אין דער מסורה ווערט געזאָגט: „נחנו נעבור חלוצים" — „נחנו פשענו ומרינו", אַז די היינטיגע חלוצים, וועלכע קומען בויען א"י, זענען ליידער פושעים...

בעת מען האָט עס דערצעהלט דעם הרב קוק האָט ער דערויף געענטפערט, אַז עס איז פאַרהאַן אין דער מסורה נאָך אַ דריטער פסוק: „כלנו בני איש אחד נחנו". אויף די חלוצים איז מגין גאָר אַ גרויסער זכות, וואָס זיי לעבען צווישען זיך ווי „בני איש אחד", וואָס זיי האַלטען זיך אין אחדות...

# מַסְעֵי

## אלה מסעי בני ישראל... (לג. א.)

צוליב וואָס האָט די תורה געפונען פאַר נויטיג אויסצורעכענען אַלע ערטער, וואו די אידען האָבען זיך אָפּגעשטעלט אין זייער וואַנדער־וועג? — ווייל אין דער שפּעטערדיגער צייט וואָלטען אַ טייל געפּרובט פערקלענערען די נסים, זאָגענדיג: „ווי איז דאָס מעגליך, אַז פיערציג יאָהר זאָלען די אידען האָבען אויסגעהאַלטען אין אַ וויסטען מדבר, שפּייזענדיג זיך בלויז מיט׳ן מן פון הימעל און וואַסער פון ברונען? נישט אַנדערש, נאָר זיי האָבען זיך איינגעאָרדענט אין אַזעלכע מדבריות, וואָס זענען געלעגען נאָהענט צו אַ ישוב, און די איינוואוינער פון ישוב פלעגען פאַר געלד פערזאָרגען זיי מיט אַלעם נויטיגען!״... דעריבער ווערען געענוי אָנגעוויזען די ערטער, בכדי אויך די שפּעטערדיגע דורות זאָלען זיך איבערצייגען, אַז אין די דאָזיגע מקומות, וועלכע זענען נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג וויסט און ווילד און ווייט פון ישוב, איז אוממעגליך בדרך־הטבע צו קאָנען זיך אויפהאַלטען גאַנצע פיערציג יאָהר...

(מורה נבוכים)

עס איז בעקאַנט די פראַגע, איבער וועלכער עס מאַטערען זיך פיעל פון די מפרשים, נעמליך: ווי אַזוי האָבען זיך עס אידען פון שטענדיג אָן מתיר געווען צו געהן קיין מצרים, ווערענד עס איז דאָך אַ בפירוש׳ער לאו אין דער תורה: „לא תוסיפון לשוב בדרך הזה עוד״?... דער סמ״ג פּרובט דערויף ענטפערען, אַז דער דאָזיגער איסור איז חל נאָר פון ארץ־ישראל קיין מצרים, נישט פון אַנדערע לענדער; אָבער אויך דאָס איז נישט ריכטיג, דען אויך פון ארץ־ישראל פלעגט מען דאָך שטענדיג געהן קיין מצרים!... דער אמת אָבער איז, אַז מיט דעם איסור, נישט צו געהן קיין מצרים, ווערט געמיינט נאָר דורך דעמזעלבען וועג, דורך וועלכען די אידען זענען, אַרויסגעהענדיג פון מצרים, געגאַנגען קיין ארץ־ישראל, ווי דאָס ווערט דייטליך אָנגעמערקט אין די ווערטער: „בדרך הזה״... און צוליב־דעם טאַקע געפינט די תורה פאַר נויטיג אויסצורעכענען דעם „אלה מסעי בני ישראל״, די אַלע מקומות, דורך וועלכע די אידען זענען דורכגעגאַנגען אויף זייער וועג פון מצרים, כדי מען זאָל וויסען נישט צו געהן מעהר דורכ׳ן דאָזיגען וועג...

(רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

דערפאַר האָבען די בני ישראל געדאַרפט דורכגעהן אַזויפיעל מסעות, אַרומצוּוואַנדלען אין דער מדבר אַזש גאַנצע פיערציג יאָהר, ווייל — „אשר יצאו מארץ מצרים לצבאותם ביד משה ואהרן״, ווייל מען האָט זיי געדאַרפט אַרויסשלעפּען פון דאָרט בגוואַלד, מיט׳ן כח פון משה ואהרן, אָהן איבריגען רצון. און דערפאַר איז דער דאָזיגער דור נישט ראוי געווען צו קומען קיין ארץ־ישראל. ווען זיי וואָלטען אָבער מיט

חשק אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, דאַן וואָלט אויף זיי נישט נגזר געוואָרען דורכצומאַכען די דאָזיגע פיערציג יאָהר מסעות...

(כתב סופר)

רבי ישראל סבע, איינער פון די גולי שפּאַניען, וועלכער איז אַנטלאָפען קיין אַפריקע, נאָכדעם ווי די אינקוויזיציע האָט פון איהם צוגערויבט זיינע קינדער, וועלכע זענען געפיהרט געוואָרען בגוואַלד צום שמד, שרייבט אין זיין פירוש אויף תורה, וואָס ער האָט מחבר געווען זיצענדיג אין אַפריקע, אַז בשעת ער איז צוגעקומען צו פרשת מסעי און ער האָט געלייענט צוויי און פיערציג מאָל די ווערטער „ויסעו ויחנו", האָט ער געפינען דערין אַ טרייסט פאַר זיך און פאַר זיינע שווער־געפּרובטע ברידער, ווערענדיג פול מיט בטחון, אַז אויך אונזערע היינטיגע וואַנדערונגען אין דער מדבר, וואו מיר זענען אַרומגערינגעלט מיט פערשידענע חיות רעות, וועלכע דורשטען נאָך אונזער בלוט, זענען נאָר אַ צייטווייליגע, פאַראיבערגעהענדע ערשיינונג און ישראל, דאָס עלטסטע פאָלק אין דער וועלט, וועט די אַלע חיות רעות, די אַלע בלוט־דורשטיגע שונאים זיינע, איבערלעבען...

## ויכתוב משה את מוצאיהם למסעיהם... (לג. ב.)

און אינ׳ם צווייטען האַלבען פסוק שטעהט געשריבען פערקעהרט: „ואלה מסעיהם למוצאיהם"...

מחמת ביי די בני־ישראל איז געווען די הויפּט־זאַך פּטור צו ווערען פון מצרים, און דעריבער — „ואלה מסעיהם למוצאיהם", האָבען זיי כסדר געצעהלט, וויפיעל וועג זיי זענען שוין אָבגעגאַנגען, ווי ווייט זיי האָבען שוין מצרים הינטער זיך.

ביי משה׳ן אָבער איז דער הויפּט־ציל געווען די דערגרייכונג פון אידישען לאַנד, און דעריבער — „ויכתוב משה את מוצאיהם למסעיהם", האָט ער געצעהלט פערקעהרט: וויפיעל מען האָט נאָך דורכצומאַכען, וויפיעל וועג מ׳האָט נאָך פאַר זיך צו ארץ־ישראל...

## ויכתוב משה את מוצאיהם למסעיהם על פי ד׳... (לג. ב.)

דער דרך־הטבע איז — פלעגט זאָגען רבי אשר׳ל רימאַנאָווער — אַז בשעת איינער לאָזט זיך אַרויס איבער דער וועלט, קומט ער צוריק אַנ׳אַנדערער, איבערהויפּט אין עניני פרומקייט... די רבותא פון די אידען איז געווען, וואָס „מוצאיהם למסעיהם" און „מסעיהם למוצאיהם", דאָס וואַנדערען און דאָס צוריקקומען, איז גלייך געווען „על פי ד׳", זיי זענען איבער דער צייט אינגאַנצען נישט אַנדערש געוואָרען...

(דובנער מגיד)

## ויכתוב משה את מוצאיהם למסעיהם וכו׳ ואלה מסעיהם למוצאיהם... (לג. ב.)

די מפרשים בעמיהען זיך צו פערשטעהן די בעדייטונג פון דאָזיגען פסוק, דען געוועהנליך טייטשט מען, אַז „מוצאיהם" איז דער פשט: די ערטער, פון וואַנען זיי

זענען אַרויסגעגאַנגען, און אויב אַזוי וואָלט דאָך ריכטיג געדאַרפט שטעהן: „תוצאותיהם", ווי עס ווערט געזאָגט, למשל, אין ווייטערען פסוק: „והיו תוצאותיו מנגב" (לד. ד.)... גיכער אָבער איז אָנצונעהמען, אַז דאָס וואָרט „מוצאיהם" האָט דאָ נישט די בעדייטונג פון שרש „יצא" (אַרויסגעהן), נאָר פון „מצא", וואָס בעדייט אָפט: פּאַסירונגען, פּאַר־פּאַלען, מאורעות, ווי: „ומצאוהו רעות רבות" (פ' וילך), „ויספרו לו את כל המוצאות אותם" (יהושע ב.), „צר ומצוק מצאוני" (תהלים קי"ט) א. אַז. וו. און „מוצאיהם למסעיהם" איז דער פשט: די אַלע פּאַסירונגען און פּאַרפּאַלען, וואָס עס האָט מיט זיי געטראָפען אויף זייער לאַנגען רייזע־וועג פון מצרים, און דאָס זעלבע אויך: „מסעיהם למוצאיהם", די רייזעס לויט די פּאַסירונגען.

(רבי ברוך עפשטיין)

## ממחרת הפסח יצאו בני ישראל ביד רמה לעיני כל מצרים... (לג. ג.)

„ממחרת הפסח" — צומאָרגענס, אין פינפצעהנטען ניסן, אום יום־טוב, זענען די אידען אַרויס פון מצרים. בלויז דעם קרבן־פּסח האָבען זיי מקריב געווען, אָבער דעם יום־טוב אַליין זענען זיי נאָך דאַמאָלס נישט מחויב געווען צו היטען, נאָר ערשט שפּע־טער, לדורות... מיט'ן נאָמען „פסח" ווערט דעריבער גערופען נאָר דער פיערצעהנטער טאָג, ערב־פּסח, און די נאָכט פון פינפצעהנטען טאָג (דען ביי קדשים ווערט די נאַכט צוגערעכענט צום פאַרגאַנגענעם טאָג), דאַגעגען פון פינפצעהנטען טאָג אָן הייסט שוין דער יום־טוב — „חג המצות"...

(הנ"ל)

## ויסעו מקברות התאוה ויחנו בחצרות... (לג. יז.)

דאָס איינציגע מיטעל אויף צוריקצוציהען זיך פון די תאוות און אָבצוהאַלטען זיך פון זינד איז — צו געדענקען שטענדיג אינ'ם „ויחנו בחצרות", אַז די וועלט איז נישט מעהר ווי אַ חצר, אַ פּרוזדור, אין וועלכען מען האַלט זיך לאַנג נישט אויף!...

(רבי יצחק וואָרקער)

## ויסעו מחצרות ויחנו ברתמה... (לג. יח.)

„ויחנו ברתמה — על שם לשון הרע של מרגלים שנאמר (תהלים ק"ב) מה יתן לך ומה יוסיף לך לשון רמיה, חצי גבור שנונים עם גחלי רתמים" (רש"י)

פאַרוואָס פערטייטשט רש"י בלויז דעם נאָמען רתמה און נישט די נעמען פון אַלע אַנדערע שטעדט?

ווייל רש"י איז וואַרשיינליך קשה געווען, פאַרוואָס עס שטעהט דאָ: „ויסעו מחצרות ויחנו ברתמה", ווערענד פריהער, אין פ' בהעלותך (יב. טז.) ווערט געזאָגט: „ואחר נסעו העם מחצרות ויחנו במדבר פארן", אַז פון חצרות זענען זיי גאָר אַוועק קיין מדבר פארן, נישט קיין רתמה? און דעריבער ערקלערט רש"י, אַז רתמה איז נישט געווען דער ריכטיגער נאָמען, נאָר בלויז אַן אָנדייטונג אויף די „גחלי רתמים", אויפ'ן לשון־הרע פון די מרגלים...

(דבק טוב)

## והורשתם את כל יושבי הארץ מפניכם... (לג. נב.)

אויך מפניכם, פון אייערע פנימ׳ער, זאָלט איהר אַראָבטרייבען דעם יושב־הארץ, דעם גוי. אויך אויף אייער פנים זאָל זיין קענטיג דאָס אידישקייט...

(דברים נחמדים)

„ראשונים שנתגלה עונם נתגלה קצם, אחרונים שלא נתגלה עונם לא נתגלה קצם" (יומא ט׳)

די ראשונים, די אַמאָליגע אידען, האָט מען דערקענט, אויב זיי האָבען געטהון אַן׳עבירה, מען האָט זיי גלייך דערקענט, אַז זיי זענען אידען... דאַגעגען „אַחרונים לא נתגלה עונם", היינט איז שוין באַלד שווער צו פאַקען אַ איד ביי אַן׳עבירה, די היינטיגע פושעים איז שוין נישט אַזוי לייכט צו דערקענען, צי זיי זענען אידען...

(הרב א. לעווינסאָן)

דער בעקאַנטער פעטערבורגער צענזאָר, זוסמאַן, איז געווען אַ משומד און דערצו אויך אַ גרויסער שכור, ער האָט אָבער ליעב געהאַט צו פערקעהרען אין די קרייזען פון די אידישע שרייבער און משכילים. איינמאָל איז ער אַריין אין אַ שענק צוזאַמען מיט׳ן אידישען שריפטשטעלער אהרן קויפמאַן. זוסמאַן האָט זיך געהייסען דערלאַנגען אַ גלאָז בראָנפען און דאַן האָט ער זיך איבערגע׳צלמ׳ט און זיך גענומען אויפפיהרען אויפ׳ן עכט רוסישען שטייגער.

— איהר דאַרפט זיך נישט וואונדערען — האָט ער זיך נאָכהער פערענטפערט פאַר קויפמאַנ׳ען — הלמאַי כ׳האָב זיך פאַר׳ן טרינקען איבערגע׳צלמ׳ט, כ׳האָב עס נישט געטהון, חלילה, צוליעב „פרומקייט", נאָר היות, ווי איך האָב אַן׳אויסדריקליך אידיש פנים, און אַרום און אַרום זענען געזעסען בלויז גוים, האָב איך געוואָלט זיי זאָלען מיך האַלטען פאַר אַ גוי, בכדי זיי זאָלען נישט זאָגען, אַז אויך אידען זענען שכורים...

## לשכים בעיניכם ולצנינים בצדיכם... (לג. נה.)

פערשיעדען זענען די שונאי־ישראל און פערשיעדען זענען די פאָרמען און מע־טאָדען פון זייער שנאה צו אידען. פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס „לשכים בעיניכם", וואָס זייער שנאה צו אידען איז אַן׳אָפענע און וואַרפט זיך אַלעמען אין די אויגען, און פאַרהאַן אויך אַזעלכע, וועלכע זענען בבחינת „לצנינים בצדיכם", וואָס אויסערליך זענען זיי מכלומר׳שט זעהר ליבעראַל, זעהר העפליך און איידעל, שלאָגענדיג דעם אידען מיט זיידענע הענדשקעס, אין דער שטיל, מן הצד, היגטערוויילעכטס...

(ארונו של יוסף)

## זאת הארץ אשר תפול לכם בנחלה... (לד. ב.)

וואָס עפּעס „לכם"? — בלויז פאַר א י י ך איז דאָס לאַנד ראוי!... עס איז פאַרהאַן אַ מענש, וואָס ע ר איז שען, אָבער זיין מלבוש איז מיאוס; אָדער אַזעלכער וואָס ער איז מיאוס און זיין מלבוש איז שען... אָבער די קינדער פון ישראל זענען נישט אַזוי: ז י י זענען שען און זייערע מ ל ב ו ש י ם זענען שען — זיי זענען צוגע־פּאַסט צום לאַנד, און ארץ־ישראל איז צוגעפּאַסט צו זיי...

(תנחומא)

## ומחה על כתף ים כנרת קדמה... (לד. יא.)

דערויף זאָגט דער אבן עזרא: „כאשר אמרו קדמונינו תבירתא מגזירת ימחאו כף".

פון די פערשיידענע פשטים, וואָס עס זאָגען דערויף די מבארים, איז אַמעריקאַ־טיגסטען די ערקלערונג פון רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן, און נעמליך:

פיער מאָל, ווייזען אָן די בעלי־המסורה, געפינט זיך אין תנ"ך דאָס וואָרט „ומחה": „ומחה אל מי המרים", „ומחה את שמם", „ומחה ד' דמעה", „ומחה על כתף". אין די ערשטע דריי ערטער איז „ומחה" דער טייטש: אָבמעקען, בלויז דאָ, אין פסוק „ומחה על כתף", וואו די נגינה אויפ'ן וואָרט „ומחה" איז אַ תביר, האָט עס די בעדייטונג פון „תבירתא": צוברעכען, שלאָגען. פונקט אַזוי, ווי „ימחאו כף".

## ונתנו ללוים מנחלת אחוזתם ערים לשבת... (לה. ב.)

דעריבער האָבען די לויים נישט בעקומען קיין חלק בארץ גלייך ווי אַלע שבטים, ווייל די לויים, כידוע, זענען אין מצרים געווען פריי פון שעבוד, און דער וואָס האָט נישט געליטען קיין גלות — דעם קומט נישט קיין חלק אין ארץ־ישראל...

(רבי משה חגיז)

## והקריתם לכם ערים ערי מקלט תהיינה לכם... (לה. יא.)

דעריבער ווערט דער הורג־נפש בשוגג פערפליכטעט צו אַנטלויפען אין די ערי־מקלט, ווייל אויך דאָס איז אַ מין טויט־אורטייל אין אַ לייכטערער פאָרם. דער צער פון גלות, וואו דער מענש ווערט איזאָלירט און דערווייטערט פון זיין היים, סביבה און פריינד, פערברענגענדיג זיין לעבען צווישען פרעמדע, איז כמעט עהנליך צום צער פון מיתה...

(ספר החינוך)

## את שלש הערים תתנו מעבר לירדן ואת שלש הערים תתנו בארץ כנען... (לה. יד.)

„בעבר הירדן תלת ובארץ־ישראל תלת? אמר אביי, בגלעד שכיחי רוצחים" (מכות ט')

פרעגען די מפרשים: דאָ, ביי ערי־מקלט, רעדט זיך דאָך וועגען שוגג, און „שכיחי רוצחים" מיינט מען דאָך רוצחים במזיד?

ווייזט אָן דער רבי ר' העשיל, אַז דאָס איז גאָר לגמרי קיין קשיא נישט, דען אין דער פריהערדיגער משנה דאַרט ווערט בפירוש געזאָגט: „בתחלה אחד שוגג ואחד מזיד מקדימין לערי מקלט וב"ד שולחין ומביאין אותו משם", אַז אויך די רוצחים במזיד זענען ביז צום משפט געהאַלטען געוואָרען אין די ערי־מקלט...

## ושפטו העדה... והצילו העדה... (לה. כד. כה.)

„סנהדרין שראו כולם לחובה — פוטרין אותו" (סנהדרין י"ז)

וואָס איז דער שכל דערפון? ווי געשיקט זיך עס, אַז דוקא דאַמאָלס ווען אַלע סנהדרין אָנערקענען איינשטימיג, אַז יענער איז חייב, זאָל ער דוקא צוליב דעם ווערען פריי? וואו איז דאָ די לאָגיק?

גיט רבי שלמה קלוגער דערויף פאָלגענדע ערקלערונג:
השי״ת האָט בעשאַפען אויף דער וועלט דעם אמת און דעם שקר, וועלכע פיהרען צווישען זיך אַ שטענדיגע, אונאויפהערליכע מלחמה. וואו און ווען נאָר דער אמת בעווייזט זיך, וואַקסט תיכף אויס דער שקר, וועלכער שטעלט זיך איהם אַנטקעגען!... און דעריבער, אויב די מחייבין, אָדער די מזכין, זענען אַ ר ו ב, בלייבט דער פסק ווי זיי זאָגען — אָננעהמענדיג, אַז זיי האָבען אַוודאי מכוון געווען דעם אמת; דאַגעגען פון מיעוט, וואָס זאָגט פערקעהרט, רעדט-אַרויס דער שקר, וועלכער איז דאָך אַ שטענדיגער געגנער פון׳ם אמת... אָבער אויב אַ ל ע ערקלערען איינשטימיג: „חייב!״, און קיינער זאָגט זיך נישט אַרויס געגען, איז אַ סימן, אַז עס איז אינגאַנצען שקר; וואָרום ווען עס זאָל זיין אמת, וואָלט דאָך דער שקר נישט געווען געשוויגען, ער וואָלט זיך דאָך זיכער געווען דאַן געגענגעשטעלט און געזאָגט פערקעהרט...

דאַגעגען רבי ברוך עפשטיין אין זיין „מקור-ברוך״ ווייזט-אָן, אַז אין ספר „קהלת-יעקב״ פון מהר״י אַלאַזי ווערט אין נאָמען פון רמ״ה (רבי מאיר הלוי אבולפיע, וועלכער האָט געלעבט אין דער צייט פון רמב״ם) ערקלערט קורץ און דייטליך: „סנהדרין שראו כלם לחובה — פוטרין אותו: כלומר, מחייבין והורגין אותו מיד, ואין מלינים את דינו עד למחר, כיון שלא ראו לו זכות״...
אַלזאָ פונקט פערקעהרט! נישט מען בעפרייט איהם, נאָר דער טויט-אורטייל ווערט תיכף אויף איהם אויסגעפיהרט... און לויט דער מיינונג פון הרב עפשטיין, איז עס כלל נישט קיין סתירה צום געבראַכטען מאַמר פון דער גמרא, דען דאָס וואָרט „פוטרין״ ווערט דאָ געמיינט נישט אין דעם זין פון פטור — פריי, נאָר: פטור — ג ע ע נ ד י ג ט, ע ר ל ע ד י ג ט. עהנליך צום „פוטרין אותו מיד״ אין שבועות ל״ט, וואו רש״י ערקלערט דייטליך: „ואין משהין אותו כאן... וע״כ ישלם מיד״...

## וישב בה עד מות הכהן הגדול... (לה. כה.)

פערשיעדענע טעמים ווערען געגעבען דערויף, פאַרוואָס נאָכ׳ן טויט פון כהן-גדול זענען די רוצחים בעפרייט געוואָרען פון די ערי-מקלט.
גאַנץ איינפאַך אָבער ערקלערט עס דער אַברבנאל: דער כהן-גדול איז געווען די העכסטע הערשענדע פערזאָן און אין אַ געוויסער מאָס האָט ער געהאַט זאָגאַר ברייטערע רעכט פאַר׳ן קעניג, און בשעת דער כהן-גדול איז געשטאָרבען און עס איז געזאַלבט געוואָרען אַ צווייטער כהן-גדול אויף זיין אָרט, איז דאַן — ווי עס איז דער מנהג המלכים — ערקלערט געוואָרען אַן אַמנעסטיע פאַר אַלע פערברעכער.

## ורצח גואל הדם את הרוצח... (לה. כז.)

פון דאַנען (ווייל עס שטעהט נישט „ירצח״, נאָר „ורצח״ מיט אַ ו׳) דרינגט רבי עקיבא, אַז „רשות ביד גואל-הדם — וכל אדם חייבין עליו״ (מכות י״ב), אַז דעם גואל-הדם איז ערלויבט צו הרג׳ענען דעם רוצח בשוגג, אויב ער איז אַנטלאָפען פון עיר-מקלט, אָבער קיין פרעמדע מענשען איז עס נ י ש ט ערלויבט.
און דאָס וועט, אַלזאָ, זיין דער פשט פונ׳ם אין פלוג אונפערשטענדליכען מדרש, וועלכער זאָגט אויפ׳ן פסוק: „והיה כל מוצאי יהרגני, וישם ד׳ לקין אות״ — „ויו

מסר לו״... עס ווערט געמיינט דערמיט דער דרש אויפ׳ן ו׳ פון „ורצח״, פון וועלכען עס ווערט אראבגעלערענט, אז „רשות ביד גואל־הדם — וכל אדם חיבין עליו״...
(פרח לבנון)

## כי בעיר מקלטו ישב עד מות הכהן הגדול... (לה. כח.)

„לפיכך אמותיהן של כהנים מספקות להם מחיה וכסות כדי שלא יתפללו על בניהם שימותו״ (מכות י״א)

פרעגט זיך: פארוואס עפעס האבען דאס געטהון דוקא די מוטערס פון די כהנים גדולים און נישט די כהנים גדולים זעלבסט?

ווייל ווען די כהנים גדולים אליין וואלטען זיך פערנומען מיט׳ן אויסהאלטען די רוצחים, וואלט יעדער ארימאן, וואס וואלט נישט געהאט קיין פרנסה, אנטלאפען אין אנ׳עיר מקלט, זאגענדיג אויף זיך, אז ער האט גע׳הרג׳עט א מענשען בשוגג, ווארום וואס ריזיקירט ער דא? כל־זמן דער כהן גדול וועט לעבען וועט ער זיין פערזארגט מיט אלעם נויטיגען, מיט כסות ומחיה, אלא ווידער טאמער וועט דער כהן גדול, חלילה, שטארבען? — וועט ער דאן פריי ווערען און געהן צוריק אהיים. דאגעגען אבער, אז מען האט די דאזיגע אויפגאבע ארויפגעלעגט בלויז אויף די „אמותיהן של כהנים״, וועט שוין נישט לוינען אבצונארען, ווארום טאמער שטארבט דעם כהן־גדול׳ס מוטער וועט ער דאן בלייבען אי אהן עסען, אי איינגעשלאסען אין עיר מקלט...
(רבי וואלף באסקוויצער)

לויט דער ערקלערונג פון רמב״ם אין מורה־נבוכים, איז דער טעם פון די ערי־מקלט, כדי דער רוצח זאל זיך נישט ווארפען אין די אויגען פון גואל־הדם, וועלכער קאן אמאל נישט אימשטאנד זיין צו בעהערשען זיין פערביטערונג, נישט אונטערשיידענדיג מתוך־כעס בין שוגג למזיד. בשעת אבער עס שטארבט דער כהן־גדול, דער חשוב׳סטער מענש ביי אידען, איז דאס עלול צו ווירקען אויפ׳ן גואל־הדם, עס זאל אין איהם געשטילט ווערען דער כעס צוליעב זיין ערמארדעטען קרוב. דען אזוי איז שוין די טבע ביי מענשען: יעדעס ביי און וויכטיג געשעהעניש מאכט פאר־געסען דאס פריהערדיגע, עלטערע געשעהעניש, יעדער גרויסער צער בעזייטיגט דעם קלענערען צער, כעס ווערט איינגעשטילט דורך טרויער און — „צרת רבים חצי נחמה״...

## ולא תקחו כופר לנפש רוצח אשר הוא רשע למות... (לה. לא.)

איהר זאלט נישט אננעהמען אלס כופר און מאטיוו צו בעפרייען דעם רוצח, דעם געגעבענעם תירוץ — „אשר הוא רשע למות״, באשר דער ערמארדעטער איז געווען א רשע און ער האט זיך דעריבער פערדיענט דעם טויט און עס איז געווען א „מצוה״ אבצורוימען איהם פון וועג...

(הדרש והעיון)

## ולא תחניפו את הארץ וכו׳ כי הדם הוא יחניף את הארץ... (לה. לג.)

אין ספר „באר יצחק״ פון רבי יצחק טארטשינער געפינען מיר אויפ׳ן דאזיגען פסוק פאלגענדע זעהר כאראקטעריסטישע ווערטער:

„ולא תחניפו את הארץ״, איהר זאלט נישט חנפה׳נען דאס לאנד בעת א מארד,

איהר זאָלט נישט מכסה זיין דעם מאָרד צוליעב דעם, ווייל דאָס איז געשעהען אין ארץ־ישראל... קיין שום חניפה טאָר דערביי נישט אָנגעווענדעט ווערען!... וד״ל.

## לטוב בעיניהם תהיינה לנשים... (לו. ו.)

אַ חסיד איז אַמאָל געקומען צו רבי משה קאָברינער און זיך געקלאָגט, אַז ער האָט נעביך קיין נחת נישט פון זיין טאָכטער: זי וויל נישט דעם חתן וואָס ער, דער פאָטער, האָט פאַר איהר אויסגעקליבען, באשר ער געפעהלט איהר נישט.

— מען קאָן צו איהר דערפאַר גאָרנישט האָבען — ענטפערט איהם דער קאָברינער רבי — אַזוי שטעהט בפירוש אין דער תורה: „זה הדבר אשר צוה ד׳ לבנות צלפחד לאמר, לטוב בעיניהם תהיינה לנשים״. צו די יעניגע, וואָס געפעלט זיי זאָלען זיי ווערען פרויען, נישט צו אַזעלכע, וועלכע געפעלען בלויז די מחותנים...

אַ בעל־הבית איז אַמאָל אַריינגעקומען צו רבי יהושע׳לע קוטנער און זיך פאַר־טרויט פאַר איהם, באשר אַן אָנגעשטעלטער פון זיין געשעפט, האָט זיך פערליעבט אין זיין טאָכטער און היות, ווי ער ווייסט, אַז ער, דער פאָטער איהרער, וועט אויף דעם שידוך נישט מסכים זיין, טענה׳ט ער, אַז ער איז מוחל דעם נדן, ווייל ער וויל נישט קיין נדן...

דערויף האָט איהם רבי יהושע׳לע געענטפערט, אַז ער האָט נישט קיין שטאַרקען צוטרוי צו די יונגעלייט, וועלכע פערליעבען זיך אין גביר׳ישע טעכטער און דערביי טענה׳ן זיי, אַז זיי פערלאַנגען נישט מכלומר׳שט קיין נדן. אַ ראיה דערצו האָט ער געבראַכט פון דער דאָזיגער סדרה. מען האָט די בנות צלפחד אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלען נישט חתונה האָבען מיט קיין זיהן פון אַן׳אַנדער שבט, „ולא תסוב נחלה לבני ישראל ממטה אל מטה״, כדי זייער פערמעגען זאָל נישט איבערגעהן צו אַן׳אַנדער שבט. איז אויב נאָר צוליעב דעם טעם, איז דאָך געווען אַן׳עצה, זיי זאָלען חתונה האָבען מיט אַזעלכע זיהן פון אַן׳אַנדער שבט, וועלכע וועלען זיך אין זיי פערליעבען און מסכים זיין צו נעהמען זיי אָהן נדן, און אַזוי אַרום וועלען זייערע נחלות ווייטער בלייבען ביי זייער פאָטער׳ס שבט?... נאָר, ווייזט אויס, אַז די תורה האָלט נישט פון אַזעלכע שידוכים און זי האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז הגם „לטוב בעיניהם תהיינה לנשים״, אַז אויב אַפילו זיי וועלען חתונה האָבען אויס ליעבע, „לטוב בעיניהם״, זאָלען זיי זיך פונדעסט־וועגען נישט אָבזאָגען פון צו געבען נדן און בלויז זאָרגען דערפאַר, אַז דער נדן זאָל נישט פערפרעמדט ווערען און „למשפחת מטה אביהם תהיינה לנשים״. צו חתנים אָבער, וועלכע ווילען אינגאַנצען מכלומר׳שט נישט קיין נדן, קאָן מען קיין גרויס צוטרוי נישט האָבען...

## ולא תסוב נחלה לבני ישראל ממטה אל מטה... (לו. ז.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש: „דוגמא לדבר שמור את יום השבת״.

דער דאָזיגער מאמר איז ביי אַלעמען אָנגענומען אַלס אַ מדרש פליאה און עס האָט קיין שיעור נישט צו די פשטים און פשט׳לעך, וואָס ווערען דערויף געגעבען. באמת אָבער איז עס גאַנץ איינפאַך. אין מכילתא פ׳ יתרו ווערט געזאָגט: „זכור ושמור בדבור אחד נאמרו, וכל בת יורשת ולא תסוב נחלה בדבור אחד נאמרו״.

און דאָס איז אויך די כוונה דאָ פון מדרש... (דברי גאונים)

## ותהיינה מחלה תרצה וחגלה ומלכה ונועה... (לו. יא.)

„כאן מנאן לפי גדולתן זו מזו בשנים ונשאו כסדר תולדותן, ובכל המקרא מנאן לפי חכמתן, ומגיד ששקולות זו כזו" (רש"י)

אין דער גמרא (ב"ב ק"כ) זענען פאַרהאַן וועגען דעם צוויי מיינונגען. איין מיינונג איז: „מנאן הכתוב דרך גדולתן וכאן דרך חכמתן", און די צווייטע מיינונג — „תנא דבי רבי ישמעאל בנות צלפחד שקולות היו". רש"י אָבער, ווי מיר זעהען, האָט אָט די ביידע מיינונגען פעראייניגט אין איין דרש. (כנסת הגדולה)

דער חתם־סופר פלעגט שטאַרק מקפיד זיין, אַז מען זאָל נישט חתונה מאַכען קיין יונגערע טעכטער פאַר די עלטערע און ער האָט געבראַכט דערויף אַ ראיה פון דאָזיגען פסוק. אויף דער קשיא, פאַרוואָס ווערען דאָ די נעמען פון די בנות צלפחד אויסגערעכענט לויט אַנ'אַנדערען סדר, ווי אין פרשת פינחס, זאָגט רש"י: „כאן מנאן לפי גדולתן זו מזו בשנים ונשאו כסדר תולדותן ובכל המקרא מנאן לפי חכמתן", און דער פסוק לערנט אונז אַלזאָ דערמיט, אַז כאָטש „דרך חכמתן", לויט זייער גרעסערקייט און חכמה, איז דער סדר זייערער ווי עס שטעהט אין פ' פינחס, האָבען זיי דאָך חתונה געהאַט „לפי גדולתן" און „כסדר תולדותן", לויט זייער עלטער...

די פרוי פון רבי שאול מאַמסטערדאַם האָט גע'שמ'ט אַלס גרויסע למדנית, אָבער אין אַ צייט אַרום, זייענדיג פערנומען מיט דער ווירטשאַפט און מיט דער ערציהונג פון די קינדער, האָט זי אויפגעהערט צו לערנען, און בעת מען האָט איהר איינמאָל געפרעגט וועגען דעם, האָט זי געענטפערט:

אויפ'ן פסוק „ותהיינה מחלה תרצה וכו'" זאָגט רש"י: „כאן מנאן לפי גדולתן זו מזו בשנים ונשאו כסדר תולדותן, ובכל המקרא מנאן לפי חכמתן". פרעגט זיך: פאַרוואָס ווערען זיי אין אַלע אַנדערע ערטער געצעהלט לויט דער חכמה, און דאָ, נאָכדעם ווי זיי האָבען חתונה געהאַט — לויט די יאָהרען? ווייל נאָך דער חתונה, ווען מען איז פערטהון מיט'ן בעל־הבתישקייט און מיט די קינדער, ווערען זיי דאַן אויס חכמות...

דעריבער — פלעגט זאָגען רבי זלמן ווילנער בדרך בדיחות — איז „בכל המקרא מנאן לפי חכמתן", ווערען אומעטום די נעמען פון די בנות צלפחד אויסגערעכענט לויט דער מדרגה פון זייער חכמה און נאָר דאָ בלויז ווערען זיי גערעכענט „לפי תולדותן", דען וועגען די בנות צלפחד ווערט געזאָגט אין דער גמרא: „אַפילו קטנה שבהן לא נשאת פחותה מארבעים שנה" (ב"ב קי"ט), אַז אַפילו די יונגסטע פון זיי איז שוין אויך נישט געווען גאָר יונג וממילא איז עס פאַר זיי נישט אַנגענעהם געווען מען זאָל זיי נעהמען צעהלען לויט די יאָהרען... דאָ אָבער, אין פ' מסעי, רעדט זיך וועגען זיי שוין נאָכדעם ווי זיי האָבען חתונה געהאַט: „ותהיינה מחלה תרצה וכו' לבני דודיהן לנשים", און נאָך דער חתונה מאַכט שוין נישט אויס, מעג מען שוין דאַן אויסזאָגען ווער פון זיי עס איז עלטער...

דאָ, איז תרצה די צווייטע און נועה די לעצטע, די יונגסטע, און אין פ' פינחס, פערקעהרט, איז נועה די צווייטע און תרצה די לעצטע... דען אַזוי איז שוין די טבע פון די פרויען, זיי פערלייקענען די יאָהרען און עס איז שווער ביי זיי צו דערגעהן, ווער פון זיי עס איז עלטער און ווער יונגער...

(י. ד. אייזענשטיין, אוצר הדרושים)

# דְּבָרִים

## אלה הדברים אשר דבר משה אל כל ישראל... (א. א.)

דאָס ערשטע, וואָס משה האָט פון זיי פערלאַנגט, איז — „אל כל ישראל", זיי זאָלען זיך האַלטען צוזאַמען און לעבען אין אַחדות...

(ווילנער גאון)

„אלה הדברים", מיט די דאָזיגע האַרבע שטראָף־רייד האָט זיך משה רבינו בענוצט נאָר „אל כל ישראל", בלויז ווען ער האָט גערעדט מיט די אידען; דאַגעגען ווען ער האָט גערעדט מיט'ן אויבערשטען — דאַמאָלס האָט ער כסדר אויף זיי ממליץ־טוב געווען, כסדר גערעדט גוטס...

(קדושת לוי)

געדאַרפט האָבען אייגענטליך די תוכחות געזאָגט ווערען דורך בלעם'ן, און די ברכות — דורך משה'ן... נאָר ווען בלעם וואָלט די אידען געשטראָפט, וואָלטען זיי געזאָגט: ער איז אַ שונא, שטראָפט ער און געפינט אין אונז חסרונות!... און ווען משה וואָלט זיי געבענשט, וואָלטען די אומות־העולם געזאָגט: ער האָט זיי ליעב, בענשט ער און זעהט אין זיי בלויז מעלות!... דעריבער האָט גאָט געזאָגט: זאָל משה, דער פריינד, זיי שטראָפען, און בלעם, דער פיינד — בענשען, און דאַן וועט מען זיי ביידע גלויבען...

(דברים רבה)

ווען אַן'אַנדערער וואָלט די אידען געשטראָפט, וואָלטען זיי געזאָגט: ווי וואָגט אַזאַ איינער צו זיין אונזער מוסר־זאָגער?... אָבער משה, וועגען וועלכען עס שטעהט געשריבען: „לא חמור אחד מהם נשאתי" — פאַר איהם פאַסט צו מוסר'ן די אידען...

(דאָרט)

„אמר רבי טרפון: העבודה! אם יש בדור הזה מי שיכול להוכיחן!" (איך שווער, אויב עס געפינט זיך אין איצטיגען דור אַזעלכער, וואָס זאָל זיין ראוי צו זאָגען די אידען מוסר!)...

(ספרי)

„מלמד שהיו כלם בעלי תוכחה ויכולים לעמוד בתוכחה" (ילקוט)

וואָס איז דער פשט: „שהיו כלם בעלי תוכחה"?

נאָר די גמרא זאָגט: „כשם שמצוה על אדם לומר דבר הנשמע כך מצוה על אדם שלא לומר דבר שאינו נשמע" (יבמות ס"ה), און דער זין איז אַלזאָ: „שהיו כלם בעלי תוכחה", אַז זיי האָבען מקבל געווען די תוכחה, וואָס מען האָט זיי געזאָגט, עס איז געווען אַ „דבר הנשמע"...

(כתנות אור)

דער בעל־שם־טוב איז אַמאָל געקומען אויף שבת אין אַ שטאָדט אַריין און איז איינגעשטאַנעןביים פּרנס־חודש. שבת צו מנחה האָט אין בית־מדרש געזאָגט אַ מגיד, וועלכער האָט, ווי דער שטייגער איז, שטאַרק גע׳מוסר׳ט דעם עולם. אַז דער בעל־שם איז דערפון געוואויר געוואָרען, האָט ער געשיקט רופען פון בית־מדרש דעם פּרנס־חודש. קוים האָט דער פּרנס־חודש פערלאָזט דאָס בית־מדרש, האָט ממילא אויך דער איבעריגער עולם אָנגעהויבען איינציגוויז זיך פונאַנדערצוגעהן, און דער מגיד האָט נעבעך געמוזט שנעל פערענדיגען די דרשה...

צומאָרגענס איז דער מגיד געקומען צום בעל־שם נעהמען שלום.

— ווער זענט איהר? — פרעגט איהם דער בעל־שם.

— כ׳בין — ענטפערט ער — דער מגיד, וואָס האָט נעכטען געזאָגט אין בית־מדרש.

— היתכן? — זאָגט צו איהם דער בעל־שם מיט הקפּדה — ווי קאָן דאָס אַ איד פּועל׳ן ביי זיך אַוועקצושטעלען זיך בפני כל עם ועדה רעדען לשון־הרע אויף אידען?! בשעת אַ איד געהט אַ גאַנצען טאָג אַרום אין מאַרק, און פאַרנאַכט טהוט ער זיך אַ כאַפּ: „אוי וועה, כ׳וועל פערשפּעטיגען מנחה!" און ער כאַפּט זיך אַריין אין שטוב און דאַווענט מנחה און ער ווייסט אַפילו נישט, וואָס ער דאַווענט — ציטערען דאַמאָלס אַלע שרפים ואופנים אין הימעל!...

אַ מגיד איז אַמאָל געקומען קיין פּרימישלאַן זאָגען אַ דרשה; האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער בימה און גענומען מוסר׳ן דעם עולם, הלמאי זיי האַנדלען נישט עהרליך און נאַרען־אָב מיט דער וואָג.

איז רבי מאיר׳ל פּרימישליאַנער אַרויף אויף דער בימה און האָט אויסגעשריען:

— רבונו־של־עולם! הער נישט, וואָס ער זאָגט!... אידען זענען נזהר אין מדות און משקלות, זיי גיבען אַ ריכטיגע וואָג און אַנ׳עהרליכע מאָס... ס׳איז קיין וואָהר וואָרט נישטאָ אין זיינע רייד!

רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער איז אַמאָל אַריינגעקומען אין בית־המדרש אין מיטען דער דרשה פון אַ מגיד, וועלכער האָט געהאַלטען אין איין אויסרעכענען די חטאים פון אידישען פאָלק... הויבט־אויף רבי לוי־יצחק זיינע הענד צום הימעל און זאָגט: די צ ר ו ת, רבונו־של־עולם, רעדען־אַרויס פון איהם, די ביטערע פּרנסה צווינגט איהם נעבעך דערצו, ער דאַרף נעבעך עטליכע הונדערט קערבלעך אַ טאָכטער חתונה צו מאַכען!... גיב־זשע איהם, רבונו־של־עולם די פּאָר הונדערט קערבלעך און זאָל ער אויפהערען מקטרג צו זיין אויף אידען...

## מול סוף בין פארן... (א. א.)

„הזכירן ברמז מפני כבודן של ישראל" (רש"י)

אַזוי דאַרף זיין די טאַקטיק בעת מען וויל וועמען שטראָפען און אויס׳מוסר׳ן: פריהער הויבט מען אָן מיט אַ לייכטער אָנצוהערעניש, ברמז, ראשי־דברים; ערשט ווען מען זעהט, אַז יענער איז גענייגט מקבל־צו־זיין דעם מוסר, קאָן מען שוין דאַן צוטרעטען צו רעדען מיט איהם אָפענע, שאַרפע דבורים: — „ממרים הייתם עם ד׳!"...

(אלשיך)

דער רבי פון לובלין האָט אַמאָל עמיצען שאַרף אויסגע׳מוסר׳ט. האָט זיך יענער אָנגע׳ברוגז׳ט, פיהלענדיג זיך שטאַרק בעליידיגט.

— אויב אַזוי — רופט־זיך־אָן צו איהם דער רבי פון לובלין — דאַרף איך דיך מפייס זיין... וואָרום שטראָפען מעג מען איינעם נאָר דאַמאָלס, ווען יענער איז די שטראָף־רייד מקבל און עס האָט אויף איהם אַ שטיקעל פעולה; אָבער ווען עס ווירקט נישט אויף איהם און ער שטעהט נאָך גאָר אין גרויסען און ברוגז׳ט זיך, הייסט דאָך עס גלאַט־אומזיסט מבייש געווען אַ אידען — דאַרף איך דיך דעריבער איבערבעטען...

אַ געוויסער מגיד, וועלכער האָט געהאַט אַ שם פאַר נישט קיין איבריגען ירא־שמים, איז אַמאָל געקומען קיין בריסק, האָט איהם רבי חיים נישט ערלויבט צו זאָגען אין שוהל.

איז דער מגיד געקומען צו רבי חיים׳ן מיט אַ טענה:

— ס׳טייטש, רבי, פאַרוואָס לאָזט איהר מיך נישט זאָגען? מיינע דרשות, גלויבט מיר, זענען כשר בתכלית הכשרות... כ׳זאָג אַ פסוק, אַ מאַמר חז״ל, כ׳רעד וועגען אידישקייט...

— פערשטעהט איהר מיך — ענטפערט איהם רבי חיים: — פלייש, וואָס ס׳איז געשאַכטען כדין וכדת, אָהן אַ שום סירכא, געטרייבערט און געזאַלצען, ווערט עס פונדעסטוועגען טריף, אויב... אויב עס קאָכט זיך אין אַ טריף טעפעל!...

## ולבן וחצרות ודי זהב... (א. א.)

„וחצרות — במחלוקתו של קרח״ (רש״י)

און דעריבער — פלעגט דערויף זאָגען דער רבי פון אַלעקסאַנדער, רבי העניך, בדרך־הלצה — ווערט עס אָנגערופען „וחצרות״, ווייל קרח ועדתו האָבען זיך געוואָלט מאַכען בעזונדערע „הויפען״, פראַווען בעזונדערע רבי׳סטוועס...

## אחד עשר יום מחורב דרך הר שעיר... (א. ב.)

דערויף ווערט געזאָגט אין אבן עזרא: „ואם תבין סוד השנים עשר גם ויכתוב משה והכנעני אז בארץ בהר ד׳ יראה גם והנה ערשו ערש ברזל תכיר האמת״.

פערשידענע פירושים ווערען געגעבען אויפ׳ן דאָזיגען אין פלוג אונפערשטענדליכען אבן עזרא, אַמריכטיגסטען אָבער זעהט אויס צו זיין די ערקלערונג פון „מקור־חיים״ און נעמליך: דער אבן־עזרא וויל דערמיט זאָגען, אַז די דאָזיגע פסוקים האָט משה נישט געשריבען מדעת עצמו, נאָר זיי זענען איהם דיקטירט געוואָרען בדרך נבואה, אַלס זכרון פאַר די שפּעטערדיגע צייטען, דען ער אַליין, בשעת ער האָט גע־רעדט מיט די אידען, האָט דאָך כלל נישט געדאַרפט אָנווייזען, וואו דאָס דאָזיגע אָרט געפינט זיך און אָנצוגעבען סימנים: „מול סוף, בין פארן ובין תופל, ולבן וחצרות וכו׳״, זיי זענען דאָך געשטאַנען דאָן אויפ׳ן אָרט און זיי האָבען דאָך געוואוסט, וואו ס׳געפינט זיך... אַלסביישפיעל און ראיה דערצו ברענגט דעריבער דער אבן־עזרא אַ גאַנצע רייהע פסוקים פון דער תורה, וועלכע זענען דיקטירט געוואָרען בדרך־נבואה, ווי, למשל, „סוד השנים עשר״, די לעצטע צוועלף פסוקים פון דער תורה, פון „ויעל משה מערבות מואב״ ביז „לעיני כל ישראל״; דער פסוק אין פ׳ וילך „ויכתוב משה את התורה הזאת״; דער פסוק אין פ׳ לך „והכנעני אָז בארץ״, דאָס וואָרט „אָז״ איז

דאָך משמע, אַז איצט איז דער כנעני נישטאָ מעהר אין לאַנד, ווערענד אויך דאַן, אין משה׳ס צייטען, ווען די דאָזיגע ווערטער זענען געשריבען געוואָרען, האָט זיך דער כנעני נאָך געפינען אין ארץ־ישראל; דער פסוק אין חיי־שרה „בהר ד׳ יראה״, דאָס הייסט, אַז אויפ׳ן דאָזיגען באַרג איז געבויט געוואָרען דאָס בית־המקדש, און דעמאָלס איז דאָך נאָך קיין בית־המקדש נישט געווען; דער ווייטערער פסוק אין דברים „הנה ערשו ערש ברזל הלה היא ברבת בני עמון״, און באמת איז דאָך רבת בני עמון איינ־גענומען געוואָרען ערשט אין די צייטען פון דוד, דורך יואב בן צרויה... דאָס אַלץ, אַלזאָ, בעווייזט, אַז געוויסע שטעלען אין דער תורה זענען געשריבען געוואָרען ברוח־נבואה אויף שפּעטער.

די עלף סדרות פון משנה־תורה — ווערט געזאָגט אין מדרש — זענען געזאָגט געוואָרען צו די אידען במשך פון עלף טעג.

בעמערקט דערויף רבי אליעזר אשכנזי, אַז דאָס איז בפירוש מרומז אין פסוק: „אחד עשר יום מחורב וכו׳ — הואיל משה באר את התורה הזאת״...

## ויהי בארבעים שנה בעשתי עשר חודש... (א. ג.)

„מלמד שלא הוכיחן אלא סמוך למיתה, ממי למד מיעקב וכו׳״ (רש״י)

דאָ מיינט מען נישט סמוך למיתה ממש, אַזוי ווי ביי יעקב׳ן. יעקב האָט זיך געזעגנט מיט זיין תוכחה צו די קינדער אינ׳ם זעלבען טאָג, וואָס ער איז נפטר געוואָרען, ווערענד ביי משה׳ן, ווי עס ווערט דאָ דייטליך געזאָגט אין פסוק, איז עס געווען „בעשתי עשר חדש באחד לחדש״, אין ערשטען שבט, און נפטר איז ער גע־וואָרען אין ז׳ אדר...

(המגיד)

אינ׳ם דאָזיגען מאָמענט, בשעת דער מענש איז סמוך למיתה, האָט זיין מוסר די שטאַרקסטע ווירקונג, דען דאַמאָלס האָט ער מעהר נישט קיין שום פּערזענליכע נגיעות און פניות, דאַמאָלס קאָן מען איהם מעהר אין קיין שום זאַך נישט חושד זיין...

(דברים נחמדים)

רבי לייב מוכיח פלעגט כמעט יעדען טאָג האַלטען פאַר׳ן עולם שאַרפע מוסר־דרשות. איינמאָל האָט אַזאַ דרשה בייגעוואוינט דער בעל „תולדות יעקב־יוסף״, וועל־כער האָט בעמערקט, ווי דער עולם געהט נעביך אַוועק פון דער דרשה שטאַרק דערשלאָגען און מרה־שחורה׳דיג. ווענדעט ער זיך דאַן צו רבי לייב׳ן און מאַכט צו איהם:

— ס׳איז אַ ביסעל צופיעל, רבי לייב, אַוועקצושטעלען זיך יעדען טאָג זאָגען דעם עולם תוכחה. אַט נעהמט איך אַביישפּיעל פון משה רבינו, וועלכער האָט געהאַט אַ שפּאַר ביסעל טענות פאַרצוּוואַרפען די אידען און פונדעסטוועגען ווערט געזאָגט, אַז „שלא הוכיחן אלא סמוך למיתה״.

אמת, — ענטפערט איהם רבי לייב — און דערפאַר טאַקי מוז איך עס טהון יעדען טאָג, פונקט ווי דער מענש דאַרף יעדען טאָג תשובה טהון און מקיים זיין דעם „שוב יום אחד לפני מיתתך״, ווייל ער ווייסט נישט ווען דער „סמוך למיתה״ איז און וואָס מאָרגען וועט זיין מיט איהם...

רבי יהודה אריה די מודינא האָט אַמאָל אין איינע פון זיינע דרשות זיך גע־ווענדעט צום עולם און געזאָגט: אין איין פסוק שטעהט „ותפרעו כל עצתי ותוכחתי לא אביתם“ און אין אַ צווייטען פסוק ווערט געזאָגט: „שמעו מוסר וחכמו ואל תפרעו“. וואָס איז די כוונה פון די צוויי פסוקים? די כוונה איז, אַז אויב מען זעהט, דאָס דער דרשן האָט מיט זיינע דרשות אויפ׳ן עולם קיין פעולה נישט און זיי ווערען פון זיין מוסר נישט געריהרט, איז עס געוועהנליך דערפאַר, ווייל ער נעהמט פאַר זיינע דרשות בעצאָהלט, ווייל ער איז אַ „דורש דמים“, וועלכער דרשנ׳ט און מוסר׳ט פאַר געלד, און דאָס זאָגט דער פסוק: „ותפרעו כל עצתי“ — דערפאַר וואָס איהר בעצאָהלט מיר פאַר מיינע עצות, דעריבער — „ותוכחתי לא אביתם“, ווילט איהר מיין תוכחה נישט פערנעהמען און זי האָט אויף אייך קיין ווירקונג נישט... איך בין אייך דעריבער מודיע רבותי, אַז פאַר דער היינטיגער דרשה פאַרלאַנג איך פון אייך קיין געלד נישט. „שמעו מוסר וחכמו ואל תפרעו“, פאַר׳ן היינטיגען מוסר זאָלט איהר מיר נישט בע־צאָהלען, אפשר וועט דער נישט־בעצאָהלטער מוסר האָבען אויף אייך מעהר ווירקונג...

דער בעקאַנטער מוכיח, רבי יהודה סאַטמאַרער, פלעגט זעהר שטאַרק מוסר׳ן דעם עולם. איינמאָל האָט ער געהאַלטען אַ פייערדיגע דרשה, אין וועלכער ער האָט געגאָסען אויף די צוהערער ממש פעך און שוועבעל, שטראָפענדיג זיי מיט די שאַרפסטע ווערטער.

אין מיטען דער דרשה שטעלט ער זיך אָב און מאַכט צום עולם:

— מיינט נישט, רבותי, אַז כ׳זאָג דאָס אַלץ פאַר אייך. באמת מיין איך דערמיט זיך אַליין, נאָר היות, ווי איך וויים, אַז איהר זענט נישט בעסער פאַר מיר, זאָג איך עס אַ ביסעל העכער, כדי איהר זאָלט אויך הערען.

איינער פון די סאַמע שטרענגסטע מגידים און מוכיחים איז געווען, ווי בעקאַנט, דער קעלמער מגיד, רבי משה־יצחק, וועלכער פלעגט אין זיינע דרשות שעלטען די אַפיקורסים און בעלי־עבירה ממש מיט טויטע קללות.

איינמאָל, דערצעהלט מען, איז ער געקומען קיין דובעלן, אַ קור־אָרט נעבען ריגע, וואוהין די ריגער אידען קומען זומער־צייט זיך באָדען אין ים. אַריינקומענדיג שבת אין שוהל, האָט דער קעלמער בעמערקט, ווי פיעל מתפללים, קור־געסט, דאַ־ווענען אָהן טליתים, מחמת אַוועקלאָזענדיג זיך שבת אין דער פריה אויפ׳ן שפּאַציר, פוילען זיי זיך מיטצוטראָגען מיט זיך די טליתים.

געהט ער אַרויף אויפ׳ן בעלעמער און ווענדעט זיך צום עולם:

— הערט זיך איין — מאַכט ער — רבותי, וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה:

— אַנומעלט בין איך געווען שבת אין ריגע. געה איך אַריין צו אַ בעל־הבית, זאָגט מען מיר, אַז ער איז נישטאָ אין דער היים.

— וואו איז ער? — פרעג איך.

— אַוועקגעפאָהרען — ענטפערט מען מיר — קיין דובעלן.

פלוצים הער איך פון אַ זייטיגען חדר אַ גרויס געוויין. כ׳געה אַריין אין חדר — קיינער איז נישטאָ, נאָר אויף דער וואַנד הענגט אַ טלית־זאַק און פון דעם טלית הערט זיך דאָס געוויין.

— טלית, טלית — פרעג איך איהם — וואָס וויינסטו?

— ס׳טייטשט — זאָגט דער טלית — ווי אַזוי זאָל איך נישט וויינען, אַז מיין

בעל־הבית איז אַוועקגעפאָהרען קיין דובעלן, האָט ער מיטגענומען מיט זיך דאָס גאָלד מיט'ן זילבער און בלויז מיך האָט ער איבערגעלאָזען...

האָב איך בערוהיגט דעם טלית און איהם געענטפערט:

— וויין נישט, טלית, וויין נישט... עס וועט דערפאַר אַמאָל קומען אַ טאָג, ווען דער בעל־הבית דיינער וועט מאַכען אַ פיעל וויטערע נסיעה, ווי קיין דובעלן, און דאַמאָלס וועט ער איבערלאָזען דאָס גאַנצע גאָלד מיט'ן זילבער אין דער היים, און נאָר דיך אַליין וועט ער מיטנעהמען...

דער רב פון אָפּאָלאָ (אונגאַרן), רבי עמרם, איז געוועזן בעקאַנט אַלס שאַרפער מוכיח, וועלכער פלעגט די קהלה נישט קאַרגען קיין מוסר, קיינעם פון זיי נישט נושא־פנים זיין, צוליעב וואָס די בעלי־בתים, איבערהויפּט די נגידים, פלעגען האָבען אויף איהם גרויס תרעומות, און בשעת ער האָט זיך איינמאָל געווענדעט צו די ראשי־הקהלה און געבעטען אַ הוספה אויף די שכירות האָבען זיי איהם אָבגעזאָגט.

— איצט — רופט זיך אָן צו זיי רבי עמרם, בעקומענדיג דעם אָבזאָג — איז מיר אַראָב אַ שטיין פון האַרצען. כל־ימי, זינט איך בין ביי אייך רב, האָב איך זיך מצער געווען, הלמאי מיינע דרשות האָבען נישט קיין שום פּעולה אויף אייך און אייהר ווערט אויף אַ האָר נישט בעסער. מיר האָבען דאָך אַ כלל, אַז „דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב", איז דאָך נישט אַנדערש, נאָר אַז מיינע ווערטער זענען נישט קיין יוצאים מן הלב, אַז זיי זענען נישט ריין פון פּניות און דעריבער זענען זיי נישט נכנסים אל הלב, האָבען זיי אויף אייך קיין ווירקונג נישט.

אַזוי פלעג איך זיך די גאַנצע צייט טראַכטען; איצט אָבער, בעת איך האָב אייך געבעטען אַ הוספה, וואָס דאָס איז דאָך שוין געוויס געווען דברים היוצאים מן הלב, דאָס האָב איך דאָך זיכער געמיינט מיט'ן גאַנצען האַרצען, און דאָך האָט דאָס אויך נישט געווירקט אויף אייך, איז מיר דאָס געוויסען געוואָרען אַ ביסעל רוהיגער, מחמת איצט זעה איך דאָך שוין, אַז די שולד איז נישט אין מיר...

(דעת זקנים)

אין קליוולאַנד איז געווען אַ רב, רבי יעקב פראמער, וועלכער האָט געהאַט גרויסע מחלוקות מיט די בעלי־בתים און איינמאָל, בשעת ער האָט זיך מיט זיי שאַרף צע־ווערטעלט, האָבען זיי פערלאַנגט פון איהם, ער זאָל זיך אָבזאָגען פון כסא־רבנות. דערהערענדיג די דאָזיגע חוצפה'דיגע פאָדערונג איז רבי יעקב אַרויף אויף דער בימה און אויסגעשריען צום עולם:

— הערט זיך איין, רבותי. איהר זאָלט וויסען איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אַז איך בין קליוולענדער רב און קליוולאַנד איז מיין שטאָדט. זענט איהר מרוצה דערויף — קענט איהר אויך זיין קליוולענדער בעלי־בתים, אלא נישט — קענט איהר אייך געהן פון דאַנען געזונטערהייד. איך האַלט אייך דאָ נישט...

(די וועלט דערצעהלט)

## אחרי הכותו את סיחון... (א. ד.)

פריהער וואָלטען די אידען פון זיינע מוסר־ווערטער נישט איבריג נתפעל גע־וואָרען. עט — וואָלטען זיי אירּאָניש געשמייכעלט — אַ מאָלע וואָס ער רעדט דאָרט, דער מלמד, דער בטלן... אָבער „אחרי הכותו את סיחון", נאָכדעם ווי ער האָט בעוויזען אָבצוהאַלטען אַזאַ גרויסען מיליטערישען נצחון אויפ'ן שלאַכט־פעלד, האָבען

זיי פאַר איהם גאָר אַנ׳אַנדערען דרך־ארץ בעקומען און גאָר אַנדערש זיך צוגעהערט צו זיינע מוסר־רייד. אַ איד, וואָס קאָן שלאָגען סיחוב׳ען — אָט דאָס איז שוין גאָר עפּיס אַנדערש...

## אחרי הכותו את סיחון וכו׳ הואיל משה באר את התורה הזאת... (א. ד. ה.)

„באר את התורה — בשבעים לשון פירשה להם" (רש"י)

פאַרוואָס עפּעס דווקא דאַמאָלס, נאָכ׳ן איינגעהמען די לענדער פון סיחון ועוג, האָט משה רבינו גענומען איבערזעצען די תורה אויף שבעים לשונות?

נאָר אין אָנהויב בראשית זאָגט רש"י: „לא היה צריך להתחיל את התורה אלא מהחדש הזה לכם וכו׳ שאם יאמרו האומות לישראל ליסטים אתם שכבשתם ארצות ז׳ אומות, הם אומרים להם כל הארץ של הקב"ה היא וכו׳ וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו", און דעריבער, נאָכ׳ן איינגעהמען די לענדער פון סיחון ועוג, אום אויסצומיידען די טענות פון די אומות: „ליסטים אתם", האָט משה רבינו איבערגעזעצט די תורה אויף אַלע שבעים לשונות, כדי זיי זאָלען זיך בעקענען מיט דער תורה און זעהן, אַז באַלד ביי בריאת העולם איז דאָס לאַנד בעשטימט געוואָרען פאַר די אידען, „והוא נטלה מהם ונתנה לנו"...

(ילקוט הגדולים)

## ד׳ אלקיכם הרבה אתכם... (א. י.)

דערויף ווערט געזאָגט אין מדרש רבה: „זה שאמר הכתוב אשתחוה אל היכל קדשך ביראתך" (תהלים ה׳).

וואָס מיינט דער מדרש צו זאָגען דערמיט?

איניגע מבארים (ווי דער „ידי משה" און „נבחר מפנינים") ווילען האָבען, אַז דאָ איז אַ טעות׳ הדפוס, אַז דער מדרש מיינט נישט דעם פּסוק פון תהלים ה׳, נאָר דעם עהנליכען פּסוק פון תהלים קל"ח און עס דאַרף זיין: „אשתחוה אל היכל קדשך וכו׳ וכתיב בתריה כי הגדלת על כל שמך אמרתך", און דאָס בעציהט זיך אויפ׳ן ווייטערדיגען אויספיהר פון מדרש: „כך אמר הקב"ה לאברהם שיגאל את בניו בב׳ אותיות".

באמת אָבער — בעמערקט דערויף דער „אסיפת חכמים" — איז דער דאָזיגער תיקון איבריג און די כוונה איז דאָ אַ גאַנץ אַנדערע און נעמליך: אין די ספרי קדמונים (רגל ישרה אות ס׳) ווערט געבראַכט בשם רב הונא, אַז אַלס סגולה געגען עין־הרע זאָל מען זאָגען דעם פּסוק: „ואני ברוב חסדך אבוא ביתך אשתחוה אל היכל קדשך ביראתך".

בעת, אַלזאָ, דער מדרש ברענגט דעם פּסוק „ד׳ אלקיכם הרבה אתכם והנכם היום ככוכבי השמים לרוב", גיט ער גלייך צו פון זיך: „אשתחוה אל היכל קדשך ביראתך", ווי זאָגענדיג: אָהן עין־הרע, אָהן אַ בייז אויג, חלילה...

## והנכם היום ככוכבי השמים לרוב... (א. י.)

דעריבער איז „לא אוכל לבדי שאת אתכם", איז מיר אַזוי שווער אייך צו דער־

טראָגען, ווייל „והנכם היום ככוכבי השמים לרוב", איהר זענט געגליכען צו די שטערען, און כידוע, בשעת צוויי פּלאַנעטען טרעפען זיך צונויף מאַכען זיי חרוב וועלטען, און דאָס זעלבע איז, ליידער, אויך מיט אידען: ווי נאָר עטליכע אידען קומען צווישען זיך אין בעריהרונג, אַזוי דראָהט עס מיט אַנ'אויפרייס, מיט פייער, מיט מורא'דיגע מחלוקת... און דעריבער: „ד' אלקי אבותיכם יוסף עליכם וכו' ויברך אתכם כאשר דבר לכם", עס זאָל מקוים ווערען אין אייך „כאשר דבר לכם", די אַלטע ברכה, אין וועלכע איהר זענט געגליכען געוואָרען צו זאַמד, „ושמתי את זרעך כעפר הארץ", זאַמד האָט די מעלה, וואָס עס לאָזט זיך פעראייניגען און האַלט זיך צוזאַמען...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

„מה הכוכבים — ווערט געזאָגט אין מדרש (במדבר רבה כ') — חולקים כבוד זה לזה ושלום ביניהם, כך הצדיקים".

און אויך די דאָזיגע ווערטער געהערען, אַלזאָ, צו די דברי־תוכחה. „והנכם היום — האָט זיי משה רבינו גע'מוסר'ט — ככוכבי השמים לרוב", געגליכען זענט איהר צו די שטערען בלויז מיט איין זאַך — „לרוב", אָבער נישט מיט דער צווייטער מדה פון די כוכבי השמים, מיט דער מדה פון — „ושלום ביניהם"...

(פנינים יקרים)

צו די שטערען זענט איהר, אידען, געגליכען. פונקט ווי די שטערען איז יעדער איינער פון אייך אַ גאַנצע וועלט, אַ בעזונדערע וועלט... און אויב אַזוי — „איכה אשא לבדי", ווי איז עס אַ יחיד אימשטאַנד אַנ'עצה צו געבען זיך מיט ששים רבוא וועלטען...

(מטה אהרן)

## ד' אלקיכם הרבה אתכם... איכה אשא לבדי... (א. י. יב.)

דערויף זאָגט דער מדרש: „הרבה אתכם — על גבי דיניכם"...

יעדער איינער פון אייך איז ביי זיך אַ חכם, יעדער איינער האַלט זיך העכער פון די דיינים, און וויבאַלד אַזוי — „איכה אשא לבדי", ווי־אַזוי איז מעגליך מיט אַזעלכע אויסצוקומען?...

(הרב יצחק ניסענבוים)

## ד' אלקי אבותיכם יוסף עליכם ככם אלף פעמים... (א. יא.)

„בברכותיו של משה יש בהם מסוף העולם ועד סופו, מה כתיב אלף פעמים, אלף פעם אין כתיב כאן אלא אלף פעמים" (מדרש רבה)

דער זין פונ'ם דאָזיגען אין פלוג אונפערשטענדליכען מדרש איז גאַנץ איינפאַך: די מחנה ישראל, ווי עס ווערט געזאָגט אין עירובין, האָט געהאַלטען ג' פרסאות. ווען עס וואָלט געשטאַנען „אלף פעם", וואָלט עס בעדייט: טויזענד מאָל אַזויפיעל, דאַגעגען „אלף פעמים" איז משמע צוויי טויזענד מאָל אַזויפיעל, דאָס הייסט, אַז די מחנה ישראל זאָל זיך ציהען אויף זעקס טויזענד פרסאות, און דאָס איז דאָך „מסוף העולם ועד סופו", דען — „שיתא אלפי פרסי הוי עלמא" (פסחים צ"ד)...

(רבי ר' העשיל)

„זו משלי הוא" (רש"י)

נאָכ'ן חטא פון עגל האָט השי"ת געזאָגט צו משה'ן: „ואעשה אותך לגוי גדול"; דיזעלבע ווערטער זענען אויך געזאָגט געוואָרען נאָכ'ן חטא פון די מרגלים, און „מדה טובה — זאָגען די חז"ל — מרובה ת"ק פעמים ממדת פורעניות", קומט, אַלזאָ, אויס, אַז נאָך דער צוויי־מאָליגער הבטחה: „ואעשה אותך לגוי גדול", דאַרף זיין — „יוסף עליכם ככם אלף פעמים"...

(פנים יפות)

## איכה אשא לבדי טרחכם ומשאכם וריבכם... (א. יב.)

„ומשאכם — מלמד שהיו אפיקורסין" (רש"י)

דען די שווערסטע משא אויפ'ן מענש — פלעגט דערויף זאָגען רבי נחמן בראַצ־לאַווער — איז דוקא די אפיקורסות. דעם מאמין איז אַ סך לייכטער אויפ'ן האַרצען, אַ סך לייכטער, ווי דעם אפיקורס, וועלכער געהט תמיד אַרום אָנגעלאָדען מיט ספקות...

## טרחכם ומשאכם וריבכם... שרי אלפים... ושרי עשרות... (א. יב. טו.)

די קריגערייען און אַרומרייסעניש זענען אַזוי וויט דערגאַנגען, אַז יעדע צעהן אידען האָבען געדאַרפט האָבען אַ דיין!...

(ספורנו)

## הבו לכם אנשים חכמים ונבונים... (א. יג.)

זעהט — האָט דער אויבערשטער געזאָגט צו די אידען — אַז אייערע פאַרשטעהער זאָלען זיין בעלי־בינה — „הבו לכם אנשים חכמים ונבונים"... בינה שטעהט ביים אויבערשטען העכער אפילו פון דער תורה. ווען אַ מענש לערנט אפילו תורה, נביאים וכתובים און אַלע סדרי בראשית, נאָר ער האָט קיין בינה נישט, איז זיין תורה גאָרנישט ווערט!...

(אותיות דרבי עקיבא)

יתרו האָט געזאָגט צו משה'ן: „ואתה תחזה" — ער זעלבסט זאָל זיי בעשטימען און נאָמינירען לויט זיין איינזעהן; אָבער משה האָט איהם נישט געפאָלגט און האָט געזאָגט: „הבו לכם אנשים", וועהלט אייך אַליין, לויט אייער ווילען!...

(פנים יפות)

„אנשים — צדיקים, חכמים — כסופים, ונבונים — מבינים דבר מתוך דבר" (רש"י)

צי איז נישט אין דער רש"י דאָ אַריינגעפאַלען עפּעס אַ טעות־הדפוס? דען אין ספרי, פון וואַנען דער דאָזיגער דרש איז גענומען, איז דער נוסח אַנדערש און נעמליך: „אנשים — צדיקים, כסופים, חכמים — כמשמעו, ונבונים — מבינים דבר מתוך דבר"...

(מאיר סאָקאָל)

דער האַגער רב, רבי שאול, האָט געהאַט אַ פרוי, דינה האָט זי געהייסען, וועלכע איז געווען אַ גרויסע מלומדת, אַ בקיאה בש"ס ופוסקים. זי פלעגט זיך אָפט אַריינמישען

אין דיני־תורה און האָט בכלל אָנגעפיהרט מיט'ן האַגער רבנות, פון וואָס די בעלי־בתים זענען נישט געווען צופרידען און עס פלעגט צוליעב דעם קומען צו אָפטע מחלוקת'ן.

איינמאָל איז געקומען צו איהם צו גאַסט זיין פריינד, רבי הערשעלע בערלינער, פאַר וועלכען ער האָט זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ וועגען זיין וויב'ס אויפפיהרונג.

אַז די רבי'צין איז אַריינגעקומען, ווענדעט זיך צו איהר רבי הערשעלע בערלינער און זאָגט:

— איהר קענט דאָך לערנען, רבי'צין, ווייסט איהר דאָך, אַז עס שטעהט אין פסוק: „הבו לכם אנשים חכמים וכו'". איז מילא, „חכמים" פערשטעהען מיר, אַז עס איז אַ מעלה, אָבער וואָס פאַר אַ מעלה איז „אנשים", מענער? נאָר דער פסוק ווענדעט זיך צו די שופטים און דיינים און זאָגט זיי אָן, אַז מיט רבני'שע ענינים דאַרפען אָנפיהרען „אנשים", מענער, נישט קיין ווייבער...

## ואשימם בראשיכם... (א. יג.)

דערויף זאָגט רש"י, ווי אויך דער בעל הטורים: „ואשמם חסר יו"ד", און אַלע מפרשים וואונדערען זיך: אין דער תורה איז דאָך דאָס וואָרט „ואשימם" יאָ געשריבען מיט אַ יו"ד, און אַזוי איז אויך אָנגעצייכענט אין דער מסורה: „ליתא ומלא"?

ווי עס בעמערקט דער חזקוני, ווי אויך דער מדקדק רבי וואָלף היידענהיים, האָבען זיי געפונען אַ צווייטען נוסח אין רש"י, וואו עס ווערט געזאָגט: „חסר אלף כתיב", אויך דאָס איז אונפערשטענדליך. און איינִיגע, ווי דער חדושי הרש"ש און אַנדערע, זענען דעריבער אין דער מיינונג, אַז די דאָזיגע ווערטער: „חסר כתיב" זענען שפּעטער צוגעגעבען געוואָרען דורך אַ „תלמיד טועה"...

## הבו לכם אנשים... ואשימם בראשיכם... (א. יג.)

אין תחילה האָט זיי משה רבינו פאָרגעלעגט: „הבו לכם אנשים", זיי זאָלען אַליין מאַכען וואַהלען און אַליין אויסקלויבען די פּאַסענדע מנהיגים. ביי אידען אָבער, געהען, לוידער, נישט צו אַזעלכע זאַכען אַזוי לייכט. ווי נור וואַהלען — אַזוי צופלאַקערט זיך אַ פייער פון מורא'דיגע מחלוקת און אינטריגעס, און ער האָט לסוף קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט, נאָר — „ואקח את ראשי שבטיכם", אַליין מאַכען וואַהלען און אַליין קלויבען...

(כלי חמדה)

דער זנב פון אַ שלאַנג האָט זיך אַמאָל געווענדעט צום קאָפּ און געזאָגט: פאַרוואָס עפּעס זאָלסט דו שטענדיג געהן פאָראויס און איך פון הינטען? איך וויל געהן פאָראויס. ענטפערט איהם דער קאָפּ: אדרבה, געה! איז דער זנב געגאַנגען פאָראויס און אָט איז די שלאַנג אַריינגעשליידערט געוואָרען אין אַ גרוב מיט וואַסער, אָט איז זי אַריינגעפאַלען אין אַ פייער, אָט האָט זי זיך פערפלאָנטערט צווישען דערנער. ווער האָט גורם געווען דערצו? דאָס, וואָס דער קאָפּ האָט זיך געלאָזט פיהרען פונ'ם זנב. „הבו לכם אנשים חכמים ונבונים וכו' ואשימם בראשיכם", זיי זאָלען געהן בראש, פאָראויס! די קטנים זאָלען פאָלגען און נאָכגעהן נאָך די גדולים און נישט פערקעהרט!...

(מדרש רבה)

צוויי מענשען זענען אַמאָל געגאַנגען אין וועג. איינער פון זיי האָט געהאַט מיט זיך דריי חלות, און דער צווייטער — צוויי חלות. אויפ׳ן וועג האָבען זיי בעגעגענט אַ דריטען וואַנדערער, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין צידה לדרך, און זיי האָבען איהם פאַרגעלעגט צו געניסען פון זייער שפייז. בשעת דער דריטער וואַנדערער האָט זיך פון זיי אָבגעשיידט, נאָכדעם ווי זיי האָבען שוין צוזאַמען געהאַט אויפגעגעסען אַלע פינף חלות, האָט ער אַרויסגענומען פינף גילדען און זיי געגעבען פאַר דעם חלק, וואָס ער האָט געגעסען. דאָ איז צווישען די צוויי ענטשטאַנען אַ סכסוך וועגען דער פונאַנדערטיילונג פון געלד. דער, וואָס האָט געהאַט די דריי חלות האָט גע׳טענה׳ט, אַז לויט׳ן חשבון האָט יענער געגעסען דריי פינפטעל פון זיינע חלות און צוויי פינפטעל פונ׳ם צווייטענ׳ס חלות, קומט איהם דעריבער דריי גילדען און דעם חבר — צוויי. דאַגעגען דער צווייטער האָט געהאַלטען, אַז מען דאַרף זיך מיט דעם געלד גלייך צוטיילען, מחמת יענער האָט ביי׳ם עסען כלל נישט מקפיד געווען צו עסען פון די חלות מעהר און פון די ווייניגער. נישט קאָנענדיג קומען צו קיין אויסגלייך זענען זיי אַוועק האַלטען אַ דין־תורה פאַר׳ן אבן־עזרא. דער אבן־עזרא האָט אויסגעהערט די טענות און גע׳פסקנ׳ט, אַז דער פון די דריי חלות דאַרף בעקומען פיער גילדען און דער צווייטער נישט מעהר, ווי איין גילדען... די בעלי־דינים זענען געבליבען ערשטוינט פונ׳ם אויסטערלישען פסק, לויט וועלכען איין בעל־דין בעקומט נאָך מעהר, ווי ער האָט אַליין פערלאַנגט, און דאַן האָט עס זיי דער אבן־עזרא ערקלערט:

— געהאַט האָט איהר צוזאַמען פינף חלות, צו וועלכע איהר זענט געווען דריי פערזאָן. יעדער פון אייך האָט, הייסט עס, אויפגעגעסען אַ דריטעל. יעדע חלה איז אַזוי אַרום פערטיילט געוואָרען אויף דריי חלקים. די פינף חלות — אויף פופצעהן חלקים, פופצעהן דריטלען, פינף דריטלען אויף אַ פערזאָן. דער אייגענטימער פון די צוויי חלות האָט, אַלזאָ, געהאַט זעקס דריטלען, פון וועלכע פינף דריטלען האָט ער אַליין אויפגעגעסען און נור איין דריטעל, דאָס זעקסטע דריטעל, האָט ער אַוועקגעגעבען דעם דריטען וואַנדערער, קומט איהם דעריבער נישט מעהר, ווי איין גילדען. דער צווייטער דאַגעגען, דער אייגענטימער פון די דריי חלות, האָט געהאַט ניין דריטלען, אויפעסענדיג אַליין פינף האָט ער אַוועקגעגעבען יענעם פיער און איהם קומט, אַלזאָ, פיער גילדען...

(אין ספר „המבקש״ ווערט דער דאָזיגער פסק־דין איבערגעגעבען אין נאָמען פון ר׳ שם טוב פאלקירא).

צוויי סוחרים, וועלכע האָבען געהאַנדעלט מיט פלאַקס, האָבען געדונגען אַ שיף איבערצופיהרען די סחורה קיין פריסען, און יעדער פון זיי האָט אַוועקגעלעגט די סחורה אויף דער שיף אין אַ בעזונדער ווינקעל. אויפ׳ן וועג איז איינעם פון זיי אַריין אַ שלעכטער געדאַנק און ביינאַכט, ווען דער צווייטער סוחר איז געשלאָפען, איז ער אין דער פינסטער אַוועק צום אָרט, וואו עס איז געלעגען די סחורה, און ער האָט גענומען איבערטראָגען אַ טייל פון יענעמ׳ס פלאַקס צו זיך, צו זיין לאַגער. געקומען אויפ׳ן אָרט נעהמט דער גנב איבערוועגען די סחורה און ער בלייבט שטעהן אַ מבולבל׳ער: לויט׳ן חשבון וואָלט ער איצט געדאַרפט האָבען מעהר סחורה וויפיעל ער האָט געלאָדעוועט אויף דער שיף, ולסוף האָט ער גאָר ווייניגער, אַ סך ווייניגער ווי פריהער!... ער האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז ער איז נעביך געפאַלען אַ קרבן פון אַ ביטערען טעות, אַז אַנשטאָט איבערצוטראָגען יענעמ׳ס סחורה צו זיך, האָט ער אין דער פינסטער פערביטען די יוצרות און זיין סחורה איבערגעטראָגען צו יענעם... וואָס טהוט מען? דערצעהלען?

— וועט ער זיך אַליין אויסגעבען אַלס גנב. פערשוויגען? — וועט איהם אויסקומען צו ליידען אַ גרויסען היזק. נאָך אַ לאַנגען ישוב־הדעת האָט סוף־כל־סוף דער כח פון געלד גובר געווען און ער איז אַוועק צום סוחר און איהם מגלה געווען דעם גאַנצען אמת: אַזוי און אַזוי, ער האָט איהם בדעה געהאַט צו בע׳גנב׳ענען, אָבער צו זיין אומגליק האָט ער זיך אַליין בע׳גנב׳עט און ער פערלאַנגט דעריבער, ער זאָל איהם צוריקגעבען די סחורה, וואָס ער האָט עפ״י טעות צו איהם איבערגעטראָגען... דערויף האָט איהם יענער סוחר געענטפערט, אַז ער גלויבט איהם נישט, ער האַלט נישט, ער זאָל זיין פעהיג אויף אַזאַ זאַך. אמת, ער האָט טאַקי מעהר סחורה, וויפיעל עס וואָלט געדאַרפט זיין, אָבער דערפון איז נישט געדרונגען, אַז דאָס איז זיין סחורה. אפשר האָט דער פריץ, ביי ווען ער האָט די סחורה געקויפט, געהאַט אַ טעות אין דער וואָג און ער דאַרף דעם יתור צוריקגעבען דעם פריץ...

בקיצור, זיי זענען אַוועק האַלטען אַ דין־תורה קיין קעניגסבערג, צום מלבי״ם, פאַר וועלכען יעדער האָט איבערגע׳חזר׳ט זיינע פריהערדיגע טענות. דער ערשטער האָט גע׳טענה׳ט: רבי, אַ שלעכטע מינוט איז אויף מיר אָנגעקומען, כ׳האָב איהם געוואָלט בע׳גנב׳ענען און עפ״י טעות האָב איך זיך אַליין בע׳גנב׳עט. דער צווייטער דאַגעגען האָט ערקלערט: ניין, רבי, גלויבט איהם נישט. איך קען איהם זינט יאָהרען פאַר אַנ׳עהרליכען סוחר, וועלכער איז באין אופן נישט פעהיג אויף אַזעלכע זאַכען...

דער מלבי״ם האָט אַרויסגעגעבען אַ פסק, אַז מען דאַרף דעם ערשטען סוחר געבען אַ שבועה: ער מוז שווערען בהן־צדקו, אַז ער האָט דעם צווייטען געוואָלט בע׳גנב׳ענען און דאַן בעקומט ער צוריק די סחורה, וואָס ער האָט זיך אַליין בע׳גנב׳עט...

אַנ׳עהנליכע געשיכטע האָט אַמאָל פּאַסירט אין פּראַג. צוויי פּראַגער אידען, אַ רייכער סוחר און זיין אָנגעשטעלטער, האָבען געפיהרט אַ ריזיגען טראַנספּאָרט וויין פון אונגאַרן. אויפ׳ן וועג, פערבייפאָהרענדיג אין אַן אַכסניא, האָט דער אָנגעשטעלטער, וועלכער האָט געהאַט ביי זיך אַביסעל געלד, וואָס ער האָט אָבגעשפּאָרט במשך פון לאַנגע יאָהרען, מורא געהאַט צו פיהרען דאָס געלד מיט זיך, און ביינאַכט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפען האָט ער דאָס געלד פערשלאָסען אין אַ בלעכערנע כלי און דאַן איז ער אַוועק אין הויף צו די וויין־פעסער, געעפענט איין פאַס, אַריינגעלעגט אַהין דאָס געלד, צוריק פערקלאַפּט, און זיך געמאַכט אַ סימן, ער זאָל דאָס פאַס דערקענען. צו דער זעלבער צייט איז גראַד דער בעל־הבית דורכגעגאַנגען דורכ׳ן הויף, אָבער ער איז געווען זיכער, אַז יענער האָט גאָרנישט בעמערקט... געקומען קיין פּראַג, ער עפענט דעם פאַס — דאָס געלד איז נישטאָ! אַ דערשלאָגענער איז ער אַוועק צום נודע־ביהודה און איהם דערצעהלט פון זיין אומגליק. דער רב האָט תיכף געשיקט נאָכ׳ן רייכען בעל־הבית און מיט ווייכע רייד האָט ער איהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז הגם עס איז איהם זעהר שווער חושד צו זיין, אַז ער, דער חשוב׳ער בעל־הבית, אַנ׳אָנגעזעהענער גביר, זאָל האָבען צוגעריהרט זיין האַנד צום געלד פון זיין אָרימען אָנגעשטעלטען, דאָך, היות, ווי אויסער איהם, איז קיינער דאַמאָלס אויפ׳ן הויף נישט דורכגעגאַנגען, מוז ער, אַליזאַ, דער רב, דורכפיהרען אַ געהעריגע חקירה־ודרישה... דער גביר איז געוואָרען מלא־כעס און גענומען זידלען דעם אָנגעשטעלטען כאחד־הריקים: אַזאַ קבצן, אַזאַ גאָרנישט! אָט אַזוי דאַנקט ער איהם אָב פאַר דעם ברויט, וואָס ער עסט ביי איהם, פאַר דעם גוטס, וואָס ער האָט מיט איהם געטהון! אין גניבה איז ער איהם גאָר חושד?... געזעהען, אַז ער לאָזט גאָרנישט ריידען צו זיך, רופט זיך אָן צו איהם דער נודע־ביהודה: האָט קיין פעראיבעל נישט, אויך איך גלויב נישט, אַז איהר זאָלט האָבען, חלילה, צוגענומען

דאָס אָרימע געלד, און אויך אייער אָנגעשטעלטער איז אייך דערין נישט חושד, אָבער היות ווי דאָס געלד וואָס ער האָט אַריינגעלעגט אין איינעם פון די וויין־פעסער, פעהלט דאָך פאָרט, איז נישט אַנדערש, נאָר דאָס האָבען געטהון די גוי׳אישע פוהרמאַנעס, אויפ׳ן וועג האָבען זיי ביינאַכט געעפענט די פעסער, אַריינגעשטעקט די הענד אין יעדען פאַס און געזוכט, ביז זיי האָבען אין איינעם פון זיי געפינען דאָס געלד. אַלזאָ, איהר אַליין זענט פריי פון יעדען חשד, איהר דאַרפט איהם דעם היזק נישט אומקערען, אָבער דעם וויין איז אסור צו נוצען, וואָרום איהר ווייסט דאָך, וויין צו וועלכען נישט־אידישע הענד האָבען זיך צוגעריהרט, האָט דעם דין פון יין־נסך... ווי דער בעל־הבית האָט דאָס דערהערט, איז ער געוואָרען בלייך ווי קאַלך און גענומען ציטערען, ווי גרויס ער איז. אינ׳ם דאָזיגען וויין האָט ער אַ האַלב פערמעגען אַריינגעלעגט און איצט שטעהט איהם פאַר בדיל־הדל צו ווערען!... וואָס טהוט מען דאָ? נישט זעהענדיג קיין אַנדער אויס־וועג פון דער שווערער לאַגע, האָט ער אַריינגעבעטען דעם נודע־ביהודה אין אַ חדר־מיוחד און מיט טרעהרען אין די אויגען האָט ער זיך מתודה געווען, אַז נישט די גוי׳אישע פוהרמאַנעס, נאָר ער, איז ער מודה דעם אמת, האָט דאָס געלד אַרויסגענומען; אָבער פאַר׳ן נודע־ביהודה איז די דאָזיגע ערקלערונג וועניג געווען. ניין — מאַכט ער צו איהם — ער גלויבט איהם נישט. ערשטענס, האָבען מיר אַ כלל, אַז „אין אדם משים עצמו רשע״, צווייטענס, פונוואַנען איז ער זיכער, אַז ער נעהמט נישט אומישנע אויף זיך די שולד, בכדי אויסצומיידען דעם גרויסען היזק, וואָס עס שטעהט איהם פאַר, אויב דער וויין זאָל ערקלערט ווערען אַלס יין־נסך?... דערויף האָט דער בעל־הבית אויפגעוויזען מיט פערשידענע סימנים, אַז נור ער האָט דאָס געלד גע׳גנב׳עט, ער און נישט קיין אַנדערער, און דאַן האָט דער נודע־ביהודה שטרענג ערקלערט, אַז ער וועט איהם פריהער נישט גלויבען, ביז ער וועט נישט שווערען אין שוהל פאַר׳ן גאַנצען עולם, אַז ער איז געווען דער גנב... וכך היה, דער רייכער בעל־הבית איז אַוועק אין שוהל, אַרויף אויפ׳ן בעלעמער און בפני כל עם ועדה אָבגעגעבען אַ שבועה, אַז ער איז דער גנב, ער האָט ביי זיין אָרימען אָנגעשטעלטען צוגע׳גנב׳עט דאָס געלד, וואָס ער איז איהם גלייך גרייט אומצוקעהרען מיט קנס, וויפיעל דער רב וועט פערלאַנגען פון איהם — און ערשט דאַן האָט דער נודע־ביהודה גע׳כשר׳ט דעם וויין...

צום נודע־ביהודה זענען אַמאָל געקומען האַלטען אַ דין־תורה צוויי בעלי־דברים, פון וועלכע איינער איז געווען געקליידעט ווי אַ בעל־עגלה און דער צווייטער האָט געהאַט דעם אויסזעהען פון אַ רייכען סוחר. דער, וואָס איז געווען געקליידעט ווי אַ בעל־עגלה האָט מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט, אַז ער איז אַ רייכער תבואה־סוחר פון אַ ווייטער שטאָדט און ער האָט געדונגען אָט דעם צווייטען בעל־דבר, וועלכער איז פון דער פּראָפעסיע אַ בעל־עגלה, ער זאָל מיט איהם פאָהרען קיין פּראָג. אויפ׳ן וועג, ווען זיי האָבען זיך געפונען אין אַ וויסטען וואַלד, איז יענער אויף איהם אָנגעפאַלען און איהם געצוואונגען אָבצוגעבען איהם דאָס גאַנצע געלד, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך. ער האָט איהם געצוואונגען צו בייטען זיך מיט דער קליידונג: ער, דער רייכער סוחר, האָט געמוזט אַראָבוואַרפען פון זיך די טייערע מלבושים און אָנטהון די קליידער פון בעל־עגלה, ווי אויך פערנעהמען זיין אָרט און מיט דער בייטש אין האַנד אָנטרייבען די פערד, דאַגעגען דער בעל־עגלה האָט אָנגעטהון די סוחר׳שע מלבושים און זיך אַוועקגעזעצט אין דער קאַרעטע און אָט אַזוי זענען זיי געקומען קיין פּראָג, וואו דער גזלן מיט׳ן צוגערויבטען געלד שפּילט איצט די ראָליע פון אַ גרויסען סוחר, און ער, דער אומגליקליכער קרבן, אָהן אַ גראָשען אין טאַש, לויפט נעביך אַרום מיט דער

בייטש אין האַנד און דערצעהלט אַלעמען וועגען דעם גרויסען אומגליק, וואָס עס איז איהם געשעהען, אָבער קיינער גלויבט איהם נישט און מען מאַכט גאָר חוזק פון איהם, און ערשט נאָך פיעל געבעט און געוויין איז איהם געלונגען צו פועל'ן ביי עטליכע מענשען, זיי זאָלען צווינגען דעם גזלן, ער זאָל געהן מיט איהם צו אַ דין־תורה.

— און וואָס טענה'ט איהר? — פרעגט דער נודע־ביהודה דעם צווייטען בעל־דבר, וואָס האָט דעם אויסזעהען פון אַ רייכען סוחר.

— וואָס האָב איך צו טענה'ן? — שמייכעלט ער — איהר זעהט דאָך אַליין, רבי, אַלע זעהען עס, אַז דער איד איז נעביך אַ חסר דעה לא עלינו. ער האָט זיך אַריינגע־נומען רחמנא לצלן אַ משוגעת אין קאָפּ, אַז ער איז דער סוחר און איך בין דער בעל־עגלה און שוין צוויי טעג, ווי ער לויפט מיר נאָך אין די גאַסען און איך קאָן זיך פון איהם נישט אָבטשעפּען.

דער נודע־ביהודה האָט זיי געגומען אויף אַ שטרענגען פערהער, אָבערביידע האָבען זיך פעסט געהאַלטען ביי זייערע טענות און ס'איז אונמעגליך געווען פון זיי צו דערגעהן אַ טאָלק. דאַן האָט ער זיי געהייסען קומען פאַרטאָג, וועט ער אַרויסטראָגען דעם פסק.

בעת די בעלי־דינים זענען אַוועק האָט דער נודע־ביהודה אַריינגערופען דעם שמש און איהם אָנגעזאָגט, אַז בשעת די דאָזיגע לייט וועלען צומאָרגענס אין דער פריה קומען, זאָל ער זיי אויף קיין פאַל נישט אַריינלאָזען צו איהם, נאָר ער זאָל זיי אַוועק־זעצען אין אַ בעזונדער צימער און דאָרט הייסען זיי וואַרטען.

צומאָרגענס פאַרטאָג זענען די בעלי־דינים געקומען. עס געהט אַריבער אַ האַלבע שעה, אַ שעה, אָבער דער שמש ערקלערט, אַז מען קאָן נאָך צום רב נישט אַריינגעהן, זיי מוזען צוואַרטען. עס איז שוין צוויי שעה, דריי שעה, דער נתבע, דער רייך־געקליידעטער סוחר, ווערט אונגעדולדיג, ער פרובט דערלאַנגען דעם שמש אַ זילבערנע מטבע, אַז ער זאָל זיך משתדל זיין ביי'ם רב, ער זאָל זיי אויפנעהמען, אָבער דער שמש ערקלערט, אַז ער קאָן דאָ גאָרנישט טהון, דער רב הייסט וואַרטען.

עס איז שוין אַ האַלבער טאָג, די בעלי־דינים זיצען ווי אויף הייסע קוילען, די הערצער חלש'ן זיי פון הונגער. פון צווייטען צימער הערען זיי, ווי דער רב זיצט און לערנט, אָדער ער שפּרייזט אויף־און־אָב איבער דער שטוב, גלייך ווי ער וואָלט גאָר פערגעסען אין די בעלי־דינים, וואָס ער האָט געהייסען קומען פאַרטאָג. און ווען זייער אונגעדולד און שפּאַנונג האָט שוין דערגרייכט די העכסטע מאָס, האָט פּלוצים דער נודע־ביהודה אויפגעפּראַלט האַסטיג די טיר און הויך אַ געשריי געטהון:

— בעל־עגלה, קום אַריין!

דער געקליידעטער ווי אַ סוחר איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און צוגעלאָפען צום רב, ווערענד דער געקליידעטער ווי אַ בעל־עגלה איז געבליבען זיצען אויף זיין אָרט.

און דאַן איז שוין מיט איינמאָל קלאָר געוואָרען, ווער עס איז דער בעל־עגלה, און ווער — דער סוחר...

## אנשים חכמים ונבונים וידועים לשבטיכם... (א. יג.)

דער סמ"ג פערטייטשט דאָס וואָרט „וידועים": בעליעבטע. בעשטימען זאָלט איהר נאָר אַזעלכע דיינים, וועלכע זאָלען זיין בעליעבט ביי'ם קהל, פון לשון „כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו".

„וידועים לשבטיכם" — לויט די נשיאים און מנהיגים וועט מען דערקענען אייערע שבטים, דען — „פרנס לפי דורו ודור לפי פרנסו"...

(תכלת מרדכי)

דער רמב"ם רעכענט אויס זיבעבן מעלות, וועלכע דער דיין דאַרף בעזיצען, איינע פון זיי איז — „אהבת הבריות להם"...

„פני הדור כפני הכלב" (סוטה מ"ט)

אַ כלב, וואָס מעהר ער חנפ'עט דעם בעל־הבית, אַלץ מעהר חשוב איז ער ביי איהם, און וואָס קלענער ער איז, אַלץ מעהר ווערט האָט ער. קליין־ראַסאָווע הינטלעך זענען טייערער, ווי גרויסע.

בעקבתא דמשיחא וועלען אויך די „פני", די מנהיגים, אַזוי אויסזעהן. וואָס קלענער זיי וועלען זיין בתורה ובמדות און וואָס מעהר חניפה זיי וועלען בעזיצען, אַלץ אַ גרע־סערען פּלאַץ וועלען זיי פערנעהמען...

(רבי וואָלף האַמבורגער)

„אם ראית דור שצרות רבות באות עליו, צא ובדוק בדייני ישראל, שכל פורענות שבאה לעולם לא באה אלא בשביל דייני ישראל" (שבת קל"ט)

פרעגט מען: אין אַן־אַנדער אָרט זאָגען דאָך גאָר די חז"ל: „אין פורענות באה לעולם אלא בשביל עמי הארץ" (בבא־בתרא ה'), אַז שולדיג אין אַלע פורעניות'ן זענען די עמי־הארצים?

באמת איז עס אָבער קיין שום סתירה נישט. עס איז היינו־הך. צוליעב דעם, וואָס די עמי־הארצים בעקומען די הויפּט־דעה אין די קהל'שע ענינים און ביי רבני'שע וואַהלען, ווערען, ליידער, אויסגעקליבען אַזעלכע רבנים, וועלכע זענען נישט בעסער פון זיי...

און וועגען דעם שרייבט אויך דער מהרש"א (סוטה מ'): „אבל ראיתי גדול הסיבה בזה שהבעלי־בתים הם הם הממנים ומבררים להם ראש כפי רצונם לפי הנאת כל אחד מהם וביותר בממון"...

(נחלי דבש)

מען האָט אַמאָל געפרעגט דעם פערשטאָרבענעם לובלינער ראש־ישיבה, הרב שפּירא:

— לובלינער רב! מען האַלט דאָך אייך פאַר אַן־איש־אמת, פאַר אַ מענש, וואָס איז ווייט פון חניפה און פּראָטעקציע, טאָ וואָס איז די סיבה, וואָס איהר נעהמט אַריין אין אייער „ישיבת חכמי לובלין" אַזויפיעל רבי'שע אייניקלעך?

האָט ער דערויף געענטפערט:

— איך ווייס דאָך, אַז די דאָזיגע רבי'שע אייניקלעך וועלען מיט'ן כוח פון די רבי'שע הויפען סיי־ווי ווערען רבנים, טאָ זאָלען זיי כאָטש קענען אַביסעל לערנען...

מען האָט געפרעגט רבי יאָשע־בער בריסקער: פאַרוואָס אין די גרויסע שטעדט איז עפ"י רוב פאַרהאַן נור איין רב, אַ גדול בתורה, און דוקא אין די קליינע שטעדטלעך בעגרעניצט מען זיך נישט מיט איינעם, נאָר מען מוז דוקא האָבען צוויי און זאָגאָר דריי רבנים?

— אַזוי פיהרט זיך שוין אין לעבען — האָט רבי יאָשע־בער געענטפערט — אַ

בגיד קויפט זיך פאַר זיין געברויך איין קוה און ער האָט פון איהר מילך בשפע; דאַגעגען אַנ׳אָרימאַן קויפט זיך צוויי ציגען, און ער האָט פון ביידע אַ חולאת...

## ואקח את ראשי שבטיכם אנשים חכמים... (א. טו.)

מען האָט אַמאָל געפרעגט רבי איזיל סלאָנימער:

— וויפיעל פּראָצענט חכמים פערמאָגט, לויט אייער מיינונג, דאָס אידישע פאָלק?

— נישט וועניגער — האָט ער גלייך געענטפערט — ווי צעהן פּראָצענט.

— פון וואַנען נעהמט איהר עס?

— פון די „שרי עשרות". משה רבינו אַליין זאָגט עדות, אַז גענומען האָט ער לויטער חכמים און זיי געמאַכט פאַר שרי־עשרות. הייסט דאָך עס, אַז יעדער צעהנטער איד איז אַ חכם...

— און וויפיעל פּראָצענט שוטים — האָט מען איהם ווייטער געפרעגט — געפינען זיך ביי אידען?

— כ׳מיין, אַז אויך נישט וועניגער פון צעהן פּראָצענט.

— פון וואַנען נעהמט איהר עס?

— גאָר פּשוט, פון די חזנים. יעטוועדער מנין האָט דאָך אַ חזן...

„אבל נבונים לא מצאתי" (רש״י)

אַ נבון איז וויטזיכטיגער ווי אַ חכם, ער איז אַ „מבין דבר מתוך דבר". די נבונים, צוזעהענדיג, ווי די אידען פערביטערען משה׳ן דאָס לעבען, האָבען זיי זיך אָבגעזאָגט פון די פאָרגעלעגטע התמנות׳ן און האָבען נישט געוואָלט ווערען קיין מנהיגים, בעטראַכטענדיג זיך, אַז זיי וועלען האָבען דעם זעלבען גורל, וואָס משה...

(חוות דעת)

## ושפטתם צדק בין איש ובין אחיו ובין גרו... (א. טז.)

צום לאָדזער רב, רבי אלי׳ חיים, איז אַמאָל געקומען אַ גוי און געבעטען, אַז ער וויל רעדען מיט׳ן „פּאַן ראַבין" אונטער פיער אויגען. רבי אלי׳ חיים איז מיט איהם אַריין אין אַ חדר־מיוחד און דאָן פערטרויט איהם דער גוי אַזאַ מעשה:

אַליין — דערצעהלט ער — איז ער אַ לאָדזער און וואוינט אויפ׳ן באַלוט. ער איז געוועזן פערמישט אין דער „פּאָווסטאַניע", האַלטענדיג דאָן די קאַסע פון גאַנצען געגענד. אַז די פּאָווסטאַניע איז דערשטיקט געוואָרען, איז געבליבען ביי איהם געלד, אַרום אַכציג טויזענד רובעל. דאָס געלד האָט ער בעגראָבען אין קעלער פון הויז, וואו ער וואוינט, אָבגעהיטען עס ווי אַנ׳אויג אין קאָפּ און קיין בן־אדם האָט דערפון נישט געוואוסט. פון צייט צו צייט פלעגט ער אין מיטען דער נאַכט איינער אַליין אַראָבגעהן אין קעלער און דאָס געלד איבערצעהלען. אַזוי איז אַוועק אַ צייט מיט יאָהרען. אַנומעלט אָבער, ער געהט אַראָב אין קעלער — דאָס געלד איז נישטאָ! ער האָט גענומען וויינען, שרייען, געריסען זיך די האָר פון קאָפּ, שכנים זענען זיך צונויפגעלאָפען, אָבער קיינער קאָן איהם נישט העלפען — דאָס געלד איז נישטאָ!

— האָט איהר — פרעגט איהם רבי אלי׳ חיים — אַ חשד אויף עמיצען?

— כ׳וויס אַליין נישט, פּאַניע ראַבין. די מעשה איז אַזוי: מיט מיר אין איין הויז וואוינט אַ איד, אַ סטאָלאַר, אַנ׳אָרימער בעל־מלאכה, תמיד האָט ער געלעבט אין גרויס בויט, אָבער זינט אַ צייט אַהער איז דער סטאָלאַר אויפגעריכט געוואָרען און אָנגעהויבען

לעבן מעשה־גביר, און אַז די שכנים פרעגען איהם, פון וואַנען ער איז רייך געוואָרען, ענטפערט ער, אַז זיין ווייב׳ס אַן׳עלטער־פעטער איז געשטאָרבען אין לאָנדאָן און איהם איבערגעלאָזען אַ גרויסע ירושה... צי איז דאָס ריכטיג, אָדער נישט, ווייס איך נישט.

רבי אלי׳ חיים הייסט דעם גוי קומען אין אַ טאָג אַרום און דאַן לאָזט ער גלייך רופען צו זיך דעם סטאָלאַר.

— כ׳האָב געהערט — מאַכט צו איהם רבי אלי׳ חיים — אַז איהר זענט אויפגע־ריכט געוואָרען, געוואָרען אָהן ע״ה אַן׳עושר, איז פאַרוואָס זאָל אַזאַ איד ווי איהר נישט אַמאָל אַריינקומען צו מיר געבען אַ נדבה אויף אַ דבר־שבצדקה?

— גערעכט, רבי, ס׳איז מיר גאָר פון זינען אַרויס, אדרבה, רבי, כ׳וועל זיך אודאי נישט אָבזאָגען.

— איז עפּעס אייער פעטער — פרעגט איהם ווייטער רבי אלי׳ חיים — געווען אַ גרויסער עושר?

— יאָ — ענטפערט דער סטאָלאַר — אַ גרויסער אדיר...

— האָט ער עפּעס געלאָזען נאָך זיך יורשים?

דער סטאָלאַר פּלאָנטערט עפּעס מיט דער צונג, פון וואָס רבי אלי׳ חיים פּער־שטעהט, אַז די מעשה מיט דער ירושה איז נישט אַזוי גלאַטיג.

— הערט זיך איין — מאַכט צו איהם רבי אלי׳ חיים שטילערהייד — כ׳האָב איך געשיקט רופען פון אייער טובה וועגען, איך מציל זיין פון אַן אומגליק. מען האָט מיר פערטרויט, אַז איהר צאָהלט מיט פאַלש געלד, איהר ווייסט דאָך מיט וואָס אַזאַ זאַך שמעקט...

ווערט דער איד בלייך ווי קאַלך. עס איז איהם איצט קלאָר געוואָרען, אַז דער דאָזיגער סודות׳דיגער גוי, דער שכן זיינער, איז עוסק אין מאַכען פאַלש געלד, און דערפאַר בעהאַלט ער זיך עס אַזוי שטענדיג אין קעלער...

— רבי — הויבט ער אָן ציטערען — כ׳וועל אייך זאָגען דעם גאַנצען אמת. דאָס געלד האָב איך געפונען בעגראָבען אין קעלער פון הויז, וואו איך וואוין. שפּעטער בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז אַ גוי, אַ שכן האָט עס בעגראָבען. ווער זאָל זיך ריכטען, אַז ער מאַכט פאַלש געלד?

— לויפט שוין אַהיים — וואָרענט איהם דער רב — און ברענגט אַהער דאָס גאַנצע געלד, וואָס איהר האָט נאָר ביי זיך.

דער סטאָלאַר האָט געפאָלגט און ברענגענדיג דאָס גאַנצע פּעקעל געלד, האָט עס רבי אלי׳ חיים פון איהם צוגענומען און געזאָגט:

— מהיום והלאה, ר׳ איד, זאָלט איהר וויסען, אַז מען טאָר נישט נעהמען קיין פרעמד׳ס. דאָס געלד איז טאַקי אמת׳ע געלד, אָבער — עס איז נישט אייער׳ס.

און אויף צומאָרגענס האָט דער גוי צוריק בעקומען זיין געלד...

(די וועלט דערצעהלט)

## לא תכירו פנים במשפט... (א. יז.)

דאָס ווערט געמיינט פשוט: די דיינים טאָרען בעת׳ן משפט׳ן נישט זעהען די פנים׳ער פון די בעלי־דינים, און דאָס איז אויך דער פשט אין דער גמרא: „מאימתי התחלת דין — משיתעטפו הדיינין" (שבת י׳), און דער טעם דערפון איז, ווייל „כשיהי׳ בעלי דינים עומדים לפניך יהי׳ בעיניך כרשעים" און — „אסור לאדם להסתכל בצלם דמות אדם רשע"...

(ספר ינחנו)

אַזוי האָט זיך אויך נוהג געווען רבי שמעלקי ניקעלשבורגער. בשעת ער פלעגט זיצען ביי אַ דין־תורה איז זיין פנים געווען איינגעוויקעלט אין אַ טלית, כדי נישט צו זעהען די בעלי־דינים, טאָמער איז ווער פון זיי זיינ׳ס אַ מקורב.

און דאָס, פלעגט ער זאָגען, איז דער פשט אין דער גמרא: „משרבו רואי פנים בדין בטל לא תגורו״ (סוטה מ״ז)...

און אַזוי ווערט אויך דערצעהלט וועגען ביאַליסטאָקער רב, רבי וועלוועלע, דער מחבר פון „מראות הצובאות״. איינמאָל איז פאַר זיין הויז צוגעפאָהרען אַ פריצ׳ישע קאַרעטע, פונוואַנען עס זענען אויסגעשטיגען די צוויי יענער צייט בעריהמטע גבירים, ר׳ זימעל עפשטיין און ר׳ קאָפּל האַלפּערן, וועלכע האָבעןביידע געפיהרט בשותפות ריזיגע געשעפטען, אַנגענומען די גרעסטע מלוכה־פּאָדריאַדען, געבויט שאָ־סעען און בריקען און מפרנס געווען הונדערטער משפחות און דערצו האָבען זיי אויך געהאַט אַ שם אַלס גרויסע בעלי־צדקה. בעת דער שמש האָט זיי דערזעהען איז ער אַהן אַנ׳אָטעם אַריינגעלאָפען צו רבי וועלוועלע׳ן און איהם מודיע געווען: רבי! ר׳ זימעל עפשטיין און ר׳ קאָפּל האַלפּערן זענען געקומען האָבען אַ דין־תורה.

רבי וועלוועלע האָט אַריינגערופען דעם דיין זיינעם און דאַן האָט ער אַראָבגעלאָזט דעם טלית איבער די אויגען און געהייסען אַריינבעטען די בעלי־דינים.

אַז די גבירים זענען אַריינגעקומען האָט זיי רבי וועלוועלע נישט געגעבען קיין שלום, נישט געבעטען זיצען, נישט געקוקט אפילו אין זייער זייט, צוטרעטענדיג גלייך צום ענין, זאָגענדיג:

— זימעל און קאָפּל, ווער פון אייך עס איז דער תובע, זאָל טענה׳ן פריהער.

ווערען די גבירים פערביטערט. אויף אַזאַ ברוך־הבא, מען זאָל זיי רופען ביי׳ם נאָמען, אָהן אַ ר׳, דערויף האָבען זיי זיך נישט גערעכט...

— איך בין דער תובע — האָט ר׳ זימעל קוים אַרויסגערעדט און גענומען פאַר־לעגען זיינע טענות.

— און דו, קאָפּל, וואָס טענה׳סטו? — ווענדעט ער זיך נאָכהער צום נתבע.

אויסגעהערט ביידע טענות, הייסט זיי רבי וועלוועלע אַרויסגעהן, און ער שמועסט זיך איבער מיט׳ן דיין, ווי דער פסק זאָל זיין, און דאַן לאָזט ער זיי צוריק אַריינרופען, הייסט זיי מקבל־קנין זיין און זאָגט אַרויס דעם פסק, און ערשט דאַן נעהמט רבי וועל־וועלע אַראָב דעם טלית פון קאָפּ און גיט זיי שלום:

— שלום עליכם, ר׳ זימעל! שלום עליכם, ר׳ קאָפּל!

און הייסט דעם שמש גרייטען דעם טיש פאַר די אורחים חשובים...

(די וועלט דערצעהלט)

דער שופט זאָל נישט אורטיילען לויט׳ן אויסדרוק פונ׳ם פנים!... דאָס, וואָס איינער פון די בעלי־דינים איז בעת די טענות, למשל, עפעס רויט געוואָרען, טאָר נישט דיענען פאַר דעם שופט אַלס בעוויז, אַז יענער פיהלט זיך אומגערעכט און שולדיג!...

„שמוע בין אחיכם״: דו זאָלסט נישט קוקען דעם בעל־דין אין פנים אַריין, נאָר בלויז הערען, וואָס ער רעדט!...

(רבי לייבוש חריף)

וואָס איז דער אונטערשיד פון די בעלי־דינים ביז׳ן דיין? — וועגען די בעלי־דינים ווערט געזאָגט: „כשעומדים לפניך יהיו בעיניך כרשעים, וכשנפטרים מלפניך

יהיו בעיניך כזכאים"; פריהער ווערען די בעלי־דינים אין די אויגען פונ׳ם דיין בע־
טראַכט אַלס רשעים — און נאָכדעם, נאָכ׳ן פסק, אַלס זכאים. דאַגעגען מיט׳ן דיין, אין
די אויגען פון די בעלי־דינים, איז פערקעהרט!...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

## לא תכירו פנים במשפט וכו׳ לא תגורו מפני איש ... (א. יז.)

דער ליסער רב האָט אַמאָל אויפגעפאָדערט איינעם פון די קהלה פרנסים צו אַ
דין־תורה, דריי מאָל האָט ער איהם מזמין געווען און ער איז נישט געקומען, האָט ער
איהם דאַן געשיקט אַ התראה, אַז אויב ער וועט אויך דאָס מאָל נישט קומען וועט ער
איהם מנדה זיין.

גראָד איז דער דאָזיגער פרנס געווען איינער פון די, וועלכע האָבען מיטגעהאָלפען
אַראָבצוברענגען דעם רב קיין ליסע, און איבערלייענענדיג די התראה איז ער געקומען
צו לויפען מיט אַ רעש:

— אַזוי — מאַכט ער צום רב — צאָהלט איהר מיר אָב פאַר מיין גוט?

ווי דער ליסער רב האָט דערהערט די דאָזיגע ווערטער, האָט ער זיך אויפגעשטעלט
און אַ זאָג געטהון צום שמש:

— פּאַק איין די זאַכען! איך פערלאָז גלייך דאָס ליסער רבנות!...

בשעת דער נודע־ביהודה איז געווען רב אין בראָדי, איז מען איינמאָל געקומען
צו איהם און דערצעהלט, אַז די פרוי פון לאַנדעס־ראַבינער פערשאַפט אַלעמען גרויס
צער און בושה מיט איהר אונמאָראַלישער אויפפיהרונג. דער נודע־ביהודה האָט אָנ־
פערטרויט עטליכע בעגלויבטע בעלי־בתים, זיי זאָלען די זאַך חוקר־ודורש זיין, און עס
האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס איז ליידער ריכטיג, אַז זי, די דאָזיגע מכלומר׳שטע
„רבי׳צין", איז אַנ׳איינפאַכע מופקרת און מיט איהרע אונפערשעמטע מעשים דיענט זי
אַלס שלעכטער ביישפּיעל פאַר אַנדערע און דער חילול־השם איז זעהר גרויס... די
שטאָדט האָט געקאָכט, און בעת דער ראַבינער, וועלכער איז געווען אַ תקיף ביי מלכות,
האָט זיך דערוואוסט דערפון, איז ער אַוועק צום קרייז־שעף און אויסגע׳פועל׳ט, אַז עס
זאָל אַרויסגעגעבען ווערען אַ פעראָרדנונג צו דער בראָדער געמיינדע, אַז ווער עס וועט
וואַגען צו פערשפּרייטען רכילות אויפ׳ן ראַבינער׳ס פרוי וועט ער פאַר יעדען אונזויבער
וואָרט בעשטראָפט ווערען מיט הונדערט רענדלעך, אָדער מיט שמיץ. דערוויסענדיג
זיך פון דער דאָזיגער פעראָרדנונג, האָט דער נודע־ביהודה צונויפגערופען אַ דרינגענדע
אסיפה פון די בראָדער בעלי־בתים, צו וועלכער ער האָט אויך איינגעלאַדען דעם גאון
רבי מאיר מרגליות (מחבר פון „מאיר נתיבים"), ווי אויך דעם בעל־שם־טוב׳ס שוואָגער,
רבי גרשון קיטעווער, וועלכער האָט דאַן געוואוינט אין בראָד, און דאַן האָט זיך דער
נודע־ביהודה אַוועקגעשטעלט פאַר׳ן עולם און געזאָגט בקול־רם: זייט וויסען, רבותי,
אַז דאָס ווייב פונ׳ם לאַנדעס־ראַבינער איז אַ זונה, און דאָ האָט איהר הונדערט רענדלעך
פאַר׳ן וואָרט „זונה". ווען איך וואָלט געהאַט צו געבען נאָך הונדערט רענדלעך פאַר׳ן
וואָרט „זונה", וואָלט איך נאָכאַמאָל איבערגע׳חזר׳ט, אַז זי איז אַ זונה, אָבער אַזוי ווי
איך האָב מעהר קיין געלד נישט מוז איך זיך בעגנוגענען דערמיט, וואָס איך האָב שוין
איינמאָל געזאָגט, אַז זי איז אַ זונה... דאָס זעלבע האָט אויך איבערגע׳חזר׳ט רבי
מאיר מרגליות, וועלכער האָט נישט געהאַט צו בעצאָהלען און מען האָט איהם גע׳קנס׳עט
מיט שמיץ, און אַזוי האָט אויך געטהון רבי גרשון קיטעווער, וועלכען עס איז געלונגען

צו אַנטלויפֿען און ער איז אַוועק צום שוואָגער, צום בעש״ט קיין מעזשיבוזש. נאָך דער דאָזיגער געשיכטע איז דער נודע־ביהודה געצוואונגען געווען צו פֿערלאָזען בראָדי און ער האָט אָנגענומען דאָס רבנות אין דובנאָ. פֿון דאָרט איז ער אַריבער קיין יאַמפּאָלע און ערשט נאָכהער — קיין פּראָג.

(מופת הדור)

רבי שמואל סאַלאַנט איז אַמאָל געזעסען אין אַ מסיבה פֿון רבנים, איז געקומען צו רייד וועגען מצב הרבנות. אַ טייל פֿון די רבנים האָבען זיך גענומען קלאָגען, אַז ס׳איז זעהר שווער פֿאַר אַ קליינשטעדטעלדיגען רב בזמן־הזה מקיים צו זיין דעם „לא תגורו מפני איש״, מ׳קאָן נישט ביישטעהן געגען די פֿערשידענע תקיפים און גביר׳ישע עזות־פנים׳ער, פֿון וועלכע דער רב איז אָבהענגיג מיט זיין שטיקעל ברויט!...

— און איך, זעהט איהר — רופֿט זיך אָן רבי שמואל — ווייס נישט דערפֿון. מ י י נ ע בעלי־בתים, בין איך זיכער, וועלען מיך תמיד פֿאָלגען, וואָס כ׳וועל זיי הייסען.

— מיט וואָס זענט איהר עס אַזוי זיכער? — וואונדערן זיך די רבנים.

— גאַנץ פּשוט — שמייכעלט רבי שמואל סאַלאַנט: — דאָס, וואָס כ׳ווייס פֿריהער, אַז מען וועט מיך נישט פֿאָלגען, הייס איך באַלד נישט...

רבי יאָשע־בער, דער בריסקער רב, פֿלעגט זאָגען, אַז עס זענען פֿאַרהאַן אויף דער וועלט צוויי מענשען, וואָס ווייסען נישט זייער כוח: דער „אוריאַדניק״ און דער רב, להבדיל.

דער „אוריאַדניק״ אין שטעדטעל איז דאָך באמת אַן׳אונבעגרעניצטער הערשער. ער קאָן דאָך טהון, וואָס ער וויל: אַרויסגעבען גזירות, אַרויפֿלעגען שטראָפֿען, אַריינזעצען מענשען אין תפיסה. ווער וועט די העזה האָבען איהם זיך אַנטקעגענצושטעלען? — פֿונדעסטוועגען איז ער אַ פּראָסטער גוי און וואַלגערט זיך מיט די פֿויערן אין שענק!...

דאָקעגען דער רב, להבדיל, פֿיהרט אַ גאַנצע מלוכה: פּסק׳ענט שאלות, מאַכט כשר און טריף, איז מזמין וועמען ער וויל לדין, מאַכט ד ע ם גערעכט, ד ע ם אומגערעכט, אסר׳ט, קנס׳ענט — און ס׳פֿאַלט איהם גאָרנישט איין אַ טראַכט צו טהון: וואָס איז זיין תקיפות — וואָס וועט ער טהון, אַז מען וועט איהם נישט פֿאָלגען?...

ביידע ווייסען זיי נישט, צום גליק, זייער אמת׳ען כח: דער „אוריאַדניק״ ווייסט נישט זיין שטאַרקייט, און דער רב — זיין שוואַכקייט!...

דער בעקאַנטער גאון רבי משה־אהרן, דער קוטנער רב, האָט שטאַרק מקפּיד געווען, אַז דער שטאָדטישער „נאמן״ אויף כשרות זאָל זיין הויפּטזעכליך אַן׳איש־אמת, וואָס זאָל נישט נושא־פנים זיין, נישט דעם קצב, נישט דעם שוחט, נישט דעם דיין. ויהי היום, האָט שטאָדט זיך גענויטיגט אין אַ פֿרישען נאמן — און צווישען די פֿערשידענע קאַנדידאַטען, וועלכע האָבען ביי איהם נישט־איבריג אויסגענומען, האָט מען איהם אויך רעקאָמענדירט אַ פּשוט׳ען איד, וועלכען דער רב האָט גענומען אויפֿ׳ן פֿערהער און איהם געפֿרעגט: „פֿאַרוואָס ווילט איהר ווערען אַ נאמן?״ „דערפֿאַר — האָט איהם דער איד געענטפֿערט — ווייל כ׳האָב לאַ־עליכם קיין פּרנסה נישט״. — „טאָ פֿאַרוואָס ווערט איהר נישט בעסער קיין מלמד?״ — „ווייל איך קען נישט לערנען״. — „קאָנט איהר דאָך ווערען אַ רב!״... — „האָב איך קיין געלד נישט״... — „אויב אַזוי, טאָ פֿאַרוואָס ווערט איהר נישט קיין סוחר?״ — „ווייל די סוחרים קענען מיך, אַז

כ׳טויג נישט צו קיין מסחר!״ — „נו, וויבאַלד אַזוי — שמייכעלט רבי משה־אהרן — אויב איהר קאָנט זאָגען אַזוי פיעל אמת — זענט איהר ראוי, מען זאָל אייך אָנטרויען דאָס נאמנות״...

בשעת דער חכם־צבי איז אָנגעקומען אַלס רב קיין לעמבערג, האָבען די ראשי־הקהל, שבת נאָך דער דרשה, איינגעאָרדענט אַ סעודה פאַר די בעלי־בתים. דער הויפט־מחותן, וועלכער האָט זיך געפּאַרעט ביי דער סעודה, איז געווען איינער פון די פּרנסים, אַ גביר עצום און אַ מקורב למלכות, און ער איז עס אויך געווען דער יעניגער, וועלכער האָט זיך אַממעהרסטען בעמיהט, אַז דער חכם־צבי זאָל איינגעלאַדען ווערען אַלס לעמ־בערגער רב. ביי׳ם טיש האָט ער די חשוב׳ע און רייכע בעלי־בתים אַוועקגעזעצט אויבענ־אָן, דאַגעגען די אָרימע לומדים און תלמידי־חכמים — צום סוף. בשעת דער חכם־צבי האָט דאָס בעמערקט האָט ער גענומען די שטוהל זיינע און זיך אַוועקגעזעצט ביי׳ם צווייטען עק טיש, צווישען די לומדים... האָט עס דעם פּרנס פערדראָסען און ער האָט געלאָזט פאַלען אַ פּאָר שאַרפע בעליידיגענדע ווערטער אויפ׳ן אַדרעס פון די קבצנ׳ישע לומדים.

דער חכם־צבי איז געווען בטבע אַ זעהר היציגער און דערהערענדיג די דאָזיגע בעליידיגונג האָט ער אַראָבגעכאַפּט אַ פאַנטאָפעל פון פוס און איהם געוואָרפען דעם פּרנס אין קאָפּ אַריין.

דער פּרנס האָט אָנגעקלאָגט דעם חכם־צבי אין געריכט. פאָרגעקומען איז דער משפט אין וויען, און דער חכם־צבי אַליין איז אַרויסגעטראָטען מיט אַ פייערדיגער פערטיידיגונגס־רעדע. ער האָט ערקלערט פאַר די ריכטער די בעדייטונג פון כבוד־התורה ביי אידען און דעם זין פון געבאָט „לא תגורו מפני איש״. די ריכטער, אויף וועלכע די רעדע האָט אַ שטאַרקען איינדרוק געמאַכט, האָבען איהם בעפרייט און פון דאַן אָן האָט זיך די מאַכט בעצויגען צום חכם־צבי מיט גרויס דרך־ארץ...

(דברי גדולים)

## כי המשפט לאלקים הוא... (א. יז.)

צו רבי ישראל סאַלאַנטער איז אַמאָל געקומען איינער פון זיינע תלמידים, אַ גדול בתורה ובמדות, און זיך געקלאָגט, אַז עס איז איהם נעביך זעהר ענג און ער האָט קיין פּרנסה נישט. האָט איהם רבי ישראל סאַלאַנטער געראָטען, ער זאָל זיך משתדל זיין צו בעקומען ערגיץ־וואו אַ כסא־רבנות, און ער וועט איהם אונטערשטיצען.

— אַ שווערע זאַך — קרעכצט דער תלמיד — פסקנ׳ען שאלות, דיני תורה, דאָס איז אַ גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט, כ׳האָב מורא, רבי.

— ווער דען — ענטפערט איהם רבי ישראל — זאָל ווערען רב? דער, וואָס האָט נישט קיין מורא?...

## ותקרבון אלי כלכם... (א. כב.)

דערויף זאָגט רש״י, אַז דאָ, בעת׳ן שיקען די מרגלים, איז דער „כלכם״ געווען בערבוביא: „ילדים דוחפין את הזקנים, והזקנים דוחפין את הראשים״; דאַגעגען ביי׳ם „ותקרבון אלי״ בעת מתן־תורה איז געווען: „ילדים מכבדים את הזקנים, והזקנים מכבדים את הראשים״...

בײ קבלת־תורה האָבען אידען זיך אויפגעפיהרט מיט גרויס דרך־ארץ און געגעב־זײטיגער העפליכקײט. יעדער אײנער האָט מיט'ן מקבל־זײן די תורה מכבד געװען דעם צװײטען... די יונגעלײט האָבען אָבגעטרעטען זײער פּלאַץ די זקנים, און די זקנים האָבען אין זײער גרויס בעשײדענהײט מוחל געװען אויפ'ן כבוד און געשיקט די ראשים... דאַגעגען װען עס האָט זיך געהאַנדעלט בײ'ם שיקען די מרגלים, צוגרײ־טענדיג זיך צו פערנעהמען און אײנצוטײלען זיך מיט'ן „ארץ זבת חלב ודבש" — דאָ איז מיט אײנמאָל דער גאַנצער דרך־ארץ פערשװאונדען: „ילדים דוחפין את הזקנים, וזקנים דוחפין את הראשים"!...

און אַזוי איז עס אויך, לײדער, בײ הײנטיגען טאָג. אין עניני רוחניות װײזט מען אַרויס גרויס בעשײדענהײט, מיט תורה־לערנען איז אײנער מכבד דעם צװײטען; קומט עס אָבער צו די עניני ממונות — דאָ פאַלט שוין אַװעק יעדער דרך־ארץ, דאָ רײסט מען אײנער בײ'ם צװײטען דעם ביסען פון מויל!...

(כלי יקר)

כאָטש איהר האָט שוין דאַן געהאַט געװעהלטע מנהיגים, װעלכע איהר האָט אָנ־פערטרויט אַלע אײערע עסקים, דאָך, װי נור איהר האָט דערשמעקט אַ'ענין פון מחלוקת, איז „ותקרבון אלי כלכם ותאמרו נשלחה אנשים וכו' ולא אביתם לעלות וכו', ותרגנו באהליכם וכו'"... דאָ האָט איהר זיך שוין נישט געװאָלט פערלאָזען אויף אײערע מנהיגים. די דאָזיגע מצוה, די מצוה פון מחלוקת, דאָס האָט איהר געװאָלט אַלײן מקיים זײן...

## ערים גדולות ובצורות בשמים... (א. כח.)

„דברו הכתובים לשון־הבאי" (רש"י)

רבי מנחם־מענדעל ליובאַװיטשער — דערצעהלען די חסידים — האָט אַמאָל געהאַט אַן'אױדיענץ בײ אַ רוסישען מיניסטער, װעלכער האָט בעת'ן געשפּרעך מיט איהם, שאַרף קריטיקירט דעם תלמוד, און װעלכען עס געפינען זיך, לויט װי מען האָט איהם ערקלערט, זעהר משונה'דיגע װילדע גוזמאות: עס װערען דאָרט דערצעהלט, למשל, אַזעלכע זאַכען, װי, אַז עס האָט געפּלאַצט אַן'אײ פון אַ געװיסען פויגעל („ביצת בר־יוכני"), איז געװאָרען דערפון אַזאַ פערפלײצונג, אַז עס זענען דערטרונקען געװאָרען זעכציג שטעדט און עס זענען צובראָכען געװאָרען דרײ הונדערט צעדערבוימער (בכורות נ"ז)!...

דערויף האָט איהם דער ליובאַװיטשער רבי געזאָלט ענטפערן: עקסעלענץ! לעצטענס האָט די רוסישע רעגירונג אַרויסגעגעבען אַ פעראָרדנונג, לויט װעלכער עס װערט פאַר אידען פערבאָטען צו װאױנען אין שטח פון פופציג װיאָרסט אַרום די גרעניצען — און די אידען האָבען דאַדורך פערלוירען זײער װאױנרעכט אין זעקס הונדערט שטעדט. טאָ שטעלט אײך פאָר, אַז װעלענדיג די זאַך זאָל פערבלײבען לזכרון פאַר די שפּעטערדיגע דורות, און מורא האָבענדיג צו קריטיקירען עפענטליך די גזירה פון מלכות, נעהם איך און פערשרײב עס בײ מיר אין בוך ברמז, און נעמליך: אַז עס איז געװען אַמאָל אין רוסלאַנד אַ גרויסער, מעכטיגער הערשער, װעלכער האָט בעװיזען אַזעלכע װאונדערליכע זאַכען, אַז אין אײן טראָפּען טינט, װאָס איז אַראָבגעפאַלען פון זײן פעדער, זענען דערטרונקען געװאָרען גאַנצע זעקס הונדערט שטעדט!... װען מענשען װעלען דאָס לײענען אין מעהרערע יאָהרען אַרום, װען פון דערדאָזיגער גזירה

וועט מעהר קיין זכר נישט זיין און מען וועט שוין דעריין לאַנג האָבען פערגעסען, וועלען זיי זיך אודאי אויסלאַכען און זאָגען, אַז דער שרייבער דערפון איז זיכער געוועזן אַ גרויסער שוטה און אַ נאָך גרעסערער ליגנער — וועהרענד היינט פערשטעהען אַלע גאַנץ גוט וואָס מען מיינט דערמיט, אַז עס איז אויף אַ האָר נישט איבערטריבען... דאָסזעלבע, עקסעלענץ, איז אויך מיט די אַלע זאַכען, וואָס ווערען דערצעהלט דורך די חכמי־התלמוד. פאַר אונז, נאָך אַ ווייטקייט פון טויזענדער יאָהרען, קלינגט דאָס אַלץ וואונדערליך, משונה'דיג; אָבער די מענשען פון זייער דור האָבען געוואוסט אויף וואָס דאָס בעציהט זיך, וואָס עס ווערט געמיינט דערמיט און אַז דאָס אַלץ, וואָס זיי האָבען געשריבען, איז אמת וצדק!...

## וגם בני ענקים ראינו שם... (א. כח.)

דערויף ווערט געזאָגט אין תרגום יונתן בן עוזיאל: „ואוף בני עפרין גברא חמינא תמן".

פונוואַנען איז דאָס גענומען און וואו געפינען מיר אין דער תורה אַ וועלכע עס איז אָנדייטונג, אַז עפרון איז געוועזן פון די ענקים?

## וישמע ד' את קול דבריכם ויקצוף... (א. לד.)

וואָס עפּעס „את קול דבריכם", נישט „את דבריכם"?

דען פריהער ווערט געזאָגט: „ויקחו בידם מפרי הארץ ויורידו אלינו וישיבו אותנו דבר ויאמרו טובה הארץ". איז אין פלוג, וואָס פאַר אַ חטא זענען זיי דאָ בעגאַנגען, זיי האָבען דאָך זעהר גוט געענטפערט? — נאָר יעדע זאַך ווענדעט זיך, ווי אַזוי מען זאָגט, ווי מען אַקצענטירט עס, מיט וואָס פאַר אַ טאָן. אויב מען זאָגט „טובה הארץ" און דערביי גיט מען צו: „עם גדול ורם ממנו, ערים גדולות ובצורות בשמים וגם בני ענקים ראינו שם", איז קלאָר, אַז דער „טובה הארץ" איז געזאָגט געוואָרען סאַרקאַסטיש, מיט איראָניע: שוין איינמאָל אַ גוט לאַנד!... און דאָס איז דער פשט; „וישמע ד' את קול דבריכם", ער האָט געהערט דאָס קול, דעם טאָן אייער'ען, ווי אַזוי איהר האָט אַקצענטירט דעם „טובה הארץ"...

(רבי יצחק אלי' לאַנדוי)

## וירדפו אתכם כאשר תעשינה הדבורים... (א. מד.)

און אויך דוד המלך בענוצט זיך מיט'ן דאָזיגען פערגלייך: „סבוני כדבורים דעכו כאש קוצים". צי דען זענען שוין נישטאָ צווישען אַלע בייזע בעשעפענישען קיין גרע־סערע רודפים, ווי די דבורים, די ביהנען?

נאָר וועגען די ביהנען דערצעהלען די נאַטור־פאָרשער, אַז צום „שוואַכען גע־שלעכט" געהערען ביי זיי נישט די נקבות, נאָר די זכרים. בלויז די נקבות לאָזען זיך אַרויס אום פריהלינג און אין זומער איבער די גערטנער, אויסצוזויגען דעם זאַפט פון די בלומען און צו פּראָדוצירען דערפון האָניג. די זכרים דאַגעגען ווערען צו דער דאָזיגער פּראָדוקטיווער אַרבייט נישט צוגעלאָזען און זיי זענען די גאַנצע צייט פערשפּאַרט אין דער נעסט, און אין הערבסט ווערען פון זיי דאָרט אַרויסגעשליידערט און מאַסענווייז פערניכטעט, אַלס לעדיג־געהער, וועלכע „ווילען נישט" אַרבייטען און לעבען אויף פרעמדען חשבון...

און אויפ׳ן זעלבען אכזריות׳דיגען אופן זענען זיך אונזערע שונאים נוהג אויך מיט אידען — „וירדפו אתכם כאשר תעשינה הדבורים״...
(המגיד מנעסוויזש)

## פנו לכם צפונה... אתם עוברים בגבול אחיכם בני עשו... (ב. ג. ד.)

בשעת איהר געפינט זיך אין „גבול אחיכם בני־עשו״, זאָלט איהר דאַן תמיד געדענקען אינ׳ם כלל פון „פנו לכם צפונה״ — אין דער נויטיגקייט צו בעהאַלטען און פערבאָרגען!... אויב דו האָסט ערוואָרבען, ישראל, אַביסעל עשירות — ווייז עס נישט אַרויס פאַר עשו׳ן, מייד־אויס פרסום, זאָלסט איהם נישט אויפרייסען די אויגען!...
(כלי יקר)

## אתם עוברים בגבול אחיכם בני עשו... (ב. ד.)

„אתם עוברים — אבל בני עשו יושבים״ (ילקוט)

יעקב און עשו האָבען זיך איינגעטיילט מיטביידע וועלטען. עשו האָט זיך גענומען עולם־הזה און יעקב — עולם־הבא. די בני־עשו זענען „יושבים״, איינגעזעסענע, פול־בערעכטיגטע בירגער אויף דער וועלט. מיר אָבער, די בני־יעקב, זענען נאָר עוברים, דורכוואַנדערער, מיר האָבען בלויז אויף דער דאָזיגער וועלט טראַנזיט־וויזעס, און דעריבער — „אל תתגרו בם״, וואָרום די וועלט איז, לײדער, זייערע, זיי זענען די בעלי־בתים...
(אמרי שפר)

## והעוים היושבים בחצרים עד עזה... (ב. כג.)

ווי בעקאַנט, האָט דער חתם־סופר גע׳אסר׳ט משה מענדעלסאָנ׳ס ספרים, איבער־הויפּט דעם „ביאור״ אויף תורה און פון איהם שטאַמט דער בעקאַנטער אויסדרוק: „בספרי רמ״ד אל תשלחו יד״. בשעת אייניגע האָבען געפּרובט אויפמערקזאַם מאַכען דעם חתם־סופר, אַז אין „ביאור״ איז נישט צו בעמערקען קיין שום מינות און אפיקורסות, האָט ער זיי אָנגעוויזען אויפ׳ן דאָזיגען פסוק, „והעוים היושבים בחצרים עד עזה״, אויף וועלכען עס ווערט געזאָגט אין „ביאור״, אַז די דאָזיגע ווערטער האָט משה רבינו אַליין צוגעגעבען, נישט „מפי הגבורה״...
(אין די חומשים מיט׳ן „ביאור״ פון דער שפּעטערדיגער דרוק געפינט זיך אויף דעם אָרט אַ בעמערקונג, אַז דאָס האָט נאָכהער צוגעשריבען איינער פון מענדעלסאָנ׳ס תלמידים)...

## ונחרם את כל עיר מתים... (ב. לד.)

אין איינעם פון זיינע מכתמים שרייבט דער אבן־עזרא פאָלגענדעס: „אין בין חיים למתים אלא בנקודה, וסימניך החיים עומדים והמתים שוכבים״...

פערשידענע מפרשים מאַטערן זיך צו פערשטעהן די כוונה דערפון; באמת אָבער איז עס גאַנץ איינפאַך: די כוונה איז וועגען דעם אונטערשיעד פון וואָרט „מתים״ (מיט אַ „צרי״) און „מתים״ (מיט אַ „שוא״). „החיים עומדים״ — אויב די צוויי נקודות

אונטער דער „מ" פון וואָרט „מתים" זענען שטעהענדיג (אַ „שוא"), מיינט מען — לעבעדיגע מענשען; אויב אָבער ליעגענדיג (אַ „צרי"), בעדייט עס — טויטע...
(דעת זקנים)

## הנה ערשו ערש ברזל וכו׳ תשע אמות ארכה וארבע אמות רחבה... (ג, יא.)

דערויף ווערט אין שו"ת רמ"ע מפאגי (ס׳ ק׳) געפרעגט: „אם כן עשית לעוג בעל מום"? דען עס איז דאָך אונגאָרמאַל, אַז אַ מענש זאָל אין דער ברייט האַלטען קרוב אַ העלפט, ווי אין דער לענג...

ובאמת ברענגט דער רמב"ן (אין זיין פירוש אויף בבא־בתרא דף ק"א) אַ מדרש, וואו עס ווערט געזאָגט: „עוג הי׳ בריה מנוולת שהיו זרועותיו פחות מחצי ארכו"...
(דברי שאול)

אין מדרש רבה אויף דער היינטיגער סדרה ווערט געזאָגט: „תלה משה את עינו וראה עוג יושב על החומה ורגליו מגיעות לארץ וכו׳ אמר ר׳ יוחנן אורך רגליו י"ח אמות". איז עס דאָך אַ בפירוש'ע סתירה צום פסוק, וואו עס ווערט דייטליך געזאָגט: „הנה ערשו וכו׳ תשע אמות ארכה"?

די דאָזיגע פראַגע האָט אַמאָל אַ געוויסער משכיל געפרעגט דעם בעל־הפלאה, רבי פנחס־הלוי הורוויץ, האָט ער איהם דערויף געענטפערט, אַז אַלס קינד האָט זיין וויגעל געהאַלטען תשע אמות, אָבער שפּעטער, ווען ער איז אויפגעוואַקסען, איז ער שוין געווען בעדייטענד גרעסער און זיינע בלויזע פיס האָבען שוין געהאַט אין דער לענג י"ח אמות...

## צדק ילין בה ועתה מרצחים... (הפטרה)

בשעת עס האַנדעלט זיך וועגען „צדק", וועגען טהון עפּעס אַ גוטע זאַך, איז „ילין בה", לאָזט מען עס כסדר איבערנעכטיגען, האַלט מען עס אין איין אָבשלעפּען, דאַגעגען — „ועתה מרצחים", קוים דאַרף מען דורכפיהרען עפּעס אַ מעשה־נבלה, אַ רציחה, דאַמאָלס איז „ועתה", ווערט עס געמאַכט תיכף־ומיד, מיט שנעלקייט און איילעניש...
(בינה לעתים)

## כספך היה לסיגים סבאך מהול במים... (הפטרה)

נאָך די פריהער־אויסגערעכענטע שווערע פערברעכענס פון „איכה היתה לזונה" און „עתה מרצחים", וואָס פאַר אַ בעדייטונג האָט שוין דער אויספיהר, אַז „כספך היה לסיגים סבאך מהול במים", אַז זיי נאַרען־אָב מיט פאַלש געלד און פאַלשע סחורה?...

נאָר דער דאָזיגער פסוק איז אַן ענטפער אויף דער פריהערדיגער שאלה. דער נביא וואונדערט זיך און פרעגט: „איכה היתה לזונה, קריה נאמנה? מלאתי משפט צדק ילין בה ועתה מרצחים?" ווי אַזוי קומט עס, צו פאַלען מיט איינמאָל אַזוי נידריג, צו ווערען איבערגעקעהרט מן הקצה אל הקצה, אַז די „קריה נאמנה" זאָל פערוואַנדעלט ווערען אין אַ זונה, און די שטאָדט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט משפט און צדק — אין אַ באַנדע רוצחים? און דערויף קומט דער ענטפער, אַז דאָס איז בישט געשעהען

מיט אַמאָל, נאָר ביסלעכווייז, שטופענווייז, אַז אָנגעהויבען האָט זיך עס מיט „כספך היה לסיגים, סבאך מהול במים”, מיט געבען שלעכטע סחורה, מיט אָבנאַרען איינער דעם צווייטען אין האַנדעל, אין דיני ממונות, און איין עבירה ברענגט די צווייטע, יעדע מאָראַלישע ירידה איז גורם צו אַ צווייטע טיעפערע ירידה, ביז מען דערגעהט צו אָפענע גנבה וגזלה, צום „שריך סוררים וחברי גנבים, כלו אוהב שוחד ורודף שלמונים” א. א. וו....

(אפיקי יהודה)

# וָאֶתְחַנַּן

## אתה החלות להראות את עבדך... (ג. כד.)

רבונו־של־עולם! — האָט משה גע׳טענה׳ט — יוסף׳ס ביינער וועלען יאָ זוכה זיין אַריינצוקומען קיין ארץ־ישראל, און איך נישט? — דערויף האָט איהם השם יתברך געענטפערט: יוסף האָט מודה געווען אין זיין לאַנד; בשעת פוטיפר׳ס וויב האָט געזאָגט וועגען איהם: „ראו הביא לנו איש עברי״, האָט ער נישט געלייקענט און האָט ערקלערט: „כי גונב גונבתי מארץ העברים״. דו אָבער האָסט אין דיין לאַנד נישט מודה געווען; בשעת די טעכטער פון יתרו האָבען געזאָגט: „איש מצרי הצילנו״, האָסטו געהערט און געשוויגען — דעריבער וועסטו נישט בעגראָבען ווערען אין ארץ־ישראל...

(דברים רבה)

## אתה החלות להראות את עבדך את גדלך... (ג. כד.)

דו האָסט דאָך מיר אַליין געזאָגט, אַז דאָס, וואָס דו וויזט מיר ביז היינט, איז בלויז אַנ׳אָנהויב, דו האָסט דאָך מיר דייטליך געזאָגט: „ראה החילותי תת לפניך את סיחון ואת ארצו, החל רש״ (דברים ב. לא.), אַז דאָס אַלץ איז נור אַ התחלה און אויב אַ התחלה, בעדייט דאָך עס, אַז עס קומט אַ ווייטערער המשך, און אויב אַזוי — „אעברה נא ואראה את הארץ הטובה״...

(דברי יאר)

דער דין איז (חושן משפט, סי׳ רכ״א), אַז אויב דער לוקח און דער מוכר דינגען זיך וועגען פרייז און זיי געהען זיך פונאַנדער, נישט קאָנענדיג צווישען זיך דורכקומען, און דאַן קומט דער מוכר צום לוקח און זאָגט צו איהם: „לך ומשוך״, קום און נעהם דאָס חפץ — בעדייט עס, אַז דער מוכר האָט מסכים געווען צום פרייז פונ׳ם לוקח און ער קאָן שוין נאָכדעם נישט טענה׳ן אַנדערש; אויב אָבער, פערקעהרט, דער לוקח איז נאָכדעם געקומען צום מוכר און האָט געהייסען זיך געבען דאָס חפץ — בעדייט עס, אַז ער האָט מסכים געווען צום פרייז פונ׳ם מוכר... בשעת השי״ת האָט געזאָגט צו משה׳ן, ער זאָל געהן אויסלייזען די אידען, האָט איהם משה געענטפערט: „שלח־נא ביד תשלח״. טייטשען די חז״ל: „ביד מי שיכניסם לארץ״, אַז משה האָט, הייסט עס, פערלאַנגט, אַז דער שליח, וואָס וועט אַרויספיהרען די אידען פון מצרים, זאָל זיי אויך אַריינפיהרען קיין ארץ־ישראל, און דערויף איז נאָכדעם געקומען די תשובה פונ׳ם אויבערשטען: „לך נחה את העם״... און אָט דאָס האָט איצט משה גע׳טענה׳ט: „אתה החלות״, דו האָסט דאָך אָנגעהויבען! אויסהערענדיג מיין פאָרשלאָג, האָסט דו דאָך דער ערשטער איינגעשטימט און געענטפערט: „לך נחה את

העם״ — הייסט דאָך עס, אַז דו האָסט מסכים געווען אויף מיין בעדינג פון „שלח נא ביד מי שיכניסם לארץ״, און דעריבער — „אעברה־נא ואראה את הארץ הטובה״...
(מהר״ם שיף)

## אעברה נא ואראה את הארץ הטובה... (ג. כה.)

צו־וואָס איז דער „ואראה״? עס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז ווען ער וועט אַריינגעהן אין לאַנד, וועט ער עס זעהן! — נאָר משה האָט מתפלל געווען, אַז קומענדיג קיין ארץ־ישראל זאָל ער ניִשט נכשל ווערען און ער זאָל זוכה זיין צו זעהן דאָס לאַנד פון דער גוטער זייט — „הארץ הטובה״ — נישט אַזוי ווי די מרגלים האָבען עס געזעהן!...
(רבי מנחם־מענדעל מקאָצק)

## ויתעבר ד׳ בי למענכם... (ג. כו.)

דעם חטא פונ׳ם שלאָגען דעם שטיין בין איך בעגאַנגען „למענכם״, פאַר אייערטוועגען, כדי נישט צו דערוועקען קיין קטרוג אויף אידען, אַז אפילו אַ שטיין איז געהאָרכזאַמער פאַר זיי...
(רבי יונתן אייבעשיץ)

## רב לך אל תוסף דבר אלי... (ג. כו.)

צוויי שבועות — האָט הקב״ה געזאָגט צו משה׳ן — האָב איך געשוואוירען, אָדער דו זאָלסט שטאַרבען, אָדער ישראל זאָל פערטיליגט ווערען. ביידע שבועות מבטל זיין איז אונמעגליך. אויב דו ווילסט לעבען — מוז דאַן ישראל אומקומען. דערויף האָט משה געענטפערט: „יאבד משה ואלף כמותו ואל יאבד אחד מישראל״!...
(תנחומא)

„אמר משה לפני הקב״ה: כתבת בתורתך ואם אמור יאמר העבד אהבתי את אדוני וכו׳ לא אצא חפשי, ואני אהבתי אותך ותורתך ובניך לא אצא חפשי? וכו׳ אמר ליה הקב״ה רב לך, אל תוסיף״ (ספרי פ׳ פינחס)

וואָס פאַר אַ תשובה איז דאָס אויף דער טענה וועגען עבד עברי?

נאָר דער דין איז (קידושין כ״ב), אַז די ווערטער „אהבתי את אדוני״ דאַרפען דורכ׳ן עבד צוויי מאָל איבערגע׳חזר׳ט ווערען. בשעת משה רבינו האָט זיך, אַלזאָ, אַנגעהויבען בענוצען מיט׳ן אַרגומענט וועגען עבד עברי האָט איהם השי״ת מפסיק געווען און אויסגערופען: „אל תוסף דבר אלי״! חזר עס נישט איבער צוויי מאָל, דען דאַן וועל איך זיין געצוואונגען לויט׳ן דין צו ערפילען דיין בקשה...
(רבי יעקב פאָלאַק)

עס ווערט דאָך געזאָגט, אַז „הקב״ה מתאווה לתפלתן של צדיקים״, טאָ פאַרוואָס האָט איהם השי״ת ניט געלאָזט מעהר מתפלל זיין?

נאָר — האָט געענטפערט דערויף דער רבי ר׳ העשיל בדרך צחות — די חז״ל זאָגען: „המאריך בתפלה מאריכין לו ימיו ושנותיו״. ווען, אַלזאָ, משה וואָלט לענגער מתפלל געווען, וואָלט ער זיך דאַדורך פערדינט צו אריכת־ימים און דאָס איז דאָך

אונמעגליך געווען, דען עס איז דאָך שוין געהאַט נגזר געוואָרען אויף איהם דער זמן הפטירה...

דער חתם־סופר פלעגט זעהר לאַנג דאַווענען. האָט איהם אַמאָל אַ געוויסער רב גע׳מוסר׳ט: היתכן? ער איז דאָך צוליעב דעם מבטל פון לערנען און „מסיר אזנו משמוע תורה גם תפלתו תועבה״!

האָט איהם דער חתם־סופר געענטפערט: „המאריך בתפלה מאריכין לו ימיו ושנותיו״, דאַווען איך צוליעב דעם לענגער, כדי כ׳זאָל זוכה זיין צו אריכת־ימים וממילא וועל איך שוין דאַמאָלס קענען משלים זיין דעם לימוד התורה, וואָס כ׳האָב פערפעהלט צוליעב׳ן לאַנגען דאַווענען...

דער בעקאַנטער גאון רבי משה טייטעלבוים פון אוהעל (אונגאַרן), וועלכער איז שטאַרק נזהר געווען אין תפלה בזמנה, האָט זיך איינמאָל דערוואוסט, אַז דער אידעם זיינער, רבי לייביש ווישניצער, וועלכער איז געווען אַ תלמיד פון לובלינער „חוזה״ און פון רבי נפתלי ראָפשיצער און איז געוואָרען דערנאָך רבי אין פוילען, איז זיך נוהג צו דאַווענען יעדען טאָג זעהר שפעט. דאָס האָט איהם גרויס צער פערשאַפט און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבען צום אידעם אַ לאַנגען בריעף, פול מיט דברי מוסר, אין וועלכע עס איז אָנגעוויזען געוואָרען, אַז אויב מען איז אפילו נאָר עובר אויף איין דין אין שלחן־ערוך, פאַלט מען אריין אין גיהנום. דערויף האָט איהם דער אידעם אָבגעענטפערט מיט אַ בריעף, שרייבענדיג: בשעת כ׳האָב זיך פערטראַכט וועגען דעם, אַז איהר, חותני היקר, וואָס איהר דאַווענט כעלות, וועט זיין לאחר מאה ועשרים שנה אין גן־עדן, און איך, וואָס איך פערשפעטיג דעם זמן־תפלה, וועל זיין אין גיהנום, האָב איך זיך געפרעגט: מיט וועמען, ליעבער שוועהר, וועט איהר זיך דאָרט טרעפען אין גן־עדן? מסתמא, אויך מיט אַזעלכע לייט, וואָס דאַווענען „כעלות״, ווי בערל קצב, כאַצקעל בעל־עגלה, שיע דער רופא, בנימין לאַטוטניק וכדומה, איך אָבער, אין גיהנום, וועל מיך צונויפטרעפען מיט די אַלע, וועלכע האָבען עובר געווען אויף תפלה בזמנה, ווי, למשל, מיט׳ן רבי׳ן פון לובלין, מיט׳ן ראָפשיצער, מיט׳ן קאָזשעניצער מגיד, מיט׳ן רבי׳ן רבי אלימלך און מיט זיין ברודער רבי זישע וכו׳ וכו׳, נו, האָב איך זיך מישב געווען, אַז עס איז מיר פיעל ליבער צו זיין מיט זיי אַלעמען אין גיהנום, איידער מיט אייערע חברה־לייט אין גן־עדן...

## עלה ראש הפסגה וכו׳ וראה בעיניך... (ג. כז.)

די חז״ל זאָגען: „תפלה עשתה מחצה״ (מדרש רבה ויקרא פרשה י׳). משה רבינו האָט געבעטען: „אעברה נא ואראה את הארץ הטובה״, האָט זיין תפלה גע׳פועל׳ט בלויז אויף אַ העלפט: „וראה בעיניך״...

(שם משמואל)

## לא תוסיפו על הדבר אשר אנכי מצוה אתכם... (ד. ב.)

נאָך דער הקדמה פון „ועתה ישראל שמע אל החקים ואל המשפטים אשר אנכי מלמד אתכם לעשות״, איז די ערשטע אזהרה, מיט וועלכע משה רבינו האָט זיך גע־ווענדעט צו די אידען, געווען: „לא תוסיפו״! דען מיט׳ן „לא תוסיפו״ איז דער מענש

נכשל געוואָרען באַלד ביי׳ם ערשטען געבאָט וואָס ער האָט בעקומען. דער ערשטער אָנזאָג, וועלכער איז געגעבען געוואָרען אדם׳ן: „ומעץ הדעת טוב ורע לא תאכל ממנו", איז נישט אויסגעפיהרט געוואָרען, ווייל חוה האָט מוסיף געווען און צוגעגעבען „לא תאכלו ממנו ולא תגעו בו"... אַלזאָ, פריהער פאַר אַלעם און קודם־כל זאָלט איהר געדענקען: „לא תוסיפו"!...

(רבי יצחק אייזיק ראללער)

## לא תוסיפו וכו׳ ולא תגרעו ממנו... (ד. ב.)

צו רבי עזריאל הילדעסהיימער זענען אַמאָל געקומען עטליכע רעפאָרמער און פערפיהרט מיט איהם אַ שמועס וועגען דער נויטיגקייט צו רעפאָרמירען דאָס אידענטום און צו פערלייכטערען די מצוות, בכדי אַלע זאָלען זיי קאָנען מקיים זיין.

האָט זיי רבי עזריאל געענטפערט:

די תורה זאָגט אונז: „ולא תגרעו ממנו לשמור את מצות ד׳ אלקיכם אשר אנכי מצוה אתכם". איהר זאָלט זיי נישט מינערען און פערקלענערען, אפילו צוליעב דעם מכלומר׳שטען טעם פון „לשמור את מצות ד׳ אלקיכם", אַז צוליעב דעם וועט ווערען לייכטער אָבצוהיטען דעם אויבערשטענ׳ס מצוות...

מילא „לא תגרעו" איז פערשטענדליך; אָבער „לא תוסיפו" — מוסיף זיין אויף דער מצוה, פאַרוואָס זאָל מען נישט מעגען? אדרבה!

דער טעם איז, ווייל ווען עס זאָל ערלויבט מוסיף צו זיין, וואָלט דאָס געגעבען אַ גרונד צו דענקען, אַז די צאָהלען און שיעורים, וואָס ווערען אָנגעוויזען אין דער תורה ביי פערשידענע מצוות, זענען נישט אונבעדינגט, נישט קאַטעגאָריש — און אויב אַזוי, קוים ווערט עס נישט געמיינט בוכשטעבליך, איז דאָך רעכט אויך ווייניגער... און דאָס טאַקע איז דער זין פון דער ערקלערונג: „כל המוסיף — ג ו ר ע"!...

(מקור ברוך)

די תורה איז אַ סם־של־חיים, אַ רעצעפּט, וואָס ווירקט אָבצוטרייבען פונ׳ם מענש און אויסצוריינִיגען פון איהם אַלדאָס שלעכטס, און דעריבער — „לא תוסיפו וכו׳ ולא תגרעו", אַ רעצעפּט מוז גענומען ווערען אין דער גענויער מאָס, ווי זי איז פערשריבען. אַ קלענערע דאָזע העלפט נישט און אַ גרעסערע דאָזע — איז שעדליך...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

דער דובנער מגיד ערקלערט עס עפ"י משל:

אַ איד קומט אַריין צו זיין שכן באָרגען אַ לעפעל, צומאָרגענס ברענגט ער איהם אָב צוויי. — איך האָב דאָך אייך נאָר געבאָרגט איין לעפעל?! — וואונדערט זיך דער שכן. — פערשטעהט איהר מיך — ענטפערט איהם יענער — אייער לעפעל איז געווען מעוברת און האָט ביי מיר געבוירען אַ צווייטען לעפעל...

זעהט דער שכן, אַז ער האָט דאָ צו טהון מיט אַ חסר־דעה ר"ל און ער נעהמט־צו ביי איהם בײדע לעפעל.

צומאָרגענס קומט ער אַריין צו איהם באָרגען אַנ׳אַנדער חפץ און ווידער ברענגט ער איהם אָב צוויי, און אַזוי כסדר...

לימים קומט ער אַריין בעטען, ער זאָל איהם באָרגען די זילבערנע לייכטער. טראַכט זיך דער שכן: איצט וועט מיר דער מטורף אודאי אָבברענגען צוויי פּאָר זילבערנע לייכטער... און ער האָט איהם געגעבען בתשואות־חן.

געהט אַריבער אַ טאָג, צוויי, מען זעהט נישט צוריק דעם איד מיט די לייכטער. לויפט ער אַריין צו איהם מיט אַ געוואַלד: היתכן? וואו זענען מיינע לייכטער?

— איירע לייכטער — ענטפערט איהם דער איד געלאַסען, מיט אַ קרעכץ — זענען לא־עלינו געשטאָרבען...

— משוגע׳נער! חסר־דעה! — הויבט דער שכן אָן צו שרייען — ווי איז מעגליך, אַז לייכטער זאָלען שטאַרבען?

— אויב עס איז ביי אייך רעכט געווען — ענטפערט איהם דער איד — אַז לעפעל זאָלען געבוירען אַנדערע לעפעל און איהר האָט זיי גאַנץ פיין צוגענומען, קאָן דאָך אויך מעגליך זיין, אַז לעפעל זאָלען שטאַרבען און לייכטער זאָלען שטאַרבען...

כך, אַזוי, אויב איהר וועט ביי די מצוות נישט אָבהיטען דעם „לא תוסיפו", קענט איהר לייכט צוקומען צום עובר זיין אויפ׳ן „לא תגרעו", וואָרום אויב מצוות קענען זיך פרוכפערען און מעהרען, וועט דאַן אויך געמאָלט זיין ביי אייך, זיי זאָלען איינגיכען אָבשטאַרבען...

## ואתם הדבקים בד׳ אלקיכם חיים כלכם היום... (ד. ד.)

„כל המשיא בתו לתלמיד חכם והעושה פרקמטיא לת״ח והמהנה ת״ח מנכסיו, מעלה עליו הכתוב כאילו מדבק בשכינה" (כתובות קי״א)

פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס אויב זיי מאַכען חתונה זייערע טעכטער פאַר תלמידי־חכמים, טהוען זיי דאָס נישט לשם־שמים, נישט ווייל זיי האָבען אַזוי שטאַרק ליב די תורה און די בני־תורה, נאָר ווייל זיי ווילען איינהאַנדלען אַ מציאה, ווייל אַ ישיבה־בחור קאָסט ביליגער און מען קאָן איהם בעקומען פאַר אַ נישטיגען נדן, פאַר שהי־פהי. צוליב דעם בעטאָנען די חז״ל, אַז בלויז „המשיא בתו לתלמיד־חכם" איז וועניג, דערצו דאַרף אויך זיין: „עושה פרקמטיא לת״ח" און „מהנה ת״ח מנכסיו", מען זאָל איהם אויך געבען אַנ׳אָנשטענדיגען נדן און פערזאָרגען מיט פרנסה...

(ילקוט סופר)

דריי מאָל, ווערט אָנגעוויזען אין דער מסורה, געפינט זיך אין דער תורה דאָס וואָרט „ואתם": „ואתם פרו ורבו" (פ׳ נח), „ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש" (יתרו), „ואתם הדבקים בד׳ א׳ חיים כלכם היום" (ואתחנן).

די מסורה איז אונז דערמיט מרמז, אַז די אידישע לעהרע איז אין געגענזאַץ צו דער לעהרע פון אַנדערע אמונות, וועלכע פרעדיגט נזירות, ענויים און סיגופים און וועלכע פערבאָט זאָגאַר די גייסטליכע צו הייראַטען. ניין! „ואתם פרו ורבו", איהר זאָלט פיהרען אַ נאָרמאַל און נאַטירליך מענשליך לעבען, דאָס שטערט לגמרי נישט צום „ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש". דוקא אויף די אידישע גייסטליכע, אויף די כהנים, האָט די תורה מקפיד געווען, אַז זיי זאָלען נישט דערוועגען צו פייניגען זיך, אַז זיי טאָרען זיך אפילו נישט בעטייליגען איב׳ם צער פון קובר זיין אַ מת, אַז זיי מוזען יעדען טאָג עסען פלייש פון די קרבנות און אַז דעם כהן־גדול דאַרף מען פערזאָרגען מיט עשירות און „גדלהו משל אחיו". די בעהעפטונג און די דערנעהנטערונג צו גאָט פיהרט נישט דורך נזירות, דורך פערפייניגען דעם קערפער, נאָר דורכ׳ן וועג פון לעבען... „ואתם הדבקים בד׳ אלקיכם — חיים כלכם היום"!...

(הנ״ל)

## ושמרתם ועשיתם כי היא חכמתכם ובינתכם... (ד. ו.)

נישט ווי די וועלט איז געוואוינט עפ״י טעות צו מיינען, אַז צו יראת־שמים פאַדערט זיך נישט קיין שכל און חכמה און יעדער בטלן און שוטה איז מסוגל דערצו...
(רבי משה חפץ)

פאַר׳ן גיהנום — האָט אַמאָל רבי נפתלי ראָפּשיצער זיך אויסגעדריקט אין אַ שמועס מיט זיינע מקורבים — האָב איך נישט וואָס מורא צו האָבען. מורא האָב איך נור, מען זאָל מיך, חלילה, נישט אַוועקזעצען אין גן־עדן נעבען אַ חסיד־שוטה.
— דאָס איז אַן אומזיסטע מורא — האָט זיך דערויף אָבגערופען איינער פון די מקורבים — ווארום איך בין גרייט צו שווערען אייך, אַז קיין נאַר איז נאָך די שוועל פון גן־עדן נישט איבערגעטרעטען...

## ושמרתם ועשיתם כי היא חכמתכם... (ד. ו.)

„ושמרתם ועשיתם״, אַ איד דאַרף היטען און טהון די מצוות אַזוי ווי מען האָט איהם געהייסען אָהן שום חקירות, דען — „כי היא חכמתכם ובינתכם לעיני העמים״, דאָס וועלען וויסען און פערשטעהען די טעמים און דעם שכל פון יעדע מצוה, דאָס איז בלויז נויטיג „לעיני העמים״, צו קענען מקיים זיין דעם „ודע מה שתשיב״. פאַר אונז אַליין, אָבער, איז די תורה גענוג בעגלויבט און מיר האָבען צוטרוי צו איהר, אַז אַלע איהרע מצוות זענען „חוקים ומשפטים צדיקים״...
(כתב סופר)

## ואמרו רק עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה... (ד. ו.)

די ווערטער „הגוי הגדול הזה״ זענען נישט אין סתירה צום וויטערען פסוק, וואו עס ווערט געזאָגט: „כי אתם המעט מכל העמים״. אין כמות זענען מיר טאַקי דער מעט מכל העמים, אָבער אויב מיר וועלען זיין אַן „עם חכם ונבון״, וועלען מיר מיט דעם אַליין ווערען אַ „גוי גדול״, מיר וועלען פערנעהמען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער וועלט און אונזער איינפלוס און השפעה וועט וואַקסען איבעראַל, אויף אַלע געביטען פון מענשליכען לעבען...
(נפת צופים)

## כי מי גוי גדול אשר לו אלקים קרובים אליו... (ד. ז.)

עס האָט איינער אַמאָל געשיקט אַ שליח צום חפץ־חיים, ער זאָל בעטען ביי איהם אַ ברכה פאַר זיינעטוועגען, האָט דער חפץ־חיים אַ טרויעריגען שמייכעל געטהון און געזאָגט:
— וועה, וועה, איין קבצן שיקט דעם צווייטען קבצן, ער זאָל אויס׳פּועל׳ן פאַר איהם אַ ישועה ביי׳ם דריטען קבצן, איז עס נישט צום לאַכען? איז דען נישט גלייכער צו ווענדען זיך צום אמת׳ן בעל־הישועה זעלבסט, ער איז דאָך אַזוי נאָהענט און מען קאָן דאָך אַזוי לייכט אָנקומען צו איהם — „כי מי גוי גדול אשר לו אלקים קרובים אליו!״...

## ומי גוי גדול אשר לו חוקים ומשפטים צדיקים... (ד. ח.)

אונזערע צדיקים זענען געגליכען צו די „חוקים ומשפטים": פאַרהאַן מצוות, וואָס מען פערשטעהט זיי מיט'ן שכל, ווי למשל: גנבה, רציחה א. ד. גל.; און עס זענען פאַרהאַן מצוות — „חוקים", וואָס דער שכל פערשטעהט זיי נישט. פונקט אַזוי האָבען מיר אויך צווייערליי צדיקים: אַזעלכע וואָס זייער צדקות ווערט געזעהן פאַר יעדען בעשיינפערליך פון זייערע מעשים און מדות; און אַזעלכע, וועלכע מען מוז גלויבען, אַז זיי זענען צדיקים, ווארום פון זייערע מעשים זעהט מען עס נישט!...
(רבי ישראל ריזשינער)

## רק השמר לך ושמור נפשך מאד... (ד. ט.)

„רק" איז אַ מיעוט. „לך", פאַר'ן גוף, איז גענוג אַ געוועהנליכע, קלענערע שמירה; אָבער — „ושמור נפשך מאד", אַמשטאַרקסטען דאַרף מען אַכטונג געבען און היטען דעם נפש, די נשמה!...
(כלי יקר)

„רק השמר לך ושמור נפשך מאד"... זאָרגען זאָלסטו פאַר דיין נשמה און פאַר יענעמ'ס גוף, נישט פערקעהרט!...
(רבי ישראל סאַלאַנטער)

## ליראה אותי כל הימים אשר הם חיים על האדמה... (ד. י.)

„וטעם כל הימים אשר הם חיים על האדמה, כי השם ידע שלא יוכלו לעשות מצותיו כראוי והם בארצות המושלים בהם" (אבן עזרא).

מקיים צו זיין אַלע מצוות און צו דערגרייכען צו דער מדרגה פון „ליראה אותי" — דאָס איז נאָר מעגליך „על האדמה", אין ארץ־ישראל...

## וההר בוער באש עד לב השמים... (ד. יא.)

דער באַרג — האָט רבי מענדעלע קאָצקער געטייטשט — האָט אַזוי געפלאַמט, אַז די הערצער זענען געוואָרען הימעלדיג...

## ונשמרתם מאד לנפשותיכם... (ד. טו.)

— פאַרוואָס — האָט זיך אַמאָל רבי ישראל סאַלאַנטער אויסגעדריקט בדרך־הלצה — איז צום בענשען מיט מנין דאַרף מען האָבען „שבעה שאכלו", דאַגעגען צום דאַווענען מיט מנין זענען גענוג „ששה מתפללים"? — ווייל דעם רבונו־של־עולם איז ליעבער, אַז נאָך אַ איד זאָל עסען, איידער נאָך אַ איד זאָל דאַווענען!...

## השמרו לכם פן תשכחו וכו' ועשיתם לכם פסל תמונת כל אשר צוך ד' אלקיך... (ד. כג.)

איהר זאָלט נישט איינוויקלען די שמד'קייט אין דער יראה. איהר זאָלט אייך נישט

מאַכען קיין „פסל תמונת כל״, און דערביי זיך נאָך בעמיהען צו בעוויזען — „אשר צוך ד׳ אלקיך״, אַז ס׳איז גאָר אַ מצוה, אַז דער אויבערשטער אַליין האָט אַזוי גע־הייסען...

(ארונו של יוסף)

פון די מצוות „אשר צוך ד׳״ זאָלסטו נישט מאַכען קיין „פסל״ און קיין „תמונת כל״, אַנגעהמענדיג די תמונה, די אויסערליכע צורה פון דער מצוה, דעם לבוש, אַלס ע י ק ר!...

(רבי מנחם־מענדעל מקאָצק)

דו זאָלסט נישט מאַכען קיין „פסל תמונת כל״ פונ׳ם „אשר צוך ד׳ אלקיך״, דו זאָלסט די מצוות נישט פערוואַנדלען, חלילה, אין אַ פערשטיינערט בילד, אין אַנ׳־עבודה־זרה...

(רבי וואָלף סטריקאָווער)

השמרו לכם וכו׳ פסל תמונת כל...

די תורה וואָרענט אונז פאַר יענע לייט, וועלכע זענען „תמונת כל״, אַלץ אין דער וועלט, מכלומר׳שט זענען זיי פרום און אין דער זעלבער צייט טהוען זיי אָב כל־דאָס־בייז. פאַר די דאָזיגע „תמונת כל׳ניקעס״ דאַרף מען זיך אָממעהרסטען היטען...

(רבי לוי יצחק בערדיטשעווער)

## כי תוליד בנים וכו׳ ונושנתם בארץ והשחתם... (ד. כה.)

„ונושנתם״, איהר וועט ווערען פערעלטערט און צוגעוואוינט, און אַז אַ מענש ווערט צוגעוואוינט במשך פון יאָהרען צו אַ בעסערען לעבענס־שטייגער, צו זאַטקייט און עשירות, הערט ער אויף צו פיהלען די מינדעסטע דאַנקבאַרקייט און עס דוכט זיך איהם, אַז עס קומט איהם אַזוי, אַז אַנדערש קאָן שוין גאָרנישט זיין...

(שיח יצחק)

כי תוליד בנים ובני בנים...

ליידער האַלטען מיר שוין היינט דערביי: נישט די עלטערן ווירקען און בעאייג־פלוסען זייערע ק י נ ד ע ר, נאָר די קינדער דעמאָראַליזירען און פערדאַרבען די עלטערן!...

(אוצר החיים)

## ובקשתם משם את ד׳ אלקיך ומצאת כי תדרשנו... (ד. כט.)

„ומצאת״ — עס וועט גענוג זיין (פון לשון „הצאן ובקר ישחט להם ומצא להם״) דער בלויזער „ובקשתם משם את ד׳ אלקיך״, דאָס זוכען אומעטום דעם בורא־עולם — דאָס אַליין איז שוין גענוג...

(רבי מענדעלי קאָצקער)

אַ כלל האָבען מיר, אַז „מלה הכתובה בתורה ככתיבה בשטר דמיא״, און מיט׳ן דאָזיגען פסוק האָט אונז השי״ת אַ וועקסעל אונטערגעשריבען, אַז יעדעס מאָל, ווי בור

אידען וועלען זיך ווענדען און זוכען דעם אויבערשטען — וועלען זיי איהם שטענדיג געפינען...

(היהודי מפשיסכע)

„ומצאת כי תדרשנו"... ערשט נאָכ'ן „ומצאת" וועסטו צוקומען צו דער מדרגה פון „תדרשנו", ערשט דאַמאָלס וועסטו אָנהויבען צו זוכען און צו זוכען...

(רבי מענדעלי קאָצקער)

## בצר לך ומצאוך כל הדברים האלה... ושבת... (ד. ל.)

רבי לייב, דער „שפּאָלער זיידע", האָט אַמאָל, אויס'טענה'דיג זיך מיט'ן רבונו־של־עולם, געזאָגט: — רבונו־של־עולם! דו האַלטסט אידען אין גלות, דו וואַרטסט זיי זאָלען תשובה טהון? כ'שווער דיר ביי באָרד־און־פּאות אַז אידען וועלען קיין תשובה נישט טהון ביז משיח וועט קומען!...

רבי מאיר'ל פּרימישליאַנער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט:

— וויל משיח קומען מיט דרך־ארץ — וואַרטען מיר אויף איהם; וויל ער אָבער קומען מיט רוגזה, מיט „חבלי־משיח" — זענען מיר איהם מוחל: זאָל ער אינגאַנצען נישט קומען!...

אין יאָהר ת"ר האָט זיך צווישען אידען אין פּוילען — אויפ'ן גרונד פון פערשידענע רמזים און גמטריאות, וואָס עמיצער האָט אויסגעפונען — פערשפּרייט אַ מימרא, אַז דאָס יאָהר קומט משיח; וואָס־וויטער האָט מען אַלץ שטאַרקער גענומען גלויבען, אַז אין דעמדאָזיגען יאָהר דאַרף זיין די אמת'ע גאולה.

דער דאַמאָלסדיגער וואַרשאָווער רב, רבי יעקב געזונדהייט, האָט מורא געהאַט, אַז פון די ת"ר'ניקעס זאָל, חלילה, נישט ענטשטעהן אַ נייע כתה, ווי די שבתי־צבי'־ניקעס, איז ער אין שוהל אַרויף אויף דער בימה און האָט געשוואוירען, אַז אין יאָהר ת"ר וועט משיח נישט קומען!...

## להוריש גוים גדולים ועצומים ממך מפניך... (ד. לח.)

„מפניך"... אויך פון דיין פּנים זאָלסטו זיך בעמיהען אַראָבצוטרייבען דעם גוי. האָבען זאָלסטו אַ אידיש אויסזעהען, אַ אידיש פּנים...

(אור פני משה)

## וידעת היום... כי ד' הוא האלקים וכו' אין עוד... (ד. לט.)

„אין עוד" — מעהר איז נישטאָ וואָס צו וויסען!...

(רבי אהרן קאַרלינער)

„עוד כל ימי הארץ — ווערט געזאָגט אין פּסוק (בראשית ח. כב.) — זרע וקציר וחום וכו'", דער מענש איז אין זיין גאַנצען לעבען, אין אַלע צייטען פון יאָהר, בייטאָג און ביינאַכט, דורכגעדרינגען מיט דער איינציגער אונאויפהערליכער שטרעבונג פון „עוד". צו דערגרייכען נאָך און נאָך, וואָס מעהר. ער ווערט קיינמאָל נישט זאַט, קיינ־

מאָל נישט צופרידענגעשטעלט... דער העכערער תכלית און דאָס אמת'ע גליק פונ'ם מענש בעשטעהט אָבער אינ'ם „וידעת היום והשבות אל לבבך וכו' אין עוד", ער זאָל זיך אָבשטעלען אינ'ם דאָזיגען נאַרישען געיעג נאָך מותרות און אויפהערען צו יאָגען זיך טאָג און נאַכט נאָכ'ן „עוד"...

(רבי שמואל מדרילטש)

## בשמים ממעל ועל הארץ מתחת... (ד. לט.)

„בשמים — ממעל": בעת עס האַנדעלט זיך אין הימעל־ענינים, אין פרומקייט, אין גוטע מדות, זאָלסטו שטענדיג קוקען אַרויף, צו די מענשען, וואָס שטעהען אין דידאָזיגע ענינים העכער פון דיר, און זיך אין זיי מתקנא זיין!... אָבער „ועל הארץ — מתחת": אין ערדישע זאַכען, בנוגע פּרנסה און עשירות, זאָלסטו תמיד קוקען אויף אַזעלכע, וואָס פערמאָגען וועניגער פון דיר און לעבען אין ערגערע בעדינגונגען — ממילא וועסטו דאַן זיין צופרידען פון דיין גורל...

(אמרי שפר)

## אנכי עומד בין ד' וביניכם... (ה. ה.)

דער „אנכי", דער „איך", דער מענשליכער עגאָאיזם, דאָס איז די מחיצה, וואָס איז מפסיק „בין ד' וביניכם"!...

(רבי ישעיה'לע פראַגער)

## אנכי... אשר הוצאתיך מארץ מצרים... (ה. ו.)

פאַרוואָס הויבען־זיך־אָן די עשרת־הדברות מיט יציאת־מצרים און נישט מיט בריאת־העולם, אַז גאָט האָט בעשאַפען די וועלט? — ווייל יציאת־מצרים האָבען די אידען געזעהן מיט די אייגענע אויגען, אָבער בריאת־העולם האָבען זיי נישט געזעהן...

(כוזרי)

אַ צווייטער טעם:

די עשרת־הדברות הויבען־זיך־אָן מיט יציאת־מצרים, אַלס אַ זאַך, וואָס איז געטהון געוואָרען ספּעציעל פאַר אידען; בריאת־העולם, אָבער, איז געווען פאַר דער גאַנצער וועלט...

(רלב"ג)

## אנכי... לא יהיה לך... (ה. ו. ז.)

„כל מה — זאָגט דער מדרש — שישראל אוכלים בעולם הזה אינם אוכלים אלא בשביל האמונה".

פאַרוואָס עפּעס נאָר „בשביל האמונה" און נישט צוליב די אַנדערע מצוות? — ווייל עס ווערט געפרעגט, הלמאי איז „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא" — עס איז דאָך אַ בפירוש'ער געבאָט אין דער תורה: „לא תלין פעולת שכיר"? ענטפערט מען דערויף, ווייל די תורה איז געגעבען געוואָרען דורך אַ שליח — און אויב די אַרבייט ווערט איבערגעגעבען דעם פּועל דורך אַ שליח, נישט דורכ'ן בעל־הבית דירעקט, איז דאַן

דער בעל־הבית, לויט'ן דין, נישט עובר אויף „לא תלין". דאָס אַלץ איז גערעדט געוואָרען בנוגע אַלע אַנדערע מצוות; דאַגעגען וועגען די ערשטע צוויי דברות ווערט דאָך געזאָגט, אַז „אנכי ולא יהי לך מ פ י ה ג ב ו ר ה ש מ ע נ ו", אַז מיר האָבען זיי געהערט נישט דורך אַ שליח, נאָר פונ'ם ב ע ל ־ ה ב י ת, פון השי"ת אַליין — איז פ אַ ר ז י י האָבען מיר טאַקע דאָס רעכט צו פאָדערן דעם באַלדיגען שכר, דען אויף זיי איז דאָך שוין חל דער איסור פון „לא תלין", און דעריבער — „כל מה שישראל אוכלים בעולם הזה אינם אוכלים אלא בשביל ה א מ ו נ ה", אַלס שכר פאַר'ן אָבהיטען די מצוות פון „אנכי" און „לא יהיה לך"...

און דאָס, אַלזאָ, איז אויך דער זין פון פסוק אין קהלת (ד. ט.): „טובים השנים מן האחד אשר יש להם שכר טוב בעמלם" — מיט אַ בעזונדערער גוטסקייט, מיט אַ בעזונדערער מעלה צייכענען זיך אויס „השנים", די צוויי דברות, דער „אנכי" און „לא יהיה לך", וועלכע מיר האָבען געהערט „מ ן ה א ח ד", דירעקט פון השי"ת אַליין: דערמיט, „אשר יש להם שכר טוב בעמלם", וואָס זייער שכר ווערט אויסגעצאָהלט אויפ'ן אָרט, בהאי־עלמא...

(ארץ חמדה פון מלבי"ם)

## שמור את יום השבת לקדשו כאשר צוך... (ה. יב.)

„כאשר צוך — במרה"... (רש"י)

„ב מ ר ה" — אויך אין די ב י ט ע ר ע צייטען; אויך דאַן, ווען דאָס היטען שבת איז פערבונדען מיט פערלוסט, מיט היזק אין פרנסה!...

(אוצר החיים)

„זכור מלפניו ושמור מלאחריו" (ד"ה מען זאָל אָבהיטען תוספות־שבת)

(מכילתא)

אין די זמירות לשבת, אינ'ם פיוט „כל מקדש", זאָגען מיר: „המאחרים לצאת מן השבת וממהרים לבוא". ווערט געפרעגט דערויף: עס וואָלט דאָך אייגענטליך געדאַרפט שטעהען פערקעהרט, דען פריהער איז דאָך „ממהרים לבוא" און ערשט דאַן — „מאחרים לצאת"?

נאָר דער מדרש זאָגט, אַז הגם „על שבת במרה נצטוו", די מצוה פון שבת איז די אידען געגעבען געוואָרען אין מרה, דאָך אויף דעם דין פון תוספות שבת זענען זיי אָנגעזאָגט געוואָרען ערשט ביי מתן־תורה, און דאָס איז דאָך ידוע, אַז „כולי עלמא מודי שבשבת ניתנה תורה לישראל", אַז געגעבען געוואָרען איז די תורה אום שבת. נמצא, קומט דאָך אַלזאָ אויס, אַז די ערשטע מצוה פון תוספות־שבת האָבען די אידען מקיים געווען שבת פאַרנאַכט, ביי'ם „מאחרים לצאת", און ערשט דעם צווייטען שבת, אין אַכט טעג אַרום, איז געווען — „ממהרים לבוא"...

(דבש וחלב)

רבי פנחס קאָריצער פערענטפערט עס אויף אַנ'אַנדער אופן:

דער טעם, פאַרוואָס מען דאַרף היטען תוספות־שבת, איז צוליעב דער אונזיכערקייט פון דער בין־השמשות שעה, וועלכע איז „ספק יום ספק לילה". כל־זמן, אַלזאָ, די אידען האָבען געהאַט אין דער מדבר דעם עמוד־ענן מיט'ן עמוד־אש איז דער תוספות־שבת פאַר זיי נישט נויטיג געווען, מחמת אַזוי לאַנג ווי עס איז געשטאַנען דער עמוד־הענן האָט מען געוואוסט, אַז עס איז טאָג, און מיט'ן מאָמענט ווען דער עמוד־הענן איז

אַוועק און עס האָט זיך בעוויזען דער עמוד־האש — האָט זיך אָנגעהויבען די נאַכט. דער עמוד־הענן (ווי מיר געפינען אין תענית ט׳) האָט עקזיסטירט כל־זמן משה האָט געלעבט. נסתלק געוואָרען איז משה רבינו אום שבת (זעה אין ט״ז או״ח רצ״ב ס״ק ב׳: „ואומרים צדקתך צדק דבאותה שעה מת משה ע״כ אומרים צדוק הדין״) און גלייכצייטיג איז אויך דער עמוד־הענן פערשוואונדען, וממילא האָבען שוין די אידען אין יענעם שבת פאַרנאַכט געמוזט אָבהיטען תוספות־שבת. קומט דאָך, אַלזאָ, אויס, אַז דער „מאחרים לצאת״ האָט זיך אָנגעהויבען פאַר׳ן „ממהרים לבוא״...

## כבד את אביך ואת אמך וכו׳ למען יאריכון ימיך... (ה. טז.)

האַלט בכבוד דיינע עלטערען, ווייל — „למען יאריכון ימיך״, אויך דו וועסט דאָך אַמאָל אַלט ווערען און אויך דו וועסט דאַרפען דאַן אָנקומען צו דיינע קינדער, זיי זאָלען דיך בכבוד האַלטען...

## כבד את אביך ואת אמך כאשר צוך... (ה. טז.)

„כאשר צוך — אף על כיבוד אב ואם נצטוו במרה״ (רש״י)

אַנטקעגען וואָס איז אייגענטליך די נפקא־מינה, וואו די דאָזיגע מצוה איז געגעבען געוואָרען?

נאָר געוועהנליך פּרובט מען ערקלערען די מצוה פון כיבוד אַלס אַ נאַטירליכע, אַלגעמיין־מענשליכע פליכט, אַלס דאַנקבאַרקייט צו די עלטערן, וועלכע האָבען יאָהרען־לאַנג געזאָרגט פאַר איהם מיט אכילה ושתיה, הלבשה ולימוד, און ער דאַרף זיי דעריבער בעלויהנען פאַר זייער גוט. באמת אָבער איז דאָס נישט אַזוי. דער זין און די בעגריגדונג פון דער דאָזיגער מצוה שטיצט זיך אַבסאָלוט נישט אויף מאַטעריעלע מאָטיווען: אין כיבוד אב ואם איז מען מחויב אפילו דאַן, ווען מען האָט פון די עלטערן קיין שום מאַטעריעלע נוצען נישט געהאַט. „כאשר צוך — במרה״. דאָרט, אין מרה, איז געמאַכט געוואָרען די התחלה צו ערנעהרען און שפּייזען די אידען בדרך־נס, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבען פון „ויורהו ד׳ עץ וישלך אל המים וימתקו המים״, און תיכף דערנאָך — „הנני ממטיר לכם לחם מן השמים״, און דאַן דער שליו און דער „שמלתך לא בלתה מעליך״. די קינדער זענען מעהר נישט אָנגעוויזען געווען אויף די עלטערן, וועלכע האָבען פערשפּאָרט פאַר זיי צו אַרבייטען, און דאָרט דוקא איז געגעבען געוואָרען די מצוה פון כיבוד אב ואם, צו ווייזען דערמיט, אַז די דאָזיגע מצוה איז לגמרי נישט אָבהענגיג דערפון, צי מען האָט געהאַט פון די עלטערן וועלכע עס איז מאַטעריעלע נוצען, אָדער נישט...

## לא תרצח... (ה. יז.)

נאָכ׳ן „לא תרצח״ איז אָוועקגעשטעלט אַ הפסקה, דאָסזעלבע נאָכ׳ן „לא תנאף״ א. א. וו., ווייל — ווערט דערויף ערקלערט אין זוהר — עס זענען פאַרהאַן פאַר יעדען „לא״ געוויסע אויסנאַהמען: דער „לא תרצח״, למשל, איז נישט חל אויף מיתת בין־דין; מיט׳ן „לא תנאף״ ווערט געמיינט נאָר אשת חברו א. א. וו.

און אָט דאָס איז דער פשט פון׳ם פסוק (מלאכי ג. ו.): „אני ד׳ לא ש נ י ת י ואתם בני־יעקב לא כ ל י ת ם״ — איך האָב געענדערט דעם „לא״ און איהם תמיד

געמאַכט בלויז אין איניגע אויסנאַהם־פאַלען; איהר אָבער — „לא כליתם", איהר האָט גענומען דעם „לא" און איהם אינגאַנצען בעזייטיגט און אויסגעראָטען!...
(רבי יונתן אייבעשיץ)

## שמע ישראל... (ו. ד.)

גאַנץ אָפט — זאָגט דערויף דער רמב"ם אין „מאמר תחית המתים" — בעמיהט זיך דער מענש צו ריידען ווי וויט מעגליך איינפאַך און דייטליך, „בלשון מבוארה פשוטה", כדי מען זאָל זיינע רייד נישט שלעכט אויסטייטשען, „לדחות הספקות ולהסר הפירושים", און דאָך העלפט עס נישט און עס געפינען זיך אַזעלכע, וועלכע ענטדעקען אין זיינע רייד פרעמדע כוונות, „שהכותב לא כוון אליהם" (ווי עס האָט שפּעטער פּאַסירט טאַקי מיט'ן רמב"ם זעלבסט).

„ואירע היוצא בזה — פיהרט ווייטער אויס דער רמב"ם — בדברי השם יתברך". עהנליכעס האָט פּאַסירט מיט די ווערטער פון השם יתברך, וועלכער האָט געזאָגט: „שמע ישראל ד' אלקינו ד' אחד". דייטליכע, קלאָרע דבורים, וואָס קלאָרער קאָן שוין נישט זיין: נישטאָ מעהר, ווי איין גאָט, השם אחד! און דאָך זענען געקומען שפּעטער די מינים און דוקא פונ'ם דאָזיגען פסוק האָבען זיי אויסגעטייטשט, אַז עס זענען פאַרהאַן, חלילה, שלש רשויות...

רבי וואָלף סטריקאָווער איז אַמאָל געזעסען ביי דער גסיסה פון אַ'ן עלטערען קאָצקער חסיד.

— זאָג מיר — מאַכט צו איהם רבי וואָלף — האָסט נאָך איצט אַ יצר־הרע?

— יאָ — ענטפערט דער גוסס — ער רעדט מיך צו, כ'זאָל זאָגען מיט דבקות „שמע ישראל", כדי מען זאָל זאָגען אויף מיר: אַ גרויסער חסיד געווען, זיין נשמה איז אויסגעגאַנגען בקדושה ובטהרה...

## ואהבת את ד' אלקיך... (ו. ה.)

פרעגט מען: ווי געשיקט זיך עס, ווי אַזוי קאָן מען בעפעהלען ליב צו האָבען?

נאָר איידער מיר זאָגען די פרשה פון קריאת־שמע — האָט געענטפערט דערויף רבי עקיבא אייגער — לאָזען מיר פריהער אויס: „הבוחר בעמו ישראל באהבה", און אויב השי"ת האָט אונז ליב, איז דאָך עס זעלבסטפערשטענדליך אַז אויך מיר דאַרפען איהם ליב האָבען...
(מלין חדתין)

רבי יהודה צבי פון סטרעטין (אַ תלמיד פון רבי אורי סטרעליסקער) איז געווען מפורסם אַלס בעל־סגולות. איינמאָל איז געקומען צו איהם אַ חסיד מיט אַ בקשה, ער זאָל איהם געבען אַ סגולה צו אהבת־השם.

דאָס איז אַ גאַנץ לייכטע זאַך — האָט איהם רבי יהודה צבי געענטפערט — די סגולה צו אהבת־השם איז — אהבת ישראל!...

## ואהבת וכו' בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודך... (ו. ה.)

„ובכל מאודך — בכל ממונך" (רש"י)

אויב מען וויל וויסען און זיך איבערצייגען, צי מען האָטווירקליך ליעב דעם

אויבערשטען מיט'ן גאַנצען האַרץ און מיט דער גאַנצער נשמה, איז די פּראָבע דערפון דער „בכל מאודך", בשעת עס קומט צום געבען געלד אויף אַ דבר־טוב און אויף דברים־שבצדקה. דאָס איז דער איינציגער, ריכטיגער סימן...

(ייטב לב)

„יש לך אדם שממונו חביב עליו מגופו וכו'" (ברכות ס"א)

און דערויף ווערט צוגעגעבען אין תקוני זהר:

„ודא הוא נסיון דעתידין לאתנסאה בע' שנין דעלמא בתראי, דעני חשוב כמת וכאילו נטלין נפשיה" (אין די לעצטע זיבציג יאָהרען פון גלות וועלען די אידען שווער געפּרובט ווערען מיט'ן נסיון פון אָרעמקייט)...

פאַרהאַן מענשען, וועלכע זענען גרייט צו טהון אַ דבר־מצוה מיט'ן גוף, נישט קאַרגענדיג דערביי זייערע כחות, זייער צייט און מיה; דאַגעגען אַליין אַרויסנעהמען געלד פון קעשענע און געבען — דאָס נ י ש ט!... פאַרהאַן ווידער אַנדערע, וואָס אַ נדבה געבען איז ביי זיי לייכט; דאַגעגען דעם גוף זייערען אַ ריהר צו טהון, מיטהעלפען און בעמיהען זיך פאַר יענעם, געהן אַ גאַנג — דאָס קאָן מען ביי זיי נישט פועל'ן!... און דערפאַר איז דער בעפעהל: „ובכל־נפשך ובכל־מאדך" — עס מוזען זייןביידע זאַכען צוזאַמען!...

(ספר הדרוש)

„ובכל־מאדך" — מיט דיין געלד: אויך דאַמאָלס, ווען דו האָסט געלד, זאָלסטו נישט פערגעסען אינ'ם אויבערשטען!...

(פנים יפות)

אויף „ובכל נפשך" ווערט גע'דרשנ'ט: „אפילו הוא נוטל את נפשך". פאַרוואָס ווערט נישט אויך אויף „ובכל מאדך" דאָס זעלבע גע'דרשנ'ט: „אפילו הוא נוטל את ממונך"?

נאָר אַז מען נעהמט ביי איינעם צו דאָס געלד איז קיין רבותא נישט, אויב ער בלייבט דאַן ווייטער פרום, פערקעהרט, עפ"י רוב איז מען פרום דוקא דאַמאָלס, ווען מען האָט קיין געלד נישט.

מעהר רבותא איז צו דיענען דעם אויבערשטען און פרום צו זיין, בעת מען האָט יאָ געלד...

(רבי פנחס הלוי הורוויץ)

„כלבים אומרים בואו נשתחוה ונכרעה"... (פרק שירה)

פאַרהאַן צווישען די פרומע גבירים אַזעלכע כלבים, וועלכע זענען יוצא זייער חוב פאַר'ן אויבערשטען בלויז מיט'ן בויגען־און־בוקען־זיך, און זייער פרומקייט דערגרייכט נאָר ביז צו דער קעשענע...

(רבי שמעון סופר)

עהנליכעס:

„בנן של קדושים — שלא הניח ידו למטה מאבנטו": די טבע פון אַ „בנן של קדושים" איז, על־פי־רוב, נישט אַריינצושטעקען די האַנד אין טאַש — שווער ביי אַזעלכען אַרויסצובעקומען אַ גראָשען!...

(פאָלקס־ווערטער)

„ובכל מאדך — בכל ממונך... דבר אחר: בכל מדה ומדה שמודד לך"... (רש"י)

רבי איזשע סלאָנימער איז אַמאָל געקומען צו אַ גביר און האָט איהם אָנגעבאָטען צו קויפען זיין ספר „מרבה תבונה". דער גביר, זעהענדיג פאַר זיך אַ דין ספר'ל מיט זעהר ווייניג בלעטלעך, האָט איהם דערלאַנגט אַ נישטיגע מטבע. רבי איזשע האָט זיך דערפון געפיהלט שטאַרק בעליידיגט.

— אויפ'ן פסוק „ובכל מאדך" — זאָגט ער צום גביר — דרשנ'ט דער תנא קמא: „ב כ ל מ מ ו נ ך", דו זאָלסט זיך נישט רעכענען מיט'ן געלד! דאַגעגען דבר אחר, אַ צווייטער פשט זאָגט: „בכל מדה ומדה", אַז מען דאַרף קוקען אויף דער גרויס און אויף דער וואָג... ווייזט־אויס, אַז איהר האַלט זיך אין דער שיטה פון „דבר אחר"!...

## והיו הדברים האלה אשר אנכי מצוך היום על לבבך... (ו. ו.)

זאָלען די דאָזיגע ווערטער שטענדיג ליגען גרייט אויף דיין האַרץ, כדי ווען עס וועט זיך מאַכען אַ מינוט און דאָס האַרץ וועט זיך עפענען, זאָלען זיי קענען גלייך אַריינדרינגען אין האַרצען אַריין...

(רבי מענדעלי קאָצקער)

## ושננתם לבניך ודברת בם... (ו. ז.)

אויב דו וועסט לערנען מיט דיינע קינדער דאָס, וואָס דו און דיין טאַטע און דיין זיידע האָבען געלערנט, דאַן „ודברת בם בשבתך בביתך", וועסטו האָבען אין שטוב וואָס צו רעדען מיט זיי; דאַגעגען אָבער ווען דו וועסט זיי לאָזען לערנען בלויז פרעמדע זאַכען, אַלע שבע חכמות, אַחוץ תורה און אידישע לימודים, דאַן וועסטו זיצען מיט זיי ביי'ם טיש ווי אַ פרעמדער און נישט קאָנען זיך מיט זיי צונויפשמועסען...

(בית־יצחק)

אין די ליטווישע ישיבות איז מען זיך נוהג צו לערנען שטעהענדיג. יעדער ישיבה־בחור האָט זיך זיין עמוד, ביי וועלכען ער שטעהט און לערנט. איינמאָל האָט אַ ישיבה־בחור בעמערקט, ווי זיין חבר אין דער ישיבה, רבי יאָשע דינאַבורגער, וועלכער האָט שוין דאַן גע'שמ'ט אַלס ראָגאַטשאָווער עלוי, זיצט ביי'ם לערנען. איז ער צוגעגאַנגען און איהם אויפמערקזאַם געמאַכט, הלמאי ער איז זיך נישט נוהג ווי אַלע, צו לערנען בעמידה.

האָט איהם רבי יאָשע דערויף אָנגעוויזען, אַז עס איז אַ בפירוש'ער מדרש־רבה: „כתוב אחד אומר ואשב בהר ארבעים יום וכתוב אחד אומר אנכי עומד בהר? — עומד ולומד יושב ושונה", אַז לערנען בעמידה דאַרף מען נאָר דאָס ערשטע מאָל, דאַגעגען איבער'חזר'ן דאָס, וואָס מען האָט שוין איינמאָל געלערנט מעג מען אויך זיצענדיג, און היות ער האָט שוין ב"ה אויסגעלערנט גאַנץ ש"ס ופוסקים און איצט חזר'ט ער בלויז, מעג ער שוין זיצען ביי'ם לערנען.

— אויף אַלעם האָט ער אַ מאמר חז"ל — בעמערקט יענער מיט תרעומות.

— נו, אויב דו ווילסט נישט קיין מאמר חז"ל — מאַכט צו איהם רבי יאָשע — איז דאָ דערויף אַ בפירוש'ער פסוק. עס שטעהט בפירוש: „ושננתם לבניך" — בשעת דו וועסט איבער'חזר'ן דאָס לערנען, דאַן — „ודברת בם בשבתך", מעגסטו עס טהון זיצענדיג...

## והיו לטוטפות בין עיניך... (ו. ח.)

„טט בכתפי — שתים; פת באפריקי — שתים". (רש"י)

און דאָס איז דער פשט אין פיוט פון שבת־נחמו, וואו עס ווערט געזאָגט: „דין נשמע שמע בכל לשון להתמלל, הלא נדעה בארבעה אשר פרשו זקנינו". די מבארים מאַטערן זיך אויף פערשידענע אופנים צו ערקלערען דעם זין פון דידאָזיגע ווערטער; באמת אָבער איז עס גאַנץ איינפאַך: דער דרש פון „שמע — בכל־לשון שאתה שומע" איז געדרונגען פון דער תורה זעלבסט, פון דערזעלבער פרשת קריאַת־שמע, וואו מיר געפינען דאָס פרעמד־וואָרט „טוטפות" אַלס בעצייכענונג פאַר די פיער פרשיות פון תפלין...

(גאולת ישראל)

## וכתבתם על מזוזות ביתך ובשעריך... (ו. ט.)

אין מס' ערכין, אין די פסקי תוספות סי' ז', ווערט געזאָגט: „עיר שיש בה חזרים פטורה ממזוזה כשמגולין האותיות".

וואו איז דער מקור פונ'ם דאָזיגען מערקווירדיגען מאמר?

אין סמ"ג (עשין, עשה כ"ב) ווערט אָנגעוויזען, אַז דער דאָזיגער מאמר זאָל זיך געפינען אין ירושלמי, דאַגעגען ערקלערט דער רשב"א, אַז עס איז נישטאָ אַזאַ מאמר, נישט אין ירושלמי, נישט אין בבלי...

„על מזוזות ביתך" — כדי דער אָרימאַן, וואָס וועט איבערטרעטען דיין שוועל, זאָל זעהן די אויפשריפט: „ד' אלקינו ד' אחד", אַז דיין גאָט איז אויך זיין גאָט און זיין בעשעפער און ער מעג דעריבער דרייסט אַריינגעהן צו דיר און פערלאַנגען דו זאָלסט איהם העלפען און אונטערשטיצען...

(ילקוט פנינים)

## השמר לך פן תשכח את ד'... (ו. יב.)

דער „השמר לך פן תשכח" איז געזאָגט געוואָרען נאָכ'ן „ובתים מלאים כל טוב אשר לא מלאת", אויף די, וועלכע זענען נתעלה געוואָרען און האָבען זיך ערוואָרבען אַ פערמעגען אומגעריכט, „אשר לא מלאת", דען אַממעהרסטען האָבען אַ טבע צו פערגעסען — די אויפגעקומענע גבירים...

(רבי שלמה קלוגער)

## את ד' אלקיך תירא... (ו. יג.)

„שמעון העמסוני וכו' היה דורש כל אתין שבתורה וכו' עד שבא רבי עקיבא ולימד את ד' אלקיך תירא לרבות תלמידי חכמים" (בבא קמא מ"ב)

מיט'ן דאָזיגען דרש האָט רבי עקיבא געמיינט צו מוסר'ן זיינע אייגענע תלמידים, וואָס ווי עס דערצעהלען די חז"ל (יבמות ס"ב): „לא נהגו כבוד זה בזה", און ער האָט זיך דעריבער געווענדעט צו זיי און געזאָגט: „את ד' אלקיך תירא לרבות תלמידי

חכמים", אַז נישט נאָר אַן׳עם הארץ, נאָר אויך די תלמידי־חכמים זעלבסט דאַרפען דרך־ארץ האָבען און נוהג כבוד זיין איינער דעם צווייטען...

(יתדות אהלים)

רבי יצחק וואָלאָזשינער פלעגט זאָגען: הגם די חז״ל דרינגען אַ קל־וחומר, אַז „זונות מפרכסות זו את זו תלמידי־חכמים לא כל שכן", דאָך איז עס אין לעבען, ליידער, גאַנץ אַנדערש, און דעריף קלאָגט זיך טאַקי דוד המלך אין תהלים און זאָגט: „קרבו רודפי זמה", די רודפי זמה, די זונות, לעבען טאַקי צווישען זיך אין התקרבות און זענען מפרכסות זו את זו, אָבער — „ומתורתך רחקו", די וואָס זענען עוסק בתורה, די תלמידי־חכמים, זענען, ליידער, דערווייטערט איינער פון צווייטען...

דער בעריהמטער גאון רבי טעבעלע העס, וועלכער איז געווען רב אין מאַנהיים, האָט געהאַט אַ סך אויסצושטעהן פון די דאָרטיגע משכילים, וועלכע האָבען איהם מבזה געווען בתכלית הבזיון.

האָט ער זיך איינמאָל געווענדעט צו זיי אין אַ דרשה און געזאָגט: עס שטעהט אין פסוק (ישעי׳ א׳): „בנים משחיתים עזבו את ד׳". וואָס ווערט געמיינט דערמיט? עס ווערט געמיינט דערמיט צו זאָגען, אַז אייער אויפפיהרונג איז אונפערשטענדליך. ממה־נפשך. האַלט איהר פון תורה שבעל־פה, אָדער איהר האַלט נישט? פון איין זייט זעהען מיר „בנים משחיתים", אַז איהר געהט אַרום מיט געשוירענע בערד, כאָטש אין דער תורה שטעהט בפירוש: „ולא תשחית פאת זקנך", איז דאָך נישט אַנדערש, נאָר איהר שטיצט זיך אויף דער תורה שבעל־פה, אויף דער דרשת חז״ל, אַז השחתה מיינט מען נאָר בתער, אָבער נישט במספריים, און אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס, פרעג איך אייך, „עזבו את ד׳", האַלט איהר נישט פונ׳ם דרש, וואָס ווערט געזאָגט פון די זעלבע חז״ל אויפ׳ן „את ד׳", אַז „את ד׳ אלקיך תירא — לרבות תלמידי חכמים"?...

## לא תנסו את ד׳ אלקיכם... (ו. טז.)

בשעת דער מחבר פון „בנין אריאל", רבי שאול, איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין אַמסטערדאַם, האָט ער געהאַלטען גאָר אַ וואונדערליכע דרשה, וועלכע האָט ביי אַלעמען שטאַרק אויסגענומען. נאָך דער דרשה זענען צוגעגאַנגען צום רב אייניגע פון די אָרטיגע לומדים, פונ׳ם בעקאַנטען טיף איפכא מסתברא׳ניקעס, און זאָגען צו איהם, אַז הגם די דאָזיגע דרשה איז געווען אויסגעצייכענט, קאָן מען אָבער דערפון נישט וויסען, ווי ווייט עס דערגרייכט ווירקליך זיין לומדות, מחמת צו דער ערשטער דרשה האָט ער זיך דאָך אודאי אַ לאַנגע צייט פריהער צוגעגרייט. זיי וואָלטען, אַלזאָ, וועלען ער זאָל האַלטען צומאָרגענס נאָך אַ דרשה אויף אַ סוגיא אין ש״ס, וואָס זיי וועלען פאַר איהם אויסקליבען, און ערשט דאַן וועלען זיי זיך איבערצייגען, ווי גרויס עס איז באמת זיין כח אין פלפול.

רופט זיך אָן צו זיי רבי שאול: די גמרא זאָגט, אַז שמעון העמסוני האָט גע׳דרשנ׳ט אַלע „אתין שבתורה", אָבער ווען ער איז צוגעקומען צום „את ד׳ א׳ תירא" האָט ער זיך צוריקגעצויגען, ביז עס איז געקומען רבי עקיבא און גע׳דרשנ׳ט: „את ד׳ א׳ תירא — לרבות תלמידי חכמים". איז דאָך אין פלוג קשה: פאַרוואָס האָט שמעון העמסוני נישט געקענט דרשנ׳ען דעם זעלבען דרש, וואָס רבי עקיבא? נאָר דער תירוץ איז: שמעון העמסוני איז נאָך דאַמאָלס נישט געווען קיין רבי, וואָרום ווען ער וואָלט געווען

אַ רבי, אַ מוסמך, וואָלט מען דאָך איהם גערופען נישט סתם „שמעון״, נאָר „רבי שמעון״, און דעריבער האָט ער נישט געקענט דרשנ׳ען דעם דאָזיגען דרש, וואָרום ווען ער וואָלט גע׳דרשנ׳ט: „את ד׳ א׳ תירא לרבות תלמידי חכמים״, וואָלט ער דאָך דעם זעלבען דרש געמוזט אויך אָנווענדען אויפ׳ן פסוק: „לא תנסו את ד׳ אלקיכם — לרבות תלמידי חכמים״, אַז נישט נור דעם אויבערשטען, נאָר אויך אַ תלמיד חכם טאָר מען נישט פּרובען, און מען וואָלט איהם דאַן חושד געווען, אַז „לכבוד עצמו הוא דורש״, אַז ער האָט מורא, אַז בעת ער וועט ווערען בעקומען סמיכה און אויפגענומען ווערען אַלס רב, זאָל מען איהם נישט פּערהערען און נישט פּרובען מיט קיין דרשה... רבי עקיבא דאַגעגען האָט זיך יאָ געקענט ערלויבען צו דרשנ׳ען דעם דאָזיגען דרש, מחמת ער איז שוין דאַן געווען אַ מוסמך און נישט געהאַט וואָס מורא צו האָבען.

אויך איך — האָט רבי שאול פּערענדיגט מיט הקפדה — בין ב״ה שוין אַן׳אַלטער מוסמך פון גרעסערע לומדים און גרעסערע פּרובערס ווי איהר, און — „לא תנסו״!...

## כי ישאלך בנך מחר לאמר מה העדות והחוקים... (ו. כ.)

פאַר דעם „היינטיגען״ זוהן האָט די תורה נישט געזוכט קיין תירוץ. דער היינטיגער זוהן, וואָס האָט געזעהען די נסים פון יציאת מצרים, קריעת ים־סוף און מלחמת עמלק, ער וועט קיין קשיות נישט פרעגען. צוגרייטען אַ תירוץ דאַרף מען בלויז פאַר׳ן „בנך מחר״, פאַר׳ן מאָרגענדיגען זוהן...

(דברי אליעזר)

צום אַלטען אַלעקסאַנדרער רבי׳ן, דער בעל „ישמח ישראל״, איז אַמאָל געקומען אַ חסיד און זיך מתנצל געווען, אַז זיין טאָכטער וויל נישט הערען פון די אַלע שידוכים, וואָס מען לעגט איהר פאָר און אַנשטאָט אַ חסיד׳ישען חתן וויל זי דורכאויס אַ מאָדערנעם, אַ היינטיגען.

— אויב זי בעשטעהט נאָר אויף אַ „היינטיגען״ — מאַכט צו איהם דער אַלעקסאַנדרער רבי — טאָ וואָרט נישט און טהו מיט איהר שנעל אַ שידוך, וואָרום אויב דו וועסט זיך צו לאַנג מיישב זיין, וועט זי שוין וועלען אַ „מאָרגענדיגען״ און יענער וועט שוין זיין פיעל ערגער...

## וצדקה תהיה לנו כי נשמור לעשות את כל המצוה הזאת... (ו. כה.)

דאָס האָט אַמאָל רבי אלי׳ חיים מייזעל געזאָגט צו איינעם אַ בעריהמטען לאָדזער גביר, וועלכער האָט אויף דער קאָנטאָ, וואָס ער איז אַ גרויסער בעל־צדקה, זיך ערלויבט צו זיין אַ מזלזל במצוות.

— צדקה — מאַכט צו איהם רבי אלי׳ חיים — איז טאַקי אַ גרויסע זאַך, אָבער צדקה אַליין, אָהן די איבריגע מצוות מעשיות, איז גאָרנישט. „וצדקה תהיה לנו — די צדקה האָט נאָר דאַמאָלס אַ ווערט — כי נשמור לעשות את כל המצוה הזאת״...

## כי עם קדוש אתה... (ז. ו.)

דעריבער ווערט איהר אָנגעזאָגט צו האַנדלען אַזוי שטרענג: „לא תכרות להם ברית ולא תחנם ולא תתחתן בם וכו׳״, ווייל — „כי עם קדוש אתה״, און וואָס גרעסער

די קדושה, אַלץ לייכטער איז זי מקבל צו זיין טומאה, דען קדשים, אין געגענזאַץ צו חולין, ווערען טמא אפילו ברביעי...

(אור תורה)

## האל הנאמן שומר הברית וכו׳ לאלף דור... (ז. ט.)

אין פריהערדיגען פסוק ווערט געזאָגט: „ומשמרו את השבועה אשר נשבע לאבותיכם הוציא ד׳ אתכם ביד חזקה ויפדך מבית עבדים וכו׳". איז אויב אַזוי, אויב מיר האָבען פון השי"ת אַ שבועה צו בעקומען ארץ־ישראל, טאָ וועך צווינגט אונז אָבצוהיטען די תורה מיט די אַלע מצוות און וואָס האָבען מיר מורא צו האָבען, השי"ת וועט דאָך נישט ברעכען די שבועה, וואָס ער האָט אונזערע עלטערן געגעבען?... און דערויף קומט גלייך דער ענטפער: אמת טאַקי, אַז ער איז אַ „האל הנאמן, שומר הברית והחסד לאוהביו ולשומרי מצוותיו", און ער וועט אַודאי אויף זיין שבועה נישט עובר זיין, אָבער — „לאלף דור", קיין טערמין איז אין דער שבועה נישט אָנגעוויזען געוואָרען, און אויב מיר ווילען זיך נישט אויפפיהרען ווי געהעריג, האָט ער צייט מקיים צו זיין די הבטחה און צו וואַרטען מיט איהר אַזש גאַנצע טויזענד דורות, ווי לאַנג נאָר ער וועט ווילען...

(רשב"ם)

עס איז בעקאַנט די שטעלע אין „אהבת יונתן" אויף דער היינטיגער סדרה, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז דער מאמר אין תלמוד: „השבעתי אתכם בנות ירושלים וכו׳ שלא יעלו ישראל בחומה" (כתובות קי"א), ווערט געמיינט „אפילו ברשות האומות", אַז די אידען ווערען געוואָרענט נישט צו געהן קיין ארץ־ישראל און עוסק צו זיין בבנינה אפילו ווען די אומות ווילען זיי דערויף אַנ׳ערלויבעניש געבען... די געגנער פון ישוב ארץ־ישראל פלעגען זיך, ווי בעוואוסט, שטאַרק שטיצען אויפ׳ן דאָזיגען „אהבת יונתן", איבערהויפט פלעגט ער ווערען זעהר אָפט ציטירט בשעת עס האָט זיך אָנגעהויבען ביי אידען די חבת־ציון באַוועגונג... אָבער דער גאון רבי אברהמ׳על סאָכאַטשאָווער שרייבט וועגען דעם אין „אבני נזר", אַז די הלכה בלייבט ווי רש"י, וועלכער ערקלערט אויף די ווערטער „שלא יעלו בחומה" — „יחד ביד חזקה"... דער „אבני נזר" פיהרט דערביי אויס, אַז — „שאלף כיוצא בו לא יזיזו דברי רש"י בזה"... בפרט אַז די דער־מאָהנטע שטעלע אין „אהבת יונתן" איז געגען רמב"ן און געגען אור־החיים. חוץ־לזה איז צו זעהען אין „אהבת יונתן" גופא, אין פ׳ עקב, אַ סתירה צו דעם, וואָס ער שרייבט אין פ׳ ואתחנן...

איבריגענס, אין „שם־הגדולים" פון חיד"א ווערט געבראַכט, אַז דעם ספר „אהבת יונתן" האָט נישט געשריבען ר׳ יונתן אייבעשיץ זעלבסט, נאָר זיינער אַ תלמיד...

אגב, די געגנער פון ישוב־ארץ־ישראל שטיצען זיך אויפ׳ן מהר"ם מרוטענבערג, וועלכער שרייבט אין אַנ׳אָרט, אַז נור אַ צדיק מעג עולה זיין נאָך ארץ־ישראל און אַז עס איז נישט ערלויבט אינ׳ם הייליגען לאַנד צו בעשעפטיגען זיך מיט קיין שום משא־ומתן און עניני חול... אויף די דאָזיגע ווערטער פעררופט זיך אויך דער רבי פון לובאַוויטש אין זיין קונטרס „מכתב עוז של תורה", אַנ׳אָפענער בריעף צום גערער רבי׳ן, וועלכען ער מוסר׳ט הלמאי ער שטיצט דעם ישוב אין ארץ־ישאל. אויף דער ערקלערונג פון גערער רבי׳ן, אַז ער איז זיך סומך אויף דער גמרא אין באַבא־בתרא: „ר׳ ינאי נטע ארבע מאה כרמי", ווייזט אָן דער רבי פון לובאַוויטש, אַז דער זין פונ׳ם דאָזיגען מאמר

איז אַ גאַנץ אַנדערער, און פעררופענדיג זיך אויפ׳ן דערמאָהנטען מהר״ם מרוטענבערג פערלאַנגט ער פונ׳ם גערער רבי׳ן, אַז עס זאָל אויסגעמעקט ווערען פונ׳ם אגודה׳שען פראָגראַם דער פונקט וועגען ישוב־ארץ־ישראל...

רבי אברהמ׳עלע סאָכאַטשאָווער אין „אבני נזר״ איז זיך שטאַרק מפלפל וועגען די דאָזיגע ווערטער פון מהר״ם מרוטענבערג און ער פיהרט אויס, אַז די דעה פונ׳ם רוב פוסקים איז נישט אַזוי...

# עֵקֶב

## והיה עקב תשמעון... (ז. יב.)

„והיה עקב", דער סוף וועט דאָך זיין „תשמעון", אַז סוף־כל־סוף וועט איהר מיך פאָרט מוזען הערען!...

(רבי מענדעלע קאָצקער)

„ורמז בתבת עקב מדת התורה שיהי׳ אדם הולך עקב בצד גודל" (אור החיים)

אַ פלא! אין סוטה (כ"ב) ווערט צווישען די „מכות פרושין" אויסגערעכענט: „פרוש נקפי, זה המנקיף את רגליו", דערויף פערטייטשט דאָרט רש"י: „מהלך בשפלות, עקב בצד גודל, ואינו מרים רגליו מן הארץ", און אין רמב"ם הלכות דעות (פרק ה׳ הלכה ח׳) ווערט עס זאָגאַר פעררעכענט אַלס מדת־גאוה!...

(ישכר סאָס)

## ושמר ד׳ אלקיך לך את הברית וכו׳ אשר נשבע לאבותיך... (ז. יב.)

בשעת אידען זענען זינדיג, לעבען זיי דאַמאָלס און עקזיסטירען בישט אין זייער אייגענעם זכות, נאָר אין דעם זכות פון די עלטערן, פון דער שבועה, וואָס דער אויבערשטער האָט געגעבען צו די אבות.

וואָרענט מען אונז, אַלזאָ: זעה, אַז דער „ברית אשר נשבע לאבותיך" זאָל בלייבען אָבגעהיט און אונבעריהרט; זעה, אַז דו זאָלסט עקזיסטירען אין זכות פון דיינע אייגענע מעשים און נישט דאַרפען אָנקומען צו זכות־אבות!...

(חתם־סופר)

## את הברית ואת החסד אשר נשבע לאבותיך... (ז. יב.)

בשעת אַ קונה — זאָגט דערויף דער דובנער מגיד בדרך־הלצה — קומט אַריין אין אַ געשעפט, און, הייסענדיג זיך דערלאַנגען פערשיעדענע סחורות, הויבט ער זיך אָן דערביי צו שווערען, אַז ער וועט בעצאָהלען, איז אַ סימן, אַז ער מיינט נישט צו געבען קיין מזומנים, נאָר ער פערלאַנגט קרעדיט, אויף אַ וועקסעלע...

אויך השי"ת האָט געפונען פאַר נויטיג צו פערזיכערען אונז זיין הבטחה מיט אַ שבועה, ווייל „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא", ווייל מיר בעקומען נישט אויסגעצאָהלט דעם שכר אויפ׳ן אָרט... און דאָס איז אויך דער טייטש: „עדותיך נאמנו מאד", דעם רבונו־של־עולמ׳ס אַ וואָרט איז לעולם גאַנץ גענוג בעגלויבט, טאָ נאָכוואָס האָט נאָך השי"ת געדאַרפט אונז אַ שבועה געבען? ווייל עס איז אַ מעשה — „לאורך ימים", אויף אַ וועקסעלע, „היום לעשותם ומחר לקבל שכרם"...

## ושמרתם ועשיתם אותם וכו' ואהבך וברכך... (ז. יב. יג.)

די אזהרה צו טהון די מצוות ווערט געזאָגט בלשון־רבים: „ושמרתם ועשיתם", דאַגעגען די הבטחה וועגען דעם שכר פון די מצוות איז שוין געוועגדעט בלשון־יחיד: „ואהבך וברכך וכו'", דען אַלע קענען גלייך טהון די זעלבע מצוה, אָבער נישט אַלע זענען זי גלייך מקיים אויפ'ן זעלבען אופן, מיט'ן זעלבען רצון, חשק, התלהבות און עהרליכע, ריינע כוונות, און נישט יעדער פערדיענט דעריבער דעם זעלבען שכר. דער חשבון פאַר מקיים זיין די מצוה מוז געמאַכט ווערען מיט יעדען יחיד בעזונדער...
(כלי חמדה)

## וברך פרי בטנך... (ז. יג.)

צוויי מאָל געפינט זיך דאָס וואָרט „וברך" אין דער תורה: „וברך את לחמך" (שמות כג. כה.) און — „וברך פרי בטנך". דער „וברך פרי בטנך" איז נאָר דאַמאָלס אַ ברכה, ווען דערביי איז אויך „וברך את לחמך", ווען צוזאַמען דערמיט איז מען אויך געבענשט מיט פרנסה. פאַר אַן אָרימאַן אָבער איז דאָס האָבען אַ סך קינדער, דער בלויזער „וברך פרי בטנך", ווייט נישט קיין ברכה...
(אור פני משה)

## והסיר ד' ממך כל חולי וכל מדוי מצרים הרעים אשר ידעת לא ישימם בך... (ז. טו.)

אויף „והסיר ד' ממך כל חולי" דרשנ'ט די גמרא: „זה צנים ופחים" (ב"מ ק"ו), און וועגען צנים ופחים זאָגען די חז"ל אין אַן אַנדער אָרט: „הכל בידי שמים חוץ מצנים ופחים וכו' ושומר נפשו ירחק מהם" (כתובות ל'), און דעריבער, ביי אַלע אַנדערע מחלות, וועלכע זענען אין כלל פון „מדוי מצרים הרעים", ווערט געזאָגט: „לא ישימם בך", אַז השי"ת וועט דיך פערהיטען, דו זאָלסט לכתחילה אויף זיי נישט קראַנק ווערען, דאַגעגען ביי „כל חולי", וואָס דאָס בעציהט זיך אויף „צנים ופחים", קומט בלויז די פערזיכערונג, אַז „והסיר ממך", אַז אויב דו וועסט, חלילה, ליידען אויף די מחלות, וועסטו פון זיי אויסגעהיילט ווערען. דאָ איז שוין נישטאָ די בעוואָרעניש פון „לא ישימם בך", אַז דו וועסט לכתחילה נישט קראַנק ווערען, דען — „הכל בידי שמים חוץ מצנים ופחים"...
(מלין דרבנן)

## כי תאמר בלבבך רבים הגוים האלה... לא תירא מהם... (ז. יז. יח.)

אויב דו וועסט אָנערקענען און מודה זיין, אַז „רבים הגוים האלה ממני, איכה אוכל להורישם", אַז נישט מיט דיינע אייגענע כחות וועסטו זיי מנצח זיין, נאָר דו מוזט אָנקומען צו דער געטליכער הילף — ערשט דאַן: „לא תירא מהם"!...
(של"ה)

## ולא תביא תועבה אל ביתך... (ז. כו.)

רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער פלעגט זאָגען, אַז אויב מען לאָזט אַריין צו זיך אַ

בעל־גאוה אין הויז איז מען עובר אויף אַ לאו: „ולא תביא תועבה אל ביתך״, דען עס איז אַ בפירוש׳ער פסוק: — „תועבת ד׳ כל גבה לב״ (משלי ט״ז)...

## ויענך וירעיבך ויאכילך את המן... (ח. ג.)

עס האָט אַמאָל איינער געפרעגט רבי אייזיל חריף:

— דעם מן האָבען דאָך אַלע בעקומען אין אַ גלייכער מאָס, יעדער וויפיל ער האָט נויטיג געהאַט, „איש לפי אכלו״, טאָ ווי אַזוי האָבען דאַן די אידען געקענט מקיים זיין די מצוה פון צדקה?

האָט איהם רבי אייזיל דערויף געענטפערט:

— כידוע האָט מען אין מן געקענט פיהלען אַלע טעמים און די צדקה איז געווען, וואָס די גבירים האָבען געזאָגט די אָרימעלייט, וואָס פאַר אַ טעם זיי זאָלען זיך נעהמען אין זינען אַריין, מחמת די אָרימעלייט ווייסען אפילו נישט וואָס גוט איז...

## כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם... (ח. ג.)

עס שטעהט נישט „בלחם לבדו״, נאָר „על הלחם לבדו״, און דער זין איז: „כי לא על הלחם לבדו יחיה האדם״, נישט אויפ׳ן בלויזען ברויט לעבט דער מענש, נישט דאָס איז דער צוועק און תכלית פון זיין לעבען. ער עסט, בכדי ער זאָל קענען לעבען, אָבער ער לעבט נישט, בכדי ער זאָל קענען עסען...

(יסודי העיקרים)

און דאָס איז אויך דער זין פון מאמר: „בבלאי טפשאי דאכלי לחמא בלחמא״ (נדרים מ״ט). דער דורכשניטליכער נאָרישער מענש עסט, כדי ער זאָל האָבען כח צו אַרבייטען און ער אַרבייט, כדי ער זאָל האָבען צו עסען, ער עסט, אַלזאָ, ברויט צוליעב ברויט, דער תכלית פון איין שטיק ברויט איז — ער זאָל קענען אַרבייטען און זיך פערדיענען אויף נאָך אַ שטיק ברויט...

## שמלתך לא בלתה מעליך... (ח. ד.)

„מפני מה תלמידי חכמים שבבבל מצוינים? — מפני שאינם בני תורה״ (שבת קמ״ה)

וואָס פאַר אַ ענטפער איז עס, אַז דערפאַר, ווייל זיי זענען נישט קיין בני תורה, דעריבער קומט זיי צו טראָגען שענע קליידער?

נאָר די גמרא זאָגט: „הני מאני דרבנן דבלו מחופיא דידהו״ (ברכות ו׳), אַז די מזיקים רייבען זיך אין די קליידער פון די תלמידי חכמים און דעריבער ווערען זיי גיך צופוילט און צוריסען. און דאָס איז דער ענטפער אויף דער שאלה: „מפני מה תלמידי חכמים שבבבל מצוינים — מפני שאינם בני תורה״, ווייל זיי קענען נישט לערנען און דעריבער רייבען זיך נישט אַרום זיי די מזיקים און זייערע קליידער ווערען אַזוי גיך נישט צוריסען...

(שיחות חכמים)

## שמלתך לא בלתה מעליך ורגלך לא בצקה... (ח. ד.)

אין אונגאַרישען שטעדטעל בערגאָסאָן, וואו דער „קול אריה״ (רבי אברהם יהודה

הכהן) איז געווען רב, איז אַמאָל אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת איבער אַ חזן, וכדרך־הטבע זענען בראש פון דער מחלוקת געשטאַנען די בעלי־מלאכות: שניידערס, שוסטערס, וועלכע זענען פון תמיד אָן די גרעסטע בעלנים אויף אַ חזן... האָט דער „קול אריה" דערויף געזאָגט, אַז עס פלעגט איהם שטענדיג קשה זיין אויף די אידען אין דער מדבר, וועלכע האָבען כסדר געפיהרט מחלוקת מיט משה און מיט אהרנ׳ען, דאָ — איבער וואַסער, דאָ — איבער פלייש, דאָ — איבער קנאָבעל און ציבעלעס, דאָ — איבער דער כהונה; פאַרוואָס געפינען מיר נישט, אַז זיי זאָלען אויך האָבען געפיהרט מחלוקת איבער אַ חזן? אָבער איצט איז איהם שוין די זאַך פערענטפערט. אין דער מדבר — דערצעהלט אונז די תורה — איז געווען „שמלתך לא בלתה מעליך ורגלך לא בצקה", די קליידער זענען נישט צוריסען געוואָרען און אין קיין שיך איז מען נישט געגאַנגען, זענען דאָך, הייסט עס, אינגאַנצען נישט געווען, נישט קיין שניידערס, נישט קיין שוסטערס, און אָהן שניידערס און שוסטערס — ווער וועט זיך קריגען איבער אַ חזן?...

## כי כאשר ייסר איש את בנו ד׳ אלקיך מיסרך... (ח. ה.)

אַ פאָטער, בשעת ער שלאָגט זיין קינד, טהוט איהם אַליין אויך גענוג וועה — און אַזוי איז עס אויך ביי השי״ת כביכול... „כשאדם מצטער, שכינה מה אומרת? — קלני מראשי, קלני מזרועי"...

(רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער)

## ללכת בדרכיו וליראה אותו... (ח. ו.)

דאָ — האָט דערויף אָנגעוויזען דער חפץ־חיים — ווערט פריהער געזאָגט „ללכת בדרכיו" און ערשט דאַן „ליראה אותו"... דאַגעגען אין אַ ווייטערען פסוק (י. יב.) ווערט געזאָגט: „ליראה את ד׳ אלקיך, ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו", אַלזאָ, פריהער „ליראה" און נאָכהער „ללכת בכל דרכיו" און צום סוף „ולאהבה אותו", און אין דריטען פסוק (יא. כב.) ווערט געזאָגט: „לאהבה את ד׳ אלקיכם, ללכת בכל דרכיו ולדבקה בו". אַלזאָ, פריהער „אהבה" און נאָכהער „ללכת בכל דרכיו" און צום סוף „ולדבקה בו". מיט וואָס ערקלערט זיך עס, וואָס אין די אַלע דריי ערטער איז אומעטום דאָס לשון אַנדערש?

נאָר עס זענען פאַראַן דריי מדרגות אין עבודת השם: די ערשטע מדרגה איז „יראה", די צווייטע, העכערע מדרגה איז „אהבה", די דריטע, נאָך העכערע מדרגה איז „דביקות" און דער איד דאַרף זיך בעמיהען צו שטייגען מדרגה לדרגה, צו געהן וואָס אַמאָל העכער. אַלזאָ, קודם־כל דאַרף זיין „ללכת בדרכיו וליראה אותו", צו געהן אַזוי לאַנג אין אויבערשטענ׳ס דרכים ביז מען וועט צוקומען און דערגרייכען די ערשטע מדרגה, די מדרגה פון „יראה", און דאַן קומט דער צווייטער פסוק און זאָגט: „ליראה את ד׳ אלקיך ללכת בכל דרכיו ולאהבה אותו", אויב דו האָסט שוין דערגרייכט דעם „ליראה את ד׳ אלקיך", זאָלסטו ווייטער געהן בכל דרכיו, אויפהויבען זיך אויף אַ העכערע אָקטאַווע, ביז דו וועסט צוקומען צו דער צווייטער מדרגה פון „לאהבה אותו", און נאָכהער קומט דער דריטער פסוק און ערקלערט: „לאהבה את ד׳ אלקיכם ללכת בכל דרכיו ולדבקה בו", אויב דו האָסט שוין דערגרייכט די מדרגה פון „לאהבה את ד׳ אלקיכם", זאָלסטו נאָך אַלץ נישט בלייבען שטעהן, נאָר ווייטער געהן בכל דרכיו,

אויפהויבען זיך נאָך העכער, ביז דו וועסט צוקומען און זוכה זיין צום „ולדבקה בו", צו דער דריטער העכסטער מדרגה פון „דבקות"...

## ואכלת ושבעת וברכת... (ח. י.)

דו זאָלסט זאַט ווערען — האָט געזאָגט רבי שלמה קאַרלינער — פונ'ם „וברכת", פון דער ברכה, וואָס דו בענשסט נאָכ'ן עסען...

נישט בלויז בשעת הונגער און אָרימקייט, נאָר אויך בעת זאַטקייט, ווען עס געהט דיר גוט, זאָלסטו געדענקען אינ'ם אויבערשטען!...

(לב שמחה)

— דער מענש — פלעגט זאָגען רבי ברוך מעזשיבוזשער — וואָס אַנשטאָט אויסצובעסערען זיינע מדות, אַנשטאָט צו רייניגען און צו הייליגען זיינע מחשבות, פייניגט ער דעם גוף מיט תעניתים, איז געגליכען צו יענעם פויער, וואָס אַליין זיצט ער אין קרעטשמע און שכור'ט און דאָס פערד האַלט ער אין דרויסען צוגעבונדען צו דער וואַנד און לאָזט עס הונגערען...

צו רבי יצחק וואָרקער איז אַמאָל געקומען זיינער אַ חסיד, אַ גרויסער עושר, אָבער נאָך אַ גרעסערער קמצן, וועלכער פלעגט לעבען בצמצום גדול, אָבקומען די טעג מיט שוואַרץ ברויט און הערינג און נישט פערגינען זיך ממש דעם ביסען אין מויל.

דער וואָרקער רבי האָט מיט איהם פערפיהרט אַ שמועס און זיך אויף איהם שטאַרק געבייזערט:

— אַז השי"ת — זאָגט ער צו איהם — האָט דיר יאָ געהאָלפען, דאַרפסטו לעבען בהרחבה, עסען יעדען טאָג אַ גוטען מיטאָג, מיט פיש און עוף, און אַ גלעזעל וויין טרינקען!

די חסידים אַרום שטעהען און חידוש'ן זיך: וואָס אַרט עס דען דעם רבי'ן, אַז יענער עסט נישט אַזוי גוט?...

שפּעטער האָט זיי דער רבי ערקלערט:

— מיינט נישט, אַז ער אַליין טאַקע אַרט מיך אַזוי שטאַרק! מיך אַרט דער אָרימאַן: אַז ער וועט אַליין עסען פיש און פלייש און טרינקען אַ גלעזעל וויין, וועט ער כאָטש געבען דעם אָרימאַן אויף ברויט מיט הערינג; אָבער אַז ער אַליין עסט ברויט מיט הערינג — וואָס קאָן שוין דער אָרימאַן פון איהם האָבען?...

אַנ'אָרימער פּוילישער רב, וועלכער איז פערוואָגעלט געוואָרען קיין אויסלאַנד און דאָרט אין אַ שטעדטעל געבליבען אָהן מיטלען צום לעבען, איז אַוועק ווענדען זיך נאָך שטיצע צום ראַבינער, צו וועלכען עס איז אָבער נישט אַזוי לייכט געווען אַנצוקומען. דער ראַבינער — האָט איהם דער סעקרעטאַר ערקלערט — בעהמט־אויף אינטערעסאַנטען בלויז צוויי מאָל אַ וואָך, און דאָס אויך נאָר אין אַ ספּעציעלער „שפּרעך־שטונדע", צווישען 2־3 בייטאָג. אינ'ם בעשטימטען טאָג איז דער רב ענדליך אויפגענומען געוואָרען דורכ'ן ראַבינער, וועלכער האָט איהם געגעבען אַ נדבה און דערביי געבעטען, ער זאָל איהם זאָגען עפּעס אַ דבר־תורה. דער רב האָט עס איהם גלייך צוליב־געטהון.

— מיר זאָגען — מאַכט ער — אין בענשען: „שאתה זן ומפרנס אותנו תמיד בכל־יום ובכל־עת ובכל־שעה". האָב איך קיינמאָל נישט פערשטאַנען, צו־וואָס דאַרפען מיר עס אַזוי גענוי אויסרעכענען: „בכל־יום", יעדען טאָג, „ובכל־עת", און אין יעדער צייט, „ובכל־שעה", און אין יעדער שעה, איז דען סתם „ומפרנס אותנו תמיד" נישט גענוג? — נאָר איצט איז עס מיר שוין פערשטענדליך: מיר דאַנקען און לויבען השם־יתברך, וואָס ער האָט נישט איינגעפיהרט, ווי דער הערר ראַבינער, קיין ספּעציעלע „שפּרעך־שטונדע", נאָר מען קאָן שטענדיג אָנקומען צו איהם — „בכל־יום ובכל־עת ובכל־שעה"...

## ואכלת ושבעת וכו' על הארץ הטובה... (ח. י.)

„אכול שליש — זאָגען די חז"ל — ושתה שליש והנח שליש, לכשתכעוס תעמוד על מלואך" (גיטין ע').

דער מענש, הייסט עס, דאַרף זיין נזהר נישט צו עסען איינגאַנצען צו דער זעט, מחמת טאָמער וועט ער נאָכ'ן עסען אין כעס ווערען, קאָן איהם די זאַטקייט פערשאַטען...

און ווידער זאָגען די חז"ל: „ונתן ד' לך שם לב רגז — שם בבבל, אבל בארץ־ישראל לא" (נדרים כב.), אַז די מדה פון כעס איז נאָר שולט אין בבל, אָבער נישט אין ארץ־ישראל.

נמצא, קומט, אַלזאָ, אויס, אַז „על הארץ הטובה", אין ארץ־ישראל, איז — „ואכלת ושבעת", דאָרט מעגסטו עסען איינגאַנצען צו דער זעט...

(פנים יפות)

## השמר לך פן תשכח את ד' אלקיך... (ח. יא.)

דער רבי ר' בונם איז איינמאָל אַריינגעקומען צום חוזה פון לובלין און איהם געטראָפען שטאַרק פער'דאגה'ט. אויף דער שאלה וועגען די סיבה פון זיין עצבות האָט דער רבי פון לובלין זיך פאַר איהם פערקלאָגט, דאָס ער האָט נאָר־וואָס עובר געווען אויף אַ בפירוש'ן לאו פון דער תורה: „השמר לך פן תשכח את ד' אלקיך" — ער האָט אויף אַ רגע מסיח־דעת געווען פון השי"ת.

האָט זיך אָנגערופען דער רבי ר' בונם: דער דין איז ביי שכחה, אַז אַ „עומר בן סאתים", אַז אויב מען האָט פערגעסען אין פעלד אַ בינטעל תבואה פון צוויי סאה, איז עס נישט קיין שכחה, ווייל צוליב זיין חשיבות איז עס „שכוח ולבסוף זכור" — דער בעל־הבית וועט זיך זיכער דעריין באַלד דערמאָהנען.

אויך ביי אייך — האָט ער אויסגעפיהרט — איז דער היסח־הדעת פון איין רגע קיין שכחה נישט, דען ביי אייך איז דאָך עס זיכער „שכוח ולבסוף זכור"...

און דער רבי פון לובלין איז פון דער דאָזיגער ערקלערונג שטאַרק צופרידען געוועזן.

## וכסף וזהב ירבה לך וכו' ורם לבבך... (ח. יג. יד.)

צופיעל געלד איז ווי האָבען צופיעל בלוט. צופיעל בלוט איז פאַר אַ מענשען

שעדליך, איבערהויפט ווען עס פליסט אינ׳ם בלוט עפּיס אומריינעס, און איז דען מעגליך, אַז אינ׳ם אָנגעזאַמעלטען געלד זאָל זיך נישט געפינען אַ געוויסע דאָזע אומריינקייט, ווי רמאות, גנבה וגזלה?...

צופיעל בלוט נויטיקט זיך אין הקזה, מען זאָל אַ געוויסע מאָס דערפון אָבצאַפּען, און אין אַזאַ אונבעדינגטע הקזה נויטיגט זיך אויך דער איבערפלוס פון געלד. מען דאַרף אַ טייל דערפון אָבצאַפּען און אַוועקגעבען אויף צדקה... דאָס איז די איינציגע רפואה דערצו...

(בינה לעתים)

## ובקרך וצאנך ירביון וכסף וזהב ירבה לך וכל אשר לך ירבה... (ח. יג.)

בשעת עס וואַקסט ביי׳ם מענש דאָס פערמעגען און עס מעהרט זיך ביי איהם דער כסף וזהב, איז דאַמאָלס — „וכל אשר־לך ירבה״, וואַקסט דאַן אויס ביי אַלעמען אין די אויגען אויך דער „לך״, אויך זיין גאַנצער „איך״: ער ווערט דאַן מיט איינמאָל ביי אַלעמען אַ חסיד, אַ למדן, אַ חכם — אַ מושלם בכל־המעלות!...

(של״ה)

„עשיר ורש נפגשו — עושה כלם ד׳״ (משלי כב. ב.)

דער עושר איז אָפט געוואוינט צו טראַכטען, אַז ער איז געקומען צום עשירות אַ דאַנק זיין שכל און גרויסער חכמה. אויפ׳ן אָרימאַן ווידער איז מען געוואוינט צו קוקען ווי אויף אַ שלימזל און לא־יוצלח, וועלכער קאָן זיך נישט דערשלאָגען צו אַ שטיקעל מעמד מחמת זיין אונפעהיגקייט. באמת אָבער, בשעת „עשיר ורש נפגשו״, בעת עס קומט זיך צונויף דער עושר מיט׳ן אָרימאַן, דערזעהט מען דאַמאָלס גאַנץ אָפט, אַז דער קבצן איז בעצם נישט קיין קלענערער חכם פאַר׳ן עושר, און דער עושר — נישט קיין גרעסערער בריה פאַר׳ן קבצן; נישט מעהר — „עושה כלם ד׳״, עס איז אַ מזל־זאַך!...

(צבי־הירש בערלינער)

## ורם לבבך ושכחת... (ח. יד.)

אין ספר „עקב ענוה״ ווערט אויסגערעכענט, אַז אַ בעל־גאוה איז עובר אויף זיעבצעהן לאוין און זיעבצעהן עשה׳ס...

— די ערגסטע גאוה — פלעגט זאָגען רבי מענדעלע ליובאַוויטשער — איז די גאוה פון פרומקייט...

— איהר זאָלט נישט טראָגען — פלעגט זאָגען רבי נפתלי ראָפּשיצער צו זיינע חסידים — קיין בגד, וואָס זיין אויבערשלאַג בעשטעהט פון גאוה, דער אונטערשלאַג — פון כעס, געניהט מיט פעדים פון מרה־שחורה!...

אַנ׳אָבגעקומענער גביר איז אַמאָל אַרומגעפאָהרען איבער דער מדינה און זיך גערופען „בראָדער מוכיח״. אייגענטליך איז ער קיינמאָל קיין מוכיח נישט געווען און קיין דרשות האַלטען האָט ער נישט געקענט, נאָר היות ער איז אַמאָל געווען אַ גרויסער

עושר אין בראָד און מיט איינמאָל האָט ער זיין גאַנץ פערמעגען פערלוירען, האָט מען איהם דעריבער געראָפען „בראָדער מוכיח", מחמת זיין פערזאָן גופא האָט געדיענט פאַר אַלעמען אַלס די בעסטע מוסר־דרשה, אַלס ביישפיעל, וואָס פון אַ נגיד קאָן ווערען...

אין אונזערע היינטיגע צייטען דרעהען זיך, לײדער, אַרום אַ סך אַזעלכע „בראָדער מוכיחים", וועלכע דיענען אַלס לעבעדיגער מוסר־השכל, אַלס וואָרנונג פאַר'ן „ורם לבבך"...

(נחלת יעקב)

„גבה עינים ורחב לבב אותו לא אוכל" (תהלים קא. ה.)

וואָס עפּעס „אותו לא אוכל"? נאָר אויב איינער בעזיצט בלויז איינע פון די צוויי מדות מגונות, קאָן מען זיך נאָך ווי עס איז מיט איהם אַנ'עצה געבען. איז איינער אַ „גבה עינים", אַ בעל־גאוה, וועלכער שטאָלצירט מיט זיין לומדות, מיט זיין חסידות, אָדער מיט זיין עשירות, הייסט מען איהם קוקען אַרויף, מען ווייזט איהם אָן אויף גרעסערע לומדים, גרעסערע חסידים, אַנטקעגען וועלכע ער איז אַ בור, אַנ'עם־הארץ; אויף גרעסערע עשירים, לגבי וועלכע ער האָט אַ פּנים פון אַ קבצן, און זיין גאוה ווערט דאַן געבראָכען. איז איינער ווידער אַ „רחב לבב", אַ בעל־מקנא, אַ נישט־פערגינער, הייסט מען איהם קוקען אַראָב, מען ווייזט איהם אָן אויף אַזעלכע, וואָס לעבען אין פיעל ערגערע בעדינגונגען, ווי ער, וואָס ליידען דחקות, און דאָך האָבען זיי קיין טענות נישט און זענען צופרידען מיט זיך, און דאָס בערוהיגט איהם. דאַגעגען אָבער „גבה עינים ורחב לבב", ווען איינער פערמאָגטביידע מדות רעות צוזאַמען: גאוה און קנאה — „אותו לא אוכל", צו אַזעלכען איז, ליידער, קיין שום עצה נישטאָ, וואָרום הייסט מען איהם קוקען אַרויף, אויף אַזעלכע, וועלכע זענען גרעסער און שטעהען העכער פון איהם, פאַלט ער אַריין אין קנאה; הייסט מען איהם ווידער קוקען אַראָב, אויף די, וועלכע זענען קלענער און נידריגער פון איהם — ווערט ער ביי זיך גרויס און מלא גאוה...

(רבי אלעזר קעלער)

רבי משה קאָברינער פלעגט זאָגען אויף די לומד'ישע בעלי־גאוה, וועלכע האַלטען זיך גרויס מיט זייער לערנען: „בירא דשתית מניה לא תשדי ביה קלא" (בבא־קמא צ"ב). אינ'ם ברונעם, פונוואַנען דו טרינקסט, אינ'ם באר התורה, „לא תשדי ביה קלא", זאָלסטו זיך היטען, נישט אַריינצוואַרפען דאָרט דעם „קלא", דעם פּסוק פון תהלים קל"א — „ד' לא גבה לבי ולא רמו עיני"...

(אור ישרים)

## ואמרת בלבבך כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה... (ח. יז.)

דו זאָלסט נישט זאָגען, אַז פון „עוצם ידי", פון מיין פערמאַכען די האַנד (פון לשון „אין מעצמין את הידים", שבת קנ"א), נישט געבענדיג קיינעם אַ גראָשען, „עשה לי את החיל הזה", האָב איך מיר ערוואָרבען דאָס עשירות. פון קמצנות און נישט געבען קיין צדקה איז נאָך קיינער נישט רייך געוואָרען...

(ארונו של יוסף)

צו רבי חיים וואָלאָזשינער איז אַמאָל געקומען אַ רייכער סוחר און האָט זיך געקלאָגט, אַז עס איז איהם אַ גרויס אונגליק געשעהען: ער האָט געשיקט אויפ'ן וואַסער

האָלץ קיין פּרייסען, לאָזט די גרעניץ־וואַך נישט־דורך דאָס האָלץ און עס שטעהט איהם פּאַר בדיל־הדל צו ווערען.

— דאגה'ט נישט — טרייסט איהם דער וואָלאָזשינער — השי"ת וועט העלפען.

ביני לביני איז דער מקח פון האָלץ געשטיגען און דער סוחר האָט פּערדיענט שווערע אלפים. איז ער געקומען מיט אַ שמחה צו רבי חיים'ן:

— רבי — רופט ער אויס — איצט זעה איך השגחה מן השמים!

— זעהט איהר — זאָגט צו איהם דער וואָלאָזשינער — אָט דאָס איז דער חילוק פון אַ נגיד ביז אַב'אָרימאַן: דער אָרימאַן זעהט השגחה מן השמים יעדען טאָג; דער נגיד — בלויז איין מאָל אין יאָהרען!...

## והיה אם שכוח תשכח את ד' אלקיך... (ח. יט.)

רבי משה קאָברינער האָט אַמאָל בעמערקט, ווי איינער פון זיינע חסידים געהט אַרום עפּעס פער'מרה־שחורה'דיג, מאַכט ער צו איהם: „והיה" — זאָגען די חז"ל — איז אַ לשון שמחה, און אויב „והיה אם שכוח", אויב דו וועסט פערגעסען אָן שמחה, דאַן — „תשכח את ד' אלקיך", וועסטו אויך פערגעסען אָן אויבערשטען, דען עצבות ברענגט צו יאוש און יאוש פיהרט, חלילה, צו כפירה...

## ערים גדולות ובצורות בשמים... (ט. א.)

„רבי שמעון בן גמליאל אומר, דברה תורה לשון הבאי, שנאמר (עקב ט. א.) שמע ישראל אתה עובר היום את הירדן וכו' ערים גדולות ובצורות בשמים" (ספרי)

דערויף ווערט אין די הגהות פון ווילנער גאון, נאָכ'ן „דברה תורה לשון הבאי", צוגעגעבען די ווערטער: „וכן מה" — „וכן מה שנאמר שמע ישראל וכו'".

געצוואונגען האָט דעם ווילנער גאון צו דער דאָזיגער הגהה, ווייל די ווערטער „ערים גדולות ובצורות בשמים" געפינען זיך אויך אין פ' דברים (א. כח.), טאָ פאַר־וואָס ציטירט דער ספרי דעם פסוק אין פ' עקב און נישט דעם פריהערדיגען פסוק אין דברים? און דעריבער האָט דער גאון צוגעגעבען די ווערטער „וכן מה שנאמר". עס הייסט, אַז דער עצם דרש פון ספרי בעציהט זיך אויפ'ן ערשטען פסוק, אין דברים, נאָר דערביי ווערט אויך געבראַכט דער צווייטער פסוק — „וכן מה שנאמר וכו'".

אָבער ווי עס שיינט, איז אָט די גאַנצע הגהה איבריג, דען די ראיה, אַז „דברה תורה לשון הבאי" איז נור מעגליך צו דרינגען פון פסוק אין עקב און נישט פון דברים, מחמת דאָרט, אין דברים, בעציהען זיך די דאָזיגע ווערטער אויף די מרגלים, אַז דאָס האָבען זיך די מרגלים בענוצט מיט'ן דאָזיגען גוזמא'דיגען אויסדרוק, ווי עס ווערט דייטלך אָנגעוויזען אין פסוק: „ותרגנו באהליכם אחינו המסו את לבבינו לאמר עם גדול ורם ממנו ערים גדולות ובצורות בשמים", אַנדערש אָבער איז אין פ' עקב, דאָ בענוצט זיך מיט'ן דאָזיגען אויסדרוק די תורה זעלבסט: „שמע ישראל אתה עובר היום את הירדן לבא לרשת וגו' ערים גדולות ובצורות בשמים", און פון דאַנען איז טאַקי אַ ראיה, אַז — „דברה תורה לשון הבאי"...

(מקור ברוך)

## אל תאמר בלבבך וכו' בצדקתי הביאני ד' לרשת את הארץ... (ט. ד. )

— עס איז בעסער — פלעגט זאָגען דער רבי פון לובלין — אַ רשע, וועלכער ווייסט, אַז ער איז אַ רשע — איידער אַ צדיק, וואָס ווייסט, אַז ער איז אַ צדיק!...

## כי שחת עמך אשר הוצאת ממצרים... (ט. יב.)

דערויף זאָגט דער בעל־הטורים: „הוצאת ממצרים — פי׳ מהעיר צוען, ובכל מקום שאומר מארץ מצרים פי׳ מכל הארץ״.

לויט די דאָזיגע ווערטער קומט, אַלזאָ, אויס, אַז דעם חטא פון עגל זענען בעגאַנגען נור די אידען, וועלכע האָבען זייענדיג אין מצרים געוואוינט אין דער שטאָדט צוען, און נישט אַלע איבריגע אידען. איז, ערשטענס, פון וואַנען נעהמט דאָס דער בעל־הטורים? צווייטענס, ווערט דאָך ביי׳ם מעשה־עגל אין פ׳ תשא (לב. יא.) בפירוש געזאָגט: „למה ד׳ יחרה אפך בעמך אשר הוצאת מארץ מצרים״, אַלזאָ, גאַנץ דייטליך: „מארץ מצרים״?...

(ל. ראדאל)

## סרו מהר מן הדרך וכו׳ עשו להם מסכה... (ט. יב.)

ביי אַלע אַנדערע עבירות — פלעגט זאָגען דער רבי ר׳ העשיל — דאַרף מען זיך אַ סך אַנזינדיגען, בכדי צו ווערען אינגאַנצען אַראָבגעשטויסען פון וועג, נישט צו האָבען מעהר קיין שייכות צום כלל ישראל. אַן׳אויסנאַהם בלויז איז עבודה־זרה, דאָ איז „סרו מהר מן הדרך״, דאָ פערלירט מען דעם וועג זעהר שנעל, מיט איין שריט, דען — „מומר לעבודה־זרה הוה מומר לכל התורה כולה״ (חולין ח׳)...

## ממרים הייתם עם ד׳ מיום דעתי אתכם... (ט. כד.)

ווי געשיקט זיך עס, אַז משה רבינו, דער עניו מכל אדם, זאָל זיך ווענדען צו די אידען מיט אַזעלכע שאַרפע און שטרענגע דבורים? באמת אָבער — זאָגט דערויף רבי חיים צאַנזער — געהער אויך דאָס צו משה׳ס עניוות. משה רבינו, דער גרויסער עניו, האָט תולה געווען, אַז דאָס וואָס די אידען זענען שלעכט און זינדיג געגען גאָט, איז עס דערפאַר, ווייל ער, משה, איז זייער מנהיג און אַ זעהר שלעכטער מנהיג, און ער קלאָגט זיך אַלזאָ: „ממרים הייתם עם ד׳״, איהר זענט געוואָרען ווידערשפעניגער געגען גאָט, „מיום דעתי אתכם״, זינט איהר האָט מיך דערקענט, זינט איך בין אייער פיהרער געוואָרען. ווען איהר וואָלט געהאַט אַן׳אַנדערען פיהרער, וואָלט איהר אודאי געווען בעסער...

מען קאָן זיין אַ ממרא — פלעגט זאָגען רבי אשר רימאַנאָווער — עם ד׳, מיט גאָט, נישט אַרויסלאָזענדיג גאָט׳ס נאָמען פון מויל...

## זכור לעבדיך לאברהם ליצחק וליעקב אל תפן אל קשי העם הזה... (ט. כז.)

„זכור לעבדיך לאברהם ליצחק וליעקב״, דערמאָהן זיך אין אונזערע עלטערען, אַז אויך זיי זענען געווען עקשנים און אַז נאָר אַ דאַנק די מדה פון עקשנות האָבען זיי אויסגעהאַלטען אַלע נסיונות און בייגעשטאַנען געגען דער גאַנצער וועלט, און דעריבער — „אל תפן אל קשי העם הזה״, דען דאָס קומט זיי בירושה...

(רבי יצחק אלי׳ לאנדוי)

## ואשים את הלוחות בארון וכו׳ שם מת אהרן... (י. ה. ו.)

„וסמך משה תוכחה זו לשבירת הלוחות, לומר שקשה מיתתן של צדיקים לפני הקב״ה כיום שנשתברו בו הלוחות" (רש״י)

אינ׳ם הספד, וואָס רבי נפתלי ראָפּשיצער האָט געהאַלטען נאָך דער פּטירה פונ׳ם רבי׳ן פון לובלין, האָט ער געזאָגט:

די חז״ל זאָגען אונז, אַז „קשה מיתתן של צדיקים לפני הקב״ה כיום שנשתברו בו הלוחות". איז אין פלוג, וואָס פאַר אַ שייכות האָבען צווישען זיך די צוויי זאַכען? נאָר בשעת אַ צדיק געהט אַוועק פון דער וועלט איז מען געוועהנליך זיך נוהג צו טרייסטען, אַז „וזרח השמש ובא השמש", אַז עס וועט קומען אַ צווייטער צדיק אויף זיין אָרט. זאָגען אונז דעריבער די חז״ל, אַז מיתת צדיקים איז געגליכען צו שבירת הלוחות. אויך נאָך די ערשטע לוחות, וואָס משה רבינו האָט צובראָכען, האָבען מיר אויף זייער אָרט אַנדערע לוחות בעקומען, און דאָך זענען די לוחות אחרונות ביי וועלכע עס איז געווען בלויז „והמכתב מכתב אלקים", פאַרט נישט געווען די זעלבע, וואָס די לוחות הראשונות (ביי וועלכע נישט־נאָר דער מכתב, נאָר אויך די לוחות זענען געווען מעשה־אלקים)...

## בעת ההוא הבדיל ד׳ את שבט הלוי וכו׳ על כן לא היה ללוי חלק ונחלה עם אחיו... (י. ח. ט.)

„בעת ההוא — בשנה הראשונה לצאתכם ממצרים וטעיתם בעגל" (רש״י)

וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס, אַז נאָכדעם ווי די אידען האָבען געמאַכט דעם עגל, האָט השי״ת צוליב דעם אָבגעשיידט דעם שבט לוי און דערפאַר האָבען זיי נישט קיין חלק ונחלה אין לאַנד?

נאָר אין פלוג זעהט דאָך עס אויס צו זיין אונפערשטענדליך: אויב השי״ת האָט אויסגעוועהלט דעם שבט לוי, אַז זיי זאָלען זיין די לעהרער און מדריכים פון פאָלק, טאָ פאַרוואָס איז זיי דערפאַר נישט געקומען צו געבען אַ חלק אין לאַנד? אדרבה!... און דערויף קומט די ערקלערונג: „בעת ההוא", דאָס איז געשעהען אין יענער צייט, ווען די אידען זענען בעגאַנגען דעם חטא פון עגל, צו וועלכען עס האָט גורם געווען זייער צופיעל רייכטום, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „וכסף הרביתי להם וזהב עשו לבעל" (הושע ב. י.), און דעריבער, זעהענדיג צו וואָס עשירות איז מסוגל צו דערפיהרען — „הבדיל ד׳ את שבט הלוי וכו׳ על כן לא היה ללוי חלק ונחלה עם אחיו", האָט השי״ת בעפויהלען, אַז דער שבט לוי, די לעהרער און פיהרער פון פאָלק, זאָלען קיין פערמעגענס נישט בעזיצען...

(מגד ירחים)

## ועתה ישראל מה ד׳ אלקיך שואל מעמך... (י. יב.)

צוויי מאָל געפינען מיר דעם אויסדרוק „ועתה ישראל": דאָ, און — „ועתה ישראל שמע אל החוקים" (דברים ד. א.).

דאָס איז אַנטקעגען די, וואָס פּרעדיגען, אַז עס איז פאָלקאָם גענוג צו דינען דעם אויבערשטען מיט׳ן האַרצען, מיט אהבה און יראה, מיט גוטע מדות, דאַגעגען זענען אָבער כלל נישט נויטיג די דאָגמעס, די מצוות מעשיות. ווערט דעריבער צוויי מאָל אָנגעזאָגט „ועתה ישראל": „ועתה ישראל מה ד׳ א׳ שואל מעמך כי אם ליראה וכו׳ ולאהבה אותו", אָבער דערמיט אַליין איז מען נאָכנישט יוצא, דערצו דאַרף אויך זיין:

„ועתה ישראל שמע אל החוקים ואל המשפטים אשר אנכי מלמד אתכם לעשות", מקיים זיין בוכשטעבליך אַלע מצוות, אַלע געשריבענע חוקים ומשפטים פון דער תורה!...
(דמשק אליעזר)

„כרו לי זדים שיחות אשר לא כתורתך, כל מצותיך אמונה" (תהלים קי"ט)

די זדים און כופרים האָבען זיך געפּרובט אונטערגראָבען אונטער מיר מיט מיינונגען, וואָס זענען געגען די תורה, ווײלענדיג מיר איינרעדען, אַז „כל מצותיך אמונה", אַז דאָס איינציגע, וואָס עס ווערט פערלאַנגט פון אַלע מצוות איז בלויז דער גלויבען, די אמונה שבלב, דאַגעגען דאָס מקיים זיין די מצוות זעלבסט, איז כלל נישט וויטיג...
(בעל העקרים)

„כל הקובע עתים לתורה, הרי זה מפיר תורה" (ירושלמי ברכות פ"ט)

דער וואָס זאָגט, אַז עס זענען פאַרהאַן צייטען פאַר דער תורה, אַז מען דאַרף די תורה און מצוות צופּאַסען און רעפאָרמירען לויט'ן גייסט פון דער צייט, דער איז אַ מהרס און אַ צושטערער פון דער תורה...
(כתב סופר)

„מה ד' אלקיך" — וואָס דער א י ב ע ר ש ט ע ר טהוט — „שואל מעמך" — ד אָ ס פערלאַנגט ער פון ד י ר צו טהון: „מה הוא רחום — אף אתה רחום; מה הוא חנון — אף אתה חנון" וכו'...
(רבי ברוך מעזשיבוזשער)

„מה" — וואָס אַזעלכעס האָסטו געטהון פאַר מיר, מיט וואָס בין איך עס ביי דיר „ד' אלקיך"? „שואל מעמך" — פרעגט גאָט ביי דיר...
(רבי נפתלי ראָפּשיצער)

צו רבי הערש־לייב וואָלאָזשינער איז אַמאָל געקומען זיינער אַ געוועזענער תלמיד, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען אַ רייכער סוחר.

— וואָס מאַכסטו? — פרעגט איהם רבי הערש־לייב.

— געלויבט השי"ת, רבי! — ענטפערט יענער — כ'האָב מיך נישט, חלילה, וואָס צו בעקלאָגען, כ'בין ב"ה געזונד, כ'האָב פּרנסה...

זיצט ער און שמועסט מיט איהם וועגען אַנדערע זאַכען. פּלוצלונג פרעגט ער איהם נאָכאַמאָל:

— וואָס מאַכסטו?

— כ'זאָג דאָך אייך, רבי, כ'בין ברוך־השם געזונד, פּרנסה איז אויך פאַרהאַן...

געהט ווידער אַוועק אַ שמועס. אין עטליכע מינוט אַרום טהוט ער איהם ווייטער אַ פרעג:

— איז וואָס־זשע מאַכסטו?

— האָט קיין פאַראיבעל נישט, רבי — ווערט יענער פער'חידוש'ט — שוין דריי מאָל, ווי דער רבי פרעגט מיך די אייגענע שאלה!... איהר הערט דאָך, כ'בין ב"ה געזונד, כ'האָב פּרנסה בשפע...

— ניין — זאָגט רבי הערש־לייב — דו ענטפערסט מיר אַלץ שלא ממין הטענה. איך פרעג דיך: וואָס מ אַ כ ס ט ו? ענטפערסטו מיר: געזונד, פּרנסה!... גאַנץ שען,

אָבער דאָס אַלץ מאַכט דאָך דער רבונו־של־עולם, נישט דו! זאָג מיר בעסער: וואָס דו מאַכסט? ביזטו קובע עתים לתורה? גיסטו צדקה? ווי האַלטסטו בכלל אין אידיש־קייט?...

עס איז איינער אַמאָל געקומען צום חפץ־חיים און געבעטען ביי איהם אַ ברכה, ער זאָל איהם אָנווינשען, אַז זיינע קינדער זאָלען זיין פרומע, עהרליכע אידען.

— וואָס? — ענטפערט איהם דער חפץ־חיים — מיט אַ ברכה ווילט איהר דאָס מאַכען? אָ, ניין, מיין ליעבער איד, אויף אַזעלכע זאַכען דאַרף מען אַרבייטען, אַ סך אַרבייטען, מיט אַ סך מסירת־נפש!...

## ועתה ישראל מה ד׳ אלקיך שואל מעמך כי אם ליראה... (י. יב.)

„אטו יראת שמים מילתא זוטרתא היא וכו׳? — אין, לגבי משה מילתא זוטרתא היא" (ברכות ל"ג)

„לגבי משה" — האָט געטייטשט רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער — ביי אַזוי פיעל נסים, וואָס אידען האָבען געזעהען ביי משה׳ן, איז עס געווען אַ „מילתא זוטרתא", איז נישט שווער געווען צו זיין אַ ירא־שמים...

פאַרוואָס האָט עס אויסגעזעהען ביי משה רבינו, ווי אַ מילתא זוטרתא? האָט געזאָגט דערויף רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער:

אין פסוק ווערט געזאָגט: „ויהי כי יראו המילדות את האלקים ויעש להם בתים", אַז אַלס שכר פאַר זייער יראת־שמים האָבען זיי זוכה געווען צו האָבען גוטע קינדער, צו „בתי כהונה ולויה ומלכות". וכידוע איז אויך יוכבד, משה׳ס מוטער, געווען פון די מילדות, ווי די חז"ל זאָגען: „שפרה זו יוכבד, פועה זו מרים". משה רבינו, דער עניו מכל האדם, וועלכער האָט זיך געהאַלטען נידריגער און נישטיגער פון אַלעמען, האָט דערפון, אַלזאָ, געדרונגען, אַז יראת־שמים איז נישט אַזאַ גרויסע און שווערע זאַך און דערפאַר איז אויך דער שכר, וואָס מען בעקומט דערפאַר, אַ גאַנץ קליינער, וואָרום ווען אַנדערש — האָט ער זיך געטראַכט — וואָלט דאָך זיין מאַמע זוכה געווען צו האָבען אַ בעסערען זוהן, ווי ער איז...

דעריבער האָט עס ביי משה׳ן אויסגעזעהן, ווי אַ מילתא זוטרתא, דען אין פסוק ווערט דערצעהלט, אַז די אידען זענען געווען דורכגעדרונגען מיט יראה פאַר משה רבינו: „והנה קרן עור פניו ויראו מגשת אליו" (שמות לד. ל.), האָט דעריבער משה, דער עניו מכל האדם, געטראַכט: מה־דאָך פאַר איהם, וועלכער איז דאָך אייגענטליך גאָרנישט, האָבען זיי יראה, איז דאָך אַ כל שכן, אַז זיי האָבען יראת שמים, אַז פאַר׳ן רבונו־של־עולם האָבען זיי אַודאי און אַודאי מורא...

(רבי מרדכי באַנעט)

„חייב אדם לברך מאה ברכות בכל יום שנאמר ועתה מה („מה — קרי ביה מאה" — רש"י) ד׳ אלקיך שואל מעמך" (מנחות מ"ג).

און די גמרא פיהרט דערביי אויס: „בשבתא וביומי טבי טרח וממלי להו באיספרקמי ומגדי", מיט בענוצען פערשיעדענע מיני בשמים און פירות... און אויב אַזוי פאַלט שוין אַוועק די קשיא, וואָס די גמרא פרעגט אויפ׳ן דאָזיגען פסוק: „אטו

מילתא זוטרתא היא״? וואָרום ווערען אַ ירא־שמים דורך עסען אַ סך פּירות און שמעקען פּערשיעדענע בשמים — דאָס איז ווירקליך נישט אַזאַ שווערע זאַך...
(רבי אברהם סבע, בדרך הלצה)

„כי אם ליראה וכו׳... רבותינו דרשו מכאן: הכל בידי שמים חוץ מיראת שמים״. (רש״י)
אַלע מדות, וואָס ווערען פערלאַנגט פונ׳ם מענש, זענען אויך פאַרהאַן ביי׳ם אויבערשטען — אהבה, רחמנות, סבלנות וכו׳... בלויז די מדה פון יראה, „יראת־שמים״, איז ביי׳ם אויבערשטען נישט שייך. און אָט דאָס איז די כוונה: „הכל בידי שמים — חוץ מיראת שמים״! דאָס איז ביי׳ם רבונו־של־עולם נישט פאַרהאַן...
(תולדות יעקב־יוסף)

אַלע מצוות, בכדי צו קענען זיי מקיים זיין, מוז מען אָנקומען צום רבונו־של־עולם. מען קאָן נישט, למשל, מקיים זיין די מצוה פון ציצית, אויב מען האָט נישט קיין מלבוש, די מצוה פון מזוזה — אויב מען האָט נישט קיין שטוב א. א. וו. זאָל איינער זיצען אין תפיסה איז ער דאַן נישט ביכולת מקיים צו זיין קיין שום מצוה. אַנ׳אויסנאַם איז בלויז יראת שמים, דערצו דאַרף מען ניט אָנקומען צום רבונו־של־עולם, דאָס קאָן מען מקיים זיין ביי אַלע בעדינגונגען, דערצו איז קיין זאַך נישט נויטיג...
(רבי ברוך פרידענבערג)

— אַ מאָדנע זאַך מיט די מענשען! — פלעגט זאָגען דער רבי ר׳ העניך פון אַלעקסאַנדער: — יראת־שמים, וואָס דאָס איז דאָך ביי זיי אין די הענד, בעטען זיי ביי׳ם אויבערשטען; דאַגעגען פרנסה, וואָס דאָס געהערט צום אויבערשטען, רעדען זיי זיך אַיין, אַז עס איז „כחם ועצם ידם״!...

רבי ישראל סאַלאַנטער האָט אַמאָל אין אַ געשפּרעך מיט אַ געוויסען רב שטאַרק געלויבט דעם תלמיד זיינעם, רבי שמחה־זיסעל קעלעמער, אַלס גרויסען ירא־שמים און בעל־מדות. דער רב האָט דערויף בעמערקט, אַז ווען רבי שמחה וואָלט נישט אַריינגעלעגט אַזוי פיעל כחות און צייט אין לימוד־המוסר און וואָלט די צייט מעהר פערוועגדעט אויף לערנען, וואָלט ער געקאָנט אויסוואַקסען אַ גדול־הדור... ענטפערט איהם דערויף דער סאַלאַנטער: דער דין איז אין שלחן־ערוך, אַז אויב מען האָט פאַר זיך צוויי חלות, איינע אַ קליינע און אַ גאַנצע, און די צווייטע אַ גרויסע, נאָר נישט קיין גאַנצע, זאָל מען מאַכען די ברכה „המוציא״ איבער דער ערשטער חלה; דערפון איז, אַלזאָ, צו זעהן, אַז גאַנצקייט איז וויכטיגער, איידער גרויסקייט!...

רבי צבי־הערש בערלינער פלעגט זאָגען: בערלין איז אַ שטאָדט, וואָס איז פול מיט יראת־שמים — מחמת ווער עס קומט אַהער דערמיט, לאָזט ער עס דאָ איבער!...

## רק באבותיך חשק ד׳ לאהבה אותם... (י, טו.)

פאַרהאַן צוויי מינים אהבה פון השי״ת צו אידען; אַנ׳אהבה, אויף וועלכע די אידען פערדיענען זיך מצד עצמם, ווייל זיי זענען צדיקים, ווייל זיי זענען עושים רצונו של מקום, און אַנ׳אהבה, וועלכע קומט, נישט צוליעב די אייגענע גוטע מעשים, נאָר צוליעב — „רשעות הגוים״, ווייל די אַנדערע פעלקער זענען נאָך ערגער...

און דאָס האָט משה געזאָגט צו זיי: „רק באבותיך חשק ד׳ לאהבה אותם״, בלויז די עלטערען אייערע, די אבות, האָבען זוכה געווען צום „לאהבה אותם״, מען זאָל זיי ליעב האָבען מצד עצמם, צוליעב זייערע אייגענע גוטע מעשים, דאַגעגען אָבער, „ויבחר בזרעם אחריהם בכם״, דאָס, וואָס השי״ת האָט אויך זייערע קינדער אויסדערוועהלט, איז עס נישט צוליעב אייער אייגען פערדיענסט, נאָר — „מכל העמים״, נישט צוליעב אייער צדקות, נאָר צוליעב זייער רשעות, ווייל זיי, די אַנדערע פעלקער, זענען בעדייטענד ערגער נאָך פון אייך...

און דאָס זעלבע זאָגט אויך דער נביא (מלאכי א.): „אהבתי אתכם אמר ד׳, ואמרתם במה אהבתנו״, ווען איהר וועט אָבער פרעגען, אין וועלכען זכות איהר האָט זיך פערדיענט די ליעבע, דאַן זאָלט איהר וויסען, אַז דאָס איז, ווייל „הלא אח עשו ליעקב״, ווייל יעקב האָט אַ ברודער, עשו, וועלכער איז פיעל, פיעל ערגער פון איהם...

(אמרות טהורות)

## ומלתם את ערלת לבבכם וערפכם לא תקשו עוד... (י. טז.)

„לא תקשו עוד״ — איהר וועט דאַן מעהר נישט פרעגען קיין קשיות אויפ׳ן רבונו־של־עולם!...

(רבי דוד׳ל לעלעווער)

## האל הגדול הגבור והנורא... (י. יז.)

„נכרים משתעבדים בבניו, איה גבורותיו וכו׳? אדרבא, זו היא גבורת גבורתו שכובש את יצרו, שנותן ארך אפים לרשעים״ (יומא ס״ט).

אַז רבי זושא האַניפּאָלער איז צוגעקומען צום דאָזיגען מאמר, האָט ער זיך פונאַנדערגעוויינט און אויסגעשריען: „עד מתי עוזך בשבי ותפארתך ביד צר״? ביז וואַנען, רבונו־של־עולם, וועסטו דיין גבורה בעוויזען דערמיט, וואָס דו לאָזט אונז עקזיסטירען בשבי וביד צר, ווי לאַנג וועסטו צוקוקען, ווי מען פייניגט אונז און אַרויסווייזען אַזאַ אונאויפהערליכע סבלנות און זיין אַ „נותן ארך אפים לרשעים״?...

## אשר לא ישא פנים ולא יקח שוחד... (י. יז.)

„ולא יקח שוחד — לפייסו בממון״ (רש״י)

היתכן? קאָן דען זיין גאָר אַ הוה־אמינא, מען זאָל דעם רבונו־של־עולם קענען איבערקויפען מיט געלד?...

נאָר דער „ולא יקח שוחד״ איז אַ המשך צום ווייטערדיגען פסוק: „עושה משפט יתום ואלמנה ואוהב גר לתת לו לחם ושמלה״. בשעת דער מענש איז אַ „עושה משפט יתום ואלמנה ואוהב גר לתת לו לחם ושמלה״ איז עס אודאי ביי׳ם אויבערשטען זעהר חשוב און זעהר ליב, אָבער אפילו מיט אַזעלכע חשוב׳ע זאַכען קאָן מען איהם נישט משחד זיין. דערמיט וואָס איינער איז אַ בעל־צדקה, קאָן ער זיך נאָך פונדעסטוועגען נישט ערלויבען אָבצוטהון אויף דעם חשבון כל דאָס בייז אויף אַנדערע געביעטען...

(חתם סופר)

## את ד׳ אלקיך תירא... (י. כ.)

„שמעון העמסוני וכו׳ הי׳ דורש כל אתין שבתורה, כיון שהגיע לאת ד׳ אלקיך תירא פירש וכו׳ עד שבא רבי עקיבא ודרש את ד׳ א׳ תירא לרבות תלמידי חכמים" (ב״ק מ״א)

פאַרוואָס האָט רבי עקיבא יאָ גע׳דרשנ׳ט דעם דאָזיגען דרש און רבי שמעון נישט?

נאָר פאַר רבי שמעון, וועלכער איז פון קינדוויז אָן ערצויגען געוואָרען אַלס תלמיד־חכם, אין אַ סביבה פון תלמידי חכמים, איז עס געווען אַ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך, אַז מען דאַרף דרך־ארץ האָבען פאַר אַ תלמיד־חכם און דעריבער האָט ער נישט גע׳דרשנ׳ט „את לרבות תלמידי חכמים", דען עס האָט איהם גאַרנישט געקענט איינ־פאַלען, אַז עס זאָל דערצו נויטיג זיין אַ בעזונדערער דרש. דאַגעגען רבי עקיבא, וועל־כער איז אַליין פריהער געווען אַנ׳עם־הארץ, וועלכער האָט זיך זאָגאַר אויסגעדריקט: „כשהייתי עם הארץ אמרתי מי יתן לי תלמיד־חכם ואנשכנו כחמור" (פסחים ע״ט), האָט דעריבער געהאַלטען, אַז ס׳איז יאָ נויטיג אַ ספּעציעלער דרש: „את לרבות תלמידי חכמים", וואָרום ער האָט דאָך יאָ געוואוסט, וואָס פאַר אַ פּנים דער תלמיד־חכם האָט ביי׳ם המון...

(תפארת יהונתן)

„לרבות תלמידי־חכמים" — אויך אַ תלמיד־חכם דאַרף מורא האָבען פאַר גאָט...

(רבי אהרן קאַרלינער)

רבי מענדעלי קאָצקער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט:

— וואָס איז דער חילוק פון אַ חסיד ביז אַ מתנגד?

— אַ חסיד האָט מורא פאַר׳ן רבונו־של־עולם, און אַ מתנגד — פאַר׳ן שולחן־ערוך...

צו רבי מענדעלע ליובאַוויטשער זענען אַמאָל געקומען די בעלי־בתים פון אַ שכנות׳דיג שטעדטעל פרעגען ביי איהם אַ מיינונג וועגען אַ רב, וועלכען זיי האַלטען ביי אויפנעהמען. רבי מענדעלע האָט איהם זעהר געלויבט אַלס גרויסען תלמיד־חכם און צדיק — און די בעלי־בתים האָבען תיכף אַרויסגעשיקט צו איהם אַ כתב־רבנות. ווי ערשטוינט איז אָבער רבי מענדעלע געוואָרען, ווען אין אַ שטיקעל צייט אַרום בעקומט ער אַ ידיעה, אַז דער נייער רב, וואָס ער האָט דעם שטעדטעל רעקאָמענדירט, האָט דאָרט אויסצושטעהן גרויסע צרות — די בעלי־בתים דערגעהען איהם ממש די יאָהרען!...

— איצט — זאָגט רבי מענדעלע — איז ביי מיר רעכט געוואָרען דער מאמר: „אָמר רבי עקיבא כשהייתי עם־הארץ אָמרתי מי יתן לי תלמיד־חכם ואנשכנו כחמור". פאַרוואָס האָט ער עפּעס געזאָגט „מי יתן לי", מען זאָל איהם געבען? — נאָר די מעשה איז, וואָס זייענדיג אַנ׳עם־הארץ איז ער אַליין קיין מבין נישט געווען, ווער עס איז אַ תלמיד־חכם, האָט ער זיך דעריבער געווענדעט צו אַנדערע און געבעטען: „מי יתן לי" — מען זאָל איהם אָנווייזען, מען זאָל איהם רעקאָמענדירען, כדי צו זיין זיכער, אַז יענער, וועלכען ער וועט בעהמען פייניגען, איז טאַקע אַנ׳אמת׳ער תלמיד־חכם!...

— אַמאָל — פלעגט זאָגען רבי יהושע׳לע קוטנער — האָט יעדער עם־הארץ, וועלענדיג מקיים זיין דעם מאמר „מי יתן לי תלמיד־חכם ואַנשכנו כחמור", זיך בעמיהט צו נעהמען אַנ׳איידעם אַ בן־תורה און איהם מקצר־ימים זיין; שפּעטער אָבער, ווען מען האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז דאָס איז אַ צו־טייערער ביסען, און וועלענדיג מקמץ זיין בהוצאות, האָט מען זיך מיישב געווען און מען איז יוצא דערמיט, וואָס אַלע עמי־האַרצים פון שטעדטעל

לעגען זיך צונויף, מען קויפט זיך בשותפות איין תלמיד־חכם — אַ רב — און מען פייניגט איהם!...

אין קעמפּנא איז געווען אַ געוויסער חזן מיט'ן נאָמען שמעון, וועלכער איז געווען אַ זעלטענער מנגן, אָבער אין שטאָדט האָט מען געמורמעלט וועגען איהם, אַז ער איז אַ גרויסער קל און בעל־עבירה, און ס'איז וועגען דעם ענטשטאַנען אַ שאַרפע מחלוקת צווישען קהל און צווישען קעמפּנער רב, רבי ישראל יונה (דער בעל „מעון הברכות"), וועלכער האָט אונבעדינגט געפאָדערט צו דערוויטערן איהם פון חזנות.

דער „מעון הברכות" האָט זיך וועגען דעם ענין געווענדעט מיט אַ בריעף צום פויזנער רב, רבי יוסף (וועלכען מען האָט גערופען „רבי יוסף הצדיק"), צו וועלכען ער שרייבט:

„...שמעון זה דורש כל האתים שבתורה — את החזיר, ואת הטריפה, ואת הנבלה... כיון שהגיע לאת ד' א' תירא — פירש"...

אינטערעסאַנט איז, אַז דער פויזנער רב האָט איהם דערויף געענטפערט: „מוטב להעמיד צלם בהיכל ואל ירבה מחלוקת בישראל"...

אַ פּלא! אין ספר החנוך ווערען די מצוות עשה פון „את ד' אלקיך תירא" און „אותו תעבוד" פערערכענט צו די מצוות פון פ' עקב. פאַרוואָס נישט צו פ' ואתחנן, אויך דאָרט געפינט זיך דאָך דער זעלבער עהנליכער פסוק (ו. יג.)?...

(סדר המצוות)

## ואת כל היקום אשר ברגליהם... (יא. ו.)

„זה ממונו של אדם שמעמידו על רגליו" (רש"י)

דערפאַר ווערט דאָס געלד אָנגערופען מיט'ן וואָרט „י ק ו ם", פון לשון — „כאשר יקום איש על רעהו ורצחו נפש"... דאָס געלד הרג'עט אָוועק אינ'ם מענשען דאָס שענסטע און איידעלסטע אין איהם!...

(כלי יקר)

## כי הארץ אשר אתה בא שמה לרשתה לא כארץ מצרים היא... (יא. י.)

ארץ־ישראל איז נישט, ווי דאָס לאַנד מצרים, „אשר תזרע את זרעך והשקית ברגלך כגן הירק", וועלכע נויטיגט זיך נישט אין קיין רעגען, אין קיין בעזונדערע הימלישע השגחה, וואו די נאַטור פערזאָרגט אַלעמען מיט ברויט, אָהן אונטערשיעד, צי מען איז גוט, אָדער שלעכט, פרום, אָדער זינדיג. ארץ־ישראל איז אַ לאַנד, „אשר ד' אלקיך דורש אותה, תמיד עיני ד' אלקיך בה, מראשית השנה ועד אחרית שנה", אַ לאַנד, וואָס איז שטענדיג, אַ גאַנץ יאָהר, אָבהענגיג פון הימלישען חסד און פון די מעשים, מיט וועלכע מען זאָל זיך פערדיענען און מען זאָל ווערט זיין דעם דאָזיגען חסד . . .

(רשב"ם)

## והיה אם שמוע תשמעו . . . (יא. יג.)

צום „חפץ־חיים" זענען אַמאָל געקומען עטליכע שטאָדטישע עסקנים, וועלכע האָבען געוואָלט פון איהם אַ הסכמה צו עפענען אַ „חדר מתוקן". דערביי האָבען זיי איהם מסביר געווען דאָס חשיבות פונ'ם דאָזיגען חדר, וואו עס וועט ווערען געלערנט דקדוק, און ס'איז

דאָך, רבי — האָבען זיי אויסגעפיהרט — אַ בפירוש'ער דין אין שולחן־ערוך, אַז מען דאַרף מדקדק זיין ביי קריאת־שמע . . .

— זעהר ריכטיג — האָט זיי דער „חפץ־חיים" געענטפערט — אָבער איהר ווייסט דאָך אַוודאי, דאָס אינ'ם זעלבען דין ווערט געזאָגט, אַז אויב „קרא ולא דקדק" איז ער בדיעבד יוצא, דאַגעגען „דקדק ולא קרא", מיט בלויז דקדוק, איז מען אַליבא דכל הדעות נישט יוצא . . .

## ולעבדו בכל לבבכם ובכל נפשכם... (יא. יג.)

דאָ שטעהט נישט „ובכל מאדכם", ווי אין דער פרשה פון „קריאת שמע": „בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך"... ווייל אויפ'ן „ובכל מאדך" ווערט גע'דרש'ענט: „לפי שיש לך אדם שממונו חביב עליו מגופו"; און אַזאַ ווילדע זאַך, אַז דאָס געלד זאָל זיין טייערער, ווי דאָס נפש, קאָן נאָר געמאָלט זיין ביי אַ י ח י ד, אָבער נישט ביי קיין ר ב י ם — אַ רבים איז נישט משוגע!...

(כלי יקר)

„עבודה שהיא בלב וזו היא תפלה" (רש"י)

מען האָט געפרעגט ביי אַ חכם אחד מגולי פורטוגאַל: וואָס איז דער חילוק פון תורה ביז תפלה? און ער האָט געענטפערט: תורה איז, וואָס גאָט זאָגט צום מענש, און תפלה — וואָס דער מענש זאָגט צו גאָט . . .

(שפתי ישנים)

אַ יונגערמאַן האָט זיך אַמאָל געקלאָגט פאַר רבי מענדעלי קאָצקער, אַז ער ליידט זעהר אויף קאָפּ־ווערטאָג און עס איז איהם שווער צו דאַוונען, רופט זיך אָן רבי מענדעלי: ווי קומט קאָפּ־וועהטאָג צו תפלה? תפלה איז אַ עבודה שבלב, האַרץ־אַרבייט, נישט קיין קאָפּ־אַרבייט!...

דער לובלינער שטאָדט־מגיד, רבי בעריש היילפערן, איז געהאַט איינגעזעצט געוואָרען אין תפיסה, צוליעב דעם, וואָס ער איז אין זיינע דרשות שאַרף אַרויסגעטרעטען געגען דעם דאַמאָלסדיגען רייוויוצער עלילת־דם. איינמאָל, בשעת ער האָט אין תפיסה־קאַמער געדאַווענט בקול־רם, קומט אַריין דער נאַטשעלניק און פרעגט איהם, פאַרוואָס ער דאַווענט אַזוי הויך. אַט זענען פאַרהאַן אויך פרומע קריסטליכע אַרעסטאַנטען, אויך זיי ריכטען־אָפּ תפלות און דאָך מאַכען זיי נישט קיין קולות און קוים וואָס מען הערט זיי...

— נו, עס איז אַ גרויסער אונטערשיעד — ענטפערט איהם דער מגיד — זיי האָבען דעם גאָט זייערען נאָהנט, ער הענגט אין תפיסה־קאַמער אויף דער וואַנד, קענען זיי רעדען צו איהם שטיל, מיין גאָט אָבער איז ווייט, אַזש אין הימעל, מוז איך דעריבער שרייען צו איהם...

פאַר דעם דאָזיגען ענטפער האָט דער נאַטשעלניק דערלאַנגט דעם מגיד אַ פּאַטש און אין דער זעלבער נאַכט — דערצעהלט מען אין לובלין — האָט דער נאַטשעלניק בעקומען אַן אַפּאָפּלעקסיע...

(שמן הטוב)

דער חדושי הרי"ם האָט אַמאָל שאַרף אויסגע'מוסר'ט איינעם פון זיינע חסידים, אַ וואַרשאָווער כלל־טהוער, וועלכען מען האָט בעשולדיגט, אַז ער איז נישט אין אָרדנונג מיט קהל'יש געלד.

— רוצח! — האָט ער געשריען אויף איהם — מערדער!

— רבי — האָבען איהם שפעטער די מקורבים איבערגעפרעגט — פאַרוואָס האָט איהר איהם גערופען רוצח, ער ווערט דאָך בעשולדיגט בלויז אין גנבה, נישט אין רציחה?

האָט זיי דער חדושי־הרי״ם דערויף געענטפערט: אין דער ערשטער פרשה פון קריאת־שמע שטעהט „בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודך", און דערויף ווערט גע־דרשנ׳ט: „ובכל מאדך — בכל ממונך", דאַגעגען אין דער צווייטער פרשה, אין פרשת עקב, ווערט געזאָגט בלויז „ולעבדו בכל לבבכם ובכל נפשכם". פאַרוואָס ווערט אויך דאָ נישט צוגעגעבען „ובכל מאודכם"? נאָר דאָ רעדט מען צו רבים און רבים־געלד איז שוין אין כלל פון „ובכל נפשכם", ווייל דאָס געלד וואָס ווערט געזאַמעלט פון רבים, געהט אויף צדקה, אויף פקוח־נפש, צו שטיצען דעם הונגעריגען אָרימאַן, די אלמנות און יתומים, און גזל־הרבים איז דעריבער אַזוי גוט, ווי רציחה...

## ושמתם את דברי אלה... (יא. יח.)

„אף לאחר שתגלו היו מצוינים במצות, הניחו תפילין, עשו מזוזות, כדי שלא יהיו לכם חדשים כשתחזרו" (רש״י)

וועגען דעראָזיגער שטעלע אין רש״י, וועלכע איז גענומען פון ספרי, איז שוין אַ סך געשריבען געוואָרען. תפילין ומזוזות זענען דאָך חובות הגוף און נישט פון די מצוות התלויות בארץ, טאָ וואָס איז שייך צו זאָגען אויף זיי: „שלא יהיו לכם חדשים כשתחזרו"? — נאָר ווי עס ווייזט אויס, איז דאָ אַריינגעפאַלען אַ טעות־הדפוס: דער נוסח אין ספרי איז געווען „במצוות תו״מ". דאָס וואָרט תו״מ האָט דער מדפיס געלייענט: „תפילין ומזוזות" — און די ווערטער „הניחו" און „עשו" האָט ער מוסיף געווען מדעתו. באמת אָבער דאַרף זיין: „במצוות תרומות ומעשרות" — און אַזוי איז אויך אין מדרש איכה, אות נ״ב, אינ׳ם דרש אויפ׳ן פסוק „קראתי למאהבי המה רמוני"...

## ולמדתם אותם את בניכם לדבר בם בשבתך בביתך ובלכתך בדרך... (יא. יט.)

איהר זאָלט לערנען אייערע קינדער צו פיהרען זיך בדרך־התורה, נישט בלויז „בשבתך בביתך", בשעת זיי זיצען ביי דיר אין הויז און זיי טהוען עס דיר דאַן צוליב, ווייל זיי שעמען זיך פאַר דיר, ווייל זיי ווילען דיך נישט מצער זיין, נאָר אויך „ובלכתך בדרך". דו זאָלסט זיך בעמיהען איינצופלאַנצען אין זיי דאָס אידישקייט, אַז דו זאָלסט קענען מיט זיי זיכער זיין, אַז זיי וועלען בלייבען אידען אויך דאַן, ווען דו וועסט מעהר נישט זיין צווישען זיי, ווען דו וועסט געהען בדרך כל הארץ...

(חתם סופר)

## למען ירבו ימיכם וימי בניכם... (יא. כא.)

„אמרו ליה לר׳ יוחנן, איכא סבי בבבל, תמה ואמר, והא כתיב למען ירבו ימיכם על האדמה וכו׳ אבל בחוץ־לארץ לא כיון דאמרו ליה שמקדמי ומחשכי לבי כנישתא אמר, היינו דאהני להו" (ברכות ח׳)

מיט וואָס איז שוין דערמיט, וואָס זיי זענען „מקדמי ומחשכי לבי כנישתא" פערענטפערט די קשיא? אין פסוק שטעהט דאָך פאַרט „למען ירבו ימיכם על האדמה"?

נאָר — בעמערקט דערויף דער ווילנער גאון — די גמרא זאָגט: „עתידים בתי כנסיות ובתי מדרשות שבבבל שיקבעו בארץ־ישראל" (מגילה כ"ט), וממילא זענען שוין די בתי־כנסיות אין כלל פון „על האדמה" . . .

(אויף אַב'עהנליכען אופן זאָגט אויך דאָרט דער מהרש"א)

רבי גרשון־העניך ראַדזינער פלעגט זאָגען אויף זיין שטייגער, בדרך בדיחות, אַז דער פשט איז גאַנץ איינפאַך: וויבאַלד זיי זענען „מקדמי ומחשכי לבי כנישתא", זיי פערשלאָפען נישט די צייט, שטעהען־אויף פריה און לעגען זיך שפעט, ווערט ממילא מקוים אין זיי דער „למען ירבו ימיכם", לעבען זיי דאָן ממילא לענגער . . .

## ללכת בכל דרכיו ולדבקה בו... (יא. כב.)

בשעת דער גערער רבי איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין ארץ־ישראל, האָט ער זיך צונויפגעטראָפען מיט'ן הרב קוק, מיט וועלכען ער האָט פערפיהרט אַ שמועס וועגען פערשידענע ענינים. צווישען אַנדערע זאַכען איז אין דעם שמועס אויך בעריהרט געוואָרען די פראַגע וועגען דער בעציהונג צו די פרייע ציונים. דער גערער רבי זאָל זיך האָבען געווענדעט צו הרב קוק'ן און איהם געפרעגט: היתכן? איהר זענט דאָך אַ נותן יד לפושעים?

דערויף זאָל איהם הרב קוק האָבען געענטפערט: אויפ'ן פסוק „ולדבקה בו" דרשנ'ען די חז"ל: „הדבק במדותיו, מה הוא חנון אף אתה חנון וכו'", און אויך דאָס איז דאָך דעם אויבערשטענס מדה, און וועלכער עס איז אַ מצוה זיך מתדבק צו זיין. מיר ריהמען דאָך איהם אין אונזערע תפלות מיט דער דאָזיגער מדה: „אַתה נותן יד לפושעים!" . . .

(געהערט)

## אי זה ספר כריתות אמכם אשר שלחתיה... (הפטרה)

דעריבער — האָט אַמאָל געזאָגט איינער פון די גדולים — ווערט רבינו גרשון אָנגערופען „מאור הגולה", ווייל מיט זיינע תקנות וואָס ער האָט מתקן געווען, אַז מען טאָר נישט נעהמען קיין צוויי ווייבער און מען טאָר קיין פרוי נישט גט'ן בעל־כרחה, האָט ער בעלויכטען פאַר אונז דעם גלות און געשטאַרקט אין אונז די האָפנונג, אַז מיר וועלען סוף־כל־סוף פונ'ם גלות אויסגעלייזט ווערען, אַז סוף־כל־סוף וועט דער רבונו־של־עולם זיך מוזען איבערבעטען מיט אונז, מחמת כל־זמן מיר ווילען זיך נישט שיידען פון איהם, טאָר ער זיך נישט פערבינדען מיט קיין אַנדער פאָלק און ער קאָן אונז נישט גט'ן בעל־כרחנו . . .

# רְאֵה

## ראה אנכי נותן לפניכם היום ברכה וקללה... (יא. כו.)

עס איז אָנגעצייכענט געוואָרען פון דער השגחה, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל נישט פיהרען קיין דורכשניטליך, מיטעלמעסיג לעבען, ווי דער רוב אנדערע פעלקער, נאָר אָדער עס וועט לעבען אומנאַטירליך גוט, אָדער אומנאַטירליך שלעכט; אָדער ברכה, אָדער — קללה...

(לויט'ן ספורנו)

פאַרהאַן צוויי „היום'ס": אַ „היום" של ברכה און אַ „היום" של קללה; אַ „היום" פון „אם לא עכשיו — אימתי", און אַ „היום" פון „אכול ושתה כי מחר נמות"...

(רבי העניך מאַלעקסאַנדער)

„ראה" — בלשון יחיד. ביים אויסוועהלען פאַר זיך דעם דרך־הישר דאַרף מען זיך נישט פערקוקען אויפ'ן רבים, דער רבים גרייזט עפ"י רוב און בלאָנדזשעט...

(ווילנער גאון)

## את הברכה אשר תשמעו אל מצות ד'... (יא. כז.)

די ברכה וועט זיין שוין דאָס גופא — „אשר תשמעו אל מצות ד'," וואָס איהר וועט פעהיג זיין צו הערען גאָט'ס וואָרט...

(רבי שמשון־רפאל הירש)

## את הברכה אשר תשמעו וכו' והקללה אם לא תשמעו וכו' וסרתם מן הדרך . . . (יא. כז. כח.)

„מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה" — איז דעריבער: „את הברכה אשר ת ש מ ע ו", פאַר'ן בלויזען הערען, פאַר דער בלויזער מחשבה און רצון מקיים צו זיין די מצוות . . . דאַגעגען „מחשבה רעה אין הקב"ה מצרפה למעשה" — און דעריבער: „והקללה אם לא תשמעו, וסרתם מן הדרך" — ערשט דאַן, ווען עס וועט זיין „וסרתם", ב מ ע ש ה...

(פנים יפות)

דער דין איז אין שולחן־ערוך, אַז אויב מען האַלט אין מיטען שמונה־עשרה און מען הערט זאָגען קדושה, דאַרף מען זיך אָבשטעלען און אויסהערען די קדושה אין געדאַנק, ביז זי ווערט פערענדיגט. פרעגט די וועלט: ממה־נפשך! אויב „מחשבה כדיבור דמי", און אַיינהערענדיג זיך אין דער קדושה איז פונקט ווי ער וואָלט געזאָגט מיט'ן מויל,

הייסט ער דאָך אַ מ פ ס י ק — און אין מיטען שמונה־עשרה טאָר מען דאָך נישט מפסיק זיין? אלא „מחשבה לאו כדיבור דמי", האָט עס דאָך ווידער קיין בעדייטונג נישט, טאָ צו־וואָס זאָל ער זיך אָבשטעלען?... ענטפערט דערויף דער מעזריטשער מגיד: „מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה" — איז אַנטקעגען יוצא־זיין די מצוה פון קדושה „מחשבה כדיבור דמי"; דאַגעגען „מחשבה רעה אין הקב"ה מצרפה למעשה", און דעריבער איז לגבי דער עבירה פון הפסק — „מחשבה לאו כדיבור דמי"...

## אחרי דרך מבוא השמש... (יא. ל.)

די ברכה און די קללה, דעם שכר און דעם עונש, וועט דער מענש בעקומען פאַר זיינע מעשים ערשט שפּעטער, נאָכ׳ן „מבוא השמש", נאָך זיין זון־אונטערגאַנג, נאָך זיין אוועקגעהן פון דער וועלט, דען — „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא"...

(כלי יקר)

## כי אם אל המקום אשר יבחר וכו׳ מכל שבטיכם... (יב. ה.)

גאַנץ ארץ־ישראל איז פערטיילט געוואָרען צווישען די שבטים מיט׳ן אויסנאַהם פון ירושלים. „ירושלים לא נתחלקה לשבטים". און דאָס, אַלזאָ, ווערט געמיינט: „אל המקום אשר יבחר וכו׳ מכל שבטיכם", דאָס דאָזיגע אָרט וואָס השי"ת וועט אויסוועהלען „לשום את שמו שם", זאָל נישט זיין דאָס אייגענטום פון אַנ׳איינצעלנעם שבט, נאָר — „מכל שבטיכם", צו אַלע שבטים זאָל עס געהערען, אַלע זאָלען דערין זיין בעטייליגט...

(בינה במקרא)

## כי אם אל המקום אשר יבחר וכו׳ לשום את שמו שם... (יב. ה.)

דער רמב"ם (אין מורה נבוכים ח"ג מ"ה) ברענגט פערשיעדענע טעמים, פאַרוואָס עס ווערט אין דער תורה נישט אָנגעוויזען, וואו, אויף וועלכען אָרט עס זאָל זיך געפינען דער מקום המקדש. איינער פון די דאָזיגע טעמים איז, ווייל ווען די שבטים וואָלטען פריהער געוואוסט, וואו דאָס הייליגסטע אָרט וועט זיך געפינען, וואָלט עס גורם געווען צו קריגערייען: יעדער שבט וואָלט פערלאַנגט, אַז דאָס דאָזיגע אָרט זאָל צוגעטיילט ווערען צו זיין נחלה...

## והניח לכם מכל אויביכם מסביב וישבתם בטח... (יב. י.)

„והניח לכם מכל אויביכם מסביב" — די גוים וועלען אייך נישט טשעפּען, „וישבתם בטח" — איהר אַליין, צווישען זיך, וועט זיך נישט אַרומרייסען...

(תפארת יהונתן)

## ושמחתם וכו׳ אתם ובניכם וכו׳ והלוי אשר בשעריכם כי אין לו חלק ונחלה אתכם... (יב. יב.)

איהר, ישראלים, זאָלט זיך פרעהען, וואָס איהר האָט זוכה געווען צו געניסען די פּרוכטען פון דער אייגענער נחלה, דאַגעגען דער לוי זאָל, פערקעהרט, זיך פרעהען דערמיט, וואָס „כי אין לו חלק ונחלה אתכם", וואָס ער איז פטור צו אַרבייטען און צו בעשעפטיגען

זיך מיט נחלאות און מיט די אַלע דאגות און קלאַפּאַטען, וואָס זענען פערבונדען דער־מיט...

(דובנער מגיד)

## ועבדך ואמתך והלוי וכו׳ — ושמחת... (יב. יח.)

אויב דו ווילסט זיין צופרידען אין לעבען, זאָלסטו קיינמאָל נישט קוקען אַרויף, נאָר אַראָב, נישט אויף די העכערע, נאָר אויף די נידריגערע, אויף די, וואָס זענען מאַטעריעל אָרימער פון דיר. קוקען זאָלסטו אויף „עבדך ואמתך והלוי״ און דאַמאָלס „ושמחת לפני ד׳״, וועסטו זיין צופרידען און זיך פרעהען, וואָס דיר געהט עס בעסער פון זיי...

(תפארת יהונתן)

## השמר לך פן תעזוב את הלוי כל ימיך על אדמתך... (יב. יט.)

„על אדמתך — אבל בגולה אינך מוזהר עליו יותר מעניי ישראל״ (רש״י)

ווייל דער גאַנצער טעם, פאַרוואָס מען האָט געדאַרפט שטיצען און אויסהאַלטען די לויים, איז דערפאַר — „כי אין לו חלק ונחלה עמך״, אין גלות אָבער איז דאָך קיינער נישט זיכער מיט זיין נחלה און דעריבער איז דער לוי דאָרט נישט מעהר יחסן, ווי אַן אַנדערער אָרימאַן...

(פרי חיים)

רבי עזריה מן האדומים, דער בעל „מאור עינים״, איז אין אַ בריעף צו זיינע תלמידים זיי מעורר, אַז זיי זאָלען שטענדיג לערנען די הייליגע און קלוגע ספרים פון ר ב י  י ה ו ד ה  ה ל ו י. דידאָזיגע ווענדונג צו זיי ענדיגט ער מיט אַן אויסרוף: „השמר לך פן תעזוב את הלוי״...

## כי ירחיב ד׳ אלקיך את גבולך... (יב. כ.)

צום ווילנער גאון זענען איינמאָל געקומען צוויי בעלי־דינים מיט פאָלגענדע דין־תורה: עס איז איינער דעם צווייטען שולדיג געבליבען געלד און נישט האָבענדיג צו בעצאָהלען צום טערמין דעם גאַנצען חוב, האָט ער איהם נאָר גע׳סילוק׳ט אַ טייל און אויפ׳ן איבריגען האָט ער איהם אַרויסגעגעבען אַ „כי־ירחיב־צעטעל״, אין וועלכען ער האָט איינגעשריבען: „כשירחיב ד׳ את גבולי מתחייב אני הח״מ לשלם לפלוני בן פלוני את כל החוב וכו׳ . . .״ זינט דאַן איז שוין אַריבער אַ לענגערע צייט, און אַט טענה׳ט איצט דער תובע, אַז דער „הרחבת גבול״ איז שוין מקוים געוואָרען, די צייט האָט זיך שוין ביי יענעם פערבעסערט און ער איז דעריבער מחויב צו ערפילען זיין שריפטליכע הבטחה, דאַגעגען דער נתבע טענה׳ט, אַז יענער מוז נאָך וואַרטען, דען ס׳איז נאָך גאַנץ ווייט ביי איהם פון „הרחבת גבול״... דער תובע האָט שוין אַרומגעשלעפט דעם נתבע צו פערשיעדענע רבנים, אָבער זיי קענען נישט פסק׳ענען ערקלערענדיג, אַז „הרחבת־גבול״ איז אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך נישט פעסטשטעלען, און זיי האָבען די בעלי־דברים אָבגעשיקט צום ווילנער גאון.

— עס איז אַ גמרא אין חולין — האָט דער גאון, אויסהערענדיג די טענות, ערקלערט — „תנו רבנן, כי ירחיב ד׳ אלקיך את גבולך וכו׳ ואמרת אוכלה בשר וכו׳ מכאן א״ר אלעזר בן עזריה מי שיש לו מנה יקח לפסו ליטרא ירק, עשרה מנה יקח לפסו ליטרא דגים, חמשים מנה יקח לפסו ליטרא בשר״... איז דאָך פון דאַנען קלאָר, אַז „הרחבת גבול״ הייסט, אויב מען פערמאָגט חמשים מנה, פינף טויזענד גילדען.

און דער ווילנער גאון האָט, אַלזאָ, גע׳פּסק׳ענט, אַז דער נתבע זאָל שווערען, אַז ער פֿערמאָגט נישט אַזאַ סומע...

(אסיפת חכמים)

## לא תאכלנו למען ייטב לך ולבניך אחריך... (יב. כה.)

אַ קריסטליכער ביבעל־געלעהרטער האָט געפרעגט רבי יונתן אייבעשיץ: פאַרוואָס עפּיס ווערט גראָד דאָ, ביים איסור פון אכילת דם, צוגעגעבען די ברכה „למען ייטב לך ולבניך״? האָט ער איהם דערויף געענטפערט: ווי עס ווערט ערקלערט, האָט דעריבער די תורה גע׳אסר׳ט צו עסען בלוט, ווייל עס איז „מטמטם את הלב״ און עס פלאַנצט־איין אכזריות אין מענשען, און אַכזריות, ווי בעקאַנט, געהט איבער בירושה פון עלטערען צו קינדער, און דער פשט איז אַלזאָ: „לא תאכלנו למען ייטב לך ולבניך אחריך״, זאָלסט נישט עסען קיין בלוט, כדי דו, ווי אויך די קינדער דיינע זאָלען זיין גוט, איידעל, אָהן שלעכטע אינסטינקטען...

## כי יקום בקרבך נביא או חולם חלום... (יג. ב.)

אַ מערקווירדיגע שטעלע געפינען מיר אין בעל־הטורים (אין די חומשים פון אַלטען דרוק) אויפ׳ן דאָזיגען פסוק, און נעמליך:

„בקרבך בגימטריא זו האשה״.

די אשה, הייסט עס, איז די נביאת השקר, וועלכע רעדט־אָן דעם מענשען צו אַלעם שלעכטען...

באמת אָבער איז דער נוסח אין די אַלטע חומשים אַ גאַנץ אַנדערער און נעמליך: „בקרבך נביא בגימטריא זו האשה ובנה״, אָבער, צוליעב פערשטענדליכע טעמים, האָט עס דער צענזאָר אויסגעמעקט...

אין די זמירות למוצאי־שבת — פלעגט זאָגען דער רבי ר׳ בונם — זאָגען מיר: „איש סחו אחריו ד׳ הוא האלקים״. אַנשטאָט אָוועקצושטעלען זיך און צו דערצעהלען די וואונדער, וואָס זיי האָבען געזעהן, די מופתים, וואָס אליהו האָט זיי געוויזען, האָט דער עולם בלויז אויסגעשריען: „ד׳ הוא האלקים!״ היינט אָבער זיצט מען רק און מען דער־צעהלט די רבי׳שע מופתים, אינ׳ם „ד׳ הוא האלקים״ אָבער, דאָס פערגעסט מען...

„מיום שחרב בית המקדש ניטלה נבואה מן הנביאים וניתנה לשוטים״ (ב״ב י״ב)

איז עס דאָך אין פלוג קשה: היתכן? ווי געשיקט זיך עס, אַז די נבואה זאָל אָוועק־געגעבען ווערען די שוטים, די חז״ל זאָגען דאָך בפירוש: „אין הקב״ה משרה שכינתו אלא על חכם גבור ועשיר״?

נאָר די כוונה איז — האָט דערויף געענטפערט רבי מרדכי לעכעוויטשער — זינט דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרען, ווייסט יעדער בעל־דעת, אַז עס איז „ניטלה נבואה מן הנביאים״, אַז די נבואה איז פון דאַמאָלס אָן פון אונז צוגענומען געוואָרען, בלויז די שוטים טראָגען זיך אַרום דערמיט און זיי האַלטען אין איין אָבקלאַפּען די טהירען פון די רביים און אדמו״רים, פון וועלכע זיי פערלאַנגען, זיי זאָלען זיין טרעפערס און נבואה־זאָגערס...

חסידים האָבען אַמאָל געבעטען ביי איינעם פון חפץ־חיים׳ס נאָהנטע מקורבים, ער זאָל זיי דערצעהלען עפּעס אַ מופת פון זיין רבי׳ן.

— די מופתים פון מיין רבי׳ן — האָט זיי דערויף יענער געענטפערט — זענען גאַנץ אַנדערע, ווי די מופתים, וואָס איהר דערצעהלט פון אייער רבי׳ן. איהר דערצעהלט מופתים, ווי אַזוי דער רבונו־של־עולם איז ממלא אייער רבינ׳ס רצון און מיר דערצעהלען מופתים, ווי אַזוי אונזער רבי, דער חפץ חיים, איז ממלא דעם רצון פון רבונו־של־עולם . . .

דער גרעסטער מופת — פלעגט זאָגען רבי אשר סטאָלינער — איז צו זיין אַ פּשוט׳ער עהרליכער איד . . .

דער „בודע־ביהודה״, ווי בעקאַנט, האָט נישט געהאַלטען פון קיין קמיעות. איינמאָל איז מען געקומען אַריינצולויפען צו איהם מיט אַ געוואַלד, ער זאָל רחמנות האָבען אויף אַ חולה מסוכן, פאַר וועלכען עס איז מעהר קיין שום רפואה נישטאָ און דאָס איינציגע, וואָס עס קאָן איהם ראַטעווען, איז נאָר אַ קמיע. דערזעהענדיג זייער פערצווייפלונג האָט דער „בודע־ביהודה״ זיך אַ ווײַלע מיישב געווען און דאַן איז ער אַוועק אין אַ צווייטען חדר, גענומען אַ לעדיג שטיקעל פּאַרמעט, איינגעוויקעלט עס אין אַ פּאַפּיר, פער׳חתמ׳עט מיט זיין חתימה און געזאָגט: די דאָזיגע קמיע זאָל דער חולה טראָגען אויפ׳ן האַלז דרייסיג טעג, נאָך די דרייסיג טעג זאָל מען די קמיע עפענען און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזען, אַז די אותיות זענען איינגאַנצען אַבגעמעקט, עס איז נישט געבליבען פון זיי קיין זכר, און דער פּאַרמעט איז לעדיג, איז אַ סימן אַז דער חולה וועט געזונד ווערען.

האָט מען אַזוי געטהון און בעת מען האָט אין דרייסיג טעג אַרום געעפענט די קמיע און דערזעהן, אַז דער פּאַרמעט איז לעדיג, איז געוואָרען אַ גרויסע שמחה און פון גרויס שמחה האָט דער חולה בעקומען אַ רפואה שלמה . . .

וועגען אַ צווייטער קמיע ווערט דערצעהלט, אַז דער „בודע־ביהודה״ זאָל האָבען דערויף אויפגעשריבען די אותיות „פיל״ד״, און אַז מען האָט איהם שפּעטער, בעת דער חולה איז שוין געהאַט געזונד געוואָרען, געפרעגט, וואָס עס בעדייטען די דאָזיגע געהיימניספולע אותיות, זאָל ער האָבען געענטפערט, אַז דאָס מאַכט: „פּתי יאמין לכל דבר״ . . .

## ובערת הרע מקרבך . . . (יג. ו.)

איינער פון די בודאַפּעשטער בעקאַנטע אפּיקורסים האָט זיך אַמאָל געווערטעלט פאַר׳ן חתם־סופר און זיך אויסגעדריקט, אַז ער האָט שוין עובר געווען אויף כל העבירות שבתורה, בלויז איין עבירה האָט ער דורכגעלאָזט — די עבירה פון צו זיין אַ „מאבד עצמו לדעת״.

האָט איהם דער חתם־סופר דערויף געענטפערט, אַז די דאָזיגע עבירה קאָן ער נישט מקיים זיין, ווייל דערמיט וואָלט ער בעגאַנגען נישט קיין עבירה, נאָר אַ מצוה — „ובערת הרע מקרבך״ . . .

(לב העברי)

## ואת כל שללה תקבוץ אל תוך רחובה ושרפת באש . . . (יג. יז.)

דעריבער האָט די תורה גע׳אסר׳ט, אַז מען טאָר נישט נהנה זיין פון אַ עיר־הנדחת און מען מוז דאָס גאַנצע פערמעגען פערברענען, ווייל אויב מען וואָלט מתיר געמאַכט

צו געניסען פון פערמעגען, וואָלט עס געבראַכט צו פערשיעדענע בלבולים און פּראָוואָקאַציעס. בזמן מן הזמנים וואָלטען זיך געפינען פערזאָנען, וועלכע וואָלטען פאַבריצירט בעשולדיגונגען, אונטערגעשטעלט פאַלשע עדות און אין נאָמען פון „אידישקייט" וואָלט מען געגראַבעוועט און איינגעטיילט צווישען זיך די קאָנפיסקירטע פערמעגענס, ווי עס פלעגט פּאַסירען, להבדיל, אין די צייטען פון דער „הייליגער אינקוויזיציע"... האָט דעריבער די תורה אָנגעזאָגט: „ואת כל שללה תקבוץ אל תוך רחובה ושרפת באש!" כדי עס זאָל קיינער נישט קענען האָבען דערביי קיין שום פערזענליכען און מאַטעריעלען אינטערעס...

(אורח חיים)

## ולא ידבק בידך מאומה מן החרם... (יג. יח.)

נאָך יעדע מלחמה בלייבען איבער ביי די מענשען אויף אַ לענגערע צייט די שפּורען פון פערווילדונג און אכזריות, צו וועלכע זיי האָבען זיך צוגעוואוינט אין דער מלחמה־צייט. די תורה געפינט דעריבער פאַר נויטיג צו וואָרענען: „ולא ידבק בידך מאומה מן החרם". עס זאָל זיך ביי דיר גאָרנישט צוקלעבען פונ'ם חרם און אכזריות, וואָס עס איז געווען נויטיג אַרויסצוווייזען ביי'ם אויספיהרען דעם אורטייל איבער דער עיר הנדחת. דו זאָלסט די אַלע איבערגעלאָזענע שפּורען תיכף אויסראָטען פון דיר!...

(אמרי חן)

אין דער מכילתא אויף דער היינטיגער סדרה געפינען מיר אַ מערקווירדיגע, אין פלוג אונפערשטענדליכע שטעלע, און נעמליך:

„עיר הנדחת עושין מהן גנות ופרדסים, אבא חנן אומר אין עושין מהן גנות ופרדסים שנאמר לא יומתו אבות על בנים — בעדות בנים הכתוב מדבר".

וואָס איז דאָ דער פשט?

האָט געזאָגט דערויף דער רבי ר' יונתן:

אויפ'ן דרש אין דער גמרא: „לא יומתו אבות על בנים — בעדות בנים" (סנהדרין כ"ז), פרעגט דער רשב"א: צוליעב וואָס איז דערויף נויטיג אַ בעזונדערער דרש, עס איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך, אַז אַ זוהן דאַרף זיין פסול לעדות שוין בלויז דערפאַר, וואָס ער איז אַ נוגע, זייענדיג פאַראינטערעסירט אין דער ירושה? און דערויף ענטפערט דער רשב"א אַז דער דאָזיגער דרש איז נויטיג אין פאַל, ווען דער זוהן קומט זאָגען עדות אויפ'ן פאָטער, אַז ער געהער צו אַ עיר־הנדחת, הגם דאָ קען מען דאָך איהם נישט חושד זיין, אַז ער איז דערביי אויסען צו נעהמען ירושה, וואָרום אין אַן עיר הנדחת ווערט דאָך אַלץ פערברענט און מען טאָר פון איהר נישט נהנה זיין, דאָך איז ער נישט בעגלויבט.

און דאָס, אַלזאָ, איז אבא חנן אויסען מיט זיין בעמערקונג: „אין עושין מהן גנות ופרדסים", אַ ראיה דערצו איז: „שנאמר לא יומתו אבות על בנים, בעדות בנים הכתוב מדבר", און ווען כ'זאָל זאָגען, אַז מען מעג נהנה זיין פון אַ עיר־הנדחת און מאַכען פון איהר גנות ופרדסים, וואָלט דאָך דאַן נישט נויטיג געווען קיין בעזונדערער פסוק אויף צו פסל'ען עדות־בנים, אַפילו ווען עס וואָלט זיך געהאַנדעלט ביי עדות־בנים וועגען עיר־הנדחת, עס וואָלט דאָך זעלבסטפערשטענדליך געווען, אַז אַ זוהן איז פסול לעדות צוליעב'ן חשד, אַז ער איז נוגע בדבר, אַז ער איז אינטערעסירט אין דער ירושה, אין די גנות ופרדסים...

## ונתן לך רחמים ורחמך... (יג. יח.)

פערצייטענס איז אין די אידישע קהלות געווען איינגעפיהרט, אַז דער שוחט האָט זיך

געדאַרפט מטפל זיין מיט אַלע דורכרייזענדע אורחים, פערזאָרגען זיי מיט אַכילה ושתיה און מיט נאַכט־לעגער.

האָט זיך אַמאָל אַן אורח פערקלאָגט פאַר רבי ישראל׳טשע ריזשינער אויף אַ געוויסען שוחט, אַז ער בעהאַנדעלט די דורכרייזענדע אורחים זעהר נישט מענשליך און ער פערשליסט פאַר זיי די טהיר. דער ריזשינער האָט געמאַכט וועגען דעם אַ חקירה ודרישה און דערוויסענדיג זיך, אַז עס איז אמת, האָט ער באַפוהלען, מען זאָל דעם שוחט מעביר זיין פון דער שחיטה.

איז דער שוחט געקומען צו לויפען מיט אַ געוואַלד צום ריזשינער: היתכן, פאַרהאַן אין שטאָדט גרעסערע נגידים פון איהם, פאַרוואָס עפּיס דאַרף ער גראָד זיין מעהר מכניס־אורח פון אַלע אַנדערע בעלי־בתים?

האָט איהם דער ריזשינער דערויף געענטפערט: נאָך דער מצוה פון עיר־הנדחת, זאָגט אונז די תורה: „ונתן לך רחמים ורחמך", ווייל דאָס אויספיהרען אַזאַ אַקט פון פערברענען און פערניכטען אַ גאַנצע שטאָדט איז, חלילה, עלול איינצופלאַנצען אַכזריות ביי׳ם פאָלק, איז דעריבער נויטיג געווען צו וואָרענען: „ונתן לך רחמים", אַז מען זאָל למע"ה זעהען אויסצוראָטען פון זיך נאָכהער דאָס אַנגעשטעקטע געפיהל פון אַכזריות און צו טהון וואָס־מעהר גוטע מעשים, וועלכע זענען פערבונדען מיט רחמנות.

דאָס זעלבע — האָט דער ריזשינער אויסגעפיהרט — איז אויך מיט אַ שוחט. ער איז בעביך עוסק אין אַ זעהר נישט קיין אידעלע מלאכה, אין אַן אומנות, וואָס בעשטעהט פון שפיכת־דם, און כדי ער זאָל זיך דערפון נישט אַנשטעקען מיט אַכזריות, ווערט דעריבער פערלאַנגט פון איהם, ער זאָל עוסק זיין אין מעהר מעשים־טובים און זיין מעהר בעל־רחמים און מעהר מכניס־אורח, ווי אַן אַנדערער...

רבי נפתלי ראָפּשיצער האָט אַמאָל אין אַ שמועס מיט זיינע חסידים געזאָגט:

אידער זיין נשמה האָט אַראָבגענידערט אויף דער וועלט האָט מען איהם אַריינגעפיהרט אין אַ גרויסען היכל און דאָרט האָט ער דערזעהן: אויף אַ טאָוועל אויף איין וואַנד איז אויפגעשריבען, אַז דער מענש זאָל זיך בעמיהען אויף דער וועלט צו זיין אַ בעל־רחמים, וואָרום „כל המרחם על הבריות מרחמין עליו מן השמים שנאמר ונתן לך רחמים ורחמך" (ספרי פ׳ ראה) און „ויכבד אשתו ובניו יותר ממה שיש לו, שהם תלויים בו" (חולין פ"ד), דאַגעגען אויף אַ טאָוועל אויף דער אַנטקעגענאיבערדיגער וואַנד איז אַנגעשריבען: „שחורות כעורב, במי אתה מוצא דברי תורה, במי שמשים עצמו אכזרי על בניו ועל בני ביתו כעורב". (עירובין כ"ב).

אויף איין וואַנד שטעהט: „לעולם יהא אדם ענוותן כהלל" (שבת ל׳) און „איזהו בן עולם־הבא ענוותן ושפל ברך" (סנהדרין פ"ח), און אויף דער צווייטער וואַנד: — „צורבא מדרבנן דרתח אורייתא הוא דקא מרתחא ליה שנאמר הלא כה דברי כאש" (תענית ד׳).

אויף איין וואַנד: „תמים תהי׳ עם ד׳ אלקיך", און אויף דער צווייטער וואַנד: „לעולם יהא אדם ערום ביראה" (ברכות י"ז).

אויף איין וואַנד: — „מלח ממון חסר" (כתובות ס"ו), און אויף דער צווייטער וואַנד: „המבזבז אל יבזבז יותר מחומש" (כתובות ג׳).

אויף איין וואַנד: „הסתפק במועט כר׳ חנינא בן דוסא שהי׳ די לו בקב חרובין מערב שבת לערב שבת" (תענית כ"ב) און אויף דער צווייטער וואַנד: — „המצער את עצמו מן היין נקרא חוטא" (תענית י"א). און אַזוי כסדר, פערשידענע סתירות, פון איין זייט אַזוי און פון דער צווייטער זייט דער היפוך.

— אַ פערוואונדערטער — דערצעהלט ווייטער דער ראָפּשיצער — שטעה איך און טראַכט, ווי אַזוי מען איז יוצא פאַרביידע זייטען, און זייענדיג אַזוי פערטיעפט אין די

מחשבות דערהער איך פלוצים קולות: מזל־טוב! מזל־טוב! אַ יונגעל! כ׳געפין מיך שוין אויף אונזער וועלטעל... און אַט מאַטער איך מיך אַ גאַנצען לעבען מיט׳ן דאָזיגען שווע־רען שטיקעל אַרבייט, ווי אַזוי צו געפינען אַ פשרה־וועג און אַנ׳אויסגלייך צווישען די אַלע סתירות...

(דור־דעה)

## בנים אתם לד׳ אלקיכם... (יד. א.)

אויפ׳ן פסוק „אלה מועדי ד׳ מקראי קודש אשר תקראו אותם" דרשנ׳ען די חז"ל: „אל תקרי אותם אלא אתם, אתם אפילו שוגגין, אתם אפילו מזידין, אתם אפילו מוטעין" (ר"ה כ"ה). איז מה־דאָך — פלעגט זאָגען רבי מאָטעלע קוזמירער — דאָרט, וואו אין פסוק שטעהט נישט בפירוש דאָס וואָרט „אתם" נאָר „אותם", איז פונדעסטוועגען לייען איך: „אתם אַפילו שוגגין אתם אַפילו מזידין", מכל־שכן דאָ אין פסוק „בנים אַתם", וואו עס שטעהט דייטליך דאָס וואָרט „אַתם", איז דאָך אַודאי — „אַתם אַפילו שוגגין, אַתם אַפילו מזידין", אַז אַפילו ווען די אידען זינדיגען, סיי בשוגג, סיי אַפילו במזיד, זענען זיי אַלץ דעם אויבערשטענס קינדער...

## לא תתגודדו... (יד. א.)

„לא תתגודדו — לא תעשו אגודות אגודות" (יבמות י"ד)

דאָ רעדט זיך דאָך גאָר וועגען אַ מת, „לא תתגודדו ולא תשימו קרחה בין עיניכם למת", טאָ ווי קומט דאָ אַהער דער דרש פון „לא תעשו אגודות אגודות"?

נאָר, ווי עס ווייזט אויס — האָט דערויף געזאָגט אַ געוויסער גאון בדרך־הלצה — רעדט זיך דאָ נישט וועגען אַ געוועהנליכען מת, נאָר וועגען טויט פון אַנ׳אדם חשוב, אַ רב, אָדער אַ רבי, וואָס תיכף נאָך זיין פטירה ענטשטעהען אין די קהלות מורא׳דיגע מחלוקת׳ן, דער עולם צעטיילט זיך אין פערשיעדענע צדדים, קלייזלעך און פּאַרטייען, וועלכע פיהרען צווישען זיך אַ פערביטערטע מלחמה, ווער עס זאָל זיין אַ ממלא־מקומו, און דערויף איז עס געגעבען געוואָרען די אזהרה: „לא תעשו אגודות אגודות!"

רבי יצחק־אלחנן איז אַמאָל געקומען אין אַ חסיד׳ישע שטאָדט אין וואָהלין, וועלכע איז פול געוועזען מיט פערשידענע „שטיבלעך" און חסידים־קלויזלעך. אין דער פריה געהט רבי יצחק־אלחנן דאַווענען אין שטאָדטישען בית־המדרש און געפינט אָבער דאָרט קיין מנין נישט. וואו זענען דאָ — פרעגט ער — די אַלע פרומע אידען, וואָס דאַווענען תפלה בצבור? ענטפערט מען איהם, אַז זיי זענען צושפרייט איבער פערשידענע מניינים. איינער דאַווענט אין טשערנאָבילער שטיבעל, אַ צווייטער אין טשאַרטקאָווער, אַ דריטער אין סניאַטינער, אַ פיערטער אין ראַכמיסטריווקער א. אַ. וו. ערשט איצט — רופט זיך אָן רבי יצחק־אלחנן — פערשטעה איך דעם פשט אין תהלים: „אספו לי חסידי". היות ווי די רבים האָבען זיך איינגעטיילט מיט׳ן ביסעל אידען און יעדער איינער איז געוואָרען אַ חסיד פון זיין רבי׳ן, בעט זיך דעריבער דער רבונו־של־עולם: „אספו לי חסידי"! שאַפט פאַר מיר אויך עטליכע חסידים...

רבי יוסף שאול נאַטאַנזאָהן האָט אַמאָל אין אַ הספד נאָך דער פטירה פון אַ געוויסען צדיק זיך אויסגעדריקט און געזאָגט:

„לא תתגודדו ולא תשימו קרחה" — הגם די אבידה איז זעהר גרויס, דאָך זאָלט איהר

נישט זיין פערצווייפעלט, דען — „בין עיניכם למת" בלויז פאַר אייערע מענשליכע, גשמיות'־דיגע אויגען זעהט ער אויס צו זיין געשטאָרבען, באמת אָבער לעבט ער ווייטער צווישען אונז — „צדיקים במיתתם קרויים חיים!"...

## כי עם קדוש אתה לד' אלקיך ... (יד. ב.)

„לא תגרום לעם אחר להיות קדוש" (ילקוט)

פון־צייט־צו־צייט, בשעת אידען פערגעסען ווער זיי זענען און אין דער אויפגאָבע וואָס זיי האָבען אויף זיך גענומען, צו לעבען ווי אַן'עם קדוש, ווערען דאַן אויפגעשטעלט געגען זיי אַכזריות'דיגע מושלים, דורך וועלכע זיי ווערען גע'רודפ'ט און געפייניגט און דאַמאָלס ווערט אויפגעוואַכט אין זיי דאָס געטליכע פייער און די אַלטע אידישע עקשנות און זיי זענען גרייט זיך מוסר־נפש צו זיין און צו געהן אויף קידוש־השם.

די תורה וואָרענט אונז דעריבער: „כי עם קדוש אתה לד' אלקיך", זעה, אַז דו זאָלסט זיין אַ הייליג פאָלק דורך אָבהיטען דעם דרך־התורה, און — „לא תגרום לעם אחר להיות קדוש", דו זאָלסט נישט גורם זיין און נישט צופיהרען דערצו, אַז די גוים מיט זייערע רדיפות און גזירות זאָלען אייך דאַרפען מאַכען פאַר „קדושים".

(דברי שער חיים)

און דאָס — ווערט דערויף בעמערקט — איז דער זין פון דער ברכה, וואָס מיר מאַכען יעדען טאָג: „ברוך אתה וכו' שלא עשני גוי", וואָס נישט דער גוי האָט מיך גע־מאַכט פאַר דעם, וואָס איך בין, נישט דער גוי האָט מיך געמאַכט פאַר אַ איד...

## ואכלת לפני ד' אלקיך במקום אשר יבחר וכו' למען תלמד ליראה את ד' אלקיך ... (יד. כג.)

וואָס פאַר אַ שייכות האָט צום „ואכלת לפני ד' א'" דער אויספיהר: „למען תלמד ליראה"?

נאָר די תורה איז אונז מזהיר — האָט געזאָגט דערויף דער רבי ר' בונם פון פשיסכע — אַז בשעת מען זעצט זיך אַוועק עסען מיט אַ חברותא זאָל מען מדקדק זיין מיט וועמען מען זיצט, זיצען זאָל מען נאָר מיט אַזעלכע אַנשים מהוגנים, פון וועלכע „למען תלמד ליראה את ד' אלקיך", פון וועלכע מען קען זיך אָראָבלערנען אַ ביסעל יראת־שמים...

בעת אידען — פלעגט זאָגען דער רבי ר' בונם — פרעהען זיך און עסען צוזאַמען, בחברותא, איז עס „למען תלמד ליראה", איז עס מסוגל אויך דערפון אַראָבצולערנען יראת־שמים...

אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט רבי יחזקאל'ן, דעם רבי'ן פון קוזמיר, הלמאַי די חסידים זענען מפזר אַזוי־פיעל געלד אויף סעודה'לעך. איז דען נישט פיעל מעהר מצוה אַוועקצוגעבען דאָס געלד אויף צדקה, פאַר אָרימעלייט? האָט איהם דער רבי געענטפערט: ביי מעשרות האָט די תורה געהייסען, אַז אינ'ם ערשטען יאָהר נאָך שמיטה און אין צוויי־טען יאָהר זאָל מען געבען מעשר ראשון און מעשר שני, ערשט אין דריטען יאָהר — מעשר ראשון און מעשר עני. דאָס זעלבע אויך אין פיערטען און פינפטען יאָהר — מעשר ראשון און מעשר שני, און ערשט אין זעקסטען יאָהר — מעשר ראשון און מעשר עני. און וואָס האָט מען דען געטהון מיט'ן מעשר שני? מען איז זיך צונויפגעקומען אין ירושלים

מיט היימישע אידען, גוטע פריינד, מיט׳ן גר, יתום ואַלמנה, און מען האָט געגעסען און געטרונקען בחברותא, און ווי איהר זעהט, האָט די תורה געהייסען געבען אויף דעם צוועק צווי מאָל אַזוי־פיעל, ווי אויף מעשר עני...

## כי לא תוכל שאתו כי ירחק ממך המקום... (יד. כד.)

וואָס מעהר דער מענש ווערט בעלאָדען מיט עשירות, אַלץ מעהר ווערט ער דער־וויטערט פונ׳ם אויבערשטען!...

(אלשיך)

**אויב דו פיהלסט אויף זיך דאָס אידישקייט ווי אַ משא, וועלכע עס איז שווער צו טראָגען, איז אַ סימן, אַז — „כי ירחק ממך המקום", אַז דער אויבערשטער איז פון דיר וויט. פאַר אַנ׳אמת גלויביגען און פרומען איד איז דאָס אידישקייט כלל נישט שווער...**

(הנ״ל)

צו די דאָזיגע ווערטער פון אַלשיך ווערט צוגעגעבען פון דובנער מגיד אַ משל: אַ בריליאַנטען־סוחר האָט געשיקט דעם משרת זיינעם, ער זאָל איהם ברענגען פון אַנ׳אָרט אַ וואַליזע, וואָס ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט און אין וועלכער עס האָבען זיך געפונען טייערע איידעל־שטיינער, און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אונגעדולד ביים פענסטער וואַרטען, ביז דער משרת וועט צוריקקומען מיט די ווערטפולע חפצים. פלוצים זעהט ער פון וויטען, ווי דער משרת קרעכצט און שלעפט זיך אַ פערסאָפּעטער, אַ פערשוויצטער, טראָגענדיג אויף די פלייצעס עפּעס אַנ׳אונגעהויערע שווערע משא.

— אוי־וועה! — האָט דער סוחר פערבראָכען מיט די הענד און זיך גענומען רייסען די האָהר פון קאָפּ — אַנ׳אומגליק איז געשעהען. נישט אַנדערש, נאָר גנבים האָבען פער־טוישט די וואַליזע און אַנשטאָט בריליאַנטען האָבען זיי אונטערגערוקט דעם משרת אַ זאַק מיט שטיינער. ביים טראָגען בריליאַנטען סאָפּעט מען נישט אַזוי, מען שוויצט נישט און מען קרעכצט נישט...

דער נמשל איז: אויב די היינטיגע אידען קרעכצען אַזוי אונטער׳ן עול פון אידישקייט איז עס דערפאַר, ווייל זיי האָבען פערטוישט דעם רבונו־של־עולמ׳ס בריליאַנטען אויף שטיינער. אַנשטאָט די ריינע געטליכע מצוות, האָבען זיי זיך געשאַפען שווערע, שטיינערנע מצוות... פון ריינע מצוות קרעכצט מען נישט, זיי זענען נישט שווער...

דער דאָזיגער משל — זאָגט די וועלט — איז איינער פון די דריי דובנער מגיד׳ס משלים, וועלכע רבי מענדעלי, דער רבי פון קאָצק, האָט שטאַרק געריהמט...

## וצרת הכסף בידך... (יד. כה.)

דו זאָלסט בינדען דיין געלד און הערשען דערויף, נישט דאָס געלד זאָל דיך בינדען און איבער דיר הערשען!...

(רבי מאיר׳ל פרימישליאַנער)

## אפס כי לא יהיה בך אביון... (טו. ד.)

וואַרט נישט מיט דיין הילף אויף דער לעצטער מינוט, ביז יענער וועט ווערען אַנ׳־אביון: ווייל דאַן וועט שוין די הילף דיינע פאַר איהם קיין שום ווערט נישט האָבען!...

(תולדות יצחק)

## כי יהיה בך אביון... (טו. ז.)

עס שטעהט נישט „כי יהי' לך", נאר „בך"... דען לעולם, עפ"י מדת היושר, האט די וועלט געדארפט פערטיילט ווערען צווישען אלעמען גלייך, און אזוי האט טאקי (ווי מיר געפינען אין מדרש־רבה פ' משפטים) דוד המלך גע'טענה'ט צום רבונו־של־עולם: „ישב עולם לפני אלקים — תיישב עולמך בשוה העניים והעשירים", עס זאל קיין חלוק נישט זיין צווישען ארים און רייך... ליידער אבער האבען די מענשען, וועלכע עס איז געגעבען געווארען די „בחירה" צו האנדלען לויט זייער פרייען ווילען, אנגעהויבען אויסכאפען איינער דעם צווייטענס חלק און דער גביר ווערט רייך אויפ'ן חשבון פון ארימאן... ווארענט דעריבער די תורה: „כי יהי בך אביון", דער אביון האט דאך אייגענטליך זיין פערמעגען „בך", ביי דיר, דאס האסט דו דאך ביי איהם אויף פערשידענע אופנים צוגע־רויבט זיין חלק, טא געב־זשע איהם אב כאטש א טייל דערפון. זיי איהם כאטש ווי ווייט מעגליך בייהילפיג, דו גיסט דאך איהם נישט דיינס, נאר זיינס!...

(דובנער מגיד)

## ולא תקפוץ את ידך מאחיך האביון... (טו. ז.)

פארהאן אזא מין בעל־צדקה, וועלכער האט אנ'אפענע האנד פאר פרעמדע, מחמת דאס פערשאפט איהם פרסום און רוהם, דאגעגען פאר אנ'אייגענעם, אפילו פאר א ברודער, איז זיין האנד געשלאסען, מחמת ערשטענס וועט די דאזיגע נדבה נישט מפורסם ווערען, צווייטענס, פון א נדבה, וואס מען גיט אנ'אייגענעם ברודער, וועט קיינער נישט נתפעל ווערען און עס וועט איהם קיינער דערפאר נישט נאכזאגען קיין שבח... די תורה געפינט אלזא פאר נויטיג צו ווארענען אויך אזעלכע מיני בעלי־צדקה: „ולא תקפוץ את ידך מאחיך האביון!" נישט נאר דעם פרעמדען ארימאן, נאר אויך דיין אייגענעם ארימען ברודער זאלסטו שטיצען! אויך פאר איהם זאלסטו נישט האלטען געשלאסען דיין האנד!...

און דאס איז אויך דער פשט אין אבות: „ויהיו בני עניים בני ביתך", אויך מיט דיינע ארימע בני־בית, דיינע אייגענע קרובים, זאלסטו זיך אינטערעסירען...

(כתב סופר)

אויפ'ן פסוק „ויהיו מוכשלים לפניך בעת אפך עשה בהם" (ירמי' י"ח) ערקלערען די חז"ל: „אמר ירמי' לפני הקב"ה, אפילו בשעה שמבקשין לעשות צדקה הכשילם בבני אדם שאינם מהוגנים". פרעגט מען: היתכן? ווי געשיקט זיך עס, אז ירמי' הנביא זאל ווינשען די אידען, אז זיי זאלען נכשל ווערען מיט דער מצוה פון צדקה?

נאר — האט געזאגט דערויף רבי זושא האניפאלער — „במדה שאדם מודד מודדין לו" (סוטה ח'), אויב א מענש איז שטרענג ביים געבען צדקה און ער איז מקפיד צו געבען נאר אזעלכען, וועלכער איז אנ'אדם הגון, איז מען אין הימעל אויך מיט איהם מקפיד, צי ער איז ראוי מען זאל איהם גוטס טהון, דאגעגען א נותן־צדקה, וועלכער קאנטראלירט נישט די ארימעלייט און ער איז זיי נישט בודק, איז מען אויך איהם נישט בודק, בעגעהט מען זיך אויך מיט איהם לפנים משורת הדין.

מיט זיין בקשה איז ירמי' הנביא נישט אויסען געווען, חלילה, צו נעהמען נקמה אין די שונאים זיינע, די רשעים, נאר פערקעהרט: ער האט מתפלל געווען, אז השי"ת זאל זיי בעת'ן געבען צדקה מכשיל זיין מיט אנשים שאינם מהוגנים, כדי אויך זיי זאלען בעהאנדעלט ווערען מיט חסד, כאטש זיי זענען לויט זייערע מעשים נישט הגון און ראוי דערצו...

## ולא תקפוץ את ידך... כי פתוח תפתח את ידך... (טו. ז. ח.)

בשעת פטירתו של אָדם — זאָגען די חז״ל — בעת דער מענש געהט אַוועק פון דער וועלט, זעגען זיינע הענד פונאַנדערגעעפענט, ווי ווייזענדיג דערמיט: זעהט, איך נעהם גאָרנישט מיט מיט־זיך!... און דעריבער: „ולא תקפוץ את ידך מאָחיך האביון", האַלט נישט ביים לעבען געשלאָסען די הענד פאַר דיין אָרימען ברודער. דען — „כי פתוח תפתח את ידך", עס וועט דאָך קומען אַ טאָג, ווען דו וועסט בעל־כרחך מוזען עפענען די הענד... טאָ עפען זיי בעסער פריהער, ביים לעבען!

(אלשיך)

## כי פתוח תפתח את ידך לו וכו׳ די מחסורו אשר יחסר לו... (טו. ח.)

דערויף זאָגען די חז״ל: „די מחסורו אשר יחסר לו — זו אשה, וכן הוא אומר אעשה לו עזר כנגדו" (כתובות ס״ז).

פונוואַנען דרינגען דאָס די חז״ל?

ווייל אין פלוג — ווערט געזאָגט דערויף אין „לחמי תודה" בדרך הלצה — איז דאָך שווער דער אויסדרוק פון פסוק: „די מחסורו אשר יחסר לו", ווי אַזוי איז עס מעגליך צו ערפילען דעם מקבל זיין פולען פערלאַנג, די מחסורו, מיר האָבען דאָך אַ כלל, אַז „מי שיש לו מנה רוצה מאתים"? און דעריבער ערקלערען די חז״ל, אַז דאָס איז נאָר מעגליך ביים געבען איהם אַ ווייב, דאָס וועט ער שוין זיכער נישט וועלען מעהר...

צדקה — פלעגט זאָגען דער כתב־סופר — איז געמאַכט געוואָרען, כדי צו פערפולען דעם חסרון פון אָרימאַן, „די מחסורו אשר יחסר לו", נישט דעם חסרון פון עושר, נישט בכדי דער עושר זאָל דאַדורך רייכער ווערען מיט נאָך אַ מצוה, אָדער בכדי צו קענען האָבען דאַדורך נאָך אַביסעל כבוד...

„אפילו סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו" (רש״י)

צו רבי מנחם־מענדעל פון קאָצק איז אַמאָל געקומען אויף שבת עפּעס אַ איד אין אַ ספאָדיק, וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ שטיקעל רבי, און דער קאָצקער האָט איהם במשך פונ׳ם שבת׳דיגען טאָג אָבגעגעבען גרויס כבוד. די חסידים, וועלכע האָבען גראָד געקענט דעמדאָזיגען איד אַלס נישט קיין גרויסען מר־בר־רב־אַשי, האָבען זיך געוואונדערט און געפרעגט דעם קאָצקער, הלמאי ער איז איהם אַזוי שטאַרק מכבד. דערויף האָט זיי דער קאָצקער געענטפערט: אויפ׳ן פסוק „די מחסורו אשר יחסר לו" זאָגען די חז״ל: „אפילו סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו"... איז, מילא, אַ „סוס לרכוב עליו" איז נאָך פערשטענדליך — אפשר איז דער אורח אַ חלוש און ער קאָן נישט געהן צו־פוס; אָבער צו־וואָס דאַרף מען איהם נאָך געבען אַנ׳„עבד לרוץ לפניו"? — איז דערפון געדרונגען, אַז בשעת עס קומט צו אונז אַנ׳אורח אַ שוטה, מוז מען איהם אַפילו זיינע נאַרישקייטען נאָכגעבען!... די גרעסטע זאַך, האָב איך געזעהן, מיט וואָס כ׳קאָן דעמדאָזיגען איד מהנה זיין, איז „כ ב ו ד", וואָס ער האָט נעבעך שטאַרק ליעב, דען אַנדערש וואָלט ער דאָך קיין ספאָדיק נישט אָנגעטהון און זיך נישט געמאַכט פאַר קיין רבי; און היות ווי ער איז מיין אורח, מוז איך עס איהם דעריבער צוליעב־טהון...

דעם בעריהמטען גאון רבי יום־טוב ליפּמאַן העלער (מחבר פון „תוספות יום־טוב"), וועלכער איז געווען רב אין קראָקאָ, האָט מען קובר געווען נעבען פלויט. — עס ווערט וועגען דעם דערצעהלט פאָלגענדע געשיכטע:

אין קראָקאָ האָט אין זיין צייט געוואוינט אַ גרויסער גביר מיט׳ן נאָמען שמעון, וועלכען מען האָט גערופען „שמעון קמצן״, מחמת ער האָט קיינמאָל אַן אָרימאַן קיין פרוטה נישט געגעבען און די גאַנצע שטאָדט פלעגט איהם דערפאַר שעלטען. אין דער־זעלבער צייט זענען אין שטאָדט שטאַרק בעריהמט געווען צוויי פּראָסטע אידען, איינער אַ קצב, דער צווייטער אַ בעקער, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע אָפענע הענד, טיילענדיג זעהר פיעל צדקה. ויהי היום, איז דער „שמעון קמצן״ געשטאָרבען און מען האָט איהם, אַלס שטראָף און בזיון פאַר זיין קאַרגשאַפט, בעגראָבען ביים פלויט. נאָך זיין טויט האָבען פלוצים די צוויי אידען, דער קצב און דער בעקער, אויפגעהערט צו טיילען צדקה. דאָס האָט אין שטאָדט אַרויסגערופען גרויס פערוואונדערונג, די אָרימע־לייט האָבען מרעיש־עולם געווען: ס׳טייטש, וואָס איז עס פּלוצים געשעהן מיט זיי??! דער רעש איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיי געשיקט רופען צום רב. און דאָ, ביים רב, האָבען אָט די צוויי אידען ערקלערט, אַז די צדקה, וואָס זיי פלעגען שטענדיג געבען, איז נישט געווען פון זייער טאַש: דאָס געלד אויף צו טיילען צדקה פלעגט זיי געבען ר׳ שמעון, „שמעון קמצן״, אונטער אַ שבועה, אַז זיי וועלען נישט אַרויסגעבען זיין נאָמען, מחמת ער האָט מורא געהאַט פאַר כבוד... כהיום אָבער, אַז ר׳ שמעון איז געשטאָרבען, האָבען זיי מעהר נישט פונוואַנען צו טיילען!... דידאָזיגע ערקלערונג האָט אויפ׳ן בעל „תוספות יום־טוב״ אַ שטאַרקען רושם געמאַכט — און נאָך זיין פטירה האָט מען געפונען איינגעשריבען אין זיין צוואה, אַז ער פערלאַנגט, מען זאָל איהם קובר זיין ביים פלויט, נעבען קבר פון „שמעון קמצן״!... און זיין פערלאַנג איז ערפילט געוואָרען.

(אמונת התחיה)

רבי אייזיל חריף האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט וועגען אַ געוויסען סלאָנימער גביר, אַ גרויסער דבר־אחר, וועלכער האָט קיינמאָל קיין גראָשען צדקה נישט געוואָלט געבען, אַז איין פרט פון דער מצות צדקה איז דער דאָזיגער גביר שטאַרק מקיים.

— דהיינו?

— אויפ׳ן פסוק „די מחסורו״ זאָגט רש״י: „ואי אתה מצווה להעשירו״, אַז מען איז נישט מחויב דעם אָרימאַן רייך צו מאַכען, און אָט דידאָזיגע מצוה היט ער אָב ביז גאָר...

„האומר סלע זו בשביל שיחיה בני, הרי זה צדיק גמור״ (פסחים ח׳)

אויב ער גיט צדקה, כדי זיין קינד זאָל אין דעם זכות געזונד ווערען, מיינט ער דאָך נישט צו העלפען דעם אָרימאַן, נאָר ער מיינט זיך, זיין אייגענעם נוצען, טאָ מיט וואָס איז ער דערמיט אַ צדיק גמור?

נאָר דאָ רעדט זיך וועגען אַזעלכען, וואָס באמת איז ביי איהם קיינער נישט קראַנק, נאָר אַזוי ווי ער וויל דעם מקבל נישט מבייש זיין, נאָרט ער איהם בכיוון אָב, זאָגענדיג, אַז זיין זוהן איז מכלומר׳שט קראַנק און ער בעט איהם דעריבער, ער זאָל פון איהם נעהמען די דאָזיגע מתנה, דעם סלע, מחמת ער איז איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ סגולה, זיין זוהן זאָל געזונד ווערען, און אין אַזאַ פאַל איז נישט־נאָר, וואָס דער מקבל שעהמט זיך נישט צו נעהמען, נאָר פערקעהרט, ער איז זיכער, אַז נישט דער נותן טהוט איהם אַ טובה, נאָר ער טהוט דערמיט אַ טובה דעם נותן... אָט דאָס איז די שענסטע און אידעלסטע פאָרם פון צדקה, די סאַמע העכסטע מדרגה פון אַן אמת׳ן צדיק גמור.

און דאָס איז אויך דער פשט: „אשרי משכיל אל דל ביום רעה ימלטהו ד׳״ (תהלים מא, ב). וואויל איז, הייסט עס, דעם, וועלכער גיט צדקה מיט שכל, מיט פערשטאַנד, דהיינו, ער זאָגט בשעת מעשה צום אָרימאַן: „ביום רעה ימלטהו ד׳״, אַז ער געפינט

זיך נעביך אין אַ יום־רעה און ער האַפּט, אַז אינ׳ם זכות, וואָס יענער וועט איהם טהון די טובה און ביי איהם צונעהמען די צדקה, וועט ער געהאָלפען ווערען...
(רבי מרדכי באנעט)

„כל המעלים עין מן הצדקה כאילו עובד עבודה זרה״ (כתובות ס״ח)

פאַרוואָס עפּעס כאילו עובד עבודה זרה?
נאָר „עניות — זאָגען די חז״ל — מעבירה את האדם על דעתו ועל דעת קונו״. אויב מען גיט נישט קיין צדקה איז מען דערמיט גורם, אַז דער אָרימאַן זאָל אַראָבגעפיהרט ווערען פונ׳ם דרך־הישר, פון דעת־קונו, און אַז מען מאַכט יענעם זינדיגען איז גלייך, ווי מען וואָלט אַליין דעם דאָזיגען חטא בעגאַנגען, און דעריבער איז — „כאילו עובד עבודה זרה״...
(רבי חיים צאַנזער)

## ורעה עינך באחיך האביון... (טו. ט.)

אויב דו וועסט קוקען מיט קרומע אויגען אויפ׳ן אָרימאַן און זוכען אין איהם חסרונות און חטאים אַלס תירוץ אויף נישט צו געבען, „וקרא עליך אל ד׳ והיה בך חטא״, וועט דאַן „השי״ת אויך ד י ך בעהמען שטרענג קאָנטראָלירען און ער וועט ביי דיר פיעל גרעסערע חטאים געפינען!...
(רבי שמעלקי מניקעלשבורג)

עס איז דער שטייגער פונ׳ם רוב קמצנים, וואָס לאַ־די זיי ווילען דעם אָרימאַן קיין נדבה נישט געבען, זידלען זיי איהם נאָך און זענען איהם מבזה: אַזאַ שנאָרער! ער איז קראַנק צו געהן אַרבייטען! וכדומה... צו די דאָזיגע לייט ווענדעט זיך די תורה און זאָגט: „השמר לך וכו׳ ורעה עינך באחיך האביון ולא תתן לו״, היט דיך פאַר די דאָזיגע אכזריות׳דיגע מדות, וואָס נישט נאָר „ולא תתן לו״, דו גיסט איהם קיין געלד נישט, איז נאָך „ורעה עינך באחיך האביון״, קוקסטו נאָך אויף איהם מיט בייזע שלעכטע אויגען...

## ורעה עינך באחיך האביון וכו׳ וקרא עליך אל ד׳... (טו. ט.)

עס איז אַן אַלט־בעקאַנטער תירוץ, וועלכער איז זעהר אָנגענומען ביים עולם. גאַנץ אָפּט בשעת מען קומט צו וועמען נאָך אַ נדבה און ער זוכט אַ וועג, ווי אַזוי אַרויסצודרעהען זיך, ענטפערט ער מיט אַ קרעכץ: כ׳האָב געהנטערע און בילכערע צו געבען, כ׳האָב אַ לייבליכען ברודער, אַן אָרימען ברודער, ווערענד באמת, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, העלפט ער דעם אייגענעם אָרימען ברודער אויך נישט...
אַנטקעגען אָט דעם פאַלשען תירוץ וואָרענט אונז די תורה: „השמר לך״, היט דיך פאַר אַזעלכע דרכים. בשעת מען וועט בעטען פון דיר אַ נדבה פאַר אַן אָרימאַן, „ורעה עינך״, און דו וועסט נישט וועלען געבען און זיך בענוצען מיט דעם תירוץ פון „באחיך האביון״, אַז דו האָסט נעביך אַן אייגענעם ברודער אַן אביון און קרובים זענען בילכער, בעת דער אמת איז, אַז „ולא תתן לו״, אַז דו גיסט דעם אייגענעם ברודער אויך נישט, דאַן, געדענק — „וקרא עליך אל ד׳״, וועט דיין ברודער דאַמאָלס שרייען צו גאָט, הלמאי דו בענוצסט זיך מיט איהם אַלס אויסרייד און ביסט איהם אומזיסט מבזה פאַר מענשען...
(לחמי תודה)

דער דובנער מגיד איז אַמאָל געקומען צו אַ גביר אַ למדן נאָך אַ נדבה אויף

פדיון־שבוים. דער גביר האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד, איהם געבעטען זיצען און, ווי דער שטייגער איז, האָט מען אָנגעהויבען שמועסען אין תורה. דער דובנער זאָגט זיינס אַ חידוש, דער גביר — זיינס. דער דובנער וויל אָבער קומען צום עיקר. הויבט ער אָן זאָגען תורה מכח צדקה, בלייבט דער גביר נישט הינטערשטעליג און זאָגט אויך אַ תורה אין דעם ענין. איז זיך דער דובנער מיישב און זאָגט אַ תורה וועגען פדיון שבוים — זאָגט דער גביר אויך. דער דובנער זעהט, אַז עס נעהמט קיין סוף נישט, רופט ער זיך אָן צום גביר:

— האָט קיין פאַריבעל נישט. כ'וועל אייך זאָגען אַ משל.

איינער איז אַמאָל געקומען אין אַ וויטער מדינה, זעהט ער, אַז די בני־המדינה וויסען נישט פון קיין ציבעלעס, און היות ער האָט געהאַט גראָד ביי זיך אין קלומיק אַ קרענצעל ציבעלעס, האָט ער עס זיי אָוועקגעגעבען. אַז זיי האָבען געזעהען, ווי בע־טעמ'ט ציבעלע מאַכט דאָס עסען, האָבען זיי איהם זעהר געדאַנקט פאַר דער מתנה און איהם אַנטקעגענגעוואויגען אַזוי פיעל גאָלד.

לימים, אין אַ צייט אַרום, איז ער ווידער געקומען אין יענער וויטער מדינה. איצט האָבען שוין די בני־המדינה געהאַט אייגענע ציבעלעס, נאָר פון קיין קנאָבעל האָבען זיי גאָרנישט געוואוסט. בעהמט ער אַרויס פון קלומיק אַ קרענצעל קנאָבעל און דערלאַנגט זיי, ריכטענדיג זיך אויפ'ן גאָלד, וואָס ער וועט דאָ קריגען. די בני־המדינה אָבער האָבען צוגענומען ביי איהם ס'קרענצעל קנאָבעל און איהם אַנטקעגענגעוואויגען — ציבעלע...

— כך, אַזוי — מאַכט דער דובנער מגיד — איז מיט מיר. איך זאָג אייך אַ תורה, זאָגט איהר מיר אַנטקעגען אַ תורה. צו אייך בין איך אָבער געקומען נישט נאָך קיין תורה, דאָס האָב איך גענוג אָהן אייך, נאָר — נאָך געלד...

„ישראל קדושים הם, יש רוצה ואין לו ויש שיש לו ואינו רוצה" (חולין ז.)

פרעגט מען: וואָס פאַר אַ ק ד ו ש איז עס אַזאַ איינער, וועלכער איז אַ „יש לו ואינו רוצה"!? — נאָר דער פשט איז: בשעת מען קומט נאָך אַ נדבה צו איינעם, וועלכער קאָן געבען און וויל נישט, ווערט ער פלוצים אַ „קדוש", אַ „צדיק", און ער הויבט־אָן בודק זיין די ציצית ביים מקבל, זוכענדיג חסרונות אין זיין פרומקייט און אידישקייט!...

(רבי מרדכי באנעט)

„אשרי משכיל אל דל" (תהלים מ"א ב.)

בשעת עס קומט צו דיר אַנ'אָרימאַן, לעג דאַמאָלס אַוועק דאָס פרומקייט אָן אַ זייט, זיי אינ'ם דאָזיגען מאָמענט אַ „ מ ש כ י ל ", וועלכער איז נישט מדקדק אין יענעמס פרומקייט און יראת־שמים...

(רבי אלעזר פלעקעלש)

## נתון תתן לו ולא ירע לבבך בתתך לו... (טו. י.)

„נתון תתן לו — אפילו מאה פעמים" (רש"י)

אויב דו וועסט זיך צוגעוואוינען צו געבען אַ סך, וועט דאָן ממילא זיין „ולא ירע לבבך בתתך לו", דען „הרגל נעשה טבע"...

(לוח ארז)

„ולא ירע לבבך", דו זאָלסט נישט קרעכצען און זיפצען און אָנהויבען צו דערצעהלען

וועגען דיינע שלעכטע געשעפטען גראָד דאַמאָלס „בתתך לו", בעת מען פערלאַנגט פון דיר צו געבען אַ נדבה!...

(עולת חדש)

„ולא ירע לבבך בתתך לו", וואָרט נישט מיט'ן געבען צדקה ביז דאָס האַרץ וועט דיר וועה טהון, ביז דו וועסט זיך געפינען, חלילה, אין אַן־עת־צרה און אויסקוקען, אַז די צדקה זאָל דיך ראַטעווען...

(בכורי אביב)

און דאָס איז אויך דער פשט: „אני ראשון ואני אחרון" (ישעיה מ"ד ו.): „א נ י ר א ש ו ן" — בשעת עס הויבט דיר אָן צו געהן שלעכט, בין א י ך דער ע ר ש ט ע ר צו דער רעדוקציע, דאָס ערשטע הויבט מען אָן מקמץ זיין און מאַכען עקאָנאָמיע אין די גייסטיגע בעדערפעגישען, אין צדקה ומעשים טובים!... „ו א נ י א ח ר ו ן" — פערקעהרט דאַגעגען, ווען עס הויבט דיר אָן צו געהן גוט, דאַן בין א י ך דער ל ע צ ט ע ר צו געניסען דערפון!...

(ילקוט ספר)

רבי דוד'ל לעלעווער און דער איד הקדוש פון פשיסכע זענען אַמאָל אַרומגעגאַנגען צונויפנעהמען נדבות פאַר אַ בכבוד'יגען יורד, זענען זיי אַריינגעקומען צו אַ גביר, אַ איד אַ קמצן, וועלכער האָט זיי פערזענליך נישט געקענט, און דערהערענדיג נאָך וואָס זיי זענען געקומען, האָט ער זיך גענומען בייזערען און שרייען: שנאָרערס! קליין זענען אַזעלכע אידען ווי איהר צו געהן אַרבייטען? — זיי האָבען איהם גאָרנישט געענטפערט און זענען אַוועק. תיכף דערויף אָבער האָט ער זיך דערוואוסט, ווער די דאָזיגע צוויי אידען זענען געווען און וועמען ער האָט אַזוי מיאוס בעליידיגט... ער האָט גענומען לויפען אויף אַלע וועגען, ביז ער האָט זיי אויפגעזוכט און דאַן האָט דער גביר אָנגעהויבען וויינען פאַר זיי און בעטען, אַז זיי זאָלען איהם מוחל זיין, פערענטפערענדיג זיך, אַז ער האָט נישט געוואוסט, ווער זיי זענען און ער האָט זיי אָנגענומען פאַר געוועהנליכע קבצנים...

— מיין כבוד קאָן איך דיר מוחל זיין — ענטפערט איהם דער איד הקדוש — דען מיך האָסטו דאָך נישט געמיינט צו בעליידיגען, בעליידיגען האָסטו געוואָלט דעם אונבעקאַנטען סתם־אָרימאַן, פאַר וועלכען דו האָסט מיך אָנגענומען, און זיין כבוד האָב איך נישט קיין רעכט דיר מוחל צו זיין, עס איז נישט אין מיין רשות...

דערצו — האָט דער איד הקדוש אויסגעפיהרט — איז פאַרהאַן נור איין עצה: יעדען סתם־אָרימאַן, וואָס וועט קומען צו דיר נאָך אַ נדבה, זאָלסטו נישט אַרויסלאָזען לעדיג און ביי יעדען פון זיי זאָלסטו מחילה בעטען פאַר דער בעליידיגונג...

צו רבי מענדעלי רימאַנאָווער איז אַמאָל אַריינגעקומען אַן אָרימער איד, אַ „עני בן־טובים", און אויסגעגאָסען פאַר איהם זיין ביטער האַרץ, אין וואָס פאַר אַ מורא'דיגען מצב ער געפינט זיך, האָט ער גענומען און איהם געגעבען אַן אַנשטענדיגע נדבה. אַז דער איד האָט שוין געהאַלטען ביים אַוועקגעהן האָט ער איהם צוריקגערופען און איהם געגעבען נאָכאַמאָל אַ נדבה. אויף דער פראַגע, הלמאי האָט ער איהם עפּעס געגעבען צוויי מאָל? האָט דער רבי מענדעלי געענטפערט: דאָס ערשטע מאָל האָב איך געגעבען, וויל איך האָב מיך שטאַרק איבערגענומען און מצער געווען. הייסט דאָך עס אייגענטליך, אַז דאָס האָב איך געגעבען פאַר זיך, כדי זיך צו בערוהיגען, דאַגעגען דאָס צווייטע מאָל האָב איך שוין געגעבען איהם — לשם מצוה... און אַזוי — האָט ער אויסגעפיהרט — זאָגט

אונז טאַקי בפירוש דער פסוק: „נתן תתן לו", זאָלסט געבען און נאָכאַמאָל געבען, צוויי מאָל, איינמאָל צוליעב׳ן „ולא ירע לבבך", כדי דאָס האַרץ זאָל דיר נישט וועה טהון פון צער, די דאָזיגע נתינה איז פאַר דיר, פאַר דיין אייגענע בעקוועמליכקייט, און אַ צווייט מאָל — „בתתך לו", פאַר זיינעטוועגען, לשם מצוה...

(פנינים יקרים)

פאַרהאַן נגידים, וועלכע מיידען־אויס צו העלפען אַ היימישען מענש, מיט׳ן תירוץ, אַז זיי האָבען נעביך קיין האַרץ נישט פאַרצולעגען יענעם שטיצע, מחמת זיי האָבען מורא, יענער זאָל זיך חלילה נישט פערשעמען... מאַכט זיי די תורה דערויף אויפמערקזאַם: „נתן תתן לו ולא ירע לבבך", נעהם דיר נישט צום האַרצען און טהו דאָס דייניגע, זאָרג בעסער פאַר זיין לעבען, איידער פאַר זיין כבוד...

צו רבי אַברהם זעטעלש איז מען געקומען און איהם דערצעהלט בסוד וועגען אַ געוויסען בכבוד׳ען בעל־הבית פון שטאָדט, אַז ער שטאַרבט ממש פאַר הונגער.

— פאַרוואָס העלפט מען איהם נישט?

— ווייל ער איז זעהר אַ בכבוד׳ער מענש, ער וויל נישט קיינעם דערצעהלען.

— איז אויב אַזוי — בעמערקט דערויף רבי אַברהם זעטעלש — שטאַרבט ער דאָך פאַר כבוד, נישט פאַר הונגער...

## ולא ירע לבבך... כי בגלל הדבר הזה יברכך ד׳... (טו. י.)

געבענשט וועסטו ווערען נישט פאַר דער מצוה גופא, דען „שכר מצוה בהאי עלמא ליכא", נאָר „ב ג ל ל ה ד ב ר ה ז ה", בלויז פאַר דער אייגענער זאַך, פאַר׳ן „ו ל א י ר ע ל ב ב ך", פאַר דער שמחה של מצוה...

(כתב סופר)

## כי לא יחדל אביון מקרב הארץ... (טו. יא.)

און פריהער שטעהט: „אפס כי ל א י ה י ה בך אביון"!... נאָר אמת הדבר — זאָגט אונז די תורה — אַז „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ"; דערפון איז נאָך אָבער נישט געדרונגען, אַז אויך דיר ליעגט די „מצוה" מיטצווירקען, עס זאָלען זיין וואָס מעהר אָרימעלייט אויף דער וועלט!... „אפס כי ל א י ה י ה ב ך אביון" — זאָל עס נאָר נישט זיין „בך", ד ו ר ך ד י ר; זיי ד ו נאָר נישט, פון דיין זייט, דער גורם דערצו!...

(המדרש והמעשה)

## על כן אנכי מצוך לאמר פתח תפתח... (טו. יא.)

— נאָכוואָס איז דאָ נויטיג דאָס וואָרט „לאמר"?

נאָר — ווערט נאָכגעזאָגט אין נאָמען פון רבי ישראל ריזשינער — די חז"ל זאָגען אין ב"ב: „הנותן פרוטה לעני מתברך בשש והמפייסו מתברך בי"א", און דאָס איז דער פשט פון פסוק: „על כן אָנכי מצוך", איך בעפעהל דיר, אַז בשעת דו וועסט געבען דעם אָרימאַן אַ נדבה, „לאמר", זאָלסטו בעת מעשה זאָגען צו איהם: „פתוח תפתח את ידך", זיי נישט געפאַלען ביי זיך, דער אויבערשטער וועט דיר העלפען, און אויך דו וועסט נאָך אַמאָל קענען געבען גרויסע נדבות...

עס איז נאָך ווייניג, וואָס מען גיט אַליין צדקה, מען דאַרף אויך דעם צווייטען צורעדען און אויך יענעם אַגיטירען און זאָגען צו איהם: „פתוח תפתח את ידך!"

און דאָס איז אויך דער זין פונ'ם דרש: „כבד את ד' מהונך — אל תקרי מהונך אלא מגרונך". צדקה דאַרף מען געבען נישט בלויז פון פערמעגען, נאָר אויך פון „האלז", דורך רעדען און מעורר זיין, אַז אויך יענער זאָל געבען . . .

(דרכי ישרים)

## פתוח תפתח את ידך לאחיך לעניך... (טו. יא.)

אין דער גמרא (בבא־בתרא י') ווערט דערצעהלט: „רב פפא הוה סליק בדרגא אישתמיט כרעיה בעי למיפל וכו' א"ל חייא בר רב מדפתי לרב פפא, שמא עני בא לידך ולא פרנסתו".

האָט געזאָגט דערויף רבי שאול אַמשטערדאַמער, אַז דער דאָזיגער עונש איז מרומז אין פסוק „פתוח תפתח את ידך לאחיך לעניך". אויף די ווערטער „לאחיך לעניך" איז די נגינה — „דרגא תביר"...

## כי טוב לו עמך... (טו. טז.)

„מלמד שאינו יכול הרב לומר לעבדו: עשה עמי ואיני זנך" (כתובות מ"ג)

דען דאָס וואָרט „עמך" בעדייט אין העברעאישען: גלייכהייט, גלייך מיט דיר . . . ווי מיר געפינען אין מדרש־רבה פ' לך: „מתחלה כתיב וילך אתו לוט, אברם עיקר ולוט טפל לו, ובחזירתו כתיב ויעל אברם ולוט עמו", און דערפון, אַלזאָ, נעהמען עס די חז"ל דעם דרש, וואָרום „כי טוב לו עמך", איז דער פשט: גלייכע רעכט און גלייכע זכיות . . .

(תורה תמימה)

## והלוי אשר בשעריך . . . (טז. יא.)

פאַרוואָס ביי שבועות שטעהט: „והלוי אשר בשעריך והגר והיתום והאַלמנה אשר בקרבך", דאַגעגען אין די וויטערע פסוקים, ביי סוכות, שטעהט דאָס לשון אַנדערש: „והלוי והגר והיתום והאלמנה אשר בשעריך"?

נאָר „שער העיר" איז געווען דער פלאַץ, וועלכער האָט געדיענט צו צויי זאַכען. ערשטענס, איז דאָרט געווען דער מקום המשפט, ווי: „ועלתה יבמתו השערה", „והוציאו אותו אל זקני עירו ואל שער מקומו" א. אַז. וו. צווייטענס, זענען דאָרט פאָרגעקומען די פאָלקס־פערזאַמלונגען און די עפענטליכע צדקה־פערטיילונגען פאַר די אָרימעלייט, ווי עס ווערט געזאָגט: „מקצה שלש שנים תוציא את כל מעשר תבואתך וכו' והנחתו בשעריך"...

דעריבער ביי סוכות, וואָס דאַמאָלס איז געווען דער זמן פון פערטיילען די מעשרות און די מתנות־עניים (און דעריבער ווערט אין שמיני־עצרת געלייענט די פרשה פון „עשר תעשר") האָבען זיך פערזאַמעלט אינ'ם „שער העיר" אַלע מיני מקבלים: „הלוי והגר והיתום והאלמנה". דאַגעגען ביי שבועות ווערט בלויז וועגען לוי געזאָגט: „והלוי אשר בשעריך". ביי'ם פונאַנדערטיילען די נדבות, דעם „מסת נדבת ידך", האָבען זיך פון אַלע מקבלים בלויז די לויים דאַמאָלס געפונען בשער העיר, דען אַלע אַנדערע אָרימע לייט זענען דאַן אין דער שניט־צייט געווען צעזייהט און צעשפרייט איבער די פעלדער פון לאַנד, וואו זיי האָבען געקליבען „לקט שכחה פאה", און דעריבער ווערט וועגען זיי געזאָגט סתם: „אשר בקרבך"...

(רבי אברהם בעק)

## והיית אך שמח... (טז. טו.)

„מכאן לרבות לילי יו״ט האחרון לשמחה״ (רש״י)

אין ערשטען טאָג סוכות זענען פאַרהאַן דריי מצוות: סוכה, אתרוג און שמחה („ושמחת בחגך״); אין די איבעריגע טעג — נאָר צווי מצוות: סוכה און שמחה (דען די מצוה פון אתרוג איז מדאורייתא בלויז אינ׳ם ערשטען טאָג — „ולקחתם לכם ביום הראשון״); דאַגעגען שמיני־עצרת בלייבט נישט מעהר ווי א י י ן מצוה: ש מ ח ה — „והיית א ך שמח״!...

(חתם־סופר)

## שלש פעמים בשנה יראה כל זכורך... (טז. טז.)

אין תוספות (פסחים ג׳) ווערט געזאָגט, אַז דעריבער האָט רבי יהודה בן בתירה נישט עולה־רגל געווען קיין ירושלים, וויל „שלא היה לו קרקע״. פון וואַנען נעהמען עס די בעלי־התוספות?

דען די גמרא זאָגט (סנהדרין צ״ב): „מתים שהחיה יחזקאל עלו לארץ־ישראל וכו׳, עמד רבי יהודה בן בתירה על רגליו ואמר: אני מבני בניהם״. דערביי פיהרט די גמרא דאָרט אויס: „ומאן ניהו מתים שהחיה יחזקאל? אמר רב אלו בני אפרים שמנו לקץ וטעו״.

ארץ־ישראל, זאָגען די חז״ל (בבא בתרא), איז פערטיילט געוואָרען נור צווישען די יוצאי־מצרים, אָדער די באי־הארץ, און היות, ווי די „מתים שהחיה יחזקאל״ זענען נישט געווען נישט פון די יוצאי־מצרים, נישט פון די באי־הארץ, קומט דאָך ממילא אויס, אַז רבי יהודה בן בתירה, וועלכער האָט געשטאַמט פון זיי — „לא היה לו קרקע״...

(בית יצחק אין נאָמען פון ווילנער גאון)

## וכל בניך למודי ד׳ ורב שלום בניך . . . (הפטרה)

דער חורבן ראשון איז געשעהן צוליעב׳ן נישט מקיים זיין די תורה, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „על מה אבדה הארץ וכו׳ על עזבם את תורתי״ (ירמי׳ ט.), און דער חורבן שני — ווי עס ערקלערען די חז״ל — צוליעב שנאת־חנם.

דער נביא פערזיכערט אונז, אַלזאָ, אַז לעתיד, בעת די גאולה וועט קומען, וועלעןביידע סיבות, וועלכע האָבען אַמאָל גורם געווען צום חורבן בעזייטיגט ווערען: עס וועט זיין „וכל בניך למודי ד׳,״ אַלע וועלען לערנען און מקיים זיין די תורה און „ורב שלום בניך״, עס וועט נישט הערשען מעהר קיין שנאה און מען וועט לעבען צווישען זיך בשלום...

(אפיקי יהודה)

# שׁוֹפְטִים

## שופטים ושוטרים תתן לך... ושפטו את העם... (טז. יח.)

פריהער זאָלסטו, דו שופט און דיין, ז י ך אַ ל י י ן מ ש פ ט ' ן קודם־כל זאָלסטו זיך זעלבסט אויפפיהרען ווי געהעריג — און דאַן ערשט קאָנסטו זיין ראוי צום „ושפטו את ה ע ם"!...

(כלי יקר)

„תתן לך"... אַזעלכע שופטים, וועלכע זאָלען זיין גרייט, אויב עס וועט אויסקומען אויך ד י ך, דעם מנהיג, צו משפט'ן; וועלכע זאָלען קיינעם נישט חנפ'ענען און נושא־פנים זיין. בלויז מיט אַזעלכע קאָן מען זיין זיכער, אַז — „ושפטו את העם משפט צדק"...

(הנ"ל)

„לך", אַפילו פאַר דיר, וואָס דו האָסט איהם געהאָלפען אַרויפזועצען אויפ'ן כסא־הרבנות — אויך פאַר דיר זאָל ער זיין רב... אויך דיר איז ער מחויב צו מוסר'ן און אויך דו ביזט איהם מחויב צו פאָלגען...

(חתם־סופר)

„תתן לך" — דעם זעלבען משפט, וואָס דו ווענדעסט־אָן צו דיין חבר, זאָלסטו אויך אָנווענדען „לך", בנוגע צו דיר זעלבסט. זיי נישט צו יענעם אַ מחמיר און צו זיך אַ מקיל, פערלאַנג נישט פון צווייטען ער זאָל זיין בעסער און פרומער ווי דו אַליין ביזט...

(תולדות יעקב־יוסף)

רבי יוסף שאול נאַטאַנזאָהן פלעגט זאָגען, אַז דאָס וואָס ביי אונז האָט יעדע שטאָדט עטליכע רבנים, איז פון איין זייט טאַקי אַ גרויסער חסרון, אַ גרויס אומגליק, אָבער פון דער צווייטער זייט איז עס אויך אַ גרויסע מעלה, מחמת איין רב גיט דאַדורך אַכטונג אויפ'ן צווייטען... אַ דאַנק דעם „שופטים ושוטרים תתן לך", וואָס איהר וועט האָבען אַ סך שופטים, איז — „ושפטו את העם משפט צדק"...

„שופטים ושוטרים תתן לך — ל ך ולא לאומות העולם" (מדרש רבה)

אַמאָל, אַז אַ קהלה האָט אויפגענומען אַ נייעם רב, האָט זי דער עיקר אַכט געלעגט אויף זיין אידישקייט, ער זאָל זיין אַ גרויסער למדן, אַ ירא־שמים, אַ בעל־מדות; היינט אָבער, ביים אויפנעהמען אַ רב, האָט מען קודם־כל אין זינען, ער זאָל אויסנעהמען ביי די ג ו י י ם, קענען שפראַכען, האָבען אַ טאַלאַנט צו רעדען, בעזיצען פיינע מאַניערען...

זאָגט דעריבער דער מדרש: „שופטים ושוטרים תתן ל ך — ולא לאומות העולם". אַ שופט און דיין זאָלסטו נעהמען פאַר א י ד ע ן, נישט פאַר גויים!...

(רבי נפתלי סופר)

אין קאַליש איז געווען רב דער בעריהמטער מקובל, רבי יוסף חיים קרא, וועלכער איז צוליעב אַ מסירה פון אַ קצב געצוואונגען געווען צו אַנטלויפען פון דאָרט און ער איז אַוועק קיין בערלין. אָנגעקומען איז ער קיין בערלין ערב יום־כפור און פאַרנאַכט איז ער אַוועק דאַווענען אין דער גרויסער בערלינער שוהל. צו „כל־נדרי" איז אַריינגע־קומען אין שוהל דער קרוינפּרינץ, וועלכער האָט ליעב געהאַט צו הערען דאָס געזאַנג פון די אידישע תפלות, איבערהויפּט די תפלה פון „כל־נדרי". רבי יוסף חיים האָט מיט זיין וואונדערליכען הדרת פנים געצויגען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון קרוינפּרינץ, וועלכער האָט געפרעגט, ווער דער דאָזיגער איד איז, און הערענדיג, אַז דאָס איז אַ רב, האָט ער ערקלערט: „איך מעכטע זיך ווינשען, אַז דער מאַן זאָל זיין ראַבינער אין בערלין"... מוצאי יום־כפור זענען די געמיינדע־פאָרשטעהער געקומען צו רבי יוסף חיים'ן און איהם אָנגעזאָגט די בשורה, אַז אויפ'ן וואונש פון קרוינפּרינץ, האָבען זיי בע־שלאָסען צו אַנגאַזשירען איהם אַלס בערלינער רב. ווי רבי יוסף חיים האָט דאָס דערהערט איז ער אויפגעשפּרונגען פון כעס און אויסגעשריען: וואָס? ווערען אַ רב דורך גויים? היתכן?...

צומאָרגענס פריה האָט ער פערלאָזט בערלין און נאָכ'ן אַרומוואַלגערען זיך אַ לענגערע צייט נע־ונד, האָט ער אָנגענומען אַ רבנות אין אַ קליין שטעדטעל, קרעמזיר (אין האַ־נאָווער)...

(נפלאות הרבי)

צום חמדת שלמה זענען אַמאָל געקומען וואַרשעווער משכילים און געפּרובט אויף איהם משפּיע זיין, ער זאָל געבען זיין הסכמה אויף צו גרינדען אין וואַרשא אַ רבנים־סעמינאַר, וועלכער וועט שטעהען אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג.

גראָד איז דערביי געזעסען דעם חמדת שלמה'ס מחותן, רבי לייבעלע לאַנדא, ווישע־גראָדער רב, רופט ער זיך אָן צו זיי:

די גמרא זאָגט, אַז לעתיד לבוא וועלען זיך די אומות־העולם פערענטפערען פאַר'ן רבונו־של־עולם און זיי וועלען אויסרעכענען וואָסערע גוטע זאַכען זיי האָבען אַלץ גע־טהון פאַר אידען'ס וועגען: „הרבה שווקים תקננו, הרבה מרחצאות עשינו, הרבה כסף וזהב הרבינו, וכולם לא עשינו אלא בשביל ישראל, כדי שיעסקו בתורה" (עבודה זרה ב'). פרעגט זיך: פאַרוואָס ווערט נישט דערמאָהנט, דאָס זיי וועלען אויך צושטעלען צום רעכ־נונג, אַז זיי האָבען אויפגעשטעלט פאַר אידען רבנים־סעמינאַרען? דאָס וואָלט דאָך זיכער געקענט דיענען אַלס בעוויז, אַז זיי האָבען אַלץ געטהון „בשביל ישראל כדי שיעסקו בתורה"?

נאָר מוז זיין — האָט רבי לייבעלע לאַנדא אויסגעפיהרט, ווענדענדיג זיך צו די משכילים — אַז וועגען די רבנים, וואָס וועלען אַרויסוואַקסען פון די דאָזיגע רבנים־סעמינאַרען, וועלען זיך אַפילו די גויים אַליין שעמען צו דערמאָהנען פאַר'ן רבונו־של־עולם...

(דברי גדולים)

בשעת רבי לוי־יצחק איז אָנגעקומען אַלס רב קיין בערדיטשעוו האָט ער אין זיין דרשה, וואָס ער האָט געהאַלטען נאָכ'ן פייערליכען קבלת־פנים, געזאָגט:

די גמרא זאָגט: „הנכנס לכרך מברך שתים, אחת בכניסתו ואחת ביציאתו" (ברכות נ"ד). פרעגט זיך: דאָ רעדט זיך דאָך וועגען אַ „נכנס לכרך", טאָ וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער „אחת ביציאתו"?

נאָר דאָ האַנדעלט זיך וועגען אַ רב. בשעת אַ רב קומט דאָס ערשטע מאָל אין אַ שטאָדט

אַריין איבערנעהמען דאָס כסא־רבנות און די שטאָדטישע בעלי־בתים זענען איהם מקבל פנים בכבוד גדול, דאַרף ער אין דער זעלבער צייט אויך מתפלל זיין אויפ׳ן „ביציאתו״, אַז בשעת ער וועט דאַרפען אַוועקגעהן פון דער שטאָדט, זאָל ער אויך אַוועק בכבוד, מחמת עפ״י רוב קומט איהם אויס צו אַנטלויפען שפּעטער מיט בזיונות (ווי עס האָט פּאַסירט טאַקי מיט רבי לוי־יצחק׳ן, וועלכער איז געצוואונגען געווען צו אַנטלויפען אום הושענא־רבה) . . .

## שופטים ושוטרים תתן לך וכו׳ אשר ד׳ אלקיך נותן לך... (טז. יח.)

אויסקלויבען זאָלסטו דיר נאָר אַזעלכע שופטים ושוטרים, „אשר ד׳ אלקיך נותן לך״, וועלכע זאָלען דיר געבען אַ שם אלקיך, אַ גאָט אין האַרצען.

(רבי נתן מאַקאָווער)

## ושפטו את העם משפט צדק... (טז. יח.)

שופטים, וועלכע זאָלען זיך אויסצייכענען מיט דער מדה פון „צדק״ און רחמנות, וועלכע זאָלען דן־זיין יעדען איד לכף־זכות!...

(קדושת לוי)

צום וואַרשעווער רב, רבי בעריש מייזעלש, איז אַמאָל אַריינגעקומען אַ איד מיט אַ געוויין:

— רבי, ראַטעוועט מיך, כ׳בין אומגליקליך!

— זיצט, ר׳ איד, — בערוהיגט איהם דער רב. — דערצעהלט, וואָס איז געשעהען?

דערצעהלט דער איד אַזאַ מעשה:

— כ׳בין אַ פּראָווינצער איד, אַ סוחר, געקומען אַהער קיין וואַרשא איינהאַנדלען אַ ביסעל סחורה. היות כ׳בין אָנגעקומען ערב־שבת און געהאַט ביי זיך פינף טויזענד רובל, האָב איך מורא געהאַט איינצושטעהן אין אַן אַכסניא און בין פּערפּאָהרען צו מיינס אַ בעקאַנטען, אַן אָנגעזעהענער וואַרשאָווער בעל־הבית, און פאַר ליכט־בענשען האָב איך איהם געגעבען צו בעהאַלטען די פינף טויזענד רובל איבער שבת. זונטאָג איבדערפריה בעט איך ביי איהם דאָס געלד, קוקט ער מיך אָן כלומר׳שט תמ׳עוואַטע און ענטפערט: להד״ם! הויב איך דאָך אָן צו שרייען: ס׳טייטש, פרייטאָג פאַרנאַכט האָב איך דאָך אַליין אין אייערע הענד אַריין ס׳געלד געגעבען?! ער אָבער קוועטשט מיט די פּלייצעס און האַלט זיך ביי ס׳זייניגע: ער ווייסט נישט פון וואָס צו זאָגען!... וואָס־זשע טהוט מען, רבי? ראַטעוועט מיך! פרעמד געלד...

דער רב בערוהיגט איהם, הייסט איהם אַריינגעהן אינ׳ם זייטיגען צימער און שיקט רופען דעם וואַרשאָווער בעל־הבית, אַז ער דאַרף איהם מכלומר׳שט האָבען וועגען אַ שטאָדטישען ענין. יענער איז געקומען און דער רב האָט איהם געבעטען זיצען און פאַרפיהרט מיט איהם אַ שמועס וועגען זייטיגע, קהל׳ישע ענינים — און דאַן האָט ער אַ וואונק געטהון צום משמש, און יענער האָט געעפענט די טהיר פונ׳ם זייטיגען צימער... און אַז דער פרעמדער איד האָט דערזעהן דעם בעל־דבר זיינעם, האָט ער אָנגעהויבען שרייען:

— רבי, אָט דאָס איז ער! זאָל ער מיר אָבגעבען מיינע פינף טויזענד רובל!

— איהר קענט דעם איד? — פרעגט דער רב ביים וואַרשאָווער בעל־הבית.

— יאָ — ענטפערט ער פלעגמאַטיש, — כ׳קען איהם, ער האָט ביי מיר געהאַלטען שבת, געגעסען, געטרונקען, איצט האָט ער זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, אַז כ׳האָב זיינע פינף טויזענד רובל! נישט אַנדערש, דער איד איז נעבעך נישט ביי די ריינע געדאַנקען!...

— געוואַלד! — רייסט איהם איבער דער איד — איהר האָט דאָך ביי מיר אַליין גענומען דאָס געלד פרייטאָג פאַר ליכט־בענשען און נאָך איבערגעצעהלט פאַר מיר אין די אויגן! ווי האָט עס אַ איד אַ האַרץ צו טהון אַזאַ נבלה?

— איהר זעהט דאָך — רופט זיך אָן דער רב צום וואַרשאָווער בעל־הבית — אַז דער איד וועט זיך פון אייך ניט אָבבינדען... גיט איהם עטליכע רובל און ווערט פון איהם פטור!

— מילא — מאַכט ער — אַז איהר, רבי, הייסט, פאָלג איך. כ׳בין גרייט צו געבען איהם פינף־און־צוואַנציג רובל, אַבי ער זאָל זיך פון מיר אָבטשעפּען.

דער פרעמדער איד רייסט זיך די האָר פון קאָפּ:

— וואָס גיט ער מיר? — שרייט ער — אויף אַ שטריק זיך אויפצוהענגען??!...

— גיט איהם נאָך אַ פאָר רובל, — עצה׳ט איהם דער רב.

— כ׳פאָלג אייך, רבי, כ׳גיב איהם פופציג רובל — און אַ סוף זאָל עס נעהמען!

דער פרעמדער איד הערט אָבער נישט אויף צו שרייען און צו געוואַלדעווען...

— איהר זעהט דאָך — זאָגט דער רב צום בעל־הבית — אַז איהר זענט אַריינגעפאַלען, מיט אַ קלייניגקייט וועט איהר דאָ נישט פטור ווערען, טאָ הערט מיין עצה און גיט איהם הונדערט רובל.

— כ׳טהו אייך צוליעב, רבי, — איז דער בעל־הבית גלייך מסכים: — כ׳גיב דעם פגע־רע הונדערט רובל, און אַ סוף, אַנ׳עק!

דער פרעמדער איד וויל אָבער נישט הערען.

— ס׳איז אייך נאָך ווייניג? — בייזערט זיך מכלומר׳שט דער רב אויף איהם: — הונדערט רובל איז אַ גאַנץ שעהנע נדבה!

— כ׳וויל נישט קיין נדבות! — צעוויינט זיך ווייטער דער איד — כ׳וויל מיין געלד!

— ווייסט איהר וואָס — זאָגט דער רב צום בעל־הבית — פּרובט נאָך דאָס איינע מאָל. גיט איהם פינף הונדערט רובל...

— אַז איהר הייסט, רבי, גיב איך... — איז מסכים דער וואַרשאָווער בעל־הבית און נעהמט זיך צו דער קעשענע.

דאָ האָט זיך דער רב אויפגעשטעלט און אַ געשריי געטהון אויף איהם:

— דו יונגאַטש! דו עוכר־ישראל! איצט ווייס איך אויף־קלאָר, אַז דו האָסט דעם איד באַראַבעוועט... איך קען דאָך דיך, איך ווייס דאָך, אַז דו ביזט נישט אַזאַ פּזרן; כ׳האָב ביי דיר אַנומעלט געבעטען צעהן רובל אַ נדבה, האָסטו נישט געגעבען, און איצט גיסטו מיט אַזאַ גרינגער האַנד פינף הונדערט רובל?!... אָט נעהם איך און בין תיכף מודיע דער פּאָליציי... שוין זאָלסטו אַוועקגעבען דעם איד זיינע פינף טויזענד רובל!...

דער וואַרשאָווער בעל־הבית איז נעבעך געבליבען שטעהן אָהן לשון — און תיכף־ומיד האָט דער פרעמדער איד צוריק בעקומען זיין געלד...

## לא תטה משפט לא תכיר פנים... (טז. יט)

בשעת ר׳ חיים איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין צאַנז, האָט איינער פון די חשוב׳ע בעלי־בתים, ר׳ יודעל אָרלענדער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ גרויסער גביר, אונטערגעשיקט זיינעם אַ פריינד, ער זאָל אַוועקגעהן צום רב און איהם, ר׳ יודל׳ען, מזמין זיין צו אַ דין־תורה. יענער האָט אַזוי געטהון. רבי חיים האָט גלייך אַוועקגעשיקט דעם שמש צו ר׳ יודל׳ען מיט אַנ׳אויפפאָדערונג, ער זאָל זיך שטעלען לדין, אָבער ר׳ יודעל האָט זיך אויפ׳ן שמש אָנגעבייזערט און געענטפערט, אַז ער האָט קיין צייט נישט. שיקט ער נאָך איהם אַ צווייטען מאָל און ער וויל ווידער נישט קומען. צום

דריטען מאָל קומט דער שמש מיט אַ שטרענגע התראה, אַז אויב ער וועט זיך נישט תיכף שטעלען צו דער דין־תורה, וועט איהם דער רב מנדה זיין. ווי ר׳ יודעל האָט דאָס דערהערט, איז ער תיכף אַוועק צום רב און איהם איבערגעבעטען, ער זאָל אויף איהם קיין פּאַראיבעל נישט האָבען, לעולם האָט ער מיט יענעם קיין שום סכסוכים נישט און דאָס האָט יענער, לויט זיין בקשה, געטהון בכיוון, מחמת ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגען, צי דער רב איז קיינעם, אַפילו דעם גביר פון שטאָדט, נישט נושא־פּנים, חלילה...

ביי רבי שמעלקע ניקעלשבורגער איז אויף דער וואַנד אין דער בית־דין־שטוב געהאָנגען שטענדיג אַ טאָרבע מיט אַ שטעקען. דאָס איז געווען אַ וואָרנונג פאַר אַלע בעלי־דינים און שטאָדטישע תקיפים, אַז ער וועט קיינעם פון זיי נישט נושא־פּנים זיין, קיינעם נישט חנפ׳ענען, אַז ער איז יעדע מינוט גרייט, אויב זיי וועלען איהם אָבזאָגען פון רבנות, צו נעהמען דעם שטעקען מיט דער טאָרבע און אויסוואַנדערען, און ווערען באַדיי אַ מחזר על הפתחים...

## לא תטה משפט לא תכיר פנים ולא תקח שוחד... (טז. יט.)

דידאָזיגע ווערטער זענען געווענדעט צו די קהל׳ישע מנהיגים, צו די, וועלכע האָבען די דעה ביים אויפנעהמען אַ דיין אין שטאָדט. צו זיי ווערט געזאָגט: „לא תטה משפט״ — זאָלסט נישט אויסנוצען דערביי קיין זייטיגע, פּערזענליכע פּניות, וועלענדיג בעזאָרגען מיט אַ פּאָסטען דיינעם אַ לייבליכען קרוב, אָדער אַ גוטען־פריינד! „לא תכיר פנים״ — ביים אויפנעהמען אַ דיין זאָל נישט דעצידירען ביי דיר זיין אויסערליך אויסזעהן, וואָס ער איז אַ שענער איד מיט אַ הדרת־פּנים!... „ולא תקח שוחד״ — דו זאָלסט נישט אויפנעהמען קיין דיין מיט דער הילף פון געלד, פון שוחד!...

(אדרת אליהו)

## ולא תקח שוחד... (טז. יט.)

אין ילקוט געפינען מיר אַ מערקווירדיגען מאמר: „כל דיין שלוקח שוחד אינו נפטר מן העולם עד שיורה צדק בהוראתו״.

עס איז אין פלוג אַן׳אונפערשטענדליכער מאמר. באמת אָבער איז דער פשט גאַנץ איינפאַך: אַ דיין, וועלכער געוועהנט זיך צו נעהמען שוחד, איז די ערשטע עטליכע מאָל פיהלט ער נאָך, אַז ער איז נישט אין אָרדנונג, אַז ער האָט אָבגעטהון אַ מיאוס׳ע זאַך, אַז צוליעב געלד איז ביי איהם רעכט געווען פאַלש צו פסק׳נען. שפּעטער אָבער, ווען עס ווערט ביי איהם אַ הרגל, „אינו נפטר מן העולם עד שיורה צדק בהוראתו״, דוכט זיך איהם שוין, אַז עס דאַרף אַזוי צו זיין, אַז ער בעגעהט דערמיט גאָר קיין עולה נישט און — אַז ער פסק׳נט אמת...

(קרני ראם)

„מאי שוחד — שהוא חד״ (כתובות ק״ה)

עס ווערט געמיינט דערמיט, ערקלערט דערויף דער ב״ח, דער דיין, דען די גמרא זאָגט: „כל דיין הדן דין אמת לאמיתו, נעשה שותף להקב״ה במעשה בראשית״ (שבת י׳), אויב אָבער ער נעהמט שוחד און ער איז נישט קיין דיין אמת, דאַן איז — „שהוא חד״, בלייבט ער איינער אַליין, אָהן אַ שותף...

אין לעמבערג איז געווען אַ דיין, אויף וועלכען מען האָט געמורמעלט, אַז ער האָט

נישט קיין „ריינע הענד"; דערביי אָבער פלעגט ער אַרויסוויזן גרויס פרומקייט ביים דאַווענען, און ביי „שמע ישראל" פלעגט ער מאריך זיין און לאַנג ציהען דאָס וואָרט „אחד"... בעת מען האָט עס דערצעהלט דעם לעמבערגער רב, רבי יעקב אָרנשטיין, האָט ער געענטפערט, אַז די ביידע זאַכען האָבען צווישען זיך אַ גאַנץ פערשטענדליכע שייכות. די גמרא זאָגט: „כל הדן דין אמת לאמתו נעשה שותף להקב"ה במעשה בראשית" — נו, איז היות ווי דערדאָזיגער דיין איז נישט מדקדק דערויף, האַלט ער דעריבער אין איין שרייען: „ד' א ח ד!", אַז ע ר איז, חלילה, קיין שום שותף נישט צום אויבערשטען...

פאַרוואָס האָט די תורה בלויז געוואָרענט, אַז מען טאָר נישט נעהמען קיין שוחד און זי האָט נישט געאסר'ט, פונקט ווי ביי רבית, אַז מען טאָר אויך נישט ג ע ב ע ן קיין שוחד?

ווייל ווען דער איסור וואָלט חל געווען אויך אויפ'ן געבער, וואָלט דאָס נתינת שוחד זיך געווען שטאַרק פערשפרייט, מחמת יעדער בעל־דין וואָלט ביי זיך זיכער געווען, אַז זיין שוחד, וואָס ער וועט פאַרלעגען דעם דיין, וועט אַוודאי ווירקען, דען דער צווייטער וועט דאָך געוויס נישט טהון דאָס זעלבע, ער וועט דאָך מורא האָבען פאַר'ן איסור... דאַגעגען אָבער בעת מען ווייסט, אַז אויף געבען שוחד איז קיין איסור נישטאָ, וועט מען זיך גיכער אָבהאַלטען דערפון; יעדער איינער וועט מורא האָבען, אַז ער וועט מיט זיין שוחד גאָרנישט אויפטהון, ווייל אפשר האָט שוין יענער געגעבען אַ גרעסערע סומע...

(אבני חן)

— אונזערע געזעצען — האָט אַמאָל אַ רוסישער ריכטער געזאָגט צום בריסקער רב, יאשע־בער — שטעהען פיעל העכער פון אייערע אידישע געזעצען. אָט נעהמט, צום ביישפּיעל, דאָס געזעץ וועגען שוחד. לויט אונזערע געזעצען, אויב מען דערוואוסט זיך, אַז אַ ריכטער האָט ביי וועמען גענומען לאַפּובקע, ווערען דאַן ביידע שטרענג בעשטראָפט: סיי דער נעהמער, סיי דער געבער, לויט אייער אידישען דין אָבער ווערט בלויז דער דיין געוואָרענט, אַז ער טאָר קיין שוחד נישט נעהמען, דאַגעגען אויף צו געבען שוחד איז קיין שום פערבאָט נישטאָ...

— אדרבה! — ענטפערט איהם רבי יאשע־בער — טאַקי דערפון איז צו זעהן, אַז ביי אונז האָט מען דאָס געזעץ וועגען שוחד פיעל שטאַרקער בעוואָרענט, ווי ביי אייך. לויט אייערע געזעצען האָט דער ריכטער קיין מורא נישט צו נעהמען שוחד, ער קאָן זיין זיכער, אַז דער נותן וועט פאַר קיינעם דעם דאָזיגען סוד נישט מגלה זיין, ווייסענדיג, אַז איב'ם דאָזיגען פאַל דראָהט אויך איהם אַ שווערע שטראָף. לויט'ן אידישען דין אָבער וועט עס דער דיין מורא האָבען צו טהון, טאָמער וועט נאָכהער דער נותן, אויף וועלכען עס איז קיין שום פערבאָט נישטאָ, אויסגעבען דאָס געהיימניס...

בשעת דער רבי ר' העשעל איז געווען רב אין קראָקאָ, האָבען אַמאָל צוויי גבירים געהאַט פאַר איהם אַ דין־תורה. דער סכסוך איז געגאַנגען אין שווערע אלפים. האָט זיך איינער פון די צוויי מקדים געווען, איז אַריין צום רב און האָט איהם געבעטען:

— היות, רבי, כ'האָב ביי אייך די טעג אַ דין־תורה, בעט איך אייך, איהר זאָלט זעהן, כ'זאָל נישט בע'עוול'ט ווערען...

און אַזוי רעדענדיג, נעהמט ער אַרויס הונדערט רענדלעך און לעגט אַוועק פאַר'ן רב, וועלכער נעהמט־צו דאָס געלד און הייסט דעם בעל־דין קומען מאָרגען.

ווי דער בעל־דין איז אַרויס, רופט ר' העשעל אַריין די רבי'צין און הייסט, זי זאָל צוגרייטען אויף ביינאַכט אַ גרויסע סעודה — און תיכף שיקט ער פערבעטען צו דער סעודה אַלע זיינע קינדער, די זיהן מיט די איידעמס.

ביי דער סעודה, בעת דער גאַנצער עולם איז געזעסען אַרום טיש, מ'האָט געגעסען, געטרונקען און געלאָזט זיך וואוילגעהן, נעהמט רבי העשעל אַרויס פון קעשענע די הונ־דערט רענדלעך, האַלט זיי אין האַנד, צעהלט־איבער איין מאָל, אַ צווייט מאָל, אַ דריט מאָל. דער עולם אַרום טיש קוקט און חידוש'ט זיך... רבי העשעל האַלט נאָך אַלץ אין איין צעהלען דאָס געלד, לעגט עס פון איין האַנד אין דער צווייטער, און דאַן ווענדעט ער זיך צום עולם און זאָגט:

— איהר ווייסט, קינדערלעך, וואָס דאָס איז? — דאָס איז ש ו ח ד ־ ג ע ל ד. איהר האָט שוין אַמאָל געזעהן, ווי אַזוי שוחד־געלד זעהט אויס? קוקט זיך צו גוט...! אָט דאָס איז עס... טאַקע אמת'ע שוחד־געלד... און שוחד טאָר מען נישט נעהמען! מען טאָר נישט! — האָט ער זיך צושריען אויפ'ן קול און געקלאַפּט מיט די פויסטען אין טיש. — איהר הערט? מען טאָר נישט! „ולא תקח שוחד!“... כ'האָב אייך טאַקע בכיוון גערופען, איהר זאָלט מיט אייערע אויגען זעהן, ווי אַזוי עס זעהט אויס שוחד־געלד, און אַנטלויפען דערפון, ווי פון פייער!...

און תיכף האָט ער געשיקט רופען דעם בעל־דין, צוגעשליידערט איהם די הונדערט רענדלעך און איהם גוט אויסגעזידעלט...

## ולא תקח שוחד כי השוחד יעור עיני חכמים... (טז. יט.)

און אין פ' משפטים שטעהט: „יעור פ ק ח י ם“. „חכמים“ מיינט מען — אין ת ו ר ה; „פקחים“ — אין וועלט־זאַכען. אַ דיין דאַרף זיין בעהאַוועוונט סיי אין אידישע, סיי אין וועלטליכע ענינים...

(ווילנער גאון)

„בב' וג' מקומות — ווערט געזאָגט אין מדרש (שמות רבה פרק ו') — כתבה התורה טעם למצוה, כתב לא ירבה לו סוסים וכו' עמד שלמה והחכים על גזירתו של הקב"ה וכו'“.

פרעגט די וועלט: אויך ביי שוחד ווערט דאָך אין דער תורה אַנגעוויזען אַ טעם: „כי השוחד יעור עיני חכמים“, טאָ פאַרוואָס האָט שלמה המלך אויך דערביי נישט גע־פרובט זאָגען, אַז איהם וועט עס נישט שאַדען?

דער תירוץ איז: ביי די אַלע דערמאָהנטע מצוות, ביי וועלכע עס ווערט אָנגעגעבען אַ טעם, פאַרוואָס מ'טאָר עס נישט טהון, ווי „לא ירבה לו סוסים“, און „לא ירבה לו נשים“, האָט שלמה המלך גערעכענט, אַז זיי זענען נאָר געגעבען געוואָרען פאַר'ן פּראָסטען פאָלק, אויס מורא, אַז זיי וועלען דאַדורך לייכט אַראָבגעפירט ווערען פון ריכטיגען וועג, ער אָבער, אַלס חכם, איז געווען זיכער ביי זיך, אַז ער וועט זיך קענען בעהערשען, זיין געגוג פאַר־זיכטיג און נישט געשטרויכעלט ווערען. אַנדערש אָבער איז מיט דער אזהרה פון שוחד. דאָ האָט ער זיך שוין נישט געקענט טועה זיין און מיינען, אַז דאָס איז געגעבען געוואָרען נאָר פאַר'ן פּראָסטען פאָלק, דען עס ווערט דאָך בפירוש בעטאָנט, אַז די תורה ווענדעט זיך דערמיט אויסדריקליך צו די חכמים — „כי השוחד יעור עיני חכמים“...

(רבי לייביש חריף)

אַ בעל־דין, אַ למדן, האָט געהאַט אַ דין־תורה פאַר אַ דיין, אויף וועלכען מען האָט געמורמעלט, אַז ער איז נישט שטאַרק נזהר אין כפת שוחד. פונ'ם אַרויסגעטראָגענעם פסק האָט דער בעל־דין איינגעזעהן, אַז דער דיין האָט זיך אינגאַנצען געשטעלט אויף דער זייט פונ'ם צד שכנגד און ער ווענדעט זיך דאַן צום דיין און פרעגט איהם: ס'טייטש,

אין חתם־סופר אויף דעם און דעם אָרט ווערט דאָך דער דאָזיגער דין גאָר אַנדערש געפּסקנ׳ט? דערויף ענטפערט דער דיין, אַז דער חתם־סופר האָט פּערזעהן אַ תוספות און אַ בפירוש׳ן רמב״ם...

— איצט — רופט זיך אָן דער בעל־דין מיט אַ ביטערען שמייכעל — איז מיר קלאָר געוואָרען דער פּשט אין פּסוק: „כי השוחד יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים״. עס איז מיר שטענדיג קשה געווען, ווי געשיקט זיך עס, אַז די תורה זאָל אָנרופען אַזעלכען, וואָס נעהמט שוחד, מיט׳ן נאָמען „חכם״ און „צדיק״? נאָר דער פּשט ווייזט אויס צו זיין אַנדערש, דער פּשט איז: „כי השוחד יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים״, דער וואָס נעהמט שוחד בעמיהט זיך צו מאַכען בלינד די חכמים און פערדרעהען די רייד פון די צדיקים, האָבענדיג די העזה צו זאָגען אויף די חכמים און צדיקים, אַז יענער האָט „פערזעהען״ אַ תוספות, אַ צווייטער האָט נישט פערשטאַנען דעם רמב״ם, וכדומה אַזעלכע חוצפה׳דיגע ווערטער...

בשעת דער אַפּטער רב, דער „אוהב ישראל״, איז געווען רב אין קאָלבאַסאָוו, איז ביי איהם איינמאָל פאָרגעקומען אַ גרויסע דין־תורה. איינינגע פון די דיינים האָבען נוטה געווען צו איין צד, פון וועלכען זיי האָבען זיך געלאָזט משחד זיין, דער אַפּטער רב האָט זיך אָבער שטאַרק געגענגעשטעלט און אויפגעוויזען, אַז דער דין איז אַנדערש. די דיינים האָבען דאַן געגעבען דעם בעל־דין אַן עצה, אַז ער זאָל אויך דעם רב משחד זיין. ווי אַזוי אָבער מאַכט מען דאָס? ווי אַזוי קאָן מען גאָר האָבען די העזה פאָרצולעגען אַפען דעם אַפּטער רב שוחד? און זיי האָבען איהם דעריבער געראַטען, אַז ער זאָל עס טהון בסתר און אַריינלעגען אַ גרעסערע סומע געלד אין רב׳ס מלבוש . . . דער בעל־דין האָט אַזוי געטהון און קיינער האָט דערפון נישט געוואוסט. צומאָרגענס ביים המשך פון דער דין־תורה האָט דער אַפּטער דערפיהלט, אַז זיין דעה הויבט זיך אָן צו וואַקלען און עס ציהט איהם נוטה צו זיין צו די דיינים. ער האָט דאַן איבערגעריסען די דין־תורה און אַ גאַנצע נאַכט האָט ער פאַרבראַכט אין בכיות ויללות, בעטענדיג ביי השי״ת, אַז ער זאָל איהם דערלייכטען די אויגען צו זעהן דעם אמת. — אַזוי זענען דורך איינינגע טעג ביז ער האָט פּלוצים, אנטהוענדיג איינמאָל דאָס מלבוש, געפונען ליגען אין טאַש אַ גרעסערע סומע געלד. ער האָט גלייך פערשטאַנען, אַז דאָס איז דעם בעל־דינ׳ס אַרבייט און עס איז איהם דערפון קלאָר געוואָרען, אַז דער כוח פון שוחד איז אַזוי גרויס, אַז כאָטש ער האָט אַליין נישט געוואוסט דערפון, דאָך האָט עס אונבאַוואוסטזיניג אויף איהם געווירקט...

— אָט דאָס איז דער טייטש — האָט נאָכהער דער אַפּטער ערקלערט — „כי השוחד יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים״, אַפילו ווען מען איז ווייטער אַ צדיק, מען האָט אַליין פאַר די אויגען קיין געלד נישט געזעהן און נישט געוואוסט דערפון, דאָך איז עס בכוח צו פערבלענדען די אויגען און צו פערקרימען דעם פאַרשטאַנד און די ווערטער פון דיין...

(דער תורה־קוואַל)

רבי משה חפץ האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט וועגען אַ געוויסען דיין, וועגען וועלכען ער האָט נישט געהאַט קיין געהויבענע מיינונג, אַז דאָס, וואָס דער דאָזיגער דיין איז אויף דער עלטער נישט געוואָרען בלינד, איז נישט דערפאַר, ווייל ער איז ריין פון שוחד, נאָר ווייל אין פּסוק ווערט בעטאָנט: „כי השוחד יעור עיני — ח כ מ י ם״...

ביי רבי שלמה קלוגער איז געווען אַ דיין, וועלכער האָט געהינקען אויף אַ פוס, פלעגט רבי שלמה קלוגער זאָגען אויף איהם אַ ווערטעל, אַז אויב דער דאָזיגער דיין

זאָל, חלילה, בלינד ווערן, וועלן דאַמאָלס אַלע וויסן, אַז דאָס איז ער נענש געוואָרן פאַר נעהמען שוחד, מחמת אַן׳אַנדערער רב אויב ער ווערט בלינד, קאָן מען איהם פערענט־פערן, אַז דאָס איז געשעהען דערפאַר, ווייל ער פלעגט אפשר געהן צו־גיך און „פסיעה גסה נוטלת אחת מת״ק ממאור עיניו של אדם״ (שבת קי״ג). אויף אַ הינקענדיגען רב אָבער קאָן מען דאָך שוין נישט זאָגען, אַז דאָס זאָל איהם האָבען געקומען צוליעב „פסיעה גסה״, איז עס דאָך נישט אַנדערש, ווי נאָר — צוליעב שוחד...

מען האָט אַמאָל דערצעהלט פאַר׳ן ראַדזינער רבי׳ן, רבי גרשון־העניך, וועגען אַ געוויסען בעקאַנטען רב, אַז מען מורמעלט אויף איהם, דאָס ער האָט גענומען שוחד.

— ווי עס וויזט אויס — רופט זיך אָן רבי גרשון־העניך — האָט געלד אין זיך אַזאַ כוח, אַז אַפילו אַ „שונא בצע״ קאָן מען אָבקויפען פאַר געלד...

## צדק צדק תרדוף למען תחיה וירשת... (טז. כ.)

אויך אויף צו דערגרייכען דעם „צדק״ דאַרף מען קעמפען מיט צדק, מיט עהרליכע און כשר׳ע מיטלען...

(רבי בונם מפשיסכע)

„כדאי הוא מנוי הדיינין הכשרים להחיות את ישראל ולהושיבן על אדמתן״ (רש״י)

„חרב באה לעולם — זאָגען די חז״ל אין אבות — על עוות הדין״, „גלות באה לעולם על עבודת אלילים״, און ווידער זאָגען די חז״ל אין סנהדרין: „כל המעמיד דיין שאינו הגון כאלו נוטע אשרה״. אונפאַסיגע דיינים זענען אַלזאָ גורם צוביידע זאַכען, צו חרב און צו גלות. וויבאַלד אָבער מען איז ממנה דיינים כשרים, קומט ממילא אויס פערקעהרט, זענען זיי גורם צום היפוך פון „חרב״ און „גלות״ — „להחיות את ישראל ולהושיבן על אדמתן״...

(בנין אריאל)

## לא תטע לך אשרה... (טז. כא.)

דערויף ווערט געזאָגט אין תרגום יונתן: „ליתכון רשאין למזווגא בדינא גברא טפשא עם דייניא חכימא למליפא לכון ית דתעבדון לכון״.

דאָס הייסט: איהר זאָלט נישט אַוועקזעצען ביים דין אַ רב אַ טיפש מיט אַ רב אַ חכם, וועלכע זאָלען אייך לערנען וואָס צו טהון.

מחמת עפ״י רוב איז נישט דער חכם משפיע אין אַזעלכע פאַלען אויפ׳ן טיפש, נאָר פערקעהרט: דוקא דער טיפש בעמיהט זיך אַנצווואַרפען זיין מיינונג אויפ׳ן חכם...

(ספר ינחנו)

„כל המעמיד דיין שאינו הגון כאילו נוטע אשרה בישראל״ (סנהדרין ז׳)

פאַרוואָס איז אַ דיין שאינו הגון געגליכען צו אַ אשרה?

ווייל — האָט געזאָגט דערויף רבי חיים בריסקער — אַז מען שטעלט אַוועק אַלס עבודה־זרה אַ פסל, אַ געטש, דערקענען אַלע גלייך, אַז דאָס איז אַ עבודה־זרה און עס קאָן קיינער קיין טעות נישט האָבען, אַנדערש אָבער איז מיט אַ אשרה: אויסערליך איז דאָס אַ שענער בליהענדער בוים, אויף וועלכען עס איז אַ תענוג אַ קוק צו טהון, ובאמת אָבער, אינעווייניג — איז עס גאָר אַן׳עבודה־זרה...

און דאָס זעלבע איז אויך מיט אַ דיין שאינו הגון...

## לא תטע לך אשרה... ולא תקים לך מצבה... (טז. כא. כב.)

„אזהרה לממנה דיין שאינו הגון" (סנהדרין)

פאַרהאַן אַזעלכע רבנים, וועלכע זענען בבחינת „מ צ ב ה", ווי אַ שטיין, וועלכע ריהרען זיך נישט פון אָרט און מישען זיך נישט אין קיין שום זאַך, וואָס איז נוגע דעם כלל; עס אינטערעסירט זיי גאָרנישט! און ווידער זענען פאַרהאַן רבנים, וועלכע זענען בבחינת „א ש ר ה" — שאָקלען זיך, ווי אַ בוים, אויף אַלע זייטען, חנפ'ענען היינט ד ע ם און מאָרגען י ע נ ע ם צד, וואו דער ווינד בלאָזט!...ביידע טויגען נישט: דער אמת'ער רב דאַרף זיך אינטערעסירען און בעטייליגען אין אַלע כלל־ענינים און האָבען דערביי זיין קלאָרע, פעסטע מיינונג...

(אוצר החיים)

## ולא תקים לך מצבה... (טז. כב.)

אין רמב"ם פרק ג' הלכות סנהדרין ווערט געזאָגט: „ועוד אמרו, כל המעמיד דיין שאינו הגון כאלו הקים מצבה, שנאמר ולא תקים לך מצבה".

וואונדערט זיך דאָרט דער „כסף משנה" אויפ'ן אויסדרוק „ועוד אמרו": וואו געפינען מיר דען אין די חז"ל אַזאַ מאמר?

באמת אָבער געפינען מיר דעם דאָזיגען דרש אויפ'ן דערמאָהנטען פסוק אין תרגום יונתן בן עוזיאל.

## והוגד לך ושמעת ודרשת היטב... (יז. ד.)

„והוגד לך", אויב עס זאָגט דיר ווער אַ גוט וואָרט, אַ דבר־תורה, „ושמעת", און דו הערסט עס אויס, „ודרשת היטב", און נאָכדעם בעהמסטו עס דרש'ענען ברבים אין ד י י ן נאָמען, אָבוואָהל, „והנה אמת נכון הדבר", דו האָסט נאָכגעזאָגט די זאַך ריכטיג, אַזוי ווי דו האָסט עס געהערט — דאָך „נעשתה התועבה הזאת בישראל", איז עס עקעלהאַפט, ס'איז מיאוס נאָכצוזאָגען פרעמדע זאַכען נישט בשם אומרם!...

(רבי יוסף תאומים בעל פרי־מגדים)

## יד העדים תהיה בו בראשונה להמיתו... (יז. ז.)

עס איז, נאַטירליך, פיעל לייכטער צו שטעהן ביים ריכטער־טיש און איינצורייד ען די ריכטער, אַז מען דאַרף יענעם פעראורטיילען צום טויט, איידער אַליין צו שטעהן אויפ'ן עקזעקוציע־פּלאַץ און צוצוזעהען ווי דער אורטייל ווערט איבער יענעם אויסגעפיהרט. עס איז אויך לייכטער צוצוזעהן, ווי יענער ווערט געפיהרט צום טויט, איידער אַליין צו זיין דער רוצח. ווען דער ריכטער, וועלכער גיט אַרויס דעם טויט־אורטייל, וואָלט געוועזען פערפליכטעט אַליין אויך צו זיין דער תליין, וואָלטען אַ סך ווענינער טויט־אורטיילען אַרויסגעגעבען געוואָרען... ווערלענדיג, אַלזאָ, נאָך אַלע דורכגעפיהרטע חקירות ודרישות, וואָס מעהר זיכער זיין אין דער ריכטיגקייט פון די עדות, האָט די תורה פעראָרדענט, אַז די עדים זעלבסט מוזען בייוואוינען די עקזעקוציע, און נישט נור בייוואוינען, נאָר — „יד העדים תהיה בו בראשונה להמיתו", זיי אַליין מוזען די ערשטע אָנהויבען אויספיהרען דעם טויט־אורטייל, אפשר וועט זיי דאָס אָבשרעקען און זיי וועלען אין דער לעצטער מינוט צוריקציהען זייערע פריהערדיגע ערקלערונגען...

(מנחה בלולה)

## כי יפלא ממך דבר למשפט... (יז. ח.)

אויב דו ווערסט זיך וואונדערן און זוכען אַן ענטפער אויף דער פראַגע פון „בין דם לדם", הלמאַי אידיש בלוט איז אַזוי ביליג און הפקר, „בין דין לדין ובין נגע לנגע", הלמאַי אידען ליידען פון אַזוי פיעל שווערע דינים און גזירות און פערשידענע נגעים — זאָלסטו וויסען, אַז דאָס אַלץ נעהמט זיך פון „דברי ריבות בשעריך", פון די אונאויפהערליכע מחלוקות און שנאת־חנם, וואָס הערשט ביי אידען, און ד אָ ס ברענגט צו אַלע צרות.

(רבי מרדכי' באנעט)

## לא תסור מן הדבר אשר יגידו לך ימין ושמאל... (יז. יא.)

„אפילו נראין בעיניך על שמאל שהוא ימין ועל ימין שהוא שמאל שמע להם" (ספרי)

דאַגעגען אין ירושלמי (הוריות פ"א ה"א) ווערט געזאָגט אויפ'ן דאָזיגען פסוק: „יכול אם יאמרו לך על ימין שהוא שמאל ועל שמאל שהוא ימין תשמע להם? ת"ל ימין ושמאל, כשיאמרו לך על ימין שהוא ימין ועל שמאל שהוא שמאל".

דער מאמר אין ירושלמי איז אָבער כלל נישט קיין סתירה צום דערמאָהנטען מאמר אין ספרי, דען דאָרט ווערט בלויז געזאָגט: „ואפילו נראין בעיניך על שמאל שהוא ימין וכו'", עס הייסט, דיר בלויז דוכט זיך, אַז דער „ימין" איז „שמאל" און פערקעהרט, אָבער אין דערווירקליכקייט איז עס נישט אַזוי... אויך די ווערטער פון רש"י: „אפילו אומר לך על ימין שהוא שמאל", ווערען וואַהרשיינליך געמיינט אינ'ם זעלבען זין...

(רבי ברוך עפשטיין)

דער סאָכאַטשאָווער רבי, דער „אבני נזר", איז אַמאָל געפאָהרען מבקר־חולה זיין דעם רבי'ן פון אַלעקסאַנדער, רבי יחיאל, וועלכער איז געווען שווער קראַנק. ביים געזעגענען זיך האָט איהם דער סאָכאַטשאָווער רבי אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל יעדען טאָג עפּיס עסען פאַר'ן דאַווענען און טרינקען אַביסעל וויין. דער אַלעקסאַנדרער רבי האָט איהם צוגעזאָגט צו פאָלגען און יעדען אינדערפריה, בשעת מען האָט איהם דערלאַנגט עפּיס טועם צו זיין, האָט ער זיך געוואַשען די הענד און געמאַכט פריהער אַ ברכה: „אשר קדשנו במצותיו וצונו לשמוע דברי חכמים"...

(אביר הרועים)

## וכל העם ישמעו ויראו... (יז. יג.)

„מכאן שממתינים לו עד הרגל" (רש"י)

דערויף ווערט געפרעגט אין פירוש המזרחי: פאַרוואָס זאָגט נישט רש"י דאָס זעלבע אויך אויפ'ן „וכל ישראל ישמעו ויראו" ביי בן סורר ומורה?

ענטפערט דערויף דער חדושי־הרי"ם, אַז ביי בן סורר ומורה קאָן נישט זיין דער „ממתינים־לו עד הרגל", דען לויט דער גמרא אין סנהדרין איז דער זמן פון סורר־ומורה נאָר דריי חדשים, און אויב די מעשה פון סורר־ומורה וואָלט פאַסירט, למשל, אין האַלב סיון, וואָלט דאָך דאַן אויסגעקומען, אַז ביז צום נעכסטען יום־טוב וואָלט מען געדאַרפט וואַרטען ביז סוכות, און דאָס איז דאָך געגען דעם בעשטימטען טערמין, אַז ביי בן סורר־ומורה דאַרף דער זמן נישט דויערען לענגער ווי דריי חדשים...

## שום תשים עליך מלך... (יז. טו.)

אויב עס איז אַ געבאָט פון דער תורה, טאָ פאַרוואָס האָט שמואל הנביא מתרעם געווען אויף די אידען, בשעת זיי האָבען פערלאַנגט, אַז ער זאָל בעשטימען איבער זיי אַ מלך?

דערפאַר, ווייל דעם דאָזיגען פערלאַנג זייערען האָבען זיי בעגרינדעט מיט די ווערטער: „עתה שימה עלינו מלך לשפטנו ככל הגויים״ (שמואל א׳ ח. ה.), נישט ווייל זיי ווילען דערמיט מקיים זיין די מצוה פון דער תורה, נאָר ווייל זיי פערקוקען זיך אויף די אַנדערע פעלקער און זייער שטרעבונג איז צו זיין „ככל הגויים״... (כתב סופר)

„שום תשים עליך מלך — שתהא אימתו עליך״ (כתובות י״ז)

אין דער גמרא ווערט דערצעהלט, אַז צווישען חזקי׳ המלך און ישעי׳ הנביא איז ענטשטאַנען אַ סכסוך אַרום דער פראַגע, ווער עס דאַרף וועמען אָבגעבען כבוד: „חזקי׳ אמר ליתי ישעי׳ גבאי, ישעי׳ אמר ליתי חזקי׳ גבאי, מה עשה הקב״ה? הביא יסורים על חזקי׳ וא״ל לישעי׳ לך ובקר את החולה״ (ברכות ר׳).

פרעגט זיך: עס ווערט דאָך פעסטגעשטעלט, אַז „מלך קודם לכהן גדול, כהן גדול קודם לנביא״ (הוריות י״ג) איז מה־דאָך דער מלך איז גרעסער פון כהן־גדול, איז ער דאָך פונ׳ם נביא אודאי גרעסער, טאָ ווי אַזוי האָט ישעי׳ פערלאַנגט, אַז חזקי׳ זאָל קומען צו איהם, וואָס דאָס איז דאָך געגען דעם דין?... (תולדות אפרים)

אין לובלין איז געווען אַ פּראָסטער איד, וועלכער האָט יעדען פרייטאָג איידער ער איז געגאַנגען אין מרחץ אַריין, געקויפט אין מאַרק עטליכע טוץ קעמלעך און אין מרחץ האָט ער די קעמלעך צוטיילט צווישען אָרימען עולם, זיי זאָלען זיך האָבען מיט וואָס צו קעמען. האָט דער רבי פון לובלין, דער „חוזה״, איהם שטאַרק געריהמט דער־פאַר און זיך אויסגעדריקט: יהי חלקי עמו, הלואי זאָל איך האָבען אַ חלק אין דער דאָזיגער גרויסער מצוה.

בשעת מען האָט דאָס דערצעהלט דעם דאַמאָלסדיגען לובלינער רב, רבי עזריאל חריף, דער „אייזערנער קאָפּ״, האָט ער דערויף איראָניש בעמערקט, אַז פון דער גמרא איז נישט צו זעהן, אַז דאָס זאָל זיין אַ מצוה, דען אין דער גמרא ווערט דערצעהלט, אַז „בשעה שנכנס דוד לבית המרחץ וראה עצמו ערום, אמר: אוי לי שאעמוד ערום בלא מצוה, וכיון שנזכר במילה שבבשרו נתיישבה דעתו״ (מנחות מ״ג). איז אויב אַנטלייהען קעמלעך זאָל טאַקי זיין, ווי דער „חוזה״ זאָגט, אַזאַ גרויסע מצוה, האָט דאָך דוד המלך געקענט מיטנעהמען יעדעס מאָל אַ פּעקעל קעמלעך אין בית־המרחץ אַריין און צוטיילען זיי צווישען עולם, וואָלט ער דאָך געהאַט אַ סך מצוות...

דערויף האָט דער „חוזה״, בשעת מען האָט איהם אָבגעטראָגען די דאָזיגע תשובה, געהייסען ענטפערן דעם לובלינער רב, אַז ער האָט פערגעסען אַ בפירוש׳ע משנה אין סנהדרין: „מלך ישראל — זאָגט די משנה — אין רואין אותו כשהוא מסתפר ולא כשהוא בבית־המרחץ, שנאמר שום תשים עליך מלך שתהא אימתו עליך״ (סנהדרין כ״ב), איז ממילא האָט דוד המלך נישט געקענט מקיים זיין די דאָזיגע מצוה, דען ער האָט געהאַט פאַר זיין געברויך אַ בעזונדערען מרחץ...

## וד׳ אמר לכם לא תוסיפון לשוב בדרך הזה עוד... (יז. טז.)

צו די פערשיעדענע תשובות אויף דער בעקאַנטער פראַגע, ווי אַזוי האָבען זיך די

אידען פון שטענדיג אָן מתיר געמאַכט צו געהן קיין מצרים, טראָץ דעם בפירוש'ן פערבאָט אין דער תורה (זעה פ' מסעי), דאַרף אויך צוגעגעבען ווערען די ערקלערונג פון רשב"ץ (אין ספר „זהר הרקיע" ל"ת קפ"ו), אַז דער דאָזיגער היתר שטיצט זיך אויף אַ מאמר אין ירושלמי מס' סנהדרין: „לישיבה אי אתה חוזר אבל אַתה חוזר לפרקמטיא". און אויב צוליעב פרקמטיא, צו האַנדלען, מעג מען יאָ פאָהרען אַהין, איז מען שוין נישט עובר אויף קיין איסור אַפילו ווען מען בלייבט זיצען דאָרט, קוים איז דאָס קומען אַהין געווען בהיתר...

אויף אַן אַנדער אופן ווערט וועגען דעם ערקלערט אין ריטב"א (יומא ל"ז) און נעמליך: דער איסור פון „לא תוסיפון לשוב בדרך הזה עוד" איז געגעבען געוואָרען נור אויף דער צייט, ווען אידען זענען געזעסען אין זייער לאַנד, אָבער בזמן הזה, ווען עס איז אויף אונז נגזר געוואָרען צו זיין מפוזר ומפורד בכל קצוי ארץ, איז שוין נישט קיין אונטערשיעד פון מצרים ביז אַנדערע לענדער...

און אין שו"ת רידב"ז (סי' ס"ג) ווערט דערויף געזאָגט: „לא תוסיפון לשוב" איז משמע אַ ישיבת־קבע, מיר אידען אָבער, אין וועלכע לענדער מיר זאָלען זיך נישט געפינען, איז עס ביי אונז נישט מעהר, ווי אַ דירת־ארעי, דען אַלע האָבען מיר בדעה און אַלע וואַרטען מיר מיט אונגעדולד אויפ'ן טאָג, ווען מיר וועלען זיך קענען צוריק אומקעהרען קיין ארץ־ישראל...

אינטערעסאַנט איז אַגב די שטעלע, וואָס מיר געפינען וועגען דעם ענין אין ספר „כפתור ופרח", אין וועלכען דער מחבר (אַ רייזענדער, וועלכער האָט געלעבט עטליכע דורות נאָכ'ן רמב"ם) שרייבט, אַז בעת ער איז געווען אין מצרים, האָט ער געהערט פון רבי שמואל, „אחד מבני בניו של הרמב"ם ז"ל", אַז דער רמב"ם האָט אויף איינעם פון זיינע בריעף זיך אונטערגעשריבען: „הכותב העובר בכל יום ג' לאוין וכו'" (דען דער רמב"ם, וועלכער האָט געוואוינט אין זיינע לעצטע יאָהרען אין מצרים, שרייבט אַליין אין הלכות מלכים פרק ה': „ומותר לשכון בכל העולם חוץ מארץ מצרים ת' פרסה על ת' פרסה"). דערויף — פיהרט אויס דער בעל „כפתור ופרח" — האָב איך איהם געטרייסט, אַז דער רמב"ם איז געווען אַן אָנוס, זייענדיג געצוואונגען צו אַנטלויפען פון זיין וואוין־אָרט, אַנדאַלוזיען, און קומענדיג אַלס דורכוואַנדערער קיין מצרים האָט ער נושא־חן געווען ביי'ם דאָרטיגען קאַליף, וועלכער האָט איהם בעשטימט אַלס זיין לייב־דאָקטאָר און געגען זיין ווילען האָט ער זיך געמוזט אונטערוואַרפען דעם רצון פון קאַליף, דען אַנדערש וואָלט ער געשטעלט זיין לעבען אין געפאַהר...

## וכסף וזהב לא ירבה לו מאד... (יז. יז.)

וועגען עשירות זאָגען די חז"ל, אַז דאָס איז איינס פון די זאַכען וואָס ס'איז „רובן קשה ומיעוטן יפה" (גיטין ע'), און דערויף זאָגט דאָרט רש"י: „מיעוטו יפה ורובו קשה, שמבטלו מן תלמוד־תורה ומגביה לבבו".

פונוואַנען דרינגט דאָס רש"י?

פונ'ם דאָזיגען פסוק דאָ. נאָכ'ן „וכסף וזהב לא ירבה לו" ווערט אויסגעפיהרט: „למען ילמד" און „לבלתי רום לבבו", ער זאָל דאַדורך, הייסט עס, נישט מבטל זיין פון לערנען און נישט זיין קיין בעל־גאוה... (רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן)

## והיה כשבתו על כסא ממלכתו... (יז. יח.)

והיה — די גאַנצע צייט פון זיין הערשאַפט זאָל ער זיין אַזוי — כשבתו על כסא ממלכתו

— ווי אינ׳ם טאָג, ווען מען האָט איהם אַוועקגעזעצט אויף דער כסא־מלוכה, ווי אינ׳ם טאָג פון דער קרוינונג, ווען יעדער הערשער איז דאַן לויטער חסד און לויטער גוטסקייט...
(מלאכת מחשבת)

## לבלתי רום לבבו מאחיו... (יז. כ.)

„תלמיד חכם צריך שיהי׳ בו אחד משמונה בשמינית״ (סוטה ה׳)

דער דאָזיגער מאמר, אַז אַ תלמיד־חכם דאַרף האָבען אין זיך אַ ביסעל גאוה אין אַ גאַנץ קליינע דאָזע, שטיצט זיך וואַהרשיינליך אויף אַ פריהערדיגען מאמר דאָרט, וואו עס ווערט געזאָגט: „לעולם ילמד אדם מדעת קונו, שהרי הקב״ה הניח כל הרים וגבעות והשרה שכינתו על הר סיני״. איז דאָך אין פלוג קשה: אום צו לערנען די מענשען די מדה פון עניוות, האָט דאָך די שכינה בכלל נישט געדאַרפט רוהען אויף קיין באַרג, נאָר אין אַ טהאָל? איז דערפון אַלזאָ משמע, אַז אַ קליין ביסעל גאוה איז יאָ נויטיג. אָבער פאַרוואָס גראַד אַ שמינית שבשמינית, אַ פיעראונזעכציגסטעל טייל?

ווייל בשעת השי״ת האָט געזאָלט געבען אידען די תורה, דערצעהלען די חז״ל (מגילה כ״ט), האָבען זיך די בערג גענומען קריגען: „זה אומר עלי התורה ניתנת וזה אומר עלי התורה ניתנת, תבור בא מבית אלים וכו׳.״ וועגען הר תבור, וועלכער האָט קאָנקורירט מיט׳ן סיני און האָט פערלאַנגט, אַז נאָר אויף איהם זאָל געגעבען ווערען די תורה, ווערט געזאָגט (אין בבא בתרא ע״ג), אַז ער האָלט פיער פרסאות, דער הר־סיני דאַגעגען האָט געהאַלטען ת״ק אמה, ווי מיר לערנען אין מס׳ מדות (פרק ב׳ משנה א׳), אַז דער הר־המוריה האָט געהאַלטען ת״ק אַמה על ת״ק אַמה, און אין תענית ט״ז זאָגט רש״י: „הר המוריה — הר סיני״ (און אַזוי זאָגט אויך תוספות דאָרט). אַ פרסה איז פיער מילין, נמצא, אַז דער הר תבור האָט געהאַלטען זעכצעהן מילין, אַ מיל איז צוויי טויזענד אַמה (ווי די מאָס פון אַ תחום־שבת), הייסט עס צוזאַמען: צוויי און דרייסיג טויזענד אַמה, און היות ווי דער הר סיני האָט נאָר געהאַלטען ת״ק אַמה, הייסט עס — אַ פיער און זעכציגסט חלק אינ׳ם פערגלייך מיט׳ן הר־תבור, אַ שמינית שבשמינית...
(עונג נפש)

בשעת דער „חוזה״ פון לובלין האָט איינמאָל איבערגעלייענט די בריעף, וואָס זענען צו איהם אָנגעקומען, און ער האָט בעמערקט, וואָסערע לאַנגע טיטולען און שבחים מען שרייבט צו איהם, האָט ער זיך אָנגערופען צום עולם:

„שירו לד׳ שיר חדש — מען דאַרף שוין אָנהויבען צוטראַכטען פאַר׳ן רבונו־של־עולם אַנדערע שירים, אַנדערע תהלות ותשבחות, וואָרום — תהלתו — די ביז איצטיגע תהלות ותשבחות — בקהל חסידים״ — האָבען די חסידים שוין צוגענומען פאַר זייערע רביים...

(שלמה מיימון אין זיין אויטאָביאָגראַפיע ברענגט דאָס דאָזיגע ווערטעל אין נאָמען פון מעזריטשער מגיד)

דער חמדת־שלמה, שפּאַצירענדיג אַמאָל אויפ׳ן וואַרשעווער בית־עולם און איבערלייענדיג די אויפשריפטען אויף די מצבות און די גוזמא׳דיגע שבחים, וואָס ווערען אויף זיי אויסגערעכענט, האָט ער בעמערקט:

אויפ׳ן פסוק „השמת לבך אל עבדי איוב כי אין כמוהו בארץ איש תם וישר ירא אלקים וסר מרע״, זאָגען די חז״ל: „גדול מה שנאמר באיוב ממה שנאמר באברהם״ (ב״ב ט״ו), אַז דאָס איז דער סאַמע גרעסטער שבח, די סאַמע העכסטע מדרגה, און דאָ אויפ׳ן

בית־עולם ביי אייך זעה איך, אַז דאָס איז דער קנאַפּסטער טיטול אויף די געוועהנליכסטע און איינפאַכסטע מצבות...

## ונתן לכהן הזרוע והלחיים והקבה... (יח. ג.)

אויפ׳ן מנהג ביי חסידים צו נעהמען נאָכ׳ן דאַווענען אַביסעל משקה און צו טרינקען „לחיים״, האָבען די אַלטע חסידים געפונען אַ רמז אין דאָזיגען פסוק. אויף „הזרוע והלחיים והקבה״ זאָגט רש״י: „לחיים — תחת תפלה, שנאמר ויעמוד פנחס ויפלל״...

בעת דער מלבי״ם איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין בוקאַרעשט, האָט ער אין זיין ערשטער שבת׳דיגער דרשה געזאָגט צום עולם: רבותי! בשעת דאָס בית־המקדש האָט עקזיסטירט, האָט דער כהן גענומען פון אידען דריי מתנות: „הזרוע והלחיים והקבה״... אין די הייגטיגע צייטען איז דער רב בבחינת כהן: „ובאת אל הכהן ואל השופט אשר יהיה בימיך״... פערלאַנג איך דעריבער אויך פון אייך די־דאָזיגע דריי מתנות: ערשטענס — „הזרוע״, דעם אָרעם, אויף וועלכען איהר זאָלט יעדען טאָג לעגען תפילין; צווייטענס — „הלחיים״, די באַקען: איהר זאָלט נישט גאָלען די בערד; דריטענס — „הקבה״, דעם מאָגען: איהר זאָלט נישט עסען קיין טרפות!...

## וכי יבא הלוי מאחד שעריך וכו׳ ובא בכל אות נפשו אל המקום אשר יבחר ד׳... (יח. ו.)

עס שטעהט נישט סתם: „ובא אל המקום אשר יבחר ד׳״, נאָר „ובא בכל אות נפשו״. דען קיין ארץ־ישראל — פלעגט דערויף זאָגען רבי דוד׳ל קאָצקער — דאַרף מען געהן מיט „אות נפש״, נור דאַן, ווען מען פיהלט אין זיך אַן׳איינערליכע תשוקה און אַהבה צום לאַנד. אויב מען האָט נישט אין זיך די דאָזיגע אַהבה איז גלייכער צו זיצען אין דער היים...

## וחובר חבר ושואל אוב וידעוני ודורש אל המתים... (יח. יא.)

„... אין די איצטיגע צייטען — שרייבט רבי יעקב חאַגיז אין זיין ספר „עץ־החיים״ — ווען מיר דערנעהנטערען זיך שוין צום „אַחרית הימים״ און דאָס געטליכע ליכט האָט זיך שוין פערשפרייט אויף אַלע מענשליכע בעשעפענישען און אַלע זענען איבערצייגט, אַז „אין עוד מלבדו״, זענען שוין לאַנג בטל געוואָרען די דאָזיגע כחות־הטומאה און נור קינדער און שוטים זענען נוטה צו גלויבען אין כח פון כישוף און אין דער עקזיסטענץ פון מכשפים״...

וועגען דער בעלת־אוב, וועגען וועלכער עס ווערט דערצעהלט אין פסוק (שמואל א׳ כח.), אַז זי האָט דורך כישוף אַרויסגעפיהרט דעם פערשטאָרבענעם שמואל הנביא און איהם געוויזען פאַר שאול׳ן, וועלכער האָט גערעדט מיט איהם, ערקלערט רב האי גאון, ווי אויך רבי סעדיה גאון, אַז נישט די בעלת־אוב האָט דאָס געטהון, נאָר די נשמה פון שמואל האָט לויט׳ן געטליכען ווילען אַראָבגענידערט פון הימעל, כדי מודיע צו זיין שאול׳ן די נאָהענטע טרויעריגע געשעהענישען, וועלכע עס ערוואַרטען איהם. דער רלב״ג געהט נאָך ווייטער און לויט זיין מיינונג האָט שאול בכלל נישט גערעדט מיט שמואל׳ן, נאָר עס איז געווען בלויז אַ פּראָדוקט פון זיין קראַנקער פאַנטאַזיע און דענערווירטען צושטאַנד, אין וועלכען ער האָט זיך געפונען זינט שמואל האָט איהם ערקלערט, אַז ער ווערט בעזייטיגט

ווערען פון דער מלוכה, און דאָס אייגענטליך איז דער זין פונ׳ם מאַמר חז״ל (מדרש שמואל ס׳ ל״ד): „שלשה דברים נאמרו במעלה אוב, המעלהו רואהו ואינו שומע, מי שצריך לו שומעו ואינו רואהו, מי שאינו צריך לו לא שומעו ולא רואהו", אַז דאָס אַלץ איז פּאַקטיש נישט מעהר ווי די ווירקונג פונ׳ם דמיון, פון דער פאַנטאַזיע. דאָס זעלבע זאָגט אויך דער רמב״ם, וועלכער דריקט זיך אויס: „שכל זה הוא פעולת הדמיון ושאין בו השגה חושיית לא בראות ולא בשמע כלל". געגען דער דאָזיגער מיינונג טרעט אַרויס דער אַברבנאל, אַנווייזענדיג, אַז דאָס איז אין סתירה צו דעם, וואָס ווערט דערצעהלט אין פסוק און עס איז אויך געגען דער דעת חז״ל. לויט זיין מיינונג האָט זיך אַ שד מתלבש געווען אין שמואל׳ס קערפּער און גערעדט מיט שאול׳ן. דאַגעגען אָבער ערקלערט דער גאון רבי שמואל בן חפני, אַז עס האָט בכלל גאָרנישט פּאַסירט און אַז די גאַנצע זאַך איז געווען נישט מעהר ווי אַן׳איינפאַכער שווינדעל מצד דער בעלת־אוב, וועלכע האָט שאול׳ן גענאַרט און האָט פונדערווייטענס גערעדט צו איהם מיט אַ געקינסטעלטע מענער־שטימע, נאָכמאַכענדיג מכלומר׳שט שמואל׳ס קול און דער דערשלאָגענער און נערווען־קראַנקער שאול האָט דאָס אַלץ אָנגענומען פאַר וואָהר און עס האָט זיך איהם אויסגעדוכט, ווי ער וואָלט געזעהן שמואל׳ן און גערעדט מיט איהם...

## תמים תהיה עם ד׳ אלקיך... (יח. יג.)

זאָלסט זיין עהרליך אַפילו דאַן, ווען דו ביזט בלויז „עם ד׳ אלקיך", ווען קיינער זעהט נישט...

(אלשיך)

„תמים תהיה עם ד׳ אלקיך" — א י נ ג אַ נ צ ע ן זאָלסטו זיין מיט גאָט: נישט אַמאָל דיענען ג אָ ט, און אַמאָל — ז י ך!...

(רבי מנחם־מענדעל מקאָצק)

געוועהנליך טרעפט עס זעלטען, אַזביידע זאַכען זאָלען זיין צוזאַמען גאַנץ: עפ״י־רוב איז אָדער ד ו ביזט „גאַנץ", אָדער דאָס א י ד י ש ק י י ט איז „גאַנץ". אויב ד ו ביזט „גאַנץ" און עס פעהלט דיר גאָרנישט, דאַן איז דאָס אידישקייט צובראָכען און היינקט־אונטער; אויב ווידער דאָס אידישקייט איז „גאַנץ", איז אַ סימן, אַז ד ו ביזט מסתמא צובראָכען, און בשעת אַ מענשען געהט שלעכט, איז ער פרום... און דעריבער „ת מ י ם ת ה י ה ע ם ד׳ א ל ק י ך!" — עס זאָל הערשען אַ דאָפּעלטע שלמות, אַז אויך דאַן, ווען דו ביזט „גאַנץ" און מיט אַלעמען פערזאָרגט, זאָלסטו זיין צוזאַמען מיט גאָט!

(רבי נפתלי ראָפּשיצער)

כידוע, איז רבי נפתלי ראָפּשיצער געווען אַ גרויסער וויצלינג, אַ שאַרפער ווערטעל־זאָגער. האָט איהם איינמאָל דער רבי פון לובלין, דער „חוזה", פאַרגעהאַלטען, הלמאי ער חכמה׳ט זיך שטענדיג און זאָגט גלייכווערטלעך.

— עס שטעהט דאָך — זאָגט צו איהם דער „חוזה" — „ת מ י ם תהיה עם ד׳ אלקיך", און נישט „ח כ ם תהיה"... איז דאָך דערפון געדרונגען, אַז תמימות איז העכער פון חכמה!

— יאָ, רבי — ענטפערט איהם ר׳ נפתלי — מען דאַרף אָבער האָבען גרויס חכמה, כדי צו קענען זיין אַ תמים מיט׳ן רבונו־של־עולם!...

(שיח שרפי קדש)

ביי קיין שום אַנדערע מצוה — פלעגט זאָגען דער רבי ר׳ בונם — ווערט נישט גע־זאָגט „עם ד׳ אלקיך״, נאָר ביי תמימות, דען מיט דער דאָזיגער מדה איז זעהר לייכט אָבצונאַרען מענשען, עס איז זעהר לייכט צו פערשטעלען זיך פאַר אַ תמים, און די תורה געפינט דעריבער פאַר נויטיג צו וואָרענען: „תמים תהיה עם ד׳ אלקיך״.

## ואתה לא כן נתן לך ד׳ אלקיך... (יח. יד.)

דיר האָט גאָט געגעבען אַ „לא כן״, אַ „מען טאָר נישט״!...

(רבי בונם מפשיסכע)

„ואתה לא כן נתן לך ד׳ אלקיך"... די אידען זענען געבענשט געוואָרען מיט דער מדה פון „ל א כ ן״: וואָס איין איד זאָגט — זאָגט דער צווייטער פערקעהרט: „לא כן!...

(דרשות אל עמי)

## אשר יזיד לדבר דבר בשמי את אשר לא צויתיו לדבר... (יח. כ.)

צו רבי זלמן ווילנער (רבי חיים וואָלאָזשינער׳ס ברודער) איז אַמאָל געקומען צו פאָהרען אַ בעריהמטער ספרד׳ישער רב פון די מזרח־לענדער זיך מפלפל זיין מיט איהם אין לערנען. אַריינקומענדיג זאָגט ער צו רבי זלמנ׳ען: איך האָב געהערט, דאָס איהר זענט אַ גרויסער בקי אין אַלע ספרי הרמב״ם ז״ל, האָב איך שוין לאַנג געוואָלט קומען צו אייך, אָבער השי״ת האָט מיך די גאַנצע צייט אָבגעהאַלטען און נישט געהייסען געהן... חס־ושלום! — שלאָגט איהם רבי זלמן איבער — אַ איד טאָר אַזוי נישט ריידען! אויף די ווערטער פון רמב״ם: „אחד המתנבא מה שלא שמע וכו׳ הרי זה נביא שקר״ (ס׳ המדע פרק חמישי) ווערט ערקלערט אין הגהות מימוניות, אַז מען טאָר אין קיין פאַל זיך נישט אויסדריקען, אַז דער אויבערשטער האָט מיר אַזוי און אַזוי געזאָגט, און ליידער זענען פיעל מענשען אין דעם נישט נזהר...

דאָס זעלבע ווערט אויך געזאָגט אין מהרש״ל, וועלכער פיהרט אויס:

„וגם אני הגבר ראיתי המכשלה הזאת על כן כתבתי פה״...

## שלש ערים תבדיל לך... (יט. ב.)

דערויף זאָגט דער בעל־הטורים: „שלש ערים — לומר שחזקות היו וערי מבצר״...

אַ פּלא! די גמרא זאָגט דאָך בפירוש (מכות י׳; ערכין ל״ג): „ערים הללו אין עושין אותן לא טירין קטנים ולא כרכים גדולים״!...

(כנסת הגדולה)

## ואם ירחיב ד׳ אלקיך את גבולך... ויספת לך עוד שלש ערים... (יט. ח. ט.)

„שלש שבעבר־הירדן ושלש שבארץ־כנען ושלש לעתיד לבוא״ (רש״י)

איז דאָך עס אונפערשטענדליך: ל ע ת י ד ל ב ו א, אין דער צייט, וועגען וועלכער מיר האָפען, אַז עס וועט הערשען אַנ׳אייביגער שלום צווישען אַלע מענשען און אַפילו צווישען אַלע בעשעפענישען, אַז עס וועט זיין „וגר זאב עם כבש״ — דאַמאָלס וועט מען גאָר דאַרפען פערגרעסערען די צאָהל „ערי־מקלט״ און צובויען פרישע דריי שטעדט פאַר רוצחים? — היתכן?!...

(אמרי אמת)

## ועשיתם לו כאשר זמם לעשות לאחיו... (יט. יט.)

„כאשר זמם — ולא כאשר עשה, מכאן הרגו אין נהרגין" (רש"י)

דאָס זעלבע זאָגט אויך רש"י אויפ'ן מאַמר „הרגו אין נהרגין" אין חולין י"א: „דכתיב כאַשר זמם ולא כאַשר עשה", דאַגעגען אין מכות ה' ערקלערט רש"י, אַז דער דיוק פון „הרגו אין נהרגין" ווערט אַרויסגעדרינגען פון די ווערטער „לעשות לאחיו" — „לאחיו משמע שעדיין אחיו קיים". פאַרוואָס זאָגט דאָרט רש"י אַנדערש, ווי אין די צוויי פריהער דערמאָהנטע שטעלען?

אַגב, דאָס לשון „כאַשר זמם ולא כאַשר עשה" קלינגט ווי עס וואָלט געווען אַ לשון־חז"ל. וואו געפינט זיך אַזאַ מאַמר?

(הרב אליהו קמחי)

וועגען דעם טעם פון „כאשר זמם ולא כאשר עשה" און „הרגו אין נהרגין", ווערען געגעבען פערשידענע ערקלערונגען. דער רמב"ן, למשל, פרובט עס ערקלערען דערמיט, ווייל קוים איז שוין אויף יענעם אויסגעפיהרט געוואָרען דער טויט־אורטייל, בעהמען מיר אָן, אַז דאָס גופא בעוויזט, אַז די עדות האָבען געזאָגט אמת און דער פער'משפט'ער האָט זיין שטראָף פערדינט, וואָרום אין געגענטייל וואָלט מען פון הימעל נישט געווען צוגעלאָזט, אַז עס זאָל דורך די שופטים פערגאָסען ווערען אונשולדיג בלוט, דען „ד' לא יעזבנו בידו ולא ירשיענו בהשפטו"... גאַנץ איינפאַך אָבער און לאָגיש ווערט עס ערקלערט דורכ'ן ברטנורה אין זיין פירוש אויף תורה. און נעמליך: ווי די חז"ל וויזען אונז אָן אין פערשידענע ערטער האָבען די סנהדרין ביי אידען אויסגעמיטען מיט אַלע מעגליכקייטען אויסצופיהרען אַ טויט־אורטייל, אָנווענדענדיג דערביי די פערשידענסטע חומרות און בעוואָרענישען, אַזוי וויט, אַז „סנהדרין ההורגת אחת לשבעים שנה נקראת חובלנית". ווען, אַלזאָ, דאָס געזעץ וואָלט געזאָגט, אַז נאָכדעם ווי מען האָט אויפ'ן גרונד פון עדות אויסגעפיהרט אויף איינעם אַ טויט־אורטייל און די קרובים פון פעראורטיילטען ברענגען דאַן אַנדערע עדות, וועלכע זענען מזים די ערשטע עדות, זאָל מען דאַן אויך יענעם פעראורטיילען צום טויט, וואָלט דאָס געעפענט אַ וועג פאַר אָהן אַ שיעור הריגות און רציחות, דען דאַן איז דאָך נישט אויסגעשלאָסען, אַז די קרובים פון די צום טויט־פעראורטיילטע ערשטע עדות זאָלען ווידער ברענגען אַנדערע עדות, וועלכע זאָלען מזים זיין די צווייטע עדות און אַזוי אָהן אַ סוף... און דעריבער האָט מען בעשלאָסען: „הרגו אין נהרגין"! קוים איז שוין דאָס טרויעריגע געשעהען און מען האָט אויפ'ן גרונד פון עדות פער'משפט אַ מענשען צום טויט, איז די זאַך געענדיגט, צו קיין פרישע רציחות און בלוט־פערגיסונגען אַלס רעזולטאַט פונ'ם זעלבען משפט, טאָר מעהר נישט דערלאָזט ווערען. גענוג!...

„שהרי הצדוקין אומרים עד שיהרג וכו' אמרו להם חכמים והלא נאמר ועשיתם לו כאשר זמם לעשות לאחיו והרי אחיו קיים". (מכות ה')

פרעגט דערויף דער ריטב"א: מיר געפינען דאָך בפירוש אין פסוק, אַז אויך לאחר מיתה ווערט אַ ברודער אָנגערופען „אחיו", ווי ביי מצות יבום: להקים לאחיו שם", ווי אויך ביי שרפת נדב ואביהוא: „קרבו שאו את אחיכם"?

אויף דער דאָזיגער באמת האַרבער קשיא האָט געענטפערט אַ זעהר לאָגישען תירוץ רבי עזריאל הילדעסהיימער, און נעמליך: ביי „להקים לאחיו שם", ווי אויך ביי „קרבו שאו את אחיכם", רעדט זיך וועגען לייבליכע ברידער און אַ לייבליכער ברודער ווערט טאַקי אָנגערופען „אח" אויך לאחר מיתה. דאָ אָבער ביי „כאשר זמם לעשות לאחיו"

קען מען דאָך נישט מיינען קיין לייבליכען ברודער, דען אַ לייבליכער ברודער איז דאָך פסול לעדות און מיט׳ן וואָרט „אחיו״ ווערט אָנגערופען יעדער איד, ווייל, ווי עס זאָגט דערויף דער דרש: „אחיו הוא במצוות״ (ב״ק פ״ח). נאָכ׳ן טויט איז שוין אָבער נישט שייך צו זאָגען: „אחיו הוא במצוות״, דען — „במתים חפשי, כיון שאדם מת נעשה חפשי מן המצוות״, וממילא געשיקט זיך שוין נישט דאַמאָלס דער אויסדרוק „אחיו״...

## ולא תחוס עינך נפש בנפש עין בעין... (יט. כא.)

פאַרוואָס שטעהט דאָ: ״נפש בנפש, עין בעין וכו׳״ און נישט, ווי אין פ׳ משפטים און אין פ׳ אמור — „עין תחת עין, שן תחת שן וכו׳״?

מחמת דאָס וואָרט „תחת״ בעדייט: פערנעהמען דאָס אָרט פון אַ פריהערדיגע זאַך, וועלכע עקזיסטירט נישט מעהר, ווי, למשל: „כי שת לי אלקים זרע אחר תחת הבל״, „תחת אבותיך יהי׳ בניך״ וכדומה, דאַגעגען די ב׳ אַלס פערבינדונגס־צייכען אנשטאַט דעם וואָרט „תחת״ בעדייט: פערנעהמען דאָס אָרט פון אַ זאַך, וועלכע בלייבט אויך ווייטער עקזיסטירען, ווי, למשל, „ולא ימיר אותו טוב ברע או רע בטוב״ וכדומה. אין פ׳ משפטים און אין פ׳ אמור רעדט זיך אין פאַל, ווען איינער האָט דעם צווייטען ווירקליך אויסגעהאַקט אַנ׳אויג, אָדער אַ צאָהן, געשיקט זיך דערויף צו זאָגען „עין תחת עין, שן תחת שן״, אנשטאט דאָס פאַרניכטעטע אויג, אנשטאט דעם אויסגעשלאָגענעם צאָהן. דאָ דאַגעגען רעדט זיך וועגען עדים זוממים, און דער דין איז דאָך ביי עדים זוממים: „כאשר זמם ולא כאשר עשה״, אַז זיי ווערען בעשטראָפט מיט׳ן זעלבען עונש נור אין דעם פאַל, ווען מען האָט נאָכנישט בעוויזען אויפ׳ן גרונד פון פאַלשע עדות אויסצופיהרען איבער יענעם דעם אורטייל, און דעריבער ווערט דאָ געברויכט דער אויסדרוק: „נפש בנפש, עין בעין, שן בשן וכו׳״, דען באמת איז דאָך דאָ דער ערשטער נפש נישט אומגעבראַכט געוואָרען און קיין אויג און צאָהן האָט מען יענעם פאַקטיש נישט אויסגעשלאָגען...

(קול אומר קרא)

## ודבר אל העם... ואמר אליהם שמע ישראל... (כ. ב. ג.)

„ודבר אל העם — בלשון הקדש״ (סוטה י״ב)

פאַרוואָס דוקא בלשון הקדש?

נאָר אין דער זעלבער שטעלע דאָרט זאָגט רבי שמעון בן יוחאי: „ואמר אליהם שמע ישראל, אמר להן הקב״ה לישראל אפילו לא קימתם אלא קריאת שמע שחרית וערבית אי אתם נמסרין בידן״, און דער זעלבער רבי שמעון בן יוחאי זאָגט אין אַנ׳אַנדער אָרט: „אפילו לא קרא אדם אלא קריאת שמע שחרית וערבית קיים לא ימוש ספר התורה הזה מפיך״ (מנחות צ״ט) און ער פיהרט דערביי אויס: „ודבר זה אסור לאומרו בפני עם הארץ״, אַז מען דאַרף נישט אויסזאָגען פאַר אַנ׳עם־הארץ דעם דאָזיגען סוד, אַז מיט לייענען קריאת־שמע איז מען שוין יוצא די מצוה פון תלמוד־תורה, מחמת אויף דעם סמך וועט ער שוין די קינדער זיינע קיין תורה נישט לערנען...

און דעריבער איז „ודבר אל העם — בלשון הקדש״, האָט דער כהן די ערקלערונג וועגען דער בעדייטונג און חשיבות פון „שמע ישראל״, פון קריאת שמע שחרית וערבית, אָבגעגעבען אין לשון־קדש, כדי די עמי־הארצים זאָלען נישט פערשטעהן און נישט איינ־רעדען זיך, אַז דערמיט איז מען שוין פטור פון אַלע אַנדערע זאַכען...

(טור בנימין)

## ואיש אחר יחנכנו... (כ. ה.)

„ודבר של עגמת נפש הוא זה" (רש"י)

צי דען איז דאָס וואָס „ואיש אחר יחנכנו", וואָס אַ צווייטער מענש וועט בענייען זייער הויז, מעהר עגמת־נפש ווי דאָס, וואָס ער אַליין וועט אומקומען און שטאַרבען אין דער מלחמה?

נאָר ס'איז אַ גרויסער שאָד, אַ גרויס עגמת־נפש — האָט געזאָגט דערויף דער היינטיגער גערער רבי — אַז אַ איד זאָל אין די לעצטע מינוטען פון זיין לעבען, אנשטאָט מהרהר צו זיין בתשובה, זאָלען זיינע מחשבות זיין דאַמאָלס פערנומען מיט'ן הויז, מיט'ן געדאַנק, אַז דאָס הויז, וואָס ער האָט אויפגעבויט, וועט איבערגעהן צו אַנ'אַנדערן.

## ומי האיש אשר נטע כרם ולא חללו... (כ. ו.)

„ולא חללו — לא פדאו בשנה הרביעית" (רש"י)

דאַגעגען אין תרגום יונתן בן עוזיאל ווערט געזאָגט אויפ'ן דאָזיגען פסוק: „ומאן גברא די נטר כרמא ולא פרקיה מן כהנא".

אַ פלא! וואו געפינען מיר דען, אַז אַ כרם דאַרף אויסגעלייזט ווערען דורך אַ כהן?

## ומי האיש אשר ארש אשה ולא לקחה ילך וישב לביתו... (כ. ז.)

דען מיט צוויי זאַכען שטראָפט מען נישט: געננוג פאַר איהם די מלחמה, וואָס ער וועט דאַרפען פיהרען ביי זיך אין הויז!...

(רבי משה פאָלאַק, בדרך־הלצה)

## מי האיש הירא ורך הלבב ילך וישב לביתו... (כ. ח.)

„רבי יוסי הגלילי אומר הירא מעבירות שבידו" (רש"י)

די ערגסטע זאַך איז „ה י ר א מעבירות שבידו" — די עצבות, אין וועלכער דער מענש פאַלט אַריין נאָך דער עבירה... בשעת דער יצר־הרע רעדט־אָן דעם מענשען צום זינדיגען, איז ער נישט אויסען אַזוי די זינד, ווי די שפּעטערדיגע ע צ ב ו ת נאָך דער זינד, וואָס איז פיעל האַרבער, ווי די האַרבסטע עבירה...

(רבי נחמן בראַצלאַווער)

## כי תצור אל עיר ימים רבים וכו' לא תשחית את עצה... (כ. יט.)

ווי אַזוי — ווערט דערויף געפרעגט — האָט אלישע אין זיין ווענדונג צו די מלכי ישראל ויהודה, בשעת זיי זענען געגאַנגען מלחמה האַלטען מיט מואב, זיי בעפויהלען: „והכיתם כל עיר מבצר וכו' וכל עץ תפילו וכל מעיני מים תסתמו וכו'" (מלכים ב' ג.) געגען דעם געבאָט פון דער תורה?

עס איז אַ בעקאַנטע פראַגע, איבער וועלכע די פערשידענסטע מפרשים בעמיהען זיך צו געבען אַנ'ענטפער, אָבער קיין איינע פון די געגעבענע ערקלערונגען בעפרידיגט נישט.

בשעת דער פערשטאָרבענער הרב קוק זצ"ל איז, מיט עטליכע צעהנדליג יאָהר צוריק,

געווען רב אין יפו, זענען צו איהם דערגאַנגען ידיעות, אַז אין איינע פון ראָטשילד׳ס קאָלאָניעס האָבען די קאָלאָניסטען בעקומען אַ פעראָרדנונג פון ראָטשילד׳ס פקידים אויסצוהאַקען די בוימער פון אַ געוויסען שטח, וועלכער איז בעשטימט געוואָרען אויף צו בויען דאָרט הייזער.

הרב קוק איז צו דער בעשטימטער צייט אַוועק אין דער קאָלאָניע און בשעת עס האָבען זיך פערזאַמעלט די אַרבייטער מיט די העק אין די הענד און זיי האָבען שוין געזאָלט אויספיהרען די אַרבייט, האָט הרב קוק זיך אַוועקגעשטעלט און אויסגעשריען:

— וואָס? בוימער פון ארץ־ישראל וועט איהר אויסרייסען? מיט מיין קאָפּ וועל איך זיי שיצען!

אַ גאַנצען טאָג און אַ גאַנצע נאַכט איז ער געשטאַנען דאָרט און נישט אַבגעטרעטען פון פלאַץ, ביז מען האָט איהם פייערליך פערזיכערט, אַז זיי וועלען די אַרבייט נישט אויספיהרען און די בוימער נישט טשעפּען...

„אמר רב פפא, האי מאן דאיפשר למשתי שיכרא ושתי חמרא עובר משום בל תשחית ולאו מילתא היא, בל תשחית דגופא עדיף" (שבת ק״מ)

דערויף געפינען מיר דאָרט אין מהרש״א פאָלגענדע פלא׳דיגע בעמערקונג: „ולאו מלתא היא, אלא רב פפא לטובת עצמו אמרה, שהוא היה עושה שכר"...

## כי ימצא חלל באדמה... (כא. א.)

דער אויסדרוק „חלל", זאָגט דער מלבי״ם, בעציהט זיך נישט אויף קיין שום אַנדערען מת און הרוג, נאָר אויף אַ „חלל־חרב", אויף אַזעלכען, וועלכער איז דערשטאָכען געוואָרען מיט אַ שווערד. פרעגט זיך: עס איז דאָך אַ בפירוש׳ער פסוק אין איכה (ד. ט.) „טובים היו חללי חרב מחללי רעב"...

(כנסת הגדולה)

## ויצאו זקניך ושופטיך ומדדו אל הערים... (כא. ב.)

פערשיעדענע טעמים ווערען געגעבען וועגען דעם זין פון דער מצות עגלה ערופה. גאַנץ איינפאַך אָבער ערקלערט עס דער רמב״ם אין מורה־נבוכים: דאָס פערזאַמלען זיך פון די זקנים, דאָס אויסמעסטען דעם שטח צו די נאָהנטע שטעדט, און דאַן דאָס דורכפיהרען די פּראָצעדור פון דער עגלה־ערופה, דער ודוי פון די זקנים און דאָס אויסשרייען: „ידינו לא שפכו את הדם הזה!" דאָס אַלץ וועט ווירקען פּאָפּולער צו מאַכען דאָס געשעהעניש פון דעם אונבעקאַנטען מאָרד, מען וועט אין דער גאַנצער סביבה אַרום אָנהויבען צו רעדען וועגען דעם און דאָס וועט מיטהעלפען צו ענטדעקען די שפּורען פונ׳ם מערדער...

## ונגשו הכהנים בני לוי וכו׳ ועל פיהם יהיה כל ריב וכל נגע... (כא. ה.)

„ועל פיהם יהי׳ כל ריב וכל נגע". צו די כהנים, וועלכע זענען גלייכצייטיג געווען שופטים, פלעגט מען זיך ווענדען סיי מיט פערשידענע געגענזייטיגע תביעות און סכסוכים, סיי מיט שווערע קראַנקהייטען, מיט נגעים. בשעת עס איז אַלזאָ געפינען געוואָרען אין פעלד אַנ׳אונבעקאַנטער הרוג האָט מען קודם־כל געשיקט נאָך די כהנים: אפשר וועלען זיי איהם דערקענען, אַז ער האָט זיך געווענדעט צו זיי מיט אַ שווערע אונהיילבאַרע קראַנק־הייט און, מעגליך, אַז ער איז דערפון פלוצים געשטאָרבען, אָדער אפשר איז ער געקומען

צו זיי, האָבענדיג מיט וועמען עס איז אַ סכסוך, און דאַן וועט מען חוקר ודורש זיין, צי איז נישט יענער אַמאָל דער רוצח...

(כפלים לתושיה)

„ועל־פיהם”, צוליב זיי און וועגען זיי, „יהיה כל ריב וכל נגע” — ס'רוב מחלוקת און קריגערייען אין די אידישע שטעדטלעך שפּילען־זיך־אָב צוליב און אַרום די „כלי־קדש”...

(רבי משה־נחום ירושלימסקי)

אויב די מנהיגי־הדור זענען זוכה און זיי פערדיענען דערויף, דאַן איז — „תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם”; אויב אָבער נישט, דאַן איז פערקעהרט — „ועל פיהם יהי' כל ריב וכל נגע”...

(חתם־סופר)

„תלמידי חכמים מרבים שלום בעולם” — פלעגט זאָגען רבי יונתן אייבעשיץ — איז דער טייטש: די תלמידי־חכמים זענען אָפט גורם, אַז די גרעססטע געגנער זאָלען זיך די הענד דערלאַנגען און שלום שליסען, בכדי געמיינזאַם צו רודפ'ן דעם תלמיד־חכם און מיט פעראייניגטע כחות צו פיהרען די מחלוקת געגען רב...

(אהבת יונתן)

איידער רבי יאָסעלע סלאָנימער איז געוואָרען רב, האָט ער געגעסען קעסט ביי זיין שווער, רבי אייזיל חריף.

— הער־זיך־איין, יאָשע — זאָגט צו איהם איינמאָל רבי אַיזיל: — כ'וואָלט וועלען וויסען, ווער פון אונז ביידע איז סלאָנימער רב: איך, צי דו? אַז שאלות פסק'ענען מיר ביידע נישט — אויף דעם איז דאָ דער מורה־הוראה, ר' פייטעל; ביי אַ דין־תורה זיצען מיר ביידע; פון די שכירות לעבען מיר ביידע... טאָר ווער פון אונז איז פאַרט רב?

— דאָס קאָן מען זיך לייכט דערוויסען — שמייכעלט ר' יאָסעלע: — מען דאַרף בלויז אַרויסגעהן אין שטאָדט און זיך אונטערהערען, וועמען פון אונז מען בערעדט — דער איז רב!...

## ואתה תבער הדם הנקי מקרבך כי תעשה הישר בעיני ד'... (כא. ט.)

„ואתה תבער הדם הנקי מקרבך — אָבער נור בתנאי — כי תעשה הישר בעיני ד'”, ווען דו אַליין ביזט מיט זיך, מיט דיינע מעשים, אין אָרדנונג. עס האָט אָבער נישט קיין רעכט צו זיין אַ חטאים־זוכער און צו רודפ'ן די רשעים אַזעלכער, וועלכער איז נישט בעסער פון זיי, ווי ס'ווערט געזאָגט אין פסוק: „ופקדתי את דמי יזרעאל על בית יהוא” (הושע א. ד.) אַז השי"ת האָט געמאָהנט פון בית יהוא דאָס פערגאָסענע בלוט פון נבות היזרעאלי, הגם אחאב האָט פערדינט זיין שטראָף צוליעב'ן פערגאָסענעם בלוט פון נבות היזרעאלי, דאָך האָט יהוא נישט געהאַט דאָס רעכט צו זיין דער שופט, ווייל ער איז אַליין מיט זיינע מעשים נישט בעסער געוועזן פון אחאב'ן...

(פרחי אהרן)

# כִּי תֵצֵא

## כי תצא למלחמה על אויביך... (כא. י.)

עס שטעהט נישט „כי תצאו״, נאָר „כי תצא״, בלשון י ח י ד: דען מנצח זיין דעם שונא איז מעגליך נאָר דאַן, ווען עס הערשט א ח ד ו ת, ווען דאָס גאַנצע פאָלק איז פעראייניגט ווי איין מענש!...

(שושנת אברהם)

## וראית בשביה אשת יפת תואר... ולקחת לך לאשה... (כא. יא.)

„שאם אין הקב״ה מתירה — ישאנה באיסור״ (רש״י)

— היתכן — האָט דערויף געפרעגט דער „חוזה״ פון לובלין — ווי קאָן מען דאָס חושד זיין אַ איד, אַז אויב מען וועט איהם נישט לאָזען טהון בהיתר וועט ער טהון די זאַך באיסור?

נאָר — האָט ער דערויף געענטפערט — בשעת מען איז געגאַנגען אין דער מלחמה אַריין האָט מען פריהער אויסגערופען: „מי האיש הירא ורך הלבב ישוב לביתו״, און דערויף ווערט געזאָגט: „הירא מעבירות שבידו״. די אַלע אנשי־מלחמה זענען, אַלזאָ, געווען זיכער ביי זיך, אַז זיי האָבען נישט קיין שום עבירות, און אַ איד וואָס קאָן אַרומגעהן מיט דער איינרעדעניש, אַז ער איז ריין פון עבירות, איז דוקא פאַר אַזעלכען דאַרף מען שטאַרק מורא האָבען, אַז „אם אין הקב״ה מתירה ישאנה באיסור״ — אויף אַזעלכען איז אַלץ צו גלויבען...

„לא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע״ (רש״י)

דאָס, וואָס די תורה האָט אין דער מלחמה מתיר געמאַכט אַ „אשת יפת תואר״, איז „כנגד יצר־הרע״ — איז עס צוליב דעם, כדי דער יצר־הרע זאָל דאַן זיין ג ע ג ע ן: דען דער יצר־הרע מאַכט דעם מענש גלוסטען נאָר צו אַזאַ זאַך, וואָס מען טאָר נישט; קוים אָבער מעג מען עס — וויל ער שוין נישט...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

דער „ולקחת לך לאשה״ איז דאָס ווירקזאַמסטע און איינציגע מיטעל „כנגד יצר־הרע״. בשעת אַ מענש איז פערהאַרעוועט און פער׳דאגה׳ט, שלעפענדיג אויף זיך דעם עול אשה ובנים, האָט ער דאַמאָלס נישט דעם קאָפּ צום יצר־הרע און צו די אַלע באַרישע און זינדיגע מחשבות...

(תולדות יעקב־יוסף)

„לא דברה תורה אלא כנגד יצר־הרע״. די ווערטער „לא״ און „אלא״ זעהען דאָ אויס צו זיין איבריג; עס וואָלט דאָך געקענט געווען זיך אויסצודריקען קורץ: „דברה

תורה כנגד יצר־הרע״? — נאָר צווישען די אויסגערעכענטע מעלות פון פרויען ווערט געזאָגט: „שהן מגדלות את בנינו ומצילות אותנו מן החטא״ (יבמות), זיי ערציהען אונזערע קינדער און זיי פערהיטען אונז פון זינד; וועגען דער „אשת יפת תואר״ ווידער ווערט געזאָגט, אַז דער סוף וועט זיין, דאָס עס וועט אַרויסקומען פון איהר אַ „בן סורר ומורה״. אויף איהר קאָן מען שוין, אַלזאָ, נישט זאָגען דעם שבח: „שהן מגדלות את בנינו״ — און עס בלייבט בלויז איבער דער „מצילות אותנו מן החטא״... און אָט דאָס איז דער זין: „לא דברה תורה אלא כנגד יצר־הרע״ — די דאָזיגע „אשת יפת־תואר״ איז בלויז אַ פעולה געגען יצר־הרע, כדי מציל צו זיין מן החטא; דאַגעגען דעם „שהן מגדלות את בנינו״ — צו האָבען פון איהר גוטע קינדער — דאָס קאָן מען פון איהר נישט ערוואַרטען!...

(פרח לבנון)

## והבאתה אל תוך ביתך... (כא. יב.)

כדי ער זאָל זיך נישט לאַנג האַלטען מיט דער יפת־תואר, האָט די תורה געהייסען זיי זאָלען נישט וואוינען בעזונדער, נאָר ער זאָל זי אַריינגעמען צו זיך אין הויז. ווען ער וועט זיין מיט איהר גאַנצע טעג צוזאַמען, וועט זי איהם גיך נמאס ווערען...

(אלשיך)

## והיה אם לא חפצת בה ושלחתה לנפשה... (כא. יד.)

„הכתוב מבשרך שסופך לשנאותה״ (רש״י)

דער דאָזיגער דרש איז גענומען פון ספרי, און דערויף בעמערקט דער רא״ש: „לא ידעתי מהיכן דרשו זה״.

ענטפערט אויף דעם רבי גבריאל ניקעלשבורגער:

עס ווערט געבראַכט, אַז דערפאַר שרייבט מען אין אַ כתובה: „כך וכך ימים בחודש״ און אין אַ גט — „כך וכך ימים לירח פלוני״, ווייל ביי נישואין געפינען מיר אין פסוק דאָס וואָרט „חדש״ — „כי יקח איש אשה חדשה״, דאַגעגען ביי גירושין דאָס וואָרט „ירח״ — „גרש ירחים״... אויף אַזאַ אופן איז דאָך, אַלזאָ, קשה דער פסוק: „ובכתה את אביה ואת אמה ירח ימים״, דאָ רעדט זיך דאָך ביי נישואין, דען באַלד נאָכדעם שטעהט דאָך: „ואחר כן תבוא אליה ובעלתה״, טאָ ווי קומט דאָ אַהער דאָס וואָרט „ירח״, דאָס לשון פון אַ גט? און אָט דערפון דרינגט דער דרש: „הכתוב מבשרך שסופך לשנאותה״. דער פסוק האָט, הייסט עס, באַלד אין תחילת ביי די נישואין פאַר־אויסגעזעהען דעם „ירח״, אַז עס וועט דערנאָך קומען צו אַ גט...

## וילדו לו בנים האהובה והשנואה והיה הבן הבכור לשניאה... (כא. טו.)

פון די ווערטער „וילדו לו בנים האהובה והשנואה״ איז דאָך משמע, אַז פריהער האָט די אהובה געבוירען אַ זוהן און נאָכהער די שנואה, ולסוף ווערט אויסגעפיהרט: „והיה הבן הבכור לשנואה״, אַז די שנואה האָט געבוירען פריהער? צווייטענס, ווי געשיקט זיך עס גאָר, אַז מען זאָל ווּלען דעם יונגערען זוהן אָנערקענען אַלס בכור און עס זאָל דאַרפען געגען דעם נויטיג זיין אַ ספּעציעלע אזהרה?

נאָר — האָט דערויף ערקלערט דער ווילנער גאון — דאָ רעדט זיך וועגן אַזאַ פאַל, ווען ער האָט פריהער חתונה געהאַט מיט דער שנואה און נאָכדעם ווי זי איז שוין געווען מעוברת, האָט ער חתונה געהאַט מיט דער אהובה און אויך זי איז מעוברת געוואָרען און „וילדו לו בנים האהובה והשנואה״, די צווייטע פרוי, די אהובה, האָט געבוירען איהר זוהן פריהער פאַר דער ערשטער פרוי, האָבענדיג דאָס קינד פון זיבען חדשים, און דער פאָטער וויל אַלזאָ אַנערקענען דעם בן־האהובה אַלס בכור, דען ער איז דאָך פריהער געבוירען געוואָרען, און דערויף קומט די אזהרה: „לא יוכל לבכר את בן האהובה על פני בן השנואה הבכור״, ווייל — „כי הוא ראשית אונו, לו משפט הבכורה״. אַלס ריכטיגער בכור דאַרף אַנערקענט ווערען דער בכור לעיבור, נישט דער בכור ללידה!...

## והיה ביום הנחילו את בניו... (כא. טז.)

„והיה ביום הנחילו את בניו״ — וועלכעס פערמעגען האָט אַ קיום און געהט איבער בירושה צו די קינדער? — „את אשר יהיה לו״, דאָס וואָס ער אַליין האָט אויסגעאַרבייט און ערוואָרבען ביגיע־כפיו; דאַגעגען קאַפּיטאַל, וואָס ווערט אַנגע־זאַמעלט דורך נישט עהרליכע מיטלען, דערויף ווערט געזאָגט: „עושה עושר ולא במשפט — בחצי ימיו יעזבנו״...

(כלי חמדה)

## לא יוכל לבכר את בן האהובה... (כא. טז.)

אין רמב״ן אויפ'ן דאָזיגען פסוק ווערט ערקלערט, אַז „הדין זה נוהג אלא בחיי הבכור״, אַז אויב דער בכור איז געשטאָרבען בחיי אביו, האָט דער פאָטער דאָס רעכט צו פעראָרדענען, אַז די אייניקלעך, די קינדער פון בכור, זאָלען נישט נעמען פון זיין ירושה צוויי חלקים, נאָר גלייך מיט אַלע איבעריגע.

און די מפרשים וואונדערען זיך און פרעגען: פון וואַנען דרינגט דאָס דער רמב״ן?

ווייזט אָן רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן, אַז דאָס איז מרומז אין פסוק: „הנה אנכי הולך למות — ולמה זה לי בכורה״, דען נאָכ'ן טויט איז דער זכות פון דער בכורה נישט גילטיג מעהר...

## כי יהיה לאיש בן סורר ומורה... (כא. יח.)

דער דין פון בן סורר ומורה איז דורך די חז״ל בעגרעניצט געוואָרען מיט אַזויפיעל בעדינגונגען און אויסנאַהמען, וועלכע האָבען פאַקטיש אונמעגליך געמאַכט, אַז אַזאַ משפט זאָל ווירקליך אַמאָל קענען פאָרקומען. פון וואָרט „בן״ ווערט גע'דרשנ'ט: בן — ולא בת, בן — ולא טומטום ואַנדרוגינוס, בן — ולא קטן, בן — ולא גדול (בלויז אין דער צווישענצייט פון אַ קטן און אַ גדול, וואָס עס איז נישט מעהר ווי דריי חדשים), בן — ולא הראוי לקרותו אב; פון „ותפשו בו אביו ואמו״ איז משמע, אַז ער ווערט נישט גע'משפט, אויב איינער פון די עלטערן איז ביני־לביני געשטאָרבען, אויב איינער פון זיי איז אַ בעל־מום אָהן אַ האַנד („ותפשו בו״,ביידע זאָלען איהם קענען אָנגע־מען מיט די הענד און פיהרען צום בית־דין), אויב איינער פון זיי איז אַ הינקענדיגער (עס דאַרף זיין „והוציאו אותו״, ביידע זאָלען געהן מיט איהם), אויב איינער פון זיי איז

אַ בלינדער (זיי דאַרפען קאָנען אָנווייזען און זאָגען: „בננו זה"), אויב איינער פון זיי איז אַ טויבער אָדער אַ שטומער („איננו שומע בקולנו", ביידע דאַרפען קענען רעדען און הערען) און דער עיקר — היות ווי עס שטעהט נישט „בקולינו", נאָר „בקולנו", אַ לשון יחיד, איז משמע, אַז ביידע, דער פאָטער און די מוטער, דאַרפען בעזיצען די זעלבע עהנליכע שטימע, ביידע דאַרפען זיי אויך האָבען די זעלבע מראה און דעם זעלבען וואוקס, זאַכען וואָס זענען בטבע אויסגעשלאָסען — און דעריבער זאָגט טאַקי ר' שמעון, אַז בן סורר ומורה „לא היה ולא עתיד להיות ולמה נכתב? דרוש וקבל שכר"...

דער בעקאַנטער משומד יחזקאל האַגע איז, כידוע, געווען פריהער אַ גרויסער למדן און חסיד און איז געפאָהרען צום „חוזה" פון לובלין, אָבער דער „חוזה" האָט שוין געהאָט דאַמאָלס אויף איהם אַנ׳אויג און ער פלעגט איהם מבזה זיין און אָבשטויסען פון זיך, אויסדריקענדיג זיך, אַז עס וועט פון איהם קיין גוטס נישט אַרויסקומען, אַז דאָס וואַקסט אַ גוי...

איינמאָל, בשעת האַגע האָט זיך אַרומגעדרעהט אין לובלינער הויף און געפּראַווועט חסידות, איז געקומען אַהין מיט אַ וויזיט דער גראַף טשאַרטאָריסקי, וועלכען דער „חוזה" האָט גרויס כבוד אָבגעגעבען. נאָכדעם ווי דער גראַף איז אַוועק איז האַגע, וועלכער איז אגב געווען אַ גרויסער מחוצף, אַריין צום „חוזה" און איהם געפרעגט:

— היתכן, רבי, מיך רודפ׳ט איהר, ווייל איהר זענט מיך חושד און האָט מורא, אַז כ׳וועל ווערען אַ גוי, און דאָ, אַז עס קומט צו אייך אַ פאַרטיגער גוי, זענט איהר איהם יאָ מכבד?...

ענטפערט איהם דער „חוזה":

— אַ בן סורר ומורה, ווי דו ווייסט, ווערט געמשפּט על שם סופו, ווייל ער וועט זיין אַ „עומד בפרשת דרכים ומלסטם את הבריות". פרעגען דערויף די מפרשים: אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס קומט אַ סורר ומורה סקילה, בעת אַ מלסטם את הבריות, אַ רוצח, ווערט געמשפט מיט אַ לייכטערער מיתה, מיט סייף? וואָס פאַר אַ שכל און יושר איז עס, אַז פאַר׳ן חשד פון „על שם סופו" זאָל מען ווערען האַרבער בעשטראָפט, ווי פאַר׳ן „סופו" גופא?

נאָר וויזט אויס — האָט דער „חוזה" אויסגעפיהרט — אַז דאָס גרייטען זיך צו ווערען שלעכט, איז טאַקי פיעל ערגער און געפעהרליכער, ווי דאָס גופא שלעכט זיין, דער ערב־גוי איז ערגער פונ׳ם גוי...

## איננו שומע בקול אביו ובקול אמו... (כא. יח.)

„שיהא קולם שוה" (סנהדרין)

אויב די עלטערן גלייכען זיך נישט אויס אין די מיינונגען און עס הערשט נישט צווישען זיי קיין שלום־בית, דאַן איז עס נישט די שולד פון זוהן, אויב ער וואַקסט־אויס אַ „בן סורר ומורה" — פון אַזאַ הויז קאָן מען קיין בעסערע קינדער נישט ערוואַרטען!...

(עוללות אפרים)

אויף אַנ׳אַנדער אופן:

צווישען די עלטערן דאַרף הערשען אַנ׳איינשטימיגע מיינונג בנוגע דער ערציהונג פון זייערע קינדער. ווען אָבער יעדער פון זיי שלעפּט דאָס קינד אין אַנ׳אַנדער זייט,

דער פּאָטער שרייט: אַ איד זאָל ער זיין! און די מוטער: אַ מענש זאָל ער זיין! דער פּאָטער פּערלאַנגט וואָס מעהר קודש, און די מוטער — וואָס מעהר חול... דאַן איז נישט דאָס קינד שולדיג, אויב עס וואַקסט פון איהם אויס סוף־כל־סוף אַ „בן סורר ומורה״; פעראַנטוואָרטליך זענען די עלטערן!...

(מגד־ירחים)

## ואמרו אל זקני עירו בננו זה סורר ומורה... (כא. כ.)

דערויף זאָגט דער בעל־הטורים: „בננו חסר יו״ד. כאילו עבר על י׳ הדברות״.

אונפערשטענדליך! דאָ רעדט זיך דאָך וועגען איין זוהן, אַ יחיד, טאָ ווי אַזוי קאָן גאָר זיין אַ הוה אמינה, אַז „בננו״, אַ יחיד, זאָל זיין מיט אַ יו״ד?...

פּאַר אַ געוויסען גאַליציאַנער רב, פון די גדולים ומפורסמים, איז אַמאָל פּאָרגעקומען אַ דין־תורה צווישען אַ בעקאַנטען רבי׳ן און זיין ווייב, אויף וועלכער דער רבי האָט דורכאויס געוואָלט אַרויסבעקומען אַ גט. די רבי׳צין האָט ביי דער דין־תורה אָנגעוויזען, אַז די אַלע טענות, וואָס דער רבי שטעלט אַרויס געגען איהר, זענען איינפאַכע רכילות און זי האָט דערביי געגומען אויסרעכענען וועגען איהם אַ גאַנצע רייה חטאים. דער טוען, וועלכער איז מיטגעקומען מיט׳ן רבי׳ן, האָט דאָס נישט געקאָנט פערטראָגען און ער האָט פערלאַנגט פון רב, אַז ער זאָל די רבי׳צין נישט לאָזען ריידען, זאָגענדיג:

— אויפ׳ן פסוק „ואמר אבי הנערה אל הזקנים״ (תצא כט. טז.) זאָגט רש״י: „מלמד שאין רשות לאשה לדבר בפני האיש״. די אשה דאַרף דעריבער שווייגען בשעת איהר מאַן, דער רבי, שטעהט פּאַר איהר.

ענטפערט איהם דערויף דער רב:

— איהר פערגעסט אָבער אַ צווייטען פסוק אין דער זעלבער סדרה. אויפ׳ן פסוק: „ואמרו אל זקני עירו בננו זה סורר ומורה״ ווערט געזאָגט אין תרגום יונתן: „ויימרון לחכימי קרתא, עברינן על גזרת מימרא דד׳״, אַז בשעת עס האַנדעלט זיך וועגען דערצעהלען די חטאים, וועגען עובר זיין על גזירת השם, דאַמאָלס איז — „ואמרו״, דאַרפעןביידע ריידען, נישט בלויז דער מאַן, נאָר אויך דאָס ווייב...

## לא תלין נבלתו על העץ כי קבור תקברנו ביום ההוא... (כא. כג.)

פונדאַנען ווערט אין דער גמרא (סנהדרין מ״ז) אַרויסגעלערנט דער איסור פון „הלנת המת״, אַז מען טאָר נישט לאָזען ליגען קיין מת איבערנאַכט. משה מענדעלסאָן האָט זיך בשעתו געהאַט אַרויסגעזאָגט געגען אָנווענדען דעם דאָזיגען איסור בזמן הזה, ערקלערענדיג, אַז די היינטיגע מעדיצין ווייסט נישט פון קיין אַנדערע סימפּטאָמען, וואָס זאָלען אויף זיכער פעסטשטעלען דעם טויט, ווי נור „עיכול הבשר״, ווען דער קערפּער הויבט אָן פוילען, און גאַנץ אָפט קומט דאָס ערשט אויפ׳ן דריטען טאָג. ער האָט זיך דערביי געשטיצט אויף דער משנה אין סוף נדה: „הזב והזבה וכו׳ מטמאין עד שיתעכל הבשר״, ווי אויך אויפ׳ן מאמר אין מס׳ שמחות פ״ח, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז „פוקדין על המתים עד ג׳ ימים״, און עס ווערט דאָרט דערצעהלט וועגען איינעם, וועלכער האָט אויפ׳ן דריטען טאָג, נאָכדעם ווי מען האָט איהם שוין געהאַלטען פּאַר טויט, זיך אומגעקערט צוריק צום לעבען און ער האָט נאָכהער געלעבט פינף און

צוואַנציג יאָהר. דער איסור פון הלנת המת — האָט מענדעלסאָן ערקלערט — האָט געהאַט אַנ'אָרט נור בזמן התלמוד, ווען מען האָט די מתים קובר געווען אין אָפענע מערות און במשך פון די דריי טעג האָבען די קרובים געהאַט די מעגליכקייט צו קאָנטראָלירען דעם צושטאַנד פון נפטר, אַנקלאַפּענדיג יעדעס מאָל אין זיין ארון, דאַ־געגען אין אונזער צייט, ווען דער בר־מינן ווערט בעגראָבען אין דער ערד און מען קאָן מעהר נישט צוקומען צו איהם, איז עס אַ פראַגע פון פקוח־נפש... געגען דעם איז דאָן זעהר שאַרף אַרויסגעטרעטען דער חתם־סופר (שו"ת), וועלכער ווייזט אָן, אַז ביי הלנת המת איז מען עובר אויף אַנ'עשה און אַ לא תעשה: „לא תלין" און „קבור תקברנו", און אַז דער דאָזיגער שיעור מיתה איז אונז איבערגעגעבען געוואָרען מסיני. פון דער משנה אין נדה איז קיין ראיה נישט, דען דאָרט רעדט זיך נישט וועגען מיתה. עס איז אויך קיין ראיה נישט פון דער מעשה, וואָס ווערט דערצעהלט אין מס' שמחות, דען דאָס איז אַ גאַנץ זעלטענער און ווייטער צופאַל, וואָס קאָן אפשר פּאַסירען אייך מאָל אין טויזענד יאָהר. מען טאָר, אַלזאָ, אויף קיין פאַל נישט אָבטרעטען פון דאָזיגען איסור, סיידען אין די מדינות, וואו עס הערשט געגען דעם אַ גזירת־המלכות...

## לא תלין נבלתו על העץ וכו' כי קללת אלקים תלוי... (כא. כג.)

לויט דער ערקלערונג פון רשב"ם ווערען דאָ מיט'ן וואָרט „אלקים" געמיינט די דיינים, די שופטים, וועלכע האָבען אַרויסגעגעבען דעם טויט־אורטייל, און דער זין איז: „כי קללת אלקים תלוי", דערמיט, וואָס מען וועט דעם פער'משפט'ן לאָזען הענגען אויפ'ן בוים, איז עס עלול אַרויסצורופען די אויפרעגונג פון די דורכגעהער, וועלכע וועלען שעלטען דאָס בית־דין, וואָס האָט אויף איהם אַזאַ האַרבען אורטייל אַרויסגעגעבען... (אויף אַנ'עהנליכען אופן ווערט אויך דער דאָזיגער פסוק געטייטשט דורך מהר"י קאַרו).

## לא תראה את שור אחיך... (כב. א.)

מיט טויזענדער יאָהרען צוריק האָט דער געטליכער געזעצגעבער אונז געלערנט: דו זאָלסט נישט זעהן דיין ברודער'ס אָקס אָדער זיין שאָף פערלאָזענע, פערבלאָנדזשעטע און זיך מאַכען נישט־זעהענדיג. ניין! דו מוזט זיי אומקעהרען צוריק צו דיין ברודער, און אויב ער איז ווייט פון דיר, אָדער דו קאָנסט איהם נישט, דאַן מוזטו זיי — די בהמות — אַריינעהמען צו זיך אין הויז און זיי זאָלען זיין ביי דיר ביז דיין ברודער וועט זיך דערוויסען פון זיי און דו וועסט זיי איהם איבערגעבען.

נאָך פיעל שטאַרקער ווערען מיר אָנגעזאָגט אין פ' משפטים מיט די ווערטער: ווען דו וועסט בעגעגענען דעם אָקס פון דיין שונא, אָדער זיין אייזעל בלאָנדזשען אַרום, מוזטו גלייך זיי אומקעהרען צו דיין פיינד.

אָ, רבונו־של־עולם! ווי שרעקליך דאָס איז, ווען דער אַלטער וועלט־לעהרער, דער פאַקעל־טרעגער פון ליכט, טוגענד און הומאַניטעט, דער וועלכער האָט פאַר טויזענדער יאָהרען געלערנט די וועלט רחמנות צו האָבען אויף חיות און בהמות, מיט די ווערטער: „ואספתו אל תוך ביתך", נעהם איהם אַריין, דעם אייזעל, צו זיך אין הויז, בלאָנדזשעט איצט אַליין אַרום דער וועלט פערשטויסען, פערלאָזען און עס געפינט זיך נישט קיינער וועער עס זאָל איהם אַריינעהמען צו זיך אין הויז, גע'רודפ'ט פון ווילדע חיות און אַלע טויערען זענען פאַר איהם פערשלאָסען!...

(צבי הירש מאסליאַנסקי)

## לא יהיה כלי גבר על אשה... (כב. ה.)

דערויף ווערט געזאָגט אין תרגום יונתן: „לא יהיה גוליין (מלבוש) דציצית ותפילין דהינון תקוני גבר על איתא".

דאַגעגען געפינען מיר אין דער גמרא: „מיכל בת כושי (בת שאול) היתה מנחת תפילין ולא מיחו בה חכמים" (עירובין צ"ו)...

## כי יקרא קן צפור לפניך... (כב. ו.)

„האומר על קן צפור יגיעו רחמיך וכו' משתקין אותו" (ברכות ל"ג). דערויף זאָגט דאָרט רש"י אויפ'ן אָרט: „שעושה מדותיו של הקב"ה רחמים והן אינן אלא גזירות המלך על עבדיו", און אַזוי ווערט אויך ערקלערט אין רמב"ם און אין ר"ן — „ואין הדבר כן שאילו הי' דרך רחמנות לא צוה לשחוט חיה או עוף כלל, אבל היא מצוה מקובלת ואין לה טעם".

דאַגעגען אין מדרש פון דער דאָזיגער סדרה ווערט געזאָגט בפירוש: „וכשם שנתן הקב"ה רחמים על הבהמה כך נתמלא רחמים על העופות, מניך, שנאמר כי יקרא קן צפור לפניך"...

## שלח תשלח את האם וכו' למען ייטב לך והארכת ימים... (כב. ז.)

„לא גילה הקב"ה מתן שכרן של מצוות — ווערט דערויף געזאָגט אין מדרש־רבה — חוץ משתי מצות וכו' כיבוד אב ואם ושילוח הקן".

פרעגט זיך: אויך ביי דער מצוה פון „שום תשים עליך מלך" געפינען מיר דאָך די ברכה פון אריכות־ימים: „למען יאריך ימים על ממלכתו הוא ובניו" (דברים יז. כ.), ווי אויך אין דער פרשה פון קריאת־שמע — „למען ירבו ימיכם"?

נאָר דער מדרש, ווי עס ווייזט אויס, רעכענט אויס בלויז יענע ברכות פון אריכות־ימים, צו וועלכע עס ווערט אויך צוגעגעבען די ווערטער „למען ייטב לך", נישט בלויז אַ לאַנג לעבען, נאָר אויך — אַ גוט לעבען, און דאָס ווערט געזאָגט נאָר ביי כיבוד אב ואם און שילוח־הקן...

(מעדני מלך)

## לא תחרוש בשור וחמור יחדו... (כב. י.)

לויט'ן אבן־עזרא איז דער פשוט'ער טעם דערביי, ווייל דער אייזעל איז בעדייטענד שוואַכער פונ'ם אָקס און עס פערשאַפט איהם גרויס צער בעת ער ווערט געצוואונגען צו געהן אין שפאַן און נאָכצולויפען נאָכ'ן שטאַרקערען אָקס, וואָס עס איז איבער זיינע כחות...

## לא תלבש שעטנז צמר ופשתים יחדו... (כב. יא.)

פון אַלע ערקלערונגען, וואָס ווערען געגעבען וועגען דעם איסור פון שעטנז (אין „מורה נבוכים", למשל, ווערט דער דאָזיגער איסור בעגרינדעט דערמיט, ווייל די בעלי־כשפים פלעגען זיך פערצייטענס בענוצען ביי'ם כשוף מיט קליידער פון צמר ופשתים), איז אַמ'פשוט'סטען די ערקלערונג פון חזקוני און נעמליך:

כידוע זענען די בגדי הכהנים געמאַכט געוואָרען פון שעטנז, פון צמר ופשתים, און דעריבער איז אויפ׳ן זר גע׳אסר׳ט געוואָרען, ער זאָל נישט אָנטהון קיין שעטנז, דען דער זר טאָר זיך נישט קליידען אין די בגדי הכהנים...

## כי יקח איש אשה ובא אליה ושנאה... (כב. יג.)

אין „ספר חסידים" ווערט דערצעהלט, אַז עס האָט איינער חתונה געהאַט מיט אַ פרוי, וועלכע איז איהם נישט געפעלען געווען, נאָר ער האָט זי גענומען, ווייל זי האָט געהאַט אַ סך געלד, און ער האָט דאַן געמאַכט צוויי ברכות: „ברוך דיין האמת" און „ברוך הטוב והמטיב" — די ברכה פון „ברוך דיין האמת", ווייל ער איז צוליב דחקות גע־צוואונגען געווען צו נעהמען אַ פרוי, וועלכע איז געגען זיין רצון, און „ברוך הטוב והמטיב", ווייל ער איז געוואָרען אויפגעריכטעט און בעקומען אַ סך געלד, פונקט אַזוי, ווי מען דאַרף, לויט׳ן דין, מאַכען די דאָזיגע צוויי ברכות בשעת איינער בעקומט אַ ידיעה, אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבען און ער האָט איהם איבערגעלאָזט אַ גרויסע ירושה... האָט מען געזאָגט צו איהם: דאָס איז דאָך נישט גלייך צו יענעם פאַל. דאָרט איז דער פאָטער געשטאָרבען בידי שמים, דאַרף ער דעריבער זאָגען „ברוך דיין האמת", דו אָבער האָסט דאָך דיר די דאָזיגע אַליין גענומען? האָט ער דערויף געענטפערט: אויך איך האָב מיר אַליין נישט גענומען, אויך דאָס איז בידי שמים, דען — „ארבעים יום קודם יצירת הולד בת־קול יוצאת ואומרת בת פלוני לפלוני" (סוטה ב׳)...

„אשת חיל מי ימצא ורחוק מפנינים מכרה" (משלי לא. י.)

אַן׳אשת חיל קאָן מען נור דאַמאָלס בעקומען, ווען עס איז — „ורחוק מפנינים מכרה", ווען מען יאָגט זיך נישט נאָך קיין גרויסען נדן...

(רבי אלי׳ הכהן)

## את בתי נתתי לאיש הזה לאשה... (כב. טז.)

בשעת רבי יעקב־יצחק, דער „חוזה" פון לובלין, איז ל״ע געוואָרען אַן׳אַלמן, איז זיין תלמיד, דער „איד הקדוש" פון פשיסכע, אַוועק צום לובלינער רב, רבי עזריאל („דער אייזערנער קאָפּ") און איהם פאָרגעלעגט, ער זאָל זיך משדך זיין מיט דעם „חוזה" און איהם געבען זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב.

— ניין — ענטפערט רבי עזריאל — די תורה איז געגען דעם שידוך, די תורה הייסט נישט.

— די תורה? — וואונדערט זיך דער „איד הקדוש".

— יאָ, אין דער תורה שטעהט בפירוש: „את בתי נתתי לאיש הזה", אַז אַ טאָכ־טער דאַרף מען חתונה מאַכען מיט אַ מענש, מיט אַ פשוט׳ן מענש, און לויט אייך, חסידים, איז דאָך דער רבי אייערער נישט קיין מענש, נאָר אַ מלאך...

בשעת עס איז ביי רבי חיים צאַנזער געשטאָרבען ל״ע דאָס דריטע ווייב, האָט ער זיך געהייסען רעדען אַ פרישען שידוך. די קינדער זענען דערפון זעהר נישט צופרידען געווען און איינמאָל איז דער עלטערער זוהן אַריינגעגאַנגען צו איהם און פערפיהרענדיג

מיט׳ן פאַטער אַ שמועס, האָט ער איהם דורך־אגב דערציילט, אַז בעת רבי אייזיק זידיטשעווער איז געוואָרען ל״ע אַנ׳אלמן, האָט ער נישט געוואָלט מעהר חתונה האָבען, ערקלערענדיג די מקורבים, וועלכע זענען געקומען צו איהם מיט שידוכים, אַז ער האָט שוין חתונה געהאַט מיט דער תורה.

— איז אויב אַזוי — שמייכעלט רבי חיים, וועלכער האָט פערשטאַנען די אַנצו־הערעניש — אויב רבי אייזיק׳ל האָט חתונה געהאַט מיט דער תורה, קאָן איך דאָך שוין מיט איהר נישט חתונה האָבען. זי איז דאָך שוין אַנ׳אשת־איש...

נאָך דער פטירה פון לעמבערגער רב, רבי צבי ראַמאַניש, האָבען אויפ׳ן כסא־הרבנות רעפלעקטירט צוויי קאַנדידאַטען: איין גרופּע האָט געוואָלט אויפנעהמען אַלס רב דעם נודע־ביהודה׳ס אייניקעל, רבי אלעזר לאַנדאַ, און אַנדערע האָבען געוואָלט רבי יעקב אָרנשטיין, דעם „ישועות יעקב״, און הגם רבי אלעזר האָט געהאַט זעהר אַ סך אַנהענגער, מחמת אויסער אַ גדול בתורה האָט ער אויך געהאַט וועלטליכע בילדונג, האָט פונדעסטוועגען גובר געווען דער צווייטער צד און רב איז געוואָרען רבי יעקב אָרנשטיין, וועלכער איז געווען אַנ׳איידעם פון אַ זעהר רייכען שווער, ר׳ הירש יאַראָס־לאַווער, מיט וועלכען די בעלי־בתים האָבען מורא געהאַט איינצורייסען, און פון דאַ־מאָלס אָן האָט געהערשט צווישען זיי אַ שטאַרקע התנגדות.

איינמאָל האָט דער „ישועות יעקב״ געהאַלטען אין בית־מדרש אַ וואונדערליכע און שאַרפזיניגע דרשה, וועלכע האָט שטאַרק אויסגענומען און די גאַנצע שטאָדט האָט נישט אויפגעהערט צו רעדען דערפון. איינער פון די צוהערער איז דאַן אַוועק צו רבי אלעזר לאַנדאַ און איבערגעזאָגט פאַר איהם די גאַנצע דרשה און די אַלע זעלטענע חידושים. אַז ער האָט געענדיגט, מאַכט צו איהם רבי אלעזר:

— עס, נישטאָ פון וואָס נתפעל צו ווערען, דאָס אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, וואָלט איך אויך געקאָנט זאָגען... זעהט איהר, בלויז איין זאַך זיינע, דעם „הרי את״ וואָס ער האָט געזאָגט צו ר׳ הירש יאַראָסלאַווער׳ס טאָכטער — דאָס וואָלט איך בשום אופן נישט אימשטאַנד געווען צו זאָגען...

אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, ווי בעקאַנט, זענען די צוויי גדולים געוואָרען צווישען זיך גאָר שטאַרקע גוטע פריינד און זיי האָבען זיך זאָגאַר משדך געווען.

(מופת הדור)

## ולו תהיה לאשה לא יוכל לשלחה כל ימיו... (כב. יט.)

דאָס איז דער האַרבסטער עונש, מיט וועלכען מען האָט געקענט קנס׳נען דעם מוציא־שם־רע — „לא יוכל לשלחה כל ימיו״, אַ גאַנצען לעבען זאָל ער מוזען וואוינען מיט איהר, קיינמאָל זאָל ער זיך פון איהר נישט קענען שיידען!...

## לא יבא פצוע דכה וכרות שפכה בקהל ד׳... (כג. ב.)

דער טעם, פאַרוואָס מ׳האָט אויף דידאָזיגע בעלי־מום אַרויפגעלעגט אַזאַ שווערען איסור, אַז מען זאָל נישט טאָרען מיט זיי הייראַטען, איז פשוט דערפאַר, ווייל זייענדיג אומפעהיג קינדער צו האָבען, וועלען זיי ברענגען דערצו, אַז זייערע פרויען זאָלען זינדיגען מיט אַנדערע...

(אלשיך)

## לא יבא ממזר בקהל ד׳... (כג. ג.)

פאַרהאַן אַ מיינונג, אַז „ממזר" איז דער נאָמען פון אַ פאָלק (פונקט ווי „לא יבא עמוני ומואבי"). אַ בעוויז: „וישב ממזר באשדוד" (זכריה ט׳)...

(אבן־עזרא)

„רוב ממזרים — פקחין" (ירושלמי קידושין פ"ד, י"א)... ווייל — ערקלערט דערויף דער „נחלת־יעקב" — זיי זענען געראָטען אין די טאַטעס, די בעלי־ערמה, וועלכע זענען פעהיג איבערצורעדען פרעמדע פרויען און צו פערבאָרגען זייערע מעשים פון זייטיגע מענשען...

„כסף מטהר ממזרים"... (קדושין ע"א)

די כוונה דערפון איז: ווענען אַן׳עזות־פנים דריקען־זיך־אויס די חז"ל: „מדחציף כולי האי — שמע מינה ממזר הוא". ווי איז אָבער, אַז דער עזות־פנים איז גראָד אַן־עושר? איז מען דאָן תולה, אַז די חוצפה זיינע נעהמט זיך צוליב׳ן עשירות, ווייל — „עשיר יענה עזות"... קומט דאָך ממילא אויס, אַז — „כסף מטהר ממזרים"!...

(רבי העשעל אפטער)

בשעת רבי אייזיל איז געווען רב אין סלאָנים, האָט זיך דאָרט אַמאָל אַרויפגעכאַפּט אויפ׳ן בענקעל אַלס ראש־הקהל אַ פּראָסטער מענש און דערצו אַ גרויסער מחוצף, פון וועלכען די שטאָדט האָט שטאַרק געליטען. איינמאָל האָט ער אויך גראָב בעליידיגט דעם רב; האָט זיך רבי אייזיל אָוועקגעזעצט און איהם דערצעהלט אַ מעשה:

— צום רבונו־של־עולם זענען געקומען אַמאָל דריי בעלי־דינים צו האָבען מיט איהם אַ דין־תורה: דער „עלינו", דער „שלש־סעודות" און אַ „ממזר". דער „עלינו" האָט געהאַט אַ טענה, הלמאי מען האָט איהם אָוועקגעשטעלט צום סאַמע סוף פון דאַוו־נען און צוליב־דעם ווערט ער דורכ׳ן עולם, וועלכער יאָגט זיך שוין אַהיימצוגעהן, אָבגעכאַפּט על־רגל־אחת, שטעהענדיג שוין מיט איין פוס אין דרויסען!... מיט אַן־עהנליכער טענה איז געקומען דער „שלש־סעודות" — אויך איהם איז מען נישט נוהג־כבוד: די אַנדערע שבת׳דיגע סעודות ווערען געפּראַוועט מיט פּאַראַד, מיט די בעסטע און שענסטע מאכלים, מיט בשר־ודגים, און איהם פערשטאָפּט מען דאָס מויל מיט שהי־פהי, מיט אַ כזית חלה מיט הערינג!... דער „ממזר" ווידער האָט זיך געקלאָגט, הלמאי ער איז גע׳אסר׳ט געוואָרען „לבוא בקהל", פאַרוואָס קומט עס איהם צו ליידען פאַר די זינד פון זיינע עלטערן?... אויסהערענדיג זייערע גערעכטע טענות, האָט דער רבונו־של־עולם בעשלאָסען איטליכען פון זיי מפייס צו זיין: דער „עלינו", אויף וועלכען מען קוקט זיך אַ גאַנץ יאָהר נישט אום, פערנעהמט דערפאַר דעם חשוב׳סטען אָרט צווישען די תפילות פון ראש־השנה און יום־כפור — אַז עס קומט צו „עלינו", פאַלען דאַן אַלע „כורעים". „שלש־סעודות" בעקומט, אַנשטאָט דער אכילה, אַ סאַטיס־פאַקציע דערמיט, וואָס די חסיד׳ישע רביים זאָגען דאַמאָלס אַ סך תורה, אַ סך מעהר, איידער ביי די איבריגע שבת׳דיגע סעודות. און ווידער דו, ממזר, דיך וועט מען מאַכען פאַר אַ „דאָזאָר", פאַר אַ ראש־הקהל — און אַנשטאָט דעם, וואָס דו טאָרסט נישט קומען צו קהל, וועט קהל מוזען קומען צו דיר!...

## גם דור עשירי לא יבא לו בקהל ד׳... (כג. ג.)

דער ערשטער דור, וואָס ווערט געבוירען פון אַ געמישטע חתונה מיט אַ ממזר,

איז שוין אַליין נאָר אַ האַלבער ממזר, דער צווייטער דור — אַ פֿיערטעל, דער דריטער דור — אַן אַכטעל, דער פֿיערטער — אַ זעכצעהנטעל, דער פֿינפֿטער — אַ 32־סטעל, דער זעקסטער — אַ 64־סטעל, דער זיבעטער — אַ 128־סטעל, דער אַכטער — אַ 256־סטעל, דער ניינטער — אַ 512־סטעל, דער צעהנטער — אַ 1024־סטעל, און דעריבער ווערט אָנגעגעבען אַלס ביישפּיעל: „גם דור עשירי", אפילו דער צעהנטער דור, וועל־כער האָט שוין אין זיך ווענינער ווי אַ טויזענדס חלק ממזר, טאָר אויך נישט קומען בקהל, דען — „בריה אפילו באלף לא בטל"...

(רבי לייביש חריף)

## לא יבא עמוני ומואבי בקהל ד'... (כג. ד.)

אין אַ רעליגיעזען דיספּוט, וואָס אַ געוויסער כומר האָט אַמאָל געהאַט מיט'ן „נודע־ביהודה", האָט ער איהם צווישען אַנדערעס פֿאָרגעוואָרפֿען, אַז די אידישע אמונה פֿלאַנצט־איין אין איהרע אָנהענגער אַן'אונאויפֿהערליכע שנאה צו די גויים, אַזוי ווייט, אַז יעדער איד איז מחויב צו מאַכען יעדען פֿריהמאָרגען אַ ברכה „שלא עשני גוי"...

דערויף האָט איהם דער „נודע־ביהודה" ערקלערט, אַז דידאָזיגע ברכה האָט גאָר אַן'אַנדערע בעדייטונג און דערמיט ווערט כלל נישט געמיינט, אַז מען דאַרף די גויים פֿיינט־האָבען; והראיה — אָט מאַכען מיר דאָך אויך גלייכצייטיג יעדען טאָג אַ ברכה „שלא עשני א ש ה", נו, בעדייט דאָס דען, אַז די אידען ווערען אויפֿגעפֿאָדערט, זיי זאָלען פֿיינט־האָבען זייערע ווייבער?...

## על דבר אשר לא קדמו אתכם בלחם ובמים...
## ואשר שכר עליך את בלעם... (כג. ה.)

ווען עס וואָלט געווען בלויז „אשר לא קדמו אתכם בלחם ובמים", וואָלט מען זיי געקאָנט פֿערענטפֿערן, אַז אפשר איז עס געווען מחמת אָרימקייט, אפשר זענען זיי מאַטעריעל נישט אימשטאַנד געווען מכבד צו זיין די דורכוואַנדערענדע אידען מיט לחם ומים... מיר האָבען דאָך אָבער גלייך דערנאָך געזעהן „ואשר שכר עליך את בלעם בן בעור — לקללך", אַז זיי האָבען געדונגען בלעם'ן און איהם צוגעזאָגט „כבד אכבדך מאד וכל אשר תאמר אעשה"; איז אויף צו שעלטען די אידען האָבען זיי יאָ געהאַט געלד, נאָר אויף ברויט־און־וואַסער — נישט?...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

דער דובנער מגיד האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז וואָס פֿאַר אַ פּסוק מען זאָל איהם נישט אויפֿמישען פֿיהלט ער זיך ביכולת צו פֿרעגען דערויף אַ קשיא עפ"י משל און צו ענטפֿערען מיט אַ משל.

די פֿערוואונדערטע צוהערער האָבען געעפֿענט אַ חומש און צופֿעליג גראָד אויפֿ־געמישט דעם פּסוק: „לא יבא עמוני ומואבי בקהל ד'". דער דובנער האָט אַ ווילע אַ טראַכט געטהון און אָנגעהויבען:

אַ גביר האָט אַ שידוך געטהון מיט אַ טאָכטער, און מחמת דעם חתנ'ס צד האָט געוואוינט זעהר ווייט, איז געוואָרען אָבגעשמועסט, אַז די תנאים זאָלען געפּראַוועט ווערען אין מיטען וועג, אין אַ קרעטשמע. דער כלה'ס פֿאָטער איז אַרויסגעפֿאָהרען פֿון דערהיים פֿריהער, בכדי מקבל־פּנים צו זיין די מחותנים, און די מחותנת'טע האָט גע־זאָלט קומען שפּעטער צוזאַמען מיט'ן איבריגען בני־בית און מיט אַלע שפּייז־פּראָדוקטען,

וואָס מען האָט צוגעגרייט מכל־טוב אויפ׳ן נגיד׳ישען שטייגער. פלוצים, ווי דער אבי־הכלה זיצט זיך אַזוי אין דער קרעטשמע און פערברענגט מיט׳ן מחותן, קומט אַריינצו־לויפען אַ פערסאָפּעטער איינער פון זיינע קינדער און שרייט אויס: אוי, וועה, טאַטע! אויפ׳ן וועג האָט זיך די פוהר מיט׳ן עסענוואַרג איבערגעקעהרט, די פיש און פלייש און דאָס גאַנצע געבעקס, אַלץ איז קאַליע געוואָרען, די פלעשער מיט די וויינען און בראָנפען זענען צובראָכען געוואָרען... יאָ, און אַחוץ דעם, טאַטע, איז אויך די מאַמע גע׳הרג׳עט געוואָרען...

דער עיקר איז ביי׳ם דאָזיגען נאַרישען קינד געווען דער שאָדען פונ׳ם פיש און פלייש. אַז די מאַמע איז גע׳הרג׳עט געוואָרען האָט ער זיך ערשט דערמאָהנט צום סוף, ווי אַ נעבען־זאַך...

היתכן? דער פסוק געהט אונז דערצעהלען וועגען דער אונמענשליכער האַנדלונג פון עמון ומואב, רעכענט ער אויס פריהער: „על דבר אשר לא קדמו אתכם בלחם ובמים״, באשר זיי האָבען אונז נישט אַנטקעגענגעטראָגען קיין ברויט און וואַסער, און ערשט דערנאָך פיהרט ער אויס: „ואשר שכר עליך את בלעם בן בעור מפתור ארם נהרים לקללך״, אַז זיי האָבען געדונגען בלעמ׳ן, ער זאָל מיט זיינע קללות אומברענגען די אידען, גלייך, ווי דער עיקר וואָלט געווען דער „לחם ומים״, און דאָס וועלען אומ־ברענגען די אידען וואָלט געווען בלויז אַ נעבען־זאַך, אַ טפל, ווי געשיקט זיך עס?...

נאָר מיר וועלען עס פערענטפערען — האָט דער דובנער אויסגעפיהרט — מיט אַ משל:

אַנ׳אַרענדאַר איז אַמאָל געקומען אין אַ ישיבה אַריין און געבעטען דעם ראש־ישיבה, אַז ער וויל חתונה מאַכען זיין טאָכטער מיט אַ בן־תורה, לכן וואָלט ער וועלען, מען זאָל איהם אויסקלויבען עפּעס אַ לייטישען איידעלען בחור, אַ וואויל לערנער, וועלכען ער איז זיך מתחייב אָבצוהיטען ווי אַנ׳אבן־טוב און געבען איהם אייביגע קעסט. וכך הוה.

נאָך דער חתונה דערלאַנגט מען דעם איידעם צו פריהשטיק אַנ׳אַלטען לאַבען שוואַרץ ברויט מיט באָרשט. דער יונגערמאַן נעהמט גריזשען דאָס האַרטע ברויט, קוים וואָס ער קאָן שלינגען דערפון אַ ביסען. ביינאַכט צו וועטשערע — ווידער דאָס זעלבע מאכל, אַלט ברויט מיט באָרשט, און אַזוי יעדען טאָג. דער איידעלער יונגערמאַן, בישט קענענדיג פערדייהען דאָס שווערע מאכל, האָט וואָס אַמאָל געגעסען ווייניגער און מיט יעדען טאָג איז ער געוואָרען בלאַסער און איינגעדאַרטער. דער שווער, דערזעהענדיג, אַז דער איידעם פאַלט פון די כוחות, האָט ער אָנגעהויבען שרייען און בייזערען זיך אויף איהם, פאַרוואָס ער עסט נישט, און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפען, האָט ער געדונגען צוויי גויים פון דאָרף, געגעבען יעדען פון זיי צו גילדען אַ טאָג, זיי זאָלען פילנעווען דעם איידעם און אַכטונג געבען, אַז ער זאָל עסען. די גויים האָבען אַזוי געטהון, צו יעדען מאָלצייט פלעגען זיי זיך אַוועקשטעלען ביי׳ם איידעם מיט אַ בייטש אין דער האַנד און ווי נאָר ער האָט אַוועקגערוקט דעם לאַבען ברויט האָבען זיי איהם געשלאָגען מיט דער בייטש און געצוואונגען ער זאָל עסען...

אַ צוקיילטער, אַ צושלאָגענער, האָט זיך דער יונגערמאַן איינמאָל ביינאַכט אַרויס־גע׳גנב׳עט פון דאָרף און איז אַנטלאָפען צוריק אין דער ישיבה אַריין, וואו ער האָט אַלץ דערצעהלט דעם ראש־ישיבה. צומאָרגענס איז דער שווער, דער אַרענדאַר, געקומען צולויפען מיט אַ געוואַלד, הלמאי דער איידעם איז אַנטלאָפען פון איהם, און אויף די פאַרוואורפען פון ראש־ישיבה, פאַרוואָס ער פייניגט איהם און גיט איהם נישט צו עסען, האָט ער געענטפערט, אַז מעהר ווי שוואַרץ ברויט מיט באָרשט קען ער זיך נישט פער־גינען. דערהערענדיג די דאָזיגע ווערטער איז דער ראש־ישיבה אַרויס אויף איהם מיט

קולות: דו, מחוצף אײנער! אויף צו דינגען יעדען טאָג צװײ גױים, זײ זאָלען איהם צװינגען צו עסען דעם האַרטען לאַבען ברויט, דאָס קענסטו דיר יאָ פערגינען, דערויף האָסטו געלד, נאָר אויף צו געבען איהם אַ ביסעל בעסערע קעסט, דערויף האָסטו קיין געלד נישט?...

און דאָס זאָגט דער פסוק: „על דבר אשר לא קדמו אתכם בלחם ובמים". איי, װעט איהר זאָגען, אַז אפשר איז עס געװען מחמת אָרימקייט, אפשר זענען זיי נישט אימ־שטאַנד געװען מכבד צו זיין די דורכװאַנדערענדע אידען מיט לחם ומים?... האָבען מיר דאָך אָבער גלייך געזעהען, אַז „ואשר שכר עליך את בלעם בן בעור וכו' לקללך", אַז זיי האָבען געדונגען אַ גוי און איהם צוגעזאָגט: „כבד אכבדך מאד וכל אשר תאמר אעשה"; איז אויף צו שעלטען די אידען האָבען זיי יאָ געהאַט געלד, נאָר אויף ברויט און װאַסער נישט?...

(געהערט)

## לא תתעב אדומי כי אחיך הוא... (כג. ח.)

רבי אפרים־זלמן מרגליות, װעלכער איז אַחוץ אַ גרויסער גאון אויך געװען אַ גרויסער נגיד, איז אַמאָל בעשטייערט געװאָרען פון דער שטאָדט־מאַכט מיט אַ ריזיגע געלד־סומע. אײנער פון זיינע גוטע פריינד איז דאַן אַװעק צו דער מאַכט אינטערװע־נירען װעגען דעם און דאָרט האָט ער זיך דערװאוסט, אַז ער האָט עס צו פערדאַנקען אַ אידיש מסירה'לע. האָט ער דאַן אַװעקגעשיקט צו רבי אפרים זלמנ'ען אַ בריעף, אין װעלכען ער האָט געשריבען: „לא תתעב אדומי — האָב נישט קיין טענות צו אדומ'ן, צו די גױים — כי אחיך הוא", דען דאָס איז דיינע ברידער'ס אַ שטיקעל אַרבעט, „יד ישראל באמצע"...

## ויד תהיה לך מחוץ למחנה... (כג. יג.)

„מחוץ למחנה — חוץ לענן" (רש"י)

דערויף פרעגט דער „שפתי־חכמים" (און אויך אַנדערע מפרשים): „והלא משמת אהרן נסתלקו ענני הכבוד"?

אַ פלא, װאָס זיי האָבען אַלע פערזעהען אַ בפירוש'ע גמרא (תענית ט'), װאו עס װערט דייטליך געזאָגט: „חזרו שניהם (באר וענן) בזכות משה"!...

(בית־ישראל)

## לא תביא אתנן זונה ומחיר כלב בית ד'... (כג. יט.)

בשעת אײנער פון די אַרכעאָלאָגישע אויסגראַבונגען אין ארץ־ישראל, מיט אַ צװיי צעהנדליג יאָהר צוריק, האָט מען געפונען אַ געצענדינערישען טעמפעל פון פאַר טױ־זענדער יאָהרען און, צוזאַמען מיט פערשידענע אינטערעסאַנטע זאַכען, אויך אַ רשימה מיט נעמען פון „קדשות" און „קדשים", װעלכע האָבען אַנגעהערט צום טעמפעל, אויס־פיהרענדיג, װאָהרשיינליך, געװיסע פונקציעס פון דער דאַמאָלסטיגער געצענדינערישער עבודה. דערביי זענען די מענער, די „קדשים", בעצייכענט געװען מיט'ן נאָמען „כלב"... און דאָס, משמעות, זאָל זיין דער זין פון'ם פסוק: „לא תביא אתנן זונה ומחיר כלב"...

(ד"ר ש. בערנפעלד)

## לנכרי תשיך ולאחיך לא תשיך... (כג. כא.)

„לנכרי תשיך — זו מצות עשה"... (ספרי)

וועגן דער כוונה פון דערדאָזיגער אזהרה און איבערהויפּט וועגן דער ערקלערונג פון ספרי, אַז „לנכרי תשיך" איז נישט קיין רשות, נאָר ממש אַ חוב, אַ מצוה, איז אין פערשידענע ספרים פון די ראשונים און אחרונים שוין זעהר פיעל געשריבען געוואָרען. עס ווערט אָנגעוויזען, אַז די ווערטער פון ספרי זענען אין בפירוש'ער סתירה צו די פערשידענע שטעלען אין תלמוד, ווי, למשל, אין מכות כ"ב: „כספו לא נתן בנשך — אפילו רבית עכו"ם"; אין בבא־מציעא ע"א: „מרבה הונו בנשך ותרבית — אפילו רבית עכו"ם", און אין סנהדרין כ"ה: „מלוי ברבית מאימתי חזרתן וכו' דאפילו לנכרי לא מוזפי ברבית"... מען וואונדערט זיך, פאַרוואָס ווערט אין רמב"ם דידאָזיגע ערקלערונג פון ספרי ווערטליך איבערגעגעבען אַלס הלכה? — און ס'רוב פון די מפרשים מיט'ן רמב"ן בראש קומען דעריבער צום אויספיהר, אַז די ווערטער פון ספרי „זו מצות עשה" דאַרפען פערשטאַנען ווערען אין דעם זין, אַז אַ מלוה־ברבית איז עובר אויף צוויי איסורים, אויף אַ לא־תעשה און אַן־עשה, און דער פשט איז, אַלזאָ, אַזוי: „לנכרי תשיך — אבל לא לישראל", און „לאו הבא מכלל עשה — עשה"!...

אָריגינעל איז די ערקלערונג פון ספורנו, לויט וועלכען די אזהרה פון „לא תשיך" בעקומט גאָר אַ גאַנץ אַנדערע בעדייטונג.

לויט דערדאָזיגער ערקלערונג איז דאָס וואָרט „תשיך" אַ פּועל־יוצא און געהט אַרויף נישט אויפ'ן מלוה, נאָר אויפ'ן לוה, דען לויט'ן דין איז פּונקט ווי עס איז אסור צו נעהמען רבית, אַזוי איז אויך אסור צו געבען... דער פסוק רעדט, אַלזאָ, צום לוה: „לנכרי תשיך" — אויב דו האָסט געבאָרגט געלד ביי אַ נכרי און דו האָסט אָבגעמאַכט מיט איהם צו צאָהלען רבית, מוזטו דיין צוזאָג מקיים זיין און בעצאָלען; אָבער „לאחיך לא תשיך" — אויב דו האָסט געבאָרגט געלד ביי אַ איד און מיט איהם אָבגעמאַכט צו צאָהלען רבית, טאָרסטו דעם אָבמאַך נישט האַלטען, דען נישט בלויז ער טאָר נישט נעהמען, נאָר אויך דו טאָרסט נישט געבען!...

אַ זעהר שאַרפזיניגען ענטפער וועגען דעם זין פון דערדאָזיגער אזהרה האָט אַמאָל געגעבען דער לעמבערגער רב, רבי יעקב אָרנשטיין, אַ געוויסען קריסטליכען געלעהרטען, וועלכער האָט איהם פאָרגעוואָרפען, אַז דערדאָזיגער דין פון תורת־משה איז באַר־באַריש און געגען די עלעמענטאַרע בעגריפען פון יושר און גערעכטיגקייט.

— פערקעהרט — האָט איהם רבי יעקב אָרנשטיין געענטפערט: — דוקא דער יושר איז מחייב דערצו, און דאָס צוליב אַ גאַנץ איינפאַכען טעם: ביי אידען איז דער איסור פון רבית חל אויף אַלעמען אָהן אויסנאַהם. קיין איין איד ביי'ם צווייטען טאָר נישט נעהמען און נישט געבען קיין רבית, איז דעריבער: „לאחיך לא תשיך" — קיינער טאָר נישט! נישט דו ביי יענעם, נישט יענער ביי דיר... ביי גויים אָבער, אין זייערע געזעצען, עקזיסטירט דאָך נישט קיין איסור אויף צו נעהמען רבית ביי אידען, טאָ וואָס איז עס פאַר אַ יושר, אַז ביי אונז זאָלען זיי יאָ מעגען נעהמען פּראָצענט, און מיר ביי זיי — נישט? איז דערפאַר טאַקע: „לנכרי תשיך" ווייל ער ביי דיר נעהמט דאָך אויך פּראָצענט...

## מוצא שפתיך תשמור... (כג. כד.)

רבי אייזיל סלאָנימער האָט אַמאָל געמוסר׳ט איינעם פון די בעלי־בתים, אַ איד אַ נגיד, וועלכער פלעגט האָבען אַ טבע מנדר צו זיין נדרים און נישט צו בעצאָהלען, און צווישען אַנדערע שטרענגע דבורים האָט ער איהם דערמאָהנט אין דער גמרא, אַז „בעון נדרים אשתו מתה״.

— רבי — רופט זיך אָן אַ איד, וואָס איז געשטאַנען דערביי — ער האָט, נעביך, אַ ווייב אַ מרשעת און דערפאַר טאַקי בעצאָהלט ער נישט די נדרים...

— די תורה האָט אויך דאָס פאָראויסגעזעהען — ענטפערט דערויף רבי אייזיל — און אויך וועגען דעם וואָרענט זי אונז, דען, כידוע, ווערט אַ גוט ווייב אָגערופען אין די חז״ל „מצא״ („מצא אשה מצא טוב״), און אַ שלעכט ווייב — „מוצא״ („ומוצא אני מר ממות את האשה״). די תורה, אַלזאָ, וואָרענט אונז: „מוצא שפתיך תשמור״, אפילו ווען דו האָסט אַ ווייב אַ „מוצא״, זאָל אויך זיין „שפתיך תשמור״ און נישט וועלען פון איהר פטור ווערען דורך פאַלשע נדרים...

צום סאָכאַטשעווער רב, רבי אלעזר הכהן, בשעת ער האָט חתונה געהאַט, האָט איינער פון די גדולים צוגעשיקט אַ מזל־טוב, וועלכער איז בעשטאַנען בלויז פון דריי ווערטער: „וקמץ ממנה הכהן״.

אין תחילת האָט קיינער נישט פערשטאַנען דעם פשט, ביז איינער פון די לומדים האָט זיך ענדליך געכאַפּט, אַז דאָס איז אַן אָנצוהערעניש אויף דער גמרא, אַז אין ארץ־ישראל פלעגט מען פרעגען ביי יעדען נאָך דער חתונה: „מצא או מוצא״, צי ער האָט גוט געטראָפען, און „מצא אשה מצא טוב״, אָדער ער איז נכשל געוואָרען מיט אַ אשה רעה און „מוצא אני מר ממות את האשה״. אינ׳ם צוגעשיקטען מזל־טוב איז, אַלזאָ, אויסגעדריקט געוואָרען דער וואונש: „וקמץ ממנה הכהן״, אַז דער חתן־דנן, רבי אלעזר הכהן, זאָל האָבען געטראָפען נישט אויף קיין „מוצא״, נאָר אויף אַ „מצא״ — מיט אַ קמץ...

## כי יקח איש אשה... (כד. א.)

בשעת רבי אברהמ׳לע סאָכאַטשעווער איז נאָך געווען אַן׳עלף יעהריג אינגעל און ער האָט שוין דאַן געשמ׳ט אין דער וועלט אַלס אַן׳אונגעוועהנליכער עלוי, האָט רבי חיים צאַנזער געשיקט נאָך איהם, וועלענדיג איהם נעהמען פאַר אַ חתן. דער פאָטער, דער ביאַלער רב, רבי נחום זאב, איז געפאָהרען מיט איהם קיין צאַנז און רבי חיים האָט איהם גענומען „פּרובען״ אין לערנען. גראָד האָט זיך רבי חיים דאַן געאיילט צו געהן אין מקוה אַריין, האָט ער איהם אין איילעניש געוויזען אַ שווערע רש״י אין טהרות און איהם געגעבען צייט, אַז ביז ער וועט קומען צוריק פון מקוה, זאָל ער אויסגעפינען דעם ריכטיגען פשט. רבי חיים האָט אָנגעטהון דעם כאַלאַט און שוין געוואָלט אַוועקגעהן, אָבער דאָ האָט איהם דער עלף־יעהריגער עלוי אָבגעשטעלט און ערקלערט, אַז ער קאָן איהם זאָגען פשט נאָך פאַר דער מקוה. רבי חיים האָט אויסגעהערט דעם פשט, וועלכער האָט ביי איהם שטאַרק אויסגענומען, און דאַן האָט ער געשמועסט מיט איהם אַ לענגערע צייט אין לערנען און — ער האָט מסכים געווען אויפ׳ן שידוך. פאַר די תנאים האָט ער איהם ווידער גענומען „פּרובען״, שטעלענדיג איהם פערשיעדענע שווערע קשיות. דעם חתן־בחור האָט עס שוין אַביסעל פערדראָסען וואָס ער מאַטערט איהם אַזוי פיעל און

ער רופט זיך דאַן אָן צו איהם: אייגענטליך, איז פונקט ווי עס איז אַ מנהג אַז דער מחותן זאָל פּרובען דעם חתן, צי ער איז נישט קיין עם־הארץ, ווייל „המשיא בתו לע״ה כאלו כפתה ונתנה לפני הארי״ (פּסחים מ״ט), וואָלט מען אויך דעם מחותן געדאַרפט פּרובען, דען „לעולם ימכור אדם כל מה שיש לו וישא בת ת״ח״. נאָר פאַרוואָס פּרובט מען נישט דעם מחותן, ווייל מען פערלאָזט זיך דערויף, וואָס מען האָט איהם שוין איינמאָל געפּרובט, בשעת ער אַליין איז געוואָרען אַ חתן... וויבאַלד אָבער איהר זענט נישט יוצא מיט איינמאָל און איהר ווילט מיך פּרובען נאָכאַמאָל, דאַרף מען דאָך אייך אויך נאָכאַמאָל פּרובען...

אגב, דער שידוך איז פונדעסטוועגען נישט צושטאַנד געקומען, ווייל — ווי די חסידים דערצעהלען — זאָל רבי חיים צאַנזער, וועלכער איז געווען אַ געגנער פון קאָצקער חסידות, איהם האָבען געשטעלט אַ תנאי, אַז נאָך דער חתונה זאָל ער פאָהרען אַלס חסיד קיין בעלז, אויף וואָס רבי אברהמ׳לע זאָל איהם האָבען געענטפערט, אַז ער האָט שוין אַ רבי׳ן און ער פערלאַנגט טאַקי אַלס תנאי, אַז נאָך דער חתונה זאָל רבי חיים פאָהרען מיט איהם צוזאַמען קיין קאָצק... און צוליעב דעם איז פון שידוך גאָרנישט געוואָרען...

## והיה אם לא תמצא חן בעיניו וכו׳ וכתב לה ספר כריתות... (כד. א.)

וועגען דעם איז פאַרהאַן ביי די חז״ל אַ חלוקי־דעות: „בית שמאי אומרים לא יגרש אדם את אשתו אלא אם כן מצא בה ערות דבר וכו׳ רבי עקיבא אומר אפילו מצא אחרת נאה הימנה וכו׳״ (גטין צ׳), דערויף ווערט דאָרט אויסגעפיהרט אין דער גמרא: „ולא פליגי, הא בזוג ראשון הא בזוג שני״, אַז ביי זוג ראשון קאָן ער איהר אַנדערש נישט גט׳ן סיידען נור „אם מצא בה ערות דבר״, דאַגעגען ביי זוג שני איז גענוג ווען אפילו ער האָט איהר סתם פיינד געקריגען, ווייל „מצא אחרת נאה הימנה״.

ווייזט אָן דער ווילנער גאון, אַז דאָס ווערט בפירוש אויסגעדריקט דאָ אין פּסוק: „כי יקח איש אשה ובעלה — אַלזאָ, ביי זוג ראשון — והיה אם לא תמצא חן בעיניו כי מצא בה ערות דבר״, דאַרף די סיבה דוקא זיין, ווייל „כי מצא בה ערות דבר״, דאַגעגען בשעת „והלכה והיתה לאיש אחר״ — ביי זוג שני, דאַן — „ושנאה האיש האחרון וכתב לה ספר כריתות״...

## וכתב לה ספר כריתות... (כד. א.)

דעריבער ווערט דער „ספר־כריתות״ אָנגערופען מיט׳ן נאָמען „גט״, ווייל דידאָזיגע אותיות זענען שטענדיג צושיידט און דערווייטערט צווישען זיך; נישטאָ אין גאַנץ תנ״ך קיין איין וואָרט, אין וועלכען „ג״ מיט „ט״ זאָלען שטעהן צוזאַמען, איינס נעבען צווייטען...

(אגרת הטיול)

„בית־שמאי אומרים לא יגרש אדם את אשתו אלא אם כן מצא בה ערות דבר ובית־הלל אומרים אפילו הקדיחה תבשילו״ (גטין צ׳)

געוועהנליך ווערט געטייטשט „הקדיחה תבשילו״ (און אַזוי ווייזט אויך אויס פון רש״י), אַז אויב זי האָט איהם איבערגעזאַלצען דאָס עסען, מעג ער שוין אויף דעם גרונד געבען דעם ווייב אַ גט!... וואָס דאָס איז דאָך ווירקליך אונפערשטענדליך.

עס איז דעריבער אָנצונעהמען, אַז דער אויסדרוק „הקדיחה תבשילו" האָט דאָ די־זעלבע בעדייטונג, ווי דער בעקאַנטער תלמוד'ישער זאַץ: „שלא יהא לך בן או תלמיד מקדיח תבשילו ברבים", פון וועלכען דער זין איז: שלעכטע אויפפיהרונג, אָראָבגעהן פון דרך־הישר. און דאָס זאָל, אַלזאָ, זיין דער אונטערשיעד פון בית־שמאי און בית־הלל: די ערשטע האַלטען, אַז צווינגען די פרוי צו אַ גט קאָן מען נאָר אין דעם פאַל, ווען עס איז ווירקליך בעוויזען געוואָרען דורך עדות, אַז זי איז בעגאַנגען אַ פעררעט, „ע ר ו ת ד ב ר"... דאַגעגען בית־הלל האַלטען „אפילו הקדיחה תבשילו" — ווען איהר אויפ־פיהרונג איז בכלל אַזעלכע, וואָס גיט דעם מאַן אַ גרונד צו צווייפלען אין איהר עהרליכקייט...

(דבר בעתו)

„כל המגרש את אשתו ראשונה אפילו מזבח מוריד עליו דמעות" (גטין ד')

וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צום מזבח?

דען אין דער פרשה פון קרבן־תמיד געפינען זיך אַלע אותיות פון א"ב, אויסער אַ ג' און אַ ט', איז דערפון אַ בעוויז, אַז דער מזבח האָט פיינט די אותיות — גט...

(עולת אלעזר)

דעם תלמיד פון ליסער רב און זיין שוועסטער־אייניקעל, רבי נתן לייב, האָט מען פאָרגעלעגט דאָס רבנות אין שטעדטעל פאַטעק. ביים פאָהרען אַהין איבערנעהמען דאָס רבנות איז דער ליסער רב מיט איהם מיטגעפאָהרען, און קומענדיג אַהין האָט ער פער־פיהרט אַ שמועס מיט די בעלי־בתים און זיי אויסגעפרעגט וועגען דער גרויס פון די הכנסות. די בעלי־בתים האָבען איהם ערקלערט, אַז אויף קיין גרויסע הכנסות האָט זיך דער רב נישט צו ריכטען, וואָרום אויסער וואָס דאָס שטעדטעל איז קליין און אָרים קאָן מען אפילו קיין גט דאָרט נישט דורכפיהרען, מחמת עס האָט נישט קיין אייגענעם טייך, נאָר אַ שמאָל וואַסערל, וואָס מען קאָן אַריבערשפרייזען מיט'ן פוס.

— ווער האָט עס אייך געזאָגט — מאַכט צו זיי דער ליסער רב — אַז אַ טייך דאַרף זיין אַזוי ברייט, אַז מען זאָל איהם נישט קענען אַריבערשפרייזען מיט'ן פוס? עס שטעהט בפירוש אין פסוק: „הפך ים ליבשה, בנהר יעברו ברגל" (תהלים ס"ו), זעהט מען דאָך, אַז כאָטש עס איז „יעברו ברגל" דאָך טראָגט ער דעם נאָמען „נהר"...

און טאַקי גלייך אויפ'ן אָרט האָט דער ליסער רב אַרויסגעגעבען אַ היתר, אַז אין פאַטעק מעג מען מסדר זיין גטין...

(דור דעה)

צום ראַדזינער רבי'ן, רבי גרשון־העניך, איז אַמאָל אַריינגעקומען אַ פרוי, אַ גרושה, פרעגען אַן עצה. היות ווי זי האָט תנאים געשריבען מיט אַ בחור, וועלכער איז נאָכנישט אינגאַנצען בעפרייט פון מיליטער־דיענסט, נאָר ער האָט אַ „גרינעם בילעט", קאָן זי זיך נישט בעשליסען: צי זאָל זי איבערוואַרטען, ביז ער וועט אינגאַנצען בע־פרייט ווערען, אָדער זי זאָל שוין איצט מיט איהם חתונה האָבען — מחמת זי האָט מורא, מען זאָל איהם נישט נעהמען איבעראַיאָהר צום מיליטער און זי וועט דאַמאָלס בלייבען אַ וויסטע עגונה. רבי גרשון־העניך האָט נישט לאַנג געטראַכט און איהר גע־ענטפערט: שטעלט מיט איהם אַ חופה! מען וועט איהם צום מיליטער נישט נעהמען — אויף מיין אחריות!...

נאָכדעם ווי די פרוי איז אַרויסגעגאַנגען, בעמערקט רבי גרשון־העניך, ווי די חסידים קוקען־זיך־איבער שטאַרק פערוואונדערט, רופט ער זיך אָן צו זיי:

— וואָס חידוש׳ט איהר זיך אַזוי, איהר מיינט עס איז רוח־הקודש? ס׳איז אַ גאַנץ פּשוט׳ע זאַך. פאַרוואָס האָט מען דעם בחור געגעבען אַ „גריבעם בילעט״? — דערפאַר מסתמא, ווייל ער איז אַ חלוש, אַ קראַנקער; בעשליסט דעריבער די קאָמיסיע אָבצו־וואַרטען אַ יאָהר צייט, טאָמער וועט ער ביני־לביני געזונד ווערען. און ווי קומט עס, וואָס אַזאַ יונגע פרוי זאָל שוין זיין אַ גרושה? — איז דאָך עס מסתמא דערפאַר, ווייל זי איז אַ גרויסע מרשעת; איז אויב אַזוי, מעג זי גאַנץ דרייסט מיט איהם שטעלען אַ חופּה — אויב ער איז שוין זיין איצט אַ חלוש, וועט ער אָבוואוינענדיג מיט איהר אַ יאָהר צייט אודאי נישט פעהיג זיין צו ווערען אַ זעלנער!...

ביי אַנ׳אשה שנשתטית ר״ל איז דער דין, אַז מען קאָן אַרויסבעקומען אַ היתר מאה רבנים צו מעגען חתונה האָבען אָהן אַ גט און נישט עובר צו זיין אויף חרם דרבינו גרשום. דער נודע ביהודה (חלק אבן העזר ס׳ ג׳) איז דערביי מקיל, אַז מען דאַרף נישט דוקא מאה רבנים, נאָר מאה לומדים איז אויך גענוג.

זאָגט מען דערויף בדרך הלצה, אַז היינטיגע צייטען איז דאָס נישט קיין קולא, נאָר אַ חומרא, דען ס׳איז אַ סך לייכטער צונויפצוקלויבען הונדערט רבנים, איידער הונדערט לומדים...

(נחלי דבש)

דערפאַר — האָט געזאָגט ר׳ אייזיל חריף — האָבען די מסדרי הש״ס געשטעלט די מסכת גטין פאַר דער מסכת קידושין — טראָץ דעם וואָס געדאַרפט וואָלט דאָך זיין פערקעהרט, ווייל צוערשט איז מען מקדש אַ פרוי און ערשט דערנאָך קאָן מען איהר אָב׳גט׳ן — כדי צו ווייזען, אַז הקב״ה מקדים רפואה למכה, אַז גאָט שיקט די רפואה פאַר דער מכה...

## ושמח את אשתו אשר לקח...
## לא יחבול רחים ורכב... (כד. ה. ו.)

ביי אידען איז ליידער איינגעפיהרט, אַז ווען מען מאַכט חתונה אַ קינד, פערשול־דיגט מען זיך און מען פער׳משכונ׳ט זיך ווי גרויס מען איז, שטעלענדיג זיך ממש בדיל־הדל... וואָרענט אונז, אַלזאָ, די תורה: „ושמח את אשתו אשר לקח״ — אודאי דאַרף מען זיך משמח זיין, אודאי איז פראַוועון אַ חתונה אַ דבר־גדול; אָבער — „לא יחבול רחים ורכב״, מען דאַרף זיך פונדעסטוועגען נישט צוליב־דעם פער׳משכונ׳ען און ווערען אַ בעל־חוב!...

(מלאכת מחשבת)

## ולך תהיה צדקה... (כד. יג.)

גיב צדקה ביי׳ם לעבען, ווען דאָס געלד איז נאָך „לך״, דיינס; נישט ווי עס זענען זיך נוהג געוויסע עשירים, וועלכע וואַרטען־אָב מיט דער צדקה און פערשרייבען עס ערשט אין דער צוואה צו פערטיילען עס נאָכ׳ן טויט!...

(כלי יקר)

## לא יומתו אבות על בנים... (כד. טז.)

דער אבן־עזרא זאָגט דערויף: „ותועי רוח ישאלו, איך אמר הכתוב לא יומתו אבות על בנים, ובמקום אחר אומר פוקד עון אבות על בנים, ושאלתם תהו״...

דידאָזיגע שאלה ווערט דאָך געפרעגט אין דער גמרא (ברכות ז׳). ווי־זשע קומט עס, וואָס דער אבן־עזרא זאָל זיך אויסדריקן וועגען די חז״ל מיט אַזעלכע שאַרפע ווערטער?...

(בית המדרש החדש)

## ולא תחבול בגד אלמנה... וזכרת כי עבד היית... (כד. יז. יח.)

ווער נישט אין כעס, בייזער דיך נישט: היתכן? רק מען הייסט מיר געבען: דעם — גיב, יענעם — גיב, דעם יתום זאָלסטו נישט קווּעלען, דער אלמנה זאָלסטו קיין עוולה נישט טהון, און אַזוי כסדר, אָהן אויפהער! ווי קאָן מען עס פון אַ מענשען אַזוי פיעל פערלאַנגען? — דענערוויר זיך נישט: „וזכרת כי עבד היית במצרים״, געדענק, אַז דו ביזט אַמאָל אַליין, נישט היינט געדאַכט, געווען אויף גרויסע צרות — אַ קנעכט, אַן אָרימער, געפייניגטער קנעכט אין מצרים...

(פנים יפות)

## ושכחת עומר בשדה... (כד. יט.)

אויך די מידת השכחא — דאָס פערגעסען — קאָן אַמאָל ברענגען נוצען. פאַרהאַן פאַלען ווען עס איז גוט צו פערגעסען!...

(נועם המצוות)

## ארבעים יכנו לא יוסיף... (כה. ג.)

„בספר תורה כתיב ארבעים ואתו רבנן בצרו חדא״ (מכות כ״ב)

און דאָס איז די גרעסטע רבותא פון די רבנן, דער גרעסטער שבח, אַז — זיי זענען בכח אויסצולייזען אַ אידישע פלייצע פון אַן איבריגען קלאַפּ...

(דברים נחמדים)

בשעת דער חדושי־הרי״ם איז געווען אַ אינגעל און גע׳שמ׳ט אַלס עלוי, האָט אַ בעריהמטער גביר איהם געוואָלט נעהמען פאַר אַ חתן. דער גביר, ווי דער שטייגער איז, האָט געשיקט צו איהם אַ „פּרובער״, אַ גרויסען למדן, ער זאָל איהם פערהערען אין לערנען, און דער „פּרובער״ האָט איהם געשטעלט פאָלגענדע שאלה: אין דער גמרא (מכות כ״ב) איז אַ פלוגתא צווישען צוויי תנאים, צווישען תנא־קמא און ר׳ יהודה, וועגען דער צאָהל מלקות. דער תנא־קמא האַלט, אַז מען דאַרף שלאָגען נישט־מעהר ווי ניין־און־דרייסיג מלקות, „ארבעים חסר אחת״, און ר׳ יהודה זאָגט — גאַנצע פיערציג. פרעגט זיך: וואו איז מעגליך אַזאַ פאַל, ווען מען זאָל קאָנען יוצא־זיין לויט ביידע תנאים, ווען סיי לויט׳ן תנא־קמא, סיי לויט ר׳ יהודה, זאָל מען שלאָגען יענעם דיזעלבע צאָהל מלקות?

— עס איז מעגליך — האָט דער עלוי מניה־וביה געענטפערט — אויף פאָלגענדען אופן: איינער, וועלכער איז אַליין געווען אַ שליח־בית־דין, האָט עובר געווען אויף ניין־

און־דרייסיג לאו׳ן, פאַר וועלכע עס קומט איהם צו שלאָגען ניין־און־דרייסיג מאָל מלקות. ביני־לביני האָט איהם בית־דין געשיקט מקיים־פּסק צו זיין אַ צווייטען, וועלכער האָט עובר געווען אויף אַ לאו, ער זאָל שלאָגען יענעם מלקות; אָבער אַנשטאָט צו שלאָגען יענעם ניין־און־דרייסיג מלקות, האָט ער איהם געשלאָגען פיערציג, אַלזאָ, לויט׳ן תנא־קמא, וועלכער האַלט „ארבעים חסר אחת״, האָט דערדאָזיגער שליח־בית־דין עובר געווען אויף אַ פרישען לאו: „לא־יוסיף״ — און עס קומט איהם שוין דעריבער צו שלאָגען פאַר פיערציג לאו׳ן, ס׳הייסט, פיערציג מאָל צו ניין־און־דרייסיג מלקות. לויט ר׳ יהודה דאַגעגען האָט דער שליח בית־דין דאָסמאָל טאַקע ריכטיג געהאַנדעלט און נישט עובר געווען אויף „לא־יוסיף״, און עס קומט איהם בלויז צו שלאָגען פאַר די פריהערדיגע ניין־און־דרייסיג לאו׳ן, ס׳הייסט, ניין־און־דרייסיג מאָל צו פיערציג מלקות. אַלזאָ — דער תנא־קמא און ר׳ יהודה גלייכען זיך דאָסמאָל אויס, דען פיערציג מאָל ניין־און־דרייסיג און ניין־און־דרייסיג מאָל פיערציג בעטרעפען דאָך דיזעלבע צאָהל — 1560...

## כי ישבו אחים וכו׳ ולקחה לו לאשה ויבמה... (כה. ה.)

דער טעם, פאַרוואָס מען האָט שפּעטער מבטל געמאַכט די מצוה פון יבום, איז, ווייל די דורות זענען געוואָרען זינדיג און ס׳איז דעריבער נישטאָ מעהר די זיכערקייט, צי דער ברודער, וועלכער איז געשטאָרבען אָהן קינדער, האָט נישט ערגעץ אַן־אונלעגאַל לעבעדיג קינד...

(אהל אברהם)

## לא יהיה לך בכיסך אבן ואבן גדולה וקטנה... (כה. יג.)

אין פלוג וואָלט דאָך געווען גענוג די תורה זאָל וואָרנען געגען אַ „אבן קטנה״, געגען דעם אַז דער קרעמער זאָל נישט האָבען ביי זיך אַ קליינעם שטיין, אַ קליין געוויכט, כדי ער זאָל דאָמיט נישט אָבנאַרען ביי׳ם וועגען די סחורה, נאָר געבען אַ גענויע רעיעלע וואָג; צו־וואָס אָבער וועט ער האַלטען ביי זיך אַ „אבן גדולה״, אַ גרויס געוויכט?

נאָר דער תירוץ איז, וואָס דאָס רמאות, דאָס אָבנאַרעריי, בעשטעהט דאַרין, וואָס ווייזען וועט ער ווייזען דעם קונה דעם גרויסען שטיין, דאָס גרויסע געוויכט, און וועגען — מיט׳ן קלענערען...

צום דובנער מורה־הוראה רבי אליהו (אַ חבר פון דובנער מגיד) זענען אַמאָל גע־קומען צו אַ דין־תורה צוויי בעלי־דינים, אַ מוכר און אַ קונה, וועלכע האָבען זיך געגענזייטיג בעשולדיגט: דער מוכר האָט פערקלאָגט דעם קונה, אַז ער האָט איהם אָבגענאַרט, געבענדיג איהם פאַר דער סחורה, וואָס ער האָט איהם פערקויפט, אַ פאַלש וועקסעל מיט אַ געפעלשטען אונטערשריפט. דער קונה ווידער האָט גע׳טענה׳ט, אַז דער מוכר האָט איהם אָבגענאַרט מיט דער סחורה, געגעבען איהם נישט דאָס, וואָס ער האָט בעשטעלט, סאַמע פסולת, דערצו האָט אויך געפעלט צו דער וואָג... אויסהע־ר׳ענדיג די טענות און צוזעהענדיג, וואָס פאַר אַ שקר עס הערשט אין היינטיגען עולם־המסחר, רופט זיך אָן רבי אליהו, אַז דאָס, אפנים, איז דער פשט פון פסוק: „כספך היה לסיגים סבאך מהול במים״ (ישעי׳ א׳). דער נביא קלאָגט זיך, אַז דאָס רמאות האָט

שוין אַזוי ווייט דערגרייכט, אַז מען נאַרט זיך און מען בעשווינדעלט זיך געגענזייטיג. „כספך היה לסיגים״, דער קונה נאַרט אָב דעם מוכר מיט פאַלש געלד, פאַלשע וועקסלען, און „סבאך מהול במים״, דער מוכר דעם קונה — מיט פאַלשע סחורה, געמישט מיט וואַסער...

## זכור את אשר עשה לך עמלק... (כה. יז.)

דעריבער האָט אונז די תורה אַזויפיעל מאָל אָנגעזאָגט און דעריבער טראָגען מיר אַזאַ פערביטערונג אויף עמלק׳ן, ווייל די מלחמה, וואָס עמלק האָט פערפיהרט געגען די אידען האָט צו זיך קיין גלייכען נישט מיט איהר באַרבאַריזם, נישט האָבענדיג אַבסאָלוט קיין שום גרונד און קיין שום מאָטיוו דערצו. האָט ער אפשר געהאַט מיט אונז סכסוכים וועגען גרעניץ־פראַגען? — נייך, „אשר קרך בדרך״, אין וועג האָט ער אונז געטראָפען, ווייט פון זיין לאַנד, ווייט פון צו האָבען מיט איהם אַ װעלכע עס איז שכנות! האָט ער פיליכט געהאַט מיט אונז אַלטע חשבונות פון פריהערדיגע צייטען, פאַר וועלכע ער האָט איצט געפונען אַ געלעגענהייט זיך אבצורעכענען? — נייך, „בצאתך ממצרים״, מיר זענען דאַן נאָר־וואָס אַרויס פון מצרים, וואו מיר זענען געווען הונדערטער יאָהרען אין גלות און מיר האָבען נאָכנישט בעוויזען קיין זעלבסטשטענדיג פאָלק צו ווערען און וועמען עס איז אָנצוריהרען! האָט ער זיך אפשר געשראָקען פאַר אונזערע אָנגריפס־פּלענער? — נייך, „ואתה עיף ויגע״, שוואַך און מיעד זענען מיר דאַן געווען, אַרומבלאָנדזשענדיג נע־ונד אין דער מדבר, דאַנקענדיג גאָט, אַז מען טשעפּעט אונז נישט! האָט זיך אפשר צופלאַקערט אין איהם אַ שנאה צו אונז אויפ׳ן רעליגיעזען באָדען, ווייל מיר דיענען נישט צום זעלבען גאָט, וואָס ער? נייך, „ולא ירא אלקים״, ער איז אַ גאַנץ קנאַפער „ירא־שמים״ געווען און הימעל־זאַכען זענען איהם גאַנץ וועניג אָנגעגאַנגען... אָהן אַ שום סיבה, אַלזאָ, איז ער אונז בעפאַלען, אָהן דעם מינדעסטען גרונד דערצו, און דעריבער — „זכור את אשר עשה לך עמלק... לא תשכח!״...

(רבי יחזקאל ליבשיץ)

דעריבער איז ביי אונז דער כעס אויף עמלק׳ן אַזוי גרויס, ווייל עמלק האָט אונז דער ערשטער אויפגעצוואונגען אַ מלחמה, איינצוריכטען אונזערע הענד אין מענשליך בלוט, וועהרענד אונזער שטרעבונג איז געווען צו בעזעצען זיך אינ׳ם לאַנד פון אונזערע אבות אָהן רציחה און מאָרד, צו דערגרייכען דאָס אויפ׳ן פריעדליכען אופן, ווי די תורה האָט אונז געלערנט: „והיה בקרבך אל עיר ופתחת אליה לשלום״...

(בנין אריאל)

צוליב־וואָס געפינט די תורה פאַר נויטיג צו וואָרענען אַזוי פיעל מאָל וועגען דער פערניכטונג און אויסראָטונג פון עמלק׳ן, אויף וועלכען מען זאָל קיין שום רחמנות נישט האָבען?

דערפאַר, ווייל עס ווערט דערמיט געפאָדערט פון אידען אַ זאַך, וואָס איז געגען זייער נאַטור...

(מגלת ספר)

## ואתה עיף ויגע... (כה. יח.)

דער „חוזה״ פון לובלין פלעגט זאָגען: „ואתה עיף ויגע״, דו קענסט זיין אַנ׳עיף ויגע,

אַ מיעדער און אויסגעמאַטערטער פון תעניתים וסגופים, דו קענסט איינרייסען אַ וועלט מיט דיין פרומקייט און דאָך זיין דערביי אַ — „ולא ירא אלקים”...

צום רבי'ן ר' בונם איז געקומען איינער פון זיינע חסידים און זיך מתנצל געווען פאַר איהם, אַז שוין אַ צייט לאַנג, ווי ער איז עוסק אין סיגופים און פאַסט הפסקות, כדי צו דערגרייכען צו הויכע מדרגות, ולסוף פיהלט ער גאָרנישט קיין שום פעולה...

האָט איהם דער רבי ר' בונם דערויף דערצעהלט אַ מעשה: דער בעל־שם־טוב האָט אַמאָל געהייסען שפּאַנען די פערד, מיט וועלכע ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, און היות ווי עס איז געווען אַ דבר־נחוץ און ער האָט געדאַרפט וואָס־שנעלער קומען אויפ'ן אָרט, האָט ער דורכגעמאַכט דעם וועג מיט קפיצת־דרך און די פערד זענען געפלויגען פייל אויסען בויגען... פליהענדיג אַזוי איבער'ן וועג האָבען זיך די פערד געוואונדערט, הלמאי מען שטעלט זיך נישט אָב ביי פערשידענע קרעטשמעס, צו וועלכע זיי זענען שטענדיג געוועהנט געווען, מען זאָל זיי דאָרט מכבד זיין מיט פאַשע. די פערדישע מוחות האָבען דעריבער געגומען טראַכטען, אַז נישט אַנדערש, זיי זענען נישט מעהר קיין פערד, נאָר מענשען, און אַלס מענשען וועלען זיי בעקומען צו עסען ערשט ווען מען וועט צוקומען צו אַ שטאָדט. מען פליהט אָבער פערביי דורך איין שטאָדט און נאָך אַ שטאָדט און מען שטעלט זיך אַלץ נישט אָב, איז די פערד איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אַז מסתמא זענען זיי נישט שוין קיין מענשען, נאָר מלאכים און מלאכים עסען נישט... שפּעטער, ווען מען איז ענדליך אָנגעקומען אויפ'ן בעשטימטען אָרט און מען האָט אַריינגעשטעלט די פערד אין שטאַל אַריין, האָבען זיי זיך צוגעכאַפּט צום פרעסען — ווי די פערד...

— מיט'ן פאַסטען אַליין — האָט דער רבי ר' בונם אויסגעפיהרט, ווענדענדיג זיך צום חסיד — ווערט מען נאָכנישט קיין מלאך, דער עיקר איז, ווי אַזוי מען פיהרט זיך נאָכ'ן פאַסטען...

## והיה בהניח וכו' תמחה את זכר עמלק מתחת השמים לא תשכח... (כה. יט.)

„והי' בהניח ד' לך מכל אויביך מסביב בארץ — בעת דו וועסט זיצען במנוחה אין דיין אייגען לאַנד, דאַן — תמחה את זכר עמלק, זאָלסטו מלחמה האַלטען מיט עמלק'ן און אָבמעקען זיין זכר, בשעת אָבער דו וועסט זיך געפינען — מתחת השמים — נישט אין דיין אייגען לאַנד, נאָר מפוזר ומפורד אין דער פרעמד, אונטער די הימלען, וואו דו וועסט נישט אימשטאַנד זיין מקיים צו זיין בפועל דעם „תמחה את זכר עמלק”, דאַן — „לא תשכח”, זאָלסטו על־כל־פנים זיך בעמיהען נישט צו פערגעסען...

(ילקוט סופר)

דאָ איז נישט דער טייטש „לא תשכח”, דו זאָלסט נישט פערגעסען, דען עס שטעהט דאָך שוין פריהער: „זכור את אשר עשה לך עמלק”, נאָר — דו וועסט נישט פערגעסען. עמלק וועט שטענדיג און איבעראַל אַלץ טהון פון זיין זייט, אַז דו זאָלסט, חלילה, נישט פערגעסען אין איהם...

(חקר דבר)

# כִּי תָבוֹא

## והיה כי תבוא אל הארץ... (כו. א.)

„עשה מצוה האמורה בענין שבשכרה תכנס לארץ" (ספרי)

פרעגט דער חתם סופר, ווי אויך דער פנים יפות: די מצוה פון בכורים געהער דאָך צו די „מצוות התלויות בארץ", וועלכע מען איז מחויב נאָר אין ארץ־ישראל, אָבער נישט פריהער, טאָ ווי געשיקט זיך צו זאָגען: „שבשכרה תכנס לארץ"?

ענטפערט דערויף רבי יצחק אלי׳ לאַנדוי, אַז דער „עשה מצוה האמורה בענין" בעציהט זיך נישט אויף דער מצוה פון ביכורים, נאָר אויף דעם אויספיהר פון דער פריהערדיגער סדרה: „תמחה את זכר עמלק", אַז מיר וועלען זיך נישט קאָנען פריהער בעזעצען אין ארץ־ישראל און נישט האָבען פריהער קיין מנוחה דאָרט, ביז עס וועט נישט אויסגעפיהרט ווערען דער געבאָט פון מחיית עמלק. ווי עס זאָגען אונז די חז"ל: „ועדיין איני יודע אם לבנות להם בית הבחירה תחלה או להכרית זרעו של עמלק תחלה כשהוא אומר והניח לכם מכל אויביכם וכו׳ הוי אומר להכרית זרעו של עמלק תחלה" (סנהדרין כ׳)...

## ולקחת מראשית כל פרי האדמה וכו׳ ושמת בטנא... (כו. ב.)

דער שיעור פון בכורים, פסק׳ענט דער רמב"ם, איז אַ זעכציגסט־חלק, „אחד מששים". וואונדערן זיך דערויף די מפרשים: פונוואַנען, פון וועלכען מקור האָט עס דער רמב"ם גענומען? אין דער גמרא ווערט דאָך וועגען בכורים קיין שום שיעור נישט אָנגעוויזען און עס ווערט דאָרט אַריינגערעכענט אינ׳ם כלל פון די „דברים שאין להם שיעור"!

ערקלערט עס דער ווילנער גאון:

אין מס׳ כלים פרק י"ב משנה ג׳ זאָגט דער ברטנורא, אַז „טנא מחזיק חצי סאָה"; אין כתובות קי"א, אויפ׳ן פסוק „ולשרקה בני אתונו", ווערט גע׳דרש׳ענט, אַז „אין לך כל אילן סרק שמארץ־ישראל שאינו מוציא משוי שתי אתונות; אין בבא־מציעא ווידער געפינען מיר, אַז די משא פון אַ חמור איז ט"ו סאָה. הייסט עס, אַלזאָ, אַז די פירות פון אַן׳ארץ־ישראל־בוים, וועלכער איז דאָך אַ „מוציא משוי שתי אתונות", ווערען אָבגעשאַצט דורכשניטליך אויף דרייסיג סאָה — און היות ווי ביים ברענגען בכורים זאָגט די תורה „ושמת בטנא", און אַ טנא איז דאָך אַ ח צ י ־ ס אָ ה, נמצא, קומט־אויס, אַז מען דאַרף אַראָבגעבען אַ זעכציגסט־חלק, „אחד מששים"...

## הגדתי היום לד׳ אלקיך... (כו. ג.)

עס שטעהט נישט „אלקינו", נאָר „ א ל ק י ך ": ווייל די אמת׳ע געטליכקייט פיהלט דער איד נאָר אין ארץ־ישראל, און משה רבינו איז דאָך קיין ארץ־ישראל נישט אַריינגעגאַנגען... (זוהר)

## ארמי אובד אבי... (כו ה.)

עס שטעהט נישט „א ב ד אבי״, נאָר „אובד״, אַ הווה. עד־היום נאָך האָט ער זיין אַרבייט נישט אָבגעשטעלט, ער איז כסדר אַ הולך ואובד...

(רבי חיים צאַנזער)

## ארמי אובד אבי וירד מצרימה... (כו. ה.)

די שנאה פון די ברידער צו יוסף׳ן, די מעשה פון „מכירת־יוסף״, וואָס האָט אַלס רעזולטאַט געבראַכט דערצו, אַז די בני־ישראל זאָלען פערוואָגעלט ווערען קיין מצרים — דאָס אַלץ האָט זיך גענומען צוליב קנאת־אַחים, צוליב דעם, וואָס יעקב האָט ליעבער געהאָט יוסף׳ן פון אַלע זיינע קינדער, כאָטש ער איז געווען צווישען זיי דער יונגסטער. ווען, אַלזאָ, לבן האַרמי וואָלט נישט אָבגענאַרט יעקב׳ן, און יעקב וואָלט, ווי דער מדובר איז געווען, חתונה געהאָט פריהער מיט רחל׳ען, דאַן וואָלט דאָך יוסף געווען דער בכור, ממילא וואָלט דאָך קיין סיבה נישט געווען צו דער קנאה־שנאה פון די ברידער, און ממילא וואָלט נישט געקומען צו „מכירת־יוסף״, צו דער הויפט־סיבה, וואָס האָט גורם געווען צום „וירד מצרימה״...

(תורת משה)

## ויגר שם במתי מעט ויהי שם לגוי גדול... (כו. ה.)

אַזוי איז עס פון שטענדיג אָן דער דרך פון די שונאי־ישראל צו שרייען, אַז „אידען זענען אומעטום״, אַז די אידען האַלטען אַלע וויכטיגע פּאָזיציעס, אַז די אידען זענען אַ „וועלט־מאַכט״. אבוואהל, באמת זענען מיר טאַקי נאָר „מתי מעט״, איז אָבער „ש ם״, אין די אויגען פון אונזערע פיינד, זענען מיר — „גוי גדול עצום ורב״...

(מקרא מפורש)

„גוי״ איז אַ העכערע מדרגה, ווי „עם״, און דערויף שטיצט זיך דער דרש: „ויהי שם לגוי — מלמד שהיו ישראל מצוינים שם״... אַ בעוויז: „הגוי גם צדיק תהרוג״...

(מקור ברוך)

## וירעו אותנו המצרים ויענונו... (כו. ו.)

„וירעו אותנו״, זיי האָבען אונז שלעכט געמאַכט. צוליעב דער עבודה קשה, מיט וועלכער זיי האָבען אונז געפּייניגט, צווינגענדיג אונז צו לעבען אין די אונערטרעגליכסטע בעדינגונגען, האָבען זיי אונז דערפיהרט דערצו, אַז מיר זאָלען ווערען צווישען זיך גופא שלעכט און אונבע׳רחמנות׳דיג איינער צום צווייטען...

(אלשיך)

## ועתה הנה הבאתי את ראשית פרי האדמה... (כו. י.)

רבי אלי׳ חיים מייזעל האָט זיך אַמאָל געווענדעט צו אַ לאָדזער גביר נאָך אַ נדבה, אויף וואָס יענער האָט געענטפערט, אַז ער קאָן ליידער נישט געבען און דערביי מיט גרויס פערביטערונג און דענערווירונג גענומען שילדערען דעם שווערען מצב זיינעם: דאָס עסק איז איהם נישט געלונגען און מיט יענעם געשעפט איז ער דורכגעפאַלען. מיט

איין וואָרט, עס איז איהם ביטער פון אַלע זייטען און וועגען געבען נדבות קאָן קיין רייד נישט זיין.

אין אַ צייט אַרום איז דער אייגענער גביר גאָר שטאַרק נתעלה געוואָרען און געמאַכט אַ גרויס עשירות, און בשעת רבי אלי' חיים האָט איהם דאַן באַגעגענט אין גאַס און איהם געפרעגט, וואָס עס הערט זיך, האָט ער אָבגעענטפערט מיט איין וואָרט:

— אַזוי . . .

רופט זיך אָן צו איהם רבי אלי' חיים, אַז איצט ווערט איהם פערשטענדליך דער מדרש אין פ' תבוא. אויפ'ן פסוק „ועתה הבאתי את ראשית פרי האדמה" זאָגט דער מדרש: „אדם אומר את שבחו בקול נמוך ואת גנותו בקול רם, שבחו בקול נמוך — מן ודוי מעשר, ואת גנותו בקול רם — ממקרא בכורים".

איז אייגענטליך, מיט וואָס איז דער ודוי־מעשר אַ שבח און מקרא־בכורים אַ גנאי?

נאָר „שבחו" מיינט מען: זיין גוטע לאַגע, און „גנותו" — די שלעכטע לאַגע. בשעת מען ברענגט בכורים, קאָן מען דערפון נישט אורטיילען, ווי אַזוי עס זעהט אויס דיווירקליכע מאַטעריעלע לאַגע פון יעדען איינעם, דאָ זעהט מען נישט אַרויס דעם „שבח" נאָר דעם „גנאי", דען יעדער איינער ברענגט בלויז אַ קליין קוישעל מיט די ערשטע עטליכע צייטיגע פירות, יעדער איינער זעהט נעביך דערביי אויס, ווי אַן אָרימאַן, וועלכער האָט נישט מורא מען זאָל איהם מקנא זיין און רייסען פון איהם נדבות און דעריבער לייענט ער דעם מקרא־בכורים בקול רם — דאַגעגען ביי מעשר דערזעהט מען ביי יעדען איינעם דעם „שבח". לויט דער גרויס פון מעשר, וואָס ער ברענגט, ווערט מען גלייך געוואהר וויפיעל ער פערמאָגט, ווי גרויס עס איז זיין סטאַדע בהמות, זיין בעטרעף פון תבואה און פירות, און דעריבער זאָגט ער דעם ודוי־מעשר בקול נמוך, מחמת וועגען אַזעלכע זאַכען האָט מען נישט ליעב צו רעדען הויך, טאָמער וועט דער לאַדזער רב קומען צו איהם בעטען אַ נדבה...

## ואמרת וכו' בערתי הקדש מן הבית... (כו. יג.)

דער טעם, פאַרוואָס מען דאַרף זיך מתודה זיין, אַז מען האָט מקיים געוועזן די מצוה פון מעשר, וואָס מיר געפינען עס נישט ביי קיין שום אַנדערע מצוה, איז דערפאַר, ווייל מעשר איז אַ „ממון שאין לו תובעים", עס איז אַזאַ חוב, וואָס קיינער קאָן איהם נישט מאָהנען, מחמת ער האָט דאָס רעכט צו ענטפערען יעדען לוי, אַז ער וויל עס נישט געבען איהם, נאָר אַ צווייטען לוי, און אין געלד־זאַכען, ובפרט נאָך בשעת עס איז נישטאָ ווער עס זאָל מאָהנען, איז דער מענש בטבע זעהר לייכט נכשל צו ווערען... און דעריבער האָט השי"ת בעפוילען, ער זאָל זיך עפענטליך מתודה זיין אין בית־המקדש, ווי אַזוי ער האָט זיך נוהג געווען מיט די מעשרות, און דאָס וועט איהם אָבשרעקען. עפענטליך, אין בית־המקדש, ווענדענדיג זיך מיט זיינע ווערטער צו השם־יתברך, וועט ער מורא האָבען צו זאָגען ליגען...

(אברבנאל)

## לא עברתי ממצותיך ולא שכחתי... (כו. יג.)

וועגען דעם המשך, וואָס עס האָט דער „לא עברתי ממצותיך ולא שכחתי" צום „בערתי הקדש מן הבית", ווערט נאָכגעזאָגט אין נאָמען פון מגן־אַברהם (געבראַכט אין ס' „שמן ששון") אַ ווערטעל בדרך הלצה וחדוד.

אין מדרש פ' עקב ווערט ערקלערט, אַז אויב מען איז נזהר אין מעשרות, זענען

דאָן נישט שולט קיין עכברים אין דער תבואה (זעה דאָרט די מעשה מיט רבי פינחס בן יאיר), און דאָס איז דאָך ידוע, אַז אויב מען עסט אַ מאכל, צו וועלכען עס האָבען זיך פריהער צוגעריהרט עכברים, איז עס קשה לשכחה, ווערט דערפון דער זכרון אָבגע־שוואַכט (אַזוי ווערט געבראַכט אין מס׳ הוריות, אויך אין ש״ע הלכות דרך־ארץ).

און דאָס, אַלזאָ, איז דער פשט: „בערתי הקדש מן הבית״, כ׳בין געווען נזהר אין דער מצוה פון מעשרות, וממילא — „לא עברתי ממצוותיך ולא שכחתי״, בין איך נישט געקומען צו קיין שכחה (דען עס האָבען נישט שולט געווען קיין עכברים אין דער תבואה)...

## לא אכלתי באוני ממנו... ולא נתתי ממנו למת... (כו. יד.)

פאַרהאַן אַזעלכע אידען, וועלכע האַלטען פון אידישקייט נאָר בשעת „אנינות״ און „אבלות״ נאָך אַ מת. עס איז דער בעקאַנטער טיפּ פון „קדיש־און־יאָהרצייט־אידען״... די תורה וואָרנט פאַר אַזאַ מין אידישקייט; „ולא נתתי ממנו למת״! — די אידישע תורה איז אַ תּ ו ר ת ־ ח י י ם, אַ תורה פאַר לעבעדיגע, נישט פאַר טויטע!...

(דרשות אל עמי)

## השקיפה ממעון קדשך... (כו. טו.)

„עשינו מה שגזרת עלינו״ (רש״י)

מיר האָבען געפאָלגט די גזירה, אָוועקצושטעלען זיך און אויסצורופען: „שמעתי בקול ד׳!״ „עשיתי ככל אשר צויתני!״ — ווי שווער דאַרף עס זיין פאַר אַ איד צו זאָגען אַליין אויף זיך, עפענטליך, בקול רם, אַזעלכע לויב־ווערטער!...

(רבי דוד׳ל לעלעווער)

פון די זיעבען נעמען, וואָס עס האָבען די שבעה רקיעים, האָט יעדער נאָמען אַ בעזונדערע בעדייטונג. דער אויסדרוק „מעון״ בעדייט אַלס מקור און שפע פון די הימלישע ברכות, ווי: „מעון אתה היית לנו בכל דור ודור״ (תהלים צא.) און „מעונה אלקי קדם״ (דברים לג. כג.)... און לויט דעם איז אויך אָנצונעהמען, אַז אין דער תפילה פון „מגן אָבות״, וואָס מיר זאָגען פרייטאָג־צו־נאַכטס, איז אין די ווערטער „ובודה לשמו בכל יום תמיד מעין הברכות״ אַריינגעפאַלען אַ טעות־הדפוס: אַנשטאָט „מעין הברכות״, וואָס האָט קיין שום פשט און קיין שום בינדונג נישט מיט די פריהערדיגע ווערטער, דאַרף זיין „ מ ע ו ן הברכות״ (מיט אַ ו׳). נאָך די ווערטער „בכל יום תמיד״ קומט אַלזאָ אַ ה פ ס ק ה , און דאַן הויבט־זיך־אָן אַ בעזונדערער זאַץ — „מעון הברכות, אל ההודאות, אדון השלום״ וכו׳. און אַזוי איז עס טאַקע געדרוקט אין אַנ׳ארץ־ישראל׳דיגען סדור „נוסח אַרצות תימן״.

(תורה תמימה)

## וד׳ האמירך היום להיות לו לעם סגולה וכו׳ ולשמור כל מצותיו... (כו. יח.)

עס שטעהט דאָך שוין אין פריהערדיגען פסוק: „ולשמור חקיו ומצותיו ומשפטיו ולשמוע בקולו״?

נאָר דער „ולשמור כל מצותיו״ — פלעגט זאָגען רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער —

געהט דאָ אַרויף אויפ׳ן רבונו־של־עולם. אויף השי״ת האָט לגבי אונז צו ערפילען געוויסע מצוות און פערפליכטונגען, די מצוה פון „פעולת שכיר״ און — „בני חיי ומזוני״...

## וכתבת על האבנים את כל דברי התורה הזאת באר היטב... (כז. ח.)

„באר היטב — בשבעים לשון״ (רש״י)

אויף ריזיגע שטיינער, אבנים גדולות, האָט מען געהייסען אויפשרייבען די אידישע תורה, און אין אַלע שבעים לשונות, זי זאָל פאַר אַלעמען זיין צוגענגליך, אַלע זאָלען זי פערשטעהן, בכדי אויסצומיידען, אַז די אומות העולם זאָלען נישט אויסטראַכטען אויף דער תורה און נישט פערשפרייטען אין איהר נאָמען פערשידענע שקרים און שטותים...

(כפלים לתושיה)

## ועשית את מצותיו ואת חוקיו... (כז. י.)

דער, וואָס לערנט תורה און איז זי נישט מקיים — איז זיין שטראָף האַרבער, ווי דער, וואָס לערנט אינגאַנצען נישט! אַ משל צו אַ מלך, וועלכער האָט אַריינגעזעצט צוויי אַגראָנאָמען אין זיין גאָרטען; איינער האָט געפלאַנצט בוימער און נאָכדעם זיי אונטערגעהאַקט, און דער צווייטער האָט אינגאַנצען נישט געפלאַנצט. אויף וועמען איז דער מלך מעהר אין כעס? צי נישט אויף דעם, וועלכער האָט געאַרבייט און געשאַפען און נאָכדעם מיט די איגענע הענד די שאַפונגען פערדאָרבען?...

(דברים רבה)

## ארור האיש אשר יעשה וכו׳ ושם בסתר... (כז. טו.)

די אַלע אויסגערעכענטע עלף קללות (זעה אין אבן־עזרא) זענען געווענדעט רק געגען די צבועים, די „עושים בסתר״. די תורה שעלט נישט דעם, וואָס זינדיגט בגלוי, וואָרום אויף אַזעלכען איז נאָך פאַרהאַן אַ האָפנונג, אפשר וועט ער נאָך תשובה טהון, דאָ־געגען דער „שם בסתר״, דער צבוע — פון איהם וועט שוין קיין גוטס נישט אַרויסקומען, אַזאַ איינער איז שוין אַ פערפאַלענער...

(בית שמואל אחרון)

## ובאו עליך כל הברכות האלה והשיגוך... (כח. ב.)

אויך דאָס גופא איז אַ ברכה. נישטאָ קיין גרעסערער נסיון פאַר אַ מענש, ווי דער נסיון פון עשירות: „פן תאכל ושבעת וכו׳ ורם לבבך ושכחת את ד׳ אלקיך״ און „וישמן ישורון ויבעט״. אַלס הקדמה צו די ווייטער אויסגערעכענטע ברכות קומט, אַלזאָ, פריהער די סאַמע נויטיגסטע און וויכטיגסטע ברכה, אַז „ובאו עליך כל הברכות האלה והשיגוך״, אַז כאָטש דו וועסט געבענשט ווערען מיט די אַלע ברכות, דאָך וועט עס דיך נישט אָראָב־פיהרען פון וועג און עס וועט ביי דיר ווייטער זיין דער „כי תשמע בקול ד׳ אלקיך״...

(רעיונות וחומר לדרוש)

## ברוך אתה בעיר וברוך אתה בשדה... (כח. ג.)

די שטאָדט האָט איהרע מעלות: מען לעבט קאָנצענטרירט אין אַ גרעסערן קיבוץ,

עס איז אַנ׳אָרט פון תורה וחכמה, מען געניסט פון פערשידענע בעקוועמליכקייטען. דאָס דאָרף ווידער האָט זיינע מעלות: דאָס לעבען איז רוהיגער, די לופט איז ריינער, די בעציהונג פון מענש צו מענש איז פרידליכער און פריינדליכער. דער וואונש איז אַלזאָ: „ברוך אתה בעיר וברוך אתה בשדה" — זאָלסט זיין געבענשט מיט דער ברכה פון שטאָדט און מיט דער ברכה פון דאָרף!...

(חתם־סופר)

„ברוך אתה בבאך — שיהא ביתך סמוך לבית־הכנסת" (מדרש)

פאַרהאַן מענשען, וואָס זייער גאַנץ אידישקייט ליעגט בלויז אין שוהל: דאָרט זענען זיי פרום און גוט, פריינדליך און היימיש מיט יעדען, פול מיט עניוות און מיט דרך־ארץ פאַר יעדען תלמיד־חכם. גאַנץ אַנדערש אָבער זענען זיי בײַ זיך אין הויז, וואו זיי זענען נישט מעהר דיזעלבע: דאָרט זענען פאַר זייער פרומקייט און גוטסקייט די טהירען געשלאָסען... און דאָס איז דער זין: „שיהא ביתך סמוך לבית־הכנסת" — פיהר־זיך־אויף אין דער היים, ווי דו פיהרסט זיך אין שוהל!...

(מגד ירחים)

## והלוית גוים רבים ואתה לא תלוה... (כח. יב.)

דעריבער ווערען צוגעגעבען די ווערטער „ואתה לא תלוה", דען עפ"י רוב איז דער סוף פון די, וועלכע ענטלייהען אַוועק זייער געלד, אַז זיי זעהען סוף־כל־סוף מעהר זייער געלד נישט צוריק און זיי מוזען נאָכהער אַליין אָנקומען נאָך אַ הלואה...

(כפלים לתושיה)

## ובאו עליך כל הקללות האלה... (כח. טו.)

די תוכחה אין ויקרא איז געזאָגט געוואָרען, לויט דער ערקלערונג פון רמב"ן, אויפ׳ן חורבן ראשון, דאַגעגען די תוכחה אין דברים געהט אויפ׳ן חורבן שני — און דעריבער ווערט די ערשטע תוכחה געשריבען בלשון־רבים: „ונתתי את עריכם חרבה", „והשמותי את מקדשיכם" א. אַז. וו., און די צווייטע תוכחה — בלשון־יחיד. דען דער חורבן בית־שני איז פאָרגעקומען צוליב שנאַת־חנם, צוליב אינטריגעס און אַמ־ביציעס פון פערזענליכען כאַראַקטער, ווען מען האָט אויפגעהערט צו פיהלען דעם צער פון פאָלק און די זאָרגען פאַר זיין גורל און יעדער האָט בלויז אין זינען געהאַט זיינע אייגענע, קליינליכע אינטערעסען...

(ילקוט מרגליות)

## יככה ד׳ בשחפת וכו׳ ובחרחר... (כח. כב.)

מען האָט אַמאָל דערצעהלט רבי שמואל מאָהילעווער וועגען אַ שאַרפע מחלוקת, וואָס קומט־פאָר אין אַ שטעדטעל נעבען ביאַליסטאָק, וואו עס האָט זיך אַריינגעריסען אַ יונגערמאַן, אַ רבי׳ש אייניקעל, און מיט׳ן כח פון דער רבי׳שער תקיפות האָט ער פער־כאַפּט די פריי־געוואָרענע כסא־הרבנות, הגם ער איז לויט זיינע קוואַליפיקאַציעס ווייט נישט ראוי דערצו.

האָט רבי שמואל מאָהילעווער דערויף געענטפערט מיט אַ קרעכץ, אַז אויך דאָס געהער בעוה"ר צו די קללות פון דער תוכחה: „יככה ד׳ בשחפת ובחרחר". „חרחר" מאַכט: „חצי רב — חצי רבי"...

## והיית ממשש בצהרים כאשר ימשש העור באפלה... (כח. כט.)

עס וואָלט דאָך געגוג געווען, עס זאָל שטעהן בלויז, „כאשר ימשש העור", אָהן דעם וואָרט „באפלה", וואָרום וואָס איז דען פאַר דעם בלינדען אַ'אונטערשיעד, צי ער טאַפּט אין דער פינסטער, אָדער אין דער ליכטיגקייט, אַלץ איינס זעהט ער דאָך נישט?

נאָר דער אונטערשיעד איז, וואָס בשעת עס איז ליכטיג, ווערט ער בעמערקט דורך די פאַרבייגעהער, וועלכע זענען זיך מרחם אויף איהם און געבען אַכטונג, ער זאָל, חלילה, נישט געשטרויכעלט ווערען און זיי העלפען איהם געהן אויפ'ן ריכטיגען וועג. אַנדערש אָבער איז, ווען דער בלינדער געהט אין דער פינסטער, וואו ער ווערט נישט בעמערקט און נישט געזעהען פון קיינעם, וואָס זאָל איהם צו־הילף קומען און ער איז דאַן אויסגעשטעלט אויף אַ זיכערע געפאַהר.

און דאָס איז דער זין פון דער דאָזיגער קללה אין דער תוכחה: די אידען וועלען זיך געפינען אין אַזאַ מורא'דיגען מצב, אין אַזאַ ירידה־צושטאַנד, „כאשר ימשש העור באפלה", ווי אַ בלינדער, וואָס טאַפּט אין דער פינסטער. עס וועט נישט זיין קיינער, וואָס זאָל זיך אויף זיי אַרומקוקען און זיי אַ האַנד אויסשטרעקען און אין גלייכען וועג פיהרען...

(אור המוסר)

## והיית אך עשוק וגזול כל הימים ואין מושיע... (כח. כט.)

„והיית אך עשוק — בכל מעשיך יהי' ערעור" (רש"י)

פון אַלע דיינע מעשים, הייסט עס, וואָס דו זאָלסט נישט טהון און ווי אַזוי דו זאָלסט זיך נישט אויפפיהרען, וועט מען אַלץ פון דיר זיין אונצופרידען...

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיגער בעקאַנטער בעציהונג צו אידען איז די מעשה, וואָס ווערט דערצעהלט אין מדרש (מדרש תהלים יב.): אַ רוימישע מטרוניתא האָט פערלוירען אַ קעסטעל מיט גאָלדענע מטבעות. האָט עס אַ איד געפונען און איהר אָב־געבראַכט. די מטרוניתא האָט זיך שטאַרק דערפרעהט און זי האָט איהם געדאַנקט און פערענדיגט איהר דאַנק האָט זי מיט אַ „ברכה", אַז נאָך אַזעלכע אידען, ווי ער, זאָלען זיך נישט געפינען מעהר... ווייל — האָט זי זיך דאַן געווענדעט צו די מקורבים איהרע, וועלכע האָבען זיך געוואונדערט אויפ'ן דאָזיגען מאָדנעם וואונש איהרען — ווען עס זאָלען זיין, חלילה, אַ סך אַזעלכע אידען, „אַנן לא הוינן בעלמא", וואָלט פאַר אונז קיין אָרט נישט געווען אויף דער וועלט, וואָרום ווי אַזוי וואָלטען מיר דאַן אויסגעזעהען, וואָס פאַר אַ פנים וואָלטען מיר געהאַט געגען זיי?...

אויך דאָס איז אַ בעזונדערע מין קללה: „בכל מעשיך יהי' ערעור", אידען זאָלען דאַרפען האַלטען אין איין מערער זיין, אין איין פּראָטעסטירען. מען וועט זיך דאַרפען רק פערנעהמען מיט איינאָרדנען פּראָטעסט־פערזאַמלונגען און אָננעהמען פּראָטעסט־רעזאָלוציעס...

(אמרי חן)

עס וועלען אַמאָל קומען — האָט געזאָגט רבי מענדעלי קאָצקער — אַזעלכע שווערע צייטען פאַר אידען, ווען איינער דעם אַנדערען וועט נישט אימשטאַנד זיין צו העלפען, נישט נור מיט געלד, נאָר אַפילו מיט אַ קרעכץ, מחמת ער וועט דעם קרעכץ דאַרפען האָבען פאַר זיך...

## והיית משוגע ממראה עיניך אשר תראה... (כח. לד.)

משוגע אויף — „מראה עיניך אשר תראה": צו גלוסטען צו אַלעם, וואָס די אויגען זעהען ביי יענעם, נאָכצוגעהן די מאָדע, מיטצומאַכען דעם לוקסוס... דאָס וועט זיין די הויפּט־קללה, וועלכע וועט גורם זיין צו אַלע פריהער־אויסגערעכענטע קללות, ווי: „אשה תארש ואיש אַחר ישכבנה" און „בית תבנה ולא תשב בו" וכו', ביז — „והיית רק עשוק ורצוץ כל־הימים"!...

(אור תורה)

„והיית משוגע ממראה עיניך"!... „מ מ ר א ה ע י נ י ך" — פון די אָנפיהרער, די „עיני העדה". עס וועט דיך אַרומנעהמען אַ שרעק אָנצוקוקען, ווער דיינע פיהרער און מנהיגים זענען!...

(רבי שמעון סופר)

## ועבדת שם אלקים אחרים וכו' והיית לשמה למשל ולשנינה... (כח. לו. לז.)

דו וועסט וועלען בושא־חן זיין ביים גוי און זיך צופּאַסען צו זיינע מנהגים און דיענען זיינע געטער, אָבער אויך דאָס וועט דיר נישט העלפען. אַפילו „ועבדת שם אלהים אַחרים", דאָך — „והיית לשמה למשל ולשנינה", וועסטו אַלץ זיין צו־שאַנד און צו־שפּאָט...

(לויט'ן אבן־עזרא)

## הגר אשר בקרבך יעלה עליך מעלה מעלה... (כח. מג.)

אַן׳אויפגעקומענער גביר, וועלכער ווערט רייך איבער נאַכט, רופט נישט אַרויס צו זיך די אַכטונג און דעם כבוד, וואָס מען פיהלט צו איינעם, וועלכער האָט דערגרייכט צו זיין עשירות לאַנגזאַם, שטופּענווייז. פערקעהרט ווידער, אַ גביר, וועלכער האָט מיט איינמאָל, פּלוצלינג זיין גאַנץ פערמעגען פערלוירען, דערוועקט צו זיך מעהר מיטגעפיהל און מען קומט איהם גיכער צו־הילף, ווי איינעם, וועלכער נידערט אַראָב לאַנגזאַם, פּאַמעליך. צו אַ לאַנגזאַמער ירידה ווערט מען צוגעוואוינט, אַזוי אַז בשעת עס ווערט יענעם גאָר שלעכט, קוקט מען שוין דאַמאָלס אויף איהם, ווי אויף אַ ג ע ב ו י ר ע נ ע ם קבצן... און דאָס איז די קללה פון דער תוכחה: „הגר אַשר בקרבך יעלה עליך מעלה מעלה ואַתה תרד מטה מטה" — יענער, דער פרעמדער, וועט ווערען אַ לאַנגזאַמער ג ב י ר, און דו — אַ לאַנגזאַמער י ו ר ד!...

(תורת משה)

## הוא ילוך ואתה לא תלונו... (כח. מד.)

די צאַרישע רעגירונג אין רוסלאַנד האָט געהאַט אַרויסגעגעבען אַ פעראָרדנונג, אַז די אידען האָבען נישט דאָס רעכט צו געניסען פון רעגירונגס־קרעדיט, די מלוכה־בענק טאָרען נישט געבען די אידישע סוחרים קיין הלוואות.

האָט דאַן געזאָגט דערויף רבי יצחק־אלחנן: מערקווירדיג! אַלס איינע פון די קללות אין דער תוכחה ווערט געזאָגט: „הוא ילוך ואתה לא תלונו". ער, דער שונא, וועט דיר יאָ לייהען, ווייל ער וועט האָבען געלד, דו אָבער וועסט איהם נישט לייהען, ווייל דו וועסט נישט האָבען קיין געלד. אַזוי ווייט אָבער, אַז ער זאָל האָבען געלד און דיר נישט וועלען לייהען, דאָס, זעהט אויס, האָט אַפילו די תוכחה נישט פאָראויסגעזעהען...

## ובאו עליך כל הקללות... כי לא שמעת בקול ד׳... (כח. מה.)

אין בוסק האָט אַמאָל אויסגעבראָכען אַן׳עפּידעמיע. ווי דער שטייגער איז, האָט זיך דער עולם פּערזאַמעלט אין שוהל און מתפלל געווען און געזאָגט תהלים — און דאַן האָט דער ועד־הקהלה בעשלאָסען, אַז עטליכע חשוב׳ע בעלי־בתים זאָלען זיך אַרויסלאָזען איבער דער שטאָדט חוקר־ודורש זיין, צי איז נישט ווער פון די איינוואוינער עפּעס אַ שווערע זינד בעגאַנגען און צוליב דער שולד פון דידאָזיגע חוטאים ווערט די שטאָדט אַזוי שווער בעשטראָפט... דער רב, רבי מרדכי עליאַשבערג, האָט אָבער דערויף נישט מסכים געווען, זאָגענדיג: אמת, אַודאי זענען מיר עפ״י התורה מחויב צו גלויבען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין שטראָף אָהן זינד; אָבער זוכען דאַרף מען די זינד נישט ביי אַנדערע, נאָר ביי זיך אַליין!...

## תחת אשר לא עבדת את ד׳ אלקיך בשמחה... (כח. מז.)

רבי נחמן בראַצלאַווער, וועלכער איז געווען, כידוע, אַ שטאַרקער אָנהענגער פון עבודה מתוך שמחה, שרייבט אין אַן׳אָרט:

„תחת אשר לא עבדת את ד׳ אלקיך בשמחה״, שמחה איז דער שטאַרקסטער פּאַנצער געגען אַלע מיני פּורעניות ר״ל. געגען שמחה קאָן אפילו די תוכחה קיין שליטה נישט האָבען, ווי דער פּסוק זאָגט אונז בפירוש: „ובאו עליך כל הקללות האלה וכו׳,״ די אַלע קללות ר״ל קאָנען האָבען אַן׳אָרט נאָר דאַן און נאָר דערפאַר — „תחת אשר לא עבדת את ד׳ אלקיך בשמחה״...

נישט בלויז וואָס „לא־עבדת את ד׳ אלקיך״, נאָר דו ביזט נאָך גאָר צופרידען געווען דערפון, ג ע ה אַ ט ש מ ח ה פון נישט־דינען דעם אויבערשטען!...
(רבי ר׳ בונם)

## ועבדת את אויביך וכו׳ ברעב ובצמא ובעירום ובחוסר כל... (כח. מח.)

דו ווערסט איבערגעגעבען ווערען צו אַזאַ פיינד, וואָס ער אַליין וועט זיין אַ „רעב וצמא ועירם וחסר כל״, ער אַליין וועט זיין אַ הונגעריגער, אַ קבצן און ער וועט דעריבער שינדען פון דיר די הויט, פערלאַנגענדיג דו זאָלסט איהם אויסהאַלטען, דו זאָלסט איהם דעקען דעם בודזשעט...
(בינה לעתים)

## ובעירום ובחוסר כל... (כח. מח.)

„חסדא אמר בלא אשה, רב ששת אמר בלא שמש, רבן נחמן אמר בלא דעת״ (נדרים מ״א)

יעדער איינער פון זיי האָט געדרשנ׳ט לויט זיין אייגענעם נסיון, לויט זיין אייגענער ערפאַהרונג און אומשטענדען. ר׳ חסדא, ווי באַקאַנט, האָט חתונה געהאַט אַלט זייענדיג זעכצעהן יאָהר און פון דער גמרא (קדושין פ״ט) איז צו זעהן, אַז ער האָט געהאַלטען, אַז אַ מאַן דאַרף פריה חתונה האָבען און נישט בלייבען זיצען אָהן אַ פרוי. דעריבער האָט ער געטייטשט: „בחוסר כל — בלא אשה״. ר׳ ששת, וועלכער איז געווען אַ סגי־נהור און האָט זיך גענויטיגט אין איינעם וואָס זאָל איהם אַרומפיהרען און משמש זיין, האָט גע־טייטשט: „בחוסר כל — בלא שמש״. ר׳ נחמן, וועלכער דריקט זיך אויס אין דער

גמרא (קדושין ל"ג) „אי לאו תורה כמה נחמן בר אבא איכא בשוקא" האָט געטייטשט: „בחוסר כל — בלא דעת", אָהן וויסען, אָהן תורה...

(המפתח)

## גוי עז פנים... (כח. נ.)

„אל תתן ד' מאויי רשע זממו אל תפק ירומו סלה. אמר יעקב לפני הקב"ה אל תתן לראמילוס תאוות לבו זממו אל תפק זו גרמומיא של ארם, שאלמלא הן יוצאין מחריבין את העולם כולו" (מגילה ו')

אין די הגהות פון ר' יעקב עמדין אין ווילנער ש"ס ווערט דאָרויף באַמערקט: „זו גרמניא שלנו", אַז מיט „גרמומיא" ווערט געמיינט — דייטשלאַנד.

אין אַ דרשה, שמחת־תורה, אין יאָהר תרע"ו, האָט דער אַדמו"ר פון ליובאַוויטש ר' שלום־בער זצ"ל געזאָגט: „איך האָב אַ קבלה, אַז דער מגיד פון מעזריטש האָט איבערגע־געבען אונזער אַלטען רבי'ן „יחודים" פאַר יעדע איינע פון די מדינות העולם, אויסער דייטשלאַנד. דאָס דאָזיגע לאַנד, האָט ער געזאָגט, פאַרמאָגט נישט מעהר קיין ניצוץ פון קדושה; עס איז שלעכט דורך־און־דורך און דאַריבער טרעט עס אַזוי גאוה'דיג און אָהן דער מינדעסטער בושה מיט די פיס אַלע מאָראַלישע ווערטען און יעדעס געזעץ פון מענשליכען דרך־ארץ. עס איז פון איהר מעהר נישטאָ וואָס צו ערוואַרטען און זי מוז אונטערגעהן"...

## והצר לך בכל שעריך... בכל ארצך... (כח. נב.)

דאָס איז איינע פון די שווערסטע קללות אין דער תוכחה. נישט־נור אין גלות וועט דיך דער שונא פייניגען, נאָר „והצר לך בכל שעריך בכל ארצך", ביי דיר, אין דיין לאַנד, וועט ער זיצען אַלס פערוואַלטער און דיך רודפ'ן און שיקאַנירען מיט כל מיני נגישות...

(בינה במקרא)

## ואכלת פרי בטנך בשר בניך ובנותיך... (כח. נג.)

אַ קללה פאַר די עלטערן, זיי זאָלען דאַרפען אָנקומען און עסען ביי די קינדער!...

(מעדני מלך)

## וכל מכה אשר לא כתוב בספר התורה הזאת... (כח. סא.)

די געשריבענע קללות זענען פאַר די, וועלכע זענען נישט מקיים די מצוות, וואָס שטעהען געשריבען; און די „מכה אשר לא כתוב" — פאַר די, וועלכע זענען מוסיף איי ג ע נ ע „מצוות", וואָס שטעהען נישט געשריבען, ווי למשל: — „דעם איז אַ מצוה צו רודפ'ן", „יענעם איז אַ מצוה אָנצולערנען"!...

(לוח ארז)

גאַנץ אָפט — פלעגט זאָגען רבי שלמה קלוגער — ענטשטעהען ביי אונז וויסטע קריגערייען און אַרומרייסעגישען, וואָס זענען גורם צו פערשידענע מכות און חורבנות, צוליעב אַזעלכע זאַכען, „אשר לא כתוב בספר התורה הזאת", וואָס שטעהען לגמרי אין

דער תורה נישט געשריבען און מען איז זיי אַליין מחדש, מיט אייגענע סברות און פשט־לעך, וועלכע מען פּרובט בגוואַלד אַהענגגען אין דער תורה...

„וכל מכה אשר לא כתוב — זו מיתת בנים" (פסיקתא זוטרתא)

דער פשעמישלער רב האָט געהאַלטען אַ הספד אויף זיין זוהן, וועלכער איז יונג גע־שטאָרבען, האָט ער אָנגעהויבען מיט'ן דאָזיגען מדרש און געזאָגט: דער רמב"ן פרעגט אויפ'ן פסוק „איש כי ימות ובן אין לו והעברתם את נחלתו לבתו, ואם אין לו בת ונתתם את נחלתו לאחיו וכו'" (במדבר כז. ח), פאַרוואָס ווערט נישט דערמאָהנט, אַז מען זאָל אָוועקגעבען זיין נחלה דעם פאָטער, דער פאָטער איז דאָך אַ נעהנטערער און פריהערדיגער יורש פאַר אַ ברודער? נאָר דער תירוץ איז — האָט זיך דער מספיד פונאַנדערגעוויינט — די תורה האָט נישט געוואָלט אַרויסשרייבען קיין לשון קללה, דען עס איז אַ שרעקליכע קללה, אויב אַ פאָטער דאַרף נעהמען ירושה פון אַ זוהן, און דאָס איז אויך די כונה פון מדרש: „וכל מכה אשר לא כתוב בספר התורה הזאת — זו מיתת בנים" עס איז אַזאַ גרויזאַמע מכה, אַזאַ אויסטערליש אומגליק ל"ע, וואָס די תורה האָט זי אַפילו אין דער תוכחה נישט געוואָלט אַרויסשרייבען...

„וכל מכה אשר לא כתוב — זו מיתת צדיקים"...

פונוואַנען איז דאָס געדרונגען?

זאָגט מען דערויף אין נאָמען פון „גודע־ביהודה":

אין יעדען ספר פון די חמשה חומשי תורה ווערט דערמאָהנט וועגען מיתת צדיקים. אין בראשית — די מיתה פון די אָבות, אין שמות — מיתת יוסף, אין ויקרא — מיתת נדב ואביהו, אין במדבר — מיתת אהרן, בלויז אין „ספר התורה הזאת", אין דאָזיגען ספר, אין דברים, איז אין אַלע ביז־איצטיגע פרשיות, ביז צו דער תוכחה, נישט דערמאָהנט קיין מיתת צדיקים („וימת משה" איז דאָך דערמאָהנט ערשט שפּעטער, אין דער וויטערער, לעצטער פרשה), און דערפון איז אַלזאָ, געדרונגען, אַז „וכל מכה אשר לא כתוב בספר התורה הזאת" ווערט געמיינט מיתת צדיקים...

עס וואָלט דאָך אייגענטליך געווען גענוג, עס זאָל שטעהען סתם: „מכה אשר לא כתוב", נאָכוואָס זענען נאָך דערביי נויטיג די ווערטער „בספר התורה הזאת"?

נאָר אין מדרש איכה (פרשה א' סי' ל"ו) ווערט געדרונגען פון אַ פסוק אין ישעי' כ"ט, אַז „קשה סילוקן של צדיקים לפני הקב"ה יותר ממאה תוכחות חסר שתים".

און דאָס, אַלזאָ, איז דער פשט פון די ווערטער „אשר לא כתוב בספר התורה הזאת". דער עונש וועגען מיתת־צדיקים איז נישט געשריבען און ווערט נישט גע'דרשנ'ט פון דער תורה, נאָר — פון ספר ישעי'...

(דבש וחלב)

צדיקים שטאַרבען פאַר די זינד פון דור („כי מפני הרעה נאסף הצדיק"), — הגם לויט'ן דין וואָלט אַזוי נישט געדאַרפט זיין; דען לויט'ן דין, אַז מען געהט אויפמאָהנען אַ חוב, דאַרף מען נעהמען דאָס ערגסטע, נישט דאָס בעסטע: „בעל־חוב דינו בזבורית"... און דאָס איז „אַשר לא כתוב בספר התורה הזאת" — עס איז געגען דעם אָנגענומענעם דין...

(רבי יחזקאל לאַנדוי)

דער שווערסטער פערלוסט פון מיתת צדיקים איז דער „אשר לא כתוב", אויסער וואָס מען פערלירט דעם צדיק זעלבסט, פערלירט מען אויך דערביי די אַלע דברי תורה

וחכמה, וואָס זענען נישט געשריבען, וואָס מען פלעגט פון איהם נהגה זיין בעל־פה, און דאָס אַלץ געהט לאיבוד און ווערט פערגעסען...
(ילקוט סופר)

אויב די תורה האָט צוליעב געוויסע טעמים נישט געפונען פאַר נויטיג אַרויסצושרייבען בפירוש די דאָזיגע קללה, טאָ פאַרוואָס זענען עס די חז״ל יאָ מגלה?

נאָר אין דער גמרא געפינען מיר, אַז די פטירה פון אַ צדיק רופט אַרויס אַ שמחה למעלה, ווי עס איז צו זעהען פונ׳ם הספד אויף רבה בר רב הונא ורב המנונא (מועד קטן כ״ה): „רוכב ערבות ששמח בבא אליו נפש נקי וצדיק״. אויך אין זוהר ווערט דער טאָג פון פטירת־צדיקים אָנגערופען „יום הלולא״.

די תורה האָט דעריבער נישט אַרויסגעשריבען מיתת צדיקים אַלס מכה, דען למעלה, ביים נותן התורה, איז עס באמת גאָר אַ שמחה. די חז״ל אָבער האָבען עס יאָ מגלה געווען, ערקלערענדיג: „מכה אשר לא כתוב — זו מיתת צדיקים״, ווייל פאַר אונז דאָ, פאַר אונז, אַז עס געהט אַוועק פון דער וועלט אַ צדיק, אַ גדול הדור, איז עס טאַקי אַ גרויס אומגליק, אַ מורא׳דיגע אבדה...
(רבי יוסף ענגעל אין זיין הספד אויף רבי אברהמ׳לע סאָכאַטשעווער)

פאַרוואָס ווערט מיתת צדיקים נישט אויסגערעכענט בפירוש צווישען די קללות?

האָט געזאָגט דערויף רבי יצחק אלחנן:

וועגען די פורעניות פון דער תוכחה זאָגען די חז״ל, אַז „כל המאוחר קשה מחברו״ (ב״ב ח׳), אַז יעדע ווייטערע קללה איז אַלץ האַרבער פון די פריהערדיגע, און היות, ווי מיתת צדיקים, וועגען וועלכער עס ווערט געזאָגט, אַז זי איז „שקולה כשרפת בית אלקינו״ (ראש־השנה כ״ח), איז דאָך האַרבער פון אַלע קללות, וואָלט זי דאָך אויף אַזאַ אופן געדאַרפט שטעהן צום סאַמע סוף. דאַגעגען ווערט אָבער געזאָגט: „כי מפני הרעה נאסף הצדיק״, אַז בשעת עס גרייט זיך אַ פורעניות ר״ל אויף אידען ווערט דער צדיק פריהער צוגענומען פון דער וועלט, בכדי ער זאָל עס נישט דאַרפען בייוואוינען, און לויט דעם וואָלט, אַלזאָ, מיתת צדיקים געדאַרפט שטעהן אין אָנהויב פון דער תוכחה, דען ער ווערט דאָך אויסגעמיטען נישט צו זעהען די קללות; און דעריבער, ווייל עס האָט נישט געקענט געשריבען ווערען נישט אין אָנהויב און נישט אין סוף, איז עס דערפאַר אַ „מכה אשר לא כתוב״ — האָט מען עס אינגאַנצען נישט געשריבען...

בשעת דער קיעלצער רב רבי נחום דוב ירושלימסקי איז געווען אויף קוראַציע אין קאַרלסבאַד איז דאָרט געשטאָרבען איינע פון די אָנגעזעהענסטע לאָדזער חסידישע פרויען, די פרוי פון ר׳ איטשעלע אוירבאַך. אויף דער בקשה פון פיעל לאָדזער און וואַרשאָווער אידען, וועלכע האָבען דאָרט געוויילט אַלס קור־געסט, האָט דער קיעלצער רב מספיד געווען די נפטרת. דעם הספד האָט דער רב אָנגעהויבען מיט׳ן מאמר „רגלוהי דבר איניש אינון ערבין ביה, לאתר דמתבעי׳ תמן מובילין יתיה״ (סוכה נ״ג) און, אַרומריידענדיג די שבחים פון דער נפטרת, האָט ער אויסגעפיהרט, אַז כידוע איז „מפני הרעה נאסף הצדיק״, איז דער צדיק מכפר מיט זיין טויט אויפ׳ן עוון־הדור. ווי איז אָבער, אַז אַ שטאָדט האָט נישט קיין אייגענע צדיקים און זי האָט נישט, ווער עס זאָל מכפר זיין אויף איהרע חטאים, ברענגט מען פאַר איהר אַ צדיק פון דער פרעמד...

דער קאַרלסבאַדער געמיינדע־פּרעדיגער, וועלכער האָט בייגעוואוינט די לויה, האָט זיך פונ׳ם דאָזיגען הספד געפיהלט שטאַרק בעליידיגט און אויף אַ זיצונג פון די געמיינדע־פאַרשטעהער האָט ער זאָגאַר פאַרגעלעגט, מען זאָל פערפיהרען אַ פּראָצעס געגען דעם „רוסישען ראַבינער״, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק בעליידיגט די קהלה...

אין לעמבערג איז געשטאָרבען אַן׳איש־נכבד. ביי דער לויה, אין וועלכער עס האָט זיך אויך בעטייליגט רבי יוסף־שאול נאַטאַנזאָהן, האָט איינער פון די רבנים געהאַלטען אַ הספד און דעם הספד האָט ער געלייענט פון אַ פּאַפּיר אַרויס.

אַ מאָדנע זאַך — בעמערקט דערויף רבי יוסף־שאול מיט אַ שמייכעל — די חז״ל זאָגען: „מכה אֲשר לא כתוב, זו מיתת צדיקים״, און דאָ זעה איך גאָר פערקעהרט, אַז „מיתת צדיקים״ איז — „מכה אֲשר כתוב״...

בעת עס איז אין ווילנע געשטאָרבען ר׳ מרדכי אַהרן גינזבורג, זענען די פּני פון די ווילנער משכילים געקומען צו ר׳ וועלוועלען דעם שטאָדט־מגיד, ער זאָל איהם מספיד זיין. ר׳ וועלוועלע, וועלכער איז געווען אַ שטאַרקער געגנער פון השכלה, האָט דערצו קיין חשק נישט געהאַט, אָבער נישט וועלענדיג איינרייסען זיך מיט די ווילנער משכילים, האָט ער זיי געמוזט צוליעב טהון און מאַכען אַ הספד. דערביי האָט ער זיך אָבער אַן׳עצה געגעבען. גראָד זענען אין דער זעלבער צייט נפטר געוואָרען צוויי רבנים פון קליינע שטעדטלעך אַרום ווילנאָ, האָט ר׳ וועלוועלע דעם גאַנצען הספד געהאַלטען אויף די צוויי קליינשטעדטעלדיגע רבנים, אָנווייזענדיג מיט פּסוקים און מאמרים אויף דער גרויסער אבדה פאַר׳ן כלל־ישראל און מעורר געווען דעם עולם צו טרעהרען. בלויז צום סוף האָט ער דערמאָהנט, אַז אויך מרדכי אַהרן גינזבורג איז געשטאָרבען, זאָגענדיג וועגען איהם אַ פּאָר לעבליכע ווערטער, ווי פון יוצא וועגען...

די ווילנער משכילים האָט דאָס שטאַרק פּערדראָסען, און נאָכ׳ן הספד איז דער דיכטער אד״ם הכהן צוגעגאַנגען צו ר׳ וועלוועלען און איהם געזאָגט:

— איהר ווייסט, מגיד, מיט אייער הספד האָט איהר מיר פערענטפערט אַ פּסוק אין תנ״ך. אין שמואל ב׳ אין ערשטען קאַפּיטעל ווערט דערצעהלט וועגען דעם שליח, וועלכער איז געקומען אָנזאָגען דוד׳ן די טרויעריגע בשורה, אַז שאול און יהונתן זענען געשטאָרבען, רופט איהם אָן דער פּסוק „הנער המגיד״. האָט מיך אַלע מאָל געאַרט די קשיא: פאַרוואָס רופט איהם אָן דער פּסוק נאַר (נער). וואָס פאַר אַ נאַרישקייט האָט ער דאָ געטהון? אָבער מיט אייער הספד האָט איהר מיר די קשיא פערענטפערט, מחמת ווי מיר זעהען פון פּסוק האָט ער, ברענגענדיג דוד׳ן די טרויעריגע ידיעה, זיך אויפגעפיהרט אַזוי, ווי איהר האָט זיך אויפגעפיהרט אין אייער הספד. ער האָט זיך נעמליך אויסגעדריקט: „אשר נס העם מן המלחמה וגם הרבה נפל מן העם וימותו וגם שאול ויהונתן בנו מתו״. די הויפּט־אַבדה, דאָס וואָס שאול און יהונתן זענען געשטאָרבען, האָט ער דערמאָהנט צום סוף, דרך־אַגב, און אַט דאָס טאַקע איז אַ בעוויז, אַז אַ מגיד איז אַ נאַר...

שלינגט אַראָב ר׳ וועלוועלע דעם שטאָך און ענטפערט איהם:

— כ׳וועל איך דערצעהלען אַ מעשה.

אַ ווילנער סוחר, וואָס האָט געפיהרט גרויסע מסחרים מיט אויסלאַנד, האָט חתונה געמאַכט אַ קינד. צו דער חתונה האָט ער פערבעטען זיינעם אַ גוטען פריינד, אַ רייכען סוחר פון קעניגסבערג. בדחן אויף דער חתונה איז געווען דער בעריהמטער יצחק סמאַרגאָנער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער בריה צו זאָגען גראַמען מיט גמטריאות אויף די נעמען פון חתן־כלה און פון די מחותנים, און דער בדחן האָט ביים קעניגסבערגער סוחר גאָר שטאַרק אויסגענומען.

לימים, אין אַ צייט אַרום, האָט דער קעניגסבערגער סוחר חתונה געמאַכט אַ קינד און ער האָט ספּעציעל געשריבען נאָך יצחק סמאַרגאָנער און איהם אַראָבגעבראַכט אויף דער חתונה, ער זאָל אויף זיין שטיגער משמח זיין די מחותנים, די דייטשען. דאָסמאָל אָבער האָט זיך איהם דאָס בדחנות נישט איינגעגעבען און פון די גמטריאות, וואָס ער

האָט געפּרובט זאָגען, האָט זיך עפּעס נישט געקלעבט אַ וואָרט צו אַ וואָרט. דער מחותן, דער קעניגסבערגער סוחר, איז געווען אויסער זיך.

— הערר בדחן — ווענדעט ער זיך צו יצחק סמאַרגאָנער — וואָס איזט מיט איהנען געשעהן?

— פערשטעהט איהר מיך — ענטפערט איהם דער בדחן — איך בין כל ימי גע־וואוינט, מען זאָל מיך רופען אויף חתונות, וואו דער חתן הייסט אברהם, יצחק, משה, דוד וכדומה, און די כלה — אסתר, מרים, שרה און דאָסגלייכען די מחותנים. אויף אַזעלכע נעמען בין איך אַ בריה צו מאַכען גמטריאות. היינט אָבער בין איך דאָס ערשטע מאָל אויף אַ חתונה, וואו דער חתן הייסט היינריך, די כלה גערטרוד, די מחותנים — איגנאַץ, מאָריץ, בערטאַ, פרידאַ. כ'ווייס אַפילו נישט, ווי מען לעגט אויס אַזעלכע נעמען, קען איך קיין גמטריאות נישט מאַכען. זעהט איהר, ווען איך וועל האָבען אָפּט אַזעלכע חתונות און וועל זיך איינגעוואוינען אין די דייטשע נעמען, וועט עס שוין ביי מיר גיהן אויף אַ דרך.

— דאָס זעלבע — פיהרט אויס ר' װעלוועלע — איז מיט מיר. כ'בין געוואוינט שטענדיג צו זאָגען הספדים אויף צדיקים, רבנים, עהרליכע אידען, און מיט אַזעלכע אידען בין איך ווי ביי זיך אין דער היים, ס'פעהלט מיר נישט אויס קיין שטאָף. היינט אָבער איז מיר אויסגעקומען דאָס ערשטע מאָל צו זאָגען אַ הספד אויף אַ משכיל, איז נישט קיין חידוש, וואָס ס'איז מיר נישט געראָטען. זעהט איהר, ווען איך וועל האָבען עפּטער אַזעלכע הספדים, וועל איך מיך איינגעוואוינען...

(די וועלט דערצעהלט)

מען האָט געפרעגט דעם בעריהמטען גאון רבי ישעיה פּיק, וועלכער איז געווען אַ וואונדערבאַרער בקי אין ש"ס, וואו עס געפינט זיך אין תלמוד דער דערמאָהנטער מאמר „וכל מכה אשר לא כתוב — זו מיתת צדיקים", וואָס איז ביי אַלעמען אָנגענומען אַלס מאמר חז"ל; האָט ער געענטפערט, אַז דאָס גופא טאַקע איז אַ „מכה אשר לא כתוב", דען אַזאַ מאמר געפינט זיך כלל נישט אין גאַנץ ש"ס!...

ביי דער געלעגענהייט איז כדאי אָנצווייזען אויף אַ גאַנצע רייה מאמרים, וועלכע זענען אָנגענומען ביי דער וועלט אַלס מאמרי חז"ל און באמת ווערען זיי אין די חז"ל נישט דערמאָהנט און שטאַמען גאָר פון אַנדערע שפּעטערע מקורים, ווי למשל:

„אם לא יועיל לא יזיק"...

„אין חכם כבעל הנסיון"...

„אותיות מחכימות"...

„אַל תקרי מהונך אלא מגרונך"...

„אם קבלה היא נקבל"... (אין דער גמרא, יבמות ע"ו, ווערט געזאָגט: „אם הלכה היא נקבל").

„ברא כרעיה דאבוה"... (דאָס לשון אין דער גמרא, עירובין ע', איז: „יורש כרעיה דאבוה").

„באה שבת באה מנוחה"... (ווערט געבראַכט אין רש"י, מגילה ט' און אין תוספות סנהדרין ל"ח, אָבער עס איז נישט קיין מאמר חז"ל).

„דברים היוצאים מן הלב נכנסים אל הלב"...

„הרגל נעשה טבע"...

„הרוצה לשקר ירחיק עדותו"... (ווערט געבראַכט בלויז אין רא"ש שבועות פּרק שבועות הדיינין).

„המאבד עצמו לדעת אין לו חלק לעולם הבא"... (אין „לחם שמים" פון יעב"ץ

ווערט אַנגעוויזן, אַז דאָס איז אַ מאמר אין תוספות מס׳ שמחות, אָבער אין אונזערע אויסגאַבען, איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, געפינט זיך עס נישט).

„טעות לעולם חוזרת״...

„כל הרודף אחר הכבוד, הכבוד בורח ממנו״...

„כבדהו וחשדהו״...

„כאשר זמם ולא כאשר עשה״... (אַזוי ווערט געבראַכט אין רש״י, מכות ב׳, אָבער אין דער גמרא געפינט זיך עס נישט).

„מרבה דברים מרבה שטות״...

„מדחציף כולי האַי שמע מינה ממזר הוא״... (אין דער גמרא, ב״מ פ״ג, ווערט געזאָגט: „שמע מינה רשיעא הוא״).

„סכין מסוכן ביד שוטה״...

„סוף גנב לתליה״...

„סתם מקשן עם הארץ״... (עס איז אַ מליצה אין שו״ת חות יאיר שאלה רי״ט).

„צרת רבים חצי נחמה״... (אין מדרש אויפ׳ן פסוק „בצר לך״ (בחוקותי) ווערט געזאָגט: „כל צרה שהיא של יחיד היא צרה, וכל צרה שהיא של רבים אינה צרה״).

„קול המון כקול שדי״... (ווערט געבראַכט אין „סדר זמנים״ פון רבי סעדיה לונגו).

„אין נביא בעירו״... (אויך דאָס געהער צו ד׳י סאַמע פּאָפּולערסטע „מאמרים״ און נישט אַלע מסתמא ווייסען, אַז דאָס געפינט זיך נישט אין די חז״ל און אין קיין שום רבניש ספר, נאָר, להבדיל, אין... „ברית חדשה״, מתיא פ״ג).

„אין אורח מכניס אורח״... (דאָס לשון אין דער גמרא אין נאָמען פון בן סירא, איז: „וקל מזה אורח מכניס אורח״ ב״ב צ״ח).

„אין אומן בלא כלים״... (גענומען וואַהרשיינליך פונ׳ם מאמר אין מדרש רבה שמות פרשה מ׳: „נגר שאין בידו ארגליא אינו נגר״).

„ודי לחכימא ברמיזא״... (דער ריכטיגער מאמר איז: „לחכימא ברמיזא, לשטיא בכורמיזא״, מדרש משלי פרק כ״ב).

„ההכרח לא יגונה״... (זעה מהרש״א חולין ז׳).

„המתחיל במצוה אומרים לו גמור״... (דער דאָזיגער מאמר געפינט זיך אין ירושלמי מגילה סוף פרק ב׳, אָבער דאָרט שטעהט נישט „גמור״ נאָר „מרוק״. אַ ע׳הנליכער מאמר איז פאַרהאַן אין מדרש רבה במדבר פ׳ כ״ב, און דאָרט איז דאָס לשון: „למה שלח פינחס, אמר מי שמתחיל במצוה הוא גומר״).

„כל הכועס כאילו עובד עבודה זרה״... (אין דער גמרא שבת ק״ה, איז דער נוסח אַ גאַנץ אַנדערער, און נעמליך: „והמשבר כלים בחמתו וכו׳ יהא בעיניך כאילו עובד ע״ז).

„מאן דיהיב חיי, יהיב מזונא״... (דאָס ריכטיגע לשון אין דער גמרא איז: „דכי יהיב רחמנא שובע לחיי הוא דיהיב״. תענית ח׳).

„מאן מלכי רבנן״... (דאָס לשון אין דער גמרא איז: „מאן מלאכי השרת רבנן״. נדרים כ׳).

„מי שיש לו מנה רוצה מאתים״... (גענומען פון קהלת רבה פ״א, אָבער דאָרט איז דאָס לשון: „אית ליה מאה בעי תרתי מאה״).

„מיום שחרב בית המקדש ניטל טעם בשר וניתן בעצמות״... (ווערט געבראַכט בלויז אין פענח רזא פ׳ בא).

„קבל את האמת ממי שאמרו״ (ווערט געבראַכט אין רמב״ם, אין דער הקדמה לשמונה פרקים, און דאָרט איז דאָס לשון: „שמע האמת ממי שאמרו״).

## והיה כאשר שש וכו׳ כן ישיש... (כח. סג.)

אויפ׳ן דאָזיגען פסוק גיט דער אבן־עזרא אין זיין „פירוש האָרוך״ (וועלכער איז געדרוקט נאָר אין איניגע אַלטע חומשים) פאָלגענדע, לאַקאָניש־קורצע בעמערקונג: „כאַשר שמענו כן ראינו״...

געוועהנליך טייטשט מען, און אַזוי טייטשען טאַקע די פערשידענע מבארים, אַז דער אבן־עזרא מיינט דערמיט צו זאָגען, אַז די אַלע אויסגערעכענטע צרות האָבען זיך ליידער בעשטעטיגט, מיר האָבען וועגען זיי געהערט און מיר האָבען זיי געזעהן!... באמת אָבער ענטהאַלטען דידאָזיגע ווערטער אַ שאַרפזיניגע, סאַרקאַסטישע בעמערקונג, נעמליך: „כ א ש ר ש מ ע נ ו״ — דעם „כאשר״, די הבטחה פון „כאשר שש ד׳ עליכם להיטיב אתכם ולהרבות אתכם״, דאָס האָבען מיר, ליידער, בלויז ג ע ה ע ר ט, אָבער נישט געזעהן, צו זיין פערווירקליכונג האָבען מיר נאָך, ליידער, ביז היינט נישט זוכה געווען; דאַגעגען „ כ ן ר א י נ ו ״ — דעם „כן״, די שטראָף פון „כן ישיש ד׳ עליכם להאביד אתכם״, דאָס האָבען מיר ליידער ג ע ז ע ה ן, דאָס איז פאַר אונזערע אויגען מקויים געוואָרען!...

(פרח לבנון)

## והפיצך ד׳ בכל העמים... (כח. סד.)

אָט די דאָזיגע נבואה איז פולשטענדיג מקויים געוואָרען. דורך די פערפאָלגונגען און גירושים זענען די אידען צעזייהט און צעשפרייט געוואָרען „מקצה הארץ ועד קצה הארץ״, פון איין עק וועלט ביז צום צווייטען און אָנגעקומען אין ערטער, וואו עס האָט פריהער קיינמאָל אַ פוס פון אַ אידען נישט געטראָטען. נישטאָ קיין לאַנד און נישטאָ קיין ווינקעל אויף דער וועלט, וואו איהר וועט נישט געפינען אַ איד. ממש: „בכל העמים״.

וואָס איז אַזעלכעס אַ איד? — די דאָזיגע פראַגע איז לגמרי נישט אַזוי משונה׳דיג ווי זי זעהט אויס צו זיין. וואָס פאַר אַ מין ספּעציעלע בריאה איז עס דער איד, וועלכען אַלע הערשער און פעלקער צוזאַמען און בעזונדער האָבען פערשפּאָט, בעאונרוהיגט, בע־דריקט און פערפאָלגט, געטרעטען און געקוילעט, פערברענט און געהאַנגען, און טראָץ דעם איז ער נאָך אַלץ געבליבען לעבען! וואָס איז אַזעלכעס אַ איד, וועלכער האָט קיינמאָל ביי זיך נישט געפּועל׳ט זיך צו לאָזען פאַרפיהרען דורך אַלע מעגליכע ערדישע גיטער, וואָס זיינע אונטערדריקער און פערפאָלגער האָבען איהם שטענדיג אָנגעבאָטען, כדי ער זאָל זיין גלויבען בייטען און אויפגעבען זיין אייגענע אידישע רעליגיע?

דער איד איז דאָס היילגסטע באַשעפעניש וואָס האָט אַראָבגעבראַכט פון הימעל דאָס אייביגע פייער און דערמיט די גאַנצע וועלט באַלויכטען. ער איז דער רעליגיעזער קוואַל פון ברונעם פון וועלכען די איבריגע פעלקער האָבען געשעפט זייער גלויבען און רעליגיע.

דער איד איז דער פיאָנער פון דער קולטור. דאָס עם־הארצות איז אינ׳ם אַמאָליגען פּאַלעסטינא געוואָרען מעהר באַקעמפט, ווי היינט אינ׳ם ציוויליזירטען איירָאפּא.

דער איד איז דער פיאָנער פון דער פרייהייט. אַפילו אין יענע אַלטע ציטען, ווען יעדעס פאָלק איז נאָך געווען געטיילט אין צוויי פערשידענע קלאַסען, אין שקלאַפען און הערען, אַפילו מיט אַזאַ לאַנגער צייט צוריק, האָט די תורת משה פערבאָטען צו האַלטען אַ מענש אין שקלאַפעריי לענגער ווי זעקס יאָהר.

דער איד איז דער סימבאָל פון בירגערליכער און רעליגיעזער טאָלעראַנץ. „זאָלסט ליב האָבען דעם פרעמדען און דעם אויסלענדער — בעפעהלט די תורה פון משה — ווייל

דו אַליין ביזט פרעמד געווען אין דעם לאַנד מצרים״. און דאָס איז געזאָגט געוואָרען אין אַזעלכע ווייטע און ווילדע צייטען, ווען די הויפּט־אַמביציע פון די ראַסען און די פעלקער איז בעשטאַנען דערין, זיך איינס דאָס אַנדערע צו דערדריקען און פערשקלאַפען. וואָס אַנבעלאַנגט רעליגיעזע טאָלעראַנץ, איז דער אידישער גלויבען נישט־נור ווייט פון דעם בעהערשונגס־גייציגען גייסט, וואָס שטרעבט צו באַוועגען אַנדערש־גלויביגע, אַז זיי זאָלען זיך מגייר זיין, באַר פערקעהרט — דער תלמוד בעפעהלט, אַז ווען עמיצער קומט פרייוויליג אַננעהמען די אידישע רעליגיע, זאָל מען איהם בעלעהרען און קלאָר מאַכען, וואָס פאַר אַ שווערינקייטען ער קאָן זיך דאַדורך גורם זיין, און מען זאָל איהם אויך אויפקלערען, אַז די פרומע פון אַלע אומות האָבען אַ חלק בעולם הבא. מיט אַזאַ הויכער און אידעאַלער טאָלעראַנץ קענען זיך נישט בערימען אַפילו די מאָראַליסטען פון אונזער צייט.

דער איד איז דער סימבאָל פון דער אייביגקייט. ער, וואָס נישט די שחיטות, נישט די עינויים פון יאָהר־טויזענדער האָבען איהם געקאָנט פערניכטען, ער, וואָס נישט קיין פייער, נישט קיין שווערד און נישט קיין אינקוויזיציע האָבען איהם נישט געקענט פון דער ערד פערטיליגען; ער, וואָס איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט גאָט׳ס ווערטער פאַרקינדיגט; ער, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען דער היטער פון דער נבואה — ער קאָן נישט אונטערגעהן. דער איד איז אייביג דויערענד ווי די אייביגקייט אַליין!

(לעוו טאָלסטאָי)

אין משך פון דער גאַנצער געשיכטע פון די מערב־לענדער איז די ביבעל געווען די גרויסע וועקערין צו בונט געגען די ערגסטע פאָרמען פון גייסטליכען און פּאָליטישען דעספּאָטיזם. די ביבעל איז געווען די „מאגנא קארטא״ פון די אָרימע און דערדריקטע. ביז אויף אונזערע טעג האָט נאָך קיין מלוכה נישט געהאַט אַזאַ קאָנסטיטוציע, אין וועלכער די אינטערעסען פון דעם פאָלק זאָלען אין אַזאַ ברייטער מאָס בעריקזיכטיגט ווערען און עס זאָלען אַזוי שטאַרק בעטאָנט ווערען מעהר די פליכטען איידער די פּריווילעגיעס פון די הערשענדע קלאַסען, ווי דאָס איז געשעהען אין דער קאָנסטיטוציע פון פאָלק ישראל, אין דעם ספר ויקרא און אין ספר דברים. אין קיין שום אַנדער אָרט איז נישט אַרויס־געזאָגט געוואָרען מיט אַזאַ קראַפט דער פונדאַמענטאַלער אמת, אַז דאָס וואויל פון אַ שטאַאַט איז אָבהענגיג פון דער עהרליכקייט פון זיינע בירגער... די ביבעל איז דאָס דעמאָקראַטישסטע בוך אין דער וועלט!

(בעריהמטער ענגלישער ביאָלאָג טאָמאַס העקסלי)

## ונתן ד׳ לך שם לב רגז... (כח. סה.)

„שם לב רגז — שם ב ב ב ל, אבל בארץ־ישראל לא״ (נדרים כ״ב)

דען די מדה פון כעס קומט צוליב דער שליטה פון יצר־הרע — און אין חוץ־לארץ איז דער יצר־הרע מעהר שולט, ווי אין ארץ־ישראל...

(מהרש״א)

„... אַ וואונדערליכע זאַך האָבען מיר דערזעהען מיט אונזערע אויגען. יעדער איינער, וועלכער איז אויף זיך מקבל באהבה צו וואוינען אין ארץ־ישראל, איז איהם דאָס הייליגסטע לאַנד קולט און פלאַנצט איין אין איהם אַ אונגעהויערע שמחה. זיצענדיג אין דער דירה אין ארץ־ישראל האָט ער דאָס געפיהל, ווי ער וואָלט געזעסען אין גן־עדן,

אין אַ קייזערליכען פּאַלאַץ, אַפילו ווען ער וואוינט אין אַ שפּל׳דיג מקום, אין דער צייט, וואָס אין חוץ־לארץ האָט ער געהאַט הייזער פול מיט כל־טוב״...

(טוב ירושלים פון רבי יצחק פרחי)

„וואויל איז דעם, וועלכער איז זוכה ביים לעבען קובע־צו־זיין זיין דירה אין הייליגען לאַנד, דען דער, וואָס איז דערצו זוכה, איז ער זוכה צו געניסען פונ׳ם הימלישען טל, וואָס נידערט אויף דער ערד. יעדער איינער, וואָס איז זוכה צו פערבינדען זיך ביים לעבען מיט׳ן דאָזיגען הייליגען לאַנד, איז ער זוכה לעתיד צו פערבינדען זיך מיט׳ן ארץ־הקדש של מעלה״...

(זוהר)

## והתמכרתם שם לאויביך לעבדים... (כח. סח.)

איהר וועט פערקויפט ווערען צו אַזעלכע פיינד, וועלכע וועלען אַליין האָבען געווען עבדים און דער סאַמע ערגסטער הערשער איז דער — „עבד כי ימלוך״...

(הרי בשמים)

## ואין קונה... (כח. סח.)

עס וועט קומען אַ צייט, ווען נאָכדעם, ווי מען וועט אייך האָבען אין לאַנד פולשטענדיג אויסגענוצט, וועלען דאַן נישט העלפען מעהר אייערע פּאַטריאָטישע ערקלערונגען וועגען לאָיאַליטעט, טרייהייט און הכנעה׳דיגע, קנעכטישע איבערגעגעבענהייט... „ואין קונה״, עס וועלען אויף דער דאָזיגער סחורה מעהר קיין קונים און קיין בעלנים נישט זיין!..

(אמרי רדב״א)

דער סיום, דער פינאַל פון דער תוכחה איז: „ואין קונה״!... דען „אין משיח בן־דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס״...

## לחם לא אכלתם ויין ושכר לא שתיתם למען תדעו כי אני ד׳... (כט. ה.)

צי דערפאַר, וואָס זיי האָבען נישט געגעסען קיין ברויט און נישט געטרונקען קיין וויין, האָבען זיי דערפון געוואוסט „כי אני ד׳ אלקיכם״?

באמת אָבער האָט עס אַ המשך צום ווייטערדיגען פסוק: „ותבואו אל המקום הזה ויצא סיחון מלך חשבון וכו׳ ונכם ונקח את ארצם וכו׳״, און דער פשט איז: כאָטש איהר האָט נישט געגעסען קיין ברויט און נישט געטרונקען קיין וויין, ערנעהרענדיג זיך מיט׳ן בלויזען מן, זענט איהר דאָך גענוג שטאַרק געווען און אין דער מלחמה געגען סיחון ועוג אַזעלכע גרויסע גבורות בעוויזען, און דערפון האָט איהר, אַלזאָ, געזעהען — „כי אַני ד׳ אלקיכם״...

(רבי אברהם סבע מגולי ספרד)

# נִצָּבִים

## אתם נצבים היום כולכם לפני ד׳ אלקיכם... (כט. ט.)

„כלכם לפני ד׳ אלקיכם״ — ביים אויבערשטען זענט איהר אַלע אידען גלייך! די „ראשיכם״, „זקניכם״ און „שוטריכם״ זענען ביי איהם נישט קיין גרעסערע מיוחסים פאַר׳ן איינפאַכען „חוטב עציך״ און „שואב מימיך״, פאַר׳ן האָלץ־העקער און וואַסער־טרעגער...

(כלי יקר)

## אתם נצבים היום וכו׳ ראשיכם שבטיכם וכו׳ כל איש ישראל... (כט. ט.)

אַלע, „מחוטב עציך עד שואב מימיך״, פונ׳ם האָלץ־העקער ביז׳ן וואַסער־טרעגער, אַלע, „טפכם נשיכם״ וכו׳, אַלע ווילען זיי זיין ראשיכם, זקניכם ושוטריכם. אַלע האָבען זיי חשק צו ווערען ראשים און פאָלקס־מנהיגים...

(ערבי נחל)

„למה נסמכה פרשת אתם נצבים לקללות לפי ששמעו ישראל מאה קללות חסר שתים, חוץ ממ״ט שבתורת כהנים, הוריקו פניהם וכו׳״ (מדרש)

פאַרוואָס איז נישט געווען „הוריקו פניהם״ בשעת זיי האָבען געהערט די קללות פון תורת־כהנים, אין פרשת בחוקותי, נאָר ערשט דאָ?

ווייל די קללות אין פ׳ בחוקותי זענען געזאָגט געוואָרען בלשון רבים און „צרת רבים — חצי נחמה״, ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש פון דער דאָזיגער סדרה אויף׳ן פסוק „בצר לך״ — „כל צרה שהיא של יחיד היא צרה וכל צרה שהיא של רבים אינה צרה״. יעדער איינער האָט זיך דערביי געטראַכט: דאָס מיינט מען דעם רבים, נישט מיך... דאָ אָבער, אין דער פריהערדיגער סדרה, זענען די קללות געזאָגט געוואָרען בלשון יחיד, געווענדעט צו איטליכען איד בעזונדער, און דעריבער — „הוריקו פניהם״...

(רבי גרשון אשכנזי)

פאַרוואָס ווערט נישט געזאָגט סתם: „צ״ח קללות״, נאָר „מאָה קללות חסר שתים״?

נאָר מיט דעם „חסר שתים״ ווערט געמיינט דער „כל חלי וכל מכה אשר לא כתוב״, די צוויי קללות („חלי״ און „מכה״), וועלכע זענען נישט אַרויסגעשריבען בפירוש, און דערויף טאַקי איז „הוריקו פניהם״. מעהר ווי פאַר אַלע אַנדערע קללות האָבען זיי געציטערט פאַר אָט די „חסר שתים״. וואָרום קוים, האָבען זיי זיך געשראָקען, איז נישט אָנגעוויזען דייטליך, וואָס עס ווערט געמיינט מיט די דאָזיגע צוויי קללות, איז מי־יודע וואָסערע אויסטערלישע צרות זיי ענטהאַלטען אין זיך...

(קהלת יצחק)

## ראשיכם שבטיכם... (כט. ט.)

„ראשיכם לשבטיכם" (רש"י)

וואָס מיינט רש"י צו זאָגען דערמיט?

נאָר דאָס איז אַן אָנדייטונג אויפ'ן מאמר חז"ל: „פרנס לפי דורו" (ערכין י"ז), און די כוונה איז: „ראשיכם לשבטיכם", לויט די שבטים — אַזעלכע ראשים...

(רבי אליעזר פלעקעלש)

„פני הדור כפני כלב" (סנהדרין צ"ז)

אַ הונד בילט נור אויף פרעמדע, אָבער נישט אויפ'ן אייגענעם בעל־הבית. אַזאַ פנים וועלען אויך האָבען בעקבתא דמשיחא די „פני הדור", די מוכיחים און מנהיגים: מוסר'ן וועלען זיי בלויז די פרעמדע, דעם המון, דאַגעגען די מקורבים און „שענע אידען" וועלען זיי לאָזען צו־רוה, זייערע חסרונות און חטאים וועלען זיי זיך בעמיהען צו פערגלעטען...

(תפארת צבי)

## טפכם נשיכם וכו' מחוטב עציך... (כט. י.)

פאַרוואָס שטעהט דאָס וואָרט „טפכם" באַלד נאָכ'ן „ראשיכם שבטיכם זקניכם ושוטריכם", און נישט צום סאַמע סוף, נאָכ'ן „מחוטב עציך עד שואב מימיך"? אויך זיי, די חוטבי עצים און די שואבי מים, האָבען דאָך קינדער און דער „טפכם" דאַרף דאָך אויך צו זיי זיין געווענדעט?

נאָר זיי, די פּראָסטע מענשען, די האָלץ־העקער און וואַסער־טרעגער, זיי דאַרף מען נישט אָנזאָגען, אַז זיי זאָלען מיטברענגען די קינדער מיט זיך — זיי טהוען עס סיי־ווי. פּראָסטע מענשען, בשעת זיי פערזאַמלען זיך פאַר'ן אויבערשטען, אין אַ מקום קדוש, קומען זיי צוזאַמען מיט די קינדער. אָנזאָגען דאַרף מען עס ספּעציעל די שענע בעלי־בתים, די אידען פון דער מזרח־וואַנד, די „ראשיכם, זקניכם ושוטריכם" — זיי טרעפט מען זעלטען אין אַ מקום קדוש מיט די קינדער צוזאַמען...

(הגיונות אל עמי)

## טפכם נשיכם וגרך אשר בקרב מחניך... (כט. י.)

עס שטעהט דאָך שוין פריהער „כל איש ישראל", טאָ נאָכוואָס וועלען נאָכאַמאָל בעזונדער אויסגערעכענט „טפכם נשיכם וגרך", אויך זיי זענען דאָך אין כלל פון „כל איש ישראל"?

נאָר דער פסוק, ווי עס דרש'נען די חז"ל, רעדט דאָ וועגען ערבות, אַז „כל ישראל ערבים זה בזה" („לעברך בברית וכו' את אשר ישנו פה ואת אשר איננו פה"), און וועגען גרים, נשים וקטנים וועלט געזאָגט, אַז זיי זענען נישט בכלל ערבות, און דעריבער ווערען זיי אויסגערעכענט בעזונדער.

(אור יקרות)

## ותראו את שקוציהם ואת גלוליהם... (כט. טז.)

אין פעטערבורג איז געווען אַ צענזאָר, ישראל לאַנדוי, אַ משומד. איידער ער האָט זיך געשמד'ט, האָט ער געפיהרט אַ דאָפּעלט לעבען: צווישען די גויים, אין די קרייזען פון די רוסישע בעאַמטע, האָט ער זיך אויפגעפיהרט ווי זיי, דאַגעגען אין שטוב האָט ער

זיך אַ לאַנגע צייט געפיהרט אידיש, געדאַווענט יעדען טאָג, אָבגעהיטען כשרות און זאָגאַר עוסק געווען אין לערנען זוהר, האַלטענדיג זיך פאַר אַ שטיק מקובל.

איינמאָל איז רבי יצחק־אלחנן פון קאָוונא געקומען צו איהם וועגען עפּעס אַ שתדלנות. לאַנדוי האָט זיך גענומען ריהמען פאַר איהם מיט זיין אידישקייט, געוויזען איהם דעם טלית ותפילין, וואָס ער פערפעהלט נישט קיין איין טאָג צו בענוצען, און אויסגעפיהרט, אַז „רחמנא לבא בעי", דער עיקר איז נישט די אויסערליכע אויפפיהרונג צווישען מענשען, נאָר דאָס פּנימיות, דאָס האַרץ, און אין האַרצען איז ער אַ צדיק גמור...

ענטפערט איהם רבי יצחק־אלחנן און זאָגט:

„ותראו את שקוציהם ואת גלוליהם עץ ואבן", הגם איהר וועט בלויז קוקען אויף זייערע שקוצים און גלולים, הגם איהר וועט אין האַרצען ווייט זיין דערפון, נאָר איהר וועט זיך נאָר בלויז חבר'ן מיט זיי צוליעב'ן „כסף וזהב אשר עמהם", צוליעב קאַריערע, צוליעב געלד — „לא יאבה ד' סלוח לו", ווייל אַבוואָהל דו אַליין וועסט נאָך אפשר בלייבען אַ איד, איז אָבער „ואמר הדור האחרון בניכם אשר יקומו מאחריכם", וועט דער שפּעטערדיגער דור, די קינדער, וואָס וועלען פון דער דאָזיגער שטוב אויסוואַקסען, שוין זיין אַ „והנכרי אשר יבא מארץ רחוקה" — אמת'ע גוים...

אויסגעלאָזען האָט זיך, אַז נישט־נור ישראל לאַנדוי'ס קינדער זענען געווען גויים, נאָר אויך ער אַליין האָט זיך נישט לאַנג דערנאָך גע'שמד'ט...

## פן יש בכם שורש פורה ראש ולענה... (כט. יז.)

דער „שורש פורה ראש ולענה" — פלעגט זאָגען דער „איד הקדוש" פון פשיסכע — דער שורש פון אַלעם בייזען ליעגט אינ'ם „פן", אין די ספקות, אינ'ם צופיעל חקרנ'ען זיך...

## והיה בשמעו את דברי האלה הזאת והתברך בלבבו... (כט. יח.)

און עס וועט זיין, ווען דער רשע וועט הערען די „דברי האלה הזאת", ער וועט הערען די תוכחה און דאָס, וואָס מען דרשנ'ט אויפ'ן „גם כל חלי וכל מכה אשר לא כתוב", אַז דאָס מיינט מען „מיתת צדיקים", „והתברך בלבבו לאמר", וועט ער זיך טראַכטען און זאָגען: „שלום יהי' לי", וואָס אַהרט עס מיך, וואָס די צדיקים וועלען שטאַרבען אין מיינע זינד?... וואָרענט מען איהם דעריבער: דו זאָלסט עס דיר נישט איינרעדען. „ורבצה בו כל האלה הכתובה בספר הזה". אין איהם וועט מקוים ווערען די „אלה הכתובה", די איינפאַכע געשריבענע תוכחה, נישט די גע'דרשנ'טע, נישט דער דרש פון „מיתת צדיקים"...

(ארץ החיים)

דער מלבי"ם האָט אַמאָל גע'מוסר'ט איינעם פון די מאָדערנע אידען פאַר זיין מזלזל זיין אין די מצוות מעשיות, אויף וואָס יענער האָט איהם געענטפערט, אַז דער עיקר דאַרף אַ מענש האָבען אַ גוט האַרץ, געבען צדקה, האָבען רחמנות א. אַ. וו.

— דאָס איז גאַנץ גוט — האָט איהם דערויף דער מלבי"ם געענטפערט — אָבער דערמיט אַליין איז מען נאָך קיין איד נישט און וועגען דעם זאָגט אונז טאַקי דער פסוק: והתברך בלבבו — אויב אַ מענש וועט זיך ריהמען מיט זיין האַרץ, באַשר ער האָט אַ גוט האַרץ, און דעריבער — בשרירות לבי אלך — איז ער שוין דערמיט יוצא און ער מעג שוין אויף דעם חשבון טהון וואָס ער וויל, זאָלסטו וויסען זיין לא יאבה ד' סלוח

לו — דען מיט די מצוות שבין אדם לחברו ווערט מען נאָך נישט גע׳פּטר׳ט פון די מצוות שבין אדם למקום...

די אַלע — פלעגט זאָגען רבי יחזקאל קוזמירער — וואָס זאָגען, אַז „רחמנא לבא בעי״, אַז פאַר אַ השי״ת איז גענוג בלויז דאָס האַרץ, די מחשבה, וועט זיי אויך השי״ת אָבצאָהלען דעם שכר זייערען בלויז במחשבה נישט במעשה...

## ויתשם ד׳ מעל אדמתם... (כט. כז.)

„עשרת השבטים אין להם חלק לעולם הבא, שנאמר ויתשם ד׳ מעל אדמתם״ (סנהדרין ק״י)

און דאָס איז דערפאַר, ווי עס ערקלערען אונז די חז״ל אין אַ צווייט אָרט (סנהדרין צ״ד), ווייל — „ספרו בגנותה של ארץ־ישראל״, ווייל זיי האָבען זיך אויסגעדריקט נישט־אָנשטענדיג וועגען ארץ־ישראל!...

## הנסתרות לד׳ אלקינו והנגלות לנו ולבנינו... (כט. כח.)

הנסתרות, דאָס פאַרבאָרגענע, דאָס אונפערשטענדליכע, היינו, די עיקרי הדת, די יסודות פון דער רעליגיע און די טעמי המצוות, דאָס — לד׳ אלקינו, דאָס קאָן נאָר בע־גרייפען און פערשטעהן דער רבש״ע, ו ה נ ג ל ו ת — דאָס קלאָרע און פערשטענדליכע — לנו ולבנינו, איז פאַר אונז און אונזערע קינדער, דאָס זענען מיר יאָ אומשטאַנד צו פערשטעהן און צו בענעהמען. און וואָס ווערט געמיינט מיט׳ן „והנגלות״? — לעשות את כל דברי התורה הזאת — צו טהון אַלץ וואָס עס שטעהט אין דער תורה, מקיים זיין אַלץ וואָס זי באַפעהלט, אָהן שום פקפוקים, אָהן שום חקירות ודרישות...

(הואיל משה)

וועגען דער גאולה העתידה ווערט געזאָגט: „בעתה אחישנה״, אַז עס זענען בעשטימט פאַר איהר צוויי זמנים: „זכו — אחישנה, לא זכו — בעתה״. ווען עס וועט זיין דער זמן פון „בעתה״, דאָס איז פאַר אונז אַ סוד נסתר, וועלכען קיינער ווייסט נישט, דאַגעגען דער זמן פון „אחישנה״ קאָן געשעהען צו יעדער צייט, דאָס איז געווענדעט אָן אונז, אין אונזערע מעשים און אויפפיהרונג, אינ׳ם — „היום אם בקולו תשמעו״.

אין פריהערדיגען פסוק ווערט גערעדט וועגען גלות: „ויתשם ד׳ מעל אדמתם וכו׳ וישליכם אל ארץ אחרת״, און דערויף קומט דער אויספיהר: „הנסתרות לד׳ אלקינו״, ווען דער דאָזיגער גלות וועט זיך ענדיגען, דאָס איז פערבאָרגען פון אונז, דאָס ווייסט בלויז איין גאָט, אָבער „והנגלות לנו ולבנינו״, עס איז פאַרהאַן אויך אַ צווייטער זמן, וועלכער איז ענטפּלעקט פאַר אַלעמען, פאַר אונז און אונזערע קינדער, און דער דאָזיגער זמן איז — „לעשות את כל דברי התורה הזאת״, דאַן איז דער קץ שטענדיג גרייט...

(כתב סופר)

„הנסתרות לד׳ אלקינו״ — פאַרהאַן אידען, וועלכע בעהאַלטען זיך מיט זייער אידישקייט און פרומקייט, אַז קיינעד, אויסער דעם אויבערשטען, זאָל עס נישט זעהן. דאָס איז אָבער ווייניג; עס דאַרף אויך זיין „והנגלות לנו ולבנינו״ — אַז דאָס אידישקייט אין שטוב זאָל זיין אָנ׳עפענטליכע, אויך פאַר די קינדער!...

(דרשות אל עמי)

רבי נח לעכעוויטשער האָט אַלס יונגעל אַמאָל געפרעגט דעם פאָטער זיינעם, רבי מרדכי׳ן:

— טאַטע, די אמת׳ע צדיקי הדור בעשטעהען דאָך פון ל״ו נסתרים בעהאַלטענע צדיקים, קומט דאָך אויס לפי זה, אַז די בעקאַנטע מפורסמ׳דיגע צדיקים געהערען נישט אויף אַזאַ אופן צו די ל״ו נסתרים?

— געוויס נישט — האָט איהם דער פאָטער געענטפערט — אָבגעהיטען זאָלען מיר ווערען, מיין קינד, ווען פערשיעדענע בעקאַנטע צדיקים זאָלען זיך אַזוי אויפפיהרען בנגלה, ווי זיי פיהרען זיך אויף בנסתר, ווען קיינער זעהט נישט...

אין אַ רבני׳שען הויף אין גאַליציען (פון דער קאַמינקער דינאַסטיע) איז אַמאָל אויסגעבראָכען אַ מחלוקת צוליעב אַ ירושה־שטוהל, איבער וועלכער עס האָבען זיך געקריעגט צווי ברידער. נישט קענענדיג צווישען זיך דורכקומען זענען זיי אַוועק האָבען אַ דין־תורה צום לעמבערגער רב, צום „בית יצחק״, וועלכער האָט אָבער די דין־תורה נישט געוואָלט אָננעהמען, ערקלערענדיג, אַז אויף אַזעלכע זאַכען זענען נישט חל די דיני ירושה...

— הלמאי רבנות? — חידוש׳ט זיך איינער פון די צווי רבני׳שע זיהן — עס קומען דאָך גאַנץ אָפט פאָר אַזעלכע עהנליכע דיני־תורות וועגען כסא־רבנות, און עס ווערט דערביי גע׳פסקנ׳ט דער דין פון חזקה.

— אינו דומה — ענטפערט דערויף מיט אַ שמייכעל דער לעמבערגער רב — די תורה זאָגט אונז בפירוש: „הנסתרות לד׳ אלקינו והנגלות לנו ולבנינו״, אויב מען פערהערט דעם זוהן און מען זעהט, אַז ער קאָן אַזוי לערנען, ווי דער פאָטער, האָט ער דעם דין פון חזקה. אַנדערש איז אָבער בעת עס האַנדעלט זיך וועגען „נסתרות״, וועגען רבי׳סטווע, צדקות, הימעל־זאַכען, דאָס געהער שוין „לד׳ אלקינו״, נאָר דער רבונו־של־עולם קאָן דאָ וויסען, צי אויך דער זוהן איז טאָקי אַזאַ גרויסער צדיק און איז ראוי צו פערנעהמען דעם פאָטער׳ס אָרט. מיר, געוועהנליכע מענשען — „אין לנו עסק בנסתרות״...

רבי אַברהם משה פשעוואָרסקער פלעגט זאָגען:

„ולא ראיתי צדיק נעזב וזרעו מבקש לחם״. וועגען פיעל פון די אַמאָליגע רביים וואָלט מען שוין היינט נישט געוואוסט געדענקט, אָבער „ולא ראיתי צדיק נעזב״, דאָס וואָס די צדיקים ווערען נישט פערגעסען, האָבען מיר צו פערדאַנקען דעם „וזרעו מבקש לחם״, די קינדער און די אייניקלעך, וועלכע דאַרפען נעביך ברויט, וועלכע זוכען פרנסה, האַלטען זיי דעריבער אין איין רעדען וועגען זייערע זיידעס און דערצעהלען זייערע שבחים און אין זייער זכות ווערען זיי אַליין אויך רביים, לעבענדיג גאַנץ אָפט אין אַ סך מעהר הרחבה, ווי עס האָבען געלעבט די דאָזיגע זיידעס זייערע...

## והיה כי יבאו עליך כל הדברים האלה הברכה והקללה... (ל׳ א.)

פרעגען דערויף די מפרשים: די כוונה און דער אויספיהר פון פסוק איז דאָך, אַז צוליעב דער שווערער שטראָף וועט מען ענדליך געצוואונגען ווערען תשובה צו טהון, „והשבות אל לבבך בכל הגוים אשר הדיחך וכו׳״, איז אויב אַזוי, האָט דאָך געדאַרפט שטעהן: „והיה כי יבואו עליך כל הדברים האלה והקללה״, נאָכוואָס אָבער ווערט דאָ דערמאָהנט „והברכה״?

נאָר בנוהג שבעולם — ענטפערט דערויף דער בעל־העקדה — אַז דער צער פון אַ געבוירענעם שטענדיגען אָרימאַן איז נישט אַזוי גרויס, ווי פון דעם יעניגען, וועלכער

איז פריהער געווען אַנ׳עושר, געלעבט יאָהרען־לאַנג אָהן דאגות און פלוצלונג איז ער פעראָרימט געוואָרען. און דאָס, אַלזאָ, איז דאָ די כוונה פון פסוק: והיה כי יבואו עליך כל הדברים האלה, פריהער — הברכה, און דערנאָך — והקללה, אָט דאָס וועט האָבען די געהעריגע פעולה, אַז — והשבות אל לבבך...

אויך דאָס אַליין וועט זיין אַ ברכה, אָט דער „והשבות אל לבבך בכל הגוים אשר הדיחך ד׳ אלקיך שמה״, די דאָזיגע וואונדערליכע ערשיינונג, וואָס טראָץ דעם, וואָס אידען וועלען זיין צוזיהט און צושפרייט צווישען פיינדליכע פעלקער, טראָץ די אַלע מורא׳דיגע קללות און פורעניות׳ן, וועלען זיי זיך פונדעסטוועגען דערהאַלטען און נישט אויפהערען צו עקזיסטירען... (כתב סופר)

## ושבת עד ד׳ אלקיך וכו׳ בכל לבבך ובכל נפשך... (ל. ב.)

דאָ ווערט דער פסוק נישט פערענדיגט מיט „ובכל מאודך״, דען עס רעדט זיך דאָך וועגען אַחרית־הימים און דעמאָלס וועט שווער זיין צו דיענען דעם אויבערשטען מיט „בכל מאודך״, מיט געלד, וואָרום — „אין משיח בן דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס״... (שער בת רבים)

## ושב וקבצך מכל העמים... (ל. ג.)

וועגען דעם אופן, ווי אַזוי עס וועט פאָרקומען דער סדר־הגאולה, געפינען מיר אין די חז״ל און אין די מפרשים פערשידענע געגענגעזעצטע מיינונגען.

לויט׳ן רמב״ם (הלכות מלכים פרק י״א) וועט פריהער זיין ביאת־המשיח און בנין־המקדש און ערשט דערנאָך — קיבוץ־גלויות, און אַזוי — ווערט דערביי אָנגעוויזען — שטעהט אויך אין פסוק: „בונה ירושלים ד׳״ און דאַן — „נדחי ישראל יכנס״...

אין אַ צווייט אָרט זאָגט דער רמב״ם (סנהדרין חלק) וועגען ימות־המשיח: „ולא ישתנה במציאות שום דבר ממה שהוא עתה, אלא שהמלכות תחזור לישראל״.

לויט׳ן ירושלמי (מעשר שני פרק ה׳) וועט צו אַלעם ערשטען זיין בנין־המקדש און ערשט דאַן — ביאת־המשיח און מלכות בית דוד.

דאָס זעלבע ווערט אויך געזאָגט אין מדרש שוחר טוב (ע׳), און דאָס זעלבע אויך אין זהר (תולדות קל״ט), אַז פריהער וועט זיין בנין־המקדש און דערנאָך קיבוץ־גלויות.

דאַגעגען געפינען מיר אין מדרש רבה אויפ׳ן פסוק „עורי צפון ובואי תימן״ (מדרש רבה נשא פרשה י״ג): „לכשיתעורר מלך המשיח שהוא נתון בצפון יבא ויבנה את בית המקדש שהוא נתון בדרום״, אַז פריהער וועט זיין ביאת־המשיח און ערשט דערנאָך בנין־המקדש.

אין „חינוך״ (מצוה צ״ה) ווערט געזאָגט, אַז ישוב ארץ־ישראל וועט זיין פאַר בנין־המקדש.

לויט׳ן מהרש״א (מגילה י״ז) וועט פריהער פאַר אַלעם זיין קיבוץ־גלויות און דער רמב״ן (סוף שיר־השירים) ערקלערט, אַז דער קיבוץ־גלויות וועט פאָרקומען צוויי מאָל, דאָס ערשטע מאָל מיט דער ערלויבעניש און מיט דער מיטהילף פון די מלכי־האומות און ערשט נאָכהער וועט זיין דער גרויסער קיבוץ־גלויות...

און אַזוי ווערט אויך געזאָגט אין תוספות יו״ט: „ונמצא שעד מלכות בית דוד תהי׳ לאומות קצת ממשלה עלינו וכמו שהיה בתחילת בית שני״ (תוספות יו״ט מעשר שני פ״ה)...

דעריבער — האָט געזאָגט דער באַרימטער דרשן רבי זונדל קאַמעניצער — נויטיגען מיר זיך אין צוויי משיחים, אין משיח־בן־יוסף און אין משיח־בן־דוד, כדי איינער זאָל אונז אויסלייזען פון גלות און דער צווייטער זאָל אויסלייזען און אַרויסנעהמען דעם גלות פון אונז...

בשעת עס האָט זיך אָנגעהויבען די גרויסע חיבת־ציון בעוועגונג, האָט זי דאָן אין די פרומע קרייזען, ווי בעקאַנט, אָנגעטראָפען אויף אַ שטאַרקע התנגדות. איינע פון די געגנערישע טענות איז געווען, באשר עפ"י רוב בעשטעהען די פיאָנערען, וועלכע לאָזען זיך קיין ארץ־ישראל, פון פרייע עלעמענטען און עס געשיקט זיך נישט, אַז זיי זאָלען עס זיין די בויער פון אידישען לאַנד... דערויף האָט דאַן דער ביאַלער רב, רבי שמואל־לייב זאַק, אָנגעוויזען, אַז דוד המלך האָט נביאות געזאָגט אַז אַזוי וועט עס אויסזעהען און אויף אַזאַ אופן וועט זיך אָנהויבען דער צוריקקעהר קיין ציון, אויסדריקענדיג זיך: „וזרע עבדיו ינחלוה ואוהבי שמו ישכנו בה" (תהלים ס"ט), עס שטעהט נישט „עבדיו ינחלוה", נאָר — „וזרע עבדיו", די קינדער פון זיינע קנעכט; די קינדער פון די פרומע אידען, הגם זיי וועלען אַליין נישט פרום זיין, וועלען ערווערבען דאָס לאַנד און עס צו־גרייטען, אַז — „ואוהבי שמו ישכנו בה"...

צו די געגנער פון ציוניזם האָט אויך אָנגעהערט רבי חיים בריסקער און אויך הויפט־זעכליך צוליעב'ן זעלבען מאָטיוו, באשר עס פערנעהמען זיך דערמיט אַממעהרסטען די נישט־פרומע אידען. האָט מען איהם אַמאָל געפרעגט:

— ס'טייטש, רבי, אָט די נישט־פרומע זענען זיך דאָך מוסר־נפש און זענען עוסק אין סאַמע וויכטיגסטען און הייליגסטען אידישען ענין, אין ישוב ארץ־ישראל, זיי בויען דאָס לאַנד און בעזעצען זיך דאָרט. היתכן, אַז די פרומע אידען זאָלען ביי אַזאַ זאַך, וואָס איז נוגע דעם כלל־ישראל, שטעהן פונדערוויטענס?

— איהר ווייסט דאָך — האָט זיי דערויף רבי חיים געענטפערט — ווי עס פיהרט זיך ביי אַ חופה: פאָראויס, בראש, לויפען די ווייסע חברה'ניקעס, זיי פערלויפען אַלעמען, אַפילו די כלי זמרים, דעם וועג. חתן־כלה און די אמת'ע מחותנים — קומען שפּעטער...

רבי מענדעל וויטעבסקער איז אַזוי טיעף געווען דורכגעדרונגען מיט דער אמונה אין משיח'ן, אויף וועלכען ער פלעגט זיך ממש ריכטען יעדען טאָג, איטליכע רגע, אַז פאַר'ן שלאָף פלעגט ער אַוועקשטעלען נעבען זיך אַ מענשען, כדי ווי־נאָר ער וועט דער־הערען דעם שופר של משיח, זאָל ער איהם תיכף אויפוועקען!

בשעת רבי לוי־יצחק בערדיטשעווער האָט געשריבען תנאים מיט זיין איניקעל האָט ער געהייסען איינשרייבען אין די תנאים בזו הלשון:

„החתונה תהי' אי"ה למזל־טוב בירושלים עיר הקדש, ובאם חלילה משיח צדקנו לא יבא בזאת השנה, תהי' החתונה בבערדיטשעוו"...

רבי מענדעלי רימאַנאָווער פלעגט זאָגען, אַז ביאת־המשיח וועט פאָרקומען אויפ'ן זעלבען אופן, ווי קבלת־שבת אין לעמבערג. רבי מענדעלי איז איינמאָל געקומען אויף שבת קיין לעמבערג. פרייטאָג נאָך האַלבען טאָג האָט זיך אין איהם דערוועקט אַ שטאַרקע תשוקה צום שבת קודש, אויף וועלכען ער האָט זיך ממש נישט געקענט דערוואַרטען און ער האָט אַרויסגעשיקט דעם משמש אין שטאָדט אַריין זעהען, צי אידען זענען זיך שוין מכין צו קבלת־שבת. דער משמש האָט אָבגעשטעלט אין גאַס עטליכע דורכגעהענדע

אידען און זיי געפרעגט, ווען זיי געהען מקבל־שבת זיין, אויף וואָס יענע האָבען איהם געענטפערט, אַז זיי האָבען נאָך געגוג אַנדערע דאגות און זיי האָבען נאָך צייט צו טראַכטען וועגען שבת... אין אַ שעה אַרום האָט ער ווידער אַרויסגעשיקט דעם משמש אַ קוק טהון, אפשר איז מען זיך שוין מכין צו קבלת־שבת. ווידעראַמאָל האָט דער משמש אָבגעשטעלט עטליכע דורכגעהער און ווידעראַמאָל האָט ער בעקומען די תשובה, אַז עס איז נאָך געגוג צייט צו טראַכטען דערפון, און אַזוי עטליכע מאל... רבי מענדעלי איז אַלזאָ געזעסען און געוואַרט מיט אונגעדולד און פלוצים דערהערט זיך, ווי פון אַלע זייטען הויבען זיך אָן שליסען די טהירען און פענסטער פון די קראָמען און אידען לויפען איילענדיג איבער די גאַסען... שבת־קודש איז געקומען!

— דו זעהסט? — האָט זיך רבי מענדעלי אָנגערופען צום משמש זיינעם — אָט אַזוי וועט אויך אויסזעהן ביאת־המשיח. אידען וועלען זיין פערנומען מיט זייערע וואָכעדיגע עסקים, מיט זייערע טאָג־טעגליכע דאגות־פרנסה. קיינער וועט דעם קאָפּ נישט האָבען צו טראַכטען וועגען משיח'ן, קיינער וועט נישט זיין צוגעגרייט. פלוצים אָבער, אין איין מינוט וועט ווערען אַ בעוועגונג, פון אַלע זייטען וועט מען שליסען די קראָמען, זיך שיידען מיט די וואָכעדיגע דאגות, „ביום ההוא ישליך האדם את אלילי כספו ואת אלילי זהבו”... משיח־בן־דוד איז געקומען!

(דור דעה)

ער פלעגט אויך זאָגען:

איידער עס איז געווען אַ מלך ביי אידען, אין די טעג פון שפוט השופטים, איז געווען „איש כל הישר בעיניו יעשה”, און ערשט דאַן איז נתגלה געוואָרען דאָס מלכות־ישראל, און דאָס זעלבע וועט אויך זיין פאַר ביאת משיח צדקנו...

קודם ביאת־המשיח — האָט ער זיך איינמאָל אויסגעדריקט — וועט מען זיך דאַרפען דראַפּען אויף די גלייכע ווענד בכדי מקיים צו זיין דעם „מי יעלה בהר ד' ומי יקום במקום קדשו”...

„אז יאמרו בגוים הגדיל ד' לעשות עם אלה, הגדיל ד' לעשות עמנו היינו שמחים”
(תהלים קכ"ו)

נישט אַלע פרעהען זיך גלייך מיט'ן זעלבען גליק, נישט ביי אַלעמען איז דאָס זעלבע גליקליכע געשעהעניש אימשטאַנד אַרויסצורופען די זעלבע שמחה. עס איז געווענדעט ווער דער בעל־שמחה איז, אין וואָסער צושטאַנד ער געפינט זיך און ווי ווייט עס דערגרייכען זיינע השגות. אויב אַב'אָרימאַן, וועלכער האָט נישט קיין ברויט אין שטוב, ווערט פלוצים אויפגעריכט און ער כאַפּט אַ פערדיענסטעל פון עטליכע הונדערט גילדען, איז עס פאַר איהם אַ גרויסע פרייד, אַ געוואַלדיג גליק. דאַגעגען אַ גביר, אויב ער האָט אין פערלויף פון חודש פערדיענט נישט מעהר, ווי עטליכע הונדערט גילדען, איז נישט־נור וואָס ער פרעהט זיך נישט מיט אַזאַ פערדיענסט, נור פערקעהרט, דאָס פערשאַפּט איהם זאָרג, מחמת ער איז געוואונט אַ סך מעהר צו פערדינען... דער משורר, אַנזאָגענדיג אונז די בשורה וועגען דער קינפטיגער גאולה, ערקלערט דערביי: „בשוב ד' את שיבת ציון וכו' אז ימלא שחוק פינו ולשוננו רנה”, אַז עס וועט דאַן הערשען ביי אונז אַ גרויסע פרייד, אַז מיר וועלען לאַכען און זינגען פון שמחה, אָבער דאָס וועט נישט זיין די שמחה פון אָרימאַן, וועלכער פרעהט זיך דערפאַר, ווייל ער האָט פריהער געלעבט אין גרויסע צרות און פאַר אַנדערע וואָלט דאָס דאָזיגע גרויסע גליק קיין גרויסע בעדייטונג נישט געהאַט און זיי וואָלטען דערפון קנאַפּ־וואָס נתפעל געוואָרען. ניין! „אז יאמרו בגוים”,

אַפילו די גויים וועלען זאָגען: „הגדיל ד׳ לעשות עם אלה", גאָט האָט די אידען מיט אַ גרויס גליק אויפגעריכט, אַזאַ גליק, אַז „הגדיל ד׳ לעשות עמנו היינו שמחים", אַז ווען דאָס זאָל אונז טרעפען וואָלטען מיר זיך אויך געווען געפרעהט...

(דובנער מגיד)

„אין משיח בן־דוד בא עד שתכלה פרוטה מן הכיס" (סנהדרין צ״ח)

ווען עס וועט אויפהערען דאָס „פ ר ט י ו ת" פון אידישען האַרץ, ווען יעדער איד וועט נישט אין זינען האָבען בלויז זיך, נאָר אויך זאָרגען פאַר׳ן כ ל ל!...

(ישמח משה)

אַ מיניסטער, אַ שונא־ישראל, האָט אַמאָל געזאָגט צו רבי יונתן איבעשיץ:

— משיח, שטעהט ביי אייך געשריבען, וועט קומען צו רייטען אויף אַן אייזעל, אויך אייערע עלטערן האָבען גערייטען אויף אייזלען, טאָ פאַרוואָס פאָהרען אייערע היינטיגע אידען אויף פערד?

— מיר האָבען נעבעך קיין ברירה נישט — זאָל איהם רבי יונתן האָבען צוריק־געענטפערט מיט אַ שטאָך: — פונוואַנען, אַדוני פריץ, זאָלען מיר היינט נעמען אייזלען, אַז די אייזלען זענען געוואָרען מיניסטאָרען!...

## אם יהיה נדחך בקצה השמים משם יקבצך... (ל׳, ד׳)

דער פערשטאָרבענער הרב קוק ז״ל, שמועסענדיג אַמאָל וועגען די משולחים, וועלכע פאָהרען אַרום זאַמלען געלד פאַר קופת רמבעה״נ (רבי מאיר בעל־הנס) און שפּאַרען־אָן אין די פערוואָרפענסטע אידישע ישובים, האָט ער זיך אויסגעדריקט בדרך־הלצה, אַז ער נעהמט מאַנכעס מאָל צווייפלען, צי די עשרת השבטים עקזיסטירען נאָך און געפינען זיך נאָך ערגיץ־וואו, וואָרום ווען יאָ — וואָלטען זיי די משולחים, די געלד־זאַמלער, שוין לאַנג געווען אויפגעזוכט...

## והביאך ד׳ אלקיך אל הארץ... (ל׳, ה׳)

פערטריבען געוואָרען זענען מיר אין גלות צוליעב די זינד, וואָס מיר האָבען געזינדיגט אין ארץ־ישראל, און היות, ווי צווישען די פערשידענע תנאים, וואָס ווערען אויסגערע־כענט ביי תשובה, איז אויך דער דין, אַז די תשובה דאַרף זיין „באותו מקום", דעריבער „והביאך ד׳ אלקיך אל הארץ", מוזען מיר פריהער קומען קיין ארץ־ישראל און ערשט דאַן — „ומל ד׳ אלקיך את לבבך ואת לבב זרעך" וכו׳ און „ואתה תשוב ושמעת בקול ד׳ וכו׳", ערשט דאָרט, באותו מקום, וועלען מיר תשובה־טהון אויף דעם חטא פון ארץ־ישראל...

(תפארת יהונתן)

## ומל ד׳ אלקיך את לבבך ואת לבב זרעך... (ל׳, ו׳)

דערויף זאָגט דער בעל־הטורים: „את לבבך ואת לבב — ר״ת אלול, לכך נהגו להשכים להתפלל סליחות מר״ח אלול ואילך".

און אין טור הלכות ר״ה סימן תקפ״א ווערט געזאָגט: „ומנהג אשכנז כשחל ר״ה ביום ה׳ אז מתחיל לומר סליחות ביום ראשון שלפניו", אַז סליחות הויבט מען אָן צו זאָגען אין דער וואָך פון ר״ה, נישט פון אָנהויב אלול. ווי־זשע קומט עס, וואָס דער בעל־הטורים זאָל זיך אַליין סותר זיין?...

(זאב בערענט)

## ונתן ד׳ אלקיך את כל האלות האלה על אויביך ועל שונאיך אשר רדפוך... (ל. ז.)

די שולד פון די אַלע אלות און ארור׳ס, פאַר „מסיג גבול רעהו״, פאַר „מטה משפט״, פאַר „לא יקום את דברי התורה הזאת״ וכו׳, וועט געגעבען ווערען „על אויביך ועל שונאיך״ — דאָס האָבען זיי אונז דערפיהרט צו אַזאַ אונגאַרמאַל, וממילא צו אַזאַ אונהערליך לעבען. די אַלע ארור׳ס שטאַמען פונ׳ם — „אשר רדפוך״...

(כפלים לתושיה)

## לא בשמים הוא... (ל. יב.)

דער „בודע־ביהודה״ מיט׳ן בעל־שם־טוב האָבען זיך אַמאָל צונויפגעטראָפען אין וועג אין איין אכסניא. ביידע האָבען זיך דאַן נישט געקענט און בשעת זיי זענען געזעסעןביים טיש און געגעסען און שוין געהאַלטען נאָך די זופ, איז אַריינגעקומען די בעל־הבית׳טע מיט אַ שאלה אויפ׳ן פיפיק, פון וועלכען די זופ איז געקאָכט געוואָרען. עס איז געווען אַ שווערע שאלה און דער „בודע־ביהודה״ האָט לאַנג מעיין געווען, ביז ער האָט ענדליך אויסגעפונען, אַז ס׳איז כשר, דאַן רופט זיך אָן צו איהם דער בעש״ט, אַז פאַר איהם איז שוין פריהער קלאָר געווען, אַז די שאלה איז כשר, מחמת בעת ער האָט געגעסען די זופ האָט ער קיין שום רוח־רעה נישט געפיהלט, און דאָס איז דאָך ידוע — האָט ער אויסגעפיהרט — אַז אויף מאכלי טריפות רוהט אַ רוח־רעה...

דער „בודע־ביהודה״, וועלכער איז געווען אַ פשטן, ווייט פונ׳ם נייעם חסידות, וואָס עס האָט זיך נור־וואָס אָנגעהויבען פערשפרייטען, האָט אָבגעמאָסטען דעם אונבעקאַנטען שכן זיינעם מיט אַן׳איראָנישען שמייכעל און דאַן מאַכט ער צו איהם:

— איהר ווייסט, ר׳ איד, עס איז מיר איצט פערענטפערט געוואָרען אַ האַרבע גמרא. די גמרא דערצעהלט: „כשנכנסו רבותינו לכרם ביבנה אמרו עתידה תורה שתשתכח מישראל וכו׳ עתידה אשה שתיטול ככר של תרומה ותחזור בבתי כנסיות ובתי מדרשות, לידע אם טמאה היא ואם טהורה היא״ (שבת קל״ח). איז, ערשטענס, נאָכוואָס וועט די אשה דאַרפען מיטנעהמען מיט זיך דעם ככר בעת זי וועט געהן פרעגען אַ שאלה, צי עס איז טמא, אָדער טהור? צווייטענס, אויב די פרויען וועלען דאַן אַזוי מדקדק זיין במצוות און ביים מינדסטען חשד וועלען זיי לויפען פרעגען אַ שאלה אין בית־המדרש, טאָ ווי אַזוי איז דערפון אַ בעוויז, אַז „עתידה תורה שתשתכח מישראל״? אדרבה, דאָס בעווייזט דאָך פערקעהרט, אַז מען וועט מקיים זיין די מצוות פון דער תורה? איצט אָבער איז עס מיר פערענטפערט. דער געוועהנליכער דרך־התורה איז, אַז אַ רב דאַרף זיצען און לערנען, ער דאַרף קלאָר זיין אין ש״ס ופוסקים, אין די ראשונים ואחרונים, בכדי אַז מען קומט צו איהם פרעגען אַ שאלה זאָל ער וויסען צו פסק׳נען לויט׳ן דין. איז כל־זמן מען האָט זיך געהאַלטען אינ׳ם דאָזיגען דרך האָט זיך די תורה פערשפרייט ביי אידען. אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָבען אונזערע חכמים פאָראויסגעזעהן, אַז עס וועט אויפשטעהן גאָר אַ נייע שיטה, אַ ווילדער משונה׳דיגער דרך: מען וועט אָנהויבען פסק׳נען דינים נישט לויט׳ן שלחן־ערוך, נאָר מען וועט מבחין זיין צווישען כשרות און טרפות לויט׳ן רוח רעה און אַז אַ אידענע וועט דאַרפען פרעגען אַ שאלה, וועט זי לויפען מיט׳ן ככר אין בית־המדרש אַריין, די רבנים זאָלען דערפיהלען, צי עס איז דאָ דערויף אַ רוח רעה, אָדער נישט, און ווייבאַלד אַזוי איז — „עתידה תורה שתשתכח מישראל״.

## ולא מעבר לים היא... (ל. יג.)

„אינה מצויה בתגרנים" (מדרש)

„בתגרנים" — ביי די, וואָס האַנדלען מיט דער תורה...

(רבי יעקב־יצחק ריינעס)

עפ"י רוב בשעת אַ איד עמיגרירט קיין אַמעריקאַ, איז ער זיך דאָרט מתיר אַ סך זאַכען, וואָס ער וואָלט זיך אין דער היים נישט ערלויבט; ער הויבט אָן אַרבייטען און האַנדלען אום שבת און וואַרפט בכלל אַראָב פון זיך אַ גרויסען טייל פון די רעליגיעזע דינים, פערענטפערענדיג זיך, אַז לעבען עפ"י התורה איז נאָר מעגליך דאָרט אין די לענדער מעבר־לים, אָבער נישט אין אַמעריקאַ, וואו מען געפינט זיך אין גאַנץ אַנדערע בעדינגונגען, צו וועלכע מען איז געצוואונגען זיך צוצופאַסען... און דערויף ווערט אַלזאָ געוואָרענט: „ולא מעבר לים היא"! די תורה איז נישט געגעבען געוואָרען בלויז פאַר די אידען מעבר־לים, „לאמר מי יעבר לנו אל עבר הים ויקחה לנו", נאָר — „כי קרוב אליך הדבר מאד", זי איז נאָהנט און פערפליכטענד פאַר דיר איבעראַל, וואו דו זאָלסט נישט וואוינען און אין וועלכע בעדינגונגען דו זאָלסט זיך נישט געפינען...

(הרב יעקב לעווינסאָן, ניו־יאָרק)

## בפיך ובלבבך לעשותו... (ל. יד.)

קום נישט אָב מיט'ן בלויזען ריידען און מיט'ן בלויזען טראַכטען. דאָס, וואָס דו האָסט אין מויל און אין האַרץ — טהו!...

(רבי מענדעלי קאָצקער)

## ראה נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב... (ל. טו.)

דער „חיים" זאָל זיין צוליב'ן „ט ו ב" און נישט פערקעהרט; נישט דו זאָלסט טהון גוטס, כדי דו זאָלסט לעבען — נאָר דו זאָלסט לעבען, כדי צו טהון גוטס!...

(הנ"ל)

## וחיית ורבית וברכך... (ל. טז.)

די דריי זאַכען, אויף וועלכע עס בעט יעדער מענש: „ב נ י (ורבית), ח י י (וחיית) ו מ ז ו נ י (וברכך)"...

(דגל מחנה אפרים)

## ובחרת בחיים למען תחיה... (ל. יט.)

נישט קיין לעבען, אין וועלכען מען זוכט „די צייט צו פערטרייבען", „די צייט צו פטר'ן", נאָר אַ חיים פון „למען תחיה", אַ לעבען, וואָס זאָל בעפרידיגען, וואָס זאָל זיין פול מיט לעבען...

(דרשות אל עמי)

אויך דאָס איז אַ מצות־עשה מן התורה, עס איז אַ מצוה צו לעבען און צו וועלען לעבען אויף דער וועלט!...

(חדושי הרי"ם)

## לאהבה את ד׳ אלקיך וכו׳ ולדבקה בו... (ל. כ.)

— רבונו־של־עולם — פלעגט דער „רב״, רבי שניאור־זלמן לאַדיער, אויסשרייען בעת דבקות — כ׳וויל נישט דיין גן־עדן, כ׳וויל נישט דיין עולם־הבא, כ׳וויל ד י ך אַ ל י י ן!...

— אויב — פלעגט זאָגען דער רבי ר׳ אלימלך — בית־דין־של־מעלה וועט מיר צו־פסק׳ענען גיהנום, וועל איך מיט׳ן גאַנצען כח אַריינשפּרינגען אין גיהנום אַריין, כדי צו טהון דעם רצון פון בורא!...

אַ חסיד׳ישער יונגערמאַן איז אַמאָל געקומען צו רבי מרדכי לעכעוויטשער „מקבל־השפעה״ זיין.

— וואָס איז דיין בקשה? — פרעגט איהם רבי מרדכי.

— כ׳וויל — זאָגט דער יונגערמאַן — דינען דעם רבונו־של־עולם.

— דעם רבונו־של־עולם — ענטפערט מיט התלהבות דער לעכעוויטשער — בעדאַרף מען נישט דינען! ער איז זעהר דין, דק מן הדק, לית מחשבה תפיסא ביה... דו זעה ד י ך צו דינען, זאָלסט נישט זיין אַזוי פערגרעבט!...

צו רבי אברהם־העשעל, דעם אַפּטער, איז אַמאָל געקומען צו פאָהרען אַ ליטווישער למדן, אַ מתנגד, וועלכער איז טשעקאַווע געווען צו זעהן דעם אַפּטער׳ס הנהגה, אין וואָס עס ליעגט זיין גדלות.

אינדערפריה איז ער אַריינגעגאַנגען אין קלויז דאַוונען, זעהט ער, ווי דער אַפּטער זיצט פער׳מוח׳ט און רויכערט אַ ציביק. דער ליטווישער למדן דאַוונט־אָב, לערנט זיין שיעור: אַ פּרק משניות, אַ בלאַט גמרא, עטליכע סעיפים שלחן־ערוך; ס׳איז שוין באַלד האַלבער טאָג — דער אַפּטער זיצט נאָך אַלץ און רויכערט דעם ציביק. קאָן ער עס נישט מעהר פערטראָגען און ווענדעט זיך צום אַפּטער:

— ס׳טייטש, רבי, ס׳איז דאָך שוין נאָכ׳ן זמן־תפילה! פאַרוואָס זאָלט איהר נישט דאַוונען גלייך מיט אַלע אידען?...

— כ׳וועל דיר זאָגען — ענטפערט איהם דער אַפּטער: — דו, אַז דו ביזט אויפגעשטאַנען, האָסטו זיך תיכף געשטעלט דאַוונען; נאָכ׳ן דאַוונען — האָסטו זיך געזעצט לערנען. אַוודאי איז דאָס זעהר גוט. וואָס זאָל א י ך אָבער טהון?... איך, אַז איך בין אויפגעשטאַנען און האָב אָנגעהויבען צו זאָגען: „מודה אַני לפניך״, האָב איך אַ טראַכט געטהון: אוי וועה!... ווער איז דער „אַני״ און ווער איז דער „לפניך״? — אַזוי שטעה איך נאָך און קאָן ווייטער נישט געהן!...

אַ מקורב האָט אַמאָל געפרעגט דעם צאַנזער רבי׳ן וואָס ער טהוט פאַר׳ן דאַוונען.

— פאַר׳ן דאַוונען — האָט איהם דער צאַנזער געענטפערט — דאַווען איך...

דער קאָצקער רבי פלעגט זאָגען: דריי זאַכען זענען פאַרהאַן וואָס זייער זין איז אַ פערקעהרטער: אַ קרומער לייטער — איז גלייך, אַ גלייכווערטעל — איז קרום, און נישטאָ קיין מעהר גאַנצע זאַך ווי אַ צעבראָכען האַרץ...

# וַיֵּלֶךְ

## וילך משה וידבר את הדברים האלה... (לא. א.)

„וילך משה וגו׳״ (רש״י)

צוליעב וואָס ציטירט דאָ רש״י דעם בלויזען פסוק: „וילך משה וגו׳,״ אויף וועלכען ער זאָגט קיין שום פשט נישט?

נאָר אין מדרש קהלת ווערט געזאָגט: „שמואל שהי׳ נביא סבב את ישראל לשפוט אותם ומשה שהי׳ מלך ומלך שמחל על כבודו אין כבודו מחול באו ישראל אליו״. רש״י׳ן איז, אַלזאָ, קשה געווען: פאַרוואָס האָט דאָס מאָל משה געמאַכט אַן׳אויסנאַהם און „וילך משה וכו׳ אל כל ישראל״, ווערהענד שטענדיג פלעגען זיך די אידען פערזאַמלען צו משה׳ן, ווי עס ווערט געזאָגט: „כי יהיה להם ריב ובא אלי״?

אָט די דאָזיגע פראַגע איז רש״י אויסען, ציטירענדיג די ווערטער „וילך משה״, און אַלס ענטפער דערויף ברענגט ער דעם צווייטען פסוק: „לא אוכל עוד לצאת ולבוא שנטלה ממני הרשות וניתנה ליהושע״, אַז ער האָט שוין דאַמאָלס געהאַט איבערגעגעבען די הנהגה צו יהושע׳ן און ער איז שוין מעהר קיין מלך נישט געווען וממילא איז שוין כבודו מחול...

(רבי זלמן פינעס)

## לעיני כל ישראל חזק ואמץ... (לא. ז.)

געוויס דאַרף אַ מנהיג קיין בעל־גאוה נישט זיין, געוויס דאַרף ער אויף איין רגע נישט פערגעסען אינ׳ם „לבלתי רום לבבו״; דאָס הייסט אָבער נישט, אַז ער דאַרף זיך לאָזען אַרומפיהרען פאַר דער נאָז און זיך ערנידריגען און מכניע זיין פאַר יעדען אָדם מן השוק. אויסערליך, אינ׳ם בעצוג צום המון, „לעיני כל ישראל״, איז — „חזק ואמץ״, דאַרף ער פיהרען זיין התמנות שטרענג, ענערגיש, ביד־רמה; אַנדערש וועט מען פאַר איהם קיין דרך־ארץ נישט האָבען...

(בינה לעתים)

## חזק ואמץ כי אתה תבוא את העם הזה אל הארץ... (לא. ז.)

זעהענדיג דעם טרויעריגען סוף פון זיין רבי׳ן, משה, דעם אידישען מנהיג, וועלכער האָט נישט זוכה געווען אַריינצוגעהן קיין א״י, און אַז די אַלע בני־ישראל, וואָס ער האָט אַרויסגעפיהרט פון מצרים, זענען אויסגעשטאָרבען אין דער מדבר, איז יהושע געווען ביי זיך נידערגעשלאָגען און נישט קיין גרויס חשק געהאַט צו ווערען דער ממלא־מקומו, האָט איהם דעריבער משה רבינו געטרייסט, זאָגענדיג: חזק ואמץ — שטאַרק זיך, זיי נישט געפאַלען ביי זיך — כי אתה תבוא — דו וועסט, נישט אַזוי ווי איך, יאָ אַריינקומען

נאָך ארץ־ישראל, און — את העם הזה — מיט דעם דאָזיגען פאָלק, מיט דעם איצטיגען דור, נישט ווי מיין דור, וועלכער איז אויסגעשטאָרבען אין דער מדבר...

(קול אומר קרא)

## תקרא את התורה הזאת נגד כל ישראל באזניהם... הקהל את העם... (לא. יא. יב.)

לויט'ן סדר וואָלט דאָך אייגענטליך פריהער געדאַרפט שטעהן: „הקהל את העם וכו'" און ערשט דאַן — „תקרא את התורה הזאת וכו'"? דען פריהער דאַרף מען דאָך איינזאַמלען דאָס פאָלק און ערשט נאָכהער לייענען פאַר זיי די תורה?

נאָר די כוונה פון פסוק איז: „תקרא את התורה הזאת נגד כל ישראל באָזניהם", די תורה, וואָס דו וועסט לייענען פאַר זיי, זאָל בעשטעהן פון — „הקהל את העם", זיי זאָלען זיך פערזאַמלען, פעראייניגען, זיי זאָלען זיך שטענדיג האַלטען צוזאַמען. אָט דאָס זאָלסטו זאָגען, די דאָזיגע תורה זאָלסטו פאַר זיי פאָרלייענען!...

(געהערט)

## הקהל את העם... (לא. יב.)

דאָס שמיטה־יאָהר איז אַממעהרסטען מסוגל צו שלום און אַחדות, דען עס ווערען דאַמאָלס אין אַ געוויסער מאָס אָבגעשוואַכט די שאַרפע געגענזאַצען צווישען די צוויי פיינדליכע קלאַסען, צווישען אָרים און רייך; אינ'ם דאָזיגען יאָהר זענען אַלע גלייך. קיינער איז דאַמאָלס קיין בעל־הבית נישט איבער זיין פעלד און תבואה, און דעריבער איז דאַן די בעסטע צייט צום — „ה ק ה ל א ת ה ע ם!"...

(כלי יקר)

## הקהל את העם האנשים והנשים והטף... (לא. יב.)

„והטף למה באים? לתת שכר למביאיהם" (חגיגה ג')

פרעגט זיך: וואָס איז די שאלה „והטף למה באים"? וויבאַלד אַלע, די מענער און די פרויען, זענען אַוועק קיין ירושלים, האָט מען דאָך אויך געמוזט מיטנעהמען די קינדער, וועלכע מען קאָן דאָך נישט לאָזען אויף הפקר?

באמת אָבער איז דאָס גופא טאַקי די גמרא אויסען מיט דער פראַגע: „והטף למה באים". צוליעב וואָס דאַרף די תורה שרייבען, אַז אויך די קינדער זאָלען מיטקומען, עס איז דאָך אַ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך, וואָס דען זאָל מען טהון מיט די קינדער?... און דערויף קומט דער ענטפער: „לתת שכר למביאיהם", דעריבער שרייבט עס די תורה, כדי זיי זאָלען דאַדורך זיין מצווים ועושים און פערדיענען דערמיט נאָך אַ מצוה...

(רבי מענדעלי קאָצקער)

דעריבער קומט דער שכר למביאיהם, צו די עלטערען, ווייל בשעת מען ברענגט מיט זיך די קינדער, זעהט מען דאַן, אַז אין פערגלייך מיט זיי, מיט דעם יונגען, אונ־טערוואַקסענדען דור, זענען די טאַטעס גאָר גרויסע צדיקים...

(רבי שמעון סופר)

דער ראַדזינער רבי, ר' גרשון העניך, פלעגט זאָגען:

אין דער תפלה פון „בריך שמיה" זענען מיר מתפלל: „דתוריך לן חיין בטיבותא

ולהוי אנא פקידא בגו צדיקיא". וואָס איז עס פאַר אַ סמיכות, וואָס פאַר אַ צוזאַמענהאַנג האָט אריכת־ימים מיט צדקות? נאָר דער פשט איז אַזוי: דאָס איז דאָך ידוע, אַז די וועלט ווערט וואָס אַמאָל שוואַכער אין דער אמונה. די פאַרצייטישע משכילים און אַפיקורסים, ווען זיי וואָלטען הייַנט געלעבט, וואָלט מען זיי, אין פערגלייך מיט די הייַנטיגע אַפּיקורסים, געהאַלטען פאַר עהרליכע פרומע אידען, פאַר צדיקים גמורים, בעטען מיר דעריבער דעם רבונו־של־עולם: „דתוריך לן חיין בטיבותא", לאָז אונז לאַנג לעבען, „ולהוי אנא פקידא בגו צדיקיא", וועל איך דאַן מיט דער צייט, לויט ווי דאָס אידישקייט וועט אויסזעהן אין יאָהרען אַרום, אויך קענען פעררעכענט ווערען אַלס צדיק...

## הן קרבו ימיך למות... (לא. יד.)

רבי מענדעלי קאָצקער האָט שטאַרק פיינד געהאַט לעדיגגעהער, פוסט־און־פּאַסט־ניקעס און ער האָט אויך נישט פערטראָגען קיין אריכות. אַלץ האָט געמוזט זיין ביי איהם קורץ און שאַרף און ער פלעגט תמיד מעורר זיין זיינע חסידים, זיי זאָלען געדענקען אינ'ם „הן קרבו ימיך".

— איך וויל פון אייך — פלעגט ער צו זיי זאָגען — אַז איהר זאָלט נישט טהון קיין עבירה, נישט ווייל מען טאָר נישט, נור ווייל איהר זאָלט דערצו קיין צייט נישט האָבען...

רבי ישראל סאַלאַנטער האָט פאַר דער פטירה געלאָזט רופען צו זיך אַלע בעלי־בתים און זיך מיט איטליכען פון זיי געזעגענט. צווישען די פערזאַמעלטע האָט זיך אויך געפונען איינער, אַ בעקאַנטער אַפּיקורס, וועלכען רבי ישראל האָט לענגער, ווי אַלע אַנדערע, אָבגעהאַלטען ביי זיין בעט און זיך מיט איהם גאָר בעזונדערס וואַרים געזעגענט.

האָט עס די מקורבים אַביסעל געאַהרט און זיי האָבען אויסגעדריקט זייער פערוואונדערונג, הלמאי מיט דעם דאָזיגען אַפּיקורס האָט ער זיך אָבגעגעבען מעהר, ווי מיט די פרומע בעלי־בתים, די יראים וחרדים.

— כ'וועל אייך זאָגען — האָט זיי רבי ישראל געענטפערט — מיט אייך האָב איך אי"ה אַ האָפנונג צו זעהען זיך לאַחר מאה ועשרים שנה אין גן־עדן, מיט יענעם אָבער דאַרף איך זיך וואַרימער געזעגענען, ווי מיט אייך, ווייל — ווער ווייסט, צי כ'וועל איהם נאָך ווען־עס־איז זעהען...

## ואמר ביום ההוא הלא על כי אין אלקי בקרבי מצאוני הרעות האלה... (לא. יז.)

אויב־זשע ער איז אַ מאמין און גלויבט אין השגחה פרטית, אַז דערפאַר געהט איהם אַזוי שלעכט, ווייל גאָט איז נישטאָ מיט איהם, טאָ פאַרוואָס וועט איהם השי"ת נישט מוחל זיין און פאַרוואָס קומט איהם נאָך, נאָך די דאָזיגע ווערטער, דער שווערער עונש פון „ואנכי הסתר אסתיר פני ביום ההוא על כל הרעה אשר עשה"?

דאָס איז דערפאַר — האָט דערויף געענטפערט דער כתב־סופר — ווייל ער זאָגט דאָס נור „ביום ההוא", אינ'ם טאָג, ווען עס טרעפט איהם די צרה, קוים אָבער קריגט ער זיך אַרויס פון דער צרה, פערגעסט ער שוין וואָס נעכטען איז געווען און וואָס ער האָט נעכטען געזאָגט...

ר' שמחה־בונים פון פשיסכע פלעגט זאָגען: יעדער איד דאַרף גלויבען, אַז גאָט

רוהט אין איהם און אַז ער איז מיט איהם בעת צרה. נאָר דאַן ווען די אמונה פונ׳ם מענש ווערט אָבגעשוואַכט, נאָר דאַן ווען ער הויבט אָן צווייפלען און טראַכטען, אַז „אין ד׳ בקרבי״, אַז נישטאָ איז מעהר גאָט אין איהם, דאַן — „מצאוני הרעות האלה״...

פאַרהאַן אַזעלכע, וועלכע זענען כופרים בעיקר, וועלכע לייקענען בכלל אין מציאת־הבורא, און פאַרהאַן ווידער אַ סך אַזעלכע, וואָס בעצם זענען זיי נישט קיין כופרים. אַזאַ איינער גלויבט, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, נאָר — „כי אין אלקי בקרבי״, ביי איהם אין האַרצען איז ער נישטאָ. אין זיין טאָג טעגליכען לעבען, אין אַלע זיינע מעשים און האַנדלונגען פיהרט ער זיך אויף אַזוי, ווי ער וואָלט גאָר קיין גאָט נישט געהאַט...

(הגיונות אל עמי)

## ומצאוהו רעות רבות וצרות... (לא. יז.)

„רעות שנעשו צרות זו לזו״ (חגיגה ה׳)

רעות, וועלכע זענען זיך סותר איינע די צווייטע און פון וועלכע ס׳איז גאָר קיין אויסוועג נישטאָ, מחמת יעדע פון זיי פערלאַנגט פון אונז אַ פערקעהרטע, להיפוכ׳דיגע אויפפיהרונג... שטעהען די אידען, למשל, אָן אַ זייט און מישען זיך נישט אין דער לאַנד־פאָליטיק — בעשולדיגט מען זיי, אַז זיי זענען נישט קיין פאַטריאָטען, אַז דאָס מלוכה־געפיהל איז זיי פרעמד, אַז זיי זענען נישט צוגעבונדען צום לאַנד און עס געהט זיי קיין זאַך נישט אָן!... פערקעהרט ווידער, פרובען זיי זיך יאָ מישען — ווערט אַ פרישער געוואַלד און געשריי אויף דער אידישער „חוצפה״ צו וועלען זאָגען אַ דעה אין די אַלגעמיינע מלוכה־פראַגען, צו מישען זיך אין פרעמדע געשעפטען!... אָ, מיר קאָנען גאָר קיינמאָל נישט יוצא זיין! „רעות שנעשו צ ר ו ת זו לזו״...

(כנסת ישראל)

## ועתה כתבו לכם את השירה הזאת... (לא. יט.)

מיט דער מצוה צו שרייבען ספרי־תורה, צו פראַווען התחלת־הספר׳ס און סיום־הספר׳ס פערנעהמען זיך עפ״י־רוב די נגידים; אָבער לערנען די תורה און מקיים זיין וואָס אין איהר שטעהט געשריבען — ד אָ ס לאָזען זיי איבער פאַר די אָרימעלייט, פאַר די אָרימע אידישע קינדער, פאַר די תלמוד־תורה און ישיבה־בחורים: זיי אַליין זענען פטור דערפון, זייערע אייגענע קינדער לאָזען זיי לערנען אַנדערע זאַכען!... צו דידאָזיגע נגידים ווענדעט זיך, אַלזאָ, דער פסוק: „ועתה כתבו ל כ ם את השירה הזאת״ — שרייבט דידאָזיגע תורה נישט בלויז פאַר יענעם, נישט בלויז פאַר די אָרימעלייט, נאָר „ ל כ ם ״, אויך פאַר ז י ך און אויך פאַר אייערע אייגענע קינדער!...

(ספר הדרשות)

## ולמדה את בני ישראל שימה בפיהם... (לא. יט.)

די גאַנצע תורה — פלעגט זאָגען רבי פנחס קאָריצער — איז אָבהענגיג פון מויל. דער עיקר איז דער שמירת הלשון, אַז דאָס מויל זאָל ביים מענש זיין אין אָרדנונג, ער זאָל האָבען אַ ריינע צונג!...

## והיה כי תמצאן אותו רעות רבות וצרות
## וענתה השירה הזאת לפניו לעד... (לא. כא.)

די תורה — זאָגט דערויף דער מלבי״ם — גיט די אידען אַנ׳עצה, ווי אַזוי זיי זאָלען זיך פערטיידיגען, בשעת השי״ת וועט זיי מעניש זיין פאַר זייערע זינד. „והיה כי תמצאן אותו רעות רבות וצרות״ — בשעת עס וועלען קומען ל״ע צרות אויף אידען — „וענתה השירה הזאת לפניו לעד״, זאָלען זיי ברענגען אַלס עדות און לימוד־זכות די דאָזיגע שירה פון פ׳ האזינו — כי לא תשכח מפי זרעו — און זיי זאָלען נישט פערגעסען צו טענה׳ן אַז — „כי ידעתי את יצרו אשר הוא עושה היום בטרם אביאנו אל הארץ״, אַז השי״ת האָט פאַראויס געוואוסט, אַז די אידען וועלען זינדיגען און דאָך האָט ער מסכים געווען צו ברענגען זיי קיין ארץ־ישראל, און וויבאַלד אַזוי, איז די געגעבענע הבטחה ווייטער גילטיג און ער מוז זיי צוריקברענגען אַהין...

פאַרנאַכט, בשעת דער גאַסען־הענדלער, וועלכער שטעהט מיט קוישלעך פרוכטען אויפ׳ן מאַרק, האָט שוין אויספערקויפט די סחורה, פון וועלכער עס איז איהם געבליבען בלויז אַ קליינינקייט, און ער איילט זיך שוין צו געהן אַהיים — נעהמט ער דאַן די איבערגעבליבענע רעשטלעך, דאָס ביסעל באַרנעס פון איין קוישעל, דאָס ביסעל עפּעל פון צווייטען קוישעל, דאָס ביסעל פלוימען פון דריטען קוישעל און מישט עס צונויף צוזאַמען, אין איין „קראָם״, פערקויפענדיג עס בחצי־חנם, וועלענדיג דערפון וואָס שנעלער פטור ווערען... און דעריבער — „והיה כי תמצאן אותו רעות רבות וצרות״, אויב דו וועסט זעהן, אַז עס הויבט־זיך־אָן צו שיטען עפּעס אַ געמישטע קראָם מיט צרות פון גאָר מאָדנע פערשידענע מינים — איז אַ סימן, אַז מ׳האָט שוין די סחורה אָבגעלייזט און מען האַלט שוין ביי די רעשטלעך, אַז דאָס איז דער סאַמע סוף, די „עקבתא דמשיחא״, אַז מען איילט זיך שוין צו געהן אַהיים...

(דובנער מגיד)

דו האָסט אונז מבטיח געווען דורך אונזערע חכמים — האָט זיך דער רבי ר׳ בונם אַמאָל אויסגעשמועסט מיט׳ן רבונו־של־עולם — אַז „אין משיח בן דוד בא אלא בדור שכולו זכאי או בדור שכולו חייב״, און דאָס איז דאָך פאַר דיר גלוי וידוע, אַז אויב מען זאָל חלילה דאַרפען וואַרטען אויף „כולו זכאי״, איז ווער ווייסט, צי עס וועט גאָר קענען אַמאָל קומען דערצו... ס׳איז דאָך אַלזאָ בלתי־ספק, אַז סוף־כל־סוף וועט די גאולה מוזען קומען דורכ׳ן צווייטען וועג, דורכ׳ן „דור שכולו חייב״, און אויב אויך דער דאָזיגער דרך דויערט אַזוי לאַנג, איז דאָך עס בלתי ספק נור דערפאַר, ווייל עס זענען נאָך פאַרהאַן אין יעדע שטאָדט עטליכע פרומע עהרליכע אידען, וועלכע זענען נאָכנישט געקומען חלילה צו דער מדרגה פון „כולו חייב״ און דורך זיי ווערט די גאולה אויפגעהאַלטען, פרעג איך דעריבער, רבונו־של־עולם: וואָס אַרט דיך, אַז עס זענען נאָך דאָ אַביסעל פרומע אידען און פאַרוואָס זאָלסטו צוליב זיי מעכב זיין די גאולה?...

„אין בן דוד בא עד שיכלו הנשמות שבגוף״ (יבמות ס״ב)

דאָס איז געזאָגט געוואָרען אויפ׳ן „דור שכולו חייב״. משיח וועט אינ׳ם דאָזיגען צווייטען פאַל נישט קומען פריהער, „עד שיכלו הנשמות שבגוף״, ביז די מענשען וועלען בלייבען אָהן נשמות; אין דער גאַנצער וועלט, צווישען אַלע מענשען, וועט הערשען אַ מורא׳דיגער מאַטעריאַליזם, אָהן אַ פונק נשמה, אָהן אַ שמץ גייסט, און עס וועט זיין די סאַמע העכסטע צייט, אַז משיח זאָל זיך שוין ענדליך בעוויזען...

(ילקוט מרגליות)

וועגען ישעי' הנביא זאָגען די חז"ל, אַז נאָך אַלע תוכחות, וואָס ער האָט געזאָגט צו די אידען, „לא נתקררה דעתו עד שאמר להם המקרא הזה, ירהבו הנער בזקן" (חגיגה י"ד). וואָס פאַר אַ בערוהיגונג זענען פאַר איהם געווען די דאָזיגע ווערטער? נאָר — האָט געזאָגט דערויף רבי הירש קאַלישער — ער האָט זיך געטרייסט און בערוהיגט דערמיט, וואָס ער האָט פאָראויסגעזעהען, אַז בעקבתא דמשיחא וועט אינ'ם יונגען דור זיך דער־וועקען אַ התעוררות צו מעשים און זיי וועלען נישט קוקען דערויף, וואָס די זקנים פאַר זיי האָבען זיך נישט געוואָלט צוריהרען צו די דאָזיגע מעשים און קיין שום פעולה נישט אַרויסגעוויזען...

„נפלה לא תוסיף קום בתולת ישראל (עמוס ה'). במערבא מתרצי לה הכי: נפלה לא תוסיף, קום בתולת ישראל" (ברכות ה')

און דאָס איז אויך דער פשט: „שוא לכם משכימי קום, מאחרי שבת אוכלי לחם העצבים" (תהלים קכ"ז ב.). די כוונה איז: „שוא לכם משכימי קום" — אומזיסט זענט איהר זיך מתייאש און זענט מקדים דאָס וואָרט „קום", זאָגענדיג: „נפלה לא תוסיף קום", און צוליב דעם זענט איהר גורם צו „מאחרי שבת", צום פערשפּעטיגען זיך, צום גאָרנישט טהון, און צום „אוכלי לחם העצבים", צום עסען כסדר דאָס ברויט מיט טרויער און זיפצן. מען דאַרף זיך אָבער נישט מייאש זיין און געדענקען, אַז דער „קום" געהער צום צווייטען האַלבען פסוק: „קום בתולת ישראל!"...

(עולת תמיד)

אַ איד, בשעת עס איז איהם ביטער אויפ'ן האַרצען און ער ווערט דערדריקט פון דאגות — „וענתה השירה הזאת לפניו", זינגט ער... אַ איד זינגט מעהר פון צרות, ווי פון נחת...

(ספר הברית על התורה)

צווישען די חסידישע רביים, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער בייגונג צו נגינה, האָט אַ גרויס אָרט פערנומען רבי אייזיק'ל קאַלעוור פון אונגאַרן, וועלכער האָט געלעבט נאָכ'ן בעש"ט און ער האָט גע'שמ'ט אין דער גאַנצער סביבה אַלס קדוש וטהור. אַ סך לידער פלעגט ער זינגען אין דער מאַדיאַרישער שפּראַך. איינע פון די דאָזיגע לידער, וועלכע די אונגאַרישע אידען זינגען ביז'ן היינטיגען טאָג, איז דאָס ליעד „סאָלאַ קאַקאַש מאַי" (דער האָן האָט שוין געקרייהט, דער מאָרגענשטערען איז שוין אויפגעגאַנגען), וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אונגעהויערע התלהבות און בענקשאַפט. פּאָפּולער איז אויך דאָס „וואַלד־ליעד". דער קאַלעווער צדיק פלעגט פון צייט צו צייט זיך אַוועקלאָזען אַליין אין וואַלד אַריין, וואו ער פלעגט זיך צוהערען צו די פאָלקס־לידער פון די פאַסטוכער. איינמאָל האָט ער געהערט, ווי אַ פאַסטוך זינגט אַ זעהר טרויעריגען און האַרציגען אונגאַרישען ראָמאַנס: "וואַלד, וואַלד, ווי גרויס ביזטו. ראָזאַ, ראָזאַ, ווי וויט ביזטו. וואָלט דער וואַלד נישט גרויס געווען — וואָלט דאָך מיין ראָזאַ נעהנטער געווען. וואָלט מען מיך פון וואַלד אַרויסגענומען — וואָלטען מיר זיךביידע צוזאַמענגעקומען..." דער קאַלעווער צדיק איז שטאַרק גערירט געוואָרען פון די דאָזיגע ווערטער און אַוועקזעצענדיג זיך טיעף אין וואַלד אויף אַ שטיין, האָט ער גענומען זינגען מיט דער זעלבער ריהרענדער מעלאָדיע: „גלות, גלות, ווי גרויס ביזטו. שכינה, שכינה, ווי וויט ביזטו. וואָלט דער גלות נישט גרויס געווען — וואָלט דאָך די שכינה נעהנטער געווען. וואָלט מען מיך פון גלות אַרויסגענומען — וואָלטען מיר זיך ביידע צוזאַמענגעקומען"...

דאָס דאָזיגע ליעד, וואָס איז שטאַרק פערשפּרייט ביי די אונגאַרישע חסידים, פלעגט אויך געזינגען ווערען אין צאַנז.

## לקוח את ספר התורה הזה ושמתם אותו מצד ארון ברית ד׳... (לא. כו.)

בכדי צו פערהיטען, אַז אין דער נאָך־וואָס געשריבענער תורה און איהרע מצוות, וועלכע זענען נאָכנישט געוועזן געגנוג איינגעקריצט אינ׳ם זכרון פונ׳ם פאָלק, זאָל נישט געמאַכט ווערען מצד ווען וועלכע עס איז ענדערונגען, איז זי דעריבער אוועקגעשטעלט געוואָרען אין קדשי־קדשים, וואוהין קיינער האָט קיין צוטריט נישט געהאַט, וואו, אויסער דער כהן־גדול איינמאָל אין יאָהר, האָט קיינער נישט געטאָרט אַהין אַריינקומען...

(רבי עזריאל הילדעסהיימער)

די תורה, דער תנ״ך! וואָס פאַר אַ בוך! גרויס און ברייט ווי די וועלט, שטעקען זיינע וואָרצלען אין די אָבגרונדען פון דער וועלט־שאַפונג און עס גרייכען זיינע שפּיצען אין די בלויע געהיימניסען פונ׳ם הימעל... זון־אויפגאַנג און זון־אונטערגאַנג, פאַרשפּרע־כען און ערפיהלונג, געבורט און טויט, די גאַנצע דראַמע פון דער מענשהייט, אַלץ איז אינ׳ם דאָזיגען בוך. עס איז דאָס בוך פון די ביכער. די אידען מעגען זיך לייכט טרייסטען, וואָס זיי האָבען פערלוירען ירושלים און דעם בית המקדש און דעם ארון הברית און די גאָלדענע כלים און שלמה׳ס אוצרות. דער דאָזיגער פערלוסט איז פאַרט גאָרנישט אין פערגלייך מיט דער ביבעל, דעם אונצערשטערבאַרען אוצר, וועלכען זיי האָבען אָבגעראַ־טעוועט. אויב איך האָב נישט קיין טעות, האָט עס מוחמד געגעבען די אידען דעם נאָמען „עם הספר״, אַ נאָמען, וואָס איז ביי זיי געבליבען אין אָריענט ביז אויפ׳ן היינטיגען טאָג און וואָס איז טיפּזיניג כאַראַקטעריזירענד: אַ בוך איז זייער פאָטערלאַנד, זייער באַזיץ, זייער הערשער, זייער גליק און אונגליק. זיי לעבען אין די אַרומגעצוימטע גרעניצען פון דעם דאָזיגען בוך. דאָ איבען זיי אויס זייער בירגער־רעכט, וואָס קיינער קאָן ביי זיי נישט צונעהמען. דאָ קאָן זיי קיינער נישט פערטריבען, נישט פעראַכטען, דאָ זענען זיי שטאַרק און בעוואונדערונגס־ווערט. איינגעטהון אין לייענען דאָס דאָזיגע בוך האָבען זיי ווייניג באַמערקט די שינויים וואָס זענען אַרום זיי פאָרגעקומען; פעלקער זענען אויפגעשטיגען און פערשוואונדען, מלוכות האָבען אויפגעבליהט און זענען פערלאָשען געוואָרען, רעוואָלוציעס האָבען געבושעוועט איבער דעם ערד־קוגעל, זיי אָבער, די אידען, זענען געבליבען געבויגען איבער זייער בוך, האָבען נישט באַמערקט גאָרנישט פון דעם ווילדען געיעג פון דער צייט, וואָס איז אַריבערגעגאַנגען איבער זייערע קעפּ...

(היינריך היינע)

## הן בעודני חי עמכם היום ממרים הייתם עם ד׳ ואף כי אחרי מותי... (לא. כז.)

פון וואַנען איז די ראַיה און מיט וואָס איז עס אַזאַ זיכערער קל־וחומר? אפשר בשעת משה האָט געלעבט האָבען זיך די אידען ערלויבט צו זינדיגען, ווייל זיי האָבען זיך סומך געווען, אַז משה וועט פאַר זיי מתפלל זיין און זיי בעשיצען, דאַגעגען לאַחר מותו, ווען זיי וועלען נישט האָבען, ווער עס זאָל אויף זיי מגין זיין, וועלען זיי געצוואונגען זיין תשובה צו טהון, ווי מיר געפינען אין סנהדרין ל״ז, וואו עס ווערט דערצעהלט וועגען די רשעים, וועלכע האָבען געוואוינט אין שכנות פון ר׳ זירא, אַז לאַחר מותו האָבען זיי חוזר געווען בתשובה.

נאָר דעם דאָזיגען קל־וחומר האָט משה געזאָגט אויפ׳ן גרונד פון אייגענער ערפאַה־רונג, דען ביי מעשה־העגל האָבען די אידען געזאָגט: „כי זה משה האיש וכו׳ לא ידענו מה היה לו״, דערויף ערקלערען די חז״ל (ווערט געבראַכט אין רש״י אויפ׳ן אָרט): „כמין דמות משה הראה להם השטן שנושאים אותו באויר רקיע השמים״, אַז זיי האָבען געמיינט, אַז משה לעבט נישט מעהר און דערפאַר האָבען זיי געמאַכט דעם עגל. און דאָס האָט איצט משה רבינו גע׳טענה׳ט צו זיי: „הן בעודני חי עמכם״, מה־דאָך בשעת איך האָב נאָך באמת געלעבט, נאָר איהר האָט געמיינט בלויז, אַז איך בין געשטאָרבען, „ממרים הייתם עם ד׳״, הייסט „ואף כי אחרי מותי״, ווען איך וועל אויף אַן׳אמת שטאַרבען, וועט איהר דאָך אַוודאי און אַוודאי זינדיגען...

(מנחת יהודה)

אין דער מדבר, בשעת משה רבינו האָט געלעבט, פלעגט נאָך יעדען חטא, וואָס די אידען זענען בעגאַנגען, תיכף קומען דער עונש. אַזוי איז געווען נאָכ׳ן עגל, נאָך דעם חטא פון די מתאוננים, נאָך דער מחלוקת פון קרח. שפּעטער אָבער, אין ארץ־ישראל, איז דער עונש נישט געקומען באַלד נאָך יעדען חטא, נאָר אין אַ צייט אַרום. משה האָט, אַלזאָ, גע׳טענה׳ט צו די אידען: „הן בעודני חי עמכם היום״, מה־דאָך בשעת מיין לעבען, ווען איהר פלעגט געשטראָפט ווערען תיכף נאָך יעדע זינד, האָט עס פונדעסטוועגען נישט געהאָלפען און „ממרים הייתם עם ד׳״, הייסט בפרט נאָך, „ואף כי אחרי מותי״, נאָך מיין טויט, וואָרום „כי ידעתי אחרי מותי כי השחת תשחיתון וכו׳״, איך ווייס דאָך, אַז נאָך מיין טויט, בשעת איהר וועט זינדיגען, „וקראת אתכם הרעה באחרית הימים״, וועט די שטראָף נישט קומען באַלד, נאָר אין אַ שפּעטערדיגע צייט אַרום, און אויב אַזוי, וועט איהר דאָך געוויס נישט אָבהאַלטען זיך פון זינד...

(ווילנער גאון)

## ממרים הייתם עם ד׳... (לא. כז.)

עס שטעהט נישט „נ ג ד ד׳״, נאָר „ע ם ד׳״: צו יעדער געמיינהייט און צו יעדער נידערטרעכטיגקייט, וואָס זיי בעגעהען, נעהמען זיי דעם רבונו־של־עולם פאַר אַ שותף און מאַכען עס נאָך גאָר פאַר אַ מ צ ו ה!...

(לקוטים)

## וידבר משה וכו׳ את דברי השירה הזאת עד תומם... (לא. ל.)

משה רבינו ע״ה — פלעגט דערויף זאָגען דער רבי פון אַלעקסאַנדער, רבי גרשון־העניך — האָט אין זיי אַריינגעלערנט אַזוי לאַנג, „עד תומם״, ביז ער האָט זיי גאַנץ געמאַכט...

## אשור לא יושיענו על סוס לא נרכב ולא נאמר עוד אלקינו למעשה ידינו... (הפטרה לשבת שובה)

דער נביא ווענדעט זיך מיט׳ן דאָזיגען רוף צו אַלע דריי לאַגערען ביי אידען: אַסימי־לאַטאָרען, נאַציאָנאַליסטען און אָרטאָדאָקסען. צו די ערשטע, וועלכע זעהען די ישועה אינ׳ם אַסימילירען זיך מיט׳ן שכנות׳דיגען פאָלק, רופט אויס דער נביא: „אַשור לא יושיענו״! אומזיסט דאָס נאָכשלעפּען זיך נאָך זיי, אומזיסט אייערע האָפענונגען... צו די צווייטע וועלכע גלויבען צו דערגרייכען די בעפרייאונג פון פאָלק בלויז מיט די אייגענע

כוחות, רופט ער אויס: „על סוס לא נרכב!" בלויז מיט'ן אייגענעם קאַמף, אָהן סיעתא דשמיא, אָהן דער געטליכער הילף, וועלען מיר גאָרנישט מאַכען, יענע זענען פיעל שטאַר־קער פון אונז... און צו די דריטע, וועלכע האַלטען, אַז מען דאַרף נישט געהן געגען רצון פון אויבערשטען און מען דאַרף דעריבער זיצען מיט פערלעגטע הענד און גאָרנישט טהון, שרייט ער אויס: „ולא נאמר אלקינו למעשה ידינו!" פעררופט זיך נישט אין אַלע אייערע מעשים אויף גאָט'ס נאָמען, און געהט נישט אַרום מיט דער פאַלשער איינ־רעדעניש, אַז דערפאַר, וואָס איהר ווילט נישט, איז דאָס אַ סימן, אַז דער אויבערשטער וויל נישט...

(דרשות אל עמי)

„במקום שבעלי תשובה עומדים אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד" (ברכות ל"ד)

און אַזוי ברענגט אויך דער רמב"ם אין הלכות תשובה.

האָט געפרעגט דערויף דער ראגאטשאווער עילוי, ר' יאשע דינאבורגער: די דעה אַז „במקום שבעלי תשובה עומדים אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד בו" ווערט דאָך געבראַכט אין דער גמרא אַלס די דעה פון ר' אבהו; ר' יוחנן, דאַגעגען, איז דאָרט חולק אויף איהם און האַלט, אַז צדיקים שטעהען אויף אַ העכערער מדרגה ווי בעלי־תשובה, אויף וואָס־זשע האָט זיך דער רמב"ם סומך געווען און גע'פסקנ'ט דוקא לויט דער מיינונג פון ר' אבהו? נאָר דער תירוץ איז — האָט ער געענטפערט — אַז דער רמב"ם האָט זיך געשטיצט אויף אַ אַנדערע שטעלע אין דער גמרא (קידושין מ"ט) וואו עס ווערט געזאָגט המקדש את האשה ע"מ שאני צדיק וכו', אַז אויב איינער איז מקדש אַ פרוי בתנאי אַז ער איז אַ צדיק און עס שטעלט זיך אַרויס אַז ער איז אַ רשע זענען די קידושין קידושין ווייל — „שמא הרהר בתשובה", ווייל עס איז מעגליך, אַז יענער האָט בשעת מעשה חוזר בתשובה געווען. איז אויב מען זאָל אָננעהמען די מיינונג פון ר' יוחנן, אַז אַ צדיק שטעהט העכער פון אַ בעל־תשובה, וואָלטען דאָך די קידושין נישט בעדאַרפען זיין קיין קידושין אויך אויב יענער האָט חוזר בתשובה געווען. דער תנאי איז דאָך געווען „ע"מ שאני צדיק", אַז ער איז אַ צדיק און אין אמת'ן איז ער נישט מעהר ווי אַ בעל־תשובה. דערפון, אַלזאָ, וואָס די הלכה איז אַז די קידושין זענען יאָ גילטיג, איז געדרונגען, אַז אַ בעל־תשובה שטעהט נישט אויף אַ נידריגער, נאָר אויף אַ העכערער מדרגה ווי אַ צדיק...

# הַאֲזִינוּ

## האזינו השמים ואדברה ותשמע הארץ אמרי פי... (לב. א.)

„למה לשמים ולארץ? שהמשיל הקב״ה את ישראל ככוכבי השמים וכעפר הארץ: הבט נא השמימה וספור הכוכבים, והיה זרעך כעפר הארץ״ (ספרי)

יעדעס אַנדערע פאָלק געפינט זיך אין איינעם פון די דריי צושטאַנדען: אָדער עס הערשט און געוועלטיגט איבער אַנדערע פעלקער, אָדער עס איז אונטערטעניג און ווערט בעהערשט פון אַנדערע, אָדער עס פיהרט אַ פרידליך, פאַר־זיך׳דיג לעבען, הערשט נישט איבער קיינעם און ווערט פון קיינעם נישט בעהערשט.
דאַגעגען דאָס אידישע פאָלק ווייסט אין זיין געשיכטע בלויז פון צווי צושטאַנדען, צוויי מעגליכקייטען: אָדער עס איז „ככוכבי השמים״, אָדער „כעפר הארץ״...
(דמשק אליעזר)

„למה לשמים וארץ? שאין הקב״ה גואל את ישראל אלא על־ידיהן״ (מדרש רבה)

נאַציאָנאַליזם אָהן דת, ארץ־ישראל אָהן תורה, קאָן נישט עקזיסטירען. די ביידע זאַכען לאָזען זיך ביי אידען נישט פונאַנדערטיילען און „אין הקב״ה גואל את ישראל אלא על ידיהן״, אין דער אידישער גאולה מוז דער „ארץ״ געהן צוזאַמען מיט׳ן „שמים״...
(הרב יעקב לעווינסאָן)

## אל אמונה... (לב. ד.)

רבי משה לייב סאַסאָווער פלעגט זיך אויס׳טענה׳ן מיט׳ן רבונו־של־עולם און זאָגען: „יהי חסדך השם עלינו כאשר יחלנו לך״! פונקט אַזוי ווי מיר, אידען, בעטען און האָפען צו דיר, רבונו־של־עולם, כאָטש מיר זעהען דיך נישט און בעגרייפען דיך נישט, נאָר מיר האָבען בלויז אמונה אין דיר, אַזוי זאָלסטו אויך אונז אָבצאָהלען מיט דער זעלבער מדה און הגם דו זעהסט ביי אונז קיין מעשים־טובים נישט, זאָלסטו האָבען אין אונז אמונה און אונז גלויבען אויפ׳ן וואָרט...

## שחת לו לא בניו מומם... (לב. ה.)

„שחת לו״, ווי פערדאָרבען אַ מענש זאָל נישט זיין, איז „ל א ב נ י ו״, וואָלט ער פונדעסטוועגען נישט וועלען, אַז אויך זיינע קינדער זאָלען געהן איב׳ם זעלבען שלעכטען וועג און זיין אַזוי, ווי ער!...

(רבי יונתן אייבעשיץ)

„ב נ י ו — מ ו מ ם!...״ אַט דער יחוס און די שטאָלצקייט, אַז זיי זענען „בנים

למקום", דעם אויבערשטענ'ס קינדער — אָט ד אָ ס מאַכט זיי אָפּט קאַליע, איינרעדענ־דיג זיך, אַז אַ קינד איז אַלץ ערלויבט!...
(כלי יקר)

די חז"ל זאָגען: „צדיק וטוב לו — צדיק בן צדיק, צדיק ורע לו — צדיק בן רשע, רשע וטוב לו — רשע בן צדיק, רשע ורע לו — רשע בן רשע".
און דעריבער: „שחת — לו לא". פאַר זיך אַליין, אויב דער מענש זינדיגט, קאָן עס איהם אפשר מאַטעריעל קיין שאָדען נישט ברענגען, דען ס'איז דאָך פאַרהאַן אַ „רשע וטוב לו" אויב דער פאָטער זיינער איז געווען אַ צדיק. אָבער — „בניו מומם", אַממעהר־סטען וועלען זיך די זינד נוקם זיין אין זיינע קינדער. זיי וועלען צוליעב איהם זיכער ליידען, ווי געבוירענע בעלי־מומים, וועלכע זענען אונהיילבאר און צו וועלכע עס איז קיין שום תקנה נישטאָ, וואָרום וואָס דער זוהן זאָל נישט זיין, וועט איהם אַלץ געהן שלעכט אויף דער וועלט, וועט ער זיין אַ רשע איז דאָך „רשע ורע לו — רשע בן רשע", וועט ער אַפילו זיין אַ צדיק איז אויך „צדיק ורע לו — צדיק בן רשע"...
(מעדני מלך)

## דור עקש ופתלתל... (לב. ה.)

„דור עקש" אַליין איז נאָכנישט קיין חסרון. עקשנות איז פאַר אידען אַ זעהר נויטיגע זאַך. די צרה איז אָבער „ופתלתל", וואָס דאָס עקשנות ווערט אויסגענוצט צו קרומע זאַכען, צו מעשים רעים...
(כפלים לתושיה)

## עם נבל ולא חכם... (לב. ו.)

עם נבל, אַ געמיין, זינדיג פאָלק, און דערצו ולא חכם, נישט קלוג. וואָלטען זיי כאָטש קלוג געווען!... אַ רשע, אויב ער איז קלוג, איז נאָך צו דערליידען. אַמערגסטען איז אַ רשע אַ נאַר. פון אַזעלכען קאָן מען שוין קיין שום גוטס נישט ערוואַרטען...
(דברי שאול)

ווענען דעם כלי־זמר, וואָס איז בעקאַנט אונטער'ן נאָמען „נבל", זאָגען די חז"ל: „למה נקרא שמו נבל, שמנבל אחרים בנגינתו".
אויב אַזוי — האָט דערויף געפרעגט דער חדושי־הרי"ם — האָט ער דאָך געדאַרפט הייסען „מנבל"?
נאָר דער תירוץ איז — האָט ער געענטפערט — אַז דער, וואָס איז אַ „מנבל אַחרים", איז ער אַליין אַ „נבל"...

## וישמן ישורון ויבעט... (לב. טו.)

און דאָס איז דער פשט: „קודם שלא אָכל אָדם ושתה יש לו ש נ י לבבות, לאחר שאוכל ושותה אין לו אלא לב א ח ד" (בבא־בתרא י"ב) — בשעת דער מענש איז הונגעריג, פיהלט ער דאַמאָלס נישט־בלויז ז י י ן האַרץ, נאָר אויך דאָס האַרץ פון צווייטען, פון אָרימאַן; אָבער „לאַחר שאוכל ושותה", קוים איז ער זאַט, „אין לו אלא לב א ח ד", האָט ער דאַן בלויז א י י ן האַרץ — י ע נ ע מ ' ס האַרץ פיהלט ער שוין נישט מעהר!...
(רבי מרדכי באַנעט)

און דאָס איז אויך דער טייטש: „איגרא דתעניתא — צדקתא". דער שכר און די מעלה פונ'ם תענית איז, וואָס בשעת דער נגיד פאַסט און פיהלט איין טאָג אַליין דעם טעם פון הונגער, איז איהם דאַמאָלס לייכטער צו בעגרייפען דעם מצב פון אָרימאַן און די פליכט צו העלפען איהם און צו געבען צדקה...

(כתב סופר)

רבי ישראל סאַלאַנטער, זייענדיג אַמאָל אין פראַנקפורט, איז ער פערבעטען געוואָרען דורכ'ן דאָרטיגען פרומען באַראָן ראָטשילד צו בעזוכען זיין פּאַלאַץ. אַרויסגעהענדיג פון דאָרט, נאָכדעם ווי ער האָט אַלץ בעטראַכט און זיך גענוי צוגעקוקט צו דער התנהגות פון הויז, רופט־זיך־אָן רבי ישראל סאַלאַנטער צום באַראָן:

— האָט קיין פּאַראיבּל נישט, נאָר איך מוז אייך זאָגען דעם אמת, אַז די אויפפיהרונג אין אייער הויז איז נישט איינגאַנצען על־פי התורה...

— מיט וואָס, רבי? — פרעגט פערוואונדערט און דערשראָקען דער פרומער באַראָן.

— גאַנץ פשוט... — שמייכעלט רבי ישראל. — אין דער תורה שטעהט: „וישמן ישורון ויבעט", אַז ווען אַ איד ווערט רייך, בריקעוועט ער זיך און פערגעסט אינ'ם אויבערשטען; און ביי אייך איז פונקט פערקעהרט: כאָטש איהר זענט אָהן ע"ה, אַזוי רייך, דאָך פיהרט זיך ביי אייך אַנ'אמת פרום כשר הויז, אויפ'ן אַלטען אידישען שטייגער! נו, איז דאָך עס נישט על־פי התורה...

## צור ילדך תשי ותשכח אל מחוללך... (לב. יח.)

בעשאַפענדיג דיך, האָט דער אויבערשטער אין דיר איינגעפלאַנצט דעם „תשי", די מדה פון שכחה, כדי צו פערגעסען און מסיח־דעת צו זיין פון די הבלי עולם הזה; און לסוף — „ותשכח אל מחוללך", בענוצטו זיך גאָר מיט דער שכחה אויף צו פערגעסען אינ'ם אויבערשטען!...

(רבי מנחם־מענדעל מקאָצק)

אַ איד אַ גרויסער בעל־חוב איז אַוועק צו זיינעם אַ פריינד בעראַטען זיך, ווי אַזוי מען ווערט פטור פון די בעלי־חובות, וועלכע געבען איהם קיין רוה נישט, האָט איהם דער פריינד געגעבען אַנ'עצה, אַז בשעת די בעלי־חובות וועלען קומען צו איהם, זאָל ער זיך מאַכען משוגע, אָנהויבען טאַנצען און פייפען, וועלען זיי זיך מייאש זיין און איהם אָבלאָזען... וכך הוה. די עצה האָט געהאָלפען.

דעם זעלבען פריינד, דעם בעל־עצה, איז אָבער אַליין אויך געקומען ביי איהם אַ חוב, וועלכען ער איז אַוועק צו איהם אויפמאָהנען, אָבער ווי נאָר יענער האָט איהם דערזעהן און דערהערט נאָכוואָס ער איז געקומען, האָט ער זיך גענומען מאַכען משוגע, אָנהויבענדיג צו טאַנצען און צו פייפען... דאָ איז שוין דער פריינד געוואָרען אויסער זיך:

— דו אונפערשעהמטער! — האָט ער געשריגען — דאָס האָב איך דאָך דיר די דאָזיגע עצה געגעבען, כדי צו שיצען דיך געגען די אַנדערע בעלי־חובות, לסוף בוצט דו דאָס אויס געגען מיר זעלבסט? מיר ווילסטו אויך איינריידען, אַז דו ביזט משוגע?

דער נמשל איז: „צור ילדך תשי", דער אויבערשטער האָט אין דיר איינגעפלאַנצט דעם „תשי", די מדה פון שכחה, כדי מסיח־דעת צו זיין און צו פערגעסען די פערשידענע איבערגעלעבטע צרות און אומגליקען, ולסוף — „ותשכח אל מחוללך", בענוצט דו זיך גאָר מיט דער זעלבער מדה פון שכחה אויף צו פערגעסען אינ'ם אויבערשטען?...

(דובנער מגיד)

## וירא ד׳ וינאץ מכעס בניו ובנותיו... (לב. יט.)

ווען דער מענש אַליין זינדיגט, קאָן ער נאָך ווי־עס־איז האָבען אַ תירוץ, פערענטפערענ־דיג זיך, אַז ער האָט נישט געקאָנט גובר־זיין דעם יצר; אָבער ווען ער נעהמט זיינע קינדער און פיהרט זיי בידים אין שלעכטען וועג, דאָ קאָן שוין קיין שום תירוץ נישט גילטען — אַזאַ איינער איז שוין נישט אַנדערש, נאָר אַ להכעיס׳ניק!...

(אמרי שפר)

דער אויבערשטער צאָרנט צוליב׳ן „כעס בניו ובנותיו" — צוליב דעם, וואָס די אי־דישע קינדער זענען צוריסען, צוקריגט און מלא־כעס איינער אויפ׳ן צווייטען. ווען אידען זענען צווישען זיך ברוגז, איז אויך השי״ת מיט אונז ברוגז...

(רבי משה פאָלאָק)

בשעת חנה האָט מתפלל געווען אויף קינדער, ווערט געזאָגט: „ויחשבה עלי לשכורה". פאַרוואָס האָט ער עפּעס געטראַכט, אַז זי איז שכור?

נאָר עלי, ווי עס ווערט דערצעהלט אין פסוק, האָט געהאַט זעהר שלעכטע קינדער, און דעריבער, אַז ער האָט געזעהן, ווי אַ אידענע שטעלט זיך אַוועק און איז מתפלל, זי זאָל האָבען קינדער, האָט ער זיך געטראַכט, אַז נישט אַנדערש, נאָר זי איז נישט ביי׳ם קלאָרען געדאַנק, זי מוז אַודאי זיין שכור...

(געהערט)

ר׳ יהודה אַריה די מודינא, וועלכער האָט געליטען גרויסע צרות פון זיינע קינדער און איין זוהן, זבולון, איז זאָגאַר געוואָרען אַ רויבער, בעמיהט זיך אין איינעם פון זיינע כתבים אויפצווייזען להלכה, אַז בזמן הזה, ווען די דורות זענען פערדאָרבען און די עלטערען האָבען מעהר נישט קיין שליטה איבער די קינדער, וועלכע געהען נישט בדרך הישר, איז נישט חל די מצוה פון „פרו ורבו"...

רבי ישראל סאַלאַנטער פלעגט זאָגען, אַז די אויפגאַבע, וואָס אליהו הנביא וועט האָבען צו ערפילען צו זיין אַ „והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם", איז מעגליך נור איצט, בזמן הזה. אין די פריהערדיגע דורות וואָלט ער ביי׳ם „לב בנים על אבותם" נישט געהאַט וואָס צו טהון, דען די קינדער האָבען דאַמאָלס געהאַט די זעלבע הערצער און די זעלבע מיינונגען, וואָס די טאַטעס. אין די קומענדע דורות וועט שוין דער „לב אבות על בנים" נישט בויטיג זיין, דען די עלטערען וועלען שוין דאַמאָלס זיין די זעלבע, וואָס די קינדער... בלויז איצט, ווען עס הערשט אַזאַ מורא׳דיגער פירוד צווישען אַלטען און יונגען דור, וואָלט מעגליך געווען פאַר אליהו׳ן מקיים צו זיין דעם „והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם". איצט וואָלט ער געקומען אין דער סאַמע ריכטיגער צייט...

## אסתירה פני מהם אראה מה אחריתם כי דור תהפוכות המה... (לב. כ.)

אַסתירה פני מהם — האָט געטייטשט רבי זושא האַניפּאָלער — איך וועל אויף אַ ווייַלע, זאָגט דער רבונו־של־עולם, אַוועקקוקען פון זיי, איך וועל וואַרטען און זעהען, וואָס שפּעטער וועט זיין, כי דור תהפוכות המה, דען די אידען זענען בטבע אַ דור תהפוכות, וואָס קאָן זיך זעהר לייכט איבערדרעהען. אומגעריכט זענען זיי אויך מסוגל צו ווערען

גוט, אין סאַמע מיטען רשעות קאָנען זיך די אידען פלוצים מיישב זיין און בעסער ווערען...

## אראה מה אחריתם... (לב. כ.)

אויב איהר, דער עלטערער דור, זינדיגט, טאָ קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ פנים עס וועלען האָבען די שפּעטערדיגע דורות, ווי־אַזוי אייערע קינדער און איי־ניקלעך וועלען אויסזעהן!...

(פנים יפות)

## כי דור תהפוכות המה... (לב. כ.)

אַ פערקעהרטער דור: אָנשטאָט די עלטערן זאָלען מדריך זיין די ק י נ ד ע ר — זענען די היינטיגע קינדער גאָר מדריך און לערנען דרך־ארץ די ע ל ט ע ר ן!...

(כתב סופר)

אַ רב האָט זיך אַמאָל משדך געווען מיט אַ רייכען בעל־עגלה פון אַ וויטער שטאָדט. אינ'ם חופה־טאָג, ווען ביידע מחותנים זענען געפאָהרען צו דער החתונה וועלכע איז גע־פּראַוועט געוואָרען אין אַ שטעדטעל, וואָס איז געלעגען אויפ'ן האַלבען וועג, האָט דער רב זיך געטראַכט: פאַרוואָס זאָל איך מבייש זיין דעם מחותן מיט זיין הלבשה? האָט ער גענומען און זיך אויסגעטהון דעם ספּאָדעק מיט דער יופּיצע און זיך אָנגעטהון אַ בעל־עגלה'שען קאַשקעט, און אַ סוקמאַנע מיט אַ פּאָר גרויסע שטיוועל. דער מחותן ווידער, דער בעל־עגלה, איז אָבער אויך געפאַלען אויפ'ן זעלבען רעיון: הלמאי זאָל איך פער־שעהמען דעם מחותן מיט מיין הלבשה? האָט ער אַראָבגעוואָרפען פון זיך די שטריק מיט די פּראָסטע בגדים און זיך אָנגעטהון אַ סויבעלנעם קאַלפּאַק, אַ פיינעם זיידענעם כאַלאַט און אַ יאַרמעלקע מיט אַ גאַרטעל, און אַזוי האָט דאָס שטעדטעל מקבל פנים געווען דעם רב אַלס בעל־עגלה און דעם בעל־עגלה — אַלס רב...

אַט דער זעלבער „דור תהפוכות" איז אויך אויסגעוואַקסען אין גלות. די אידען, ווי ביט־וועלענדיג פערשעמען די גויים מיט זייערע געהויבענע מדות, האָבען גענומען די שענע אידישע מדות און זיי ביסלעכווייז פערשטעקט ווי טרפה'נע סחורה, איבער־נעהמענדיג איינציגווייז די גוי'אישע מדות; די גויים ווידער האָבען געטהון פערקעהרט און איבערגענומען אַ סך שענע אידישע מדות, אַזוי, אַז טיילמאָל בעקומט מען דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען געווען די רבנים און מיר — די בעלי־עגלות...

און דאָס איז אויך דער פשט: „ויתערבו בגוים וילמדו מעשיהם", זיי האָבען זיך איבערגעביטען און געטוישט מיט די יוצרות. די גויים האָבען זיך אָבגעלערענט און צוגענומען פאַר זיך אַ טייל פון די גוטע מדות, מיט וועלכע די אידען האָבען זיך תמיד אויסגעצייכענט און די אידען האָבען איבערגענומען די שלעכטע מדות און די שנאה פון עשו'ן...

(דובנער מגיד)

„כי דור תהפוכות המה"!... איהר פרעגט איינעם, וואָס איז די מעשה, וואָס ער קומט אַ גאַנצע וואָך נישט אין שוהל אַריין דאַוונען — ענטפערט ער אייך, אַז ער האָט ליידער קיין צייט נישט, ער איז שטאַרק פעריאָגט אין געשעפטען; קומט איהר אָבער אַריין צום זעלבען נאָך אַ נדבה, מאַכט ער אַ רחמנות־פנים און ענטפערט, אַז עס איז אַ שלעכטע צייט, ער פיהרט היינט נישט קיין שום מסחרים!...

אַריינקומענדיג צו איהם אין אַ תענית־טאָג, טרעפט איהר איהם עסען, פרעגט איהר דאָך: ס׳טייטש? הלמאַי פאַסט ער נישט? ענטפערט ער איך, אַז פאַר אַ מענש פון היינטיגען דור איז שווער צו פאַסטען, מחמת די היינטיגע דורות זענען נבעבך זעהר אָבגעשוואַכט... בשעת־מעשה אָבער עפענט זיך די טהיר און אַן׳אָרימאַן קומט אַריין בעטען אַ נדבה — דאָ פערגעסט ער תיכף וועגען דער „שוואַכקייט פון די היינטיגע דורות" און ער בייזערט זיך אויפ׳ן אָרימאַן, אַז ער איז נישט קראַנק צו געהן אַרבייטען!... אָט דאָס איז דער פשט: „כי דור תהפוכות המה" — ווי עס לוינט, אַזוי דרעהט מען מיט דער צונג!...

(מנחת עני)

דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע איז אַמאָל, זייענדיג אין דאַנציג, געזעסען פרייטאָג צונאַכטס אין זיין אַכסניא, וואו ס׳איז געווען אויך ווין צו פערקויפען. קומט אַריין אַ איד און הייסט זיך דערלאַנגען אַ גלאָז ווין פון בעסערן סאָרט, וואָס מען האָט געדאַרפט ספּעציעל אַרויפברענגען פון קעלער. געווען זענען אין דער אַכסניא צוויי משרתים, אַ איד און אַ גוי; געהען זיי ביידע אַראָב אין קעלער אַריין — און אַרויסקומענדיג פון דאָרט, דערזעהט ער, ווי דער איד טראָגט דאָס אָנגעצונדענע ליכט, און דער גוי — דעם ווין... אָט דאָס — בעמערקט דערויף דער רבי ר׳ בונם — איז דער טייטש: „כי דור תהפוכות המה"! ווען זיי וואָלטען בלויז דאָזעלבע געטהון פערקעהרט, וואָלט דאָך אַלץ געווען אין אָרדנונג...

## כי דור תהפוכות המה... הם קנאוני בלא אל... (לב. כ. כא.)

עס איז אַ „דור תהפוכות" דערמיט, וואָס זיי זענען מהפך דעם „אל" אויף „לא"!...
(קומץ המנחה)

## הם קנאוני בלא אל כעסוני בהבליהם... (לב. כא.)

דון יצחק אַברבנאל דערצעהלט אין אַן׳אָרט, אַז מען האָט געהאַט געפרעגט איינעם אַ משומד, פאַרוואָס ער האָט זיך גע׳שמד׳ט, האָט ער דערויף געענטפערט מיט אַ הלצה, אַז פריהער, בשעת ער איז געווען אַ איד, האָט ער זיין גאָט נישט געקענט זעהען, דען עס שטעהט „כי לא יראני האדם וחי", דאַגעגען גאָט איהם האָט יאָ געזעהען, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „אם יסתר איש במסתרים ואני לא אראנו", איצט אָבער איז פערקעהרט: ער דעם גאָט זיינעם זעהט עטליכע מאָל אין טאָג, דאַגעגען גאָט איהם — קיין איין מאָל נישט...

און אַזוי, אַגב, ווערט דייטליך געזאָגט אין מדרש: „מעשה ידיכם אתם רואים והם אינם רואים אתכם, והקב״ה רואה מעשה ידיו ומעשה ידיו אינן רואין אותו, שנאמר כי לא יראני האדם וחי".

## אמרתי אפאיהם אשביתה מאנוש זכרם... (לב. כו.)

דער רמב״ן — ווערט דערצעהלט — האָט געהאַט אַ תלמיד, מיט׳ן נאָמען אַבנר, וועלכער איז אַרויס לתרבות־רעה און האָט זיך גע׳שמד׳ט. איינמאָל האָט זיך דער רמב״ן מיט איהם בעגעגענט און איהם געפרעגט די סיבה, וואָס עס האָט איהם בעוואויגען צום דאָזיגען שענדליכען טריט. האָט דערויף דער געוועזענער תלמיד געענטפערט, אַז דאָס

איז ער, דער רמב״ן אַליין, שולדיג דערין: דען ער האָט איינמאָל געהערט, ווי דער רמב״ן האָט גע׳דרש׳ענט, אַז אין דער שירה פון פרשת האזינו איז מרומז דער נאָמען פון יעדען מענש און וואָס עס וועט פּאַסירען מיט איהם; ער האָט דאָס דאַן בעטראַכט אַלס אונ־גלויבליכע און אונמעגליכע זאַך — און פון־דאַמאָלס־אָן האָט ער אָנגעהויבען צו לייקענען אין דער אידישער תורה און אין דער גאַנצער אידישער רעליגיע...

דערויף האָט איהם דער רמב״ן געענטפערט, אַז דאָס, וואָס ער האָט דאַן געזאָגט אינ׳ם דרוש, איז דורכאויס אמת און אַז אין דער שירה פון פ׳ האזינו איז מרומז אויך זיין נאָמען און דער סוף, וואָס עס ערוואַרט איהם: אינ׳ם פסוק „אפאיהם אשביתה מאנוש זכרם״ בעקומט זיך פון די דריטע אותיות פון יעדען וואָרט דער נאָמען „אַבנר״...

דער ווילנער גאון איז אַמאָל געזעסען ביי זיינעם אַ קרוב אויף אַ „פדיון־הבן״. בשעת דער סעודה איז פערפיהרט געוואָרען אַ שמועס וועגען דערמאָהנטען רמב״ן, ווי אויך וועגען דעם, וואָס עס ווערט געזאָגט אין די ספרי־קבלה, אַז אין פרשת בראשית זענען מרומז אַלע מצוות פון דער תורה. איינער פון די אָנוועזענדע האָט זיך דאַן געווענדעט צום גאון מיט אַ פראַגע: וואו איז אין פרשת־בראשית מרומז די מצוה פון „פדיון־הבן״? דער גאון האָט איהם דערויף מניה־וביה געענטפערט: באַלד אין ערשטען וואָרט „ב ר א ש י ת״! — „בראשית״ מאַכט: „בן ראשון אַחר שלשים יום תפדה״...

## כי גוי אובד עצות המה... (לב. כח.)

„כי גוי אובד עצות — רבי יהודה דורשו כלפי ישראל״ (ילקוט)

עס איז איינע פון אונזערע אומגליקליכע, ספעציפיש־אידישע אייגענשאַפטען, וואָס מיר ווערען פערלוירען און פערפּלייצט אין אַ מבול פון עצות. מיר זענען זעלטענע ספעציאַליסטען אויף עצות, פּלענער, פּראָיעקטען, וועגען וועלכע מיר האַלטען זיך אין איין מפלפל זיין, אין איין אָבהאַלטען ויכוחים, אין איין צונויפרופען אַסיפות, וואו מיר קומען קיינמאָל נישט צו קיין טאַלק. מיר זענען רייך אין עצות, אָבער, ליידער, אָרים, זעהר אָרים אין מעשים...

(רעיונות לדרוש)

## כי גוי אובד עצות המה ואין בהם תבונה... (לב. כח.)

לא די, וואָס „אין בהם תבונה״, וואָס זיי האָבען אַליין קיין פערשטאַנד נישט, איז נאָך מעהר אומגליק, וואָס „גוי אובד עצות המה״, וואָס זיי לאָזען זיך נישט לערנען און ווילען ביי קיינעם קיין עצה נישט פרעגען, יעדער איד איז ביי זיך אַ גאַנצער חכם...

(תולדות יצחק)

## כי קרוב יום אידם וחש עתידות למו... (לב. לה.)

„נודע ד׳ משפט עשה בפועל כפיו נוקש רשע וכו׳״ (תהלים ט.)

נודע ד׳ משפט עשה — ווען ווערט גאָט׳ס נאָמען בעוואוסט מיט זיין משפט איבער די רשעים און ווען נעמט מען זיך אַראָב אַ מוסר־השכל דערפון? בשעת עס איז — בפועל כפיו נוקש רשע — בעת דער רשע ווערט בעשטראָפט פאַר זיינע פערברעכערישע מעשים באַלד אויפ׳ן אָרט, פאַר אַלעמען אין די אויגען, דאַן איז — הגיון סלה — דינט

עס אַלס ביישפּיל פאַר אַלע אַנדערע, זיי זאָלען זיך פערטראַכטען וועגען דעם, דאַגעגען אָבער — ישובו רשעים לשאולה — ווען דער משפט איבער זיי קומט ערשט פאַר אויף יענע וועלט, אין גיהנום, נאָכ׳ן טויט, דאַן — כל גוים שכחו אלקים — פערגעסען די גויים אין גאָט און קיינער ווערט דאַדורך נישט בעסער, וואָרום דאָס, וואָס עס קומט פאַר אויף יענע וועלט, דאָס זעהען זיי דאָך נישט...

(רבי ישראל ליפשיץ, בעל „תפארת ישראל״)

## כי ידין ד׳ עמו... ואפס עצור ועזוב... (לב. לו.)

„ואפס עצור ועזוב — אין בן־דוד בא עד שירבו המסורות, דבר אחר עד שיתמעטו התלמידים דבר אחר עד שתכלה פרוטה מן הכיס, דבר אחר עד שיתיאשו מן הגאולה״ (סנהדרין צ״ז)

רבי נפתלי ראָפּשיצער האָט זיך משדך געווען מיט׳ן סטאָבניצער רבי׳ן. בעת דער ראָפּשיצער איז געקומען צו פאָהרען אויף דער חתונה, איז איהם דער סטאָבניצער אַנט־קעגענגעגאַנגען מיט אַ פלעשעל בראָנפען:

— מחותן־לעב — זאָגט ער צו רבי נפתלי׳ן — אויך ווען משיח־צדקנו וועט קו־מען, וועלען מיר איהם אַנטקעגענגעהן מיט אַ פלעשעל בראָנפען; זאָל ער זעהן, מיט וואָס מיר האָבען זיך מחיה געווען אינ׳ם ביטערן גלות!

— ניין — ענטפערט איהם רבי נפתלי — מיר וועלען איהם אַנטקעגענגעהן מיט אַזעלכע רביים, ווי מ י ר זענען; זאָל ער זעהן, מיט ווּעמען אידען האָבען זיך מחיה געווען אין ביטערן גלות...

רבי יעקב אָרנשטיין, דער בעל „ישועות־יעקב״, איז געווען, כידוע, אַ גרויסער מתנגד. איינמאָל איז אין דער שוהל, וואו ער האָט געדאַווענט, ענטשטאַנען אַ שטיקעל מחלוקת צוליב דעם, וואָס אַ איד, וועלכער האָט גראָד געהאַט יאָהרצייט, האָט דאַוונענדיג פאַר׳ן עמוד געזאָגט אינ׳ם קדיש „ויצמח פורקניה״, לויט׳ן ספרד׳ישען נוסח, און די גבאים האָבען איהם דערפאַר געמאַכט אַ סקאַנדאַל... דער „ישועות־יעקב״ האָט דערפון געהאַט גרויס צער און ער האָט אַרויסגעשריען אַ פערביטערטער: — רבונו־של־עולם! עס איז שוין די העכסטע צייט, משיח זאָל קומען און מיר זאָלען שוין איינמאָל פאַר אַלעמאָל פטור ווערען פונ׳ם „ויצמח פורקניה״!...

## ראו עתה כי אני אני הוא ואין אלקים עמדי... (לב. לט.)

„אני ראשון ואני אחרון ומבלעדי אין אלקים, אני ראשון — שאין לי אב, ואני אחרון — שאין לי אח, ומבלעדי אין אלקים — שאין לי בן״... (שמות רבה פ׳ כ״ט).

עהנליך דערצו:

„לא איש אל ויכזב ובן אדם ויתנחם. אם יאמר לך אדם: אל אני — מכזב הוא, בן־אדם אני — סופו לתהות; שאני עולה לשמים — הוא אמר ולא יקימנה״... (ירושלמי תענית ס״ה).

אויף אַנ׳עהנליכען אופן:

„יש אחד ואין שני גם בן ואח אין לו (קהלת ד. ח.), יש אחד זה הקב״ה וכו׳ ואין שני, שאין לו שותף בעולמו, גם בן ואח אין לו, אח אין לו בן מאין יש לו״?... (קהלת רבה).

„ראו עתה כי אני אני הוא ואין אלקים עמדי"...

וואָס עפּעס צוויי מאָל „אני"? — נאָר ווי בעקאַנט, איז דער שם „הוי"ה" מרמז אויף רחמים, און דער שם „אלקים" — אויף דין. ביי פערשידענע מצוות, סיי ביי עשה'ס, סיי ביי לא־תעשה'ס, ווערען אין דער תורה אָפט צוגעגעבען די ווערטער „אני ד'". אין ערשטען פאַל ווערט עס גע'דרש'ענט: „אני ד' — לשלם שכר"; אין צווייטען פאַל: „אני ד' — נאמן ליפרע". איז דאָך אין פלוג אַביסעל קשה: מילא ביי „לשלם שכר" איז פערשטענדליך, וואָס עס שטעהט „אני ד'", דער שם „הוי"ה", ווייל דאָס איז דאָך מרמז אויף רחמים; אָבער ביי „נאמן ליפרע", וואו עס רעדט זיך וועגען עונש, וואָלט דאָך געדאַרפט שטעהן דער שם „אלקים", וועלכער איז מרמז אויף דין, נישט דער שם־הרחמים? איז דער תירוץ: אַפילו בשעת עונש, בשעת'ן אָנווענדען מדת־הדין, איז דער אויבערשטער פול מיט רחמים צום מענשען, מיינענדיג דערמיט בלויז זיין טובה...

און דאָס איז דער פשט פון פסוק: „כי ידין ד' עמו" — אַפילו ביי „כי ידין", בשעת דער אויבערשטער איז מעניש די אידען, איז ער משתף דערביי דעם שם „הוי"ה", די מדה פון רחמים; והראיה: „ראו עתה" — בעמערקט, אדרבה, און זעהט — „כי אני אני הוא", אַז סיי ביי די מצוות־עשה, ביי דער הבטחה „לשלם שכר", סיי ביי די מצוות לא־תעשה, ביי דער דראָהונג פון „נאמן ליפרע", שטעהט אַלץ „אני ד'", דער שם „הוי"ה", וועלכער איז מרמז אויף רחמים — „ואין אלקים עמדי", נישט דער שם „אלקים", וועלכער איז מרמז אויף דין!...

(רבי שלמה קלוגער)

## אשכיר חצי מדם... (לב. מב.)

נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, דערצעהלט מען, פלעגט זעהר אָפט דערמאָהנען דעם דאָזיגען פסוק, פון וועלכען ער פלעגט שטאַרק נתפעל ווערען, אָנווייזענדיג, אַז דער דאָזיגער ביבלישער, העכסט דיכטערישער און בילדליכער אויסדרוק, האָט קיין גלייכען נישט צו זיך אין דער וועלט־ליטעראַטור.

## וכפר אדמתו עמו... (לב. מג.)

„כל המהלך בארץ ישראל אפילו שעה אחת ומת בתוכה מובטח לו שהוא בן עולם הבא, דכתיב וכפר אדמתו עמו"... (מדרש משלי פי"ז).

כל מאן דזכי, יעדער איינער, וועלכער איז זוכה צו פערבינדען זיך מיט'ן דאָזיגען הייליגען לאַנד ביים לעבען, איז ער זוכה צו פערבינדען זיך שפּעטער מיט'ן העכערען ארעא קדישא, אָבער ווער עס איז דערצו נישט זוכה ביים לעבען און מען ברענגט איהם בלויז אַהין קובר צו זיין, אויף דעם איז געזאָגט געוואָרען: „ונחלתי שמתם לתועבה"... און יעדער איינער, וואָס איז זוכה אויסצוהויכען זיין נשמה אין הייליגען לאַנד, ווערען איהם אַלע זיינע חטאים פערגעבען און ער איז זוכה צו רוהען תחת כנפי השכינה... (זוהר פ' אחרי).

פון אונשולדיג פערגאָסען בלוט ליידט די ערד און עס לויערט אַ קללה אויף איהר, ווי עס ווערט געזאָגט: „ארור אתה מן האדמה אשר פצתה את פיה וכו'".

צוזאַמען, אַלזאָ, מיט דער אויפריכטונג פון ישראל, ווען עס וועט אָבגעשטעלט

ווערען דאָס אונאויפהערליכע פּערגיסען אידיש בלוט, וועט אויך זיין „וכפר אדמתו״, וועט די ערד ווערען בעפרייט פון דער לויערענדער קללה...

(רבי צבי־הירש קאַלישער)

„וכפר אדמתו עמו — כל היושב בארץ־ישראל ארץ־ישראל מכפרת עליו״ (ספרי)

רבי מרדכי עליאַשבערג, דער בויסקער רב, האָט ליעב געהאַט ביי יעדער געלעגענהייט צו שמועסען וועגען ארץ־ישראל, ווי גוט עס וועט זיין אין יענע טעג, בעת אידען וועלען זיך אומקעהרען אין הייליגען לאַנד און זיצען, ווי אַמאָל, „איש תחת גפנו ותחת תאנתו״!

— רבי — פרעגט איהם אַמאָל איינער בעת אַזאַ שמועס — ווי וועט זיין מיט קרבנות? וועט מען טאַקע מקריב זיין רינדער און שעפּסען, גאַר ווי אין די אַמאָליגע יאָהרען?... היתכן?

— אַי, ר׳ איד — קרעכצט רבי מרדכי — ווען איהר זאָלט וויסען, וויפיעל דאגות עס זענען פאַרהאַן, ביז מיר וועלען דערלעבען יענע שעה, וואָלט איהר פערשטאַנען, אַז די דאָזיגע דאגה קאָן מען איבערלאָזען אויף שפּעטער!...

## ויבא משה וכו׳ הוא והושע בן נון... (לב. מד.)

„ולמה קוראהו כאן הושע״? (רש״י)

ערקלערט דערויף דר. אַהרן יעלינעק: ביי די פּאַרצייטישע מלכים איז געווען אָנגענומען, אַז בשעת זיי פלעגען בעשטימען איינעם פאַר אַ שר, פלעגען זיי איהם ענדערען דעם נאָמען, ווי מיר געפינען ביי פרעה׳ן, וועלכער האָט אַ נאָמען געגעבען יוסף׳ן „צפנת פענח״. דעם זעלבען דרך־המלכים האָט אויך משה רבינו אָנגעווענדעט אין בעצוג צו זיין געטרייען דינער, הושע, וועלכען ער האָט געענדערט דעם נאָמען אויף יהושע. איצט אָבער, ווען יהושע איז דערהויבען געוואָרען אויף משה׳ס אָרט אַלס מנהיג, האָט ער איהם צוריק גענומען רופען מיט זיין פריהערדיגען ערשטען נאָמען...

אַ שאַרפזיניג וואָרט וועגען דעם נאָכגעזאָגט פאַר׳ן רבי׳ן ר׳ העשיל:

אויף „ויקרא משה להושע בן נון יהושע״ זאָגט דער מדרש, אַז עס איז איהם צוגעזעצט געוואָרען די י׳ פון שרה׳ן, וועלכע האָט פריהער געהייסען „שרי״.

בשעת מען האָט שרה׳ן געענדערט דעם נאָמען איז זי דאַן אַלט געווען, ווי עס איז צו זעהען פון פסוק, ניין און אַכציג יאָהר. געשטאָרבען איז זי אין עלטער פון הונדערט זיעבען און צוואַנציג יאָהר. נמצא, אַז דעם געענדערטען נאָמען האָט זי געטראָגען אַכט און דרייסיג יאָהר.

געענדערט האָט מען הושע׳ן דעם נאָמען אויף יהושע בשעת שליחת המרגלים, און געווען איז עס אין צווייטען יאָהר נאָך יציאת מצרים. איצט, ביי משה רבינו׳ס פּטירה, האָבען זיך געענדיגט די פיערציג יאָהר פון דור המדבר און גלייכצייטיג איז אויך געוואָרען אַכט און דרייסיג יאָהר זינט יהושע האָט געטראָגען דעם געענדערטען נאָמען, און היות, ווי דער צוגעזעצטער אות אין זיין נאָמען איז דאָך גענומען געוואָרען פון שרה׳ן, האָט איהם דעריבער משה רבינו צום דאָזיגען טערמין, צום זעלבען טערמין, וואָס ביי שרה׳ן צו די אַכט און דרייסיג יאָהר, צוריק אָנגעהויבען רופען מיט׳ן אַלטען נאָמען — הושע...

(משיב דברים)

די י', וועלכע איז, אַלס דאָס קלענסטע אות, דער סימבאָל פון עניוות, האָט איהם משה רבינו מוסיף געווען, ענדערענדיג זיין נאָמען פון „הושע" אויף „יהושע", בכדי אָנצוווייזען און צו ריהמען איהם פאַר דער מדה פון עניוות, מיט וועלכע יהושע האָט זיך אויסגעצייכענט, ווי עס ווערט געזאָגט אין תרגום יונתן פ' שלח: „וכד חמא ענותנותיה קרא משה להושע בן־נון יהושע". איצט אָבער, בשעת יהושע האָט געדאַרפט פערנעמען משה'ס אָרט און ווערען דער מנהיג ישראל, האָט ער איהם מעהר נישט געוואָלט ריהמען מיט דער דאָזיגער מדה. צופיעל עניוות איז פאַר אַ מנהיג אַ חסרון, אַ מנהיג דאַרף אָפטמאָל זיין שטרענג, אַנדערש וועט מען פאַר איהם קיין דרך־ארץ נישט האָבען און אַזוי האָט אויך רבי אָנגעזאָגט זיין זוהן: „נהוג נשיאתך ברמה!" (כתובות ק"ג), און דעריבער האָט ער איהם איצט צוריק גערופען מיט זיין פריהערדיגען נאָמען — הושע...

אין ספרי פון דער דאָזיגער סדרה ווערט געזאָגט:

„עתידה כנסת ישראל שתאמר לפני הקב"ה, רבונו־של־עולם, כבר כתבת לאמר (ירמי' ג') הן ישלח איש את אשתו והלכה מאתו והיתה לאיש אחר הישוב אליה עוד? אומר לה: כלום כתבתי אלא איש, והלא כבר נאמר (הושע י"א) כי אל אנכי ולא איש".

וואָס איז דער זין פונ'ם דאָזיגען ענטפער און ווי אַזוי ווערט דער'מיט בעפרידיגט די שאלה פון דער כנסת־ישראל?

נאָר — האָט געזאָגט דערויף דער רבי ר' העשיל — דער דין איז אין דער גמרא: „הזורק גט לאשתו, אם החצר שלו אינה מגורשת", דען דאָס אָרט, וואו דער גט ווערט איהר געגעבען, דאַרף זיך געפינען אין איהר רשות... און דאָס, אַלזאָ, איז דער זין פון דער תשובה: „והלא כבר נאמר כי אל אנכי ולא איש", און עס איז דעריבער אונ־מעגליך, אַז די כנסת ישראל זאָל עפ"י דין קענען בעקומען אַ גט, דען די גאַנצע וועלט איז דאָך אין אויבערשטענ'ס רשות און — „אם החצר שלו אינה מגורשת"...

„וקראו הכתוב הושע בשם שהיו כל ישראל יודעין אותו, כי מי ידע שכנה שמו משה יהושע כי אם קרואי מועד לבדם" (אבן עזרא)

פרעגט זיך: אין פ' וילך ווערט דאָך בפירוש געזאָגט: „וילך משה וידבר את הדברים האלה אל כל ישראל וכו' יהושע הוא עובר לפניך", און דאָס זעלבע ווערט אויך איבערגע'חזר'ט אין אַ ווייטערען פסוק (לא. ז.): „ויקרא משה ליהושע ויאמר אליו לעיני כל ישראל", פון וואָס עס איז אַלזאָ דייטליך צו זעהן, אַז משה האָט איהם גערופען יהושע אין דער אנוועזענהייט פון כלל־ישראל?

שווער איז אויך די ערקלערונג פון כלי־יקר, וועלכער זאָגט, אַז דעריבער האָט איהם משה איצט גערופען הושע, ווייל דעם נאָמען יהושע האָט ער איהם געגעבען אַלס תפלה: „יה יושיעך מעצת מרגלים", אָבער איצט, נאָכדעם ווי דער דור־המדבר איז שוין געהאַט אויסגעשטאָרבען, איז שוין נישט געווען פאַרוואָס מורא צו האָבען און די תפלה איז שוין מעהר נישט נויטיג געווען און ער האָט איהם דערפאַר צוריק אָנגעהויבען רופען מיט'ן אַלטען נאָמען הושע.

טאָ פאַרוואָס, אויב אַזוי, ווערט אין פ' וילך יאָ דערמאָהנט עטליכע מאָל דער נאָמען יהושע און דאָס זעלבע אויך אין וזאת־הברכה?...

(ז. בערענט)

## שימו לבבכם לכל הדברים... אשר תצום את בניכם... (לב. מו.)

שימו לבבכם לכל הדברים אשר אנכי מעיד בכם היום אשר תצום את בניכם...

לעגט אַכט אויף די אַלע זאַכען וואָס איך צייכען אָן פאַר אייך היינט, וועלכע איהר זאָלט אָנזאָגען אייערע קינדער...

ווייל דארין שטעקט דער סוד הקיום אייערער — „למען תצום את בניכם!". עס איז נישט גענוג, אַז איהר אַליין וועט אָבהיטען די מצוות פון די תורה, עס איז נישט גענוג, אַז איהר אַליין וועט זיין גוט און פרום — „כי הוא חייכם!" — דאָס איינפלאַנצען די פלאַנ־צונג פון אמת און גלויבען אין אייערע קינדער און קינדס־קינדער — דארין הענגט אָב אייער לעבען און אריכות־ימים, נאָר דורך דעם וועט געזיכערט ווערען די עקזיסטענץ פונ'ם פאָלק. אָהן אַ אידישער רעליגיעזער ערציהונג איז די עקזיסטענץ פונ'ם פאָלק אין געפאַהר.

(אבן פנה)

# וְזֹאת הַבְּרָכָה

## וזאת הברכה אשר ברך משה וכו׳ את בני ישראל לפני מותו... (לג. א.)

„לפני מותו — סמוך למיתתו" (רש"י).

די תורה ערקלערט אונז, פאַרוואָס משה רבינו האָט נישט געבענשט איטליכען איד בעזונדער, נאָר יעדען גאַנצען שבט צוזאַמען, ווייל עס איז געווען „לפני מותו — סמוך למיתתו" און ס'איז נישט געווען קיין זמן צו געזעגענען זיך מיט איטליכען איינציגען.

מיט די דאָזיגע ווערטער האָט זיך דער חתם־סופר געזעגענט מיט'ן פערזאַמעלטען עולם אין די לעצטע מינוטען פאַר דער פטירה...

ערשט „ל פ נ י מ ו ת ו", ווען ער האָט שוין אַלע חשבונות מיט'ן לעבען געענדיגט, ווען ער האָט שוין מעהר קיין שום נסיונות נישט דורכצוגעהן — ערשט דאַ־מאָלס קאָן מען איהם שוין אָנרופען „א י ש ה א ל ק י ם"...

(פנים יפות)

„א י ש ה א ל ק י ם"!... זיין הימליש, געטליך, און גלייכצייטיג זיך אויך פערנעהמען מיט ערדישע, מענשליכע ענינים, מיט די גשמיות'דיגע אינטערעסען פון פאָלק — דאָס איז אַ רבותא!...

(עוללות אפרים)

## אף חובב עמים כל קדושיו בידך... (לג. ג.)

רבי זישא האניפּאָלער האָט זיך אום שמחת־תורה פונאַנדערגעוויינט ביי די דאָזיגע ווערטער און ער האָט געטייטשט:

אַף חובב עמים — הגם, רבונו־של־עולם, דו ווייזט אַרויס, בעוונותינו הרבים, אַזוי פיעל ליעבע צו די אַנדערע פעלקער און דו האָסט אונז איבערגעגעבען צו זיי אין גלות, דאָך — כל קדושיו בידך — טרעטען די אידען נישט אָב פון דיר און פון דיין אמונה — והם תכו לרגליך — הגם זיי ווערען צוליב דיר אָהן אויפהער געשלאָגען און געפּייניגט, דאָך — ישא מדברותיך — האַלטען זיי אין איין זאָגען: תורה צוה לנו משה, מורשה קהלת יעקב!...

## תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב... (לג. ד.)

מורשה, אַ ירושה איז די תורה נאָר בנוגע צום כלל, צום קהלת־יעקב, אָבער נישט בנוגע צום יחיד. וועגען יחיד ווערט געזאָגט אין אָבות: „התקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך"...

(כבוד חכמים)

## תורה צוה לנו משה וכו׳ ויהי בישורון מלך... (לג. ד. ה.)

די געזעצען פון יעדען לאַנד זענען צוגעפּאַסט און אָבהענגיג פון דער מלוכה־פאָרם און מלוכה־אָרדנונג; מיט׳ן מאָמענט, ווען עס בייט זיך אינ׳ם לאַנד די הערשענדע אָרדנונג, ווערען אויך די געזעצען אין אַ געוויסער מאָס איבערגעמאַכט און געענדערט. אַנדערש זענען די געזעצען אין אַ לאַנד פון אַן אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע; אַנדערש — ווען עס ווערט איינגעפיהרט אַ קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג; און אַנדערש — אין אַ סאָציאַליסטישער רעפּובליק.

נישט אַזוי איז עס אָבער מיט תורת משה! „תורה צוה לנו משה — מורשה קהלת יעקב״: איהרע געזעצען זענען אַ פעסטע ירושה, פערפליכטענד פאַר אַלע צייטען און דורות; זיי לאָזען זיך נישט ענדערען אונטער קיין אומשטענדען — סיי ווען „ויהי בישורון מלך״ ביי אַ מאָנאַרכיסטישער אָרדנונג, סיי „בהתאסף ראשי עם״, ביי אַ פּאַרלאַמענטאַרישער אָרדנונג, און סיי ווען „יחד שבטי ישראל״, ביי אַ רעפּובליק!...

(הכתב והקבלה)

## בהתאסף ראשי עם יחד שבטי ישראל... (לג. ה.)

קודם־כל דאַרפען איינִיג זיין צווישען זיך די „ראשי עם״, די מנהיגים — און ערשט דאַן קאָן מען ערוואַרטען דעם „יחד שבטי ישראל״, אַז אויך צווישען פאָלק זאָל הערשען אַחדות!...

(תולדות יעקב יוסף)

„בהתאספם יחד באגודה אחת ושלום ביניהם וכו׳״ (רש״י)

בשעת עס האַנדעלט זיך וועגען מאַכען שלום ביי אידען, איז קודם־כל „בהתאסף ראשי עם״, דאַרף מען זיך הויפּטזעכליך בעמיהען דורכצופיהרען פריהער שלום צווישען די „ראשי עם״, די פיהרער, די מנהיגים, און דאַן וועט שוין ממילא זיין — „יחד שבטי ישראל״. מיט׳ן פאָלק, מיט די מאַסען, וועט עס שוין צוגעהן אַ סך לייכטער. דער פירוד און מחלוקת שטאַמט תמיד און בעיקר פון די מנהיגים...

(רבי יחזקאל פאנעט)

און דערפאַר — זאָגט דערויף דער „עוללות אפרים״ בדרך־הלצה — זאָגען די חז״ל: אַז „עתיד הקב״ה לעשות מדור לכל צדיק וצדיק״. לעתיד וועט מען די צדיקים, די פיהרער, אָבזונדערען איינעם פון צווייטען, אַוועקזעצען יעדען איך אַ מדור בפני עצמו, כדי זיי זאָלען זיך נישט אַרומרייסען און אַריינקריכען איינער אין צווייטענ׳ס גבול און זאָלען זיך נור די צדיקים ומנהיגים נישט אַרומקריגען — וועט שוין דאַן ממילא זיין שלום ביי אידען...

## יחי ראובן ואל ימות... (לג. ו.)

וואָס עפּעס דאָפּעלט: „יחי״ און „ואל־ימות״? — עס זאָל זיין נישט קיין געשטאָרבען לעבען: דען פאַרהאַן אָפּט, ליידער, אַזאַ לעבען, ווען דער לעבעדיגער איז מקנא די געשטאָרבענע...

(דבר טוב)

## ויהי מתיו מספר... (לג. ו.)

אַמבעסטען לאָזט זיך דערדאָזיגער פּסוק פערטייטשען מיט'ן פּשט פון אבן־עזרא און רמב"ן, וועלכע ערקלערען, אַז עס דאַרף דאָ צוגעגעבען ווערען דאָס וואָרט „ואל" פון ערשטען האַלבען פּסוק, און עס לייענט זיך, אַלזאָ, אַזוי ווי עס וואָלט געשטאַנען: „יחי ראובן ואל ימות, ו א ל יהי מתיו מספר"!... אַנדערש זענען דידאָזיגע ווערטער דאָ אונפערשטענדליך...

## וללוי אמר תומיך ואוריך לאיש חסידך... (לג. ח.)

„כלפי שכינה הוא מדבר" (רש"י)

וואָס מיינט רש"י דערמיט צו זאָגען?

די מפרשים בעמיהען זיך עס צו ערקלערען אויף פערשיעדענע אופנים און עס זענען שוין פאַרהאַן דערויף אָהן אַ שיעור פּלפּולים. באמת אָבער איז עס גאַנץ איינפאַך:

וועגען דעם אופן, ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען דאָס פרעגען אין אורים ותומים, זאָגט די גמרא אין יומא (ע"ג): „כיצד שואלין? השואל עומד פניו כלפי בשאל והנשאל פניו כלפי שכינה (כלפי אורים ותומים) וכו'".

און דאָס, אַלזאָ, איז דאָ רש"י מכוון: „וללוי אמר תומיך ואוריך — כלפי שכינה הוא מדבר", דער נשאל באורים ותומים דאַרף זיין „פניו כלפי שכינה"...

(חמדת צבי)

אומעדום — זאָגט דערויף רבי חיים וואָלאָזשינער — ווערט געזאָגט: „אורים ותומים", דאָס וואָרט „אורים" פאַר „תומים", בלויז דאָ, אַלס אויסנאַהם, שטעהט פריהער „תומיך" און נאָכהער „אוריך". פאַרוואָס?

דען די גמרא זאָגט: „למה נקרא שמם אורים, שמאירים דבריהם, ותומים — שמתאימים דבריהם". עס הייסט, פריהער האָבען פונ'ם חושן המשפט גענומען אַרויס־לייכטען פערשיעדענע אותיות, אָהן אַ געהעריגען סדר, און דאַן איז דורך רוח־הקודש געגעבען געוואָרען דעם כהן־גדול די מעגליכקייט מצרף צו זיין די לייכטענדע אותיות, צונויפצושטעלען פון זיי די געהעריגע ווערטער, פון וועלכע עס האָט זיך אַרויסבעקומען די ריכטיגע, ערוואַרטעטע תשובה.

איז בנוגע צום כהן דאַרף טאַקי זיין פריהער „אורים" און נאָכהער „תומים", פריהער דאַרף מען איהם וויזען די אותיות און דאַן — די בעדייטונג און צירוף פון די דאָזיגע אותיות. דאָ אָבער, דער „תומיך ואוריך" פונ'ם דאָזיגען פּסוק „כלפי שכינה הוא מדבר", דאָ האָט זיך משה רבינו געווענדעט צו דער שכינה, צו השי"ת, פאַר וועלכען עס איז דאָך שוין פריהער גלוי וידוע דער פּתרון אויף יעדע שאלה און ערשט נאָכהער איז ער עס אונז מגלה, און דעריבער שטעהט דאָ פריהער „תומיך" און נאָכהער „אוריך"...

## האומר לאביו ולאמו לא ראיתיו וכו' כי שמרו אמרתך... (לג. ט.)

דער שבט לוי האָט נישט געהאַט און נישט געטאָרט האָבען קיין שום חלק ונחלה אין לאַנד, זיי זענען פריי געווען פון דאגות־פּרנסה, לעבענדיג פון „שלחן גבוה"... „האומר לאביו ולאמו לא ראיתיו" — זיי האָבען נישט געדאַרפט אויסקוקען און וואַרטען אויף אַ ירושה פון די עלטערן... „ואת אחיו לא הכיר" — זיי האָבען נישט נויטיג געהאַט אָנצוקומען צו ברידער און קרובים... „ואת בניו לא ידע" — זיי האָבען פערשפּאָרט

צו אַרבייטען און צו פֿערזאָרגען די קינדער... און ממילא: „כי שמרו אמרתך ובריתך ינצורו" — האָבען זיי געהאַט צייט און זיך געקאָנט פֿערגינען צו זיין פֿרום און עוסק צו זיין במצוות...

(מלאכת־מחשבת)

## ידיד ה׳ ישכון לבטח עליו... (לג. יב.)

די ספרי מוסר לערנען אונז (באריכות רעדט וועגען דעם רבי ידעי׳ הפניני), אַז מען זאָל זיך נישט חבר׳ן מיט קיינעם צופֿיעל, ווייל צו־שטאַרקע חבר׳שאַפֿט ענדיגט זיך דערמיט, וואָס מען ווערט סוף־כל־סוף צווישען זיך שונאים, און אַזוי וואָרענט אונז אויך דער פסוק: „הוקר רגלך מבית רעך".

אָבער איין ידיד איז פֿאַראַן אויף דער וועלט, וואָס מען קאָן זיך פֿערלאָזען אויף זיין פֿריינדשאַפֿט און מען מעג זיך אַ גאַנצען לעבען חבר׳ן מיט איהם: „ידיד ד׳ — ישכון לבטח עליו, חופף עליו כל היום"...

(רבי אברהם־יצחק הכהן קוק)

## שמח זבולון בצאתך ויששכר באהליך... (לג. יח.)

יעדער פֿון זיי זאָל עוסק־זיין אין זיין געביעט: זבולון, דער סוחר און עושר, זאָל נישט אויסנוצען זיין גביר׳ישע תקיפות און נישט אַריינמישען זיך אין די זאַכען, וועלכע געהערען, לויט זייער כאַראַקטער, צו יששכר דעם תלמיד־חכם.

און דאָס איז אויך דער זין, וואָס צווישען די „שלשה שהקב"ה בוכה עליהן בכל יום" ווערט אויך אויסגערעכענט: „על שאי אפשר לו לעסוק בתורה ועוסק" (חגיגה ה׳). אין פֿלוג: וואָס פֿאַר אַ חטא בעגעהט ער דערמיט? אַדרבה, מען דאַרף דאָך זיין צו־פֿרידען פֿון אַזעלכען, וועלכער בעמיהט זיך עוסק צו זיין בתורה, כאָטש ער קאָן נעביך נישט? — נאָר געמיינט ווערען דערמיט די יעניגע, וועלכע עסק׳ן זיך און פֿאַרען זיך אַרום דער תורה, זאָגען אַ דעה אין רעליגיעזע עינינים, רייסען זיך צו ווערען געוועהלט אַלס תלמוד־תורה גבאים, שטעלען זיך בראש פֿון פֿערשידענע חינוך־אינסטיטוציעס, כאָטש לויט זייער מהות האָבען זיי צו די דאָזיגע זאַכען אַ קנאַפּע שייכות, זייענדיג אַליין מורא׳דיגע עמי־הארצים...

(פרדס יוסף)

## כי שפע עמים יינקו ושפוני טמוני חול... (לג. יט.)

וואָס איז דער טייטש „טמוני חול"?

נאָר אין די אַמאָליגע צייטען, בשעת אַ שיף האָט געפֿיהרט אין אַ לאַנד אַ משא מיט פּראָדוקטען האָט זי צוריקוועגס אויך געמוזט אומקעהרען זיך מיט אַ משא. לעדיג האָבען די שיפֿען קיינמאָל נישט געקענט געהן, אַנדערש האָבען זיי צוליב זייער לייכטקייט נישט געקענט האַלטען זיך אויפ׳ן וואַסער.

און דאָס איז דער זין פֿון דער ברכה: „כי שפע עמים יינקו". די שפע פֿון ארץ־ישראל וועט זיין אַזוי גרויס, אַז „ושפוני טמוני חול", אַז די שיפֿען, וואָס זבולון וועט עקספּאָרטירען מיט ארץ־ישראל׳דיגע סחורות אין די פֿרעמדע לענדער, וועלען צוריקוועגס, בכדי צו דערהאַלטען די גלייכגעוויכט, זיין אָנגעלאָדען מיט זאַמד, מחמת קיין סחורות פֿון דער פֿרעמד וועט זיי נישט לוינען צוריקצופֿיהרען, ארץ־ישראל וועט זיך אין קיין אימ־

פאַרט נישט נויטיגען, וואָרום זי וועט אַליין האָבען אַלץ וואָס זי דאַרף אין אַ איבערגע־
נוגענדע מאָס...

(דון יצחק אברבנאל)

## וירא ראשית לו... (לג. כא.)

אינ׳ם דאָזיגען כלל דאַרף זיך האַלטען יעדער מנהיג העדה, „וירא ראשית — לו". דאָס, וואָס ער פּרעדיגט און פערלאַנגט פון אַנדערע, דאַרף ער קודם־כל ווייזען אַ ביישפּיעל פון זיך אַליין...

(מחנה חיים)

## ולנפתלי אמר שבע רצון ומלא ברכת ד׳... (לג. כג.)

נור ביי׳ם „שבע רצון", ביי׳ם שמח בחלקו, איז מעגליך דער „ומלא ברכת ד׳", וואָרום אויב ער איז נישט קיין שבע־רצון, איז ער שטענדיג חסר, דען וויפיעל ער האָט — איז איהם ווייניג...

(רבי שלמה קלוגער)

## ברוך מבנים אשר יהי רצוי אחיו... (לג. כד.)

דען געוועהנליך, בשעת אַ מענש איז געבענשט מיט פרנסה, מיט עשירות און דערצו אויך מיט געראָטענע קינדער, איז איהם די גאַנצע משפחה און אַפילו די אייגענע ברידער מקנא. עס איז דעריבער אַ בעזונדערע ברכה, אַז כאָטש ער וועט זיין אַ „ברוך מבנים", דאָך — „יהי רצוי אחיו", זאָלען איהם די ברידער נישט מקנא זיין...

(רבי יצחק־אליהו לאַנדוי)

## מי כמוך עם נושע בד׳ מגן עזרך ואשר חרב גאותך... (לג. כט.)

„ואשר חרב גאותך", אונזער שווערד, מיט וועלכער מיר פיהרען דעם אונאויפהערלי־כען קאַמף מיט אונזערע אונצעהליגע שונאים, בעשטעהט פון „גאוה" פון אונזער גרויסען שטאָלץ מיט דער אידישער פערגאַנגענהייט און אונזער זיכערקייט וועגען דער גרויסער צוקונפט, וואָס עס ערוואַרט אונז, וועגען דער בעדייטענדער ראָלע, וואָס דאָס אידישע פאָלק וועט נאָך אַמאָל שפּילען אין דער וועלט מיט אָט דעם דאָזיגען וואָפען, מיט דער דאָזיגער גאוה און שטאָלצקייט, האָבען מיר בעוויזען צו דערהאַלטען זיך אין די ביטערסטע צייטען, אין די אונערטרעגליכסטע לעבענס־בעדינגונגען, פול מיט בטחון אין אונזער ענדגילטיגען זיעג און אינ׳ם „ואתה על במותימו תדרוך", אַז סוף־כל־סוף וועלען מיר אויף להבא אַלע אונזערע שונאים איבערלעבען, פונקט ווי מיר האָבען איבערגעלעבט אונזערע אַמאָליגע פיינד, גרויסע און שטאַרקע וועלט־מלוכות פון וועלכע עס איז שוין איצט קיין זכר נישטאָ...

(רעיונות וחומר לדרוש)

## ויראהו ד׳ את כל הארץ... (לד. א.)

„הראהו הקב״ה דור דור ושופטיו, דור דור וחומסיו" (מדרש רבה ויקרא פכ״ו)

דעריבער — פלעגט זאָגען דערויף רבי אייזיל חריף — האָט מען צוזאַמען מיט די

שופטים, די מנהיגים פון יעדען דור, אויך געוויזען משה רבינו׳ן די חומסין, די גזלנים, ווייל עפ״י רוב זענען דאָס זעהר נאָהנטע מחותנים צווישען זיך. גאַנץ אָפט בעשטעהען זיי זאַגאַר פון די זעלבע פערזאָנען...

## וימת שם משה... (לד. ה.)

„הקב״ה אומר ומשה כותב בדמע״ (רש״י)

נישט צוליב׳ן „וימת שם משה״ האָט ער פערגאָסען די טרעהרען, נאָר צוליב־דעם, וואָס ער האָט אַליין געדאַרפט וועגען זיך שבחים שרייבען...

(תפארת שלמה)

## ויקבור אותו בגי וכו׳ מול בית פעור... (לד. ו.)

„קברו היה שם מששת ימי בראשית״ (רש״י)

וואָס איז רש״י אויסען מיט דער דאָזיגער בעמערקונג?

נאָר אין דער גמרא (ע״ז מ״ד) ווערט דערצעהלט, אַז רבי גמליאל האָט זיך איינמאָל געוואַשען אין אַ מרחץ, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ חצר פון עבודה־זרה, האָט מען איהם געפרעגט: עס שטעהט דאָך „לא ידבק בך מאומה מן החרם״, אַז מען טאָר די מינדעסטע מגע־משא נישט האָבען און זיך נישט געפינען נאָהנט פון דער עבודה־זרה? האָט ער דערויף געענטפערט: „היא באה בגבולי״, נישט ער איז געגאַנגען צו דער ע״ז, נאָר די ע״ז איז געקומען צו איהם אין זיין גבול, דען דער מרחץ איז שוין דאָרט געשטאַנען אַ סך פריהער, און אויף אַזאַ אופן איז נישט חל דער איסור פון „לא ידבק״.

אויך דאָ אין פסוק „ויקבור אותו בגי וכו׳ מול בית־פעור״, איז דאָך אין פלוג אַ קשיא: ווי אַזוי האָט מען איהם געמעגט קובר זיין נעבען עבודה־זרה? און דערויף בעמערקט רש״י: „קברו היה מוכן שם מששת ימי בראשית״, דער קבר איז שוין דאָרט פון פריהער געווען צוגעגרייט, פון ששת ימי בראשית, וממילא איז שוין דערביי נישט געווען קיין איסור, דען ס׳איז דאָך — „היא באה בגבולי״...

(רבי ר׳ העשיל)

## ולא ידע איש את קבורתו... (לד. ו.)

און עס ווייסט נישט קיין מענש זיין קבורה ביז׳ן היינטיגען טאָג. קיין שום מענש ווייסט נישט, וואו ער וועט שטאַרבען און וואו זיין קבר וועט זיך געפינען...

## ולא ידע איש את קבורתו עד היום הזה... (לד. ו.)

דערויף זאָגט דער אבן־עזרא: „עד היום הזה — דברי יהושע״.

און וועגען די דאָזיגע ווערטער פון אבן־עזרא ווערט געזאָגט אין אור־החיים: „ואין ראוי לכתוב כדברים האלה, שבאזני שמעתי בבני אדם מסתבכים בדבר זה ומסעפים מזה כפירה בתורה״.

פרעגט זיך: וואָס איז דאָ דעם אור־החיים אַזוי קשה אויפ׳ן אבן־עזרא. עס איז דאָך אַ בפירוש׳ע גמרא אין באָבא־בתרא, וואו ר׳ יהודה האַלט, אַז „מן וימת משה עד סוף הפרשה כתב יהושע״?...

(זאב בערענט)

דעריבער איז „ולא ידע איש את קבורתו", ווייל עס איז נגזר געוואָרען אויף משה'ן: „ושמה לא תעבור", און דערויף ערקלערען די חז"ל: „אַפילו לאַחר מיתה". עס איז דע־ריבער פערהוילען געוואָרען פאַר אַלעמען דער אָרט פון זיין קבר, כדי די אידען זאָלען נישט אַמאָל וועלען, טראָץ דעם געבאָט, אַריבערפיהרען זיינע ביינער קיין ארץ־ישראל...
(חצי מנשה)

עס האָט אַמאָל אַ כומר געפרעגט רבי יונתן איבעשיץ: פונוואַנען וויסען מיר, אַז עס איז אמת דאָס, וואָס עס שטעהט ביי אייך געשריבען, אַז בשעת משה איז אַוועק ברענגען די לוחות האָט ער נישט געגעסען פירציג טעג און פירציג נעכט? מילא, יציאת־מצרים, קריעת ים־סוף, צי נאָך אַזעלכע וואונדערליכע זאַכען, דאָס האָבען אַלע אידען געזעהן, און אַ כלל, ששים רבוא מענשען, וועלען קיין ליגען נישט זאָגען, אָבער דאָס, וואָס משה האָט געטהון ביחידות, בעת ער איז אַוועק אויף אַזאַ לאַנגע צייט פון דער מחנה, האָט דאָך קיינער נישט געזעהען, טאָ פונוואַנען ווייסט מען, אַז עס איז טאַקי ווירקליך אַזוי געווען?
דערויף האָט איהם רבי יונתן איבעשיץ געענטפערט:
די אידישע תורה ענדיגט זיך מיט דער ערצעהלונג, אַז „וימת שם משה עבד ד' וכו' ולא ידע איש את קבורתו". איז אויב קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו משה רבינו'ס קבר געפינט זיך, האָט דאָך די תורה, אייגענטליך, געקענט ערקלערען, אַז משה איז גאָר באמת נישט געשטאָרבען, נאָר ער איז אַרויף אין הימעל אַריין (פונקט אַזוי ווי ס'ווערט דערצעהלט וועגען די פיהרער פון אַנדערע רעליגיעס), בפרט נאָך, ווען אַלע האָבען געזעהן, אַז עס איז „לא כהתה עינו ולא נס לחה", אַז ביז דער לעצטער מינוט איז אויף איהם נישט קענטיג געווען קיין שלאַפקייט און קיין שוואַכקייט, וואָלטען זיי דאָך געוויס נוטה געווען צו גלויבען, ווען מען זאָל זיי געווען דערצעהלען, אַז ער איז לעבעדיגערהייד אַרויף אין הימעל אַריין? איז דערפון, אַלזאָ, אַ ראיה, אַז די אידישע תורה האָט קיין שום זאַך נישט פערלייקענט. די אידישע תורה זאָגט נישט קיין ליגען...

„וכבר שלחה מלכות הרשעה וכו' הראנו היכן משה קבור, עמדו למעלה נדמה להם למטה, למטה נדמה להם למעלה וכו', לקיים מה שנאמר ולא ידע איש את קבורתו" (סוטה י"ג)

זינט צעהנדליגער, צעהנדליגער דורות האַלטען אונזערע שונאים אין איין טראַכטען, אין איין זוכען עצות ותחבולות, אין איין וועלען דערגעהן דעם סוד פון „היכן משה קבור", ווי אַזוי מקבר צו זיין, חלילה, די תורת משה, ווי אַזוי אָבצורייסען די אידען פון זייער אַלטער אמונה: צי זאָל מען עס דערגרייכען דערמיט, וואָס מען וועט די אידען אויפהויבען אין דער הויך, געבען זיי די מעגליכקייט צו געניסען פון אַלע בירגערליכע רעכט און דאַן וועלען זיי זיך גענצליך אַסימילירען מיט די שכני'ישע פעלקער, אָדער פערקעהרט, מען דאַרף זיי וואָס מעהר רודפ'ן, וואָס מעהר אונטערדריקען און ערשט דאַן וועט געבראָכען ווערען זייער עקשנות. אונצעהליגע מאָהל האָט מען שוין אין אונצעהליגע מקומות אָנ־געווענדעט געגען די אידען סיי די ערשטע, סיי די צווייטע טאַקטיק, אָבער יעדעס מאָל האָבען זיי זיך ענטווישט: „עמדו למעלה — נדמה להם למטה, למטה — נדמה להם למעלה"... די אַלע מיטלען געגען אידען האָבען נישט געהאָלפען און וועלען נישט העלפען, „לקיים מה שנאמר ולא ידע איש את קבורתו", די דאָזיגע קבורה־אַרבייט און אויסראָטונגס־פּלאַן וועט זיי קיינעם און קיינמאָל נישט געלונגען!...

(ילקוט ספר)

די חברה קדישא אין דאָברי האָט אַמאָל איינגעלאַדען דעם אָרטיגען רב, רבי יצחק אויערבאַך, צו דער גרויסער סעודה, וואָס זי פּראַוועט יעדעס יאָהר. די דאָזיגע סעודה

ווערט, כידוע, געפּראַוועט בכל תפוצות ישראל אין ז׳ אדר, אין טאָג ווען משה רבינו איז נפטר געוואָרען און די חברה־קדישא־לייט זענען דאַן עוסק אין הלכות אכילה ושתיה אין גאָר גרויסען פערנעהם. נאָך דער סעודה ווען די חברה איז שוין געווען שטאַרק בגילופין האָבען זיי זיך געווענדעט צום רב, ער זאָל זיי זאָגען תורה, האָט ער געזאָגט:

— רבותי! מיר האָבען בקבלה, אַז מיט דער קבורה פון משה רבינו האָט זיך מתעסק געווען השי״ת בכבודו ובעצמו און אַז „ולא ידע איש את קבורתו״, קיין שום ילוד אישה ווייסט נישט, וואו זיין קבר געפינט זיך. איז, ערשטענס, הלמאי האָט זיך השי״ת אַליין געדאַרפט דערמיט בעשעפטיגען, וואו איז געווען די חברה־קדישא? צווייטענס, פאַרוואָס האָט מען דער חברה־קדישא נישט אויסגעזאָגט, וואו דער קבר געפינט זיך, זי וואָלט דאָך געקאָנט ממש שאַרען גאָלד! עפּעס אַ קלייניגקייט, וויפיעל אידען וואָלטען גרייט געווען צו בעצאָהלען פאַר אַ קרקע נעבען משה רבינו? נאָר די מעשה דערפון איז אַזוי, משה רבינו איז, כידוע, נסתלק געוואָרען אין ז׳ אדר און היות ווי אינ׳ם דאָזיגען טאָג פּראַוועט די חברה־קדישא איהר יעהרליכע סעודה און אַלע חברה־קדישא־לייט זענען אָנגעטרונקען ווי לוט, איז נישט געווען, ווער עס זאָל זיך מיט זיין מתעסק מיט דער קבורה און דעריבער האָט עס השי״ת געמוזט אַליין טהון, און דערפאַר איז אויך „ולא ידע איש את קבורתו״, מחמת עס איז דערביי נישט געווען קיינער, וועמען מען זאָל מגלה זיין און אָנווייזען דאָס אָרט...

## לא כהתה עינו ולא נס לחה... (לד. ז.)

דערויף ווערט געזאָגט אין אבן־עזרא: „וטעם נס הפך מתח״.

דאָס איז איינע פון די שווערסטע שטעלען אין אבן־עזרא, אויף וועלכען עס זענען שוין געזאָגט געוואָרען אָהן אַ שיעור פּירושים, פון וועלכע דער ריכטיגסטער פשט זעהט אויס צו זיין פאָלגענדער:

אין פ׳ כי תשא, אויפ׳ן פסוק „ויאמר הנה אנכי כורת ברית״ (לד. י.) ווערט געזאָגט אין אבן־עזרא: „והנה כתוב במותו לא כהתה עינו ולא נס לחה הפך תולדות כל הזקנים״. אויך דאָ, אַלזאָ, מיינט ער צו זאָגען דאָס זעלבע און, וואַהרשיינליך, איז דאָ אַריינגעפאַלען אַ קליינער טעות הדפוס: אַנשטאָט „מתח״ מיט אַ ח׳, דאַרף זיין „מתה״ מיט אַ ה׳ און מיט אַנ׳איבערשטריך אַלס ראשי־תיבות, וועלכע לייענען זיך: „מתולדות הזקנים״...

## ויתמו ימי בכי אבל משה... (לד. ח.)

דאַגעגען ביי יעקב׳ן שטעהט: „ו י ע ב ר ו ימי בכיתו״... דאָרט זענען די בני־ישראל אַריבער פון איין בכיה צו דער צווייטער; נאָך יעקב׳ס טויט האָט זיך אָנגעהויבען פאַר זיי דער שווערער שעבוד, דער ביטערער גלות־מצרים. דאָ אָבער איז געווען „ו י ת מ ו ימי בכי״, די געוויין־טעג האָבען זיך פולקאָם געענדיגט און עס האָבען זיך אָנגעהויבען די טעג פון פריידן, די טעג פון „כבוש הארץ״, צוטרעטענדיג צו ערווערבען דאָס צוגעזאָגטע לאַנד — ארץ־ישראל...

(ישועות יעקב)

דעריבער איז „ויתמו ימי בכי אבל משה״, האָבען זיך געענדיגט די טעג פון געוויין און די אידען האָבען זיך בערוהיגט און אויפגעהערט צו טרויערען נאָך משה׳ן, ווייל — „ויהושע בן־נון מלא רוח חכמה כי סמך משה את ידיו עליו״, ווייל זיי זענען געווען זיכער, אַז יהושע קאָן פולקאָם פערטרעטען זיין פּלאַץ און ער איז שקול כמשה, אָבער — פּיהרט

אויס דער פסוק — זיי האָבען אַ טעות געהאַט: „ולא קם נביא עוד בישראל כמשה", נישטאָ און עס וועט נישט זיין מעהר אַזאַ מענש, וואָס זאָל איהם קאָנען פערטרעטען!...
(תוצאות חיים)

## ולא קם נביא עוד בישראל כמשה... (לד. י.)

דערויף ווערט געזאָגט אין ספרי: „בישראל אינו קם, אבל באומות העולם קם, ואיזה זה בלעם".

עס איז ווירקליך אַ מערקווירדיגער מאמר, וועלכען מען פרובט צו ערקלערען אויף פערשידענע אופנים.

עס שיינט אָבער, אַז דאָס וואָרט „קם" ווערט אין ספרי גע'דרש'נ'ט אין זין פון „אויפשטאַנד", חוצפה, פון לשון „בת קמה באמה וכלה בחמותה". און די כוונה איז: „בישראל אינו קם", עס איז נאָך קיינער ביי אידען נישט אויפגעשטאַנען און נישט געוואָגט צו וועלען זיך פערגלייכען צו משה רבינו, „אַבל באומות העולם קם", אָבער ביי די אומות העולם האָט זיך יאָ געפונען אַזעלכער „ואיזה, זה בלעם", וועלכער האָט גע־האַלטען, אַז ער האָט דערגרייכט צו דער זעלבער מדרגת־הנבואה, ווי משה רבינו...
(הכתב והקבלה)

בעמערקונג פון זאַמלער:

דער דערמאָהנטער מאמר פון ספרי ווערט אויך געבראַכט אין ילקוט־שמעוני פיעל אויספיהרליכער און נעמליך: „בישראל אינו קם אבל באומות העולם קם וכו' אלא הפרש יש בין נבואתו של משה לנבואתו של בלעם בן בעור, משה לא היה יודע מה מדבר עמו ובלעם הי' יודע מה מדבר עמו, משה לא הי' יודע מתי מדבר עמו ובלעם הי' יודע מתי מדבר עמו וכו'"...

לויט דעם אויספיהר פונ'ם דאָזיגען מאמר, איז אַלזאָ די ערקלערונג פון „הכתב והקבלה" ווייט נישט אויסגעהאַלטען...

## לכל האותות והמופתים... (לד. יא.)

„לכל האותות והמופתים וכו' אשר עשה משה לעיני כל ישראל", די אַלע אותות ומופתים, וואָס משה האָט געוויזען פאַר די אידען, האָבען געהאַט איין אויפגאַבע און איין צוועק: איינצופלאַנצען אין זייערע הערצער די אמונה, אַז — „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"!...

(כתב סופר)

## לעיני כל ישראל... (לד. יב.)

רבי ירוחם־לייב, דער מינסקער „גדול", דערצעהלט מען, האָט אַמאָל, זייענדיג אויף אַ חתונה, שטאַרק פאַראיבעל געהאַט בעת ער האָט דערזעהן, ווי חתן־כלה האָבען זיך נאָך דער חופה צוקושט.

— רבי — פרובט מען איהם בערוהיגען — מאַי כולי האַי? ס'איז דאָך שוין נאָך דער חופה... מאַן און ווייב...

— יאָ — ענטפערט ער — אַלץ ריכטיג... אָבער „לעיני כל ישראל" איז אַ סוף פון דער תורה!...